S. TENENBAUM

# JOB OF LEMBERG

## MEMOIRS AND STORIES



Address of the Author:
SHEA TENENBAUM
45-35 44th Street
Long Island City, N. Y. 11104



הויפט־פאַרקויף:
„ציקאָ" ביכער־צענטראַלע
"CYCO", 25 East 78th Street, New York, N. Y. 10021







Printed in U. S. A.
by:
KNIGHT PRINTING CORPORATION
382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003
96

איך ווידמע דאָס בוך מיט אַ סך וואַרעמקייט
צו מיין טייערן פלימעניק יעקב וויינטרויב
און זיין ליבע פרוי טאָבטשע. —

דער מחבר

# די דרוקעריי

ווען איך בין אין הערבסט פון יאָר 1924 אָנגעקומען פון פּאַריז קיין אַנטווערפּן, האָט מיין עלטערער ברודער פּנחס־וועלוול, אַליין שוין אַ מכלומרשט־אויסגעגרינטער, ווייל ער איז דאָ געהאַט געוועזן עטלעכע יאָר און געאַרבעט אין פריזיר־אַנשטאַלטן, באַלד אין ערשטן טאָג מיך געפירט אין דער דרוקעריי פון דער פאַמיליע פירשט. דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָב איך געהאַט אויסגעטאָן די מאַרינאַרקע און איך בין געשטאַנען מיט פאַרשאַרצטע אַרבל ביים קאַסטן מיט בלייערנע אידישע שריפט. איך בין קוים געווען אַ האַנט־זעצער. (דאָס פאַך האָב איך זיך געהאַט אַביסל אויס־געלערנט אין שלמה שיינבערגס זעצעריי, נאָך אין שטעטל פולאַוו.) מען האָט אין דער דאָזיקער אַנטווערפּענער דרוקעריי געזעצט און געדרוקט „די אידישע פרעסע", וואָס איז געווען אַ וואָכנבלאַט פאַר געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען און האָט געטראָגן אַ נאַציאָנאַלן, איך וואָלט געזאָגט אויסגע־שפּראָכן ציוניסטישן כאַראַקטער. „די אידישע פרעסע" האָט געדאַרפט דערשיינען יעדן פרייטיק אין דער פרי. אָבער אַרויסגעטראָגן פון דרו־קעריי האָט מען זי כמעט פרייטיק שפּעט נאָכמיטאָג, שוין ערב ליכט צינדן. איך האָב תיכף אָנגעהויבן צו זעצן עפּעס אַ מאַנוסקריפּט.

די פאַנאַנדערטיילונג פון די שריפטן אין דעם אותיות־קאַסטן האָב איך נאָך נישט געקענט. דער פּלאַן איז געווען אַן אַנדערער ווי אין דער דרו־קעריי ביי שלמה שיינבערג, וואו איך האָב זיך געהאַט אויסגעלערנט דאָס פאַך. איך בין אַלט געווען זעכצן יאָר. איך בין ערשט, טאַקע אין יענעם פרימאָרגן, געהאַט געקומען פון פאַריז, וואו איך בין בלויז געווען עטלעכע געציילטע וואָכן ביי מיינס אַ וואַרשעווער קרוב, אַ טייערן איד, וואָס האָט געהייסן משה פלאַקסער און וועלכער איז נאָך געווען אַ בחור. אין קאָפּ האָט נאָך געזשומעט דער רויש פון דער באַן, וואָס האָט מיך דורך דער גאַנצער נאַכט געפירט איבער די טויאיקע פעלדער און וועלדער פון פראַנקרייך און בעלגיע. אויף מיינע קניען אין וואַגאָן האָבן געוויינט און געוויאַנעט אַ בוקעט פראַנצויזישע בלומען וואָס מיין קרוב האָט לכבוד מיר איינגעקויפט אויפן פאַריזער באַנהויף און זיי מיר מיטגעגעבן אַ מתנה צוזאַמען מיט זיין קוש אויף מיין שטערן. מיין שטעטל פולאַווי, ווי אויך די אַלע שכנותדיקע דערפלעך, פון וועמענס טאָלן און טייכן איך האָב זיך ערשט געהאַט אָפּגעריסן און וואו איך האָב געהאַט פאַרבראַכט מיין גאַנץ לעבן, דאָס הייסט מיינע ערשטע אידילישע זעכצן יאָר, איז מיר אַלץ געשטאַנען

אין דמיון, מיטן בית המדרש און די שול; מיט די וואָרעמע, לעבעדיקע אידן, ווי קרעפטיקע אַקטיאָרן אין אַ פּולבלוטיקער דראַמע; מיט די יינגע מיידלעך וואָס האָבן באַשטראַלט די גאַסן מיט זייער חן; מיט די פּייכט־גרינע וועלדער און דעם פּאַרק פון פּרינץ אַדאַם טשאַרטאָריסקי; שלמה שיינבערג מיט זיין זעצעריי און די זעצער־יינגען; מיט די אָרעמע, גע־בויגענע גאַסן און געסלעך; מיטן קבר פון מיין יינג־פאַרשטאָרבענע שוועסטער חייעלע אויפן היימישן בית עולם; מיט גאָר דעם ראָמאַנטיזם און רעאַליזם פון קרעפטיקן און בונטן אידישן לעבן אין גאַנץ קרוינפּוילן. איך בין דאָ פּאַקטיש געווען אַרומגענומען פון חלומות און קאָשמאַרן. איך בין שוין געשטאַנען מיט די פיס אין בעלגיע. אָבער מיין האַרץ איז נאָך געווען אין היימישן שטעטל, אין וויטן פּוילן. איך האָב חשק געהאַט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס; אָנצוקוקן די פרעמדע שטאָט; צו זען אירע איינוואוינער; באַקוקן די ריינע גאַסן, וואָס ווערן געוואַשן פון די הענט פון די פלעמישע באַלעבאָסטעס; באַטראַכטן די אַנטיקוואַרע הייזער און קירכעס, באַזוכן די גרויסע מוזעאומס. אָבער מיין ברודער האָט, ווי שוין געזאָגט, מיך אַהער געפירט נאָך אין זעלבן טאָג פון מיין אָנקומען אין לאַנד אַריין כדי צו זוכן אַ פּאָסטן און איך האָב דעם פּאָסטן געפונען אויך. איך האָב נאָך, אמת, נישט קיין צימער, נישט קיין אייגענע היים, נישט קיין בעטל פאַר מיין מידן גוף, נישט קיין פּאָליצע מיט אויסגעוויילטע ביכער, נישט קיין לאָמפּ אויף צו לייענען אין אָוונט אַ ראָמאַן אָדער אַ בריוו און אַפילו נישט קיין אַדרעס פאַרן פּאָסט־טרעגער. אָבער, איך באַזיץ עפּעס וואָס איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט דעם ווערט דערפון: איך האָב יוגענט אין האַרצן. איך האָב קוים מיינע ערשטע זעכצן צאַפּלענדיקע יאָר. איך האָב כמעט נאָך דאָס גאַנצע לעבן מיינס פאָראויס פאַר מיר, ווי אַ פּילפּאַרביקן טעפּיך, ווי אַ טונקל־לבנהדיקע לאַנדשאַפט, מיט אַ טויזנט געהיימענישן. איך וועל פּרוּוון אַריינגיין אין דער טיפעניש פון דער לאַנדשאַפט. איך וועל יעדן מעת־לעת עפענען אַ שטיק פון איר וואַלדיקער טיפקייט. זי וועט אויפשטראַלן מיט גאָר דער בונטקייט און בלענדנדיקייט פון לעבן. עס וועלן דערשיינען מענטשן, פריינט און פרויען...

די געביידע פון דער דרוקעריי איז פריער געהאַט געווען אַ שול. דאָ וואו מיר האָבן איצט געאַרבעט, וואו עס זיינען געשטאַנען די קאַסטנס מיט גרויע, בלייערנע שריפט, איז געווען די ווייבערישע אָפּטיילונג. אָבער עס איז דאָ איצט אַפילו נישט געווען קיין שום צייכן פונם שיינעם גע־שלעכט. די ווענט זיינען געווען שוואַרץ, פינצטער און פאַרברודיקט. דורך אַ רונדן פענצטער אין דער הויך, ביים סופיט, האָט בייטאָג אַריינגעלויכטן די זון. אונטן, אויפן ערשטן גאָרן, זיינען געשטאַנען די שווערע דרוק־מאַשינען. דאָרט האָבן געאַרבעט די פלעמישע דרוקערס. דאָ, אין דער זעצעריי, זיינען געווען די אידישע אַרבעטער, די האַנט־זעצערס. די ערשטע

זאַך וואָס עס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען אַ ברייטע און הויכע וואַנט. די דאָזיקע וואַנט, וואָס איז געווען אויף דער מזרח־זייט פון דער אַמאָליקער שול, איז געווען באַדעקט מיט הונדער־טער אַפּישן. מען האָט געקלעפּט די פּלאַקאַטן איינע אויף די אַנדערע. דאָס זיינען געווען פאַרטונקעלטע און שטויביקע טעאַטער־פּלאַקאַטן. די גאַנצע מאָדנע אויסשטעלונג האָט פאַרגעשטעלט עפּעס אַ היילקטום. די געשיכטע פון אידישן טעאַטער אין בעלגיע איז דאָרטן געווען אָפּגעדרוקט. נישט ווילנדיקערהייט האָב איך, בשעתן זעען די אותיות, אָנשטאָט אָנצוקוקן אַ דרויסנדיקע, אָנגענעמע לאַנדשאַפט פון גראָז, בלומען און בוימער, געמוזט אָנקוקן די דאָזיקע אומהיימלעכע פּלאַקאַטן־קאָלעקציע, וואָס האָט מיך דערמאָנט אין דער כותל מערבי, אין יענער היילקער וואַנט פון בית המקדש. טויזנטער נעמען פון פּיעסן, אָן שום גוזמא, פון אידישע אַקטיאָרן און זינגערס, מיט קלישעען פון יינגע, העלדישע מענער און רייצנדיקע פרויען, זיינען דאָ געווען אויסגעשטעלט. עס וואָלט געווען נאַאיוו צו גיין אויסרעכענען די צאָלרייכע טיטולן פון אידישן רעפּערטואַר, ווי אַ שטייגער: „דער דיבוק״, „ציפּקע פייער״, „דאָס פּינטעלע איד״, „משה, וואו קריכסטו?״ „כאַשע די יתומה״, „גאָט, מענטש און טייוול״, „קעניג ליר״, א. אַ. איך האָב נישט געהאַט קיין חוש צו זאַמלען פאַר דער געשיכטע די אַלע בונטע אַפּישן און רייכע טעאַטער־מאַטעריאַלן וואָס די טונקעלע אותיות פון דער דרוקעריי האָבן אין משך פון יאָרן פאַרטונקלט מיט פאַרב אין טויזנטער פאַרשידענע קאָמבינאַציעס פון וואָרט. אויף דער דאָזיקער וואַנט, וואָס איז געוואָרן אַלץ פינצטערער און שטויביקער, און אַלץ געדיכטער באַלאָדן מיט אידישע אותיות, מיט אידיש לעבן, מיט אידישע געשיכטע, האָב איך געקוקט פּאַקטיש די גאַנצע צייט וואָס איך האָב גע־אַרבעט אין דער דרוקעריי. די וואַנט האָט אַפילו דערלעבט צו זען די פאַרשאָלטענע נאַציס אין בעלגיע, וואָס האָבן אומגעבראַכט מאַסן איינגע־וואָרצלטע אידן און לאַנג, לאַנג דערנאָך איז מער קיין אידיש טעאַטער אין אַנטווערפּן נישט געשפּילט געוואָרן.

די אַקטיאָרן זיינען מערסטנס אַליין געקומען אין דער דרוקעריי כדי צו באַשטעלן, קאָרעגירן און אָפּצונעמען די אַפּישן, די פאַרביקע פלוג־בלעט־לעך און אויך אַריינצושטעלן נאָטיצן אין דער וואָכנטלעכע צייטונג. איך האָב אָנגעקוקט די אַקטיאָרן. אין שטעטל פּולאַווי איז זעלטן געהאַט געקו־מען אַ טרופּע פון אידישן טעאַטער אין וואַרשע. די דאָזיקע שוישפּילער זיינען נאָך אַלע געווען יינג, כמעט אַזוי פריש ווי אויף די בילדער אין די אַפּישן. זיי זיינען מערסטנס געהאַט געקומען פון ניו־יאָרק, פון בוענאָס איירעס, פון לאָנדאָן, פּאַריז און וואַרשע. זיי זיינען ערשט אַוועק פון די טישלעך פון דער „קאַפע ראָיאַל״ אויף דער צווייטער עוועניו, און זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די ענגע קאַיוטעס פון די ריזיקע שיפן וואָס האָבן

זיי געפירט איבערן אַטלאַנטיק קיין אייראָפּאַ, קיין ברוסעל, אַמסטערדאַם, בערלין און צו די סקאַנדינאַווישע לענדער. פּוילן איז נאָך דעמאָלט געווען דער לעבעדיקסטער און וואַרמסטער אידישער צענטער אין אייראָפּאַ.

די אַקטיאָרן האָבן זיך אָפּט געקריגט צוליב דער קליינער מאָס פון דער שריפט פאַר זייערע באַוואוסטע נעמען. זיי זיינען געווען היפּשע באַרימערס און מויל־העלדן. זיי האָבן פון די הויזנקעשענעס אַרויסגעשלעפּט געשוואָלענע לעדערנע טייסטערס אָנגעשטאָפּטע מיט זיידענע טאָלערס. אָבער זיי האָבן נישט לייכט באַצאָלט פאַר דער אַרבעט. מען האָט תמיד געדאַרפט לויפן אין טעאַטער און נאָך איידער די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן, האָט מען געמוזט אויפמאַנען דאָס געלט ביי דער קאַסע. מען האָט זיך געדאַרפט קריגן פאַר יעדן פראַנק וואָס זיי האָבן שווער באַצאָלט. זיי זיינען געווען שטאַרק סענסיטיוו צו חניפה. זיי האָבן זיך לייכט אויפגערעגט, זיך העפטיק געקריגט, גערעדט האַלב אויף אידיש און האַלב אויף ענגליש, געשאָלטן די פרעסע, זיך געזידלט קעגנזייטיק און געליאַרעמט. די מאַנסבילן האָבן קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט די גראָבע ציגאַרן פון די ליפּן. דאָס אַש איז געפאַלן צוזאַמען מיט שטיקער אָפּגעבראָכענע פייער. אויף די פינגער האָבן זיי געטראָגן גראָבע גאָלדענע רינגען מיט שווערע, גרויסע איידלשטיינער. אין די קראַוואַטן האָבן געלויכטן שטיקלעך פּערל. די ספּינקעס אין די מאַנזשעטן האָבן געפינקלט מיט ביזשוטעריע. די שפּיציקע שיך זיינען געווען גלאַנציק־אָפּגעפּוצטע מיט שוואַקס. מען האָט דערקענט אין זייער ברייטקייט, זיכערקייט און גאווה שטריכן פון דעם אידישן אָלרייטניק, פון פיליסטערישן בעביטיזם, פון זאַטן עולם וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט מיט שווייס און בלוט. די אַקטיאָרן האָבן איבערגענומען עפּעס פון זייער פּובליקום: דעם פעסטן טראָט און די נאַציאָנאַלע גרויסקייט פון דער אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט. איך האָב אויף זייערע לויזע מלבושים דערקענט קאָלאָמבוס'ס מדינה; געשמעקט די אַספאַלטענע טראָטואַרן פון ניו־יאָרק וואָס גליען זיך אָן אין דער זון; געפילט דעם ריח פון בראָנקסער און ברוקלינער גאַסן און פון די צעמענטענע הייזער פון דער שטאָט וואו עס האָבן געוואוינט מיינע אייגענע טאַטע־מאַמע.

די אידישע אַקטריסעס און פרימאַדאָנעס, מיט שטאַרק־קלינגענדיקע, אָפּטמאָל רוסישע נעמען, זיינען געווען איבערגעטריבן־געשמינקטע, אָנגעטוענע אין געלע פעלצן, און רויטע פוטערס, אין קאָסטבאַרע, עלעגאַנטע קליידער און אין זיידענע אונטערוועש. זייערע בלייכע הויטן זיינען געווען צאַרטע ווי זייד; ווינטער־צייט טאָג־און־נאַכט אויסגעבאָדענע אין הייסע וואַנעס מיט שמעקעדיקן זייף און זומערצייט אין די כוואַליעס פון אַטלאַנטיק, ביי די ברעגן פון קוני איילאַנד און פאַר ראַקאָוויי. זיי זיינען געווען באַהאָנגען מיט שנורן פּערל, מיט בלישטשענדיקע בראָשקעס, מיט מאַסיווע בראַנזאָלעטן, אויערינג און חתונהרינגלעך. די פּאָרלעך אַקטיאָרן פלעגן

עסן זייערע מאָלצייטן אין די אידישע רעסטאָראַציעס אויף קיוויט, לעווערק און זאַמער־סטראַטע. זיי האָבן פאַרצערט אינדיקעס, קאַטשקעס, טשיקענס און געהאַקטע לעבערלאַך. זיי האָבן געשלונגען פּאָרציעס מיט פעטע קישקע און זיי האָבן פאַרגאָסן דאָס פעטס מיט שמאַלץ מיט שווערע קופלעס גרינעם ביר. זיי זיינען געווען צעהיצט און שיכור, שיכור מיט זייער לייב־און־לעבן; מיט דער גרויסער אידישער וועלט וואָס זיי האָבן באַרייזט; מיט אידיש טעאַטער; מיט אידיש ליד, מיט אידישן הומאָר און אויך שיכור מיט ליבע און מיט דער שיכרות אַליין. זיי האָבן באַזעסן אַן אינסטינקטיוון חוש פאַרן רעאַליזם פון לעבן.

עס איז געווען שווער די דאָזיקע קאָרפּולענטע און אָפּטמאָל פּרימיטיווע פאַרשוינען זיך פאָרצושטעלן אויף דער בינע, פאַרמאַסקירטע, גרימירטע און פאַרענדערטע אין פילפאַרביקע מאַסקעס און קאָסטיומען. מיט קרוינען און מיצן אויף די גרויסע קעפּ מיט געדיכטע קענדזשערס האָר. זיי זיינען אין מיינע אויגן, מיט זייער גאַנצן ברוטאַלן און ציניש נאַטוראַליזם, מיט זייערע היפּשע אַפּעטיטן און פיזישע הונגערס פון די גערים, דאָך געווען עפּעס ווי ריזיקע קאַריקאַטורן, ווי פאַרגאָלדיקטע שאָטנס אויף דער געהיימנישפולער בינע וואו דער רעזשיסאָר האָט זיי באַפוילן צו פאַרטוישן זייערע גופים, כאַראַקטערן און נשמות אויף אַנדערע פּערסאָנאַזשן; האָט זיי אויסגעטאָן ברוטאַל פון זייערע אייגענע ניכטערע און באַגרענעצטע עקזיסטענצן און זיי אַריינגעצוואונגען אין נייע פאַנטאַסטישע ראָלעס; ער האָט אויסגעברייטערט זייערע גייסטיקע האָריזאָנטן; ער האָט ברייט צעפּראַלט די פענצטער און טירן פון זייערע הייזער און היימען; ער האָט זיי דיקטירט צו שפּילן אַ פייערדיק און פורכטבאַר שפּיל פונם לעבן. שפּעטער, מידע און אויסגעמאַטערטע, גייען זיי אַראָפּ פון דער פאַרכישופטער בינע שוין געשלאָגענע און פאַרענדערטע, האָבנדיק אָנגערירט די נשמות און גורלות פון ליטעראַרישע כאַראַקטערן; שוין האָבנדיק פאַרזוכט דעם טעם פון ווייך, האָניק, גיפט און גאַל און אָפּטמאָל אַפילו דעם וויטריאָל פון דראַמעס און געשעענישן וואָס זיי האָבן קוים געקענט אינטעלעקטועל באַנעמען און פאַרשטיין. עפּעס איז שוין געהאַט פאַרגעקומען מיט די דאָזיקע פּאַסאַזשירן פון דער געהיימנישפולער טעאַטער־שיף.

עס זיינען, אָן שום גוזמא, אַדורכגעגאַנגען דורך דער דרוקעריי הונדערטער אידישע אַקטיאָרן. איינצעלנע פיגורן וועלן תמיד בלייבן שטיין אין מיין זכרון ווי פּרינצן און קעניגן. איך געדענק די הויכע, אימפּאָזאַנטע פיגורן פון פּאָל באַראַטאָוו, סעמועל גאָלדנבערג, מאָריס שוואַרץ, בן־עמי, מישאַ פישזאָן און אַברהם טייטעלבוים. איך געדענק די גרויסאַרטיקע דאַמעס וואָס זיינע דעמאָלט נאָך געווען יינגע און שטראַלנדיקע. די שלאַנקע לידיאַ פּאָטאָצקאַיאַ איז אין איינעם אַ טאָג דערשינען אין דער

דרוקעריי ווי אַ קעניגין וואָס איז געווען געשניצט פון העלפאַנט ביין, באַהאַנגען מיט פינקלענדיקן גאָלד און גרויסע שטיקער פערל. די הויט פון איר לייב האָט געלויכטן מיט דער ליכטיקייט פון דער זון. אויף דער בינע איז געשטאַנען אַ שלאַנקע פרוי אַזוי ווי אַ מאָנומענטאַלע סקולפּטור אויסגעהאַקט אין מאַרמאָרשטיין. ווען זי האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע, שפּילנדיק אין „ראָמאַנס״, דאַכט זיך אַ פּיעסע פון אַ רוסישן פאַרפאַסער, האָט זי אויסגעזען ווי אַ קייסערינע וואָס רוט זיך אָפּ פון פירן די אימפּעריע. זי האָט געשפּילט איר ראָמאַנטישע ראָלע מיט אַזוי פיל טאַקט, עלעגאַנץ און גראַציע. דאָס פּובליקום איז געווען פאַרכישופט און געפאַנגען אין איר מאַכט. וואָרים זי האָט מיט איר קלאַסישן פּנים און מיטן היפּנאָז פון אירע שטרענגע אויגן געקענט פאַר־גליווערן אַ מאַנס בלוט אין זיינע אָדערן. —

איך געדענק ווי אויף דער רחבותדיקער בינע פון דער פלעמישער אָפּערע איז אויפגעטראָטן דער באַרימטער חזן יאָסעלע ראָזענבלאַט. ער איז געשטאַנען אין דעם אומגעהויערן רוים פון זאַל אַזאַ קליינטשיקער איד מיט אַ גרויסער, פעך־שוואַרצער באָרד און אַ בלאַס פּנים מיט טרויי־עריקע, פינקלענדיקע אויגן און ער האָט געזונגען אַן אַריע פון ווערדי, צי פון פּוטשיני, מיטן חזנישן גלי און אַקצענט. ער האָט אייגענטלעך געדאַווענט אָפּערע. עס איז געווען מאָדנע און ביזאַר אָנצוקוקן אַ טיפּישן חזן אין דער ראָם פון דער גראַנדיעזער אָפּערע וואו עס שוועבן נאָך אַרום די רוחות, גייסטער און געטער פון וואַגנערס „וואַלהאַלאַ״. —

---

אין אַנטווערפּן האָט זיך אַרומגעפּאַרעט אַ הויכע מאָנומענטאַלע פרוי, ווי אַ פאַרצייטישע נביאה׳טע, מיטן פּאַטעטישן פּנים פון אַ פאַראָרעמטע און איינזאַמע גרעפין אָדער פירשטין. זי האָט אַלעמען געהאַלטן אין איין פאַר־זיכערן אַז זי איז די איינציקע שוועסטער פון דעם פּיאָנער פון אידישן טעאַטער, אַברהם גאָלדפאַדן. זי האָט מכלומרשט געהאַט הינטער זיך אַ לאַנג לעבן פול מיט דראַמע, ראָמאַנס און אַוואַנטורע. זי איז געווען אַ געבוירענע נאָוועליסטקע פון גרויסן שטייגער. זי האָט באַזעסן די פלאַמיקע פאַנטאַזיע פון אַ באַלזאַק אָדער טאָלסטאָי. אין סך הכול איז זי געווען אַ טרויעריקע בעטלערין וואָס איז טאָג־טעגלעך אַרומגעגאַנגען איבער הייזער, היימען און ווינקעלערן. זי האָט יעדן טאָג געגעסן אַ געשאָנקן און פאַרסטויעט מאָלצייט ביי אַ פרעמדן טיש און יעדער נאַכט איז זי געשלאָפן אויף אַן אַנדערן געלעגער אונטער אַן אומבאַקאַנטן און ס׳רוב אומפריינטלעכן דאַך, מיט די שטערן אין שוואַרצן הימל צוקאָפּנס. זי האָט נישט געקענט צעקייען דאָס עסן, מחמת זי האָט נישט געהאַט קיין איינציקן לייטישן צאָן אין מויל און זי האָט נישט געקענט איינשלאָפן אויף קיין רגע ווייל דער ווינט האָט געיאָמערט טיף אין איר מוח און נשמה.

זי איז געװען אַלעמענס פֿרײַנט. זי האָט זיך דערײַבער באַטײליקט אין אַלעמענס שמחות, האָט געטאַנצט אויף אַלע חתונות, איז מיטגעגאַנגען װײנענדיק נאָך אַלע לװיות. זי האָט געררױכערט אין אַלע קאַפֿעען און געשפּילט אין קאָרטן אין די מערסטע קנײַפּעס.

זי איז קײנמאָל נישט מיד געװאָרן צו דערצײלן צו מענטשן די סאַמע פֿאַנטאַסטישסטע מעשׂיות און געשעענישן פֿון איר דראַמאַטיש לעבן. זי האָט מכלומרשט פֿאַרבראַכט יונגערהייט אין צאַרס הויף. זי האָט אינטים, האָט זי פֿאַרזיכערט, געקענט די צאַריצע. זי האָט איר אַפֿילו געגעבן עצות װעגן קלײדונג, צירונג און אַפֿילו אין פּאָליטיק. זי האָט געמאַכט געשיכטע אויף איר אײגענעם װײַבלעכן אופֿן. גענעראַלן און מאַרשאַלן מיט ברייט־באַהאָנגענע גאָלדענע מעדאַלן און אײזערנע קרייצן אויף זייערע ברייטע ברוסט־קאַסטנס זײַנען געװען אירע צאַלרײכע געליבטע. גרויסאַרטיקע אָפּיצירן האָבן פֿאַר איר געקניט און געהאַפּט אויף איר גונסט. געניטע דיפּלאָמאַטן און אַמבאַסאַדאָרן האָבן געזוכט אין געהיים איר פֿרײַנטשאַפֿט און זיי האָבן זיך אײַנגעבויגענערהייט געקושט די שפּיצן פֿון אירע בלײכע הענט. לאָרדן און באַראָנען פֿון אויסלענדישע מלוכות האָבן איר באַשאָנקען מיט מתּנות פֿון גאָלד און בריליאַנטן. מען האָט זיך געסודלט אַז זי איז געװען נאָך שענער װי די צאַריצע אַלײן. זי האָט אויך אין אירע גלאָררײכע צײַטן נישט פֿאַרגעסן איר באַרימטן, אָבער אָרעמען ברודער, צו שטיצן מיט גרויסע סומעס געלט. זי האָט אים געשיקט קײן בוקאַרעשט און יאַסי די טײַערסטע פֿלעשער מיט װײַן און אויך זעלטענע טאָרטן און זיסע געבעקסן װאָס ער האָט צעטײלט צװישן זײַנע קאָלעגן, די קבצנישע אַקטיאָרן, װאָס זײַנען אַגבֿ שיעור נישט אויסגעגאַנגען פֿון הונגער אין די קרעטשמעס, קנײַפּעס און װײַנקעלערן.

די דאָזיקע ראָמאַנטישע און פּאָעטישע דאַמע איז שוין אָבער אין מײַנע צײַטן געװען אַלט, אָפּגעלאָזן און אָרעם. דער שרעקלעכער עלנט האָט אַרויסגעשריגן פֿון די קנײטשן פֿון איר פּנים, פֿון די פֿינצטערע שװאַרצ־אַפּלען װאָס האָבן פֿאַראַטן הונגער און הילפֿלאָזיקייט. עס איז געװען שװער צו זאָגן געגנוי װעלכער שטראָם פֿון דער אימיגראַציע קײן בעלגיע האָט זי דאָ אַהערגעבראַכט כּדי צו פֿירן אַ לעבן פֿון בעטלערײַ און צו שפּילן אַ צװײפֿל־האַפֿטע און געהײמנישפֿולע ראָלע פֿון אײנעם אַ באַרימטן דראַמאַטורגס שװעס־טער. איר אימפּאָזאַנטע און פֿירשטלעכע געשטאַלט איז געװען רירנדיק און פּאַ־טעטיש װי די לעצטע, אײנזאַמע און מאַרמאָרענע קאָלומנע אין אַ ביזן גרונט חרובֿ געװאָרענעם פּאַלאַץ, װאָס האָט טרויעריק דערמאָנט אין פֿאַרצײַטישער גלאָריע. זי איז תּמיד געװען אַ ביסל שיכּורלעך. שיכּור פֿון לעבן, פֿון װײַן, פֿון איר אַזוי־גערופֿענער שטאָלצער פֿאַרגאַנגענהײט און פֿון דעם רום פֿון איר ברודער. אויב זי איז טאַקע נישט געװען אַבֿרהם גאָלדפֿאַ־דענס לעגיטימע שװעסטער פֿון בלוט, איז זי אָבער געװען זײַן שװעסטער

פון חלום, פאָרשטעלונג שון פאַנטאַזיע. זי איז פאַקטיש געווען אַ באַל־זאַקישער אָדער סטענדאַלישער כאַראַקטער. איר האָט וואויל געפּאַסט צו זיין די העלדין פון אַ גרויסאַרטיקער נאָוועלע פון ניינצענטן יאָרהונדערט, ווען מען איז נאָך געפאָרן מיט קאַרעטעס. איך מוז זאָגן דעם ריינעם אמת, כאָטש עס קען אַמאָל קלינגען ווי זעלבסט־לויב, אַז שוין דעמאָלט, נישט זייענדיק נאָך אַליין קיין שרייבער, האָב איך פונדעסטוועגן אַרויסגעוויזן צו איר אַ באַזונדערן רעספּעקט, געדולד און אופמערקזאַמקייט. איך האָב ביים טישל אין אַ זייטיקער רעסטאָראַציע אָדער אין הויז פון אַ גע־מיינזאַמען פריינט אויסגעהערט אירע מעשיות, זיך באַמיענדיק איר צו מאַכן גלויבן אַז איך גלויב טאַקע יעדעס וואָרט וואָס פאַלט אַראָפּ ווי אַ גליענדיקע רויז פון אירע אַלטע ליפּן. איך האָב וואויל געוואוסט אַז עס איז מיין חוב אַלס דזשענטעלמאַן איר נישט וויי צו טאָן, ווי דאָס האָבן, צום באַדויערן, געטאָן די מערסטע מענטשן. איך האָב שוין אַפילו צו יענער צייט היפּש געצווייפלט אין דעם אויטענטישן אמת פון איר באַ־הויפּטונג אַז זי איז גאָלדפאַדנס לייבלעכע שוועסטער. אַלע אַקטיאָרן און טעאַטער־מענטשן, אַריינגערעכנט כראָניקלער און היסטאָריקער פון אידישן טעאַטער, לייקענען עס ביזן היינטיקן טאָג. עס פרעגט זיך אָבער: פאַרוואָס האָט די דאָזיקע איינזאַמע דאַמע דווקא אויסגעקליבן דעם יחוס פון אַ אידישן דראַמאַטורג און אַקטיאָר? כאָטש אַ געניוג קבצנישן דראַמאַטורג און פּיאָנער, אָבער פאָרט אַ וועלט־באַרימטן, וואָס האָט אַגב אויך מיט שטאָלץ געטראָגן איבערן בויך דעם גאָלדענעם זייגער און מאַסיווע דיוויסקע, כאָטש אין זיינע געדערים האָט אָפט געקלעמט און געגרימט דער נאַקעטער הונגער. איך בין זיכער אַז עס איז דעריך געווען אַ טיפער זין.

זי אַליין איז געווען אַ דראַמאַטישע געשטאַלט פון דער וועלט־בינע. אויב זי האָט אַלע אירע זעלטענע מעשיות און ראָמאַנסן אויסגעטראַכט, האָט מען אָבער געמוזט באַוואונדערן איר אויסערגעוויינלעכע פאַנטאַזיע וואָס האָט מיט זיין כוח פאַרוואַנדלט דאָס אויסגעטראַכטע צו אמת און רעאַליזם. אויב זי איז אַליין נישט געווען גאָלדפאַדנס שוועסטער, און זי איז די עמברי־אַנישע ניין חדשים נישט געזעסן אינם זעלבן מוטער־לייב ווי איר ברודער, איז זי אָבער געווען אַ דערהויבענע שעקספּירישע געשטאַלט. עס האָט איר געפּאַסט צו טראָגן אַ גרויסאַרטיקע קרוין אויף איר גרויען, טרויעריקן קאָפּ. די פאַלשע קעניגן און קעניגינס זיינען אָפטמאָל עכטערע, פולבלוט־טיקערע כאַראַקטערן ווי די מכלומרשט אמתדיקע קעניגלעכע הויכקייטן, וואָס ירשנען טראָנען, סצעפּטערס און קרוינען דורך ירושה און בלוט. אָבער אין לעבן זיינען זיי פאַרבלאָזע מיטלמעסיקייטן.

איך וועל קיינמאָל אין מיין לעבן נישט פאַרגעסן די „ליידי גאָלדפאַדן", ווי מען האָט זי מיט געניוג חיזוק און סאַרקאַזם אָנגערופן. זי איזווירקלעך

געווען אַ ל י י ד י פון די שפּיצפינגער פון אירע פּיס ביז צו די אָפּ־געבלאָקירטע האָר פון איר טרויעריקן שאַרבן...

---

קיין בעלגיע זיינען געקומען נישט נאָר באַוואוסטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס פון ניו־יאָרק, נייערט אויך וועלט־באַרימטע ציוניסטישע פירערס. יעדעס מאָל ,ווען די אַפישן שויף די גאַסן און ווענט פון דער שטאָט האָבן דערציילט פון אַ באַוואוסטע פערזענלעכקייט, וואָס האָט געלאַנדעט אין אַנטווערפּן, בין איך אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, געגאַנגען הערן און זען זיין פּנים און געשטאַלט. איך בין געווען יינג און הונגעריק נאָך גייסט, קולטור און לעבעדיקע געשיכטע. הגם איך בין דעמאָלט געווען לינק געשטימט, סימפּאַטיש צו די קאָמוניסטן, האָבן מיך תמיד אינטע־רעסירט אַלערליי גרויסע אידישע און וועלטלעכע פּערזענלעכקייטן. זיי זיינען מערסטנס אויפגעטראָטן אין גרויסן זאַל פון „רובענס פּאַלאַץ", אויף קאַרנאָט סטראַאַטע, אָדער אין פּרעכטיקן זאַל פון „סערקל אַרטיסטיק", וואו עס פלעגן אויך פאָרקומען אויסשטעלונגען פון בעלגישע מאָלעריי און סקולפּטור. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַזעלכע נאַציאָנאַלע געשטאַלטן ווי ד"ר נתן בירנבוים, וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, אוסישקין, נחום סאָקאָלאָוו, חיים וויצמאַן, אַלבערט איינשטיין, ביאַליק און שלום אַש. —

וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי איז איינמאָל אין אַן אָוונט פון מיטן ווינטער געשטאַנען ווי אַ מאָנומענט פון מאַרמאָר און געהאַמערט איבער די קעפּ פון עטלעכע טויזנט אידן גאַנצע פיר שעה צייט. זיין מאַסיוו געשטאַלט, זיין אויסגעהאַקט און מעכטיק פּנים ווי אין אייזן און ערץ, דער פינצטערער בליק אין זיינע טרויעריקע אויגן, די ענערגישע הענט וואָס האָבן באַגלייט זיינע רייד, דער געצוימטער צאָרן פון אַ מאָדערנעם נביא, דאָס אַלץ איז גע־בליבן שטיין אויף אייביק אין זכרון און אין האַרצן. דער פעסטער טריביון, דער באַצווינגענדיקער אָראַטאָר פון גרויסן פאַרנעם, זשעסט און לאָגיק, האָט לייכט באַהערשט און געהאַלטן געשפּאַנט אַ ריזיק פּובליקום. עס איז געווען די צייט פון די פּאָגראָמען אויף אידן אין חברון און אַנדערע שטעט אין ישראל, אין יאָר 1929. ווען זשאַבאָטינסקי האָט אויפגעהויבן זיינע הענט צום הימל און האָט אויסגעשריגן מיט אַ קול פון אַלע אידישע דורות „שמע ישראל!", האָבן די אָנוועזנדיקע אידן אויפגעציטערט. עס האָט זיך געדאַכט אַז גאָט אַליין האָט זיך אַ טרייסל געטאָן אין די הימלען פון זיין דונערנדיקן אויסבראָך און אַרויסרוף ממעמקים. דאָס איז געווען אַן אַלטער אידישער אויסגעשריי פון קריטישע צייטן אין דער אידישער געשיכטע. מיטן דאָזיקן אויסגעשריי זיינען אויסגעגאַנגען אין די פייערן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע די קדושים; זיינען אומגעקומען אין די קרייצצוגן אונדזערע הייליקע; זיינען דערשטיקט געוואָרן אידן אויף תּליות. נישט קיין איד פון רוסלאַנד, נייערט אַ נביא אין פאַרנעם, זשעסט און

האַרץ פון אַ ישעיהו, איז שטאָלץ און טראַגיש געשטאַנען פאַר זיין פאָלק און גערעדט אין אַ גראַנדיעזער שפּראַך, פּאַסיק פאַר די נביאים. דאָס אידישע לשון האָט אויף זשאַבאָטינסקיס ליפּן געקראָגן די ערנסטקייט און עפּישקייט פון לעבעדיקער געשיכטע. —

איך געדענק ווי שלום אַש האָט אויך געצונדן פלאַמען אין דער לופט פון „רובענס־פּאַלאַץ" מיט זיין פּאַטעטישן וואָרט און טעמפּעראַמענט. ער האָט גערעדט מיטן ענטוזיאַזם פון אַ פאָלקס־פירער. דער עולם האָט אָנגעקוקט דעם וועלט־באַרימטן שריפטשטעלער אין זיין געשטאַלט און פּאַרנעם. דאָס איז געווען לאַנג פאַר זיינע קריסטלעכע ראָמאַנען. שלום אַש האָט דעמאָלט געגלאָסן, דענק איך, דעם העכסטן רום פון זיין קינסטלערישער קאַריערע. זיין פּאָפּולאַריטעט איז נישט געווען באַפלעקט דורך קיין שום מאָראַלישע אָפּנייגונג. ער איז געווען אין זיינע מיטעלע יאָרן. דאָס וואָרט האָט געברענט און געבריט אויף זיינע ליפּן. די האַנט וואָס האָט טעמפּעראַמענטפול באַגלייט זיינע רייד אין דער לופט, איז געווען די זעלבע האַנט וואָס האָט געשריבן די פּערלדיקע ווערק „די מוטער", „מאָטקע גנב", „מערי", „אַ שטעטל", „די כישופמאַכערין פון קאַסטיליען" און „קידוש השם". אַ אידישער פּרינץ איז שטאָלץ געשטאַנען אויף אַ בינע אין צענטראַל־אייראָפּאַ און געשילדערט די ראָמאַנטישע גרויסקייט פון ארץ ישראל און די באַדייטונג פון ירושלים פאַרן אידישן פאָלק. דאָס איז געווען אַ גרויסער מאָמענט אין לעבן פון שלום אַש און אפשר אויך פון אַנטווערפּענער אידענטום. —

ד"ר נתן בירנבוים האָט אַלעמען פאַרכישופט מיט זיין גייסטיקער ענערגיע און פּאַטאָס. זיין וואָרט האָט באַזעסן אַ רעליגיעזן און לעגענדאַרן כוח. זיין פּנים האָט געפלאַמט. עס איז דאָ געשטאַנען עפּעס אַ נייער זרובבל און ער האָט הייס גערעדט צו אידן, צו זיין פאָלק. דאָס איז געווען אַ שטימע וואָס איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון אינערלעכן גייסטיקן געראַנגל אין די טיפע נעכט, באַהערשט פון אַ געטלעך שליחות. נישט איין מענטש האָט אין אים גערעדט, נייערט די פּיין, דער צווייפל, דער גלויבן און בטחון פון דער גאַנצער אידישער געשיכטע. דער פּאַטאָס פון אידישן לעבן, דער גייסט און כישוף פון די געטאָ־אידן אין די שטעטלעך, וואָס בענקען נאָך נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט. ער האָט גערעדט מיט אַ היימישן, גאַליציאַנער אידיש. טראָפּנס שווייס זיינען גערונען איבער אַ שטאָלצן שטערן וואָס האָט אַ סך געדענקט און געטראַכט וועגן אידן און זייער גורל. איך האָב געוואוסט אַז איך הער דאָס קול פון איינעם וואָס וועט אַריינגיין אין די אַנאַלן פון אידישער היסטאָריע אַלס אַ פאַנטאַסטישע, פּאַנאַטישע און רעטענישפולע פּערזענלעכקייט. ער איז אפשר גאָרנישט געווען פיזיש אַזוי הויך. אָבער ווען ער האָט גערעדט, האָט דאָס וואָרט ווי מיט ברייטע, שוואונגפולע פליגל אים אויפגעהויבן אין דער הויך גרינג און פייערדיק, ווי אַ

מלאך וואָס האָט אויסגעטרונקען אַ פאַס מיט שאַמפּאַניער. ער האָט זיך אַליין אויפגעהויבן פאַר מענטש, איד און גאָט מיטן פלאַם פון זיין גרויס הארץ און אומרואיקן גייסט. —

אוסישקין האָט איינמאָל געהאַלטן אַ דרשה אין דער „דיאַמאַנט־בערזע" אויף פעליקאַנסטראַאַטע. ער האָט גערעדט רואיק, אין אַ מין קאָנגרעס־דייטש־אידיש. דאָס איז נישט געווען קיין איבעריקס ראָמאַנטישע פיגור וואָס זאָל מיך אינספּירירן. אָבער איך האָב אויך געזען אין אים דעם באַ־רופענעם איד פון דער געשיכטע. ער איז געווען אַ ציוניסט נאָך פון געבורט אָן. נאָך אין וויגעלע האָבן מלאָכים, ווייזט אויס, פאַר אים געזונגען ציו־ניסטישע לידער און אפשר אויך די „התקוה". יעדעס וואָרט זיינס איז געווען געמאָסטן און געוואויגן מיט אייזן און מיט גאָלד. ער האָט געטראָגן אויף די פעסטע פּלייצעס אַ נאַקעטן קאָפּ, אָן אַן איינציקע האָר. אָבער זיין שאַרבן האָט געלויכטן נאַקעט און ברוטאַל ווי מיט אַ שטאָלענעם אָפּשיין. עס איז געווען קענטיק אַז דער געשלאָסענער מוח אונטערן דאָזיקן מע־טאַלענעם שאַרבן איז נישט געווען צופיל פאַרנומען מיט קיין פּאָעטישע רעיונות — נייערט מיט פּראַקטישע קאַלקולאַציעס, וואָס טראָגן אָבער אַ וויזיאָנערן, היסטאָרישן כאַראַקטער. אָן צווייפל האָט אוסישקין דערמאָנט אין די פּאַרצייטישע אידן וואָס זיינען געווען פינאַנץ־מיניסטאָרן אין די הייף פון קעניגן, קאַליפן און שאַכן. —

ד"ר חיים וויצמאַן, פּרינץ פון אַ שטאַטסמאַן, מיט ענגליש־אַריסטאָ־קראַטישע מאַניערן. מיט אַ בלאַסע הויט ווי פון פּאַרמעט, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַנגעטאָן אין אַ ספר תורה, האָט זיך גאַנץ גיך פאַרוואַנדלט אין אַ היימישן איד פון מאָטעלע און ער האָט וואַרם גערעדט צו אידן ווי צו אייגענע קרובים. דאָס פאָלק פון אַזויפיל לענדער, זינט צוויי טויזנט יאָר צעשפּרייט אויף אַלע קאָנטינענטן, איז געווען זיין משפחה, זיינע בלוט־פאַרוואַנדטע. ער איז געווען זייער אומגעקרוינטער קעניג. מען האָט וואויל באַמערקט אַז ער האָט מער הנאה געהאַט צו רעדן צו היימישע אידן אויף אַ פאָלקסטימלעכן, אידיאָמאַטישן אידיש, ווי מיט קייסאָרים, פירשטן און לאָרדן אויף ענגליש, פראַנצויזיש און דייטש. יעדער רגע וואָס זיין רעדע האָט געדויערט, האָבן אידן זיך געפילט יום־טובדיק דערהויבן, שבתדיק־פאַרכישופט. אַ אידישער מלך, אַ וואַזשנער קרוב פון דוד המלך און זיין זון שלמה, האָט גערעדט צו אידן. די קרוין האָט נישט אַנגערירט זיין שאַרבן. אָבער מלאָכים האָבן זי פאַרזיכטיק אונטערגעהאַלטן אין דער לופטן מיט זייערע גאָלדענע הענט, הויך איבער זיין איידלן שאַרבן. די גאַנצע צייט וואָס וויצמאַן האָט גערעדט, האָט די דאָזיקע געטלעכע קרוין געלויכטן מיט דיאַדעמען און דיאַמאַנטן. גאָט אַליין האָט געשמידט די דאָזיקע קרוין אין זיינע שפּעטע, נאַכטיקע שעהן. די טרערן פון אַלע אידישע דורות זיינען געווען אירע בריליאַנטן. אַ גייסט האָט געטראָגן

אין דער הויך אַ שווערן, גאָלדענעם סצעפּטער, אַזאַ שלאַנק געשטאַלט פון אַ אידישן קעניג, אַזאַ בלאַסקייט און אײדלקייט פון זיין געניגלעכער הויט, האָט געמוזט באַזיצן דוד אַלראַי, דער אידישער פּרינץ, ווי אַ צווייטער פּרינץ פון אַ שטאַטסמאַן, בנימין דיזרעאלי, שילדערט אים אין זיין גרויס־אַרטיקער נאָוועלע. אין יאָרן אַרום, שוין נאָך דער גרינדונג פון דער אידישער מלוכה, וועמענס נשיא עס איז געווען ד״ר חיים ווייצמאַן מיטן רעכט פון זיין לעבנס־לאַנגן קאַמף און חלום פאַר אַ נאַציאָנאַלער היים אין ישראל, האָב איך געלייענט זיין אויטאָביאָגראַפיע, אָנגעשריבן מיט בלוט און מיט גאָלד פון זיין גאַנץ לעבן. ערנסט און דראַמאַטיש וויקלט זיך אַרויס פון די קלוגע בלעטער פון דאָזיקן מאַסיוון בוך אַ נאָבל און כאַראַקטערפול געשטאַלט פון אַ אידישן דיפּלאָמאַט און אַריסטאָקראַט, וואָס איז יעדן פּיינפולן טאָג און נאַכט פון זיין לעבן געווען פאַרנומען מיט דער גליענדיקער אידעע; האָט געפּלאַנירט און שווער געהאָרעוועט פאַר דער טרוימ־האַפטער צוקונפט און פאַר דער רעאַליזירונג, טראָץ טויזנט שטרויכלונגען און סכנות, פון אַ אידישע היים, אַ מאָדערנע אידישע מלוכה. מען ווערט גע־וואויר, לייענענדיק דאָס בוך וואָס איז דער סך־הכל פון אַ גאַנץ אָנגע־שטרענגט לעבן פון אַ שטאַטסמאַן און וויסנשאַפטלער, ווי שווער עס אַרבעט פאַר זיין שעפערישן לעבן, זיין רום און זיינע דערגרייכונגען אין נאַציאָ־נאַלן מאַסשטאַב און פאַרנעם, אַזאַ גרויסע, דראַמאַטישע און שטראַלנדיקע פערזענלעכקייט. —

אַ נידעריקער, געפּאַקטער און מיט גייסט אויסגעשטאָפּטער חיים נחמן ביאַליק האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַן אַדעסער קופּיעץ. אָבער דאָך האָט ער נישט געקענט פאַרהוילן און פאַרמאַסקירן דעם גליענדיקן פּאָעט אין זיין געביין. ער האָט גערעדט, דאַכט זיך, וועגן פּראַקטישע ענינים, וועגן דעם טרויעריקן פּאַקט ווי אידן ווערן פאַרפאָלגט אין רוסלאַנד און ווי אַזוי מען זוכט ביי זיי אויסלענדישע וואַליוטע, בשעת זייער אמתדיקע וואַליוטע פון אומשטערבלעכע אידעען, פון פרייהייט און גערעכטיקייט, ווי ביי די נביאים, טראָגן זיי באַהאַלטן אין די טיפענישן פון זייער געביין און זייער בלוט. בשעת ביאַליק האָט כמעט פּראָזאַיש גערעדט, האָבן פאַר די אויגן געשוועבט טונקעלע שורות פון זיינע עפּישע פּאָעמעס „די שחיטה־שטאָט״, „מעשה נעמיראָוו״ און „מגילת האש״. ווי געזאָגט, בין איך צו יענער צייט געווען ראַדיקאַל געשטימט. אָבער דער טיפערער, ערנסטער מענטש און מיר האָט וואויל געוואוסט ווי אַזוי אָפּצושאַצן מענטשן און פּער־זענלעכקייטן פון אַנדערע פּאַרטייען, דאָקטרינעס און פילאָסאָפיעס. איך האָב געקוקט אויף פּאַראויס, אין דער קומענדיקער צייט. איך האָב געוואוסט אַז אין יאָרן שפּעטער וועל איך ווידער וועלן מיט גייסטיקע אויגן אָנקוקן די דאָזיקע מענטשן וועמענס אידעען און מחשבות זיינען אין איצטיקן מאָמענט דווקא נישט מיינע. אָבער, קוק אָן ביאַליקן! אין דער צוקונפט

וועסטו אים אויפוועקן פון דיין זכרון, דו וועסט אים ווידער אַרויפשטעלן ווי אַ לעבעדיקן מאָנומענט אויף דער בינע פון געדענקעניש און דו וועסט זיך אויפסניי צוהערן צו זיין יעדן וואָרט. דו וועסט דעמאָלט שטאַרקער באַנעמען און אָפּשאַצן דעם ווערט, די באַדייטונג פון אַ קרעפטיקן פּאָעטישן און נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. ווען די מערסטע מענטשן וועלן מער נישט עקזיסטירן אין שטערבלעכער צייט, וועסטו דעמאָלט זיין גייסטיק גליק־לעך וואָס דו ביסט יינגערהייט געגאַנגען אין זאַלן און פּאַלאַצן כדי דו הערן און צו פאַרשטיין זייערע געדאַנקען און אידעאַלן. דו וועסט זיי דעמאָלט באַנע־מען אין צייכן פון דער אידישער געשיכטע און פון דער אייביקייט. פּונקט אַזוי האָבן געמוז׳ט זיין גליקלעך יענע פּאַרצייטישע אידן וואָס האָבן פערזענלעך אַריינגעקוקט אין די אָנגעצונדענע אויגן און פלאַמיקע פּנימער פון די נביאים. וויפיל וואָלטן מיר דען איצט נישט געגעבן, אפשר שטיקער פון אונדזערע אייגענע לעבנס, פאַרן פרייז פון אָנקוקן דאָס פּנים פון ישעיהו אָדער יחזקאל הנביא?!

איך בין, ווי געזאָגט, אַלט געווען בלויז זעכצן יאָר. איך האָב געחלומט אין אַ נאַכט זיך צו זעצן ביים טיש און צו שרייבן מיין אייגענע פּראָזע. צו ווערן אַ אידישער שרייבער. דערווייל האָב איך אָנגעקוקט מיט שטוינונג און בייגיר די דאָזיקע באַרימטע און איצט שוין היסטאָרישע פיגורן, פאַר וועמען די טירן און טויערן פון דער אידישער געשיכטע זיינען געווען ברייט צעפּראַלט. איך האָב פאַקטיש געזען אין פּייערלעכע, געשלאָסענע פּראַצעסיע פון נביאים, דיכטער, דענקער און קעמפער וואָס זיינען געווען גייסטיק אַקטיוו אין דער אידישער געשיכטע, וואָס האָבן באַלויכטן דאָס לעבן פון אידישע דורות און דאָס פאָלק האָט זיי באַהאַלטן אויף אייביק אין זיין גרויסן האַרצן מיט ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט. אַ טייל פון די שפּעטער ווערן אַנערקענט און אַנדערע שטאַרבן אין איינזאַמקייט, אָרעמקייט און יסורים. אָבער איין גורל פאַראייניקט זיי אַלע — די אַנערקענונג פון זייער גייסטיקער טעטיקייט און אידעאַליזם פאַרן פאָלק און פאַר דער מענטשהייט.

---

איך האָב פיינט געהאַט די דרוקעריי און איך האָב ליב געהאַט גאָט׳ס גרויסן דרויסן מיט זיינע וועטערן און קלימאַטן. דערנעבן איז געווען דער שיינער קיוויט־פּאַרק, וואו איך האָב פאַרבראַכט אַ סך טעג און אָוונטן פון מיין לעבן. עס האָט מיך געצויגן צו די ביימער, בלומען און שוואַנען אויפן שמאָלן, שטילן טייך, וואָס ציט זיך לענג אויס דעם פּאַרק. יעדער פרייע שעה האָב איך דאָ פאַרבראַכט. איך פלעג מיטנעמען ביכער און לייענען אין דער איינזאַמקייט פון די אַלייען.

עס איז געווען דאָס יאָר 1924. ערשט צען יאָר זיינען אַדורך זינט דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די פלעמער זיינען געווען

דערשלאָגן. די דייטשן האָבן געהאַט אומגעבראַכט אין בעלגיע אַ סך זין און טעכטער. די מלחמה האָט געהאַט אַרויסגעריסן מיטגלידער פון משפּחות. עס איז פונדעסטוועגן פאָרגעקומען דער יערלעכער קאַרנאַוואַל וואָס האָט מיך, אַ פּויליש יינגל, איבעראַשט מיט זיין פּייערלעכקייט און אָרגיאַסטיש־קייט פון קאָלירן, קאָסטיומען, לוסט און ליידנשאַפט, וואָס איך האָב קיין־מאָל פריער נישט געזען אין סלאַווישן, אומעטיקן פּוילישן שטעטל. איך בין ממש געווען פאַרכישופט פון די געצנדינערישע ספּעקטאַקלען, פון די בונטע מאַסנסצענעס אויף די גאַסן און געסלעך, פון דער היסטערישער פרייד און לעבנס־לוסט פון פלעמישן פאָלק, פון די רייכע היסטאָרישע קאָסטיומען פון מיטלאַלטער, פון די גראָטעסקע מאַסקעס און פון געצנדינערישן כאַ־ראַקטער פון קאַרנאַוואַל. אָבער מען האָט געשמועסט אַז דאָס אַלץ איז אַפילו ניש טקיין שאָטן פון יענע לוסטיקע קערמעסן וואָס פלעגן פאָרקומען ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. די אַמאָליקע קאַרנאַוואַלן וואָס האָבן דערמאָנט אין פּראַכט און גלאַנץ, אין שוואונג און זינלעכקייט, אין די פאַרצייטישע רוימישע פּיעסטאַס און סאַטורנאַליעס.

דאָס פאָלק האָט געיובלט אויף די מערק און בולוואַרן פון דער אַלטער שטאָט. די מאַטראָזן און פּראָסטיטוטקעס האָבן געטאַנצט ביזן אויסלעשן זיך פון די שטערן אין הימל און די לאַמטערנס אין די שמאָלע, אָרעמע געסלעך ביים האַפן, וואָס האָבן נאָך געדענקט יוליוס צעזאַרן און זיינע לעג־יאָנען. עס האָבן דאַכט זיך, מיטגעטאַנצט די קירכעס און זונותדיקע הייזלעך, די קאַפע־שאַנטאַנען און ווייַנקעלערן. דער גאַנצער האַפנקוואַרטאַל ביים גרויען שעלדע־קאַנאַל איז געווען שיכור און באַזויפן. איך געדענק באַ־זונדערס די ספּאַינסטראַאַטע, דאָס שטיינערנע געסל וואָס איז געווען פול מיט גאַסנפרויען פון אַלע ראַסן, וואָס זיינען געשטאַנען אין די ראַמען פון די פענצטער און גערופן מיטיינגע, מיטל־יאָריקע און אַלטע פנימער די פאַרבייגייענדיקע מאַנסבילן, סאָלדאַטן או זמאַטראָזן. איך געדענק אויך דעם „פאָנטשינעלאָס קעלדער", וואָס איז שוין אַלט געווען אַ זיבן הונדערט יאָר און וואו עס זיינען פאָרגעקומען מאַריאָנעטן־שפּילן; וואו דאָס פאָלק האָט זיך אַמוזירט מיטן רעפּערטואַר, וועמענס פאָרנאָגראַפישע וויצן און אויסגעלאַ־סענע טענץ האָבן נאָך געשמעקט מיטן ריח פון מיטלאַלטער. איך געדענק די קאַפעען, עסטאַמינעס, טרינק־קעלערן אין די אַלטמאָדישע הייזער. פּונקט ווי אין וואַן גאָג׳ס באַרימטער קאַפע־מאָלעריי, האָבן די בליצלאָמפּן גע־לויכטן מיט אָרעאָלן פון געלע שטראַלן. ביי די טישלעך זיינען געזעסן באַטרונקענע פלעמער און האַלב־געחלומט, האַלב־געדרימלט. ביי איינעם האָט טאַקע נאָך דאָס אויער, אַ צעשניטנס, געבלוטיקט מיט וואַרעמע טראָפּנס בלוט. וואַן גאָג אַליין, וואָס האָט באַזוכט אַנטווערפּן, האָט דאָ נאָך שטילער־הייט געחלומט זיין גרויסן, אָנגעצונדענעם חלום פון ליבע, קונסט און רום. דאָס שלאַנקע מיידל וואָס האָט זיך קאָקעטיש צוגעשאַרט צו מיר, האָט אויס־

גענאָסן אויפֿן טיש די גלעזער ביר וואָס איך האָב איר, אין מיין נאַאיווי־טעט, געפֿונדעוועט. איך האָב, אַ פֿאַרליבטער אין יעדער שיינער פרוי אויף דער גאַס און אין קאַפֿע, זי געקושט בשעת זי האָט מיך געשלעפּט פֿון איין קנייפּע אין דער אַנדערער כּדי איך זאָל אויסגעבן פֿאַר איר אויף קופּלעס ביר און אַנדערע ליקערן. די גראַמאָפֿאָנען האָבן געשפּילט און באַגלייט מיינע צעהיצטע דעקלאַמאַציעס פֿון דער וועלט־פּאָעזיע מיט פֿראַנצויזישע, שפּאַנישע און פֿלעמישע מעלאָדיעס. אויף די טרעפּ האָבן בסדר געקלאַפּט די אָפּזאַצן פֿון פּראָסטיטוטקעס, וואָס זיינען געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ מיט זייערע אויטאָמאַטישע, פֿאַרכישופֿטע קליענטן. אין חלום און אין טשאַד האָב איך געזען די האַלב־נאַקעטע פֿרויען ווי יעקב אָבינו האָט געזען גיין אויף דעם גאָלדענעם לייטער די שטילע מלאָכים.

שפּעט ביינאַכט האָב איך אַרומגעשפּאַצירט האַרט ביי די טונקעלע וואַסערן פֿון דער שעלדע, וואָס האָבן מיסטעריעז געגלאַנצט אין ליכט פֿון די פֿאָנאַרן. איך האָב אָנגעקוקט אַן ערב־רב פֿון אַלערליי מענטשנמאַס־קעס און קאָסטיומען. איך האָב געזען ווי זינד פֿאַראייניקן אין אַ געמיינ־זאַמען טאַנץ ים־פֿאַרערס און זונות; פּרינצן און בעטלערס; געמבלערס און גענגסטערס. איך האָב שטודירט די גראָטעסקע פּנימער פֿונם המון וואָס זיינען אויף אייביק אַריינגעגאַנגען אין די מאַסנסצענעס פֿון ברויגלס, דזשעראָם באָש׳ס און רובענס׳ס בילדער. פּונקט אַזוי ווי זייערע פֿאַרצייטישע זיידעס און באָבעס, וואָס האָבן געהוליעט, געזשליאָקעט אונגעהאָפּקעט אויף די קאַנוועזעס פֿון די דאָזיקע סאַטירישע און מעכטיקע פֿאַרבנמייסטערס, האָבן איצט אויך זייערע אייניקלעך ביז וואַנזין געטרונקען און זיך לוסטיק געמאַכט אויף די געמאַרקן און גאַסן פֿון דער היסטאָרישער האַפֿנשטאָט.

פֿלאַנדריען איז געבליבן פֿלאַנדריען, טראָץ אַזוי פֿיל קעניגן און טיראַנען וואָס האָבן עס געהאַט באַהערשט און באַזיגט דורך די יאָר־הונדערטער. טראָץ דעם טוישן זיך פֿון טראָנען, דינאַסטיעס, רעזשימען און אַרמייען. אַ פֿאָלק וואָס לעבט אויף זיין טעריטאָריע טויזנט יאָר צייט, אין זיין ענגער מיליע און נאַציאָנאַלער סביבה, אויף זיין אייגענער ערד, אין דעם געדיכטן וואַלד פֿון נאַטירלעכן און היימישן פֿאָלקלאָר, לשון און ליטעראַטור, קען שוין קיינמאָל נישט ענדערן די הויט, קאָליר און כאַראַק־טער פֿון זיין פּנים און נאָך ווייניקער דעם עסענץ און גייסטיקע אייגנאַר־טיקייט פֿון זיין נשמה. אין יעדן דור וועט לעבן, אַרומגיין צווישן די מאַסן און ביטער חוזק מאַכן פֿון זיינע אונטערדריקער און טיראַנען אַ בייער פֿלאַמיקער טיילאוילנשפּיגל, אויסדריקנדיק דעם צאָרן, פּראָטעסט און רעוואָלוציאָנערן גייסט פֿון פֿאָלק וואָס לעבט איבער אַלע זיינע פֿרעמדע באַהערשער און זיגער. אַזוי פֿון די צייטן ווען צעזאַרס לעגיאָנען האָבן אַריינגעדרונגען אין לאַנד און פֿאַרקנעכט די פֿלעמישע מאַסן ביז צו דער צווייטער וועלט מלחמה ווען די נאַציס האָבן צעשאָסן אויף די גאַסן פֿלע־

מישע אונטערגרונט־העלדן און אידישע מאַרטירערס.

דאָס יידישע יינגל פון פוילישן שטעטל אין מיר איז געווען הונגעריק אָנצוקוקן, כאָטש נאָך אַביסל צו שעמעוודיק, נישט־דרייסט און נאַאיוו אַליין אָנטיילצונעמען, די בונטע, פאָלקלאָרישע און גראָטעסקע סצענעס פון דעם אוראַלטן לעבן פון אַ פאָלק. דאָ האָט אַ געזונט, פולבלוטיק און קרעפטיק פאָלק זיך אויסגעלעבט נאַטירלעך און שוואונגפול אין אַלע זיינע באַגערן, באַדערפענישן, אינסטינקטן און אַטאַוויזמען. דער המון האָט רייך גע־יומטובט זיין פיזישע עקזיסטענץ, זיינע געצנדינערישע פעסטיוואַלן, זיינע נאַציאָנאַלע פייערלעכקייטן און ספּעקטאַקלען. לעבעדיקע קעגנוואַרט, גע־שיכטע און מיטאָלאָגיע האָבן זיך אויסגעמישט אין דעם פייער, גאָלד און וויין פון לוסט און לעבן. וויבער און גלחים; נאָנעס און זונות, האָבן געטאַנצט אונטער דער פולער, צייטיקער לבנה דאָס אייביקע קער־מעס־שפּיל פון תאווה, זינד און חלום.

איך האָב אַלץ אָבסערווירט מיט שטוינונג און ענטוזיאַזם. איך האָב אַלע סצענעס אַריינגענומען אין זיך ווי אַ שוואָם. אין די שפּעטע נעכט, ביזן פאַרלעשן זיך פון די שטערן אין הימל, האָב איך זיך צוגעקוקט צו די פאָרשטעלונגען פון לעבן אויף די גאַסן, אין טעאַטערן, אין דער אָפּערא; אין קאַפעען, קנייפּעס און קעלערן. איך האָב ליב געהאַט נאָכצוגיין נאָך די פלעמישע גאַסנזינגערס אין אַלע ווינקלען פון דער שטאָט, וואו זיי האָבן געזונגען דאָס פלעמישע פאָלקסליד, אומבאַרירט פון נייע צייטן און פון מאָ־דערנעם גייסט, תמיד אַרומגערינגלט פון די אָרעמעמאַסן וואָס מאַכן לידער און מוזיק מיט זייער לעבן. בייטאָג האָב איך געווייגלעך געאַרבעט אין דער דרוקעריי. איך האָב געלייענט מיט הונגער די אַרטיקלען און לידער בשעתן אויסזעצן זיי מיט דער גרויער, בלייערנער שריפט פאַר דער „אידישע פּרעסע". איך האָב געחלומט צו זיין אַ שרייבער. אָבער דער־וויל האָב איך זיך געצויגן פון איין מאַנסאַרדע אין דער אַנדערער, אַנטלויפנ־דיק פון די בעלגישע וואַנצן און פליי, וואָס האָבן געהאַט פאַרפלייצט אַ סך הייזער פון דער אַנטיקוואַרער שטאָט. אומעטום מיטנעמענדיק דעם אייזערנעם לייכטער מיטן פאַרקאָפּטשעטן שטיקל „בודזשי", (חלבדיק ליכטל. קיין עלעקטרישע באַלויכטונג איז נאָך צו יענער צייט נישט געווען אין די אָרעמע הייזער). מיטן גרויסן טינטער מיט פינצטערן טינט. אין יעדער מאַנסאַרדע איז געשטאַנען דאָס איינענע טישעלע מיט דער טיפער, פאָר־צעלייענער שיסל און אַ הויכע קרוג מיט וואַסער אויף צו וואַשן זיך. דאָס טואַלעט־צימערל איז געווען ערגעץ־וואו אין הויז, ווייט פון מיין חדרל. יעדער סוף־וואָך בין איך געגאַנגען זען אויף דער שענסטער, רחבותדיקער גאַס, דעם פּלאַס דע מער, אין צענטער פון דער שטאָט, נייע בילדער־אויסשטעלונגען. די מאָלעריי־קונסט איז אין בעלגיע געווען אַ רעאַליסטישע און האָט געהאַט אונטער זיך אַ סך יאָרן טראַדיציע און

מייסטערשאַפט אין דאָזיקן זשאַנער. מערסטנס האָבן די פלעמישע קינסטלערס מיט אַבסאָלוטער שלימות געמאָלן די גרויע, שטילע און פאַרנעפלטע לאַנדשאַפטן פון פלאַנדריען. אויף די לייוונטן זיינען געשטאַנען די פייזאַזשן רואיקע, פאַרגליווערטע און זילבערנע, ווי איינגעהילט אין דער זיידענער וואַטע פון לבנה־ליכט, וואָלקנס און נעפלען. אין קיין שום לאַנד פון דער וועלט האָב איך נישט געזען אַזעלכע פאַרחלומטע, פאַרפרוירענע און סטאַטישע פייזאַזשן ווי אויף דער בעלגישער ערד און אין דער פלעמישער מאָלעריי וואָס האָט מיט יאָרהונדערטער צוריק געמאַכט שטאָלצע געשיכטע אין דער קונסט פון אייראָפּאַ. —

איך פלעג אָפט גיין צום פויגלמאַרק כדי צו קויפן דייטשע און פראַנצויזישע ליטעראַטור. עס זיינען געווען עטלעכע בוכהאַנדלונגען פון אַלטע ביכער אין דער רובענס סטראַאַטע, נעבן דעם היסטאָרישע הויז און גאָרטן וואו דער אומשטערבלעכער מייסטער רובענס מיט זיין שיינער פרוי און קינדער האָבן געוואוינט. באַלד נאָך דער אַרבעט, אין דער מרה־שחורה'דיקער טינט־בלויקייט פון טיפיש־פלעמישן פאַרנאַכט, פלעג איך יאָגן ווי אַ ווילדער מענטש צו דער בוכהאַנדלונג, כדי איינצוקויפן ביכער, געדרוקטע מיט דער גאָטישער שריפט, אין וועלכע איך האָב קוים ריכטיק געקענט איבערלייענען אַן איינציק וואָרט. מיין מאַנסאַרדע איז אָנגעפילט געוואָרן מיט זעלטענע, אַנטיקוואַרע בענדער, ווי געטע'ס געזאַמלטע ווערק; ט. ס. האָפמאַנס פאַנטאַסטישע דערציילונגען מיט אילוסטראַציעס; די מעשה'לעך פון די ברידער גרים און ווילהעלם האוף; קלאָפּשטאָקס „משיח" און די לידער פון שאַמיסאָ און היינריך היינע; די פּאָעזיע פון פערסישן פּאָעט האַפיז און די „רובאיאַט" פון אָמאַר־כאַיאַם; דראַמעס פון שעקספּיר אין דער איבערזעצונג פון אויגוסט שלעגעל; מאַדאַם דע סטאַלס ביידע בענדער וועגן דער ראָמאַנטישער שולע אין דייטשלאַנד; אויך פאַרצייטישע תנ"כן און אַנדערע פּרעכטיקע אויסגאַבעס. אַפילו מיצקעוויטשס און סלאָוואַצקי'ס פּאָעטישע ווערק אין פּוילישן אָריגינאַל האָב איך דאָרטן געפונען. די מאַניע זיך איינצוקויפן ביכער האָט מיך פּאַקטיש געהאַלטן געשפּאַנט אַ סך יאָרן, אַזוי ביזן היינטיקן טאָג. איך פלעג איבערלאָזן מיינע ביבליאָטעקן אין די פאַרשידענע וואוינונגען וואו איך פלעג זיך ציען כמעט יעדן חודש, פּונקט ווי מיין טאַטע האָט יעדער יאָר געטוישט די שטאָט און די היים. איך האָב נישט געהאַט קיין כוח צו שלעפּן די משא מיט די מאַסיווע טאָמען. ווען איך זאָל אַצינד האָבן אין מיין באַזיץ די בערג מיט איינגעקויפטע ביכער, וואָלט איך געווען דער באַזיצער פון אַן אויסערגעוויינטלעכער ביבליאָטעק, וועמענס מערסטע וואָלומס וואָלטן איצט געווען יקר המציאותן. און וויפיל געלט דאָס פלעגט מיך אָפּקאָסטן. איך האָב זיך נישט פאַרגינען צו עסן קיין רעכטן מאָלצייט אין אַ לייטישער

רעסטאָראַציע בשעת איך פּלעג דאָס שוואַר־פּאַרדינטע געלט, ווי אַ שיכור אין דער שענק, אויסגעבן אויף ליטעראַטור.

אָבער אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר געזען און געלערנט אַז אַ מענטש קען פאַרלירן אין זיין לעבן גרעסערע אוצרות ווי ביבליאָטעקן און מאָלעריי־קאָלעקציעס. מענטשן האָבן אין אונדזערע צייטן פאַרלוירן פּאַבל־האַפטע שלעסער מיט גאָלדענע קונסטווערק און קאָסטבאַרע היימען מיט ליבשאַפט פון עלטערן, פרויען, קינדער און זעלטענע מענטשן. זיי האָבן אויך פאַרלוירן זייערע אייגענע לעבנס וואָס זיינען געווען רעזולטאַטן פון דורך דורות געשאַפענע קולטורן, ציוויליזאַציעס, מאַניערן און שטייגער־לעבן. די משוגעת צו זאַמלען ביכער און בילדער האָט מיך אָפּגעקאָסט, טראָץ מיינע אָרעמע מעגלעכקייטן, נישקשהדיקע געלט־אָפּשפּאָרונגען. אַ יינגער מענטש, אין פאַרמעסט זיך אויפצובויען אין אַן אומרואיקער וועלט זיין סאָלידע צוקונפט, זיין פריוואַטע היים־מוזעאום, איז פּאַקטיש הונגעריק צו באַזיצן אַלע זאַמלונגען פון גאָר די פּאַלאַצן, מוזעאומס און די פירשטלעכע קונסט־קאָלעקציעס פון דער גאַנצער וועלט. ער איז טאָג און נאַכט שיכור פון אַ משוגענעם דראַנג צו זאַמלען און אָקומולירן אין זיין באַזיץ אַ שלל מיט אַנטיקן. אָבער ערשט ווען ער ווערט עלטער; ווען ער באַמערקט שפּעט ביינאַכט, אַ היימקומענדיק פון באַנקעטן, הוליאַנקעס און אָפּעראַס, די גרויע האָר וואָס באַפאַלן זיין קאָפּ ווי אַ שניי וואָלט פלוצלונג איבער אים געקומען פאַלן; ווען ער קוקט אַריין אַן איבעראַשטער אין שפּיגל און ער דערזעט די קנייטשן אין דער הויט פון זיין פּנים, אַזוי ווי דער מלאך המות וואָלט אים אין אַ דועל צעשניטן מיטן שטילעט, אים וואָרנענדיק מיט זיין פינאַלן נצחון איבער אַלע אומגעזעטיקטע אַמביציעס און גאַווהדיקע ברואים; ערשט דעמאָלט הויבט זיין האַרץ־און־האַנט אָן צו ציטערן און ער זעט איין די זינלאָזיקייט פון אָנזאַמלען הויפנס און גאַנצע ווענט באַהאָנגענע מיט פּייערן און פאַרבן. ווער וועט דאָס אַלץ ירשענען? וואואַהין, אין וועלכער פינצטערער הייל, וועט ער זיין בכוח צו באַהאַלטן די אַלע קונסטווערק קעגן די היסטאָרישע, נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע און פּערזענלעכע שטורעמס פון זיין לעבן? וואוהין וועט ער דאָס אַלץ מיטנעמען, אַן דעם מעכטיקן גלויבן פון די אַמאָליקע פּרעה׳ס, וואָס האָבן געלאָזט אין די היילן פון די פּיראַמידן זיך פאַרזאַמלען ביי זייערע טויטע גופים אַלע ווייבער און קנעכט; שיפן און זאַלן מיט אָנגערויבט צירונג, גאָלד, געפעס און אַפילו טעפּ מיט שפּייזן און פלעשער מיט וויין. יאָ, אַ יינגער מענטש איז אַ מוראַדיקער נאַר. ער איז אַ קרבן פון דער הערלעכער אילוזיע אַז ער וועט לעבן אייביק.

איך וויל באַמערקן אַז איך האָב נישט בלויז געזאַמלט, נייערט איך האָב מיט אַ ברענענדיקן הונגער געלייענט מיינע ביכער. איך האָב ליב געהאַט צו געניסן פון אַלע זשאַנרן. מיך האָט אינטערעסירט היסטאָריע און רייזע־

באַשרייבונגען; שיינע ליטעראַטור און פּאָעזיע; וויסנשאַפטלעכע ווערק און קריטיק וועגן ליטעראַטור; אויך אַרכעאָלאָגיע און קולטור־געשיכטע; אַסטראָלאָגיע און אַסטראָנאָמיע; קבלה און אַלערליי ביכער פון אָקולטיסטישן כאַראַקטער. ביזן היינטיקן טאָג לייען איך אַלץ וואָס עס קומט מיר נאָר אונטער דער האַנט. אין דער הינזיכט פאָלג איך נאָך מיינע יוגנטלעכע אַפּעטיטן און איך בין אַפילו אויף קיין איינציקן טאָג נישט עלטער געוואָרן אינעם הונגער נאָך וויסן, קענטנישן און שיינקייטן.

שפּעט ביינאַכט, אַ מידער פון מעסטן די גאַסן, מוזעאומס און עסטאַמינעס פון דער האַפּנשטאָט אַנטווערפּן, פלעג איך אַהיימקומען צו מיין ענגער מאַנסאַרדע און לייענען דורך לאַנגע שעהן אין ליכט פון דעם חלבדיקן ליכטעלע וואָס האָט געברענט אין אַן אייזערנעם לייכטער. איך האָב ספּעציעל גערן געהאַט אַריינצוקוקן אין די זיידענע בלעטער פון דער ריזיקער ביבל וואָס מאַרטין לוטער האָט איבערגעזעצט אין פופצענטן יאָרהונדערט, געבנדיק דעם טאָן צו דער דייטשער שפּראַך און ליטעראַטור. דער תנ״ך האָט געגליט מיט דער מעכטיקייט פון געטלעכן וואָרט אין אַלע איבערזעצונגען. עס האָט פון איוב׳ס קאַפּיטלעך ברייט און הויך געשרפה׳ט מיט אַ לשון אַזוי גראַנדיעז ווי אַ שטורעם און אַזוי גרויסאַרטיק ווי אַ ניאַגאַראַ־וואַסער־פאַל. איך האָב ממש אויפגעגליט ביים אָנרירן די רייד פון תהילים און פון די הייסע נביאים וואָס זיינען געשטאַנען ווי זיילן פון פייער צווישן מענטש און גאָט; צווישן איד און קאָסמאָס. ביזן היינטיקן טאָג לייען איך יעדן טאָג, אין פריען באַגינען, אַ קאַפּיטל תנ״ך, אידער איך זעץ זיך אַוועק ביים טאָטנס שרייב־טישל כדי צו שרייבן; און אויך אין אָוונט, אידער איך גיב זיך איבער אין די געטרייע און האַרציקע אָרעמס פון דעם גוטן מלאך פונשלאָף, וואָס באַנייט מיינע כוחות איבער נאַכט.

מאַרטין לוטער האָט מיט זיין איבערזעצונג פון תנ״ך געשאַפן אַ ליטעראַריש מייסטערווערק. דאָס איז געווען דער געבענטשטער אָנפאַנג פון דער דייטשער ליטעראַטור. אָבער ער אַליין, דער ברוטאַלער גערמאַנער, האָט דאָס אַפילו נישט געהאַט אינזינען. זיין כוונה איז געווען *ווערטלעך* צו איבערזעצן גאָט׳ס וואָרט פאַרן פּראָסטן פאָלק. אין מיטלאַלטער האָט דאָס פשוטע פאָלק אַליין נישט געקענט און נישט געטאָרט לייענען דעם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט. מען האָט געמוזט אָנקומען צו דער קירכע, צו די גלחים, וואָס האָבן פאַר זיך אַליין געהאַלטן אין אַרענדע דעם תנ״ך, דעם קוואַל פון גאָט׳ס וואָרט. איבערזעצנדיק וואָרט פאַר וואָרט פון העברייאישן אָריגינאַל, מיט דער הילף פון די גריכישע טעקסטן, האָט לוטער געגעבן די רעליגיעזע מאַסן אין דייטשלאַנד אַ מעגלעכקייט צו האָבן אַ דירעקטן צוטריט צו גאָט׳ס הייליק וואָרט, וואָס באַדאַרף זיין צוגענגלעך

פאַר אַלעמען, לויט לוטערס דעמאָלט רעוואָלוציאָנערע באַגריפן. אָבער אומדירעקט האָט ער געשאַפן דייטשע און וועלט־ליטעראַטור. —

---

איך האָב פאַרבראַכט אַ סך צייט אין דער דרוקעריי. עס איז כדאי צו שילדערן, אויסער די וואַנט מיט אַפישן און די אַקטיאָרן, אויך די אַר־בעטערס, די מיטאַרבעטערס פון די „פרעסע", די מיטגלידער פון דער משפחה פירשט, צו וועמען די דרוקעריי האָט געהערט.

עס איז דאָ געווען אַן אינטערנאַציאָנאַל פון מענטשן. איך געדענק איינעם אַ דינעם, הויכן מאַנסביל ווי אַ שאָטן. מען האָט אים גערופן „דער ענגלענדער", מחמת ער איז געקומען פון לאָנדאָן. ער פלעגט תמיד זינגען אַן אומעטיקע מעלאָדיע. יעדער פרייע מינוט פלעגט ער שטודירן אין אַ בייכיקן ווערטערבוך מיט פינף לשונות. ער האָט געהאַט עפּעס אַ פחד פאַרן טונקעלן ים פון ענגלישן לשון. ער איז מיט דער צייט געוואָרן אַלץ דינער און דאַרער. ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סקעלעט. ער האָט ווייניק געגעסן און געטרונקען. זיין גן־עדן און גהנום איז גע־ווען די ענגלישע שפּראַך. עס איז געווען לאַנגווייליק מיט אים צו פאַר־ברענגען. ער איז גאָרנישט געווען קיין מענטש פון בלוט און פלייש — נייערט אַ שפּראַך. ער איז געווען אַ סלאָווניק מיט צעקנייטשטע בלעטער. ענלעכע אידישע מענטשן, מער שעפערישע ווי דער ענגלענדער, האָבן אין אַלע צייטן אַריינגעטראָגן אוצרות אין פרעמדע קולטורן און לשונות, וועלכע זיי האָבן פאַנאַטיש אַדאָפּטירט און אַנטוויקלט. מען באַדאַרף זיך נאָר דערמאָנען אין היינריך היינע און אין פויליש־אידישן פּאָעט יוליאַן טווים. אידן זיינען צוגעפאַלן צו די בראשיתדיקע, נאָך־שלאָפנדיקע אוצרות פון פרעמדע שפּראַכן, אַפילו שוין אַ סך גענוצטע, און זיי האָבן אַרויס־געבראַכט פון די אָפּגרונטן פון פאָלק און פאָלקלאָר פרישע גרודעס מיט גאָלד און בלענדנדיקע אוצרות פון גייסט.

עס איז דאָ געווען איינער, איבראַהים איזרעאלי, אַ יינגערמאַן וואָס האָט געשטאַמט פון מצרים. ער האָט געצויגן זיין יחוס אַזש פון דוד המלך. ער איז יעדער נאַכט געלאָפן צום האַפן, צו די שמאָלע מיטלאַל־טערלעכע געסלעך פון פּראָסטיטוציע. בייטאָג איז ער געשטאַנען ביים קאַסטן מיט בלייערנע אותיות, האָט זיך געשאָקלט ווי בשעתן דאַווענען, און ער האָט דערציילט מעשיות. ער האָט אויך אַן אָריענטאַליש־איבער־געטריבענעם שטייגער און מיט אַסך פאַנטאַזיע געשילדערט מאָדנע פיגורן און כאַראַקטערן אין זיין לעבן. ער איז מכלומרשט געשלאָפן, ווי זיין פאַרצייטישער קעניגלעכער פאָרגייער, מיט אַ טויזנט ווייבער. ער האָט, אין סטיל פון דער פרינצעסין שעכערעזאַדע, געשילדערט פילפאַרביקע פּנימער, מאַסקעס און קאָסטיומען. גאַסן, טומלדיקע געמאַרקן און באַזאַרן פון קאַיראָ, דמשק און באַגדאַד זיינען רייך אויפגעגאַנגען אין זיינע בונטע מעשיות.

וויבער זיינען געווען זיין אומגעזעטיקטע ליידנשאַפט. ער האָט געדענקט צוריקצופאָרן אַהיים קיין אַלעקסאַנדריע וואו עס האָבן געוואוינט זיינע אָרעמע עלטערן מיט אַ סך קליינע קינדער. ער איז געווען דער בכור. ער האָט געחלומט אַז ער וועט אין אַ טאָג אַהיימקומען און זיך אויסזוכן אַ קליינע רייצנדיקע כלה פון צווישן אידן. דערווייל אָבער איז ער געווען אַ שקלאַף פון די גאַסנפרויען פון אַלע ראַסן. ער איז געווען אַ איד. אָבער עס איז אויך געווען שווער צו באַנעמען זיין אָנגעהעריקייט צום פאָלק. ער איז געווען אַ טיפּישער אַראַבער. תּמיד מיטן קינזשאַל אין קעשענע. שטענדיק גרייט זיך פלוצלינג אָנצוצינדן מיט כעס און דיך צו דערשטעכן. האָבן אַזוי אויסגעזען דיינע תּנך'ישן ברידער? זיינען די זין פון יעקב אָבינו געווען ענלעך צו אים? ווי אַזוי זיינען זיינע זיידעס געבליבן אידן אינמיטן פון איסלאַמישן פאַנאַטיזם און ברוטאַליטעט, לעבנדיק אין מור־ראַדיקער אָרעמקייט, נויט און פאַרפאָלגונג? איך האָב ליב געהאַט צו הערן זיינע מצרישע מעלאָדיעס. איינמאָל האָט ער מיר דערציילט אַן אַראַבישע מעשה וואָס האָט געשמעקט מיט די קרעפטיקע, פּאָעטישע דער־ציילונגען פון טויזנט און איין נאַכט. איך האָב מיט יאָרן שפּעטער די טעמע אויסגענוצט פאַר אַ דערציילונג. —

צווישן די אַרבעטערס איז געווען איינער, אַ געוויסער שימעק, אַ געהיימנישפולער פאַרשוין פון אַ גאַליציאַנער שטעטל. ער איז געווען פאַרמשפּט דורך זיין גאַנץ לעבן צו טראָגן אויף זיך אַ טויטנפּנים ענלעך צום תּליון פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דעם ברוטאַלן ראָבעספּיער אָדער גאָר צום הענקער וואָס האָט געוואָגט צו פּאַטשן דאָס אַריסטאָקראַ־טיש־נאָבעלע פּנים פון דער מערדערין פון מאַראַטן, שאַרלאָט דע קאָרדיי, נאָכדעם ווי ער האָט איר אָפּגעהאַקט דעם שיינעם קאָפּ. שימעק האָט פּאָק־טיש געהאַט אַ סקעלעטיש פּנים, בלייך, נזיריש און אַכזריותדיק, פּונקט ווי ער וואָלט שוין געווען פאַרפוילט געוואָרן אין אַ קבר. ווען עס פלעגט זיין קאַלט אין דער דרוקעריי, אַרום ווינטער־צייט, פלעגט ער שטיין ביים אייזערנעם אויוון און פאַרברענען צייטונגען. אין רויטן פייער האָבן זיך ווייטיקפול געקאַרטשעט די אידישע אותיות. ער פלעגט האַלטן איבערן פלאַם זיינע דינע, ביינערדיקע הענט איינגעקנוילטע אין פויסטן. ער פלעגט זיך זעלטן אָפּשערן די ברודיקע נעגל. ער וועט אַמאָל מעכטיק שלאָגן די רעאַקציע. זיין הונגעריקער גוף טראָגט אַ וועלט מיט סם און שנאה צום קאַפּיטאַליזם. אָבער איצט איז ער געצוואונגען צו שווייגן. ער איז אַן אָפיציעלער קאָמוניסט. אַ מיטגליד פון דער בעלגישער פאַרטיי. ער קען קוים דאָס זעצעריי־פאַך. אין זיין פרייער צייט מאָלט ער הייסע פלאַקאַטן פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זיי פלאַקערן רויט און פּראָוואָצירנדיק אויף די הייזער, פלויטן און ווענט פון בעלגישע שטעט. זיי רופן דעם פּראָלעטאַריאַט צו מיטינגען, שטרייקן און אויפשטאַנדן. ער קען

קוים אויסרעדן אַ פּלעמיש אָדער פראַנצויזיש וואָרט. אָבער ער שליידערט פּראָטעסט אויף די אַפּישן. ער טראָגט די רעוואָלוציע אין האַרצן. ער איז פּאַקטיש אַ סקעלעט אין וועמענס קאַלטע ביינער עס פּלאַקערט אַן אידעע. די אותיות אויף זיינע האַנט־געמאָלטע אַפּישן זיינען ווי חיות און ווערם. דאָס זיינען בלוטדורשטיקע באַשעפענישן. די בוכשטאַבן וואָס ער צייכנט אָן מיט נערוועזיטעט און אומגעדולדיקייט זיינען ווי ריזיקע קאַריקאַטורן וואָס דאָרשטן נאָך בלוט. דער געדאַנק פון רעוואָלוציע האַלט אים תּמיד שיכּור און געשפּאַנט.

שפּעט ביינאַכט, אין די דאָנערשטיקן, ווען מען אַרבעט לאַנגע שעהן, כּדי צו פאַרענדיקן די צייטונג, נעם איך אים מיט אין דער רעסטאָראַציע. ער שלינגט אַ הונגעריקער די הייסע זופּ. די געדערים זיינען ביי אים שטענדיק ליידיקע. עס איז שוין איינס אַ זייגער ביינאַכט. אָבער דאָס איז ביי שימעקן דאָס ערשטע מאָלצייט פונם גאַנצן מעת לעת. איך זע אַז ער פאַרמאָגט אַפילו נישט קיין ברודיק העמד אויפן לייב וואָס איז לוי־טער הויט און שפּיציקע ביינער. ער שטייט כּמעט תּמיד נאַקעט פאַר מענטש און גאָט, כאָטש ער גלויבט נישט איןביידע. איך רוף אים אַהיים צו זיך און איך שענק אים אַן אויסגעוואַשן העמד. איך טראַכט: דאָס איז די פאַרקערפּערונג פון דער רעוואָלוציע וואָס טראָגט עפּעס אַן אימה׳דיקע שנאה אין איר פאַרברעכערישן האַרצן. אַ שנאה — צו וועמען? צו זיך אַליין. צו אַלץ אַרום וואָס אָטעמט פריי און שמייכלט מיט אַן אומ־שולדיק פּנים. אַ שנאה צו די פירשטין, קעניגן און שקלאַפן. דער קאָ־מוניזם איז געקומען כּדי צו מאַכן בלינדע וועלט־רעוואָלוציע. כּדי צו פאַר־ברענען דעם פּלאַנעט. דער קאָמוניזם וועט זיגן איבער אַלפּן מיט סקע־לעטן, איבער סנאיס פון קנאָכנס, איבער הימאַליייען מיט טויטע קעפּ. אָבער דאָס פייער פאַרצערט דערוויל שימעקן אַליין. קיין מת איז נישט דאַרער פון אים. דאָך דערמאָנט ער מיך אין עפּעס אַ שטומען, מוראדיקן גולם. ער גייט אויפן גאַס בשעת מויערן, טורמס און טורמעס רוקן זיך אָפּ פאַר אים אין פינצטערער אימה. שטעט אַנטלויפן אין פּחד פאַר זיין שרעקלעכער קראַפט. גאַסן, הייזער און פּאַלאַצן ווערן צעשמאָלצן אין צאָרן פון זיין שנאָה. דאָס זיינען די שווייגנדיקע אויטאָמאַטן וואָס שטעלן איבער דאָס וועלט־מעבל. וואָס רייסן אַראָפּ ביינאַכט די שטערן פון הימל כּדי מיט זיי צו שלאָגן, ווי מיט קיזלשטיינער, די הענקער...

אין אַ טאָג וועט שימעק פאַרשווינדן ווערן אויף אייביק. איך וועל אים מער אין לעבן נישט באַגעגענען. ער וועט ווערן פאַרפוילט ערגעץ אין אַ קערקער, אָדער מען וועט אים אויפהענגען ווי אַ ליאַלקע אויף אַ הוי־כער תּליה. ער וועט הענגען און ציטערן אין ווינט, זיך שאָקלען פרעפּלענ־דיק מיט בלויע ליפּן אַ מאַרקסיסטישע תּפילה. —

עס אַרבעט דאָ אויך דער לאָדזער זשורנאַליסט גימפּל האָלצמאַן. אין

אים זע איך דעם ציניִשן ליטעראַט וואָס האָט פיינט אַלץ וואָס עס איז הייליק און שיין. ער שטאַמט אָפּ פון לאָדזשער אָרעמקייט, פונם באַלוטער געגנט. ער פירט אָן אין „קולטור־פאַראיין״ מיט דער „לעבעדיקער צייטונג״, וואָס קומט פאַר יעדער וואָך, פרייטיק צונאַכטס. ער איז שוין די ביליקע גאַווה אַליין. די ליטעראַרישע קליקע אין איין פערזאָן. הגם איך בין שוין דעמאָלט באַהערשט פונם אימפעט פון וואָרט, האָב איך נישט די מינדסטע מעגלעכקייט אָנטייצונעמען אין אַזאַ לעבעדיקער צייטונג מיט אַ ליד אָדער אַ דערציילונג. ער, גימפּל האַלצמאַן, פּאַרוואַריזירט די מיטל־מעסיקייטן, די זשורנאַליסטלעך, די וואולגאַרע הומאָרעסקע־שרייבערלעך. אָבער איך בין נאָך באמת צו יענער צייט נישט פאַראינטערעסירט אין פאַרלייענען פאַר אַ פּובליקום. ווי שוין באַשריבן, שטיי איך אין די פרייע שעהן, נאָך דער אַרבעט, אין דער בוכהאַנדלונג אויף רובענסטטראַסע. איך נישטער צווישן פאַנטאַסטישע בערג מיט ליטעראַטור. שפּעט ביי דער נאַכט טראָג איך אַהיים דיקעבענדער פון היינע, שיללער און ניטציע. איך לייען מיט אַ וואַנזיניקן ענטוזיאַזם די בלעטער פון דער וועלט־ליטעראַטור. איך שלינג ממש די הייסע שורות פון בייראָן, שעלי און קיטס. בשעת גימפּל האַלצמאַן און שטאַלב, איינער אַ גאַליציאַנער בחור, באַנוצן זיך מיט וואולגאַרע רייד און זיי באַליידיקן מיך, פאַרטיף איך זיך אין די דאָזיקע צו מיר הייליקע ווערק. אַ געוואַלטיקע וועלט עפנט אויף אירע אָפּגרונטן און פּאַלאַצן פאַר מיר. טירן און טויערן פראַלן זיך מאַגיש אויף פאַר מיין אויג און האַרץ. העלדן הויכע ביז צו די שטערן, ווי זיילן פון גאָלד און פייער, שטייגן אויס פון די דראַמעס פון סאָפאָקלעס און שעקספּיר. זיי פאַרבלענדן מיך מיט זייער גרויסאַרטיקן שפּילן, מיט זייער רעדן ליטעראַטור. —

איך מוז דאָ דערמאָנען אַ געוויסן אַרבעטער אין דער דרוקעריי. ער האָט געהייסן טעאָ. ער האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער פלעמער אין אַ מיטאָלאָגישע סצענע פון רובענס׳ס מאָלעריי. יאָ, רובענס, ווי יעדער גרויסער מייסטער, האָט איינגעלאַדן מענער און פרויען פון דער גאַס. ער האָט זיי איבערגעטאָן אין קעניגלעכע קאָסטיומען און ער האָט זיי אַריינגע־געשטעלט אין סצענעס פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע. דער דערמאָנטער פאַלקסטימלעכער טיפּ, טעאָ, האָט שוין געאַרבעט אין דער דרוקעריי זיבּעט שיינע יאָרן. ער האָט זיך אויסגעלערנט רעדן און לייענען אידיש. ער פלעגט אָפּטמאָל אַרויפשרייען פון אונטן, פון דער דרוקעריי, צו אונדזער מעטראָנ־פּאַזש:

— ראַטמאַן, איך האָב געפונען אַ גרייז. עס פעלט אַ גימל אינם קעפּל איבערן רעדאַקטאָרס אָפּעראַ־רעצענזיע...

טעאָ, מיט זיין קענטניש פון אידיש, איז תמיד געווען אַ קוואַל מיט הומאָר פאַר אויסלענדישע געסט, אַקטיאָרן און אַפילו פאַר די היימישע מיט־

אַרבעטערס. טעאָ איז געהאַט אָנגעקומען אַרבעטן אין דרוקעריי נאָך אַלץ קליין שגצל. דאָ איז ער אויסגעוואַקסן צום געשטאַלט פון אַ פּולבלוטיקן פּלעמער און ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט. אָבער ער איז דורך זיין קאַנטשאַפט מיט אידיש אַריינגעוואַקסן אין אידישן לעבן. דורך זיין היימישקייט מיט די ערלעכע און געהויקערטע יידישע אותיות, ענלעך צו אידן, איז ער עפּעס אַליין אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן צו אַ לעבעדיק אידיש אות, וואָס טראָגט געדולדיק אויף זיינע שטומע פּלייצעס דעם גורל און עול פון אידיש און פון אידישן שאַפן. ער איז געבליבן אַרבעטן אין דער דרוקעריי נאָך אַ היפּשע צאָל יאָרן נאָך מיין אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, ביזן אָנקומען פון די נאַציס קיין בעלגיע. מיך וואָלט ניט געוואונדערט ווען איך וועל אַ טאָג געוואויר אַז ער האָט אויך געטיילט דעם גורל פון די אידן ווען די נאַציס האָבן געשיקט קיין אוישוויץ... אויף זיין פּנים, אין זיינע גליענדיקע אויגן, איז געווען אָנגעשריבן אידישער גזר...

---

ווען די „פּרעסע״ ווערט ענדלעך פאַרטיק פּרייטיק שפּעט נאָכמיטאָג, נאָכדעם ווי מיר האָבן אָפּגעאַרבעט די גאַנצע נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק, וואַרטן שוין אין קאָרידאָר זינט לאַנגע שעהן די פּאָר אָרעמע פאַרקויפערס פון דער צייטונג. איך געדענק גוט יענע אַלטע פּרויען און מענער, אַזוי ווי אומגליקלעכע קאַריקאַטורן, אַרויסגעגאַנגען לעבעדיקע פון רעמבראַנדט׳ס, דאָמיעס אָדער פון גאָיאַס גראָטעסקע מאָלערייען און צייכנונגען. די דאָזיקע צעבראָכענע ברואים נעמען דאָס רוב פּעקלעך צו דרייסיק, פערציק, ביז פופציק נומערן פון דער דינער וואָכנצייטונג און זיי לויפן גיך צו דער דיאַמאַנט־בערזע, אויף פּעליקאַנסטראַטע, כדי אַזוי אַרום צו פאַרדינען עטלעכע פראַנק. באַלד קערן זיי זיך אום צוריק צעהיצטע און צעיאָכמערטע, בעטנדיק פרישע עקזעמפּלאַרן. זיי שלאָגן און קריגן זיך צוליב גאָרנישט. איך געדענק באַזונדערס איינעם פון די דאָזיקע אָרעמעלייט: קיסעלע שופר, אַ לובלינער איד, וואָס האָט געוואוינט מיט זיין ווייב און צוויי יינגלעך אין אַ קעלער־שטוב אויף דער לעווועריק סטראַטע. איינמאָל אין אַ זומערדיקן טאָג האָב איך איינגעפּאַקט עטלעכע ווייסע העמדער און באַשלאָסן זיי צו מאַכן אַ מתּנה פאַר קיסעלען. איך האָב געגנידערט אויף צעבראָכענע טרעפּ אין אַ פינצטערער קעלער־שטוב. אויף די ווילגאָטנע, ברודיקע ווענט זיינען געוואַקסן משוגענע שוואָמען. דעם חושך האָט מען ממש געקענט אָנטאַפּן מיט די הענט. אַ קראַנקע פרוי איז געלעגן אויפן אייזערנעם בעטל, צווישן בערג מיט צעריסענע ברודיקע בעטגעוואַנט, אַן איינשיטן. זי האָט שווער געקרעכצט. די יינגלעך זיינען אַרומגעלאָפן נאַקעטע. קיסעלע האָט געשאָלטן מיט טויטע קללות.

קיסעלע שופר האָט אויך געאַרבעט ביים אידישן טעאַטער. ער פלעגט צעהענגען די אַפישן אויף די ווענט און פּלויטן פון דער שטאָט. ער האָט

צעטיילט פאַרביקע פלוג־צעטלעך אויף די גאַסן, אין דער אידישער געגנט, וועגן די אידישע אַקטיאָרן און זייערע איופפירונגען. אָבער טעאַטער איז אים טיפער אַנגעגאַנגען ווי בלויז אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען עטלעכע נישטיקע סענטים. ער האָט שטערבלעך ליב געהאַט דאָס שפיל אויף דער בינע. ער איז געווען אַ הייסער פּאַטריאָט פון געווויסע אַקטיאָרן פאַר וועמען ער וואָלט געגאַנגען אויף דער תליה. ער פלעגט זיך אָפט שלאָגן ביז בלוט פאַרטיידיקנדיק זיינע העלדן. ער פלעגט אויסשפּילן ראָלן פון אידישן טעאַטער־רעפּערטואַר ביי אונדז אין דער דרוקעריי. ער פלעגט רעציטירן גאַנצע שטיקער פּראָזע פון קלאַסישע פּיעסן. ער פלעגט אָנ־נעמען פרעמד געשטאַלט און כאַראַקטער און אַריינפאַלן אין עקסטאַז. ווען שלום אַש איז געווען אויף באַזוך אין אַנטווערפּן, פלעגט קיסעלע שלאָפן גאַנצע נעכט אויף די טרעפּ פון האָטעל וואו דער באַרימטער שריפט־שטעלער איז איינגעשטאַנען. אַזוי ליב האָבן אַ שרייבער, אַן אַקטיאָר, האָט בלויז געקענט אַ פּאָלקסמענטש פון פּוילן און פון יענעם טייערן דור אידן וואָס זיינען אַליין געווען גרודעס פאָלקלאָר און פּרימיטיווע ליטעראַטור־שאַפונג. קיסעלע איז געווען אַ פריינט, אַ פאַרערער פון אַקטיאָרן, ווייל ער איז ערגעץ־וואו געווען אַליין אַ פאַרכישופטער און פאַרשאָלטענער אַקטיאָר. ער האָט ליב געהאַט דעם „דיבוק" ווייל ער האָט אַליין געטראָגן אין זיין פליש פאַרשטאָכן אַ דיבוק...

אָפטמאָל, זומערצייט, ווען עס איז נישט געווען קיין איבעריקע אַרבעט ביים אידישן טעאַטער, וועט קיסעלע פאַרשווינדן ווערן אויף גאַנצע חדשים. ער פעלט אויס אויף דער גאַס, אַלס היימישער משוגענער; ער פעלט אויס אויפן מאַרק, אין די אידישלעכע גאַסן פון אַנטווערפּן; ער פעלט אויס צום גאַסנטומל און צום אידישן פאָלקסלעבן. אָבער וואו אייגנטלעך איז קיסעלע אַהינגעקומען? מען ווערט געוואויר אַז ער איז געפאָרן שנאָרן קיין שוועדן, קיין נאָרוועגן און דענעמאַרק. ווען ער קומט צוריק פון די סקאַנדינאַווישע לענדער, דערקענט מען אים קוים. האָט אַ מלאך אים אָפּגעטונקען אין די בריליאַנטענע פּיאָרדן? קיסעלע קומט צוריק פון יענע שטילע, רואיקע לענדער אַ פאַרענדערטער מענטש, אין פרישע מלבושים, אָנגעטאָן אין אַ פרעמדער הויט, מיט אַ ניי־אָנגעוואַקסענער באָרד. דאָס פּנים איז פאַרגליווערט געוואָרן צו אַ שטיק קיט. ער דערציילט פון די גאָלדענע הערצער פון די דאָרטיקע אידן; ווי אַזוי ער האָט זיך געבאָדן אָן די בגדים מיט פרעמדע ווייבער און מאַנסבילן; ווי אַזוי מען האָט אים פאַרבעטן צודאַווענען ביים עמוד אין הערלעכע שולן אין קאָפּענהאַגן, אָסלאָ און שטאָקהאָלם; ער מאָלט בונטע בילדער פון הייזער, פּאַלאַצן און פון אידישע פירשטן; דערביי באַרימט ער זיך ווי ער האָט זיך באַקאַנט מיט קייסאָרים און קייסערינעס; ווי אַזוי פּרעכטיקע פרויען זיינען אים ממש געפאַלן צו די פיס און אים געבעטן אַז ער זאָל לאָזן פאַלן די לייטזעליקייט

פון זיין ליבשאַפט אויף זיי. קיסעלע איז צוריקגעקומען פון יענע לענדער ווי אַ פאַרכישופטער, אַן אָפּגעזענקטער און עפּעס אויך אַזאַ מרה־שחורה־דיקער. האָט די פרייד אים טרויעריק געמאַכט? עפּעס איז געהאַט פאַרגעקומען מיט אים אַזוינס, וואָס האָט פאַרענדערט זיין צורה, זיין פיזיש געשטאַלט. יעדער איבערלעבעניש, יעדער לעבנס־דראַמע, בויגט איין דעם מין מענטש ביז צו דער ערד, ווי ער וואָלט זיך בוקן צום בערגעלע ערד וואו עס וועט זיין זיין קבר. אַפילו לוסט און פאַרגעניגנס קרומען אויס זיינע קנאָכנס.

מיט יאָרן צוריק, ווען קיסעלע איז נאָך געווען אין לובלין, איז צוגעקומען איינע אַן אַלמנה און אים געגעבן עטלעכע קאָפּעקעס אַז ער זאָל זיך מטריח זיין קויפן אַ מאַרקע און אָנקלעפּן אויף אַ בריוו וואָס איז געווען אַדרעסירט קיין בעלגיע, צו אירס אַ זון. קיסעלע האָט אָנגעקוקט די האַנטשריפט אויפן קאָנווערט און עס איז אים פלוצלונג איינגעפאַלן אַ רעיון דעם דאָזיקן בריוו פערזענלעך צו פירן קיין אַנטווערפּן. אָנשטאָט אויסצוגעבן די פּאָר קאָפּעקעס אויף אַ מאַרקע, האָט ער באַשלאָסן דאָס געלט בעסער אויסצונוצן אויף הוצאות הדרך. אָנגעקומען קיין אַנטווערפּן, האָט ער דעם בריוו אַליין אָפּגעטראָגן ערגעץ אין אַ הויז וואו מען האָט אים פיין אויפגענומען, געשטעלט כּיבוד, אים אויסגעפרעגט וועגן לובלין און, אַזוי אַרום איז ער שוין געבליבן וואוינען אין לאַנד. אָבער קיסעלע איז נישט ווייט אַוועק פון לובלין. ער רעדט תּמיד וועגן די צדיקים און רביים וואָס ליגן באַגראָבן אויפן אַלטן בית עולם. ער הערט נישט אויף צו רעדן מיט שטיקער אידישן פאָלקלאָר. אין גענוס איז ער פאַרבליבן אַ לובלינער איד. ווען משיח וועט קומען, וועט קיסעלעס נשמה נישט שוועבן קיין ארץ ישראל, נייערט צו זיין געבורטסשטאָט לובלין, צו וועלכע ער טראָגט אַרום אין האַרצן אַ רירנדיקע געטריישאַפט, ווי צו אַן ערשטע געליבטע...

זומערצייט, אויב קיסעלע פאָרט נישט שנאָרן אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, פאַרקויפט ער פּאָמעראַנצן, שאָקאָלאַדע און קאַרמעלקעס ביים ים־ברעג אין אָסטענדע און בלאַנקענבערג. ער שטייט אויף אין באַגינען, ווען דער נאָכטיקער הימל איז נאָך פול מיטן נאָפּטאַלינישן שניי פון שטערן, און ער טובלט זיך אין ים. ער שעפּטשעט אייגנפאַרפאַסטע תּפילות און שטיקלעך תּהלים, וואָס האָבן זיך פאַרוואַלגערט אין זיין זכּרון, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט מעשיות און שפּרוכן, מיט זאָגעכצן און גלייכווערטלעך, ווי אַ גניזה מיט שמות.

צו יענער צייט, אַרום יאָר 1931, האָב איך אָנגעשריבן און באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ פּאָעמע אין בראָשור־פאָרם. איך האָב די פּאָעמע אַליין אויסגעזעצט אין דער דרוקעריי פון איינעם אַ געוויסן ברוינפעלד, צוזאָגנדיק דעם בייזלעכן באַלעבאָס אַליין אָפּצואַרבעטן פאַר די הוצאות פון זעצן און דרוקן דאָס ביכל. איך בין דערנאָך דאָרט געבליבן אַרבעטן עטלעכע יאָר

צייט. איך האָב באַשלאָסן צו געבן אַ האַלבע אויפלאַגע, גאַנצע 500 עקזעמפּלאַרן, צו קיסעלע שופר, וואָס האָט מיר צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן. קיסעלע האָט דאָס ביכל מיט רויטע טעוועלעך און זעכצן בלעטלעך מיט פאַנטאַסטישע פערזן פון אַ פּאָעמע וואָס האָט געהייסן אַזאַ נישט־פּאָפּולערן נאָמען ווי „עאופאָריאַן״, געפּרוּווט פאַרקויפן פאַר אַ פראַנק אַ שטיק צו היימישע אידן אין די בעלגישע קורערטער, ביים פריינטלעכן אַטלאַנטיק־ברעג. ווען איך בין דאָרט געקומען צוגאַסט עטלעכע וואָכן שפּעטער, אין חודש אויגוסט, בין איך געווען איבעראַשט צו געפינען אויף די ברעגעס ביים ים, שפּורן פון מיין פּאָעזיע. די רויטע בראָשורן, ווי שטיקער אומפאַרלעשבאַרע פלאַמען, האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אויף די גאָלדיקע זאַמדן, צווישן די שטיינערנע בענק נעבן די האָטעלן, ביי די טירן און שוועלן פון די פּרעכטיקע ווילעס. איך האָב געהאַט, ווייניקסטנס, איין געטרייען לייענער: דעם דערפרישנדיקן און פריינטלעכן ווינט, וואָס האָט פריי געמישט די בלעטלעך פון די דינע, אידעלע בראָשורן. קיסעלע האָט מיר אָגב קיינמאָל נישט באַצאָלט קיין גראָשן פאַר דער גאַנצער האַלבער אויפלאַגע פון מיין יוגענטלעך ווערק...

עס איז געשען אַז די אַנדערע פינף הונדערט עקזעמפּלאַרן, שוין דעמאָלט זייענדיק מיד און אַנטוישט, האָב איך איינמאָל, אין אַ קלאָרער, לבנה׳דיקער נאַכט, אַוועקגעטראָגן צום קליינעם קיוויט־פּאַרק. שטייענדיק אַן איינזאַמער אויף דעם בריקל וואָס איז געהאַנגען איבערן שטילן טייכל, אינמיטן פּאַרק, האָב איך זיי אַראָפּגעוואָרפן ווי אַ פולן זאַק מיט הערבסטיקע בלעטער וואָס גאָט אַליין האָט באַשריבן מיט זיינע אָריגינעלע אותיות. די פאַרמשפּטע ביכלעך האָבן זיך צעשאָטן און פאַנאַנדערגעשפּרייט אויפן רואיקן פלאַך פונם וואַסער. אַ פלעמישער פּאָליציימאַן וואָס האָט געהיטן די לבנה אפשר צענדליקער יאָרן און איז נישט געווען געוואוינט צו קיין שום אַוואַנטורע אין נאַכטיקן, אידילישן פּאַרקל, האָט מיך גענומען נאָכיאָגן איבער די וועגן און אַלייען אַרום וואַסער, וואו עס זיינען אַרומגעשוואומען מיינע בראָשורן, אַזוי ווי זיי וואָלטן שפּרייטן פייער און מרידה. ענדלעך האָט מיך דער רעגירונגס־שומר געכאַפּט און געפירט אין טורמע אויף דער בעגיינעסטראַטע. איך האָב פאַר די אויספאָרשערס, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט שפּעט ביינאַכט, דערציילט דעם גאַנצן טרויעריקן אמת: איך האָב אין אַ נאַרישן מאָמענט אין מיין לעבן אָנגעשריבן אַ פּאָעמע. איך האָב זיך געמאַטערט זי אַליין אויסצוזעצן אין אַ אידישער דרוקעריי. איך האָב דאָס ווערק אַרויסגעגעבן אויף מיינע אייגענע הוצאות. אַזוי ווי עס איז פאַר מיר געווען אונמעגלעך צו פאַרקויפן מיין אייגן בוך, האָב איך די אַנדערע האַלבע אויפלאַגע דערטרונקען אינם רואיקן וואַסער. איך האָב נישט געפּלאַנעוועט קיין שום רעוואָלוציאָנערע מעשים. איך בין גרייט צו שווערן ביי אַלעם וואָס עס איז צו מיר הייליק. די פּאָעמע איז

סיי ווי אָרעם פֿאַרפּאַסט. שוין ביים זעצן די פּערזן, בין איך געווען אומגליקלעך צוליב מחבר. מיר האָט באַנג געטאָן וואָס איך האָב זי גאָר אָנגעשריבן. עס איז אַ סך בעסער, לויט מיין באַשיידענער מיינונג, אַז זי זאָל אומקומען דורכן דערטרונקען ווערן אין אַ שטילער, לבנה׳דיקער נאַכט, ווי עס פּאַסט פֿאַר ראָמאַנטישער פּאָעזיע, איידער אַרויפֿצוציונגען זי אויף אַ פּובליקום וואָס איז נישט געווען געוואוינט צו לייענען לידער. די פּלעמישע ריטערס פֿון געזעץ האָבן מיט גערודלד אויסגעהערט מיין דערציילונג. זיי האָבן מיך צום סוף אָנגעקוקט מיט אמתן באַדויערן. ווער ווייסט, אפשר האָט זיך אויך געפֿונען צווישן זיי אַן אייפֿערזוכטיקער פּאָעט וועמען עס האָט הנאה געטאָן וואָס איך האָב געפּרואווט דערטרינקען מיין דיכטערישע צוקונפֿט אינם שטאָטישן פּאַרק־טייכל. זיי האָבן מיך תּיכּף באַפֿרייט, מיר גלייכצייטיק אָנזאָגנדיק — זיי זיינען דאָך געווען פּאָליציילייט און שטרענגע אָפּהיטערס פֿונם קעניגלעכן געזעץ — אַז איך זאָל מער אין דער צוקונפֿט אַזאַ פֿאַרברעכן נישט וואַגן צו באַגיין. אויב איך וועל דאָך אַמאָל באַשליסן אָפּצודרוקן אַ נייעם בוך מיט לידער אָדער אַפֿילו פּראָזע, זאָל איך די אויפֿלאַגע פֿאַרברענען אין אַ פּריוואַטן קרעמאַטאָריום. אָבער איך זאָל נישט פּרוּוון שטערן די עפֿנטלעכע רו אין פּאַרק, וואָס געהערט צום שפּאַצירנדיקן און טרוימענדיקן פּובליקום פֿון דער שטאָט. איך האָב, פֿאַרשטייט זיך, מסכּים געווען.

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך אָנגעשריבן אַ דערציילונג וועגן קיסעלע שופֿר וואָס איך האָב אָנגערופֿן „דאָס לעבן און דער טויט פֿון אַ אידישן בעטלער״. איך האָב די זאַך אָפּגעדרוקט אין דער וואַרשעווער „פֿאָלקס־צייטונג״, וואו איך האָב אַגב דעביוטירט מיט מיינע ערשטע רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען. קיסעלע האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט. זיין עלטערער זון איז געווען אַ יינגער, באַגאַבטער מאַטעמאַטיקער, וואָס איז אין יאָרן אַרום, נאָך מיין פֿאַרלאָזן בעלגיע, געוואָרן אַ פּראָפֿעסאָר אין גענטער אוניווערסיטעט. ער איז באַלד געוואויר געוואָרן פֿון מיין אָפּנהאַרציקער דערציילונג וועגן זיין פֿאָטער. דאָס האָט אים ביטער געקרייינקט. פֿאַר אים, דעם זון, אויסגעהאָדעוועט אין בלוטיקער אָרעמקייט, אין אַ ווילגאַטנער קעלער־שטוב, אין שטענדיקע נויט און הונגער, איז קיסעלע שופֿר נישט געווען קיין ליטעראַרישע טעמע פֿאַר עפּעס אַ דערציילונג, נייערט אַ לייבלעכער טאַטע. איינמאָל האָט ער מיך באַגעגנט אויף דער גאַס און ער האָט מיך געדראָט צו פּאַטשן פֿאַרן באַליידיקן דעם אָנדענק פֿון זיין אויסגעלאַכטן טאַטן. עס איז געווען אַ סך טרויער און אמת אין זיין אויפֿגערעגטן קול. זיין קריינקונג האָט מיר ווייי געטאָן. אַ טיפֿע חרטה איז מיך באַפֿאַלן. פֿאַרוואָס טאַקע צווינגט די פֿאַרשאָלטענע ליטעראַרישע פּעדער צו באַליידיקן אַן אומשולדיקע מענטשלעכע נשמה? פֿאַרוואָס נוצט דער שרייבער אויס אויף אַ נעגאַטיוון שטייגער די מיאוסקייטן און קרומקייטן

פון לעבן? פאַרוואָס האָט דער פּראָפעסיאָנעלער ליטעראַט וואָס באַדאַרפט דאָך זיין אַ נביא, אָפּטמאָל ווייניקער טאַקט און מאָראַל ווי דער געוויינלעכער סאָרט מענטש? וועלכער שעדלעכער כוח טרייבט עס דעם שעפער פון וואָרט איבערצוטרייבן ביז גראָטעסקער קאַריקאַטור די לעכערלעכע אייגנשאַפטן פון זיין נאַקעטאויסגעטונענעם, עקספּלואַטירטן העלד? פאַרוואָס באַציט ער זיך אַזוי אומבאַרחמנותדיק צו די מומים און ווייטיקן פון זיין כאַראַקטער? באַזיצט נישט דער שריפטשטעלער קיין שום מאָראַל, רחמנות און באַציאונג צום לעבן? מעג ער צוליב זיין באַגער און באַדערפעניש צום תמיד ברוטאַלן דיאַגנאָז דערוויל אויסטאָן זיין העלד פון וואַרעמען מלבוש און אייגענעם העמד און אַפילו בלוטיק אָפּשינדן די הויט פון זיין געשלאָגענעם פלייש כדי זיינע לייענערס זאָלן לאַכן און הנאה האָבן פון יענעמ׳ס ווייטיקן און וואונדן? פאַרוואָס איז דער מחבר אַזאַ העלד אויף יענעמס יסורים? פאַרוואָס פאַראַדירט זיין פאַרשאָלטענע פעדער מיט אַזאַ לוסט אויף די נעגאַטיווע שטריכן פון מענטשלעכן כאַראַקטער? אויב ער באַשאַפט שלעכטס און מיאוסקייט און האָט ליב צו שילדערן די פאַרשימלטע און פאַרפוילטע בלומען פון שלעכטס — פאַרוואָס באַמיט ער זיך נישט צו שילדערן מיט פונקט אַזאַ שעפערישן כוח די פּאָזיטיווע כאַראַקטערן, די מאַרטירער און הייליקע, די קינדער און אַלטע לייט, די העלדן פון לייטישע מעשים און איבערמענטשלעכע טאַטן? פאַרוואָס איז דער קינסטלער אַזאַ מייסטער אויף פינצטערע מעשים און אויף גהינומדיקע סצענעס?

נישט דער גרעסטער מאַטעמאַטיקער וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון אַ חושכדיקן קעלער און פון אַ זומפּ פון שרעקלעכער אָרעמקייט, האָט מיך געוואַגט צו פּאַטשן פאַר מיינע סאַטירישע זינד, בייערט זיינע פּשוטע ווערטער האָבן מיך געבראַכט זיך דווקא ערנסט צו פאַרטראַכטן און צו מאַכן חשבון פון מיין אייגענעם געוויסן. גיכער ווי זיין פיזישע האַנט, האָט זיין באַרעכטיקטע דראָאונג געפּאַטשט מיין גייסט מיט פייערדיקע הענט אָדער בייטשן. נאָך איצט, אַזויפיל יאָרן שפּעטער זינט דער פּאַסירונג, טראַכט איך און קוק זיך צו ווי אַזוי אַפילו באַרימטע שריפטשטעלערס טוען אויס אַכזריותדיק־נאַקעט זייערע אָרעמע טאַטע־מאַמע; זייערע אייגענע ברידער און שוועסטערן; זייערע נאָענטע פריינט און קרובים; זייערע טייערסטע יוגענט־חברים; דינענדיק צום גאָלדענעם קאַלב פון מכלומרשטער קונסט און ליטעראַטור. מען נוצט פּאַקטיש אויס דאָס פּאָלק אויף אַ ציניש, קאַריקאַטוריסטישן אופן פאַרן צווייפלהאַפטן נוצן פון וואָרט־שאַפונג, דערביי מוראדיק איבערטרייבנדיק, ווי שוין געזאָגט, זייערע פעלערן און כאַראַקטער־אייגנשאַפטן. ערגעץ־וואו איז די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור, סיידן אין די הענט און הערצער פון גרויסע, ערלעכע פערזענלעכקייטן, מיט הויכע, עטישע כוונות — אַ נידעריקע זאַך, וואָס באַליידיקט די מאָראַל און דאָס לעבן פון די מענטשן, אָנשטאָט צו דינען געטריי צו די אינטערעסן

פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. יענע דערמאָנטע דערציילונג וועגן קיסעלע שופר האָב איך מער קיינמאָל אין מיין לעבן נישט איבערגעשריבן און נישט אויפסנייַ באַאַרבעט. איך האָב זי באַטראַכט ווי מיינס אַ יוגנט־לעכע, ליטעראַרישע זינד, אַ פלעק אויף מיין גייסטיקער הויט.

---

די דרוקערייַ האָט געהערט צו ר' נתן פירשט, אַ איד אַ מלמד פון שטעטל פּאַלעניץ, ביי וואַרשע. זיין ווייב, פערל, איז געווען אַן אשת חיל, אַן איידל מענטש. הער פראַנסואַ פירשט, אָדער אַפרים, ווי די מאַמע האָט אים היימיש גערופן, איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם וואָכנבלאַט. ער איז דערצויגן געוואָרן אויף דער פלעמישער און פראַנצויזישער קולטור. בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די פאַמיליע זיך אויפגעהאַלטן אין לאָנדאָן, ווי אַ צאָל אַנדערע אידישע משפחות אין אַנטווערפן. פראַנסואַ פלעגט שלאָפן ביז אין שפעטן טאָג אַריין אין אַ מאַנסאַרדע פון דערזעלבער וואוינונג וואו עס האָבן געוואוינט זיינע עלטערן און וואו עס האָט זיך אויך געפונען די דרוקערייַ. ער איז פאַקטיש געשלאָפן אין אַ ים פון אידישע צייטונגען פון אַמעריקע. אַזוי ווי ער האָט נישט גערן געהאַט אַוועקצושענקען די פרעסע צו יענע וואָס האָבן געחלשט פאַר אַ אידיש וואָרט, איבערהויפט פון אויסלאַנד, האָבן די אַרבעטער אָפט געגנבעט די פעקלעך מיטן ניו־יאָרקער „פאָרווערטס", „טאָג" און „מאָרגן־זשורנאַל", ווי נאָר דער פּאָסט־טרעגער האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין פּאָסט־קעסטל. איך פלעג אַמאָל בלויז צונעמען די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער". איך האָב נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון פון לייענען דעם אינטערעסאַנטן זשורנאַל, וועמענס ערשטע נומערן איך פלעג נאָך זען אין פולאַווי. ליטע־ראַטור איז שוין דעמאָלט געווען מיין ליידנשאַפט. אין די „ליטעראַרישע בלעטער" האָט מען געקענט געפינען אַ צאָל אַרטיקלען וועגן דער וועלט־ליטעראַטור. פּרץ מאַרקיש האָט אין אַ פרישן, ווינטישן און סימפּאָנישן לשון באַשריבן די רוסישע פּאָעזיע. אַ צאָל פון די מיטאַרבעטערס זיינען אַריין דורך פּאַראַדנע טירן אין דער יידישער ליטעראַטור. אַ סך פון די דאָזיקע פּרעכטיקע טאַלאַנטן זיינען אומגעקומען בשעת די היטלעריסטישע שחיטות. דאָס לייענען די „ליטעראַרישע בלעטער" איז געווען אַ באַלזאַם צו מיין נשמה. עס איז געווען די צייט ווען יעדנס ליד וואָס איך האָב געלייענט, האָט געמאַכט אַ וואונד אין מיין האַרץ...

פראַנסואַ פירשט, אַ נידעריקער און אַטלעטיש־געבויטער מאַנסביל, מיט אַ קאָפּ פעך־שוואַרצע האָר, איז געווען אַ איד אַ בעל־כעסן. ער איז אויך געווען אַ פאַרערער פונם שיינעם מין און אַ פאַרקאָכטער אין דער פלע־מישע אָפּעראַ. אַהין פלעגט ער כמעט צו יעדער פאָרשטעלונג איינלאַדן איינע פון זיינע פריינדינס. אין דער אָפּערע פלעגט ער איבערלעבן זיינע שענערע מאָמענטן. ער איז געווען אַ מעלאָמאַן פון הויכער קוואַליטעט.

אין זיין שרייבן וועגן מוזיק איז ער געווען גענייגט צו מליצה. ער האָט אין זיינע אָפּעראַ־רעצענזיעס אַריינגעפּירט מוזיקאַלישע טערמינען וואָס זיינען געווען פּרעמד דעם פּשוטן לייענער. מען האָט אים געגעבן אַ צונאָמען „קרעשטשענדאָ", ווייל ער האָט צו אָפּט דערמאָנט דעם אויסדריק.

זונטיק נאָכמיטאָג פּלעג איך קויפן אַ בילעט און גיין זען מערסטנס וואַגנערס אָן אָפּעראַ. איך בין געזעסן אַ פאַרכישופטער אויף דער גאַלעריע. איך האָב זיך גאַרנישט זאַט געקענט אָנקוקן מיט דיפּאָעטישע דעקאָראַציעס פון „לאָהענגרין", „פּאַרציפאַל" אָדער „טאַנהויזער". איך האָב באַוואונדערט די ראָמאַנטישע דאַמעס אין קעניגלעכע גאַלאַ־קאָסטיומען. אַזוי מוזן אַוודאי אויסזען די כאַראַקטערן, דעקאָראַציעס און סצענעס אין גן־עדן. בשעת אין דרויסן פלעגט רעגענען, שנייען צי האָגלען, האָט דאָ, אין דעם אָפּעראַ־פּאַלאַץ, געלויכטן מיט פלוש און זיידנס. סיי די אַקטיאָרן און אַקטריסעס און סיי די רייכע פּרויען אין די לאָזשעס האָבן געפינקלט מיט פּערל און בריליאַנטן. מיטאָלאָגיע, געשיכטע און טעאַטער האָבן צוזאַמען דעמאָנ־סטרירט און אויפגעשפּילט זייערע אידעאַלע קלימאַטן, וועטערן, לאַנדשאַפטן און געשטאַלטן פון פייער, גאָלד און בלוט.

די קינסטלעכע, קינסטלערישע און העראָאישע אַטמאָספערע האָט מיך באַרוישט. יענע געהיימנישפולע לאַנדשאַפטן וואָס גליען געדעמפּטע אין דער האַלב־טונקלקייט און זיי קלאָרן זיך פּאַוואָליע אויף אין דעם אַלץ מער אויפלויכטנדיקן ליכט פון די זייטיקע פּראָזשעקטאָרן, זיינען מיר אַריין אין האַרצן. איך האָב נישט קיין סך פאַרשטאַנען פון דער האַנדלונג. קיין באַזונדערער אָפּעראַ־פאַנאַטיקער בין איך נישט געווען. איך בין אויך נישט געווען פאַרקאָכט אין מוזיק. אָבער עס האָט מיך געצויגן צום יום־טוב פון לעבן. די העלדישע פּאָזע, די בלענדנדיק־פילפאַרביקע קאָסטיומען, די מאָלערישע דעקאָראַציעס, די לײדנשאַפט פון די כאַראַקטערן, דער היסטאָרישער פּאַטאָס, די בונטע דראַמע פון פּאַסיעס און שטאַרקע געפילן — אַלץ האָט מיך, דעם זיבעצן־יאָריקן אינגל פון אידילישן פּוילישן שטעטל, אַנטציקט און פאַרכישופט. ווי שטאַרק איז דאָס געווען אין קאָנטראַסט צום געוויינטלעכן פּראָזאַאישן לעבן!

דאָנערשטיק שפּעט ביינאַכט, ווען אין די קאַסטנס איז שוין געווען גאָר ווייניק שריפט צום זעצן, און אונדזערע פינגער האָבן ממש געבלוטיקט פון רייסן די לעצטע בלייערנע אותיות פון די קעסטלעך, פלעגט פּראַנסואַ אַהיימברייגגען אַ רעצענזיע וועגן דער סאַמע לעצטער אָפּעראַ־פאָרשטעל־לונג, געשריבן מיט אַ נערוועזער האַנטשריפט אויף קליינע שטיקלעך פּאַפּיר. מיר זיינען געווען געצוואונגען אַרויסצונעמען דעם מיט בלוט ערשט־אויסגעזעצטן מאַטעריאַל פון די שוין פאַרטיקע צייטונגס־שפּאַלטן און אַריינ־שטעלן פּראַנסואַס נייע רעצענזיע. די זעצערס זיינען געווען אין כעס. האָט אים אַזוי שטאַרק באַגייסטערט די אָפּעראַ אָדער גאָר די דאַמע וואָס איז

געזעסן ביי זיין זייט אַנגעטאָן אין זיידנס און אין גאָלד? פראַנסואַ איז געווען אַ נאַציאָנאַל־געשטימטער איד, אַ הייסער ציוניסט. ער האָט גענומען אינטערוויוס ביי ד״ר חיים ווייצמאַן, אוסישקין און אַנדערע ציוניסטישע מנהיגים.

די שענסטע פאַרשטעלונג פלעגט זיין ווען פראַנסואַ פלעגט זיך צע־קריגן מיט זיין עלטערן ברודער. זיי האָבן זיך געווייינטלעך געקריגט אויף פראַנצויזיש, כדי מיר, די פוילישע אידן, זאָלן נישט פאַרשטיין וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. זיי פלעגן זיך קעגנזייטיק שליידערן באַליידיקונגען און עפּיטעטן מיט גרויס רציחה, אָבער אויף אַ לשון וואָס האָט אין מיינע אויערן געקלונגען גרויסאַרטיק. עס איז געווען אַ דינאַמישער דיאַלאָג צווישן אויפגעצאָרנטע ברידער. קיינמאָל פריער האָב איך נישט באַגומען אַזאַ פירכטערלעכע פראַכט פון פרעמד־לשון. אַזאַ דונערנדיקן אויסבראָך פון באַליידיקונגען און קללות. אומהיימלעך־שיין האָט פראַנצויזיש געקלונגען דורך זייער אידישן כעס. איך שטעל זיך פאָר אַז דער אינהאַלט אָדער די סיבה פון די אַלע קריגערייען איז געווען אַ טריוויאַלע. —

יצחק פירשט איז געווען דער שעף־רעדאַקטאָר און פּובליסיטי־אַגענט פון דער צייטונג. ער האָט געזאַמלט די אַנאָנסן אין די אידישע געשעפטן. ער האָט זיך באַמיט אויפצומאַנען דאָס געלט ביי די סוחרים, אין די רעסטאָ־ראַציעס, און די אַלערליי געוועלבער. ער האָט „געצאָלט״ די אַרבעטערס אין דרוקעריי. אָבער עס פלעגט זיין טרויעריק און ביטער אַרויסצוקריגן פון אים די פּאָר אָרעמע פראַנק. נישט חלילה ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין חשק צו באַצאָלן שכירות, נייערט ווייל ער האָט נישט באַזעסן דאָס געלט. ער אַליין האָט געהאַט היפּשע באַדערפעניש. ער האָט צו יעדער צייט פון זיין לעבן געהאַט אַ פריינדין, אָדער עטלעכע פריינדינס מיטאַמאָל, וועלכע ער האָט געמוזט אויסהאַלטן מיט וואוינונגען, טעאַטערן, רעסטאָראַציעס, קאַבאַרעטן און שיינע קליידער. יצחק האָט רייך און בגלופינדיק געגאָסן זיין בחוריש לעבן. ער איז געווען גרויסמוטיק און תמיד פיין געשטימט. ער איז געווען אין כאַראַקטער אַן אמתער דזשענטלמאַן. ער איז געווען ווייניקער באַהאַוונט אין אידישע ענינים ווי זיין שוועדער, אָנגעכמורעטער און שטימונגספּולער ברודער פראַנסואַ, וואָס איז אָבער געווען פּעאיקער פון אים. ער איז אַדורכגעגאַנגען אַ קנאַפּע אידישע דערציאונג. אויסער די אַלערליי לוסטיקע מעטרעסעס, אויפן פראַנצויזישן שטייגער, האָט ער אין ביורא פון דער דרוקעריי אויפגעהאַלטן אַ יינגע רייצנדיקע סעק־רעטאַרשע, וועלכע אַלע אין דרוקעריי האָבן גערן געהאַט צו פאַרטשעפּען, מחמת זי איז געווען אַ פריינטלעכע פרוי. עס האָט פון איר געווייעט מיט פלעמישער פאַלקסטימלעכקייט.

ווי געזאָגט, עס איז געווען שווער ביי יצחקן אויפצומאַנען פאַר דער וואָך שווערער אַרבעט. איך בין אָפטמאָל געווען געצוואונגען זיך צו

באַרגן ביי חברים אויף מיטאָג, אויפן אָרעמען שטיקל ברויט און פלעשל מילך, וואָס איך פלעג מיטנעמען פון דער קראָם, אין מיין מאַנסאַרדע, כדי עס צו קייען שפּעט ביינאַכט אין מיין אײנזאַמקייט, פאַרן לייגן זיך איינם איינצערנעם בעטל. איך האָב פּאַקטיש צוגעהונגערט. די זעכציק פראַנק וואָס איך האָב פאַרדינט דורך דער וואָך, זיינען ווייט נישט געווען גענוג פאַר מיינע הצטרכותן. מערסטנס האָט מיך יצחק אַליין געשיקט כדי אויפצומאָנען מיינע שכירות ביי פאַרשידענע געשעפטסלייט. זעלטן ווען האָבן זיי באַוויזן פריינטלעך צו סילוקן. זיי האָבן געהאַט געניאַלע תירוצים אויף נישט צו באַצאָלן די חובות. די „אידישע פּרעסע" איז נישט געווען קיין לעבנס־בויטיקע וואָכנבלאַט פאַר דער אידישער באַפעלקערונג. די צירקולאַציע פון דער צייטונג איז געווען אַ באַגרענעצטע. די דיאַמאַנטערן זיינען געווען אַסימי־לאַטאָרישע אידן פון גאַליציע, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיי און רומעניע. די וואָס האָבן געלייענט אידיש, האָבן געקויפט דעם „היינט", „מאָמענט" און „פאָלקס־צייטונג" פון וואַרשע. די „פּרעסע" איז געווען קינסטלעך צוזאַמענגעשטעלט, אָן אַ חוש פאַרן אידישן לעבן אין בעלגיע.ביידע, סיי פראַנסואַ און סיי יצחק, האָבן פּאַקטיש נישט געהאַט קיין באַזונדערן חוש פאַרן געזעלשאַפטלעכן אידישן לעבן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין באַגריף וואָס אַזוינס אַ אידישע צייטונג באַדאַרף זיין פאַרן אַנטוועראָפענער ישוב. זיי האָבן געטאָן אַן אַרבעט צו וועלכער זיי זיינען נישט געווען באַרופן און נישט צוגעגרייט. עס האָט זיי געפעלט סיי ריין־זשורנאַליסטישע, סיי גע־זעלשאַפטלעכע אויסגעבונדנקייט מיטן ישוב. עס האָט זיי אויך געפעלט פאָלקסטימלעכע באַציאונג צום פאָלק. ביי פראַנסואַ זיינען אָפּעראַ־רעצענ־זיעס געווען דער עיקר. יצחק און פראַנסואַ זיינען פּאַקטיש געווען אַסי־מילירטע אידן, טראָץ דעם יינגערן ברודער, פראַנסואַס, אויסדריקלעכע סימפּאַטיעס צום ציוניזם. אָבער דאָס איז געווען ווייניק פאַרן וויכטיקן באַרוף פון אַרויסגעבן אַ נאַציאָנאַלע וואָכנבלאַט פאַר די אידן אין בעל־גיע. דער ציוניזם אַליין איז אויך געווען אַן אַריסטאָקראַטישע סאַלאָן־באַוועגונג, אָן אַ ווילן אַראָפּצונידערן צו די קולטור־באַדערפענישן פון די ברייטע מאַסן. אויך האָט מען ווייניק געקענט דינען די פאָלקס־אינטערעסן דורך אַ וואָכנבלאַט. דערצו האָט זיך געפאָדערט אַ טאָג־צייטונג.

מען קען זיך וואויל פאָרשטעלן ווי זעלטן מען האָט מיר אויסגעצאָלט די חובות פאַר אַנאָנסן, ווען איך וועל פרוואוון באַשרייבן אַ געוויסן פאַל וואָס איז מיר ביז אויפן היינטיקן טאָג געבליבן שטיין אין זכרון בלויז דערפאַר וואָס דער בעל־דבר איז געווען גענוג „משוגע", לייכטזיניק אָדער עקסטראַוואַגאַנט און ער האָט מיר טאַקע, ביי מיין ערשטן אַריינקום אין זיין ביוראָ, גלייך אויסגעצאָלט דעם חוב. אַזוינס האָב איך נאָך פריער נישט געהאַט איבערגעלעבט...

אין „קאָאָפּעראַטער", די סאָציאַליסטישע קאָפּעטעריע אויף דער קייזער־

ליי, די הויפּט־גאַס פון אַנטווערפּן, וואו איך פלעג אָפט זיצן אין די פרייע אָוונטן, לייענען און שרייבן מיינע ערשטע דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן, פלעגט קומען אַ קליינטשיקער, שטילער מאַן מיט עפּעס אַ דראָבנער, אומע־טיקער געליבטע. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט אויסגעזען צו זיין געניג אָרעם און באַשיידן. אָבער ער האָט, ווייזט אויס, באַזעסן עפּעס ראָמאַנטישס אין כאַראַקטער. ער פלעגט זיצן אין אַ ווינקל פון דער גערוימער קאַ־פע, אונטער אַ גאָלדענער קאַנדעליאַברע, און רעדן אָן אַ סוף, אַריינשעפּטשן עפּעס אײדלס אין די קליינע אויערן פון זיין מאָגערער געליבטע. אַמאָל פלעגט ער פאַר איר עפּעס פאָרלייענען פון אַ דין ביכעלע. ווער ווייסט, אפשר זיינען דאָס געווען זיינע אייגענע לידער, וואָס ער האָט אין די שפּעטע נעכט געשריבן אין דער מאַנסאַרדע, אַזוי ווי איך, ביים קאַרגן ליכט פון אַ חלבדיקן ליכטל. סיי ווי, איך געדענק אים און זיין פריינדין ווי איינע פון יענע שטילע און איינזאַמע פאַרפעלקער וואָס זיינען תמיד געזעסן אין די זייטיקע ווינקלען פון די טיפּישע אייראָפּייאישע קאַפעען, באַזונדערס אין יענע טריבע אָוונטן ווען אין דרויסן איז דאָס וועטער געווען אומפריינט־לעך; ווען שניי און ווינט האָבן געשלאָגן איבער די קעפּ פון די זיך איילנדיקע מענטשן אויף די גאַסן.

אין „קאָאָפּעראַטער" פלעגן אַגב געפייערט ווערן נאַציאָנאַלע פלעמישע יום־טובים, היסטאָרישע געדענק־טעג און אַרבעטער־פעסטלעכקייטן. דער גרויסער זאַל פלעגט זיין איבערגעפּאַקט מיט מאַסן מענטשן, מיטן פאָלק, מיט אַרבעטערס און קליינבירגערס. ביי די זייטיקע טישלעך פלעגן אָבער תמיד זיצן די שטענדיקע שטאַם־געסט, די שאָטנדיקע און באַשיי־דענע מענטשן, די פילאָסאָפן און נישט־דערגאַנגענע דיכטערס, אַקטיאָרן און מאָלערס. אויך אַ צאָל ווייס־גוואַרדייאישע אָפיצירן מיט זייערע פאַמיליעס. נישט איינער פון זיי האָט זיך אָפטמאָל גערופן מיטן שטאָלצן נאָמען „ראַ־מאַנאָוו". דאָס איז געווען די צייט ווען די ווייס־גוואַרדייאישע פּרינצן, פירשטן און אָפיצירן האָבן געהאַט פאַרפלייצט די אייראָפּייאישע הויפּטשטעט און זיי האָבן נישט תמיד געלעבט פונם ערלעך־פאַרדינטן גראָשן. מערסטנס זיינען זיי געווען געמבלערס און שיכּורים. אַ טייל פון די אַריסטאָקראַטישע פרויען האָבן זיך פאַרנומען מיט פּראָסטיטוציע. אין אַ ווינקעל פונם יום־טובדיק דעקאָרירטן זאַל פלעגט אויך זיצן דאָס שוין דערמאָנטע פאַרפאָלק און עפּעס שטילערהייט לייענען צוזאַמען פונם ביכעלע מיט פּאָעזיע...

אָבער איך בין געווען באמת איבערראַשט ווען איינמאָל, קומענדיק אין אַן אָרעם געוועלבל, ערגעץ אין די שמאָלע, זייטיקע געסלעך ביים האַפן, אַ געגנט וואָס שווימלט אַגב מיט גראָבער אויסגעלאַסנקייט, כּדי אויפצומאָנען אַ חוב פאַר אַן אַנאָנס, האָב איך דאָרטן געטראָפן דעם דאָזיקן רואיקן און דערשלאָגענעם מענטש. ער האָט מיך געדולדיק אויסגעהערט און, עס איז געשען דאָס אומדערוואַרטעטע נס: דער מאַן האָט מיר באַצאָלט די

דרייסיק פראַנק גלייך אויפן אָרט. איך בין געווען אַזוי שטאַרק איבערראַשט אַז איך האָב דעם מאָדנעם פאַרשוין אָנגעקוקט ווי עפּעס אַ זעלטענעם עקזעמ־פּלאַר. איך האָב אַפילו פאַרדעכטיקט אַז ער דערלאַנגט מיר פאַלש געלט, מחמת די באַנקנאָטן זיינען עפּעס געווען נייע, נאָך נישט גענוצטע און אַזעלכע האַרטע. איך בין געווען כמעט זיכער אַז ער, דער נאַאיווער אָנגע־שטעלטער אינם אָרעמען קרעמל, וועט צוליב זיין נאַרישער „פאַרשווענדע־רישקייט" פאַרלירן זיין פּאָסטן. איך האָב פּשוט אויף אים רחמנות געקראָגן. איך האָב חשק געהאַט אויסצושרייען צו אים: „יינגערמאַן, וואָס טוט איר? איך בין געקומען כדי אויף אַמעכאַנישן אופן צו טאָן מיין פליכט און צו מאָנען דעם חוב בלויז דערפאַר ווייל מען האָט מיך אַהער געשיקט. איך בין נישט מער ווי אַ שליח. אָבער איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאָרגע־שטעלט אַז איר זאָלט זיין אַזאַ אידיאָט און מיר טאַקע באַצאָלן. נאַט אייך צוריק דאָס געלט און, מיין געוויסן וועט זיין ריין".

תמיד אַז איך פלעג דערנאָך באַמערקן דעם דאָזיקן ריינעם און פּשוטן מענטש זיצן אין אַ ווינקל פון „קאָאָפּעראַטער" מיט זיין צאַרטער פריינדלין, וואָס איז געווען ענלעך צו אַן איינזאַמען, שווייגנדיקן פויגל, אַ פאַרבלאָנדזשעטן פון ערגעץ אַ וויטן לאַנד, מיט מאַגערע פעדערן פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר און מיט איין אויגל וואָס איז געווען אויסגעשטאָכן — אַ שטילן פויגל אַזאַ אין אַן אַלט, סאַמעטן היטעלע אַראָפּגערוקט ביז איבער אירע אויערן — און ביידע פלעגן זיך שטילערהייט סודלען און מורמלען איינער צום אַנדערן, פלעג איך כאַפּן אויף אים, אויף מיין ביזאַרן כאַ־ראַקטער, באַהאַלטענע בליקן מיט גרויס סימפּאַטיע און רחמנות.

יאָ, ער איז אין מיינע אויגן פאַרבליבן שטיין אַלס דער סאַמע נאַאיווסטער מענטש אין דער וועלט. איינער אַזאַ ביזאַרער אָנגע־שטעלטער וואָס טאַקע גלייך ביים ערשטן מאָל מאָנען אַ חוב, האָט ער זיך ווי דערשראָקן און ער האָט מיט אַן אייזערנעם, פאַרזשאַווערטן שליסל געעפנט די קאַסע און מיר באַצאָלט מיט באַרעס געלט, מיט אויסגע־פּרעסטע, נאָרוואָס געדרוקטע באַנקנאָטן פון דער בעלגישער מלוכה־באַנק. וואָס וואָלט געשען, האָב איך געוואָגט צו טראַכטן אַ שרעקלעכן געדאַנק, ווען מיר פאַלט איין אַ משוגעת צו מאַכן אין יענעם מאָמענט אַ „האָלדאָפּ" אויף אים און איך וואָלט צוגענומען דאָס רעשטע געלט פון דער אָפענער קאַסע? אָבער ווי אַזוי האָב איך געקענט אַפילו בלויז טראַכטן צו באַרויבן דעם דאָזיקן מאַן וואָס האָט מיך אַזוי אײדל באַהאַנדלט? ווי געזאָגט, איך האָב גיכער געפילט ווי אים צוריקצוּוואַרפן די באַנקנאָטן אויפן טיש כדי אַזוי אַרום אים צו ראַטעווען פון צו פאַרלירן זיין פּאָסטן, און אַליין צו אַנטלויפן ערגעץ־וואו אין דער גרויסער, אומבאַקאַנטער וועלט...

דער יינגסטער זון האָט געהייסן וואָלף. ער איז געווען בלויז צוויי יאָר יינגער פון מיר. וואָלף איז געווען פאַרקאָכט אין ספּאָרט און אין אָפּערא.

ער אַליין האָט געהאַט אַ לייטישע שטימע, אַ לירישן טענאָר. ערגעץ־וואו אין זיין פאַנטאַזיע האָט ער זיך פאַרגעשטעלט אַ קאַריערע אַלס זינגער. שפּעט ביינאַכט, אין די שוין דערמאָנטע דאַנערשטיקס, ווען מיר פלעגן איבערבלייבן אַליין אין דער דרוקעריי, פלעגט וואָלף זינגען פאַר מיר פּרעכטיקע אָפּעראַ־אַריעס. איך בין געווען דאָס פּובליקום. איך האָב זיך צוגעהערט צו זיין האַרציקן זינגען. איך האָב באַוואונדערט די ראָמאַנטישע אָפּעראַ־סצענעס פון „פּאַיאַטשי"‚„אַאידאַ", „סאַדקאָ", „טאָסקאַ", „פרייִשוץ", „פידעליאָ", „טאַנהויזער" און אַנדערע, וואָס וואָלף פלעגט פאַר מיר פאַר־שטעלן מיט פּאַטאָס.

וואָלף פלעגט אויך פאַר מיר ציטירן פראַגמענטן פון דער גרויסער ענגלישער פּאָעזיע, וואָס ער האָט געלערנט אין שולע, בשעת ער און די עלטערן האָבן פאַרבראַכט אין לאָנדאָן. איך האָב פון זיינע ליפּן געהערט די נעמען פון די באַרימטע דיכטער שעלי, בייראָן, קיטס, וואָרדסוואָרט און קאָלרידזש. אַגב האָב איך שוין די דאָזיקע דיכטער געקענט פון געאָרג בראַנדעס'ס באַרימטן ווערק „די שטרעמונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור פון ניינצעטן יאָרהונדערט". דאָס קאַפּיטל וועגן בייראָן און שעלי האָב איך געקענט פון אויסנווייניק. שעליס ראָמאַנטישער פרייהייטס־גייסט; זיין פּרעכטיקע פּערזענלעכקייט און זיין פאַנטאַסטישע פּאָעזיע האָט מיך ממש אַנגעצונדן.

וואָלף איז געווען יינג און יעדער יוגנטלעכער איז ראָמאַנטיש גע־שטימט. ביזן היינטיקן טאָג בין איך אים דאַנקבאַר פאַר די דערמאָנטע געזאַנגען און רעציטאַציעס. ער האָט אויך געקענט די פלעמישע נאַציאָ־נאַלע ליטעראַטור. ער פלעגט מיט מיר רעדן וועגן דזשאָרזש ראָדענבאַך, דעם עלעגיקער פון ברוגע; וועגן פאַנדל, דעם האָלענדישן שעקספּיר; וועגן דעם פּאָפּולערן היסטאָרישן נאָוועליסט קאָנסיאַנס; וועגן דעם גלח־דיכטער גואידאָ געזעלאָ, וועמענס יובילייִ די פלעמער האָבן צו יענער צייט גראָד געפייערט. ער האָט דערמאָנט די נעמען פון דעלרעוואָ, וואָס איז געווען, ווי מיר דאַכט, אַ פּסעוודאָנים פון דעם שריפטשטעלער לאָדע באַקעלמאַנס. עס איז געווען פּאָפּולער אין בעלגיע זיינס אַ טעאַטער־שטיק וועגן דעם לעבן פון די גאַסנפרויען אויף דער פּאָפּולערער גאַס, די ספּוין־סטראַטע. וואָלף האָט מיר אויך דערציילט וועגן לאָדע זילענס, וועמענס ראָמאַן „שלעכט בלוט" עס איז איבערגעזעצט געוואָרן דורכן יינגן זשורנאַליסט מ. י. נירנבערגער פאַר דער צווייטער אידישער צייטונג אין אַנטווערפּן וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער דרוקער א. לאַוב. לייענענדיק דעם דאָזיקן ראָמאַן האָב איך זיך באַקאַנט מיטן לעבן פון די אָרעמע מענטשן אין די שמאָלע, טונקעלע און זייטיקע געסלעך אַרום דעם האַפן. איך וואָלט איצט דעם דערמאָנטן ראָמאַן נאָכאַמאָל געלייענט מיט חשק. לאָדע זילענס איז אומ־געקומען אויף דער גאַס, בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, דורך אַ

שראַפּנעל פון אַ דייטשן קאַנאָן. נאָך דער מלחמה האָט דאָס פלעמישע פאָלק לכבוד אים געשטעלט אַ דענקמאָל אויפן זעלבן פּלאַץ, ביי פלאַנטענליי, וואו ער האָט פאַרלוירן זיין לעבן. דער דענקמאָל שטעלטפאָר די פיגור פון אַן אַלטע פרוי, אַ מאַמע, וואָס איז געווידמעט דעם אָנדענק פון זיין באַליבטן ראָמאַן „מוטער, פאַרוואָס לעבן מיר?"

וואָלף האָט אויך גערעדט וועגן דעם אידיש־האָלענדישן דראַמאַטורג הערמאַן הייערמאַנס, וועמענס דראַמע "Hope Van Segen" („האָפנונג אויף ברכות"), איז דעמאָלט געשפּילט געוואָרן אין אַנטווערפּן. דאָס ווערק האָט פאַרגעשטעלט די העלדישע פישערס וואָס קעמפן אויף די שטורמדיקע וואַסערן פון דעם נאָרד־זעע. אין די איצטיקע טעג, בשעת איך שרייב די דאָזיקע שורות, ווערט טאַקע געפייערט אין האָלאַנד דער פערציקסטער יאָרצייט פון הערמאַן הייערמאַנס. אַ פאָלק מוז האָבן זיין ליטעראַטור. אָבער ווי צו אַ ליטעראַטור וואָס האָט נישט קיין פאָלק אויף זיין אייגן לאַנד. שרייבער, אַזוי ווי בלומען און בוימער, מוזן וואַקסן אויף זייער אייגענער ערד.

אַ צאָל פון די שעפערס וואָס מיר האָבן דאָ דערמאָנט, זיינען אומבאַקאַנט צום אידישן לייענער. אַפילו פאַר אַזאַ וואָס לייענט אויך וועלט־ליטעראַטור. מיר באַגרייפן זעלטן ווי ווייניק מיר לייענען די שריפט־שטעלערס און דיכטערס פון אַנדערע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן, וועלכע מיר קענען פשוט נישט צוליבן פאַקט וואָס זיי זיינען נישט איבערגעזעצט געוואָרן אין די שפּראַכן אין וועלכע מיר זיינען געוואוינט צו לייענען. מיר זיינען בלויז באַקאַנט מיט עטלעכע מאַזשאָרנע נעמען פון יעדער ליטעראַטור. עס זיינען אַוודאי פאַראַן שרייבערס וואָס זיינען פונקט אַזוי טאַלאַנטפול ווי די סאַמע באַרימסטע שעפערס וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק איבער־געזעצט צו ווערן. דאָס באַווייזט אונדז ווי וויכטיק עס איז די באַמיאונג פון רעגירונגס און אַנדערע אינסטיטוציעס איבערצוזעצן זייערע נאַציאָנאַלע וואָרט־קינסטלער אין וויכטיקע וועלט־שפּראַכן. אַפילו דער אינטעליגענטער לייענער האָט נישט קיין שום באַגריף פון דער טיפקייט און ברייטקייט פון געוויסע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן וואָס קליינע פעלקער באַזיצן אין אַזאַ שפעדיקן פאַרנעם. —

טראָצדעם וואָס עס איז געווען אַ סיבה פאַר קאָנפליקט צווישן מיר און וואָלף — ער איז דאָך געווען דער זון פון אַ „בורזשואַ", דער אייגנ־טימער פון דער דרוקעריי, מיין אייגנטלעכער „עקספּלואַטאַטאָר"; און איך בין געווען אַ פאַנאַטישער קאָמוניסט וואָס האָט געאָטעמט מיטן פייער פון מרידה — איז דאָך געווען צווישן אונדז ביידע אַ געוויסע פאַרבינדונג: אונדזער כמעט גלייכע עלטער; דער ענטוזיאַזם פאַר פּאָעזיע און מוזיק פון יוגנטלעכע מענטשן; די אינסטינקטיווע ליבשאַפט צום לעבן, צום גרויסן דרויסן, צו דער פרייער וועלט.

עס איז מיט אַ האַרציקן סענטימענט צו יענעם יוגענטלעכן וואָלף און צו יענער סביבה און צייט בכלל מיט וועלכער איך שרייב איצט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, דאָס דאָזיקע בוך פון געדענקענישן...

---

עס איז אויך געווען די טאָכטער פון דער פאַמיליע פּירשט. זי האָט געהייסן ליזאַ. זי איז שוין צו יענער צייט, ווען זי האָט געמוזט אַלט זיין אַ יאָר אַכטצן אָדער ניינצן, געווען אַ ראָמאַנטישע דאַמע. זי האָט געאַרבעט אין ביוראָ. זי פלעגט אויפנעמען געסט, באַזונדערס די אַקטיאָרן פון אַמעריקע. זי פלעגט אָפט אַריינפאַלן אין דרוקערײ, צוליב פאַרשידענע ענינים. די טונקעלקייט אין דער אַמאָליקער שול, וועמענס ווענט זיינען שוין נישט געווען געפאַרבט אָדער געקאַלכט זינט צענדליקער יאָרן, האָבן ממש אויפגעשטראַלט מיט ליזאַס שניי־ווייסן לייב, מיט איר פּרעכטיק־געשניצטן פּנים, מיטן ראָמאַנטישן פייער פון אירע גרינע אויגן. דאָס לעבן האָט געלויכטן און געטאַנצט אין איר שלאַנקער און רייצנדיקער פיגור, אין אירע גראַציעזע טריט, אין די נערוועזע און יוגנטלעכע זשעסטיקו־לאַציעס, אין אַפילו אירע געשרייען און אויפרעגונגען. זי האָט באַזעסן דעם הייסן טעמפּעראַמענט, די אומגעצוימטע לײדנשאַפט פון אירע פאַרשידנ־אַרטיקע ברידער. איך בין שטיין געבליבן יעדעס מאָל אין שטוינונג פאַר דער דערשיינונג וואָס הייסט פרוי. פראַנסואַ פּירשט איז געווען איר ער־שטער ענטוזיאַסטישער פאַרערער. ער האָט זי גערופן „די שענסטע פרוי אין דער וועלט", בשעת זי האָט אים, אין איר פאַרשטענדלעכער דאַנקבאַר־קייט, באַטיטלט מיט פאַרשידענע עפּיטעטן מכוח זיין אינטעליגענץ און כאַראַקטער.ביידע האָבן זיך קעגנזייטיק פאַרערט און באַוואונדערט. די פרוי אין ליזאַן האָט נויטיק געהאַט איר באַוואוסטן ברודערס ראָמאַנטישע באַציאונג. פאַרשטייט זיך אַז די סביבה פון פּראָלעטאַריערס האָט וועגן איר גערעדט מיט וויניקער נאָבעלע קולטור־אויסדרוקן... איך האָב געהערט רייד אויף ליזאַס אַדרעס וואָס האָבן געפּאַסט פאַר דער אַטמאָס־פערע פון טרינק־קעלערן און קנייפּעס. די גראָטעסנע פרוי ווייסט וועלכע געפילן, מחשבות און באַגערן זי רופט אַרויס ביים עראָטיש־הונגעריקן מאַנסביל. זי ווייסט און זי האָט הנאה דערפון.

ליזאַ איז ווי געזאָגט, געווען אין אירע סאַמע בליענדיקע און בריענ־דיקע יאָרן. עס פלעגט טרעפן אַז איך פלעג, אין די יאָרן פון מיין אייגענער יוגענט און בענקשאַפט נאָך פרייהייט, זיך צעבונטעווען, אָפּטמאָל סטרייקן און אַפילו אויפהעצן די אַנדערע אַרבעטערס. מיך האָט געצויגן צו וויטע לענדער און שטעט. איך האָב געפּרוּווט רעוואָלטירן קעגן דער מאָנאָטאָניע און ביטערע באַדינגונגען פון אַרבעט אין דרוקערײ. איך האָב מכלומרשט געפאָדערט העכערע שכירות פאַר מיין אַרבעט. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט מיך ליזאַ ביינאַכט אַריינרופן אין ביוראָ. מיר זיינען איצט געווען

אַליין, אויג אויף אויג. זי האָט צו מיר פּלוצלינג אָנגעהויבן צו רעדן צאַרט און אינטים. איר שטימע איז געוואָרן ווייך און איידל ווי דער קלאַנג פון אַ וויאָלאָנטשעל. זי האָט מיר פריינטלעך צוגעזאָגט צו העכערן מיין געהאַלט. עס איז געשען אַז ליזאַ האָט מיך באַרויקט און איינגענומען מיטן כישוף פון איר פערזענלעכקייט. איך בין ווייטער געבליבן אַרבעטן אין דער דרוקעריי. עס איז געווען אומגעגלעך זיך אָנטקעגנצושטעלן דעם ווילן און רייץ פון דער גראַציעזער און פאַרפירערישער פרוי...

עס איז אויך געווען אַן עלטערער ברודער, פּיוול, צו וועמען עס איז צו יענער צייט געקומען זיין כלה פון לאָנדאָן. זי איז געווען אַ פעטיטנע און אַפּעטיטנע, בלייכע פרוי, מיט אַ ווייסער, איידעלער הויט. זי איז געווען מאָדנע ענלעך צו דער שוועדישער פּרינצעסין אַסטריד, וואָס איז אויך אַרום דער זעלבער צייט, אַזאַ שטילע און שטראַלנדיקע, ווי אַ פלעמישע מאַדאָנע אָנגעקומען אין אַנטווערפּענער האַפן, כדי צו ווערן די פרוי פון קרוינפּרינץ לעאָפּאָלד, דעם זון פון קעניג אַלבערט דעם ערשטן. איך געדענק דעם קרוינפּרינץ, אַ פעסטן און ערנסטן יינגערמאַן. אין וויניקע יאָרן אַרום איז אומגעקומען אין די בערג זיין פאָטער, דער באַליבטער קעניג אַלבערט. פּרינצעסין אַסטריד האָט חתונה געהאַט מיטן קרוינפּרינץ, האָט אים געבוירן צוויי קינדער און איז אומגעקומען אינם אויטאָמאָביל וועלכן איר מאַן האָט געטריבן אין דער שווייץ. שפּעטער איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און קעניג לעאָפּאָלד האָט זיך באַצייטנס אונטערגעגעבן צו היטלערן. בשעת איך שרייב די שורות פון מיינע זכרונות, קוק איך אויף אַ בילד ווי קעניג באַדואַן, דער עלטסטער זון פון דער פּרינצעסין אַסטריד, באַגלייט צוזאַמען מיט זיין פאָטער לעאָפּאָלד דעם דריטן, זיין באָבע, קעניגין עליזאַבעטס, לוויה... לעאָפּאָלד קוקט אויס זייער אַלט און מיד. יאָ, אויך קייסאָרים ווערן אַלט. איך שטעל זיך פאָר אַז נישט פון נחת... עפּעס מוז דאָך אים באַנג טאָן און פייניקן דאָס געוויסן. וואָרים אַן אמתער העלד גיט זיך נישט לייכט אונטער, אפילו ווען ער האָט קנאַפּע שאַנסן צו געווינען די שלאַכט... קעניג לעאָפּאָלד האָט נישט געהאַט דעם מוט און כאַראַקטער העלדיש צו קעמפן אַנטקעגן די נאַצישע חיילות. מען וועט נאָך אין דער צוקונפט שרייבן אַ שעקספּירישע טראַגעדיע וועגן דעם איינזאַמען קייסער וואָס האָט רואיק געוואוינט אין אַ דייטשן פּאַלאַץ בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאַקעגן איז דאָס אמתדיקע קעניגרייך פון דער שטאָלצער און ווירדיקער קייסערינע, זיין מוטער, וועמען ער באַגלייט איצט צו איר קבר, געווען אַן אימפּעריע פון קונסט, מוזיק, קולטור און גייסט. אַזעלכע קעניגינס אין קעניגרייכן ווערן קיינמאָל נישט באַזיגט.

צוריק קומענדיק צו אונדזערע אייגענע כאַראַקטערן: ליזאַס עלטסטער ברודער פּיוול האָט חתונה געהאַט מיט דער צאַרטער פרוי פון לאָנדאָן און צוזאַמען זיינען זיי שפּעטער געפאָרן קיין ניו־יאָרק. פּיוולס פרוי איז

יינגערהייט געשטאָרבן. אַזוי ווי די פּרינצעסין אַסטריד... אין אַ צייט אַרום איז ליזאַ געפאָרן קיין אַמעריקע צו איר עלטערן ברודער פּיוול. זי האָט, ווי געזאָגט, געקענט די ניו־יאָרקער אַקטיאָרן נאָך פון דער דרוי־קעריי, וואוהין זיי פלעגן קומען באַשטעלן די טעאַטער־פּלאַקאַטן. זי האָט אויך אין ניו־יאָרק פאַרקערט אין זייער סביבה. זי איז מיט זיי געזעסן אין דער „קאַפע ראָיאַל", וואו אין די שפּעטע נעכט, נאָך די טעאַטער־פאָרשטעלונגען, זיינען די קינסטלער געקומען זיך צו צעשטרייען נאָך די אָנשטרענגונגען פון דער בינע און אויף וועמענס פּנימער עס האָבן נאָך געפלאַמט שטיקער גרים און עס האָבן נאָך געגליט די פאַרשידענע ראָלעס פון טראַגעדיע און קאָמעדיע, וואָס זיי האָבן פאָרגעשטעלט. די מערסטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס וואָס זיינען איצט אַלט און געבויגן, אָדער זיי רוען שוין זינט שיינע יאָרן אין זייערע קברים אין ברוקלין, אונטער דער משא פון גראַניטענע מצבה־שטיינער, זיינען נאָך דעמאָלט געווען יינגע און באַרוישטע פון דעם וויין און לוסט פון לעבן. אידיש טעאַטער האָט געבליט. די צווייטע עוועניו, איצט אַ סלאַווישע געגנט, האָט רייך געטומלט מיט בונט אידיש לעבן.

אין אַ צייט אַרום איז ליזאַ צוריק־געקומען קיין אַנטווערפּן, שוין אַ פאָלנע אַמעריקאַנער דאַמע. זי האָט אויסגעזען נאָך מער פּרווילעד־רייך און רייצנדיק. אָבער עפּעס אַ מרה־שחורה'דיקייט האָט געהאַט באַהערשט איר האַרץ, נשמה און פערזענלעכקייט. ווייזט אויס אַז זי האָט שוין געקראָגן דערפאַרונג אין דער סביבה פון טעאַטער און אַקטיאָרן. אפשר איז זי שוין אויך געהאַט אַדורכגעגאַנגען די ערשטע אַנטוישונגען וואָס יעדער איינציקער מענטש מוז אַדורכגיין, איידער ער באַנעמט די אומפאַר־מיידלעכע טראַגיק פון לעבן. דאָס פריערדיק־לויטערע פּנים פון ליזאַן, געמאָלן מיט די נאָבעלע פאַרבן פון דער נאַטור, איז שוין איצט געווען שטאַרק געשמינקט, קינסטלעך, אויפן שטייגער פון אַ פּרימאַדאָנע. עס איז געווען קענטיק אַז ליזאַ האָט שוין מורא געקראָגן פאַר דער אומבאַשטימטער צוקונפט. מיט קיין חסידישן יינגערמאַן, ווי עס האָט חשק געהאַט איר פרומער פאָטער, וועט זי זיך שוין נישט משדך זיין. איר האָט געצויגן צו דער סביבה פון קינסטלער און באָהעמען. זי האָט דאָך באַזעסן איראָפּיאישע קולטור. זי איז געווען ראַפינירט און האָט געהאַט גוטע מאַניערן. אַ רעזשי־סאָר, אַ מאָלער אָדער אַ שריפטשטעלער האָט אַוודאי אַנטשפּראָכן איר מאָדעל פון אַ מאַן. ווי יעדע יינגע, נאָרמאַלע פרוי, האָט ליזאַ געבענקט נאָך קינדער, נאָך אידיליש גליק. —

ליזאַ האָט איצט מער נישט געקענט אויסהאַלטן די שטילקייט און מאָנאָטאָניע פון אַנטווערפּענער אידישן לעבן. איר האָט שוין געצויגן צו דער אַמעריקאַנער מעטראָפּאָליע; צום מילך־ווייסן וועג פון דער נאַכ־טיקער בראָדוויי; צום טייוולישן טומל און וואָלקנקראַצערישער פאַריסנקייט

פון ניו־יאָרק. האָט ליזאַ געחלומט צו ווערן אַן אַקטריסע? האָט איר אַט־ראַקטירט די בינע פון אידישן טעאַטער?

נאָך אין אַנטווערפּן האָט מיר איינער אַ באַקאַנטער דערציילט אַז ער האָט געוואוינט אין אַ הויז פון וועמענס פענצטער מען האָט געקענט אַריינקוקן אין ליזאַס שלאָפצימער. ער געדענקט ווי בשעת זומערדיקע טעג פלעגט ליזאַ ליב האָבן צו נעמען אַ זונבאָד ביים אָפענעם פענצטער. דאָס איז געווען אַ סצענע, פלעגט ער מיט גליענדיקע אויגן מיך פאַרזיכערן, וואָס איז ווערט געווען צו ווערן אַבסערווירט דורכן אויג פון אַ רובענס אָדער טיציאַן. די שלאַנקע שיינקייט איז געווען אַ לעבעדיקע מאַלעריי וואָס גאָט אַליין האָט אין זיינע באַגייסטערטע שעהן געמאָלן מיט אַלע גאָלדענע קאָלירן פון זיין פּאַלעטע. ליזאַ האָט לויט איר אידעלער נאַקעטקייט געפּאַסט צו זיין דאָס ווייב פון אַ קייסער. וואָלט ושתי באַזעסן אירע האַר־מאָנישע, פיזישע מעלות, וואָלט זי זיך אַוודאי נישט געשעמט צו דערשיינען אַן אויסגעטוענע, אין דעם גלאַנץ פון איר קעניגלעכער צירונג, פאַר די מאַיעסטעטישע געסט פון קעניג אַחשורושס סאַטעליטן און קאָלאָניעס.

אין מיין זכרון איז שטיין געבליבן דאָס געשטאַלט פון ליזאַ אַזוי ווי אַ פּרעכטיקער מאָדעל וואָס דינט דעם מאָלער צו פאַראייביקן אַ געטין. די געטין בלייבט שטיין אויפן קאַנווע אַ באַלויכטענע מיטן ליכט פון אַן אייביקער זון, וואָס פאַרגייט קיינמאָל נישט. אָבער די שטערבלעכע מאָדעל גייט אַריין אין לעבן, באַגעגנט אָפטמאָל גרויקייט, אַכזריות און אומגליק. צייט טוט אָפּ אַ סך שאָדן צו דער גאָלדיקער שיינקייט און פאַרוואַנדלט איר אָפטמאָל אין אַ ביטערער קאַריקאַטור...

מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו ליזאַן ביים סוף פון אונדזער איצטיקער באַשרייבונג. —

---

דערווייל האָב איך, נאָכן אַנזען זיך אין די מוזעאומס און קונסט־אויסשטעלונגען מיט די פיגורן פון די אומשטערבלעכע געציגס, ספּעציעל ביי די אַנגעצונדענע רענעסאַנס־מייסטערס, און נאָכן זיך האָבן אַנגעלייענט אין די גלענצנדיקסטע נאָוועלן פון דער וועלט־ליטעראַטור וועגן דער פרוי, וואָס ווערט מערסטנס פאַרגעשטעלט פאַר אַ מלאך אָדער טיוול, נאָך אַלץ נישט געהאַט אינטים פאַרבראַכט מיט קיין פּשוטער, וואַרעמער פרוי פון בלוט און פליש. ווי אַזוי זעט אויס אַ ווייב אָן די קליידער, העמד און צירונג, ווען זי שטראַלט אין איר אייגענער זוניקער נאַקעטקייט? וואָס איז אַזוינס די מיסטעריע פונם „אַקט”? פאַרוואָס האָט אָדם נישט געקענט לעבן אָן הוה׳ן אין דעם אומגעהויער־שטילן אוניווערס און גאָט האָט געמוזט דורכפירן די בלוטיקע אָפּעראַציע און אַרויסברעכן דאָס ווייב פון זיין ריפּ?

ווי אַזוי זעט אויס די „ליבע” מיט די גאַסנפרויען וואָס שטייען ווי פאַרשאָלטענע מלאכים, שטאַרק געשמינקטע, ביי די אָפענע טירן פון

עסטאַמינעס און ווינקעלערן? וואָס מיינט גאָר די באַוועגונג און דער טומל אין די שטיינערנע, מיטלאַלטערלעכע געסלעך? ווען וועל איך זיך ענדלעך דערוויסן די סודות פון גוף און פון דער נשמה? וואו איז דער מעפיסטאָפל וואָס וועט מיך, ווי דאָקטאָר פאַאוסטן, אַריינפירן אין פּאַלאַץ אָדער אין ווינקעלער פון ליבע? ווען וועט ער מיך פאָרשטעלן מיט סאָפיסטישע רייד פאַר דער ערשטער פרוי וואָס וועט זיך לאָזן געווינען דורך ליבע, גאָלד און ווײַן? ווי וועט זי אויסזען, מיין ערשטע געליבטע, די אויסדערווײלטע כּלה? די דאָזיקע מחשבות האָבן מיך יעדער שלאָפלאָזער נאַכט געררייצט און אינטריגירט.

די פרוי דערשיינט שוין אין פאַרשידענע גאַסן, מאַנסאַרדעס און באַר־דעלן. אינם זעלבן הויז וואו איך וואוין, אויף דער פלאַנטינליי, וואוינט אַ אידישע משפחה מיט צוויי טעכטער און אַן איינציקן זון. די ייִנגערע טאָכטער איז רייצנדיק און עלעגאַנט. ביינאַכט ליג איך וואַך אויף מיין שטיינערדיקן געלעגער און איך הער זיך איין אין אירע טריטלעך אויף די טרעפּ. איך פאָלג נאָך מיט ברענענדיקער בייגיריקייט אירע טעג און נעכט, איר גאַנץ לעבן. איך בין איר פאַרליבטער שפּיאָן. איר עלטערע שוועסטער זיצט אָפט אין מיין מאַנסאַרדע. איך טרינק פלעשער וויין און וויסקי אין איר אָנוועזנקייט. איך שיכּור אויס ליבע צו איר ייִנגערער שוועסטער. אַזוי גייט עס אָן חדשימלאַנג. דאָס נישט־געראָטענע, איבער־געוואַקסענע מיידל, וואָס וויל געווינען מיין פריינטשאַפט, איז גאָרנישט חושד אַז איך בין פאַרליבט אין איר שוועסטער. איך לייען פאַר פאַר איר מיינע פּאָעזיעס, אין וועמענס גליענדיקע פערזן איך באַזינג מיין גע־היימען ראָמאַנס. זי פאַרדעכטיקט נישט אַז די דאָזיקע סאָנעטן זיינען נישט געווידמעט דווקא צו איר. —

איך דערמאָן זיך אין זשוליעטן. זי איז געווען אַ פלעמיש דינסטמיידל. ווי מערקווירדיק ענלעך זי איז געווען צו רובענס׳פ צווייטע ווייב, וועלכע ער האָט פאַראייביקט אַזאַ בלייכע אין אַ סך אומשטערבלעכע פּאָרטרעטן. איינמאָל אין אַ זומערדיקן אָוונט, ווען איך טרעף זי גיין אין גאַס, זאָגט צו מיר זשוליעט אַז זי וויל ביי מיר באָרגן אַן אַנצוג כּדי זיך צו פאַרשטעלן פאַר אַ מאַנסביל אויף אַ מאַסקנבאַל. אַרויספּירנדיק זי אין מיין דאַך־שטיבל אונטערן אויסרייד איר צו באָרגן דאָס וואָס זי פאַרלאַנגט, פאַל איך צו צו איר אַן אויסגעהונגערטער נאָך ליבע...

איך געדענק מיינע שפּאַצירן מיט זשוליעטן שפּעט ביינאַכט, דורך אַנטווערפּענער ווינטערדיקע גאַסן, באַדעקטע מיט אַ מיסטעריעזן, פּערלדיקן שניי. איך וואָלט געגאַנגען מיט זשוליעטן דורך אַלע דזשאָנגלען און וויסטע־נישן, ביז צום סוף פון דער וועלט. יעגע קושן פון ליבשאַפט וואָס איך האָב איר געגעבן, קלינגען מיר נאָך אין די אויערן. פאַר זשוליעטן בין איך אַ נאַאיוו ייִנגעל וואָס רעדט וועגן וועלט־פּאָעזיע, בשעת זי טאַנצט

שוין אין ווייבקעלערן און דאַנסינגס מיט שיכּורע פלעמישע זעלנער און מאַטראָזן. זי אַליין שיכּורט אויך. שוין פונדערווייטנס, ווען איך וואַרט אויף איר אַן אומגעדולדיקער, זע איך ווי זי וואַקלט זיך אַ שיכּורע. זשוליעט דינט אַלס דינסט־מיידל ביי אַ פרומער, אידישער פאַמיליע. זי האָט נאָך נישט געלייענט קיין בוך אין איר לעבן. זי קען קוים חתמענען איר נאָמען. זי איז געבוירן געוואָרן ביי אַ פויערישער פאַמיליע און זי איז קיין איינציקן טאָג פון איר לעבן נישט געגאַנגען אין שולע. מיט בענק־שאַפט און דאַנקבאַרקייט געדענק איך דאָס פשוטע, אומוויסנדיקע, פלעמישע קינד זשוליעטן. —

אינם ציגאַרעטנגעשעפטל אויף פעסטינג סטראַטע בין איך איינמאָל געגאַנגען דינגען אַ צימער, לויט אַ מעלדונג וואָס איז געווען אַרויסגעשטעלט אין פענצטער. עס איז דאָרט געשטאַנען אַ יינגע, שאַרמאַנטע פרוי אין אַ זיידן קלייד. איר פּנים איז געווען אַ אָפּגעפּאַרבטע בלום. זי האָט מיר אָנגעבאָטן ליבע. איך בין געווען איבעראַשט און צעטומלט. איך האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַז אַזאַ גראַציעזע, יינגע דאַמע, וואָס האָט וואויל געקענט אַריינפּאַסן אַלס כאַראַקטער אין באַלזאַקס אַ נאָוועלע, זאָל זיין גרייט זיך צו פאַרקויפן פאַר געלט. איך בין נישט געווען זיכער אַז איך האָב ריכטיק געהערט איר אָנבאָט. האָט יעקב דען נישט געהאָרעוועט שווער גאַנצע זיבן יאָר ביי לבנען פאַר רחלען, צו ווען זי איז אַן צוויפל ענלעך? איך האָב געוואָגט צו פרעגן:

— פריילין, וועל איך טאַקע האָבן דאָס גליק מיט אייך אַליין צו פאַרברענגען?

— מיט וועמען דען? מיט דער באָבען? — האָט זי אויסגעשטעלט אויף מיר אירע פאַרוואונדערטע אויגן וואָס כדי צו שילדערן זייער רייץ און ווירקונג אויף מיר האָב איך נאָך אַפילו איצט נישט קיין פּאַסיקע ווערטער. —

איך דערמאָן זיך: אַן עלטערע, פעטע פרוי פלעגט תּמיד באַגעגענען די געסט אינם ציגאַרעטן־געשעפט. זי האָט געטראָגן אַ פלאַמיק־רויט קלייד. איך ווייס נישט פאַרוואָס עס איז מיר דעמאָלט איינגעפאַלן אַן אַזוי האָט געמוזט אויסזען די עקזאָטיש־פּרעכטיקע מלכּה פון שבא וואָס האָט גע־וואַנדערט דורך מדבריות זוכנדיק פריינטשאַפט ביים אידישן קעניג. דו האָסט געוואוסט אַז ווען דו וועסט אין רעגנדיקן אָדער זוניקן טאָג עפענען די טיר, אַ געטריבענער פון ליידנשאַפט, וועט אַרויסקומען די אומגעוויינ־לעכע פרוי מיט אַ שמייכל אויף איר פעטן, גלאַנציקן פּנים. זי וועט דיך באַלד פאָרשטעלן פאַר אַ יינגע פראַנצויזישע אָדער דייטשע מיידל. אמת, דו ביסט נאָך אַזוי יינג. אָבער שוין אַזוי שטאַרק הונגעריק יעדע וואָך דאָ צו טרעפן אַ נייע, פרעמדע, אומבאַקאַנטע פרוי. וואָס פרעמדער און אומבאַקאַנטער זי איז, אַלץ מער רייצט דיך צו זיין מיט איר אינטים. אָדם איז אויך נישט געווען צו שטאַרק באַפריינדט אָדער צוגעוואוינט צו

חוהן. ער האָט נאָך אַגב נישט געהאַט געלייענט די וועלט־ליטעראַטור, כדי צו וויסן וואָס די נאָוועליסטן און דראַמאַטורגן האָבן געמאַכט פון זיין פרוי חוה. —

נישט ווייט פון דער דרוקעריי, אויף דער קיוויט סטראַטע, איז געווען אַ קליינע רעסטאָראַציע וואו איך פלעג אָפט אַריינקומען און עסן מיינע מאָלצייטן. דער אייגנטימער, הער סאַלפעטער, איז געווען אַן אידעלער, רו־סישער איד וואָס האָט שווער געאַרבעט אין דער רעסטאָראַציע צוזאַמען מיט זיינעביידע טעכטער. זיין פרוי איז געווען אַ פּאַציענטקע ערגעץ־וואו אין אַ הויז פאַר גייסטיק־קראַנקע. עס איז אויך געווען אַ זון, דער עלטסטער פון די קינדער. די צווי מיידלעך זיינען דאָ פאַקטיש אויסגעוואַקסן. זיי האָבן שוויגנדיקע באַדינט די געסט. נאָך די אַרבעטס־שעהן פלעגן זיי ביידע, שטילע און איינזאַמע, גיין שפּאַצירן געאָרעמטע אין שכנותדיקן קיוויט־פּאַרק. זיי פלעגן שווייגנדיקע גיין אין די טונקעלע אַלייען. זעלטן פלעגן מיר מיט זיי אויסטוישן אַ וואָרט ביים טיש. און אויך אין פּאַרק בין איך נישט געווען דרייסטגענוג זיך צו דערנענטערן צו זיי, כאָטש עס האָט זיך דווקא געוואָלט נישט תמיד זיצן אַליין צווישן די בוימער. איך וואָלט געווען אַזוי גליקלעך מיט זיי צו פאַרברענגען. אין יאָרן אַרום האָט די עלטערע, אָלגאַ, די אַביסל נישט געראָטענע וואָס שייך פרווילעכער שיינקייט, חתונה געהאַט. איר מאַן האָט אויך פון איצט אָן געאַרבעט אין דער קיך. ער האָט פּונקט ווי די מיידלעך, באַדינט די געסט ביים טיש. די יינגערע שוועסטער, טאַניאַ, איז איצט עפּעס טרויעריקער געוואָרן. איך האָב מיט בענקשאַפט געקוקט אויף אירע בלייכע הענט וואָס האָבן מיר דערלאַנגט די טעלערס מיט שפּייז. איר פּנימל איז געווען דין און אידל געשניצט. כאָטש איך בין נישט געווען אויסערגעוויינלעך פאַרליבט אין איר, דאָך איז מיר עפּעס איינמאָל אין אַ טאָג פלוצלינג איינגעפאַלן אָנצושרייבן אַ קורצן, פלעמישן בריוו צו טאַניאַן און איר פאָרלעגן חתונה צו האָבן מיט מיר.

מען קען זיך פאָרשטעלן ווי דער דאָזיקער פאָרשלאַג האָט געמוזט שרעקלעך איבעראַשן דעם נאַאיוון מיידל; איר פאָטער, איר שוועסטער און אויך דעם עלטערן ברודער. מיר־נישט דיר־נישט פלוצלינג צו שרייבן אַזאַ מאָדנעם און געוואַגטן בריוו, אַוודאי אין אַ צעהרגעטן פלעמיש און אפשר אויך נישט צוקלייבנדיק די סאַמע פאַסיקסטע אויסדרוקן. דערצו נאָך פאָרצושלאָגן „הייראַט" צו אַ מיידל וואָס איך האָב רעכט נישט גע־קענט. מיט וועמען איך פלעג אַמאָל אין אַ יובל קוים אויסרעדן אַ וואָרט. דער כאַראַקטער פון אַ ליאַלקע איז מער באַקאַנט צו אַ קינד ווי טאַניאַס כאַראַקטער איז געווען באַקאַנט צו מיר. זי האָט וואַרשיינלעך אויך באַזעסן אַ גאַנץ אַנדערע מענטאַליטעט ווי מיינע. זי איז דאָך געווען אַן אַסימילירט קינד, דערצויגן אויף דער פלעמישער און פראַנצויזישער קולטור. איך

צווייפל צי זי האָט אַפילו געקענט רעדן אָדער לייענען אידיש. באַלד נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט אָנגעקוקט דעם בריוו, האָט מיר שרעקלעך באַנג געטאָן מיין נאַרישע האַנדלונג. איך האָב וואויל איינגעזען ווי אומגעלומפּערט איך האָב עס געמאַכט. אָבער ווען מיר זיינען אַלט קוים אַכטצן יאָר, טוען מיר אָפּ אַ סך ענלעכע נאַרישקייטן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו. טאַניאַ האָט מיר געענטפערט מיט אַ דינעם בריוו, געשריבן מיט אַ דראָבנעם, קליינטשיקן כתב, אין אַ פּרעציזן פראַנצויזיש, אַז זי איז „שטאַרק איבערראַשט געווען". אַז זי דאַנקט מיר פאַר מיין אָפנהאַרציקייט. אַז זי וועט פאַרבלייבן מיין „פריינט". פאַרשטייט זיך אַז איך האָב זיך שוין איצט געשעמט אַריינצוקומען אין דער רעסטאָראַציע.

דאָס איז געווען אפשר מיין ערשטער דורכפאַל מיט פרויען. צי האָב איך עפּעס געלערנט פון דער אומשולדיקער פּאַסירונג? איך צווייפל שטאַרק.

אין מיין זכרון וועלן שוין דיביידע פרויען אַזוי אייביק גיין שפּאַצירן אין שטילן און פּרעכטיקן קיוויט־פּאַרק, ביים גרינעם וואַסערל, וואו עס שווימען אַרום זינט די לעצטע הונדערט יאָר די מרה־שחורהדיקע שוואַנען, ווי פאַרכישופטע קעניגינס. די צוויי מיידלעך האַלטן זיך ביידע ביי די בלאַסע הענט. זיי וויסן נישט אַז זייער רעסטאָראַציע עקזיסטירט נישט מער; אַז די מוטער איז פאַרגיפטעט געוואָרן דורך די נאַציס אין משוגעים־הויז; אַז דער פאָטער, ברודער און אַלגאַס מאַן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין אוישוויץ; אַז זייער הויז איז שוין זינט לאַנגע יאָרן חרוב; און אַז זיי אַליין זיינען שוין לאַנג צוריק אומגעקומען אין אַ נאַצישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אויף דער פּוילישער ערד, אונטער גרויע הימלען. שטיל, שטיל שפּאַצירן זיי ביידע ווי צוויי גייסטער פאָזע דעם פאַרשימעלטן וואָסער און זיי ציטערן מיט די בלויע ליפּן, זיי שעפּטשן עפּעס אַזעלכע שטילינקע רייד, וואָס פאַלן אַראָפּ אויף די געלע, פאַרוויאַנעטע בלעטער און אויף די בלייך־בלויע פליגל פון די ראָמאַנטישע שוואַנען. —

די רעסטאָראַציע האָט געהאַט צוויי צימערן. אין ערשטן חדר האָבן געגעסן ביי אַ ברייטן טיש די אַרבעטער, די מיטגלידער פון קולטור־פאַראיין, די גרופּע לינקע פריינט מיינע, וואָס האָבן זיך פאַרשוואוירן צו מאַכן די וועלט־רעוואָלוציע. אין אַנדערן חדר האָבן פאַרבראַכט די לייט פון די רעכטע קרייזן; די ציוניסטן, רעוויזיאָניסטן, שומרים, פאַרביסענע העברעאיסטן, די פאַנאַטיקער פון אַ אידישער מלוכה אויף ביידע זייטן ירדן. מיר פלעגן זיך געווינלעך באַגעגענען מיט שנאהדיקע בליקן. אַמאָל, אַז עס פלעגט זיין באַזעצט אין ערשטן צימער, האָט עמעץ פון אונדזער גרופּע זיך געפילט געצוואונגען אַוועקצוזעצן אין „פאַשיסטישן צימער", אָדער פאַרקערט. די לופט ביי די „פאַשיסטן" איז געווען שווער צו אָטעמען מיט אונדזערע „לינקע" לונגען. צוגלייך איז אַזאַ איינער, אַ „רעאַקציאָנער", ווען ער פלעגט

זיצן ביי אונדזער טיש, שיעור נישט דערוואָרגן געוואָרן פון אונדזער רע־וואָלוציאָנערער שנאה און צאָרן. מיר זיינען געווען אַבסאָלוט איבערצייגט אַז די גערעכטיקייט איז אויף אונדזער זייט. אויך די צוקונפט געהערט צו אונדז. די רעוואָלוציע וועט פאַרניכטן אַלע יענע לייט, „ווי די חיות און ווערים". מען מוז אָבער צוגעבן אַז צווישן די „פאַשיסטן" האָבן זיך געפונען אמתדיקע אינטעליגענטע אידן, לערערס, סטודענטן און לומדים.

הער סאָלפעטער האָט שוין אייגנטלעך געהאַט אַ טראַדיציע אין אַזוי־גע־רופענע פּאָליטישע רעסטאָראַציעס. נאָך ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַרום דעם יאָר 1910, האָט ער געהאַט אַן ענלעכע רעסטאָראַציע אין ליעזש, וואו עס פלעגן מערסטנס אַריינגעקומען אידישע סטודענטן. עס איז געווען באַלד נאָך זייער חתונה. די פרוי זיינע איז נאָך דעמאָלט געווען אַ אידיש־לעכע קראַסאַוויצע, אַן אָנגעלעזענע אין דער רוסישער ליטעראַטור. זייערע געסט, די סטודענטן וואָס האָבן ערשט געהאַט פאַרלאָזן די פּוילישע און רו־סישע היימען, זייערע מאַמעס און שוועסטערן, אָפּטמאָל אויך זייערע צאַרטע בליענדיקע כּלות, האָבן אין דער פרוי סאָלפעטער געפונען אַ וואַרעמע פריינדין.

הער סאָלפעטער פלעגט מיט שטאָלץ דערציילן אַז צווישן זיינע געסט איז אויך געווען איינער אַ שטילער, צוריקגעצויגענער יינגערמאַן וואָס האָט געטראָגן ברילן און ער האָט שטענדיק שטודירט און געלייענט אין ביכלעך. דער יינגערמאַן האָט געהייסן בער באָראָכאָוו. —

אין „פאַשיסטישן צימער" האָבן פאַרבראַכט עטלעכע מענטשן וועלכע איך האָב אויסגעצייכנט געקענט. צום ביישפּיל: משה שלמה טרעשטשאַנסקי, געבוירן אין גאָניאָנדז, ביאַליסטאָקער געגנט. ער איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער און טונקעלער יינגערמאַן וואָס האָט דאָרט צום ערשטן מאָל אַריינגעפירט זיין כּלה, אַ יינגע, אינטעליגענטע פרוי. ווען איך בין נאָך געווען אין מיין שטעטעלע, אין פּוילן, פלעגט מיין עלטערער ברודער פּנחס־וועלוול, וואָס האָט נאָך דעמאָלט געלייענט אידיש און ער האָט יעדן טאָג געקויפט אין שמולעוויטשעס בוכהאַנדלונג, אויף דער לאַנגער קיוויט סטראַטע, דעם וואַרשעווער „מאָמענט", אַהיימשיקן פון אַנטווערפּן די „אי־דישע פרעסע", אַ וואָכנבלאַט, אין וועמענס דרוקעריי איך האָב איצט געאַרבעט. אין איין נומער איז געווען אַ ליד פון אַדאַם מיצקעוויטש. די איבערזעצונג האָט געמאַכט דער אויבנדערמאָנטער א. טרעשטשאַנסקי. די איבערזעצונג האָט שטיל געציטערט מיט די אידעלע שורות פון אָרי־גינאַל. פון דעם קרעפטיקן קרימער סאָנעט, מיר דאַכט זיך, האָט גע־שמעקט און געווייעט מיטן זוניקן קלימאַט פון דער קרים און מיט דער מרה־שחורה פון אַ פּאַטריאָטיש, פּויליש האַרץ, וואָס האָט טיף אָפּגעבלוטיקט אין וויטן גלות. דאָס דאָזיקע זעלטענע ליד איז מיר אַריין אין האַרצן. איך האָב עס אַ סך מאָל געלייענט. מיצקעוויטש׳ס מעכטיקער זשעניע האָט

געלויכטן ווי גאָלד און פייער דורך די היימלעכע אידישע אותיות. ווען איך האָב זיך איצט באַקאַנט מיטן איבערזעצער שוין אויף בעלגישער ערד, בין איך געווען גליקלעך איבעראַשט. אָבער טרעשטשאַנסקי איז געווען אַ פאַרביסענער העברעאיסט, וואָס דאָס מיינט געוויינטלעך אַ שונא פון אידיש. (עס האָט מיך שטענדיק שאָקירט שנאה צו מאַמע־לשון. עס איז פאַראַן עפּעס נידעריקס און וואולגאַרס פיינט צו האָבן דיין מאַמעס וואַרם וואָרט; דיין טאַטנס פאָלקסטימלעכע קולטור; צו באַליידיקן די היימישע צייטונג פון וואַרשע, דאָס האַרציקע ביכל וואָס דיין שוועסטער האָלט אינמיטן געשמאַקן לייענען). אויסער זיין אומסימפּאַטישע שנאה צו אידיש, איז ט. געווען אַ גאַנץ פריינטלעכער מענטש. איך האָב מיט אים אָפּט פאַרבראַכט אַפילו אין זיין אייגענער היים, אַריינקוקנדיק אין די ביכער פון זיין שפּאַרעוודיקער ביבליאָטעק. ער פלעגט מיר דערציילן עפּיזאָדן פון מיין דעמאָלטיקן און אויך איצטיקן פאַרערטן פּאָעט, לייב ניידוס, וועלכן ער האָט געקענט פערזענלעך. ער האָט מיר אַפילו דערציילט אַז דער גאַלאַנטער, ראָמאַנטי־שער דיכטער האָט ביי אים „אויסגעכאַפּט" אַ יינג חנעוודיק מיידל. איך האָב דורך זיינע רייד און דורך זיינע אויגן געוואָלט אַנרירן און זען אַ לע־בעדיקן דעם צו מיר לעגענדאַרן מחבר וועמענס לידער איך האָב שוין פריער געהאַט געזעצט אין דער זעצעריי אין פּולאַווו, ביי שלמה שיינבערג. זעצנ־דיק ביים אָפּענעם פענצטער די אייגנהענטיק־געשריבענע מאַנוסקריפּטן, בשעת פון פריינטלעכן דרויסן האָבן אַריינגעשמעקט די קרעפּטיקע פּירות־בוימער פון אידישן סאָד, האָב איך די טייערע אותיות געקושט און באַנעצט מיט טרערן, די דאָזיקע אותיות און די פאַרגליווערטע טראָפּנס טינט האָבן געשמעקט מיט ניידוסן, וואָס איז געווען מיין אידעאַל פון אַ דיכטער.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך ווידער באַגעגנט אין ניו־יאָרק טרעש־טשאַנסקין, וואָס האָט זיך שוין איצט גערופן מיט העברעאישן פּסעוודאָנים בן־מאיר. (אַגב קען איך נישט פאַרשטיין ווי אַזוי אידן קענען אַראָפּוואַרפן זייערע היימישע אידישע נעמען, וואָס זיינען זיכער הונדערטער יאָרן איינ־געבאַקן אין זייערע נשמות און וואָס דריקן אויס אַזויפיל אַמאָליקן שטיי־גער־לעבן און כאַראַקטער.) בן־מאיר האָט מיך פריינטלעך איינגעלאַדן אין זיין היגער היים, אין די בראָנקס. זיין פרוי איז שוין געווען פעט, טרויעריק און היפּש אָפּגעבלאַקירט, ווי די מערסטע מענטשן, באַזונדערס פרויען, וואָס די צייט בייסט זי איין מיט אירע אייזערנע ציין. וואו איז אַהינגעקומען יענע שלאַנקע דאַמע וואָס האָט ליבטיק געמאַכט דאָס ענגע חדר אין דער אַנט־ווערפּענער רעסטאָראַציע און וואָס האָט מיט איר כלהדיקער דערשיינונג גע־בראָכן די שטרענגע מאָנאָטאָניע פון פּאָליטישע דיסקוסיעס? בן־מאיר אַליין איז איצט שוין אויך געווען אַ קראַנקער מענטש, מיט אַ הויכן בלוט־דרוק, דיאַביטיס און אַ האַרץ־פעלער. ער האָט שוין געהאַט דערוואַקסענע קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער, וואָס האָבן שטודירט אין אוניווערסיטעטן און

געלערנט אין ישיבות. ער איז געווען אַ גרויסער העברעאיש־קענער, אַ באַגאַבטער דיכטער, אַ לייטישער לערער און באַוואוסט אין די היגע ציוניס־טישע קרייזן. אָבער צייט האָט אים און זיין פרוי אָנגעטאָן שאָדן און פרי אַלט געמאַכט.

איך דערמאָן זיך, בשעת איך שרייב די שורות, וועגן אַ מאָדנעם עפּיזאָד. אין איינעם אַ זומער, מיט אַן ערך צען יאָר צוריק, האָב איך פאַרבראַכט ביים ים אין פאַר ראַקאָוויי. באַקאַנטע האָבן לכבוד מיר איינגעאָרדנט אַ ליטעראַ־רישן אָוונט. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין דרויסן, אויפן הויף פון דער געביידע וואו מיר האָבן געוואוינט. עס איז געווען נאַכט. די לבנה האָט דורכזיכטיק געלויכטן אויפן הימל, באַגיסנדיק מיט איידעלן גאָלד די געגנט. די גרילן האָבן שטיל געזעגט דורך די לאַנגע שעהן וואָס עס איז פאָרגעקומען די פייערונג לכבוד מיין נייעם בוך „גאָלד און זשאַווער”. צו דער דאָזיקער ליטעראַרישער מסיבה זינען אויך געקומען בן־מאיר, זיין פרוי און זייער שטילע, אומעטיקע טאָכטער. בשעת מיר זיינען אַזוי גע־זעסן אויף דער רחבותדיקער וועראַנדע, וואָס האָט דערמאָנט אין פאַר־צייטישע זיידעס און באָבעס וואָס זיינען דאָ געזעסן און זיך דערציילט מעשיות פון פאַרצייטנס — און מען האָט געהאַלטן רעדעס, האָב איך זיך צוגעקוקט צו עפּעס אַ טונקעלע, זיידענע שפּין וואָס האָט געהאַט איר היים ערגעץ אויפן דאַך פון אונדזער הויז. די שפּין האָט זיך כסדר באַוועגט אויף דער דינער נעץ איבער דער וועראַנדע, איבער אונדזערע אַלעמענס קעפּ. דער ליטעראַרישער אָוונט האָט זיך געהאַט פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. צונגען פון רעדנערס האָבן זיך ווי דורך אַ כישוף אויפגעבונדן. די שפּין האָט זיך אַלץ אַזאַ רואיקע און אומהיימלעכע געוויגט איבערן זילבערנעם פאָדים. איר עקזיסטענץ האָט מיך די גאַנצע צייט באַאומרואיקט. ערשט ווען אַלע געסט זיינען זיך שוין געהאַט צעגאַנגען, האָב איך באַגלייט די טרעשטשאַנסקיס אויפן נאַכטיקן וועג אַהיים. מיר האָבן גערעדט, ווי געוויינטלעך, וועגן פאַרשידענע מענטשן און געשעענישן אין דער אַלטער היים. שפּעטער האָב איך זיך מיט זיי וואַרם געזעגנט. אַהיימקומענדיק אַן איינזאַמער האָב איך באַמערקט ווי די שוואַרצע שפּין הויערט שטילערהייט איבער דער וועראַנדע, וועבנדיק, מיר דאַכט, עפּעס אַ געהיימניספולן געוועב פון טויט. עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך געהערט אַז בן־מאירס ווייב איז פּלוצלינג געשטאָרבן. בן־מאיר אַליין האָט נאָך דערנאָך געלעבט אַ קורצע צייט. אָבער ער האָט אויך נאָכגעפאָלגט דעם שאָטן פון זיין פרוי. אין אַ צייט אַרום האָב איך ביי אַ פאַרזאַמלונג געטראָפן זייער חנעוודיקע טאָכטער. זי האָט מיך דערמאָנט אין יענעם מערקווירדיקן אָוונט ביים ים. איך האָב זיך אויך דערמאָנט אין דער מאָדנער שפּין וואָס האָט ווי פאַרוועבט אַלעמענס קעפּ און לעבנס אין אַ גרויען, מעכטיקן געוועב... און צווישן זיי זיינען אויך „פאַרמשפּט” גע־וואָרן דורך דער שפּין אירע עלטערן, ווען איך האָב נאָך וואויל געדענקט

פון די העפטיקע וויכוחים און אַמפּערייען אין דער אַנטוּוערפּענער רעסטאָ־ראַציע. איך האָב איצט אָנגעקוקט דאָס שווייגנדיקע מיידל. איך האָב גע־פּרוּאווט אין איר זוכן און דערקענען די שטריכן פון איר מוטער, ווען זי איז געווען נאָך כמעט אַזאַ יינגע ווי זי. איך האָב געטראַכט וועגן דעם אומפאַרשטענדלעכן סוד און גאַנג פון די מענטשלעכע דורות. פּלוצלונג האָב איך דערזען אויף דעם מיידלס בלייכער, רעכטער האַנט אַ גאָלדן רינגל מיט אַ פינקלענדיקן סאַפּירשטיין, ווי אַ פאַרטרערט אויג פון אַ מלאך. איך האָב עס דערקענט. מיט יאָרן צוריק האָט עס געטראָגן איר מוטער, ווען זי איז געקומען אַלס כלה מיט איר פאָטער, דעם חתן אין דער באַ־שריבענער רעסטאָראַציע. איך האָב אַ ציטער געטאָן, דערקענענדיק דאָס דינע רינגל אויף איר אידעלן פינגער...

טיילמאָל פלעגט אַריינקומען און זיצן צווישן די ציוניסטן דער אידיש־פראַנצויזישער פּאָעט מישעל קאָהען. ער איז געווען פון ספרדישער אָפּשטאַ־מונג. איך האָב געהערט וועגן אים מאָדנע מעשיות. ערשטנס, אַז ער בעטלט אין די הייזער. אַז ער איז אַ פּשוטער בעטלער וואָס שטרעקט אויס די האַנט אויף דער שוועל פון באַקאַנטע אידישע היימען און געשעפטן. צווייטנס, אַז ער האָט אַן אומסימפּאַטישע געוואוינשאַפט: ער לויפט פּלוצלונג צו אויף דער גאַס צו אַ שיינע פרוי און ער טוט איר אַ קניפּ ביי די היפטן. ביידע אייגנ־שאַפטן האָבן דעמאָלט צו מיר אויסגעזען צו זיין אויסטערלישע. ווי אַזוי קען אַ מענטש וואַגן זיך צו דערנידעריקן און צובעטן אָדער צו בעטלען פאַר זיין אַרעמען שטיקל ברויט? בעטלערס האָבן דאָך אין שטעטל געהערט צום סאַמע נידעריקסטן שיכט פון דער באַפעלקערונג. בעטלעריי האָט צו מיר אויסגעזען צו זיין אַ טרויעריקע פּראָפעסיע. און ווי אַזוי קען עס איינער אַ מענטש, נאָך אַ פּאָעט דערצו, זיך דערלויבן צו קנייפּן און באַרירן דאָס לייב פון פרעמדע, אומבאַקאַנטע פרויען אויף טומלדיקע, שטאָטישע גאַסן?

אָבער מיט יאָרן שפּעטער דערזען מיר זאַכן און ענינים אַ סך קלאָרער. מיר אַלע בעטלען דאָך. בעטלעריי איז אָרגאַניזירטע צדקה. ווען היינריך היינע האָט גענומען אַ יערלעכע געלט־שטיצע ביי דער פראַנצויזישער רע־גירונג, איז עס אויך געווען בעטלעריי. אַלע געלעזשאַפטלעכע פרייזן, פונ־דאַציעס און סטיפּענדיעס זיינען דאָך אַ סאָרט צדקה. בלויז איינצלנע אומ־שטערבלעכע פּערזענלעכקייטן גיבן צוריק מער וויפיל זיי קריגן פון גאָט, פון דער נאַטור און פון דער געזעלשאַפט.

דער אמת׳ער פּאָעט בעטלט נישט, נייערט עס קומט אים. מישעל קאָהען איז געווען אַ קינסטלער, אַ באַהעם. מיט זיין ברייטער, טונקעלער באָרד האָט ער אויסגעזען ווי ר׳ יהודה הלוי, אָדער ווי דער פּאָעט ר׳ שלמה בן גבירול, וועלכער האָט אויך אייגנטלעך „געבעטלט”. די הויט פון זיין פּנים איז געווען ווי ווייסערפּאַרמעט. ווי געפאַלן און דערשלאָגן ער איז געווען אין לעבן, האָט ער דאָך אויסגעדריקט עפּעס אַ קעניגלעכן שטאָלץ

פונקט ווי ער וואָלט שטאַמען פון אַ פּאַלאַץ. ער איז געווען דער סאַמע איינ־זאַמסטער מענטש אין דער געזעלשאַפט. דער פּאָעט קען אפשר זיין אומגע־רעכט אין די אויגן פון מענטשן. אָבער ער איז זיכער חשוב און גערעכט ביי גאָט. ער איז גערעכט פאַרן אוניווערס. די אָרעמקייט איז זיין גאָלדענע קרוין. ער איז תּמיד רייכער ווי די מכלומרשטע גבירים און פּרעהס וואָס לאָזן איבער זייערע ערדישע אוצרות און זיי גייען אין דרערד אַריין נאַקעטע און הונגעריקע. דער פּאָעט זעט די זון און דאָס קינד. ער בענטשט דאָס לעבן. עס איז דער דיכטער וואָס שרייבט גליענדיקע סאָנעטן צו דער שיינער פרוי. עס איז ער וואָס זעט די פאַרבייגייענדיקע שוינקייט אויף דער גאַס און ער נעמט זי אַריין אין האַרצן. דער באַהעם מעג אין עקזאַלטאַציע אָנרירן די היפטן פון דער גראַציעזער דאַמע. ער באַזינגט דאָך און ער פאַראייביקט אין ליד אירע רייצנדיקע גלידער.

מישעל קאָהען פלעגט אָפט זיצן אין תּפיסה פאַר זיינע העלדישע באַ־רירונגען פון פרויען אויף די גאַסן פון אַנטווערפּן. איך שטעל זיך וואויל פאָר ווי אַזוי די פאַרברעכערס אין טורמע פלעגן לאַכן ווען זיי פלעגן גע־וואויר ווערן פון זיינע ראָמאַנטישע „פאַרברעכנס".

איך פלעג אים אָפט זען אין היימישן קיוויט־פּאַרק, צווישן די שטילע בוימער, ווּעמענס צווייגן זיינען געווען באַלאָדן מיט לעבעדיקע פייגל ווי מיט צייטיקע באַרנעס. ער האָט געוואָרפן קרישקעס ברויט צו די טויבן. ער האָט פון טיש אויס אין דער רעסטאָראַציע געגנבעט שטיקלעך ברויט און עס ברידערלעך צוגעטיילט צו די פייגל. ער האָט, הייסט עס, זיין באַ־שיידענעם מאָלצייט נישט געגעסן אַליין. נייערט ער האָט עס געטיילט מיט די שוועסטער פייגל, ווי יענער קריסטלעכער הייליקער.

איך האָב וועגן מישעל קאָהען אַמאָל אָנגעשריבן אַ דערציילונג, אין וועלכער איך האָב אים געקרוינט אַלס ראָמאַנטישן באָהעם, איינעם פון די לעצטע מאָהיקאַנער פון ניינצענטן יאָרהונדערט. די דאָזיקע באָהעמען, נישט באַזיצנדיק גאָרנישט, אויסער זייער „האַרץ און העמד", ווי פראַנסואַ ווילאָן האָט געשריבן, צו זיי געהערט פונדעסטוועגן הימל און ערד. צו זיי קניט דער בוים, בויגט זיך איין דער גרויער וואָלקן, בוקט זיך דער בליציקער שטערן אין דער הויך, טוליעט זיך די באַשיידענע טויב מיט איר אַשיק־בלויען פליגל. עס איז סוף כּל־סוף צום ריינעם קינסטלער צו וועמען עס געהערן די אמת'ע אומפאַרגענגלעכע אוצרות פון גאָט'ס וועלט.

מעג דער ברוטאַלער קייסער אָדער פאַרצייטישער צעזאַר פאַרשיקן דעם פּאָעט קיין סיביר אָדער אַריינוואַרפן אים אין קערקער. מעג אים די גע־זעלשאַפט רודפן. מעג די געליבטע אים פאַרלאָזן צוליב אַ רייכן מאַן. אָבער גאָט האָט ליב דעם דיכטער. ווי בלומען בליען פאַר אים די שטערן אין דער טיפער נאַכט אויפן הערלעכן הימל־טעפּיך. און אויך אויף דער ערד טאָן זיך אָן לכבוד אים די קליינע בלומען אין זייערע נאָבלסטע קאָלירן.

איך געדענק פון דער רעסטאָראַציע אַ געוויסן פעליקס שפּינגאַרן. ער איז געווען אַן אָנגענעמער מענטש וואָס האָט געשטאַמט פון אַ רייכער, בכבודי־קער פאַמיליע. זיין פאָטער האָט געהאַט אַ גרויס יוועליר־געשעפט אויף דער הויפּטגאַס פון שטאָט. אָבער דעם זונדלס פוס האָט דווקא געצויגן אויף שלעכטע, אומהיימלעכע וועגן. פעליקס האָט אויסגעצייכנט גערעדט ענגליש, איטאַליעניש און פראַנצויזיש, שוין אָפּגערעדט פון פלעמיש און אונדזער היי־מישן ייִדיש. ער האָט באַזעסן בילדונג, קולטור און ער איז נאָך דערצו געווען אַ גרויסער ערודיט. ער איז געווען באַקאַנט אַלס אַ פעאיקער אַקטיאָר און ער האָט געשפּילט וויכטיקע ראָלעס אין קלאַסישן טעאַטער.

איינמאָל האָט ער געשפּילט די ראָלע פון דעם פאַרפירער אין אַ טריאַנגל־שפּיל פון האָלענדיש־אידישן דראַמאַטורג הערמאַן הייערמאַנס, וואָס האָט גע־הייסן „דריי״. צוזאַמען מיטן רעזשיסאָר גומפּערץ און זיין פרוי טאַמאַראַ האָט זיך פעליקס אויסגעצייכנט אין דער ראָלע. אַלע דריי אַקטיאָרן האָבן געשפּילט רעאַליסטיש־שטאַרק און איבערצייגנדיק. מען האָט שפּעטער גע־שמועסט אַז גומפּערץ׳ס פרוי, וואָס פאַראַט אין דער פּיעסע איר געזעצלעכן מאַן, איז טאַקע געווען פעליקס׳ס .געליבטע אויף אַן אמת. גומפּערץ אַליין איז שפּעטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך הענגען זיך. טאַמאַראַ איז געשטאָרבן יינגערהייט פון אַ ווענערישער קראַנקהייט. זי איז געווען איינע פון די שענסטע פרויען אין אַנטווערפּן.

פעליקס שפּינגאָרן איז געווען אַ שווינדלער, גנב, טשעק־פעלשער און פרויען־מעקלער אויך. אין איין צייט האָט ער באַוויזן צו זיין דירעקטאָר פון דעם ריזיקן טעאַטער „היפּאָדראָם״, וואו מען פלעגט אויפפירן גלענצנדיקע מוזי־קאַלישע קאָמעדיעס. ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון אויסלאַנד אויסגעצייכנטע טרופּעס. שאַליאַפּין איז אויפגעטראָטן אין זיין טעאַטער. (מיטן וועלט־באַרימטן זינגער איז פעליקס געוואָרן אינטים באַפריינדעט. זיי האָבן צו־זאַמען געשיכורט ביים האַפן און געשפּילט אין קאָרטן אין די פאַרדעכטיקטע קנייפּעס). אָבער מען האָט פעליקסן סוף כל סוף אַרעסטירט פאַר באַגנבענען די קאַסע פון „היפּאָדראָם״. ער איז געזעסן אַ יאָר צייט אין קאָזע, אויף דער בעגיינע סטראַטע, פאַנטאַזירנדיק אַז ער וועט נאָך אָנפירן מיט גרויסע טע־אַטערן אין פּאַריז און אין לאָנדאָן.

איינמאָל אין אַ טאָג האָב איך אים געטראָפן גיין אין קיוויט־פּאַרק. ער האָט מיט אַ שמייכל מיר פאַרשלאָגן פאַר אַ נישטיקער סומע געלט די זינלעכע פאַרגעניגנס פון אַ פּרעכטיקער דאַמע . . . די פרוי איז טאַקע געווען ביי זיין זייט: אַ הויכע, שלאַנקע און עקזאָטישע שיינקייט וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון אַ רייזע אין רוים. דאָס דאַזיקע ווייבספאַרשוין, אַ באַהאָנגענע מיט פאַלשער צירונג, ווייל איר אמת׳ע, קאָסטבאַרע ביזשוטעריע האָט שוין איר „געליבטער״ געהאַט פאַרשאַכערט און פאַרזעצט אין די לאָמבאַרדס, האָט זיך צוגעהערט אַ טרויעריקע ווי איר מכלומרשטער פריינט באַט אַן

אויף אַ ציניִשן אופן אירע פיזישע מעלות פּאַר אַ פּרייז אין בעלגישע פראַנקען... זי איז געווען די טאָכטער, ווי עמעץ האָט מיר דערנאָך דערציילט, פון אַ רוימיש־אידישן באַנקיר, וואָס האָט געחלומט צו ווערן אַן אַקטריסע. זי איז שפּעטער פון אים אַוועק און איז געוואָרן די פרוי פון אַן אויסלענדישן דיפּלאָמאַט.

פעליקס שפּינגאַרן איז געווען פעט און פויל ווי דער קייסער פאַרוק. ער האָט ליב געהאַט צו לעבן אַ רייך, לוקסוסדיק און סקאַנדאַליעז לעבן אויף יענעמס חשבון. ער איז געקומען אויף דער וועלט כדי זי צו געניסן, צו גריזשן שטיקער פון אירע פעטע טעפּ מיט פלייש.

די אידעע אָפּצולעבן אַ ריין, אַסקעטיש לעבן פון אַן אָרנטלעכן אָרעמאַן, פונם אידעלן קבצן, האָט נישט שטאַרק אָפּעלירט צום דאָזיקן געבוירענעם ציניקער. דאָס פאַרגענגלעכע גאָלד פון פרעמדע, ראָמאַנטישע פרויען, האָט אים תמיד געלאָקט און גערייצט. זיין אידעאַל איז געווען צו שלאָפן מיט יענעמס ווייב; אַרויסצונעמען די פרוי פון אַ פּאַלאַץ און זי צו פאַרקויפן אַ נאַקעטע צו באָרדעלן און טרינק־הייזער. צו פאַרהאַנדלען די אייגענע געליבטע איז געווען זיין פּראַקטיק. די פּאַלאַצן און ווילאָס פון איינפלוסרייכע פריינט, פון באַנקירן, דיפּלאָמאַטן און גענעראַלן, האָבן געהאַט פּאַר אים, דעם דענדי, עסטעט און הויכשטאַפּלער, אָפענע טירן און טויערן. אָבער ער האָט ליב געהאַט אָנצופילן זיינע קעשענעס מיט די גאָלדענע אוצרות פון די זאַלן. ער האָט געהאַט קלעפּיקע הענט... מען האָט דערציילט אַז ער טראָגט אַרום ביי זיך פאַרשידענע אייזערנע אינסטרומענטן, ווי האַמערס און צוואַנגען, כדי ביי דער נאַכט אָפּצוברעקלען שטיקער פון אַנטיקוואַרע מאָנומענטן און קונסטווערק אין גערטנער און אין שטאָטישע פּאַרקן און אַלץ אַהיימצוטראָגן צו זיין צימער אין ביליקן האָטעל, וואו עס וואַרטן שוין אויף אים געהיימניש־פולע אָפּנעמערס און פּאַסערס. מען פלעגט דערציילן אַז ער וואַנדערט אַרום אין לבנהדיקן ליכט אויף אַלטע בית עולמס וואו עס ליגן באַרימטע נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייטן און ער גנבעט סטאַטועטקעס און טיילן פון קאָסטבאַרע מצבות און סקולפּטורן. ער ברעכט אָפּ פראַגמענטן פון דענקמעלער כדי זיי שפּעטער צו פאַרקויפן קיין אויסלאַנד. פאַרן געלט וואָס ער קריגט לויפט ער אין ווייג־קעלערן און קאַבאַרעטן און שיכורט מיט לומפּן און קאָרטנשפּילערס.

איינמאָל אין אַן אָוונט האָב איך אים געזען שפּילן אין דער געזעלשאַפט פון אַ פאַרדאָרבענער חברה יינגען. איינער צווישן זיי איז געווען אַ יינגער, טונקל־חנעוודיקער חברהמאַן, מיט גלאַנציקע אייגלעך און אַ הייסן טעמפּעראַמענט. ער איז געווען אַ ברודער פון באַרימטן אידיש־רוסישן פּאָעט שמואל מאַרשאַק. פּלוצלינג האָט דער דאָזיקער לאָבוז־יינג גענומען שלאָגן פעליקסן מיט אַזאַ צאָרן, אים באַשולדיקנדיק אַז ער האָט געפעלשט די קאָרטן, אַז איך האָב מורא געקראָגן פאַר זיין לעבן. עס איז געווען אַזאַ העפטיק גע־שלעג, פון וועלכן פעליקס איז אַרויס אַ צעבלוטיקטער. איך האָב אים שפּעט

ביינאַכט אַהיים געפירט צו זיין האָטעל. איך האָב אים אָפּגעוואַשן די וואונדן און באַנדאַזשירט דאָס צעבראָכענע פּנים. אין האָטעל־צימערל איז אין אַ ווינקל געהאָנגען רובענס׳ס אַ מאָלעריי פון אַ ליכטנדיקן קינד־מלאך.

וואָס אַן אמת: איך האָב דווקא ליב געהאַט די ווערמדיקע געזעלשאַפט פון פעליקסן. זיין שטייגער פון ראַפינירטן רעדן; זיין וויץ און גייסטרייכקייט; זיינע אַריסטאָקראַטישע מאַניערן און קלוגער שמייכל; זיין הויכער קולטור־ניוואָ און זיין ליבנסווירדיקייט אין געזעלשאַפט, האָט מיך תמיד אימפּאָנירט. אַפילו זיין חניפה׳דיקער מאַניר האָט צוגעצויגן מענטשן צו זיין דורכגעפוילטער פערזענלעכקייט. דער ווין אין זיין גאָלדענעם כּוס האָט געמעגט זיין ריינער גיפט. אָבער עס האָט פאַרשיכּורט מיין געמיט. זיינע גראָבע אַן מיאוסע פינגער זיינען געווען געצירט אין פאַרפירערישן גלאַנץ פון גאָלד און בריליאַנטן וואָס זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען גערויבטע פון רייכע דאַמעס און געגנבעטע פון יוואועליר־געשעפטן. זשעסטיקולירנדיק מיט זיינע אויס־דריקספולע הענט ביים דעקלאַמירן און פאַרלייענען קלאַסישע פּאָעמעס פון דער ענגלישער ליטעראַטור, פון מילטאָן און שעקספּיר, האָט ער געוואונען די אויפמערקזאַמקייט פון פריינט און פרויען, כאָטש מען האָט וואויל געוואוסט אַז דאָס זיינען די פינגער פון אַ פאַרשוין וואָס ברעכט שפּעט ביינאַכט אייזערנע קאַסעס, פרעגנטן און שלעסער פון פרעמדע הייזער און פּאַלאַצן. זיינע דינע ליפּן האָבן געוויינטלעך געטריפט מיט האָניק פון מעלאָדיעזן וואָרט; מיט געשליפענע אַפּאָריזמען אין פּאַראַדאָקסן אויפן שטייגער פון אָסקאַר ווײַלד. אָבער דאָס איז געווען די עלאָקווענטע צונג פון אַ דורכ־אויספּאַלשן און פאַרדאָרבענעם כאַראַקטער וואָס איז געבוירן געוואָרן כּדי אָפּ־צולעבן די טעג און נעכט פון זיין קרעציקן לעבן אויף אַ מיאוסן און פּאַ־ראַזיטישן אופן. ער האָט דערמאָנט אין דער בריליאַנטענער שלאַנג וואָס האָט גערעדט אַזוי פאַרפירעריש־פאַלש צו חוהן.

פעליקס שפינגאַרן האָט געקענט ווערן אַ באַרימטער שריפטשטעלער, אַ טעאַטער־רעזשיסאָר, אַן אַקטיאָר אָדער אַ גייסטרייכער רעדנער מיט אַ הויכן קולטור־באַגאַזש. ער האָט געהאַט אַ בליציק אויג וואָס האָט געקענט זען און פאַרשטיין די וועלט מיט אירע פערסאָנאַזשן. אָבער ער האָט תמיד, ווי שוין געזאָגט, אויסגעקליבן שווינדל, גנבה און פאַרברעכן. אָט איז איינס פון זיינע מעשהלעך וואָס שילדערט אַ כאַראַקטער וואָס איז געווען ענלעך צו אים אַליין, צו פעליקסן:

דאָס איז פאָרגעקומען אין „סטויפענבערג״־שפּיטאָל אין אַנטווערפּן. זייענדיק דאָרט אַ פּאַציענט, איז ער איינמאָל געזעסן נעבן דעם ווייסן בעטל פון אַ רוסישן גענעראַל וואָס האָט געהאַט אַ פרוי אַ טענצערין, וואָס פלעגט אים פאַראַטן מיט אַן אָפיציר פון דער בעלגישער אַרמיי. דער דאָזיקער רוס איז געווען אַ סאָרט קאַזאַנאָווע־טיפּ. ער האָט ליב געהאַט שעהנלאַנג צו דערציילן וועגן זיינע נצחונות איבער די רייצנדיקסטע ווייבער. בשעת

דער גענעראַל דערציילט זיינע מאָדנע מעשיות, בלוטיקט שוין אויף די שויבן פון די שפּיטאָל־פענצטער דאָס טריפנדיקע ליכט פון דער אונטערגייענדיקער זון. דער רוס איז שטאַרק בגלופין. ער דערציילט עפּעס פון אַ נאַכט־קלוב אין סט. פּעטערסבורג, נאָך אין די צייטן ווען עס האָט געהערשט דער משוגענער צאַר. ער שילדערט די פּרעכטיקע באַרישניעס, די גראַציעזע טענצערינס, די שלאַנקע צירק־מיידלעך און די פרויען פון אַמבאַסאַדאָרן, אַריסטאָקראַטן און קאָרטנשפּילערס. ער אַליין איז דעמאָלט געווען אַ יינגער, קאַזאַקישער אָפיציר אין צאַרס קאַוואַלעריע. באַזונדערס שילדערט ער איינע, אַ קליינע, שאַרמאַנטע פרוי, מיט אַ דינער פיגור, מיט אַ פּנים ווי אַ גרויסע, פּערפעקטע פּערל, וואָס טענצלט צו גראַציעז גלייך צו זיין טיש, און זי דערלאַנגט אים אַ קוש... בשעת דער רוס שילדערט ווי די מיידלעך טאַנצן, האָפּקעט ער אַליין אויך אונטער מיט זיינע היפּטן. ער טופּעט מיט די פיס איבער דער פּאָדלאָגע פון שפּיטאָל־זאַל אויף אַן עכט־קאָזאַקישן שטייגער. די אויגן גליען ביי אים אין דעליריום. אָבער פעליקס ווייסט נישט אַז דער צאַרישער דאָן זשואַן שטאַרבט אין דעם זעלבן מאָמענט. פּלוצלונג פאַרוואַרפט ער דעם קאָפּ אין אַ זייט. די קראַנקנשוועסטער לויפט צו און זי טרייבט אים אַוועק פון יענעמס בעט. זי דעקט איבער דאָס גליווערנדיקע לייב פונם לוסטיקן גענעראַל וואָס האָט מיט אַזאַ אַנטציקונג גערעדט פון ערדישן גן־עדן פאַרן אויסהויכן זיין הימלישע נשמה...

איך האָב זיך צוגעהערט צו פעליקס׳ס מעשה. עס איז געווען אַ מאַן. ער האָט געשילדערט אין אַ בונטער שפּראַך, אויף פּושקינס לשון, די שאַרמאַנטע פרויען אין זיין מולטיפּאַרביקן, אַוואַנטוריסטישן לעבן. ער האָט פאַרענדיקט זיינע פריילעכע טעג און נעכט מיט דער רעאַליסטישער באַשרייבונג, ווי ביי גאָרקי אָדער קופּרין, פון אַ לוסטיקן ווינקעלער אין פאַרמלחמהדיקן סט. פּעטערבורג, בשעת דער הערשאַפט פונם נאַרישן צאַר. און פּלוצלינג איז געוואָרן אויס מיטן דאָזיקן לעב־יינג...

אָט דאָס הייסט שיין געשטאָרבן! — האָב איך געזאָגט אַן אומעטיקער, נאָכן האָבן אויסגעהערט דאָס מעשהלע. —

ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון אַנטווערפּן, איז פעליקס שפּינגאָרן געקומען צו דער שיף כדי זיך מיט מיר צו געזעגענען. ער האָט מיך פּלוצלינג אַרומגענומען און זיך מיט מיר צעקושט, כאָטש איך האָב געפילט אַן עקל צו אים. איך האָב געהאַט אַ פאַרלאַנג תיכף אַריינצושפּרינגען אין די כוואַליעס פון דער גרויער שעלדע און אָפּצוואַשן זיינע מאַפיאַ־קושן פון מיינע באַקן. זיינע ליפּן האָבן מיך געעקלט. ווען די אידן פון בעלגיע זיינען בשעת די מלחמה־יאָרן געשיקט געוואָרן, יעדער איינציקער צו זיין עקזעקוציע, קיין אוישוויץ, האָט פעליקס, ווי איך האָב שפּעטער געהערט, זיי באַהאַנדלט ברוטאַל. ער האָט איצט געשפּילט אַ נייע, שעדלעכע ראָלע: ער איז געוואָרן אַ קאַפּאָ. ער האָט געהאַט

שיינע אידישע פרויען וועלכע ער פלעגט פאַרקויפן צו די דייטשע רוצחים און ער האָט באַזעסן אַ סך אָנגערויבט געלד. ער האָט אויך געוואַגט צו שלאָגן די אומגליקלעכע אידן כדי צו געפעלן די נאַצישע באַנדיטן. פעליקס שפּינ־גאַרנס גורל ביים סוף פון דער מלחמה איז נישט געווען באַקאַנט. מען זאָגט אַז ער האָט זיך געראַטעוועט און ער געפינט זיך ערגעץ אין בראַזיליע אָדער אין אַרגענטינע. אַנדערע זאָגן אַז ער לעבט אין דייטשלאַנד אונטער אַ פאַר־שטעלטן נאָמען און אַז ער האָט אַפילו כירורגיש געענדערט זיין ברוטאַלע מאַסקע. מען שמועסט אָבער אויך אַז ער איז פאַרברענט געוואָרן דורכן פייער פון אוישוויצער קרעמאַטאָריום, וואָס האָט נישט אויסגעמיטן צו צעשמעלצן די נאַקעטע גופים און אויפצולייזן די סקעלעטן פון אַלע פאַר־מוטשעטע און הייליקע לייט, וואָס האָבן געהאַט דאָס אומגליק אַריינצופאַלן אין די נאַצישע לאַפּעס. —

אין דער רעסטאָראַציע האָט אויך גאַסטראָלירט אַ געוויסער מרדכי לינדער, וואָס זאָל האָבן געקומען פון ארץ־ישראל. ער האָט געהאַט אַ קאָפּ מיט גאָלדיק־לויכטנדיקע האָר און אַ מויל פול מיט גלאַנציק־פּלאַטינענע ציין. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס מאָלער. איינמאָל אין אַן אָוונט האָט ער צו מיר געבראַכט אַ קאָלעקציע מיט קליינע מאָלערייען אין וואַסער־קאָלירן. איך בין געווען אַנטציקט פון די פרישע און שמעקעדיקע לאַנדשאַפטן און איך האָב אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן לינדערן אין דער דעמאָלטיקער צווייטער אידישער וואָכנצייטונג אין אַנטווערפּן, „די אידישע צייטונג״. אָבער באַלד דערנאָך האָט מען געדעדט אַז דער דאָזיקער גאַליציאַנער איד פון ריישע איז גאָר אַ שווינדלער. אַז ער ווייסט אַפילו נישט ווי אַזוי צו האַלטן אַ פּענדדזל אין דער האַנט. די שטילע מאָלערייען וואָס האָבן מיט אַזוי פיל אידלקייט און פשטות געהאַט געפּאַנגען מיין האַרץ און אויג, האָט גאָר געמאָלן אַ יינגער, הונגעריקער קונסט־סטודענט, וואָס האָט זיי פאַרקויפט צו לינדערן פאַר גראָשנס, כדי צו קויפן ברויט. לינדער האָט, הייסט עס, מיך מיאוס אָפּ־גענאַרט און אַפילו אָפּגעחוזקט פון מיין הייסן ענטוזיאַזם און ריינער באַ־ציאונג צו אַ פריינט, אַ קינסטלער. ווייזט אויס אַז איך בין טאַקע געווען נאַאיוו און לייכטגלויביק. איך האָב זיך נישט געדאַרפט שטאַרק איילן מיטן אָנשרייבן אַ קריטישע עסיי וועגן „זיין״ מאָלעריי. בפרט האָב איך זיך נישט געדאַרפט יאָגן עס אָפּצודרוקן אין דער לאָקאַלער פּרעסע.

אַן אַנדערש מאָל האָט מיר לינדער געוויזן אַ ליד וואָס ער האָט מכלומרשט אַליין פאַרפאַסט. איך האָב דאָס ליד איבערגעלייענט. איך האָב אים אָנגע־קוקט און נישט געגלויבט מיינע אייגענע אויגן. צו יענער צייט, ווען איך בין קוים אַלט געווען אַ יאָר זיבעצן אָדער אַכטצן, האָב איך געשריבן אַ שלל מיט לידער און זיי פשוט אַוועקגעוואָרפן אין קאַפעען, אין רעסטאָראַ־ציעס און אין די לאָקאַלן, וואו מיר פלעגן פאַרברענגען אין די נעכט. איינ־מאָל האָב איך אַפילו צוגעשיקט לינדערן מיינס אַ לענגערע פּאָעמע אויף

דער טעמע פונם מיטאָלאָגישן זינגער אָרפעאוס וואָס האָט פאַרכישופט חיות און אַפילו די שטומע שטיינער אַרום אים מיט דעם קראַפט פון זיין געזאַנג. דאָס דאָזיקע ליד האָט לינדער געהאַט די טרויעריקע העזה מיר צו ווייזן אַלס — זיין אייגענע שאַפונג. איך האָב עס שטילערהייט איבערגעלייענט. איך האָב אים אַפילו נישט געזאָגט קיין איינציק וואָרט. איך האָב בלויז געטראַכט ווי פאַרדאָרבן עס קען זיין דער באַקעטער מין מענטש. מיט וועלכער אומפאַרשעמטקייט ער איז פעאיק צו האַנדלען. האָט לינדער גאָרנישט גע־טראַכט אַז איך וועל דאָך לייכט דערקענען מיין ליד, וואָס איז אַפילו נאָך געווען אָנגעשריבן מיט מיין אייגענעם טיפּישן כתב? מיר ווערן אין משך פון אונדזער לעבן אַ סך מאָל איבעראַשט ווי טיף דער מענטש איז פעאיק צו זינקען אין פאַלשקייט, פאַרדאָרבנקייט און ציניזם.

אָבער דער קאָרופּטירטער מאַן, דער שווינדלער און שפּיאָן, דער גע־שיקטער קאָרטנשפּילער און געמיינער פאַרפירער פון ווייבער, דער גנב און דער הענקער — זיי אַלע קומען אום סוף־כל־סוף מיטן אמתדיקן טויט וואָס באַשטראָפט און באַצאָלט פאַר אַלע מענטשנס קרומע גענג אין לעבן. אויך דער דאָזיקער מרדכי לינדער מיטן פאַלש־געפאַרבטן קאָפּ האָר; מיט זיינע גלאַנציקע, פלאַטינענע ציין; מיט די פסיידאָ־מאַלעריישן און מיט זיינע נישט־געמיינטע רייד, האָט אַוודאי אויך פאַרענדיקט זיין שאַרלאַטאַניש לעבן אין אַ נאַצישן קרעמאַטאָריע־אויוון. זיין נשמה וואָס האָט זיך רויכערנ־דיק געשלענגלט אויפן שרעקלעכן הימל פון אוישוויץ, האָט געוויינט אין דער שטיקנדיקער לופט, זיך קריזלענדיק צו די אומפריינטלעכע וואָלקנס. —

אויב איינער פון אַ מיליאָן איז נישט געווען אינגאַנצן ריין און ערלעך, האָבן די יסורים פון אומקום אים סיי ווי פאַרוואַנדלט אין אַ קדוש. —

---

איך געדענק אויך לייבל קרעל, וואָס איז געהאַט געקומען פון פוילן מיט עטלעכע יאָר צוריק. ער איז געווען אַ ברייטער, באַלייבטער און גוט־מוטיקער מענטש. ער האָט געהאַט אָנגעשריבן אַ רעפּאָרטאַזש וועגן אַנטי־קוואַרן ברוגע. ער האָט באַשריבן די פלעמישע שטאָט מיט אַ סך טונקל־גאָלד פון אידישן וואָרט. ער האָט געהאַט עפּעס אַ געהיימנישפולע, רעלי־גיעזע באַציאונג צום גרויען נעפל פון „בעלגישן ווענעציע", דער זעלבער נעפל און ווינט און די זעלבע טיפע שטילקייט וואָס האָט געקילט די נערוון פון דעם עלעגישן דיכטער, דזשאָרזש ראָדענבאַך, וואָס האָט זיין ווערק „די טויטע שטאָט" געווידמעט צו זיין היימשטאָט ברוגע. לייבל קרעל האָט פאַר מיר אין אַ ווינקל פון אַ אידישע רעסטאָראַציע אויף דער לעווערי־סטראַטע פאָרגעלייענט זיין מאָדנעם רעפּאָרטאַזש, בשעת די בלעטלעך פון מאַנוסקריפּט האָבן געציטערט אין זיינע ווייבלעך־סענסיטיווע און נערוועזע פינגער. עס איז געווען דער איידעלער ליריזם און די באַציאונג פון אַ פרעמדן מענטש וואָס האָט דערזען צום ערשטן מאָל די שטילע מיטל־עלטער־

לעבע שטאָט ברוגע מיט איִרע גרויע קאַנאַלן און געוואוסט ווי אַזוי דאָס אָפּצושאַצן. פּונקט ווי היינריך היינע, דער איד, האָט ערשט אַנטדעקט און אַנטפּלעקט דעם דייטשן פאָלקלאָר. עס איז כמעט תמיד דער פרעמדער און דרויסנדיקער וואָס שטייט אין שטוינונג פאַר די אוצרות פון אַ פאָלק.

מיר האָט זיך געדאַכט אַז די אותיות, געשריבן מיט רויטן טינט, זיינען נאָך נאַס אויף די בלעטלעך ווי אַן ערשט־אַנגעהויבענע מאָלעריי. דאָס גרין־פאַרשימלטע ברוגע, וואָס איז געבליבן שטיין אין דער מאָדערנער וועלט ווי אַ פאַרצייטישע אַטלאַנטידע, האָט געפונען זיין תיקון אין האַרצן און אין רעפּאָרטאַזש פון איינעם אַ יידישן יינגערמאַן פון אַ שטעטל אין פוילן. אָבער איך האָב גאָרנישט געוואוסט פון לייבל קרעלס לעבן, סביבה און אָפּשטאַם. דער רעפּאָרטאַזש וועגן ברוגע איז געווען אַ צופאַל וואָס האָט מיר גאָרנישט דערציילט פון דעם מענטש וואָס האָט עס געשריבן.

לייבל קרעל איז אין איינעם אַ טאָג צוריק אַהיימגעפאָרן קיין פוילן, אוודאי אויך מיט יאָרן שפּעטער ערגעץ־וואו אומצוקומען אין נאַציִשן קאָנצענטראַציע־לאַגער. איך בין געקומען צו דער באַן מיט אַ גרויסן בוקעט מיט בלומען, כדי זיך צו געזעגענען מיט אים, כאָטש איך האָב קרעלן אַפילו רעכט נישט געקענט. אָבער מיר קריגן אַמאָל ליב אַ מענטש ביי דער ערשטער באַגעגעניש. איך האָב אים פאַקטיש געזען בלויז עטלעכע מאָל. און דאָך איז עס פאַר מיר גענוג געווען אים צו געדענקען אויף תמיד; ביי מיר אין האַרצן זאָל בלייבן שטיין עפּעס אַ נאָסטאַלגיש געפיל צו אים, ווי צו אַ ווייטע, אַנגענעמע דערינערונג. אין דער אמתן טראָגן מיר אַרום אַ לירישן, באַדויערלעכן געפיל צו יעדן איינציקן מענטש פון אונדזער לעבן וועלכן מיר וועלן שוין מער קיינמאָל נישט באַגעגענען. תמיד ווען איך טראַכט פון ברוגע, קומט מיר באַלד אויפן זינען עפּעס איינער אַ שרייבער־אָנפאַנגער מיט בלויע אויגן, מיטן מעלאָדיעזן נאָמען לייבל קרעל און מיט אַ קול וואָס ציטערט פון טיפער איבערלעבעניש ביים לייענען זיין מאַנוסקריפּט. אויף דער סטאַנציע, ערב אונדזער צעשיידן זיך, האָט ער געלאָזט פאַלן איינצלנע ווערטער וועגן אַ שטילער „כלה״, וואָס וואַרט אויף אים מיט גרויס גע־דולד אין קליינעם שטעטל; וואָס איז דורך די יאָרן דערוויַיל געוואָרן גרוי ווי שפּינגעוועבס און זי ווייסט אַפילו נישט אַז זי איז שוין לאַנג געשטאָרבן אויס בענקשאַפט צו אים... ער האָט גערעדט וועגן זיין פּלאַן איבער־צוזעצן אויף אידיש עטלעכע בענדער מיט דערציילונגען פון מאָפּאַ־סאַן. ער האָט אויך דערמאָנט ישראל שטערן, וואָס איז איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט געקומען האַלטן אין זייער שטעטל אַ רעפעראַט וועגן לאָרד בייראָן. ווען איך האָב, ביים געזעגענען זיך, אים דערלאַנגט דעם בונטן בוקעט מיט אַלטע קוויאַטן, האָב איך געהאַט אַ געפיל אַז עמעץ האָט אים מיט געוואָלט אַריינגעשליידערט אין אַ קבר און איך האָב אויף זיין נאָך וואַרעמען, לעבעדיקן גוף אַרויפגעלייגט די טרויעריקע קוויאַטן, וואָס

האָבן, שוין אָפּגעשניטענע פון זייען מקור, נאָך אַלץ גאָלדיק געבליט און געלויכטן מיט אַ לעצטער, מאָלערישער שיינקייט...

---

איך דערמאָן זיך אַ צאָל מיטאַרבעטערס פון דער „יידישע פּרעסע". איינער, וועלכן מיר וועלן דאָ אָנרופן הירש טעפּער, געבוירן אין פּלאָצק, האָט געשריבן מעשה׳לעך, פעליעטאָנען און לידער. ער איז אויך געווען קאָרעספּאָנדענט פון וואַרשעווער „מאָמענט". זיין אָרעמע פּרנסה האָט ער געצויגן פון העברייאישער לערעריי. איך האָב ליב געהאַט צו זעצן זיינע מאַנוסקריפּטן, ווייל עס האָט אַרויסגעלויכטן פון די שורות, ווי פון פּאַרצייטישע אילומינירטע ביכער, אַ באַזונדערע ריינקייט, איידלקייט און נאַאיוויטעט. ער איז מערסטנס געווען הונגעריק און עלנט ווי אַ הונט, אָדער, זיך צו באַנוצן מיט אַ גויאישן אויסדריק, ווי אַ קלויסטער־מויז. שפּעט ביינאַכט, ווען מיר פלעגן שטיין מידע ביי די קאַסטנס מיט בלייערנע שריפט און פּרואוון מיט אונדזערע לעצטע כוחות פאַרענדיקן דאָס אויסזעצן די צייטונג, פלעגט הירש טעפּער פלוצלונג דערשיינען ווי אַ שאָטן אין דער קאַלטער דרוקעריי. ער איז געווען אַ דאַרער מאַן, מיט אַ בלוי פּנים, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן און שווערן פּאַלטאָן, וואָס פלעגט אים געבן דעם אויסזען פון אַ יינגן מאָנאַך. ער פלעגט ציפּן פון דער קעשענע פון זיין צעריסענעם בגד עפּעס אַ פאַרדאַרט שטיקל ברויט און צועסן מיט אַ ציבעלע אָדער אַ שטיקל קנאָבל. ער פלעגט געדולדיק וואַרטן ביז איך האָב פאַרטיק געמאַכט די קאָרעקטור פון זיינס אַ כינעזישע דערציילונג וועגן עפּעס אַ איינזאַמען הונט. דערביי פלעגט ער זיך וואַרעמען די געפרוירענע הענט ביים פאַרקאָפּטשעטן אויוועלע וואָס האָט אַליין נעבעך נישט געהאַט קיין איבעריקע וואַרמקייט. איך פלעג אים פרעגן:

— פריינט טעפּער, וועלכעס מאָלצייט פון מעת־לעת עסט איר איצט?

— אַלע דריי מאָלצייטן מיטאַמאָל! — פלעגט ער שטילערהייט ענטפערן. אין זיין דערשלאָגענעם קול איז געווען טרויער און איראָניע.

איך האָב אָנגעקוקט דאָס הינטיש־פאַרפאַלגטע פּנים פון דעם איינזאַמען ליטעראַט. עס איז פאַר מיר געשטאַנען אַ באַזעסענער מאַן פון וואָרט. נישט דווקא די דאָזיקע מעכטיקע קינסטלער וואָס באַזיצן דעמאָנישן טאַלאַנט, ווי גאָגאָל, סוויפט אָדער פּאָ, זיינען פאַרשאָלטענע מענטשן. עס זיינען פאַראַן אַ סך וואָס באַזיצן בלויז אַ פונק פון דעם הייליקן פייער פון שאַפן. אָבער זיי זיינען שוין אויף אייביק אָנגערירטע און פאַרמשפּטע. ווער עס רירט זיך נאָר צו צו קונסט און ליטעראַטור, דער דאָזיקער איז שוין אַ פאַראורטיילטער מענטש. סיידן אין אונדזער איצטיקער צייט, ווען באַרימטע שרייבערס, מאָלערס און אַקטיאָרן זיינען רייך און וועלט־באַרימט. רעמבראַנדט, דאָמיע און וואַן גאָג זיינען אין זייערע צייטן נישט געווען אַזוי דערפאָלגרייך. עס איז אונמעגלעך צו פאַרגעסן די סצענע ווי

דער געשוואָלענער און פון לעבן צעשלאָגענער רעמבראַנדט פּאָזירט פאַר זיין געוועזענעם שילער אַלס מאָדעל צו אַ פּאָרטרעט, כּדי ער זאָל זיך קענען קויפן פאַר די עטלעכע מטבעות וואָס ער פאַרדינט זיך פון פּאָזירן, אַ פלעשל מיט ביליקן ווייַן...

הירש טעפּער האָט געהאַט אַ געליבטע, אַ טענצערין, וואָס האָט געהייסן אַדעל. זי האָ טגעהאַט אַן איינדרוקספולע שטימע. זי האָט אָנגעהויבן איר קאַריערע אין דער פלעמישער אָפּערע, אויפטרעטנדיק אין הויפּט־ראָלעס פון ווערדיס, וואַגנערס און ביזעס אָפּעראַס און האָט געענדיקט אין ביליקע ווייַנקעלערן און קנייפּעס אויף דער ספּאַין־סטראַטע, ביים האַפן, זינגענדיק פאַר שיכּורע מאַטראָזן. איר מאַן איז געווען אַ משוגענער, ווייס־גוואַרדייאַ־שער אָפיציר, וואָס האָט זי געשלאָגן און געשיכּורט פאַר אירע פאַרדינסטן. שפּעטער ווערט אַדעל קראַנק און טעפּער גיט זי אַריין אין אַ סאַנאַטאָריום פאַר פּרוויענפּאַציענטן, אין „ליזי מאַרסילי״. לאַנגע יאָרן האָט געדויערט זייער ליבע וואָס איז געווען פול מיט סקאַנדאַלן און אַוואַנטיורעס. איינמאָל האָט דער ווייס־גוואַרדייאישער אָפיציר טעפּערן אַזוי שטאַרק צעשלאָגן אַז ער איז שפּעטער וואָכנלאַנג געלעגן קראַנק אין שפּיטאָל. ווען אַדעל איז געשטאָרבן פון „טשאַכאָטקע״, האָט טעפּער וועגן איר געשריבן אַ רירנדיק ליד אין דער פלעמישער שפּראַך. עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ זייטיקן זשורנאַל. דער דאָזיקער ראָמאַנס איז אַגב ענלעך צו דיומאַס פּאָפּולערער, ראָמאַנטישער טראַגעדיע פון דער קאַמעליענדאַמע.

הירש טעפּער אַליין איז אויך שלאָף געוואָרן אויף שווינדזוכט און ער איז געשטאָרבן נאָך פאַר זיינע פערציקער יאָרן. זיין ברודער, וואָס איז געווען אַן אינזשעניער, האָט באַצאָלט פאַר די הוצאות פון דער לוויה און הירש טעפּער, דער שטענדיק נאָבעלער מענטש מיט די בעסטע מאַניערן, וואָס האָט קיין הויך וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדן, איז געוואָרן אַן איינוואוינער אויפן אידישן בית עולם אין פּיט, ביי דער בעלגיש־האָלענדישער גרענעץ. מען קען נישט זאָגן אַז די ווערם האָבן פון אים געהאַט אַ באַזונדערע הנאה, מחמת קיין סך פלייש אויף זיינע ביינער האָט ער נישט מיטגעבראַכט.

---

לעאָן געווירץ איז אויך געווען איינער פון די מיטאַרבעטערס פון דער „אידישע פּרעסע״, וועמענס אַרטיקלען איך פלעג אָפּט זעצן. ער האָט מערסטנס געשריבן רייזע־איינדרוקן. פון צייט צו צייט פלעגט ער פּלוצלונג אַריינפאַלן אין דער רעדאַקציע, זיך זעצן מיטן רעדאַקטאָר, דערציילן וואונדוי־רים און חידושים פון זיינע וואַנדערונגען. ער פלעגט געוויינטלעך שרייבן און מינדלעך דערציילן וועגן די אידן פון פּראַג, מונקאַטש, בוקאַרעשט, הער־צאָגעווינע; פון די קאַרפּאַטן־בערג און פון וואַנען נישט. זיין פילצענער און פּאַצעטישער הוט איז געווען דעקאָרירט מיט אַ גרין פעדערל ווי ביי אַ טיראָלער יעגער. ער האָט געטראָגן געפּאַסטע בגדים אויף זיין שוין דעמאָלט פעטן גוף.

לעאָן געווירץ האָט געוויזן בילדער פון אויסגעלאַסענע פרויען. ער האָט דערציילט פון קאָסטבאַרע רעסטאָראַציעס אין אייראָפּעאישע הויפּטשטעט, וואו ער פאַרברענגט מכלומרשט מיט פרינצן און פירשטן. אין מאָנטע קאַרלאָ האָט ער געשפּילט אין רולעטקע צוזאַמען מיט מיליאָנערן. אונטער גענעראַל אַלענביי זאָל ער האָבן געווען אַ לעגיאָנער. ער האָט זיך באַטייליקט ביים דעראָבערן ארץ־ישראל פון די טערקן. עס איז פאַר מיר געווען קלאָר אַז דער מענטש איז צופיל פאַרטאָן אין די ענינים פון עולם הזה, אַז ער האָט נישט קיין צייט צו שטודירן, צו לייענען ביכער, בפרט צו שרייבן און צו אַרבעטן גייסטיק איבער זיך. איך גלויב אויך נישט, אַז ער האָט געהאַט וועלכע עס איז העכערע ליטעראַרישע אַמביציעס. ער איז געווען אַ טיפּישער דאָן זשואַן, אַ קאַזאַנאָוואַ־טיפּ. בשעתן פילפאַרביקן קאַרנאַוואַל אין אַנטווערפּן פלעג איך אים טרעפן ביים האַפן, פאַרמאַסקירט אַלס פּיראַט. ער פלעגט אויך צוזאַמען מיט פראַנסואַ פירשטן באַזוכן די פאָרשטעלונגען אין דער פלעמישער אָפּעראַ.

מיט יאָרן שפּעטער, בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, בין איך נישט געווען איבערראַשט אים צו טרעפן אין ניו־יאָרק אויף דער ליטעראַרישער איסט־בראָדוויי. ער איז אַוודאי געגאַנגען זוכן גליק ביי די אידישע צייטונגען. ער האָט געוואוינט אויף צענטראַל פּאַרק וועסט, נישט ווייט פון מיין וואוינונג. זיין כאַראַקטער האָט זיך נישט געהאַט געביטן. ער איז פאַרבליבן אַ לעבע־יינג ביזן סוף. ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיין פרוי, גערדאַ ריינער, מכלומרשט אַ דייטשע ראָמאַניסטין פון וויען. געווירץ איז איצט געווען אומגעוויינלעך פעט. דער גרויסער בויך האָט דערציילט פון זיין ריזיקן אַפּעטיט צום לעבן. מען האָט ביי אים אין שטוב געגעסן געווענדזלטע הערינג, פּוילישן וואורשט, שווייצער און האָלענדישע קעזן, שוועדישע סאַרדינען. אַלע מאכלים זיינען געווען געווירצט, געפּרעגלט און איינגעמאַרינירט. מען האָט כסדר אויפגעשטאָכן לעכער אין בלעכן מיט ביר. מען האָט געטרונקען פראַנצויזישן קאָניאַק מיטן טיטול „נאַפּאָלעאָן”. עס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אין אַלע שטיבער ליידיקע פּושקעס פון קאָנסערוון, פלעשער פון וויסקי, וויין און קאָקאַ־קאָלאַ. דאָס לעבן איז פאַרביידע מענטשן געווען אַן אומענדלעכער קאַרנאַוואַל. פון צייט צו צייט האָט מען אויך עפּעס אָנגעשריבן אויף דייטש, אין טשעכיש אָדער אויף פראַנצויזיש.

געווירץ האָט אַרויסגעגעבן אַן אינפאָרמאַציע־ביולעטין אויף אידיש. ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער טשעכישער גלות־רעגירונג. ער האָט געהאַט פּאָליטישע באַציאונגען מיטן פּרעזידענט בענעש, מיט מאַסאַריקן. ער האָט אין איילעניש, מיט אָנגעשטאָפּטע באַקן מיט וואורשט, מיר געוויזן אַ בריוו פון דער עקס־קייסערינע ציטאַ. ער האָט אינטערוואוירט איר עלטסטן זון, דעם טראָן־פּרעטענדענט פּרינץ אָטאָ. ער האָט זיך אַדורכגעשריבן מיט אייראָפּייאישע מלוכה־לייט וואָס זיינען געווען פּונקט

אַזוי אין גלות ווי ער, דער טשעכאָסלאָוואַקישער בירגער. שווער צו זאָגן צו וואָס אייגנטלעך בענעש האָט נויטיק געהאַט זיין חודשלעכן, העקטאָגראַ־פירטן ביולעטין אויף אידיש. געווירץ האָט מיך דערמאָנט אין די פּראָ־פעסיאָנעלע הויף־לײַדיקגייערס, פֿאַוואָריטן פונם קעניג, משרתים פון דער קעניגין, וואָס זיינען געווען שטיקלעך שפּיאָנען, אינטריגאַנטן, שלימזלן, געמבלערס, מחותנים צו טראָגנען און דינאַסטיעס און וועלכע שפּילן דערווייל אין קאָרטן מיטן קייסערס קוכאַרזש אָדער באַרבער און זיי פֿאַרפּירן ווייבער וועלכע וואַרטן אומגעדולדיקע פֿאַרפּירט צו ווערן. עס איז קלאָר אַז הגם געווירץ זיצט אויף עפּעס אַ פּענסיע און רייבט אויףביידע באַקן, איז ער פונדעסטוועגן אַ נישקשהדיקער קבצן אויך וואָס לעבט ממש מיט נסים און הונגערט אָפּט אינמיטן פון פּאָליטישע בהלות, אינטריגעס, פֿאַרשווערונגען און גלות־רעגירונגען. געוויסע מענטשן האָבן אים באַשולדיקט אין שפּיאָ־נאַזש לטובת אַן אויסלענדישער מלוכה. אָבער ער איז תמיד געווען אַ הייסער אידישער נאַציאָנאַליסט, אַן אָנהענגער פון זשאַבאָטינסקין, אַ פריינט פון די רעוויזיאָניסטישע פירערס. ער האָט זיין פּאָלק קיינמאָל נישט פֿאַר־געסן. ער האָט געוואוסט אַז ער איז אַ איד. זיין דערצי־אונג האָט דווקא געמוזט זיין אַ שטרענג־אידישע. ער האָט געקענט לערנען. זיין פֿאָטער האָט אים געשיקט אין חדר, אין ישיבה. ער איז געבוירן געוואָרן אין ירושלים ביי אַ זייער פרומער משפּחה.

איינמאָל אין אַ טאָג האָב איך, זיצנדיק אין אַ זייטיקער רעסטאָראַציע אויף דער וועסט־זייט, געזען אַ מענטש וואָס איך האָב עפּעס יאָ און נישט דערקענט. ער איז געווען ענלעך צו געווירצן. אָבער ער האָט אויסגעזען אַ סך דינער און דאַרער. זאָל דאָס זיין יענער פּעטער טשעכיש־אידישער זשורנאַליסט מיטן גרויסן בויך און אָנגעבלאָזענע באַקן ווי ביי אַ מלאך וואָס זינגט אין כאָר אויף אַ מאָלעריי פון רענעסאַנס־פּעריאָד?

לעאָן געווירץ האָט צו מיר גערעדט מיט אַ שוואַך קול. ער איז געווען קראַנק, אָפּגעשראָקן. יאָרנלאַנגע פרעסעריי, זויפעריי, טרינקעריי, הויכ־שטאַפּלעריי האָבן געבראַכט, זע איך, טרויעריקע רעזולטאַטן. ער האָט זיך פֿאַר מיר באַקלאָגט אויף דיאַביטיס און האַרצקראַנקהייט. ער האָט שטיל געקרעכצט און זיך געוואַקלט אַזוי ווי אַ שיכּור ביים אַרויסגיין פון רע־סטאָראַן.

איך האָב אים נאָכגעקוקט אַ לענגערע ווײַלע ווי ער שלעפּט זיך פֿאַ־וואָליעדיק איבער דער רעגנדיקער גאַס. עס איז פֿאַר מיר תּמיד אַ סענ־סאַציע צו זען ווי אַזוי מענטשן פֿאַרענדערן זיך. ווי די אומבארחמנותדיקע צייט רעטושירט פּנימער, מאַסקעס און קאָסטיומען. ווי יאָרן בויגן איין צו דרערד די שטאַרקסטע ריזן און גיבורים, ווי דער שטורם באַצווינגט די שפּיצן פון שטאָלצע בוימער זיי צווינגענדיק אָנצורירן די ערד. און אויך איצט, קוקנדיק אויפן טרויעריקן זשורנאַליסט פון טשעכאָסלאָוואַקיי, האָב

איך זיך דערמאָנט אין דעם אַמאָליקן הוליאַקע, דענדי און געמבלער. ווי ער האָט געשפּריצט פון באָרדעל צו באָרדעל ביים האַפן; ווי ער האָט פּרעך און ציניש באַצוואונגען ווייבער; ווי ער האָט אובבערחמנותדיק זיך דער־הרגעט אויפן טומעלדיקן מאַסקנבאַל פון לעבן; ווי ער האָט ווילד געהוליעט אויף סעודות, בעלער און הוליאַנקעס. איצט האָב איך אָנגעקוקט אַ מאַן וואָס איז געווען ענלעך צום נביא יונה וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון דער טיפעניש פונם וואַלפיש — אַן אַלטער, גרויער און אומעטיקער מאַן, גאַר־נישט צום דערקענען.

עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך געהערט אַז ער איז געשטאָרבן אין מאָנטרעאָל בשעת ער האָט גערעדט פאַר אַן אידישן פּובליקום. קיינער האָט וועגן אים אין דער פּרעסע נישט געשריבן קיין איינציק וואָרט. ער איז אינגאַנצן אָפּגעמעקט געוואָרן, פּונקט ווי די מערסטע מענטשן ווערן ברוטאַל אַרויסגעריסן פון דעם ספר פון לעבן.

און די פּרוי, די עסטרייכישע נאָוועליסטקע, וואו איז זי אַהינגעקומען נאָכן טויט פון איר מאַן? אין אַ צייט אַרום האָב איך צופעליק געזען דורכן פענצטער פון אַ באַר, אין דער טעאַטער־געגנט אויף בראָדוויי, ווי עס זיצט אַ פעטע דאַמע מיט איינעם אַ טונקל־הויטיקן הער, אַוודאי אַ דעלעגאַט אין דער יו־ען פון אַ ניי־געגרינדעטער אַפריקאַנישער מלוכה. דער נעגער האָט זיך נאָך רעכט נישט געהאַט צוגעוואוינט צום טונקעלן אייראָפּייאישן אַנצוג. דער שטייפער קאָלנער פונם געפּרעסטן ווייסן העמד האָט אים געשטיקט ביים דיקן גאָרגל. ביידע האָבן געטרונקען וויסקי, האָבן געלאַכט און זיך איינגערוימט סודות אין די אויערן. ווען געווירץ וואָלט געלעבט און ער וואָלט געווען געזונט אויך, וואָלט ער אָן שום ספק זיך געווען פאַרמאָסטן אין אַ געשלעג מיטן נעגערישן דיפּלאָמאַט. אָבער ער איז שוין געווען אין הימל. ער האָט אַוודאי היימלעך פאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפט פון בענעש, מאַסאַריק, קייזער קאַרל און פראַנץ יאָזעף דער צווייטער. געווירץ האָט זיך באַזונדערס פריינטלעך אונטערגעהאַלטן מיט דער שלאַנקער און צאַרטער קייזערין ציטאַ אויף וועמענס שוין גרוילעכן קאָפּ עס האָט געלויכטן אַ דינע, גאָלדענע קרוין. ער האָט פאַר איר עפּעס פאַרגעלייענט פון זיין אידישן, העקטאָגראַפירטן ביולעטין...

אַנומעלט האָב איך אַריינגעקוקט אין לעקסיקאָן פון דער אידישער לי־טעראַטור; איך האָב דאָרט אויפגעזוכט געווירץ'ס ביאָגראַפיע. ער איז אינ־גאַנצן אַלט געווען צוויי און פערציק יאָר...

---

איך געדענק מיין פריינט משה אַלטמאַן, דעם שרייבער און פילפאַרביקן מענטש. ער האָט געהאַט אַן אייגענע בוכהאַנדלונג וואָס האָט געהייסן „קלאַרטע". איך פלעג אָפט קומען צו אים ווי אַן אייניקל קומט צום עלטערן, גוטן זיידן. אין אַלטמאַנס ביכער־געשעפט פלעגן אַריינקומען די

פאַר היימישע אידישע שרייבערס פון שטאָט. מען פלעגט זיך טוליען צו אים ווי צו אַ רבין. אַלטמאַן איז געווען אַ באַדייטנדיקע פערזענלעכקייט. ער האָט געשטאַמט פון לאָדזש און ער האָט שטודירט אין דייטשע אוני־ווערסיטעטן. ער איז געווען אַן אמתדיקער אייראָפּייער אין זיין אויפפירונג, מאַניערן, קליידונג און אינטעלעקט. ער איז געווען טעטיק אַלס טעאַטער־רעזשיסאָר, לערער אין די אידישיסטישע שולן, לעקטאָר וועגן וועלט־ליטעראַטור, העברייאיש־קענער, געזעלשאַפטלעכער עסקן און שריפטשטעלער. ער האָט אַלץ געוואוסט, אַלץ געקענט, צו אַלעם באַזעסן טאַלאַנט, פעיקייט און גרינטלעך וויסן. זיינע עלטערן האָבן אים געהאַט געגעבן אַ אַלזייטיקע בילדונג. ווען ער האָט איינמאָל אין אַן אָוונט גערעדט, דאַכט זיך אין לאָקאַל פון די רעכטע פועלי־ציון, וועגן דעם גרויסן פראַנצויזישן שריפטשטעלער ראַבליי, וועמענס 400 יאָריקן יובליי מען האָט דעמאָלט געפייערט אין דער קולטורעלער וועלט, האָט ער געלויכטן מיט עספּרי, עלעגאַנץ און אַ שלל מיט ידיעות אין די קלאַסישע ווערק פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור. ווען ער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער פילאָסאָפיע פון אונדזער צייט, האָט ער איבעראַשט מיט זיין פענאָמענאַלן זכרון און גרינטלעכער באַ־האַוונטקייט אויף דעם געביט. פונקט אַזוי האָט אַלטמאַן אימפּראָוויזירט גייסטרייכע לעקציעס אין אַ צופעליקן, פּריוואַטן שמועס. ער איז גע־שטאַנען מאַסטאַדאַניש, ווי אַ מאַרמאָרנער זייל אין אַן אַנטיקן גריכישן טעמפּל, אין זיין אייגענער בוכהאַנדלונג, און ער האָט, אַזוי ווי אַן איינזאַמער גייסט, אַרויסגעלייענט און געפינקלט מיטן עסענץ פון אַלע וועלטלעכע ביכער. ער האָט פאַרגעשטעלט דעם גייסט פון אַלע וויכטיקע פאַרצייטישע און מאָדערנע ווערק אויף אַ העכסט־עלאָקווענטן און גראַציעזן שטייגער. ער האָט זיך חנעוודיק געשפּילט מיט חכמה און געלערזאַמקייט. דערביי האָט ער אויסגעזען גאַנץ איינזאַם אין זיין אַלץ פאַרשטיין און אין איבער־שטייגן די מענטשן פון זיין סביבה אין אינטעליגענץ און קולטור. ער האָט זיך באַוועגט ווי אַ ריז אין דער אַטמאָספערע פון קינדער אָדער קאַרליקעס. צייטנווייז האָט מען געקענט לייענען זיין גרינגשעצונג צו די פריינט און באַ־זוכערס. ער האָט געקענט אַלעמען אַמוזירן מיט זיין ראַפינירטן שטייגער פון רעדן. ער האָט געהאַט ממש גאָלדענע ליפּן אַן אַ פלאַמיקע צונג. אָבער אינערלעך האָט ער געבענקט צו שטילקייט, צו גייסטיקער אָפּרו. מען קען דאָך נישט וועלן זיין אַ לערער פאַר נישט־דערוואַקסענע גאַנצע פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת.

אַ געוויסע צייט איז אַלטמאַן געווען אַ „דאָלמעטשער" (איבערזעצער) אויף שיפן. ער האָט אַזוי אַרום געהאַט באַזוכט אַמעריקע און אַנדערע ווייטע לענדער און שטעט. נאָך איצט, אַרום פערציק יאָר שפּעטער, ווען איך קום אויף געוויסע גאַסן און פלעצער פון ניו־יאָרק, דערמאָן איך זיך ווי אַזוי משה אַלטמאַן האָט פאַר מיר געניי געשילדערט די טעאַטערן,

מוזעאומס, פּאַרקן און ביבליאָטעקן פון דער ריזנשטאָט. ווען איך שפּאַציר אַרום אין די מאַרמאָרנע זאַלן און קאָרידאָרן פון דער שטאָטס־ביבליאָטעק, דערמאָן איך זיך ווי אַזוי אַלטמאַן האָט מיר דערציילט וועגן איר גראַנדיעזער פּראַכט און לוקסוס. ער האָט שוין אַלס ייִנגערמאַן געהאַט געזען, באַזוכט און איבערגעלעבט דאָס אַלץ וואָס עס דויערט פּאַר מיר אַזוי פיל יאָרן, אַזש ביזן רייפן מיטלעלטער, צו באַזוכן, עקזאַמינירן, איבערצולעבן און צו גיין אין זיינע טריט. אַלטמאַן איז אין אַ פּאַרהעלטנישמעסיק־ייִנגען לעבנס־עלטער שוין געווען זאַט מיט דער גרויסער וועלט, מיטן לעבן און מיט דער קולטור פון זיין צייט און פון די פריערדיקע דורות. ער איז שוין געווען מיד און איבערגעגעסן, ווי פּאוסט, מיט די מערסטע פיזישע און גייסטיקע שפּייזן און ליקערן.

אַלטמאַן האָט געקענט ווערן אַ העכסטבאַגאַבטער שריפטשטעלער. ער איז געווען אַ געבוירענער עסייאיסט וואָס האָט זיך געקענט שפּילן מיט דער קאָמפּליצירטסטער און טונקעלסטער טעמע אויף אַ גרינגן און גראַציעזן שטייגער. ער איז געווען פעאיק גייסטיק בייצוקומען און לייכט צו באַזיגן די שווערסטע פּראָבלעמען. אָבער ער האָט געהאַט אַרויסגעגעבן נישט מער ווי איין און איינציק דינטשיק ביכעלע מיט שירים אויף העברייאיש. ער האָט געהאַט ליגן אין שופלאָד עטלעכע פאַרשטויבטע עקזעמפּלאַרן. טיילמאָל פלעגט ער געבן אַזאַ רויט ביכעלע אַלס מתנה צו אַן אויסלענדישן גאַסט, אָנשרייבנדיק אויפן שער־בלעטל אַ קאַרגע דעדיקאַציע פון בלויז געציילטע ווערטער.

משה אַלטמאַן האָט פונדעסטוועגן, ביי זיין גאַנצן סקעפּטיציזם און אָפּוועזנקייט פון פּערזענלעכע ליטעראַרישע אַמביציעס — אַזוי האָט עס ווייניקסטנס אויסגעזען בלויז אויסערלעך — געליטן פון קנאה צו קאָלעגן־שרייבערס. אמת, ער האָט אַליין טאַקע באַזעסן אַלע טאַלאַנטן און ער האָט געקענט אָן איבעריקער אָנשטרענגונג אָנשרייבן דאָס וואָס אַן אַנדערן וואָלט געדויערט יאָרן פון האַרעוואַניע. דאָך האָט אַן אָפּגעדרוקט לידל אין אַ זייטיקן זשורנאַל פון עפּעס אַ צווייפלהאַפט טאַלאַנטל אים געקענט אַריינטרייבן אין ביטערער פאַרצווייפלונג. ער האָט אויך געהאַט אַ טבע צו אינטריגירן און צו פאַרשאַפן נישט ווייניק אומזיסטע קריינקונג צו פריינט. ער איז געווען אַ געבוירענער דעספּאָטישער הערשער און ער האָט פיינט געהאַט ווען שרייבערס טוען עפּעס אויף אייגענער איניציאַטיוו. ער האָט אַוודאי סאַטיריש אויסגעלאַכט די מענטשלעכע נטיה צו כבוד און אַנדערע שוואַכקייטן. אָבער ער איז אַליין אויך נישט געווען פריי פון די אַלע אייגנשאַפטן. צוזאַמען מיט זיין שטיין קעפּ העכער איבער די מענטשן פון זיין מיליעו, אין גייסטיקן זין, האָט ער נאָך באַזעסן אַנדערע כוחות וואָס האָבן אים לייכט דערמעגלעכט צו הערשן. אַלטמאַן האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ סאָרט איבערמענטש וואָס איז נישט איבעריקס האַרציק אָדער סענטימענטאַל, הגם

ער איז תמיד געווען העכסט־גאַלאַנט און זעלטן קליינלעך. אָבער פּאַרט האָט זיך אַזאַ איבערמענטש צו זיין איבער יעדער מאָראַל און מענטשלעכן סענ־טימענט. דאָס צינישע דאָמינירט אין זיין האַרץ, מוח און כאַראַקטער. עס איז געווען אין אים עפּעס פון אַ רענעסאַנס־מענטש אין היגזיכט פון זיין טאַלאַנט פאַרן לעבן און זיין לוסט צום גייסט; אין זיין אוניווערסאַלן אינטערעס צו די עסטעטישע און אינטעלעקטועלע מאַניפעסטאַציעס פון מענטש און זיין קאַלטן, תפילהלאַזן דינען צו שיינקייט און קונסט; אין זיינע פּילזייטיקע פעאיקייטן און שוואונג; אין דעם קלוגן שמייכל אויף אַ מאַנסבילש־קינבאַקיקן פּנים און אין אַ זוניקן שטערן וואָס לויכט מיט חכמה.

אַלטמאַן האָט זיך צו מיר באַצויגן אויף אַ פריינטלעכן אופן. ער האָט מיר געגעבן אַלערליי פּראַקטישע עצות. ער פלעגט טיילמאָל לייענען מיינע לידער וואָס איך האָב דעמאָלט ממש מאַסנוויז געשריבן, אין אַ שטימונג פון איבערגעטריבענער ראָמאַנטישקייט און עמאָציאָנעלקייט. אָבער ער האָט מיך נישט איבעריקס דערמוטיקט צום שרייבן. דאָס איז געווען זיין שוואַ־כער פּונקט. אַליין, ווייזט אויס, אַ דורכגעפאַלענער און אַנטוישטער לי־טעראַט, האָט ער נישט גערן געהאַט צו זען ווי אַנדערע יינגע מענטשן מאַכן אָנשטרענגונגען צו זיין דערפאָלגרייך אין ליטעראַטור. ער איז אפשר געווען גענוג זעלבסטקריטיש צו אָנערקענען זיינען אייגענע לימיטאַציעס וואָס שייך דער טיפסטער פון אַלע קונסטן, שרייבעריי. ער האָט פילייכט אַמאָל געחלומט צו דערגרייכן די גרויסקייט פון אַן אַבסאָלוטן מייסטער. נישט קענענדיק דערגיין צום העכסטן פּונקט, האָט ער רעזיגנירט. אָבער דאָס זיינען ריינע שפּעקולאַציעס. זיכער איז אַז זיין איבערגעוואַקסענער קולטור־באַגאַזש און זיין ניכטערער ציניזם האָבן אים געשטערט צו ווערן אַ שרייבער.

אַלטמאַן איז פּאַקטיש געשטאַנען איבער די מערסטע מענטשלעכע אַמביציעס און אילוזיעס. ער איז אין גרונט פון זיין כאַראַקטער אַוודאי געווען אַן אומהיילבאַרער ניהיליסט. אַ פּעסימיסט, וואָס האָט שוין לאַנג צוריק געהאַט געמאַכט מיט זיך דעם לעצטן חשבון און סך־הכול.

אין בערלין האָט אַלטמאַן געהאַט שטודירט די ווירקונג פון היפּנאָטיזם, וואָס ער האָט אַליין באַזוכן אין אַ היפשער מאָס. אויך האָט ער געאַרבעט אין אַ באַוואוסטער פילם־סטודיאָ אַלס טעכניקער. ער פלעגט ליב האָבן צו דערציילן ווי דאָס האָט מיטגעבראַכט אַן אומהיילבאַרע אַנטוישונג אין זיין לעבן. שטענדיק, ווען ער פלעגט באַזוכן אַ קינאָ־טעאַטער, האָט זיין ניכ־טערע קענטניש אין די הינטערקוליסן־מאַכינאַציעס, אין דעם טעכנישן אופן ווי אַזוי אַ פילם ווערט פּאַקטיש צוזאַמענגעשטעלט, אָפּטמאָל אין שרעקלעכן טומל, געשריי און אויפרעגונג, אים געשטערט אין דער עמאָ־ציאָנעלער אַמוזירונג און אינטעלעקטועלער פאַרדייאונג פון דעם קונסט־ווערק. ער האָט שוין געהאַט אַריינגעקוקט אין דער מאַנאַטאָנער, אונמאָ־

ראַלישער און אָפּטמאָל אויך דעגענערירטער פֿאַבריק פֿון מענטשלעכע לעבנס, צעבראָכענע נשמות און אין זייערע פּסיכאָלאָגישע איבער־לעבנישן. ער האָט שוין געהאַט געזען נאַקעטע זעלן, אַזוי ווי טרוקענע און קאַלטע מאַנעקינס, אָן קליידער און וועש; אָן גרימאַזש, מאַסקאַראַ, פּענדזל און „ליפּסטיק״, וואָס פֿאַרענדערן די פּנימער און געשטאַלטן פֿון די אַקטיאָרן, געבנדיק זיי די וואָרם־מענטשלעכע און קינסטלערישע דימענסיעס וואָס זיי־נען אַזוי שטאַרק נויטיק צום שפּיל. ער האָט שוין, צום באַדויערן, געהאַט געכאַפּט אַן אַדורכדרינגענדיקן בליק אין אָפּגרונט פֿון מענטשלעכע קאָנ־פֿליקטן און סצענעס; אין זייער רויער, דערנידעריקנדיקער נאַקעטקייט און ברוטאַלן רעאַליזם. דאָס אַלץ האָט אים, ווייזט אויס, מיט יאָרן שפּעטער געשטערט אין דער פֿולבלוטיקער פֿאַרדייאונג פֿון פֿאַרטיקער, אָפּגעפּוצטער און געררוזשטער קונסט. פּונקט אַזוי האָט ער געקענט לייענען אין מליצה־דיקע רייד, אויסערלעכע מינעס, אָנשטעלן און פּאָזעס די הינטערקולי־סישע כוונות און פֿאַלשקייטן פֿון פֿאַרדאָרבענעם מענטשלעכן כאַראַקטער. ער האָט אין די מערסטע האַנדלונגען תּמיד געזען די אורשפּרינגלעכע סיבות און פֿאַרמאַסקירטע מאָטיוון. עס פֿאָדערט זיך, כּדי צו זיין אַ געבענטשטער שעפֿער, די נויטיקע מאָס נאַאיוויטעט, באַשיידנקייט און אידעאַליזם. אַלט־מאַן איז שוין אָבער געווען אין גייסט, אויב נישט אין די יאָרן, אַ גרייז־גרויער, אַלטער מאַן, אַ סאָרט קייסער קהלת, וואָס איז געזעסן ביי אַלע סעודות און איז נאָכגעגאַנגען אַלע לוויות. ער האָט שוין געהאַט פֿאַר־זוכט פֿון די געטראַנקען פֿון אַלע כּוסות און האָט מיט די ליפּן אָנגערירט אַלע גיפֿטן. אַגב זיינען עס אויך געווען די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט געבראַכט צו דער וועלט און צו די מענטשן אַזוי פֿיל אַנטוישונג, טרויער און ציניזם.

פֿאַר אַלטמאַנען איז דאָס גרעסטע פֿאַרגעניגן געווען דווקא צו אַנטלויפֿן פֿון זיין בוכהאַנדלונג, פֿון דער קולטור, פֿון מענטשלעכער חניפֿה און גע־שליפֿענע קאָנווערזאַציעס וועגן קונסט און ליטעראַטור. ער האָט מיר דער־ציילט אַז ער האָט ליב צו שפּאַצירן אויף פּוסטע פֿעלדער, איבער אומענדלע־כע נאַקעטע לאַנדשאַפֿטן וואו מען טרעפֿט נישט קיין שום מענטש. ער גייט דעמאָלט שעהנלאַנג, אָן אַן אָפּשטעל, אין די פֿאַרבאָרגענע שטעגן פֿון דער נאַטור, כּדי אָפּצופּרישן זיין גייסט פֿון דעם אַש פֿון אויסגעברענטע אידעען און אידעאַלן. ער, דער מאַן פֿון הויכער קולטור, האָט געהאַט אַ טיפֿע בענק־שאַפֿט צו באַפֿרייען זיך פֿון די פֿענטעס און קאָנווענציעס פֿון דער פֿאַרדאָר־בענער ציוויליזאַציע. דער שפּאַציר אויסער דער שטאָט, אין שויס פֿון דער נאַטור, איז אפֿשר נישט געווען ביי אים קיין הונגער צו גאָט, אָבער אַן אַנטלויפֿן פֿונעם מענטש און פֿון דער וועלט וואָס ער האָט געשאַפֿן און אָנ־געטורמט מיט פֿאַלשקייט און פּוסטקייט אַזש הויך ביז צו די הימלען.

איינמאָל אין אַ טאָג האָט אַלטמאַן געמאַכט אַ זשעסט און ער האָט מיר

געשאָנקען אַ בילד פֿון פּאָעט אַרטור רעמבאָ, וואָס ער האָט ספּעציעל איינ־געראַמט. דאָס איז פֿאַר מיר געווען אַן אומפֿאַרגעסלעכע מתּנה. ווערלען, רעמבאָ און שאַרל באָדלער זיינען דעמאָלט געווען מיינע אידאָלן און אידעאַלן אין דער ליטעראַטור. איך האָב יענעם אָוונט אַהיימגעטראָגן דאָס געלע בילדל פֿון דעם פֿאַרערטן דיכטער ווי דעם שענסטן אוצר אין מיין לעבן. איך האָב עס אויפֿגעהאָנגען אויף דער קאַלכדיקער וואַנט פֿון מיין מאַנסאַרדע מיטן אויסגעקרומטן פּולאָפּ, אין דער געזעלשאַפֿט פֿון די פּאָרטרעטן פֿון אָסקאַר ווײַלד, וואַן גאָג, שפּינאָזאַ און נאַפּאָלעאָן. דאָס בילדל האָט אַראָפּ־געקוקט פֿון דער וואַנט ווי אַ קליינע, גאָלדיקע לבנה. איך אַליין האָב דאָך דעמאָלט כּמעט אויסגעזען ווי רעמבאָ, מיט מיינע גרויסע, בלאָנדע האָר, וועלכע עס איז מיר געווען אַ שאָד אויסצוקעמען...

יאָרן שפּעטער, בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט אַלטמאַן מיט זיין פֿאַמיליע זיך געראַטעוועט קיין אַמעריקע. איצט איז ער געקומען צוגאַסט צו מיר אין מיין היגער מאַנסאַרדע אויף דער צווייטער עוועניו. איך האָב דעמאָלט געוואוינט ביי דער פֿראַנצויזישער פֿאַמיליע גאַראַ, וועלכע איך האָב שפּעטער באַשריבן אין אַ צאָל דערציילונגען. אַלטמאַן האָט שטילערהייט אָנגעקוקט דאָס בילד פֿון רעמבאָ וואָס האָט נאָך אַלץ גע־האָנגען אויף אַ ווינקעל־וואַנט פֿון מיין ניו־יאָרקישן דאַך־שטיבל. דער צאַרטער רעמבאָ האָט אים טרויעריק דערמאָנט אין אַן אַנדערער צייט, אין כּמעט אַן אַנדערער עפּאָכע און וועלט־אָרדנונג. פֿון דעם מאַן מיט אַריסטאָקראַטישע מאַניערן, פּרעסטיזש און ברילִיאַנטענער פּערזענלעכקייט, איז איצט פֿאַרבליבן בלויז אַ אומעטיקער שאָטן. אין אַ גאָר קורצער צייט האָט ער געהאַט פֿאַרלוירן אין אייראָפּאַ זיין אָנגעזאַמלטן רייכטום; זיין קאָלעקציע מיט ווערטפֿולע מאָלערייען; זיין גלענצנדיקע בוכהאַנדלונג וואָס איז געווען אַ צענטער נישט בלויז פֿאַר דער אידישער, נייערט אויך פֿאַר דער פּלעמישער אינטעליגענץ. ער האָט געהאַט פֿאַרלוירן נישט בלויז זיין גאָלד, זיין גרויסאַרטיקע הײַם, נייערט אויך זיין משפּחה. ער איז געקומען אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן מיט זיין געליבטע פּרוי און צוויי קליינע קינדער. (ער האָט שפּעט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט איינע אַ גרושה וואָס איך פֿלעג אַמאָל באַגעגענען אין זיין בוכהאַנדלונג. אַלטמאַנס ערשטע פּרוי איז געווען די טאָכטער פֿון דעם שריפֿטשטעלער און גרויסן למדן ד"ר ע. גינציג. ד"ר גינציג איז געווען אַ דייטשער איד וואָס האָט געשריבן חיבורים וועגן ליטעראַטור און פֿילאָסאָפֿיע.)

איצט, זיצנדיק אין מיין מאַנסאַרדע ביי אַ גלעזל קאָווע, האָבן מיר גע־רעדט וועגן אַ וועלט מי טפֿאַרגאַנגענע מענטשן און כאַראַקטערן. ווי מור־ראַדיק־שנעל די צייט האָט אַרויסגעבראַכט און פֿאַטאַל דיריגירט מיט שיקזאַלן און מזלות פֿון פֿעלקער און פּערזענלעכקייטן. דער בייזער געניוס פֿון געשיכטע האָט פֿאַר אונדזערע אויגן געעפֿנט די סודות און דראַמעס פֿון

יאָרטויזנטער, זיי אָפּשפּילנדיק ממש אין געציילטע חדשים און וואָכן ... איך האָב באַמערקט אַז אַלטמאַן זעט אויס ווי צעטומלט און פּאַראַליזירט. עס איז געווען שווער פאַר אים צו באַנעמען וואָס אַזוינס עס איז מיט אים געשען. דער מענטש איז געווען שטאַרק דערשראָקן און צעטריסלט.

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך געפירט דעם געפּאַלענעם פירשט אַלטמאַן צו נחום כאַנין, דעם בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג. איך האָב מיין אומעטיקן גאַסט פאַרגעשטעלט פאַר כאַנינען מיט דער גע־העריקער פּיעטעט און איך האָב ביי אים געבעטן פאַר מיין אָרעמען פריינט אַ פּאַסיקע לערער־שטעלע, כדי ער זאָל ווי עס איז זיך קענען שטעלן אויף די פיס. אָבער אַלטמאַן, נאָכן האָבן געקראָגן אַזאַ שטעלע, האָט אין אַ קורצער צייט אַרום פאַרלאָזט ניו־יאָרק און ער איז מיט דער צייט גע־וואָרן אַ וויכטיקער פּעדאַגאָג און עסקן אין דער העברייאישער באַוועגונג אין שיקאַגאָ. ער האָט אויך ווידער געעפנט אַ בוכהאַנדלונג וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ צענטער פון אידישער מאַלעריי.

דער טויט האָט ייִנגערהייט צוגענומען זיין געליבטע פרוי. שפּעטער האָט ער אַליין איר נאָכגעפאָלגט, אַ האַרצליידנדיקער און אומגליקלעכער מאַן. אין מיין אייזערנעם קופערט, צווישן טויזנטער בריוו פון פאַרשידענע מענטשן, וואָס איך האָב דערהאַלטן אין משך פון די לעצטע פיר צענדליק יאָרן, ליגן אויך אַ צאָל פון מערקווירדיקע בריוו, וואָס זיינען מיניאַטורנע ליטעראַרישע מייסטערווערק, דורכגעדרונגען מיטן שוין דערמאָנטן אומ־היילבאַרן פּעסימיזם.

מיר קערן זיך צוריק אום צו דעם וואָס איך האָב אין אָנהויב געשריבן: אַלטמאַן האָט געקענט ווערן, לויט זיין באַגאַזש פון טאַלאַנט און הויכער קולטור, אַ באַדייטנדיקער שריפטשטעלער. ער האָט אויך געקענט פאַרנעמען אַ פּראָפעסאָר־שטעלע אין אַ וויכטיקן אוניווערסיטעט, לויט זיין אינטעלעקט און זיינע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן. אָבער אַ סאָרט ווערמדיקער ציניזם האָט פאַרניכטעט זיין קאַריערע. ער האָט צופיל געקענט, געוואוסט און פאַר־שטאַנען. ער איז געווען צו קלוג. עס איז אים אַלץ לייכט אָנגעקומען. עס איז אפשר נויטיק אַז דער אמתדיקער טאַלאַנט פון גאָט׳ס גענאָד זאָל זיין אַ ביסל באַגרענעצט אויף אַנדערע געביטן. אַז ער זאָל צוליב אַ סיבה זיין צוגעשמידט צו איינזאַמקייט און שטילקייט. די מענטשן פון גאונות איז פאַרבאָטן צופיל ליב צו האָבן דאָס לעבן מיט זיינע פאַרגעניגנס און באַ־קוועמלעכקייטן. עס איז צו זייער קונסט אַליין צו וועלכער זיי באַדאַרפן זיין אַכזריותדיק פאַרשקלאַפט און פאַרליבט. אַלטמאַנען איז דאָס ייִנגע, ענטוזיאַסטישע לעבן אַנטקעגנגעגאַנגען ווי אַ ייִנגפרוי האַלטנדיק אין דער האַנט אַ טאַץ מיט פינקלענדיקן ווייַן און לעקעך. די שענסטע ווייבער האָבן צו אים איינלאַדנדיק געשמייכלט און געגלוסט. ער האָט ליב געהאַט דאָס רייצנדיקע לעבן אין אַלע זיינע פיזישע אַפּעטיטן און תענוגים. די רויזן

פון לעבן, די בלומען פון שלעכטס, האָבן אים געררייצט או פאַרשיכורט. ער האָט געקענט לייכט באַווירקן און גייסטיק היפּנאָטיזירן פריינט און געזעל־שאַפטלעכע פירערס. עס איז אים נישט שווער אָנגעקומען צו פאַרפירן פרויען, צו ברעכן די סענסיטיווע הערצער פון די גראַציעזסטע דאַמעס. דאָס לעבן איז פאַר אים געווען אַ גרויסאַרטיקער באַל אין גאָלדיקן זאַל פון אַ פּאַלאַץ, וואו דאָס ליכט איז קינסטלעך און דאָס אויג רוט תּמיד אויף געשמינקטע פּנימער, אויף צירונג, זייד און קרינאָלינעס. אַלטמאַן האָט דעריבער אָפּגעגעבן זיין זשעניע, ווי אָסקאַר ווײַלד, צום לעבן. און בלויז זיין טאַלאַנט האָט ער געווידמעט צו גייסטיקע ענינים. פּונקט ווי עס איז געשען מיט אָסקאַר ווײַלדן, האָט דער שרעקלעכער זעץ וואָס ער האָט געקראָגן אין סאַמע האַרצן, בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אים צעשמעטערט און ער האָט שוין קיינמאָל מער נישט געקענט קומען צו זיך. די שווערסטע זאַך איז בכלל פאַר אַ מענטש, וואָס האָט שוין געפּטרט זיינע מאַזשאָרנע כּוחות אויף אויפצובויען זיין לעבן, אָנצוהויבן אַ ניי לעבן, אין אַ פרעמדן לאַנד, ביי שווערע באַדינגונגען און נסיונות. משה אַלטמאַן איז געווען איינער פון די פונפציק מיליאָן קרבנות אין דער שרעקלעכער טראַגעדיע וואָס די היטלער־מלחמה האָט געבראַכט צו די פעלקער פון איראָפּאַ און הויפּטזעכלעך צום אידישן פאָלק. —

---

אַלטמאַנס באַקאַנטסטער פריינט איז געווען דער סאָציאַליסט און בונדיסט דוד גראַמפּ, וואָס איז געהאַט געוועזן אין מאָסקווע בשעת דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ער איז דאָרט געווען אַ וויכטיקער באַלשעוויק, ווענמען מען האָט שפּעטער געשיקט אויף עפּעס אַ פּאָליטיש שליחות קיין בערלין. ער האָט אָבער מיטגעפירט אַ היפּשע סומע געלט פאַר די ספּאַרטאַקיסטישע פירערס. אָבער ער איז אַנטלאָפן פון די באָלשעוויקעס. אין בערלין האָט ער געגרינדעט אַ באַדייטנדיקן פאַרלאַג. ער האָט אַרויסגעגעבן וויכטיקע ווערק פון די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע גדולים. דערנאָך איז ער געקומען קיין אַנטווערפּן און ער האָט דאָרט געעפנט אַ אידישע דרוקעריי. אַ קורצע צייט האָב איך ביי אים געאַרבעט אַלס האַנט־זעצער. אונטער משה אַלטמאַנס איינפלוס האָב איך איבערגעלאָזן אַ גוטן פּאָסטן אין דער דרוקעריי פון אַ געוויסן ברוינפעלד כּדי צו אַרבעטן אין גראַמפּס מכלומרשט „סאָציאַליסטישער" דרוקעריי. אָבער ער איז געווען אַ שטרענגער פּאַטראָן. איך האָב ביי אים אויסגעהאַלטן בלויז געציילטע וואָכן. אין שמועסן מיט מענטשן פלעגט ער זיין פריינטלעך, אָבער אויך ציניש און פאַרביסן. יעדער ווילע פלעגט ער אַריינפאַלן צו אַלטמאַנען אין דער בוכהאַנדלונג. ער פלעגט ברענגען פרישע פּאָליטישע נייעסן פון פאַרשידענע לענדער. עס איז געווען די צייט ווען היטלער האָט באַהערשט דייטשלאַנד און שפּעטער אַ שטיק וועלט. אַלטמאַן און גראַמפּ זיינען געווען געניטע פּאָליטיקער און גלענצנדיקע אויסטייטשער פון די אַקטועלע געשעענישן.

איך פלעג דעמאָלט אָנקוקן אין די אידישע רעסטאָראַציעס אויף קיוויט סטראַטע און אויף די אַנדערע שטאָטישע גאַסן די ערשטע פּליכטלינגען פון דייטשלאַנד. זיי האָבן פאַרקויפט און געבעטלט מיט האָרענע קעמלעך, שנוראָוואַדלעס און שאַכטלעך שוואוואַקס. גאַנצע משפחות זיינען געווען געצוואונגען אָנצוקומען נאָך צדקה צו דער „עזרא". די דאָזיקע טרויעריקע שאָטנס, אַרויסגעטריבענע פון דייטשע שטעט, וואו זייערע עלטערן און אור־עלטערן האָבן געהאַט געוואוינט זינט כמעט טויזנט יאָר צייט, האָבן קיין שום גוטס נישט אָנגעזאָגט. איך פלעג זיצן ביז אין דער שפּעטער נאַכט אין די קאַפעען און אָנקוקן די איידעלע און אומעטיקע פּנימער, מיט די גליענדיקע אידישע אויגן, פון די דאָזיקע פּליכטלינגען פון היטלערס דייטש־לאַנד. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געפילט אַז בעלגיע, האָלאַנד און גאַנץ צענ־טראַל־איראָפּאַ זיינען איינגעשטעלט מיט אַלע אידישע לעבנס.

ביינאַכט, אַהיימקומענדיק פון גאַסן, רעסטאָראַציעס און איבערלעבענישן, האָב איך לאַנגע שעהן פאַרן איינשלאָפן געטראַכט וועגן דעם גאַנג פון דער אידישער געשיכטע. די אַנטלאָפענע אידן האָבן מיך דערמאָנט אין יענע טראַגישע זינגערס וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרן צו שפּילן און צו זינגען ביי די טייכן פון בבל. די עלטערזיידעס פון די איצטיקע דייטש־אידישע פּליכטלינגען זיינען דאָך אויך אַנטלאָפן פון שפּאַניען איבער אַלע ימים און לענדער פון דער וועלט...

ד. גראָמפּ האָט געהאַט אַ ריזיקע ביבליאָטעק פון זעלטענע סאָציאָלאָגישע ווערק; פון ערשטע אויפלאַגעס פון דייטשע און פראַנצויזישע קלאַסיקערס. ער האָט געהאַט אַ הויכע, קלוגע און איידעלע פרוי, ציליע, און אַן איינציקע טאָכטער וואָס איז געווען טעטיק ביי דער אַנטווערפּענער סאָציאַל־דעמאָק־ראַטישער יוגענט. די געזעלשאַפט פון גראָמפּן איז נישט געווען קיין אי־בעריקס אָנגענעמע. ער האָט געקענט אין איין רגע לויבן ביזן הימל און אין דער אַנדערער רגע שעלטן און אַפילו באַליידיקן. עס איז אין אים געזעסן אַ דיבוק. עפּעס אַ נישטגוטער האָט אַרויסגעשריגן פון זיין בלוט. ער האָט די מערסטע מענטשן, וועלכע ער האָט געוויינלעך באַרעדט, געפּרואווט פאַרוואַנדלען אין גייסטיקע קריפּלען און הויקערס. ער האָט גע־האַט אַן אויסגעקרומט מויל, ווי ביי דזשעראָם באָש'ס אַ קאַריקאַטור. ווי אַזוי ער האָט דווקא געקראָגן אַ פרוי אַ שוינקייט, אַ קראַסאַוויצע, וועט פאַר מיר שוין בלייבן איינע פון די סודות פון דער נאַטור.

מיט גראָמפּ'ס אַ יינגערער טאָכטער איז איינמאָל געהאַט געשען אַ גרויס אומגליק. גראָמפּ האָט געהאַט אַ פריינט, דעם אידישן זשורנאַליסט ז. טיגעל. טיגעל פלעגט זיין אַן אָפטער איינגייער אין הויז. איינמאָל האָט ער אויסגענומען זייער מיידעלע אויף אַ שפּאַציר. אַריבערגייענדיק מיט איר די גאַס איז אָנגעקומען אַ קאַמיאָן און האָט זי אויפן אָרט דערהרגעט. טיגעל, אַ שווינדזוכטיקער און אַ באָהעם, האָט דערנאָך געלעבט אַ יאָר

אָדער צוויי נאָך דער פּאַסירונג. ער האָט זיך, פאַרשטייט זיך, שטאַרק גענומען צום האַרצן דאָס אומגליק און ער האָט פאַרלאָזט די וועלט, וואָס איז צו אים געווען ברוטאַל, אין קאַרגן עלטער פון בלויז עטלעכע און דרייסיק יאָר, איבערלאָזנדיק אין ביטערער אָרעמקייט אַ יינגע פרוי מיט פאַריתומטע קינדער.

איך געדענק ז. טיגעל מיט ווייניק סימפּאַטיע. עס איז מיר געבליבן אין זכרון זיין בלייך, אַסקעטיש פּנים און זיינע טונקעלע, פיבערישע אויגן. ער איז געווען אַ געבוירענער ציגיינער, אַ שיכּור, קאָרטנשפּילער און נאַכט־וואַנדערער. ער פלעגט הוליען, טרינקען און פאַרברענגען אין וויינקעלערן און קנייפּעס די מערסטע נעכט פון זיין לעבן, אַ היימקומענדיק אין באַגינען אַ מידער, אַ הוסטנדיקער מיט בלוט און אַ רויכערנדיקער, צום באַליידיקטן וויב און צוויי יינגלעך, וואָס האָבן געהונגערט און זיינען אַרומגעגאַנגען נאַקעט און באָרוועס. ער האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס אין פּאַריזער „היינט", רעדאַקטירט דורך ש. י. יאַצקאָן, אונטערן פּסעוודאָנים „ז. טילי". ער האָט געהאַט פעאיקייטן צו שרייבן זשורנאַליסטיק. אָבער ער האָט ווייניק געשריבן. זיין טאַלאַנט האָט זיך אויסגעדריקט אין זעלבסטפאַרניכטונג, אין זינלאָזער באָהעמיע, אין שנאה צום אַזוי־גערופענעם נאָרמאַלן קליינבירגער, אין אילוזיעס און איינרעדעניש אַז אַ שרייבער טאָר נישט לעבן אויף קיין נאָרמאַלן „פיליסטערישן" שטייגער.

ווי געזאָגט, די אָרעמקייט אין זיין היים איז געווען אַ מוראדיקע. די שווינדזוכט און דאָס ציגיינעריש־באָהעמישע לעבן האָבן אים נישט דערלויבט צו טאָן עפּעס קאָנסטרוקטיווס, כּדי צו פאַרדינען אויף אַן אָנשטענדיקן אופן פאַר די באַדערפעניש פון זיין הויזגעזינד. הונגער און קראַנקהייט, זאָרג און נויט, האָבן אים אַלט געמאַכט פאַר דער צייט. קריינקונג און דער פּיין פון געוויסן אויפן טויט פון זיין פריינטס געליבט טעכטערל האָבן אים פּריצייטיק געטריבן אין קבֿר אַריין.

דאָס אומגליק מיט די מערסטע פענמענטשן, האָב איך שוין באַמערקט מיט יאָרן צוריק, איז געווען זייער ביטערער און ווערמדיקער ציניזם, וואָס האָט צעשטערט דעם ערנסט און די הייליקייט פון לעבן. בפרט פון דער ליטעראַטור. נאָך איידער עפּעס האָט רעכט צייט געהאַט אַרויסצושפּראָצן, האָבן די דאָזיקע לייט עס שוין געהאַט פאַרשוועכט מיט זייער ציניזם. די מערסטע אַנטווערפענער ליטעראַטן זיינען געווען ציניקער נאָך איידער זיי האָבן זיך באַמיט צו שאַפן עפּעס פון אַ דויערהאַפטן ווערט. דאָס איז אַ שטריך, אַן אייגנשאַפט, וואָס איך האָב זינט יענער צייט אָבסערווירט ביי אומצייליקע מענטשן פון דער פעדער. —

מיט יאָרן שפּעטער, ביים אָנפאַנג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָב איך זיך געפונען אַלס פּאַציענט אין אַ סאַנאַטאָריום אין לאָס אַנגעלעס. עס איז געווען דאָס יאָר 1939. גייענדיק איינמאָל אין אַ זוניקן

נאָכמיטאָג איבער די טומלדיקע גאַסן פון דער שטאָט, האָב איך פּלוצ־לינג געטראָפן אַ מאַן וואָס לויט זיין הויכן אַקסל און פאַרדעכטיקן אויסזען פון זיין קאַרק האָט ער מיר אויסגעוויזן צו זיין מאָדנע ענלעך צו מיין אַמאָליקן באַלעבאָס. איך בין געווען איבעראַשט צו דערקענען גראַמפּן אין פּערזאָן. ער איז איצט געווען אַ פליכטלינג פון היטלעריסטיש־אָקופּירטן בעלגיע. ער איז געווען איינזאַם און שטאַרק פאַרביטערט. זיין ביינער־דיק און ציגיש פּנים האָט אָנגענומען דעם אויסזען פון עפּעס אַ בייזע קאַ־ריקאַטור, אין סטיל פון געניאַלן דאָמיע. פּונקט ווי משה אַלטמאַן האָט געהאַט פאַרשלאָסן זיין בוכהאַנדלונג „קלאַרטע" און געטראָגן אין דער ווייטער וועלט אַריין, איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן, בלויז דעם אייזערנעם שליסל פון זיין גאַנצן פאַרמעגן, אַזוי האָט אויך גראַמפּ נישט מער באַזעסן ווי דעם שליסל צו זיין דרוקעריי און פון זיין לוקסוסדיק־אויסגעמעבלירטן הויז. ער האָט נאָך עפּעס פאַרמאָגט: אַ סאַרקאַסטישע צונג און אַ לאָגיש־דענקענדיקן מוח וואָס האָט גאַנץ קלאָר אָפּגעשאַצט די שרעקלעכע לאַגע אין אייראָפּע. עס איז געווען אין אים תמיד, בפרט איצט, די פינצטערניש און די אומהיימלעכקייט פון אַ קראָ, וואָס האָט צוגעזען יאָרנלאַנג ווי די וועלט פוילט און ווערט רייף אַריינצופאַלן אין די לאַפּעס פון דעם היטלעריס־טישן מאָנסטער.

איך האָב עטלעכע מאָל פאַרבראַכט ביי גראַמפּן אין דער היים. ער איז געווען, פאַרשטייט זיך, מאָרביד און ביטער געשטימט. ער האָט איצט באַדאַרפט אַלץ אָנהויבן אויפדאָסניי. ער האָט געמוזט זוכן פּרנסה אין אַ פרעמד לאַנד, מיט צו אים אומבאַקאַנטע באַדינגונגען. ער האָט קיין שום קאַפּיטאַל נישט באַזעסן. דעמאָלט, ווען ער איז אַנטלאָפן פון די באָלשע־וויקעס און ער האָט אין בערלין אָנגעהויבן אַ ניי לעבן, איז ער דאָך געווען מיט איבער אַ פערטל יאָרהונדערט יינגער, קאַמפּסלוסטיקער און ענטוזיאַסטישער. אין לאָס אַנגעלעס האָט געלעבט זיינס אַן עלטערער ברודער. אָבער אַ צווייטער ברודער איז געהאַט געבליבן אין בעלגיע און ער איז שפּעטער אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע אין אוישוויץ. משה אַלטמאַן האָט מער נישט געוואוינט בלויז עטלעכע גאַסן ווייטער, צו וועמען ער פלעגט עטלעכע מאָל דורכן טאָג אַריינפאַלן, זיך צעשרייען, זיך קאָכן און כסדר אַוועקגיין אַ דערפרישטער פון דער סביבה פון גייסט, געדאַנק און אינטעלעקט. אָן אַלטמאַנען איז גראַמפּ געווען אַ דערשלאָגענער מענטש.

נאָכן האָבן פאַרבראַכט דריי לאַנגע יאָרן אַלס פּאַציענט אין דענווער־סאַנאַטאָריום און אַ קנאַפּ יאָר אין דער עקספּאַציענטן־היים אין לאָס־אַנגעלעס, האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק, כדי צו וואוינען מיט מיין אַלטער מוטער אין די בראָנקס, וואָס איז שוין איצט געווען אַן אַלמנה נאָכן טאַטן. פרוי גראַמפּ, אַן אמת'ע דאַמע אין כאַראַקטער און געשטאַלט, איז פאַרבליבן, ווי אין די גוטע טעג אין בעלגיע, גאַסטפריינט־

לעך און ליבנסווירדיק. זי האָט מיר מיטגעגעבן אַ שאַכטעלע מיט געשמאַקפּול־געבאַקענע קיכלעך פאַר זייער איינציקע טאָכטער וואָס האָט שטודירט אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט. זי האָט פאַר מיר אַליין אויך מיטגעגעבן אַ פּעקל מיט אירע אייגענע מאַמעשע הענט געבאַקענע, היימישע קיכלעך. איך בין געזעסן אין וואַגאָן, וואָס איז אין דער נאַכט געלאָפן איבער די פּרעמדע, אַמעריקאַנישע לאַנדשאַפטן; איך האָב שטילערהייט נאָכגעטראַכט וועגן די מוראדיקע געשעענישן פון אונדזער צייט; וועגן דעם ווינט־און־ווירבל וואָס האָט חרוב געמאַכט פּאַלאַצן, טעמפּלען און הייזער פון מעכטיקע שטעט און לענדער און האָט אַרומגעשליידערט מיט זייערע אייגנטימערס וואָס זיינען איצט געוואָרן אָרעמע און נאַקעטע נשמות, פול מיט פּחד און אַנגסטן. בשעת איך האָב אַזוי געטראַכט וועגן דעם גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע און וועגן דעם גורל פון אונדזער אוראַלטן, אומגליקלעכן פאָלק, האָב איך מעכאַניש געקייעט די געשמאַקפּולע קיכלעך.

דוד גראַמפּ איז געווען אַ פריינט פון זלמן שניאור, שלום אַש, אַנדזשעליקאַ באַלאַבאַנאָוואַ און אַנדערע גדולים. איך האָב אים מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער האָט געלאַנדעט אין ניו־יאָרק, געזען אין די נעכט ביים לינאָטיפּ פון זיין ניו־יאָרקער דרוקעריי און זעצן מיט גרויס באַגייסטערונג שלום אַש׳ס קריסטלעכע ווערק. די מערסטע זעצערס זיינען מבינים אויף ליטעראַטור און זיי באַזיצן די פעאיקייט צו אַנאַליזירן און צעגלידערן אַ קינסטלערישע ווערק. זייער אומגאַנג און דערפאַרונג מיט ליטעראַטור מאַכט זיי פאַר ספּעציאַליסטן אויף דעם געביט. גראַמפּ האָט שטאַרק געלויבט שלום אַש׳ס סטיל און זיין פולבלוטיק לשון, כאָטש ער, גראַמפּ, איז געווען ווייט פון אַש׳ס ראָמאַנטישקייט. שלום אַש׳ס לעצטע ווערק, וועלכע זיינען פריער געהאַט דערשינען אויף ענגליש ווי אין אָריגינאַל, זיינען פאַקטיש דערשינען אין גראַמפּס פאַרלאַג, פאַרשטייט זיך, מיטן מחברס פינאַנציעלער אונטערשטיצונג. אויך זלמן שניאורס באַוועלן, זיין „נח פאַנדרע״ און „קיסר און רבי״, זיינען דורך אים געזעצט געוואָרן. גראַמפּ האָט געפונען אַ גייסטיקע באַפרידיקונג אין שניאורס חוזק און ציניזם. שפּעט ביינאַכט, ווי געזאָגט, איז ערגעץ אין אַ ניו־יאָרקער פינצטערער געביידע געזעסן ביים זעצמאַשין איינער אַן עלטערער מאַן און האָט, זעצנדיק זיין פאַרערטן מייסטערס ווערק, געקייכט פון געלעכטער. דערביי איז זיין סאָרט געלעכטער געווען עפּעס טייוויליש און דונערנדיק, וואָס האָט באַזונדערס אימהדיק אָפּגעקלונגען אין דער טויטער שטילקייט פון דער נאַכט. שניאורן, כאָטש ער האָט געקענט זיין קאָמפּליצירטן כאַראַקטער און זשעדנעקייט צו געלט, כבוד און באַרימטקייט, האָט גראַמפּ פאַרערט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

מיט צייט און יאָרן איז גראַמפּ אַפילו געוואָרן נאָך צינישער און סאַרדאָנישער. ער האָט באַזעסן דעם שרעקלעכן טאַלאַנט פיינט צו האָבן מענטשן און צו קענען זיי פאַרוואַנדלען אין זייַנע שונאים. ער האָט שוין

אויך אָנגעהויבן צו קריינקען אויפן האַרצן. צו גלייכער צייט האָט ער זיך איצט אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן מיט ווייבער... מען פלעגט אים זען אין האַרלעמער געסלעך, ווי דעם טייוולישן ד״ר דזשעקיל, לויפן צו פאַרדעכטיקע טירן און טויערן, כדי אָנצוקומען צו פּרויען וואָס האָבן באַזעסן די טונקעלע הויט פון דער פאַרצייטישער מלכּה פון שבא...

איינמאָל אין אַ טאָג, עסנדיק און זיך ראַנגלענדיק אַ נערוועזער ביים הימישן מאָלצייט מיט הינערישע פלייש, איז ער דערשטיקט געוואָרן צום טויט פון עפּעס אַ נישטיק ביינדל אין האַלדז. איך בין געגאַנגען צו זיין לוויה. איך האָב געהערט די פּאָר סקאַרבאָווע רעדעס. איך האָב געזען די קרענץ מיט בלומען. איך האָב ביי זיך געטראַכט וועגן די אַלע רעדנערס:

— איר האָט נישט געקענט דעם אמתן כאַראַקטער פון דעם מאַן מיטן פּנים פון וואַקס וואָס ליגט פאַר אייך אַ אָפענער אין דעם אָרון. איך האָב אים יאָ געקענט. איך וואָלט געוועןן אימשטאַנד אָנצושרייבן וועגן אים אַ גאַנצן באַנד פּראָזע. ער איז געווען אַ פּולבלוטיקער כאַראַקטער ווי פון באַלזאַקס אַ נאָוועלע. ער האָט געלעבט אַ פולן, דראַמאַטיש און ליידנשאַפטלעך לעבן. ער האָט יעדער רגע פון זיין מעת־לעת זיך געשלאָגן און געראַנגלט ווי יעקב מיטן מלאך. דאָס איז געווען אַ שטיק פּערזענלעכקייט וואָס האָט וואויל אַריינגעפּאַסט מיט זיין סאַרקאַזם, עקשנות, הויכע קולטור און חכמה, אין דער מוראדיקער ראַם פון זיין דור און זיין צייט...

זיין פרוי צעליע איז נאָך געווען אַ סך יאָרן טעטיק אין דעם היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין די בונדישע קרייזן. איך פלעג זי תּמיד זען אויף די סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען, נאָך אַלץ אַן אימפּאָזאַנטע דאַמע, וואָס האָט מיט איר הויכקייט אַריבערגעטורעמט אַלעמענס קעפּ. עס האָט געשיינט אַז די צייט וואָס בויגט איין גיבורים און עקסעלענצן צו דר׳ערד, האָט נישט קיין שום שליטה אויף איר פיזישער און גייסטיקער פּערזענלעכקייט. אָבער איינמאָל האָט דער גורל, וואָס איז ווייזט אויס, געהאַנגען איבער די קעפּ פון איר קליינער פאַמיליע מיט עפּעס אַ פאַטאַלער קללה, פאַר איר פאָרט אָנגעצייכנט אַ לעצטן און טראַגישן טאָג. עס איז פּונקט דעמאָלט אויסגעפאַלן דער יאָרצייט נאָך אַ בונדישן טוער. דער גביר און מעצענאַט מלך ברין האָט אַרויסגעפירט צום בית עולם אַ גרופּע פריינט. אָבער ער האָט דעם אויטאָמאָביל, צווישן די קברים, נישט באַוויזן אָפּצושטעלן. ער איז אומפאַרזיכטיק און מיטן גאַנצן אימפּעט אַרויפגעפאָרן אויף דער נאָבעלער און טרויערנדיקער צעליע גראָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אַ פאַרטראַכטע און איינגעבויגענע איבער איר מאַנס קבר און, ער האָט זי אויפן אָרט דערהרגעט. אַזוי אַרום איז די שטאָלצע, קלוגע און גרויסאַרטיקע פרוי, וואָס האָט תּמיד באַוויזן מיט איר טאַקט און איידלקייט אָפּצושוואַכן איר מאַנס שטייפקייט און סנאָביזם, אומגעקומען מיט אַן ענלעכן טויט ווי

איר קליינטשיק טעכטערל מיט יאָרן צוריק, ווען דער שלימזלדיקער זשור־נאַליסט טיגעל האָט זי געפירט ביים הענטל. יאָ, דער גורל האָט נישט פאַרגעסן כמעט יעדן איינציקן פון זיי צו באַשערן אַ טראַגישן סוף. פונקט ווי העכערע כוחות וואָלטן זיך געוועט און באַשטראָפט דעם דווקא ניכטערן אַטעאיסט און ציניש פאַרלייקענער פון גאָט...

איך דערמאָן זיך איצט אַז נאָך אין יענע טעג, בשעת זייער ליב מיידעלע איז געהאַט אומגעקומען, האָט מען געזען גראָמפן און זיין פרוי אין דער פלעמישער אָפּעראַ, אין אַ לאָזשע. פרוי גראָמפּ איז געווען אויס־געפוצט אין עסיק און אין האָניק. עס איז שווער צו זאָגן ווי אַזוי די דערשלאָגענע עלטערן האָבן בלויז אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער נאָכן שרעק־לעכן אומגליק מיט זייער געליבט קינד געוואַגט זיך צו באַווייזן פאַר מענטשן אין דער אָפּעראַ, אויף אַ פאָרשטעלונג פון „פאַרסיפאַל״. מענטשן אין שטאָט האָבן נאָך לאַנג גערעדט וועגן דעם דאָזיקן אויגנאויפרייסנדיקן אופן פון גיין זיך מכלומרשט צעשטרייען נאָך אַזאַ וויסטן אומגליק.

---

יעקב צבי לעמל איז געווען אַ הראָבנער, קליינגעוואוקסיקער און פריינטלעכער מענטש מיט אַ פּיצל פּנימל ווי ביי אַ זיבעלע. עס שיינט אַז ביים סאַמע געבורט זיינעם האָט דעם מלאך וואָס קנעט אויס די מענטש־לעכע באַשעפענישן פאַרפעלט גענוג טייג כדי אויסצופורעמען זיין פולן געשטאַלט. ער איז פאַקטיש געווען ענלעך צו אַ לעמעלע. איך פלעג זיך מיט אים אָפט באַגעגענען, גיין שפּאַצירן צוזאַמען אין די געסלעך פון אַנטווערפּענער היסטאָרישן האַפן, עסן צוזאַמען אין אַ געוויסער רעסטאַ־ראַציע וואָס האָט געהערט צו דער פאַמיליע דאַר, וואו מען פלעגט עסן מילכיקס; וואו עס זיינען געווען עטלעכע צייטיקע טעכטער וועלכע זיינען אַגב שפּעטער אַלע אומגעקומען דורך פאַרשידענע מיתה משונות, אויסער איינע, די יינגסטע, וואָס האָט זיך געראַטעוועט ווי דורך אַ נס. דאָ האָב איך געהערט די מוזיק פון דעם ערשטן ראַדיאָ־אַפּאַראַט וואָס איז אָנגע־קומען קיין בעלגיע. געהיימערהייט האָט לעמל אויך געשריבן. ער האָט מיר שטילערהייט דערציילט אַז ער האָט ליגן פאַרענדיקטע און פאַרטיקע, גרייט צום דרוק, צוויי גרויסע ביכער פון פלעמישן לעבן. אַלץ איז ביי אים שוין געווען פיקס־און־פאַרטיק כדי צו ווערן אַ וועלט־באַרימטער שריפטשטעלער. ער האָט נישט געוואוסט אַז די שרעקלעכע מלאָכה פון שרייבעריי איז אַן ענין פון יעדן טאָג האָרעוואַניע ביים אמתן קינסטלער; אַז מאַנוסקריפּטן נויטיקן זיך אין כסדרדיקן אַרבעטן און איבעראַרבעטן; אַז מען ווערט נישט איבער נאַכט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער; אַז דאָס צעך פון שרייבן מוז פאַקטיש קאָסטן דאָס געזונט און אַמאָל אויך דאָס לעבן פון דעם געבענטשטן און פאַרשאָלטענעם מחבר; אַז מען קען נישט אַזוי לייכט אַוועקלייגן פאַר דער אייביקייט „צוויי ווערק״ און זיין אַבסאָלוט

זיכער מיט זייער פּאַרטיקער מייסטערשאַפט אָדער אַפילו מיט אויבערפלעכלע־כער דרוק־פעאיקייט.

אָבער לעמל איז געווען אַ מאָדנער מענטש. ער האָט באַשיינפּערלעך געגלויבט אַז זיינע ווערק זיינען געניאַלע. איינמאָל האָט ער מיך אַפילו פאַרזיכערט אַז די אַנטווערפּענער פּאָליציי־לייט רעספּעקטירן אים, ווייל זיי ווייסן אַז ער איז אַ באַדייטנדיקער שריפטשטעלער... עס איז פאַר מיר געווען אַ נייעס צו הערן אַז די פּאָליציי האָט גאָר וואָזשנע דרך־ארץ פאַר ליטעראַטן. איך האָב פאַקטיש אין דעם מאָמענט לעמלען דערזען אין דער ראָלע פון אַ גייסטיק־קראַנקען מענטש...

אויס פשוטער נייגעריקייט האָב איך געבעטן יעקב צבי לעמלען מיר צו ווייזן כאָטש איין איינציקן מאַנוסקריפּט, כדי באמת צו זיין אימשטאַנד אָפּ־צושאַצן די קינסטלערישע מדרגה פון זיינע דורך אים אַליין שטאַרק געלויבטע ווערק. איך האָב חשק געהאַט צו וויסן אויף ווי וויט מיין פריינט איז טאַקע אַ שלימותדיקער קינסטלער פון וואָרט. אָבער דאָס וואָס איך האָב פאַרדעכטיקט, האָט זיך באַשטעטיקט. זיין מאַנוסקריפּט איז געווען אומגעלומפּערט אָנגעשריבן. די שפּראַך איז געווען אַ רויע, פּרימיטיווע און גאָרנישט קיין קאָרעקטע. ער האָט פשוט נישט געקענט שרייבן יידיש. עס האָט אים גאָר אַ סך געפעלט כדי צו קענען אָנשרייבן אַ קליינע דערציילונג אָדער אַפילו אַ פשוט שטיקל כראָניק. זיין איינציקע מעלה איז געווען דאָס וואָס ער האָט געקענט אַ ביסל דאָס לעבן פון די פלעמישע פאָלקסמאַסן. לעמל איז געקומען פון זיין געבורטסשטעטל סאָסנאָוויץ קיין אַנטווערפּן אין יאָר 1919. זינט דעמאָלט האָט ער יאָרנלאַנג פאַרבראַכט אין פלעמישע דערפער, צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג און הונגעריקע פּויערים. זיין פּראָפעסיע איז געווען דאָס פאַרגרעסערן און רעטושירן אַלטע, צעריסענע און אָפּגעמעקטע פאַמיליענפאָטאָגראַפיעס וואָס האָבן זיך פאַרוואַלגערט ביים פאָלק.

איינמאָל אין אַ טאָג האָט לעמל ביי מיר גענומען דאָס בילד פון חייעלע וויינטרויב, מיין עלטסטע שוועסטער שרה׳לעס טאָכטער, וואָס האָט געוואוינט אין לובלין מיט איר טאַטן און איר עלטערן ברודער אפרים־יעקב. איר מאַמע שרה׳לע איז מיט אַ סך יאָרן צוריק געשטאָרבן פון שווינדזוכט אין אַ יינגען עלטער. באַזוכנדיק איינמאָל אונדזער היים אין שטעטל, האָט זיך חייעלע מיט מיר צוזאַמען פאָטאָגראַפירט אויף אירע אייגענע הוצאות: גאַנצע אַכטע גראָבע, זילבערנע זלאָטעס. דאָס בילד איז צו מיר געבליבן הייליק ביזן היינטיקן טאָג. שטענדיק, ווען איך קוק עס אָן, ווערן מיינע אויגן פייכט פון טרערן. צו לאַנג בין איך נישט אימשטאַנד צו קוקן דאַרויף. וואָרים עס קאָסט מיך געזונט...

די זעלטענע פאָטאָגראַפיע האָט מיין פריינט לעמל געלאָזט פילפאַך פאַרגרעסערן. אויך דאָס טראַגישע פון אַ מענטשלעך לעבן איז ווי פאַרטיפט

געוואָרן דערינען. איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט האָט ער עס געבראַכט צו מיר, אין מיין מאַנסאַרדע, איינגעראַמט אין אַ דינער ראַם. דער זון־פאַר־גאַנג האָט אַריינגעטריפט מיט גאָלד אין מיין חדרל. איך קוק אָן דאָס בלומיקע פנים פון דער ערשטער ראָמאַנטישער פריינדין אין מיין לעבן. עס איז דערין פאַראייביקט געוואָרן מיין יוגענטלעכער אידעאַל פון אַ פרוי. מיינע אייגענע ערשטע זעכצן יאָר לעבן שטייען דאָ מיט אַ דינעם, טרויעריקן פנים, צוגעטוליעט צום צאַרטן, בלאַסן און קינדערישן פנים פון מיין פרעכטיקער און שטילער פלימעניצע חייעלע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין זעלביקן חודש און יאָר ווי איך. מיין גאָט! אַלע טרערן פון מיין גאַנץ לעבן קומען מיר אין האַלדז אַריין, אין די אויגן, ווען איך קוק אָן דאָס אידעלע בילד וואָס דאָס לעבן אַליין האָט דעמאָלט געמאָלן מיט אַ שענערער פראַכט ווי מיטן גאָלדענעם פענדזל פון אַ מאָלערישן געניוס... לעמל האָט גענומען בלויז עטלעכע פראַנק פאַר זיין אַרבעט. אָבער ער האָט אַריינגע־בראַכט צו מיר אין שטיבל, און אפשר אויך אין מיין לעבן, די פאַרגרעסער־טע פאָטאָגראַפיע פון מיין צאַרטער און אייביקער כלה. זי איז שפעטער פאַרברענט געוואָרן אין מיידאַנעק צוזאַמען מיט איר ליבן מאַן און טעכ־טערל. אָבער אינם בילד בליט אַלץ פאַר מיינע אויגן אַ יינגע, יידישע שיינקייט וואָס ווייסט אפשר נישט אין איר אומשולדיקייט אַז זי איז שוין לאַנג געשטאָרבן...

מיט יאָרן שפעטער האָב איך די פאָטאָגראַפיע געשאָנקען צו מיין שוועס־טער טעמעלע. איך בין דעמאָלט ערשט געהאַט געקומען קיין ניו־יאָרק. איך האָב נישט פאַרמאָגט ערגעץ־וואו, צווישן די מיליאָנען הייזער פון דער ריזיקער שטאָט, קיין אייגענע שטוב מיט פיר נאַקעטע ווענט. אַפילו נישט אַזאַ אָרעמע און גרויע מאַנסאַרדע ווי אונטער די דעכער פון אַנטווערפּן, און אויך נישט קיין באַשיידן־קאַלכדיקע וואַנט וואו איך זאָל קענען אויפהענגען אַ פאָטאָגראַפיע פון אַן אייגענער קרובה. האָב איך עס איינמאָל אין אַ טאָג, ווי אַן איבעריק שטיק מעבל אָן דער פאַסיקער היים, געבראַכט צו מיין שוועסטער און עס בגנבה, זי זאָל נישט באַמערקן, אויפגעהאָנגען אויף אַ שטיקל ליידיקער וואַנט אין מיין שוועסטערס בראָנקסער וואוינונג. ווען נאָר איך פלעג אין יענע יאָרן קומען אויף באַזוך צו מיין שוועסטער, האָב איך שטילערהייט אָנגעקוקט דאָס בילד מיט אַן אומטרייסטבאַרן אומעט אין האַרצן... איך האָב געפילט ווי איך וואָלט חייעלען געהאַט פאַראַטן אַלס מיין פריינדין...

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך זיך דערוואוסט פון אַ פאַריזער צייטונג אַז יעקב צבי לעמל לעבט אין בעלגיע. איך האָב צו אים גערן געשריבן און ער האָט מיר געענטפערט מיט ווייטיקלעכע בריוו, באַ־קלאָגנדיק דעם אומקום פון זיין געליבטער פרוי און צוויי קינדער, וואָס זענען פאַרשלעפט געוואָרן אין די מוראדיקע צייטן פון נאַצישן טעראָר קיין מעכעלין און פון דאָרט האָט מען זיי אַרויסגעפירט קיין פוילן כדי

פאַרגאַזט צו ווערן אין אוישוויץ. לעמל אַליין איז שוין דורך דער צייט געוואָרן אַלט, מיד און קראַנק. ער האָט מיר צוגעשיקט זיינס אַ פאָטאָ־גראַפיע. דאָרטן איז געשטאַנען אַ פרעמדער, גרייז־און־גרוי־געוואָרענער איד וועלכן איך האָב קוים דערקענט. דער גרויזאַמסטער רעזשיסאָר, ווי עס איז אַלעמען באַקאַנט, איז די טיראַנישע צייט.

עטלעכע יאָר שפּעטער האָט לעמל פאַרעפנטלעכט אַ בוך וועגן זיינע איבערלעבענישן בשעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אין בעלגיע, צווישן די יאָרן 1945—1940. דאָס בוך האָט געהייסן „טעג פון שרעק". איך האָב געלייענט די דאָזיקע אומפאַראַנטוואָרטלעכע און כאַאָטיש־געשריבענע זכ־רונות מיט אַ סך צער. דאָס איינציקע ווערק פון מיין פריינט יעקב צבי לעמל וואָס האָט געקענט און געדאַרפט זיין אַ היסטאָריש־וויכטיקער דאָקומענט פון די טראַגישע איבערלעבענישן פון די אידן אין בעלגיע בשעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, איז געווען אַ פולשטענדיקער דורכפאַל. דער מאַטעריאַל איז געווען שלעכט אָרגאַניזירט. לעמל, וואָס איז געווען אין אַ היסטערישן און פאַרצווייפלטן צושטאַנד, באַוויינענדיק דעם טויט פון זיין פרוי און זייערעביידע ייִנגע זין, וועמען ער האָט, אַגב, אַליין צוגערעדט און געהייסן זיך צושטעלן קיין מעכעלין, צו די נאַציס, כדי זיי זאָלן זיין „צוזאַמען מיט זייער אַרעסטירטער מוטער", האָט זיך דערלויבט צו רעדן וועגן דעם פלעמישן פאָלק אויף אַ סקאַנדאַליעזן שטייגער. דער צעטומלטער, צעררייצטער און גייסטיק נישט באַלאַנסירטער מחבר האָט געשריבן וועגן מענטשן אָן שום טאַקט, פאַרזיכטיקייט און איבערטראַכטונג. ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אָביעקטיווע אָפּשאַצונג פון פאַקטן, געשעענישן און פערזאָנען. דער פּרימיטיווער לעמל האָט נישט געהאַט קיין שום באַציאונג און איינזעעניש אַפילו צו יענע פלעמער, וואָס האָבן פאַר אַ נישטיקן געצאָלטס איינגעשטעלט דאָס אייגענע לעבן און אויך דאָס לעבן פון זייערע פאַמיליעס, און זיי האָבן אים פאַרט דורך לאַנגע חדשים און יאָרן אויס־באַהאַלטן אויף זייערע בוידעמער, אין זייערע פאַרמס, היימען און קעלערן. בכלל איז ביי אַזאַ שרעקלעכער סיטואַציע און אַזעלכע גרויזאַמע באַדינ־גונגען אַ ריזיקע אונטערנעמונג צו משפטן מענטשן.

איך בין אויפגעציטערט געוואָרן בלויז ביים לייענען די נעמען פון בעלגישע שטעט און דערפער, וואָס האָבן מיך איצט, איבער דריי צענד־ליק יאָר שפּעטער, נאָסטאַלגיש דערמאָנט אין די צען יאָר וואָס איך אַליין האָב פאַרבראַכט אין בעלגישן לאַנד. עס זיינען מיר אין זכרון אַנטקעגנגעקומען מיט פריינטשאַפט און אידיליע בעלגיש פעלד און וואַלד, וואָרם באַלויכטענע פון דער זון, ווי אין די מאָלערישע פראַכט־ווערק פון בעלגישע קינסטלערס. אָבער וואָס ווייטער איך האָב דאָס בוך געלייענט, אַלץ טרויעריקער בין איך געוואָרן, כאָטש עס האָט געהאַט אַלס רוי־שטאָף אַ גלענצנדיקן, היסטאָרישן מאַטעריאַל.

ווען לעמל האָט פאַרלאַנגט אַז איך זאָל וועגן זיין בוך זכרונות שרייבן אַ רעצענזיע און אַוודאי, ווי ער האָט געהאָפט, אָנערקענען זיין אַרבעט, האָב איך אים געענטפערט אויף אַן אויפריכטיקן שטייגער אַז דאָס בוך האָט באמת געקענט זיין אַ וויכטיק און היסטאָריש ווערק לויט דער איינציקייט פון זיין מין, פאַראייביקנדיק די איבערלעבנישן פון די אידן אין בעלגיע בשעת די שרעקלעכע יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. אָבער עס איז אַרויסגעקומען אַ נישטיק זיבעלע, וואָס וועט ווי טאָן און באַליידיקן די געפילן פון אַ סך ערלעכע און אומשולדיקע מענטשן.

איך בין איבערצייגט אַז ווען מען זאָל עס איבערזעצן אויף פלעמיש אָדער פראַנצויזיש, וואָלט עס אַרויסגערופן אַ סך פאַרדראָס אויף אידן מצד דער בעלגישער באַפעלקערונג. ווייל לעמל האָט כמעט אויף יעדער זייטל פונם בוך פערזענלעך באַליידיקט מענטשן. איבערהויפּט די פלעמישע פויערים וואָס האָבן אים אויסבאַהאַלטן און דווקא אַרויסגעוויזן צו אים, דעם שווערלעכן און נערוועזן מענטש, אַ סך געדולד און אויסדויער. דאָס בוך שרייט ממש אין אין אַ הויכער שפּראַך אויף אים אַליין.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה פלעגט לעמל אויך שרייבן זיינע געדענקענישן פון אידן, געוועזענע תושבים אין אַנטווערפּן, וואָס זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים קיין מעכעלין און פון דאָרט אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ אָדער אין אַנדערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. ער האָט געקענט אַ סך מענטשן וואָס האָבן געוואוינט אין בעלגיע לאַנגע יאָרן, האָבן געלעגט די פונדאַמענטן פאַר נוצלעכע אינסטיטוציעס און געהאָלפן בויען דאָס דאָרטיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן. לעמל וואָלט באמת געקענט פאַראייביקן אַ צאָל וויכטיקע פערזענלעכקייטן, אַלט־איינגעזעסענע, היימישע אידן, וועמענס לעבנס, משפּחות, היימען און הייזער זיינען חרוב געוואָרן. אָבער, ער האָט געהאַט אַ שלעכטן זכרון. ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט פּינקטלעכע דאַטעס, פלעצער און פאַקטן. ער איז געווען נאַכלעסיק. ער האָט זיך נישט באַמיט צו קאָנטראָלירן געשעענישן און געשיכטע. זיינע אָנגעשריבענע שטיקלעך כראָניק און פּאָרטרעטן פון מענטשן האָבן דעריבער אַ קנאַפּן ליטעראַרישן אָדער היסטאָרישן ווערט. —

דער שטילער, אָבער נערוועזער לעמל האָט שווער איבערגעלעבט דעם דורכפאַל פון דעם איינציק־אַרויסגעגעבענעם בוך אין זיין לעבן. אין בעלגיע האָבן די איבערגעבליבענע קאַצעטלערס פּראָטעסטירט קעגן לעמל׳ס אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער איז ברוגז געוואָרן מיט דער וועלט, מיט זיינע פריינט און אויך מיטן שרייבער פון די שורות. אין דעם עלטער פון 63 יאָר איז ער לעצטנס געשטאָרבן פון אַן האַרץ־אַטאַקע, אין ברוסל, איבערלאָזנדיק זיין צווייטע פרוי. צוזאַמען מיט לעמלען זיינען מיטגעשטאָרבן אַ סך פון אונדזערע געמיינזאַמע שפּאַצירן אין יענע גוטע, פרידלעכע צייטן,

וואָס זען איצט אויס ווי זוניקע אידיליעס; אויך אונדזערע אינטערעסאַנטע שמועסן אין אַמפּערנישן וועגן ליטעראַטור; באַגעגענישן מיט פאַרשידענע מענטשן; געשמאַקפולע מאַלצייטן אין רעסטאָראַציעס; לאַנגע שעהן און נעכט פאַרבראַכטע אין קאַפעען, אויף מיטינגען און פאַרזאַמלונגען, וואָס מיר האָבן צוזאַמען אַדורכגעלעבט אין די דרייסיקער יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט וואָס דערנענטערט זיך שוין כמעט צו זיין סוף. מיטן טויט פון אַ נאָענטן פריינט גייט אויך אַוועק אין דער אייביקייט אַ שטיק אינטימע, וואַרעמע און לעבעדיקע וועלט. אַ פענצע פון אונדזער אייגענעם איך גייט מיט מיט אים אין הימל אַריין...

---

איך חזר איבער צום סוף פון מיין פאַרצייכנונג וועגן לעמלען: מיר האָט וויי געטאָן וואָס ער האָט ליטעראַריש גאָרנישט געלערנט אין די לעצטע פערציק יאָר. ער איז פאַרבליבן אַן אומהיילבאַרער קאָלעגע אין דער קאָמפּליצירטער קונסט פון שרייבעריי, אין וועלכער מיר אַלע בלאָנדזשען ביז צו אונדזערע לעצטע טעג. לעמל איז אַוועק פון דער וועלט אַ ברוגזדיקער מיט מיר און מיט אַ סך מענטשן. איך האָף אַז איצט, ווען זיין נשמה רוט אין גן־עדן, אַזוי שטעל איך זיך פאָר, אין דער הימישער געזעלשאַפט פון זיין ווייב און קינדער, פאַרשטייט ער אַ סך מער וועגן דעם כאַראַקטער און דורכפאַל פון זיין בוך און ער שאַצט אפשר אויך אָפּ די ווערטער וואָס איך האָב אים געזאָגט נאָכן איבערלייענען זיינע ערשטע מאַנוסקריפּטן נאָך מיט יאָרן צוריק. סיי ווי וויל איך איצט זאָגן צו אים מיט אַ שטילער, געבראָכענער שטימע:

— שלאָף רואיק, מיין נאָאיווער חבר, אין גאָטס קילער ערד! דאָס מענטשלעכע לעבן, מיט זיינע גרויזאַמע מלחמות און גאַז־קאַמערן, איז געפאַלן מוראדיק־שווער אויף אַזאַ שטילן, וואַרעם־וואָלענעם לעמל ווי דו ביסט געוועזן...

---

אַהרן דאָמב האָט זיך אַרומגעטראָגן אין זיינע הויזנקעשענעס מיט גאַנצע פּעק מיט לידער וואָס זיינען געווען אויסגעמישט מיט געלע מאַכאָרקע. זיינע מאַנוסקריפּטן זיינען אַזוי שטאַרק צעריבן געוואָרן אין די קעשענעס, אַז ער האָט זיי קוים געקענט לייענען, הגם זיין כתב איז געווען ציכטיק און ריין. ער האָט געוויקלט די מאַכאָרקע מיט אידישע צייטונגען. די אותיות האָבן זיך געקאָרטשעט אין דער היץ פון פייער און רויך. טיילמאָל האָט ער דורך אַ טעות פאַרדרייט אַ ציגאַרעט פון אייגענע לידער. ער האָט אַזוי אַרום אויסגערויכערט זיין פּאָעזיע דורך די נאָז־לעכער. עפּעס האָט ער ווי געשלאָגן זיין אייגענע מוזע ווי אַ גראָביאַן. ער האָט אויף איר קיין שום רחמנות נישט געהאַט. ער האָט ערגעץ־וואו הנאה געהאַט פון פייניקן זיך און די וועלט.

א. דאָמב. איז געווען אַ טאַלאַנטפולער דיכטער. זיינע לידער זיינען געווען בלוטיקע שטיקער ווייטיק. עס האָט פון אים אַרויסגעשריגן און אַרויסגעדונערט אַ פאַרוואונדעטע פרינץ־גלאַדיאַטאָר, וואָס ווערט באַ־ליידיקט און פאַרחוזקט פון די באַרבאַרישע לעבנס־באַדינגונגען. ער איז געווען אַ ליריקער. אָבער ווייט נישט קיין ליריקער מיט קיין זיסער, שטילער און אידיליש־גלעטנדיקער שפראַך. נייערט מיט אַ קערנדיקן, רעאַליסטישן לשון. ער האָט געשריבן אין אַ אידיש וואָס האָט געהאַט די זאַפטיקייט פון פוילישן שטעטל. אין אַנטוועדפענער אידישן קולטור־פאַראיין פלעגט ער אויף די ליטעראַרישע אָוונטן פאָרלייענען זיינע לידער מיט ליידנשאַפט און פאַטאָס. קיינער האָט נישט געוואַגט אָפּצו־לייקענען זיין אויסגעשפראָכענעם טאַלאַנט.

אהרן דאָמב איז געווען פיזיש שטאַרק געבויט, פון מיטעלן וואוקס, אַ נידעריקער און געזעצטער. ער האָט געהאַט שטרוי־בלאָנדע האָר, וואָס זיינען תמיד געווען ווילד צעשויבערט. ער האָט זיך אויפגעפירט אַביסל כוליגאַנישמעסיק און אויך צופיל זעלבסבאַוואוסטזיניק פון זיין עכטן און קערנדיקן טאַלאַנט. ער איז געווען פאַרביטערט אין לעבן, ווי כמעט יעדער יינגער פּאָעט, וואָס ליידט נויט און דחקות און מיינט אַז די מענטשהייט איז אים אַ סך שולדיק. ער האָט אַביסל אימיטירט דעם דעמאָלט פּאָפּולערן רוסישן פּאָעט סערגיי יעסענין, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געהאַט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. דאָמב איז געווען אַפילו פיזיש־ענלעך צום רוסישן שיכור און באַהעם. פון פיבער איז זיין פּנים געווען באַגילדעט ווי פון אַ ווינטערדיקן זון־אונטערגאַנג אָדער ווי די מומיעס פון טויטע וועמענס פּנימער זיינען געפאַרבט אין גאָלד.

איך האָב זיך מיט אַהרן דאָמב באַגעגנט אין דעם קוילנגרעבער־שטעטל סעריין, ביי ליעזש. אין סעריין האָבן די בלומען מורא געהאַט צו בליען. די טעג זיינען געשטאַנען איבער די גאַסן ווי גרויע וואָלקנס. אַז מען האָט אָנגעטאָן אַ ווייס העמד, איז עס באַלד פאַרקאָפּטשעט גע־וואָרן. עס איז דאָ געווען אַן אינטערנאַציאָנאַל פון אָרעמע פּראָלע־טאַריערס. אַ סך פון די אויסלענדישע קוילנגרעבערס האָבן געשיכּורט אין די ביר־שענק ביי טאָג. ביינאַכט האָבן זיי געאַרבעט אין די פינצטערע שאַכטן פון דער ערד, וואָס באַזיצט נישט קיין גערטנער און קיין פאַרבן, אויסער די פינצטערניש פון די שטיינקוילן, וואָס דערמאָנען קוים אין פאַרצייטישע וועלדער. זייענדיק אין סעריין, זיינען אויפגעגאַנגען אין מיין זכּרון בלעטער פון זאָלאַס באַרימטן ראָמאַן „זשערמינאַל", וואָס איך האָב נאָך געלייענט אין פוילן. אויך זשול ווערנס חנעווודיקער ראָמאַן „שוואַרצע דיאַמאַנטן" איז ווידער לעבעדיק געוואָרן פאַר מיר מיט זיין טונקעלער פאַנטאַסטיק.

אַהרן דאָמב האָט שוין געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון קוילנגרובן

און אויך אַרבעט אין די אייזנגיסערייען פון „קאָקעריל״. איינס פון זיינע לידער האָט געטראָגן דעם טיטול „איך און דאָס פערד״. עס האָט געשיל־דערט ווי אַזוי דער דיכטער אַרבעט צוזאַמען מיטן פערד אין דער ערדס געדערים און ווי אַזוי דאָס אויסגעמאַטערטע פערד שטעקט פאַרטרווילעך זיין טרויעריקן און בלינדן קאָפּ אין די וואַרעמע אָרעמס פון דעם צע־ווייטיקטן פּאָעט.

א. דאָמב, געדענק איך, איז אויך געווען אַ קורצע צייט אין פּאַריז. ער האָט דאָרטן געזוכט אַרבעט און גליק. זיין מזל האָט אים נישט איבעריקס ליב געהאַט און ער האָט נישט צופיל געגלעט זיין גורל איבערן קאָפּ. ער איז גיך צוריקגעקומען קיין אַנטווערפּן מיט אַ היפשן פּעקל מיט פּאָעזיע, וואָס ער האָט מיט כּעס און נערוועזיטעט פאַרוואַנדלט אין צי־גאַרעטן און אויסגערויכערט אין דער היץ פון דיסקוסיעס אין קאַפעען. איך געדענק אַז אין איינעם פון זיינע דעמאָלטיקע לידער האָט ער גע־שילדערט אומגעפער ווי ער טראָגט אַרויס אויפן פּאַריזער מאַרק זיינע הענט צו פאַרקויפן אויף אַרבעט. אָבער קיינער וויל זיי נישט קויפן און די הענט בלייבן הענגען אויף זיין גוף פאַרשעמטע און באַליידיקטע. דאָס איז געווען אַ פּרואוו צו שרייבן אַ סאָציאַל ליד.

ווען אַהרן דאָמב איז צום ערשטן מאָל געקומען צו מיר אין מיין מאַנסאַרדע אין אַנטווערפּן, האָט ער אַרויסגענומען זיין טייסטערל מיט לידער און פאָטאָגראַפּיעס פון מיידלעך און משפּחה. איך האָב אָנגעצונדן אַ ליכטל אין אַן אייזערנעם לייכטערל און פאַרבריט פרישע טיי וואָס האָט פאַרשמעקט דאָס דאַך־שטיבל. איינס פון די אָפּגעברענטע און צע־קנייטשטע בילדער וואָס ער האָט מיר געוויזן, איז געווען פון אַ גרופּע יינגע, אָנפאַנגערישע דיכטערס אין וואַרשע. איך געדענק אַז אין דער גרופּע זיינען געווען ש. דאַן, פון פּולטוסק. יוסף רובינשטיין איז הויך און דאַר געשטאַנען אין מיטן פון דער גרופּע און אויך איינער אַ יונ־גערמאַן מיט לאַנגע גאַרקישע האָר, וואָס האָט געהייסן משה גראָסמאַן. איך האָב זיך געוואונדערט צי דער דאָזיקער גראָסמאַן שטאַמט נישט אַמאָל פון מיין מאַמעס משפּחה, פון קוראָוו. דאָמב איז נישט געווען דער מענטש מיר צו געבן גענויע אינפאָרמאַציע וועגן עמעצן. אויסער זיך אַליין האָט ער קיינעם נישט געקענט און נישט געוואָלט קענען. איך האָב שוין אין דאָזיקן יינגען דיכטער געזען אַלע טיפּישע פעלערן פונם ליטעראַט, וואָס איז בלינד צו דער וועלט און וועלכער שטעלט זיך אַליין אַוועק, ווי אַ זון, אין צענטער פון אוניווערס. אינם עגאָאיזם פונם שרייבער איז פאַראַן עפּעס אָפּשטויסנדיקס און מיאוס. זיין שיכּרות מיט זיך אַליין און מיטן אייגענעם ליד האָט מיך שוין דעמאָלט געהאַט אַביסל דענערווירט.

דאָמב האָט געשטאַמט פונם שטעטל פּולטוסק. בלויז אין זעלטענע מאָמענטן האָט ער דערציילט פונם אידישן לעבן אין שטעטל; פון די

דאָרטיקע הינטערשטאָטישע לאַנדשאַפטן וואָס שמעקן מיט דער טיפּיש־סלאַווישער נאַטור. ער האָט אויך געלאָזט פאַלן ווערטער וועגן נאַפּאָלעאָנס היסטאָרישן אַדורכמאַרש דורך פּולטוסק מיט זיין גראַנדיעזער אַרמיי אויפן וועג קיין רוסלאַנד, צו זיין פאַרניכטונג.

דאַמב האָט זיך מוראַדיק געמאַטערט מיט זיין אָרעמקייט און איינזאַמקייט אין די ביטערע באַדינגונגען פון לעבן אין אויסלאַנד, אָן שום מיטלען. ער האָט שוין אויך געהאַט געליטן אויף שווינדזוכט און געשפּיגן מיט בלוט.

נאָך עטלעכע יאָרן פון מי און מאַטערניש, פון הונגער און איינזאַמקייט, איז ער אין אַ טאָג צוריקגעפאָרן קיין פּוילן. מיט יאָרן שפּעטער האָב איך געהערט אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַלמנה, וואָס האָט געהאַט אַ היפּשע צאָל קינדער. דאָס לעבן אויך אין פּוילן, מיט זיינע שוועריקייטן פאַר פּרנסה און עקזיסטענץ, זיך מוזנדיק זאָרגן פאַר די באַדערפענישן פון אַ גרויסער משפחה, האָט אויפגעגעסן זיין פּאָעטישן טאַלאַנט. אויף וויפיל איך ווייס, האָט ער זיך אין פּוילן מער קיינמאָל נישט געדרוקט. אין אַ בריוו פון 16טן אָקטאָבער, 1937, פון וואַרשע, שרייבט צו מיר מיין קוזין משה גראָסמאַן:

„איך האָב פאַר דיר גריסן פון אַ געוויסן אַהרן דאַמב, אַ פּולטוסקער, וועלכער איז געווען אַ צייט אין בעלגיע און פראַנקרייך. ער קען דיך. ער האָט אַמאָל פאַרעפנטלעכט עטלעכע לידער אין צייטשריפטן. ער אַרבעט היינט אין אַ גאַרבעריי פאַר 25 זלאָטעס אַ וואָך (פיר און אַ האַלב טאָלער). ער האָט אַ קראַנק ווייב, אַ געשטאָרבן קינד. ער איז פאַרפּיניצטערט און צעבראָכן. ער האָט נישט אינזינען קיין לידער. נאָר לייענט קוים איין מאָל אין וואָך אַ צייטונג״. — — —

אַהרן דאַמב האָט אַוודאי צוזאַמען מיט זיין קראַנק ווייב געטיילט דעם טראַגישן גורל פון די אידן אין פּוילן, וואָס האָבן, אַזוי ווי משה רבינו, נישט געלאָזן שטיין קיין שום קבר אויף דער ערד.

פון דאַמבס לידער איז נישט געבליבן קיין שפּור. בלויז אין מיין זכּרון זיינען געבליבן שטיין עטלעכע פעסטע פערזן וואָס זאָגן עדות אויף זיין קרעפטיקן טאַלאַנט:

„ווען איך האָב מיט נעגל־העק אין קוילנגרוב געגראָבן,
האָט עמעצער געזונגען איבער מיר:
— „דיין חלום וועסטו דאָ אין קוילנגרוב באַגראָבן.
אַ קבר גראָבסטו, אַ קבר אויס פאַר דיר!״

ווי געזאָגט, נישט אין דער בעלגישער ערד האָט דער פּאָעט פון פּולטוסק זיך אויסגעגראָבן אַ קבר — נייערט אין גאָט׳ס גאָרן רוים, צוזאַמען מיט דריי מיליאָן פּוילישע אידן...

---

אין איינעם אַ פריוען פרימאָרגן, ווען איך האָב אַרויסגעשטעלט אַ טעלער מיט נאַס־געמאַכטע ברויט פאַר די פייגל אויפן באַלקאָן, ברעכט זיך אויף די טיר פון מיין שטוב און עס פאַלט אַריין עפעס אַן אומבאַ־קאַנטער יינגערמאַן מיט אַזאַ געלן, אויסגעמאַטערטן פנים, ווי אַ קריסטוס־יויזל; מיט גרויסע, פיבערנדיקע אויגן. דער פּאָעט זישע באַגיש, וואָס וואוינט אין ברוסעל, האָט אים צו מיר געשיקט. ער הייסט מאיר דזשי־אַלאָווסקי, אַ יידישער דיכטער פון פּאַריז, וואָס איז געקומען צוגאַסט צו זיינע אַנטווערפּענער קרובים. פון זיין גאַנצן שלאַבעריקן געשטאַלט האָט געוויינט מיט אַן אומעט פון פּריצייטיק־אַלט־געוואָרענע, געלע מענטשן, ווי אויף גאָלדיק־פאַרסאַזשעוועטע איקאָנעס. זיין שווינדזוכט־קראַנקהייט האָט אים צוגעגעבן אַ דוד עדעלשטאַדטישן עלעמענט פון ראָמאַנטיק און רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס.

מאיר דזשיאַלאָווסקי האָט נישט לאַנג געוואַרט און גענומען לויבן מיינע רעפּאָרטאַזשן וועגן ברעכט־סאַנאַטאָריום, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אָנגעהויבן צו דרוקן אין דער וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג". אָבער ער האָט מיר דערלאַנגט אַ בישקשהדיקע לעקציע אין פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אין רעוואָלוציאָנערער פּאָעזיע. זיינע פאַרערטע דיכטער זיינען געווען סטע־פאַן בראָניעווסקי און ערנסט טאָלער. דאָס איז געווען די צייט פון טראָצקיזם. די צייט ווען איך האָב שוין אָנגעהויבן צו קוקן קריטיש אויף סטאַלינען, דעם „טאַטן פון די פעלקער", וואָס שעכט אויס די הייליקע קינדער פון דער רעוואָלוציע. מאיר דזשיאַלאָווסקיס מוסר און פּראָפּאַ־גאַנדע־רייד זיינען מיר נישט איבעריקס געפעלן. אָבער זיין פערזענלעכע אויפריכטיקייט; איבערהויפּט דער רעאַליסטישער הוסט, וואָס האָט זיך כריפּנדיק אַרויסגעבראָכן פון זיין קראַנקן ברוסט־קאַסטן, אַזוי ווי שטיקער לייב־און־לעבן, איז געווען עכט און ערלעך. פאַר מיר איז געשטאַנען אַן אַרבעטער־פּאָעט וואָס האָט געגלויבט אין קאָמוניזם מיט פאַנאַטישן עק־שנות.

מיר זיינען געגאַנגען שפּאַצירן אין נאָענטן קיוויט־פּאַרק. מאיר דזשיאַלאָווסקי האָט פונדעסטוועגן נאָך געקוקט אויף פּרעכטיקע פרויען, אויף בונטע בלומען און אויף פייגל. זיין האַרץ איז געווען ווי פון אַ פּאָעט. אָבער זיין מוח האָט געדענקט קאָמוניסטיש. עס איז מיר געפעלן זיין יסורמדיק, אויסגעמאַטערט און פּראָלעטאַריש פנים.

באַזונכנדיק אַנומלט אַ היגן קענסער־קראַנקן פליכטלינג־פריינט, בין איך שטילערהייט געזעסן און אַריינגעקוקט אין עטלעכע אידישע ביכלעך וואָס דער שטאַרבנדיקער אידיש־ליבהאָבער האָט מיטגעבראַכט פון אייראָ־פּע. איך בין איבעראַשט געווען צו געפינען אַ ביכעלע פון מאיר דזשיאַ־לאָווסקי. עס האָט געהייסן „ אַ ברויט מיט אַ מעסער", אַרויסגעגעבן דורכן אידישן שרייבער־פאַרבאַנד, פּאַריז, 1937. (מאיר דזשיאַלאָווסקי איז

אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין פראַנקרייך, אין יאָר 1942 אָדער 1943).

איך האָב געלייענט די לינק־באַהויכטע אַרבעטער־לידער פון דעם דעמאָלטיקן יינגען דיכטער. עס זיינען געווען לידער וועגן דער שטאָט פּאַריז; פּאָעזיע געווידמעט דער שיינער און געהיימנישפולער פרוי, אַ דינע, איידעלע עראָטיק גליט צווישן די שורות. אין דער ערשטער סעריע פון די פערזן לויכטן אויף געשמאַקפול דעם דיכטערס אַלטע היים; די באָבע און זיידע־געשטאַלטן. עס פילט זיך אַ נאָסטאַלגיע ביים זון וואָס פיבערט מיט וועלט־אומרו, מיט אַלמענטשלעכער דערלייזונג און פעלקער־באַפרייאונג. די באָבע, דער זיידע, די עלטערן און דאָס גאַנצע ליבע שטעטל מיט אַלע זיינע פערסאָנאַזשן האָבן נאָך דעמאָלט געלעבט...

דער קראַנקער פריינט, ווען איך בין געקומען מבקר חולה זיין, קרעכצט פון ווייטיק, בשעת איך מיש דזשיאַלאָווסקיס ערשטלינג לידער־ביכל. איך מיש די טעג, די נעכט, די חדשים און יאָרן. די געלע בלעטלעך ברעכן זיך ווי דעם מחבר״ס קנאָכנס אין פייער פון קרעמאַטאָריום. מיר דאַכט זיך אַז אין שטוב איז איצט געקומען צוגאַסט זיין פון שׂרפות אָפּגע־סמאַליעטע נשמה. זי וויינט שטילערהייט. דאָס וויינט דער גייסט פון מאיר דזשיאַלאָווסקי, פון איינעם אַ אידישן דיכטער וואָס האָט היפּש געגלויבט... ווער האָט דען אין יענע האָפענונגספולע יאָרן נישט געוואָגט צו גלויבן אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט, אין דער געבענטשטער פרייהייט וואָס וועט קומען צו אַלע פעלקער אויף גאָט׳ס גרויסער ערד?

יאָ, „אַ ברויט מיט אַ מעסער״, דער אייביקער באַשיידענער חלום פונם אַרבעטער־קלאַס. אָנשטאָט ברויט צו שטילן דעם ביטערן הונגער — אַ פעטליע אויפן האַלדז. דאָס לאַנגע מעסער, וואָס לויפט אָפּ מיט אידיש בלוט, איז טראַגיש רעאַליזירט געוואָרן — אינם דייטשן האָרסט־וועסעל־ליד...

---

אין איינעם פון די לעצטע אָוונטן האָב איך אין ניו־יאָרק באַגעגנט אויף אַ פאַרזאַמלונג אַ געוויסן ד״ר הערמאַן פיק. ער האָט אויסגעזען אַלט און אָפּגענוצט. צייט האָט פעסט אַוועקגעלעגט איר אייזערנעם שטעמפּל אויף זיין פיזישע עקזיסטענץ. ער האָט מיט אַ שטילן קול מיר דערציילט אַז ער איז ערשט אַרויסגעקומען פון שפּיטאָל, וואו ער איז געלעגן נאָך אַ האַרץ־אַטאַקע. עס איז אין אים נישט מער געווען קיין שפּור פון יענעם דענדי, דאָן זשואַן און לעבע־יינג וואָס ער איז געווען אַמאָל, אין די גוטע צייטן פון אַנטווערפּן. איך געדענק ווי דער אַנאָנס פון זיין דענטיסטן־פּראָפעסיע איז געהאָט דערשינען מיט גרויסע אותיות יעדער וואָך, יאָר־איין און יאָר־אויס, אין דער „אידישער פּרעסע״. פון זיין פאָטאָגראַפיע אין צייטונג האָט חוצפהדיק אַרויסגעקוקט אַ מאַן וואָס זיין מאָטאָ און לעבן איז

געווען „וויין, ווייב און געזאַנג". זיין הויז און אַנשטאַלט האָט זיך צופעליק געפונען נישט ווייט פון דער מאַנסאַרדע וואו איך האָב געוווינט. אין די נעכט האָט פון די לוקסוסדיקע זאַלן געקלונגען די מוזיק פון געדונגענע קלעזמאָרים, דאָס מישן פון געטראַנקען אין גאָלדענע בעכערס און דאָס הילכיקע געלעכטער פון אויסגעלאַסענע ווייבער. יעדער איינציקע נאַכט איז אין ד"ר פיקס וואוינונג פאָרגעקומען אַ באַל. מען האָט דאָרט געטאַנצט און געהוליעט ביזן גרויען טאָג אַריין, ווען אַ געהיימנישפולע האַנט, אפשר די זעלבע האַנט וואָס שרייבט די מוראדיקע אותיות און משפטים אויף דער וואַנט, פאַרלעשט אויפן הימל די שטערן־לאָמטערנס.

ד"ר הערמאַן פיק האָט געהאַט דעם רום פון אַ געפערלעכן הולטאַי און פאַרשווענדער; דעם נאָמען פון אַ ציניקער וואָס פליקט מיט געוואַלד דאָס שענסטע פון לעבן. חוצפּה און זאָרגלאָזיקייט האָבן שפּאָטיש אַרויסגעלויכטן פון זיינע אויגן און פון גאַנצן פּנים אַראָפּ מיט די שפּיציק־פאַרדרייטע וואָנ־סעס. ער איז נישט געווען באַליבט אין שטאָט, טראָץ זיין וואַרפן זיך מיט „גאָלדענע דוקאַטן". אַפילו זיין אופן פון טיילן צדקה איז געווען אַ געשריי נאָך כּבוד און אָנזען.

איך האָב אים אויך נישט גערן געהאַט צוליבן שטערן מיר, זיין שכן, מיין רו און שטילקייט. בשעת איך האָב שפּעט ביינאַכט אַריינגעקוקט אין ערנסטע ווערק, האָט מיך באַליידיקט די וואולגאַרע מוזיק און דאָס לוסטיקע געלעכטער וואָס האָט זיך פאַרשייט געטראָגן דורך די אָפענע פענצטער פון זיין וואוינונג. ווען איך פלעג אַמאָל קומען צו אים כּדי אויפצומאָנען דאָס געלט פאַר די אַנאָנסן אין דער „פרעסע", פלעגט ער נאָך אַלץ שלאָפן, כאָטש טיילמאָל האָט די זון זיך שוין געהאַט גענייגט צו מערב־זייט. אין פאָרהויז זיינען געלעגן מאַסן אויסגעליידיקטע פלעשער פון וויין און וויסקי.

איצט אַרום פערציק יאָר שפּעטער, קוק איך אָן מיט אַביסל רחמנות ד"ר הערמאַן פיקן. אַן אַלטער הער מיט אַ צעבראָכענעם פּנים און מיט גרייז־גרויע האָר פון אַ זקן בעטלט אויס ביי מיר אַ וואָרט פון טרייסט אַז ער וועט נאָך לאַנג לעבן, טראָץ זיין טרויעריקן פיזישן צושטאַנד. תמיד שטיי איך אין שטוינונג פאַר דער שרעקלעכער אַרבעט און טעטיקייט פון צייט איבער מענטשן, שטעט און לענדער. עס איז מערקווירדיק וואָס דער דאָזיקער פוסטער קאָפּ און קנעכט פון תאווה, געלט און כּבוד, האָט גאָר אין די שפּעטערדיקע יאָרן, זייענדיק אַ פּליט אין ענגלאַנד בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָנגעהויבן צו שרייבן דראַמעס. זיינס אַ פּיעסע איז אַפילו אויפגעפירט געוואָרן אין אידישן טעאַטער, בשעת גערינגס „מעסער־שמידטס" האָבן אומברחמנותדיק אָנגעקלאַפּט אין דעכער פון קירכעס, טעמפּ־לען, הייזער, פּאַלאַצן און מוזעאומס אין דער אַלטער, שטאָלצער שטאָט לאָנדאָן, די הויפּט־שטאָט פון דער פאַרגייענדיקער בריטישער אימפּעריע.

עס איז געווען ווי דער אומגעזעטיקטער געניסער פון פרויען, שאָמ־

פּאַניער און בלוטיקע פליישן, וואָלט זיך ווי באַדענקט, באַטראַכט און געפּרואווט מאַכן אַ חשבון הנפש אין יענע גורלדיקע טעג און נעכט און ער וואָלט צוגעזייגט זיין האַרץ און אויער צו די העכערע ווערטן פון גייסט און אייביקייט. —

---

די פאַמיליע ביי וועמען איך האָב געוואוינט, איז געווען אַ פּלעמישע משפּחה פון פיר פּערזאָנען: דער מאַן, די פרוי און זייערע צוויי טעכטער. דאָס הויז איז געווען אַלט. זיי האָבן עס געירשנט פון זייערס אַן עלטער־זיידן וואָס האָט די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן געוואוינט אין קאָנגאָ. די וואַנצן האָבן דורך די זומערדיקע חדשים מיר פאַרשאַפט אַ סך צרות. וויפיל איך האָב זיך באַמיט זיי אויסצוראָטן מיט גיפט, מיט נאַפט און פייער, האָט אַלץ נישט געהאָלפן. איך האָב באַמערקט אין די אינסעקטן אַ מורא־דיקע עקשנות. זיי זיינען באַפאַלן אַ הויז און האָבן זיך אַריינגעצויגן אין אירע לעכער, וואונדן און וועגט־לישייעס מיט כוח פון אַ פאָלק וואָס אַטאַקירט און באַזעצט אַ שטיק טעריטאָריע. פייער און וואַסער זיינען נישט אימשטאַנד זיי אויסצוראָטן. די קליינע און נישטיקע וואַנץ קעמפט פאַרביסן אַנטקעגן לענדער און פעלקער. עס שיינט אַז אויך גאָט באַשיצט זיי. ווי די הײַשעריקן וואָס וואוינען צוזאַמען מיט די אָבות און קעניגן אין די תנכישע באַשרייבונגען, טיילן זיי דאָס לעבן פונם מין מענטש אויף דער אוראַלטער ערד. קיין שום כוח איז נישט אימשטאַנד זיי אויסצוראָטן, זיי אָפּצומעקן פונם פּנים פון דער וועלט. איך האָב אויך אין מיינע יסורים אַנטדעקט אַז די וואַנצן פליען אַרום ביינאַכט. אַז זיי קומען צו מיר פון די שכנות־דיקע חדרים, פון פרעמדע הייזער און גאַסן, וואו עס האָבן מערסטנס גע־וואוינט אָרעמע מענטשן, קינסטלערס און באָהעמען.

איך פלעג אויפשטיין אינמיטן נאַכט און אַרויסשטעקן דעם קאָפּ דורכן פענצטערל פון דאַך. איך בין אַוודאי געווען דער איינציקער מענטש וואָס האָט אין דער דאָזיקער שפּעטער, נאָקטורנער שעה געוואַכט. איך האָב דערשפּירט אַן אַנדערע וועלט: אַ וואונדערלעכן, פּאַסטעליש־בלויען הימל, וואָס אָטעמט פריש מיט זיינע לונגען — די גרויסע, שפּינוועבסטיקע וואָלקנס. איך האָב אָנגעקוקט די שטערן וואָס האָבן געפינקלט מיט די זעלבע פּנימער אין די צייטן פון משה רבנו און ירמיהו הנביא. די לבנה האָט רואיק געלויכטן, אָנרירנדיק די פּאָעטן פון אַלע פאַרגאַנגענע דורות. זי האָט אַוודאי אויך אָנגערירט דאָס פאַראומערטע פּנים פון ר׳ יהודה הלוי, וואָס שטייט ביינאַכט אַן איינזאַמער אויף דער זעגל־שיף, וואָס פירט אים קיין ארץ ישראל דורך אַזוי פיל ווייטיקן און ווינטן. אויך ביי אים קלאַפּט דאָס האַרץ אַזוי טרויעריק ווי ביי מיר. זיין פּנים איז טונקל. דער ווינט רייסט די באָרד אין אַלע זייטן. ער מאַכט נאָס דעם ים מיט זיינע טרערן.

— וואָס בין איך? ווער בין איך? ווער איך טאַקע עפּעס זיין אַמאָל? פאַרוואָס ברויזט מיין האַרץ מיט אַזעלכע אומבאַקאַנטע געפילן?

דערביי פלעג איך אָנקוקן מיין אייגענעם גוף, האַלב פאַרזונקען אין דער פינצטעריש פונם נאַכטיקן שטיבל און האַלב אין דרויסן, באַלויכטן פון די שטראַלן פון ווייטע שטערן אין הימל. איך האָב פּאַקטיש מיטן אויבערשטן טייל קערפּער געשטעקט אין קאָסמישע רעגיאָנען, בשעת מיטן הינטערשטן טייל גוף האָב איך געשטעקט אין לעבן, אין פאַרלאַנגען, אין תאווה, אין די זומפּן און טיפענישן פון דער ערד. עס האָט זיך נישט געגלויסט צוריק אַראָפּצוגידערן, כדי זיך צו לעגן אויפן שמאָלן, אייזערנעם און וואַנציקן בעטל. מיר זיינען בלויז אַלט זיבעצן יאָר און מיר מיינען אַז מיר באַזיצן די חכמה פון אַ זקן. מיר זיינען אַזוי יונג און מיר זיינען שוין באַלאַדן מיט דער מרה־שחורה פון דער עלטער. מיר טראָגן אין די ביינער אַ ים מיט לעבעדיקע צייט און מיר רעדן זיך איין אַ פריצייטיקן טויט. פרויען, קרעפטיקע און פולבלוטיקע, וואַרטן אויף אונדז מיט אומ־געדולד און מיר טוליען זיך נאַריש און נאַאיוו צו שאָטנס און פאַנטאָמען. אַנשטאָט אַריינצוגיין רעאַליסטיש אינם לעבן פון דער וועלט, קרעכצן מיר ווי בייראָנס ראָמאַנטישע כאַראַקטערן.

ערגעץ גייט אַ שיכור אין דער שטילער נאַכט און רעדט זיינע צעמישטע רייד מיט אַ פאַרקרימטן מויל. אַ פאַרשפּעטיקטע פרוי איילט זיך אַהיים און זי קלאַפּט ריטמיש מיט אירע הויכע אָפּצאַסן אויפן טראָטואַר. אין איר גאַנג אין פאַראַן דער ריטם פון עראָטיק. אירע שנעלע און דראָבנע טריט קלינגען אָפּ דורכן אוניווערס. איר אומבאַקאַנטע, פרויאישע עקזיסטענץ דרינגט אַריין אומהיימלעך אין מיין לעבן. דער עכאָ פון אירע טריט בלייבט שטיין לאַנג אין מיין דמיון נאָכדעם ווי זי איז פאַרשוואונדן געוואָרן אינם לאַבירינט פון גאַסן. זי גייט נאָך איצט אַרום אין מיין וואַכן זכרון אַזוי פיל יאָרן שפּעטער.

די פלעמישע מאַדאַם פלעגט, אויף מיין בקשה, אַרויפטראָגן אַ זילבערנעם טאַץ מיט סענדוויטשעס פון צאַרטע סאַרדינען און שווייצער־קעז; אויך אַ הייסן טאָפּ מיט שוואַרצע קאַווע. אויסטרינקענדיק די גע־שמאַקפולע קאַווע, זיינען אין מיר אויפגעגאַנגען פרישע כוחות. מיין חבר מאָריסקעס שוויגן און זיין פּאַסיווער אופן פון לייענען די ביכער פון מיין באַשיידענער ביבליאָטעק האָט מיך טיף פאַרדראָסן. איך האָב זיך דער־מאָנט אַ שטעלע, דאַכט זיך פון „אַזוי האָט געררעדט זאַראַטוסטראַ״, וואו ניטשיע מוסרט די דאָזיקע לייט וואָס לייענען „פּאַראַזיטיש״ ביכער אין דער פרימאָרגנדיקער שעה, אַנשטאָט צו מעסטן וועלט־לאַנדשאַפטן און צו זיין באַוואוסטזיניק פון די שטראָמען פון אייגענער שעפערישקייט. דאָס זיצן איינגעפּרעסט און אַרעסטירט אין מיין ענגן צימערל האָט מיך באַליידיקט. מיינע יוגנטלעכע, עראָטיש־שעפערישע פּאָטענצן האָבן געזוכט אויסדריק. איך פלעג פלוצלונג דערוואַכן אין אַן אַטאַקע פון גייסטיקע ענערגיע. איך פלעג כאַפּן דעם פיזיש אַ סך שטאַרקערן מאָריסקן און אים ממש באַפּעלן מיט

מיר צו מאַרשירן צום נאַכטיגאַל־פּאַרק, צו די גרינע פּעסטונגען אונטער דער שטאָט.

עס איז געווען פּאַרנאַכט. אַרויסגייענדיק פון די שטאָטישע גאַסן, זיינען מיר שוין געווען אין דער געגנט פון די היסטאָרישע פעסטונגען. דאָ זיינען אונדז אַנטקעגנגעגאַנגען מיט גאָט׳ס שמחה שטיקלעך וואַלדיקע פעלד. אינדזלען, באַלויכטן מיט גרינע פלעקן פון הכנעהדיק גראָז. די אייביקע לאַנדשאַפט וואָס דעקט צו מיט שטילקייט גאָט׳ס אומרואיקע ערד. דאָ זינגען די פייגל זייער זאָרגלאָז ליד צו גאָט. זיי פאַרוואַנדלען יעדער איינציקן בוים אין אַן אָפּערע. דאָ רעדט אַ געדיכטע אינסעקטן־וועלט אויף אַ מיליאָן לשונות. אַלץ שאַלט פון ליבע און בענקשאַפט און טויט אונטער די שטערן.

מיר זיינען האַסטיק געגאַנגען. מאַריסקע איז איצט געווען בייז אין האַרצן וואָס איך האָב אים אַוועקגעריסן פונם שיינעם בוך; פון דעם באַרוי־איקנדיקן ווינקל אין מיין מאַנסאַרדע; פון דעם טאָפּ מיט שטאַרקע קאַווע. איך בין געווען בייז פאַרוואָס ער שווייגט אַזוי פאַרביסן. איך האָב געוואָלט אַז מיין חבר זאָל זיין פרייגיביק און פאַרשווענדעריש מיט רייד אַזוי ווי איך. איך האָב חשק געהאַט מיט אים צו רעדן וועגן דער מאַכט פון געשלעכט; וועגן דעם סוד פון דער פרוי; וועגן די אַלע אומרואיקייטן און איבער־לעבענישן וואָס דריקן און באַהערשן מיין האַרץ דורך די נעכט. איך האָב חשק געהאַט אים צו פרעגן צי ער האָט שוין געהאַט באַציאונגען מיט אַ פרוי; צי ער האָט שוין געזען אַ מיידל אינגאַנצן אַ נאַקעטע, אַזוי ווי די מאַמע האָט איר געהאַט. וועלכע רייצנדיקע לאַנדשאַפט עס מוז זיין אַזאַ פרוי וואָס איז אויסגעטאָן פון העמד און קלייד און וואָס איז באַ־לויכטן פון איר אייגענער שיינקייט און פונם פיבער פון אונדזער ליבע. צו אַזאַ דערשיינונג וואָלט זיך געוועלן תפילה טאָן מיט אייגנפאַרפאַסטע תפילות. איך האָב געוואָלט פרעגן מאַריסקן אַ סך שאלות.

דער נאַכטיגאַל־פּאַרק האָט זיך שוין אָנגעהויבן אויסצולעשן פון די פלאַמען פונם שפּעטן זון־אונטערגאַנג. צווישן די בוימער און קוסטעס זיינען געלעגן פאַרחלשטע שרפות וואָס האָבן דערמאָנט דעם טאַטנס הבדלה מאַכן אין די שבת־צונאַכטסן, ווען אויף דער טיש־צעראַטע ראַנגלט זיך דאָס קליינע פייערל, גענערט דורכן פאַרגאָסענעם בראָנפן. עס האָט שוין דאָ געשפּרייזט דער פלושענער כּישוף פון אָוונט. ווי אין די מאָלערייען פון רובענסן, האָבן זיך אין דער טיפעניש פונם פּאַרק געזען פאַנטאַסטישע געשטאַלטן פון דער מיטאָלאָגיע, פון געצנדינערישן קאַרנאַוואַל. עס איז דאָ אויפגעגאַנגען די פּילפּאַרביקע און רעאַליסטישע וועלט פון ברויגלס דעם עלטערן. ווען אַ פאָלק לעבט אויף זיין ערד, אין די גרענעצן פון זיין היסטאָרישן לאַנד, שטאַרבן נישט זיינע אָבות. די פנימער פון די ערשטע דורות גייען קיינמאָל נישט אַראָפּ פון די לעבעדיקע געשטאַלטן פון זיינע זין

און טעכטער. זיין שפּראַך, זיין קולטור און זיינע יום־טובים לעבן אייביק אין דער אָנגעצונדענער קעגנוואַרט פונם פאָלק. —

---

מיט מאַריסקן פּלעג איך תּמיד פּלאַנעוון צו מאַכן אַ וועלט־רייזע. אָבער דאָס איז גיכער געווען אַ סאָרט פאַנטאַסטישע אימפּראָוויזאַציע, אָן אַ שום ראַציאָנעלן פּלאַן אָדער לאָגיק. מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַז אין איינעם אַ שיינעם באַגינען, ווי נאָר די גוטע פייגל הויבן אָן צו צוויטשערן, זאָלן מיר אַרויסגיין פון שטוב און נעמען שפּאַנען איבער די דערפער און שטעט פון פרעכטיקן בעלגיע, איבער פראַנקרייך, דורך די פּילפּאַרביקע פּירענייענבערג, אַזש דערגרייכנדיק ביז שפּאַניע. ווייטער פון שפּאַניע האָבן מיר אַפילו נישט געוואוסט געגוי די נעמען פון די לענדער וואוהין מיר וועלן באַדאַרפן אָנשפּאַרן. מיר האָבן אַפילו נישט געטראַכט זיך צוצוגרייטן פּאַספּאָרטן. אונדזער נאַאיוועד קאָסמאָס האָט זיך אַבסאָלוט נישט געגוויטיקט אין קיין שום פעסער און וויזעס.

מיר האָבן אויך נישט אָנערקענט קיין קאָנסולאַטן. מיר האָבן אויף אַ בונטאַריש־ראָמאַנטישן שטייגער, מיט יוגענטלעכן ענטוזיאַזם, אָפּגעשאַפט די גרענעצן און צעוואָרפן די שטעכעדיקע דראָטן פונם פּלאַנעט. מיר זיינען דאָך באַפליגלטע ברואים. מיר שוועבן אויף פּעגאַזן אַריבער קינסטלעך־געמאַכטע גרענעצן און צוימען.

אין אונדזערע פריע יוגנט־יאָרן איז דאָך נישט וויכטיק די רעאַליטעט, נייערט די פאַנטאַזיע. מיר פּלאַנעווען אָפּט אָן שום פּראַקטישן פּלאַן. מיר האָבן ליב די אידעע. מיר לעבן מיטן חלום. מיר גלויבן אין כּישוף און אין כּוח פון אונדזערע רייד און געפילן. שוין דאָס רעדן פון אַזאַ פּרימיטיווע רייזע האָט אונדז צוגעגעבן מוט און קוראַזש אויסצוהאַלטן די אומעטיקע קעגנוואַרט.

איצט טראַכטן מיר מיט נאָסטאַלגיע וועגן אונדזערע יוגנטלעכע צייטן. מיר וואונדערן זיך פאַרוואָס מיר זיינען נישט געווען גליקלעך שוין פונם פאַקט וואָס מיר זיינען געווען אַזוי יונג. אָבער אין יענע יאָרן האָט יוגנט אַליין פאַר אונדז גאָרנישט געמיינט. מיר האָבן נישט געוואוסט פון דעם איידעלן אוצר וואָס מיר טראָגן אין אונדזער בלוט. מיר האָבן זיך נישט פאָרגעשטעלט וועלכער פאַנטאַסטישער טעפּיך עס איז פאַר אונדז אויס־געשפּרייט אין דעם פאַקט וואָס די גאַנצע צוקונפט ליגט פאַר אונדז אין פאָראויס פון אונדזערע טעג און יאָרן. איצט טראָגן מיר אַן אומהיימלעכע לאַסט, אַ הויקער אויף אונדזערע פּלייצעס: די פאַרגאַנגענע יאָרן. אָבער תּמיד זיינען מיר די קרבנות פון דער קעגנוואַרט. עס ברענט ממש די רגע, די מינוט און די שעה מיט איר דינאַמיק אַפילו אין אונדזערע סאַמע פריעסטע יאָרן. מיר זיינען דעמאָלט אומגליקלעך. מיר טראַכטן אין די ערשטע יאָרן נאָך מער וועגן טויט ווי איצט, ווען מיר הויבן שוין אָן פיזיש

צו שפּירן דעם אונטערגאַנג אין די ביינער. ווען אונדזערע עלטערע פריינט זיינען פול מיט מרה־שחורה און אין דערוואַרטונג פון סוף, דעמאָלט, אין יענע יאָרן, איז דאָס פיזישע אויסלעשן זיך בלויז געווען אַ ווייטע אידעע. ווי ווייניק האָבן מיר געטראַכט פון טויט ווי פון אַ רעאַליסטיש געשעעניש, וואָס טרעפט איצט אַזוי אָפט מיט אונדזערע נאָענטסטע. ווען עס פאַלן ממש די שטאַרקסטע אַרום אונדז. ווען מיר זיינען עדות ווי גאַנצע באַוועגונגען ווערן פאַרשניטן דורך דער קאָסע פונם מלאך המות.

מיר פלעגן אַזוי אָפט רעדן וועגן אונדזער געפּלאַנטער רייזע, אַז מיר האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו שעמען איינער פאַרן אַנדערן מיטן באַקוועמען אָפּלעגן די נסיעה, מיט אונדזער הוילן רעדן און אויסמיידן מעשים. כדי פּאַרט עפּעס צו טאָן, האָבן מיר באַשלאָסן אין אַ טאָג אָנצופאַנגען, כאָטש אָן דער מינדסטער צוגרייטונג, גענוי ווי אין מענדעלעס מייסטערווערק „מסעות בנימין השלישי".

מיר האָבן דעריבער באַשטימט אַז אין איינעם אַ פרימאָרגן זאָלן מיר אַרויסמאַרשירן פון די גאַסן פון אַנטווערפּן. וואוהין? דאָס האָבן מיר גענוי נישט געוואוסט און נישט באַשטימט. אָבער מיר וועלן בלינדערהייט אָנ־הויבן צו גיין אין דער ריכטונג פון די פּעסטונגען. ערגעץ־וואו וועלן מיר דאָך אָנקומען. מיר מוזן מאַכן אַן עקספּערימענט.

מאָריסקע האָט געוואוינט אין בערכעם, אַ געגנט וואָס איז געווען מערסטנס קאַטויליש. איך האָב געוואוינט אין צענטער פון שטאָט, אין דער אידישער געגנט. מיר האָבן באַשלאָסן אָנצוהויבן אונדזער אָדיסייע איבער דער וועלט אַרום פינף אַ זייגער אין באַגינען. איך בין דעריבער אויפ־געשטאַנען כמעט אינמיטן נאַכט. אין דרויסן איז נאָך געווען שטאָק פינצטער. איך האָב זיך שנעל אָנגעטאָן. אויף דער גיך האָב איך אָפּגעוואַשן מיינע הענט און פּנים. מען האָט נאָך כמעט געקענט הערן דאָס שנאָרכן פון רבונו של עולם און פון די מלאָכים אין הימל. איך בין אַדורכגענומען גע־וואָרן פון עפּעס אַ שטילן פּחד. ביז יענעם מאָמענט בין איך אפשר נאָך קיינמאָל פריער אין מיין לעבן נישט געהאַט אויפגעשטאַנען אַזוי פרי.

ווי נאָר איך האָב פאַרלאָזן מיין קליינטשיק, ווייס־געקאַלכט דאַך־שטיבל און איך בין אַריינגעפאַלן אין פינצטערן דרויסן, בין איך אַזוי ווי איבער־גענומען געוואָרן דורך אומערדישע גייסטער, שדים און פאַנטאַסטישע ברוי־אים. די גאַסן זיינען געווען ווי אָפּגעשטאָרבענע און נישט־רעאַלע. די הייזער זיינען געשטאַנען ווי אומגאַטירלעכע דעקאָראַציעס אין עפּעס אַ מיסטעריעזער פאָרשטעלונג. איך בין געגאַנגען אַזוי ווי מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַ לינד, ביינאַכטיק ווינטעלע, אַזוי ווי אַן אײדעלער גייסט, וואָס געהערט צו דער ממשלה פון דער נאַכט, האָט געגלעט מיינע גליענדיקע באַקן. די שטערן זיינען געשטאַנען אין פינצטערן הימל גרויסע און בלי־ציקע. די וואָלקנס האָבן געשפּילט מיט דער גלעזערנער לבנה עפּעס אַ

פאַנטאַסטיש שפּיל. איך האָב באַלד איינגעזען אַז איך בין אין די הענט פונם שטן, אַז איך בין פאַרנאַרט געוואָרן אין דער נעץ פון געהיימנישפולע כוחות. קיין איינציקער פויגל האָט נאָך נישט קיין פּיפּס געטאָן אין דער דאַזיקער שטומער און אומהיימלעכער מלוכה. איך האָב פאַר זיך דערזען די סצענע ווי אַזוי פאַוסט און מעפיסטאָפעלעס רייטן אויפן דאַרן, סקעלע־טישן פערד פון פייער. ווי אַזוי זיי ביידע ווערן געטראָגן דורך אַ מעכטיקן כישוף צו די הימלישע שטערנוועלדער. ווי אַזוי פאַוסט זעט אויס צע־טרייסלט און דערשראָקן פון די איבערלעבענישן. איך האָב אויך געזען ווי שלמה המלך בלאָנדזשעט אַרום אין מדבר, אַן אויסגעשפּיגענער פונם אַשמדאַי אויף פיר הונדערט מיילן ווייט. און ווי אַזוי, בשעת ער וואַנדערט אַרום אַ ווילד־פאַרעמדער און ער טענה׳ט אַן אויפהער „אַני שלמה״! און עס באַגעגנט אים חוזק, ציניזם און באַליידיקונג מצד דעם ציניש מענטש, זיצט אויפן קעניגלעכן טראָן אין ירושלים דער פאַלשער קעניג, דער אַש־מדאַי, און ער שאַלטעט און וואַלטעט איבערן קעניגרייך, בשעת די ני־דערטרעכטיקסטע פאַרברעכנס ווערן אָפּגעטאָן איבערן לאַנד.

דער דאַזיקער גאַנג כמעט אינמיטן נאַכט פון צענטער פון שטאָט קיין בערכעם איז געווען אַן אימה׳דיקער קפיצת הדרך. פּלוצלונג האָט די וועלט אָנגעהויבן איידל צו לויכטן. דער הימל איז געוואָרן בלייך ווי פּערלמוטער. פייגל האָבן זיך אָנגעהויבן איבערצווויטשען מיט פרישע מע־לאָדיעס. איך האָב בפירוש געזען אַ געוואַלטיקע האַנט וואָס מעקט אויס די פינצטערניש, וואָס ווישט אָפּ דעם חושך פון די הימלישע פענצטער מיט זיין ברייטן אַרבל. דער רבונו של עולם אַליין צעשאַרט דעם שטויב פון נאַכט און וואָלקנס אויפן הימל. דער הימל אַליין שטייגט אויס ווי אַ בלויער פּרוכת. ענדלעך האָב איך פונדערווייטנס דערזען מאַריסקן. ער איז גע־שטאַנען אַ שווייגנדיקער אונטער אַ בוים און האָט געהאַרכזאַם געוואַרט אויף מיר. איך האָב זיך דערמאָנט אין סערוואַנטעסעס ראָמאַן „דאָן קיכאָט״. מאַריסקע האָט צו מיר אויסגעוויזן צו זיין די פאַרקערפּערונג פון געטרייען סאַנטשאָ פּאַנטשאָ. איך האָב אים געוואָלט זאָגן אַז עס איז פאַר מיר מער נישט נויטיק אונטערצונעמען אונדזער וועלט־רייזע. אַז איך האָב זי שוין אַדורכגעמאַכט אין דאַזיקן קורצן, נאַקטורנעם גאַנג. איך האָב אים געוואָלט פאַרטרויען אַז מען קען אַנטדעקן די וועלט אויף אַ קליינעם שפּאַציר. אַז איך האָב שוין געזען גאָט׳ס האַנט וואָס האָט פאַרטריבן די נאַכטיקע פינצטערניש פון דער וועלט אַזוי ווי אין די טעג פון מעשה בראשית. אָבער איך האָב נישט גרייט געהאַט פאַר אים דאָס לשון. איך האָב נישט געוואָלט אָפּרופן אונדזער נסיעה. אַלץ וואָלט צו אים, דעם אַ ביסל באַגרענעצטן מענטש, אויסגעוויזן קאָמיש און לעכערלעך.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו גיין אין דער פאַראויסבאַשטימטער ריכטונג. ביסלעכווייז האָבן זיך געעפנט טירן און טויערן פון הייף און הייזער. עס

האָבן אונדז אָנגעהויבן צו באַגעגענען מענטש און הינט. שוין ביים סאַמע אָנפאַנג זיינען מיר פלוצלינג געוואָרן מיד. עס האָט זיך געשטעלט אין גאַטס דרויסן אַ שטיקנדיקע היץ. ווען מיר האָבן נאָך עטלעכע שעה מאַר־שירן דערגרייכט דאָס ערשטע פאַרשטעטל, האָבן מיר באַשלאָסן זיך דאָ אָפּצושטעלן און אויסצופאָרשן די געגנט, אַזוי ווי דאָס וואָלט זיין אַ ווייט, אומבאַקאַנט לאַנד, וואָס מיר האָבן אַנטדעקט נאָך לאַנגע וואַנדערונגען.

דאָס פאַרשטעטל האָט געהייסן אין פלעמיש מאַרטסעל (טויטע נשמה). עס איז געווען אַרום פופצן קילאָמעטער ווייט פון אַנטווערפּן. די פּאַ־סירונגען אין מאַרטסעל, אונדזערע דאַרטיקע איבערלעבענישן און אַוואַנטיו־רעס, האָב איך נאָך מיט יאָרן צוריק באַשריבן אין מיינס אַ גרעסערער דער־ציילונג. גענוג דאָ צו זאָגן אַז מיר האָבן זיך ביידע צוגעלעגט אויף די פעטע און קילע גראָזן פון אַ גרויס בית עולם, נעבן אַ מיטלאַלטערלעכן קאַשטשאָל, און מיר זיינען איינגעשלאָפן אין שאָטן פון די הונדערטער יאָרן אַלטע בוימער, וואָס האָבן געצויגן זייער יניקה פון דעם מאַרך און קנאָכנס פון די טויטע פלעמער. ווען מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון קאַש־מאַרפולן שלאָף, איז שוין געווען גאָלדיקער פאַרנאַכט, וואָס האָט געשמעקט מיט ברויגלס, רובענס'ס און וואַן דייקס זאַפטיקע לאַנדשאַפטן. די זון האָט געשפּילט אויפן שטילן כישוף פון זון־אונטערגאַנג.

מאַרטסעל האָט באַזעסן אַ גרויס משוגעים־הויז, וואָס איז געווען באַ־רימט אין לאַנד. עס איז געווען לייכט יעדן נישט־נאַטירלעך־אויסזעענ־דיקן מענטש וואָס מיר האָבן באַגעגנט אין שטעטל, אָנצונעמען פאַר אַ פּאַ־ציענט... מאַרטסעל איז אויך געווען באַרימט מיט אירע זאַפטיקע באַרנעס, וואָס זיינען אַרום חודש סעפּטעמבער געווען רייף און געל ווי דער הערבסט. (אין פלעמיש האָבן די באַרנעס געהייסן „פּליפּן”.) און איצט האָט דער זון־אונטערגאַנג אַרומגענומען די ציגלדיקע געביידעס אין וועלכע עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן די גייסטיק־קראַנקע און, אויך די סעדער פון די „פּליפּן”. פון פאַרקראַטעוועטע פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט פּנימער פון מאַנסבילן און פרויען מיט פאַרבענקטע, אָנגעצונדענע אויגן...

עס איז שוין אַוודאי געווען צייט אַהיימצוגיין צו אונדזערע אייזערנע בעטלעך אין די מאַנסאַרדעס, נאָענט צו דער לבנה. ווען מיר האָבן זיך טאַקע נאָך אין זעלבן אָוונט אומגעקערט אין שטאָט אַריין, האָבן מיר פון דעמאָלט אָן מער נישט גערעדט פון קיין שום וועלט־רייזע. וואָרים מיר האָבן זיך געשעמט איינער פאַרן אַנדערן. —

אַזוי לאַנג ווי מאַריסקע איז נישט געווען קיין פּאַרטיי־קאָמוניסט, נאָר בלויז אַ סימפּאַטיקער, אַ מיטלויפער, איז ער געווען אַ נאָענטער חבר און ער איז געשטאַנען אונטער מיין איינפלוס. דאָס האָט געמיינט: לייענען פּאָעזיע; האָבן אַפילו די אַמביציע אַליין צו שרייבן; צו חלומען און זיך אַביסל צו וואַקלען אין לעבן, ווי אַ טיפּישער אינטעליגענט, וואָס איז פול

מיט פחד פאַרן לעבן און מיט צווייפל אין זיין צוקונפט; גיין צו אויס־שטעלונגען פון מאָלערייען און סקולפּטורן אין אַ שטאָט און לאַנד וועמענס רייכע טראַדיציע און געשיכטע פון קונסט איז וועלט־באַרימט; זיצן בשעת די פרייע טעג אין די ביבליאָטעקן; באַוואונדערן די גראַציעזע קליינקייטן פון גאָט׳ס הערלעכער און געהיימנישפולער וועלט; ליב צו האָבן דעם קאָמפּליצירטן, עמאָציאָנעל־אויפגערעגטן, אייפערזוכטיקן, מיאוסן און פּרעכטיקן מין מענטש...

איך געדענק ווי מאַריסקע האָט אויסגעדריקט ענטוזיאַזם, כאָטש דאָס איז דווקא נישט געווען זיין טבע, נאָכן באַרגן אין דער ביבליאָטעק דאַנטעס „געטלעכע קאָמעדיע״, אין אַ פּלעמישער איבערזעצונג. ער איז געווען גליקלעך צו באַנעמען די אידעאַלן און די מחשבות פון אַ גרויס, הומאַניסטיש ווערק וואָס איז אויסגעהאַמערט געוואָרן ווי איין גראַנדיעזער, פּלאַמיקער בריליאַנט. מיר פלעגן אָפט זיצן אויף די שטיינערנע בענק פונם גערוימען באַנהויף אויף דער קייזערליי. איך פלעג דאָרטן לאָזן שטיין אין דער לופט אַ סך מאָדנע רייד. מיר פלעגן פאַרברענגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. איך פלעג אומאויפהערלעך רעדן וועגן ליטעראַטור, מאָלעריי און פּרויען; וועגן מיין בענקשאַפט צו פּוילן, צו מיין שטעטל. עס האָט אַלץ פאַרפּיומיש און בעז־פריש געשמעקט מיט דער פּאָעזיע פון אָנגעצונדענער יוגנט; מיט די גרויסע, פּרעכטיקע בלומען־אילוזיעס פון יונגע, נאַרישע, נאַאיווע און שטראַלנדיקע טעג...

אָבער ווי נאָר מאַריסקע איז געוואָרן אַ קאָמוניסט, אַן אָפּיציעלער פּאַרטיי־מיטגליד, איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנדערן מענטש. עס איז פאָרגעקומען אין אים אַן איבערקערעניש. ער האָט פּשוט פאַרלוירן דאָס פריינטלעכע מענטשלעכע פּרצוף. פון זיינע ליפּן האָבן זיך איצט געהערט ציניש אויסדרוקן אויפן אַדרעס פון אידן, פון „קליינבירגערס״. ער איז שוין איצט גרייט געווען אויסצושעכטן אַ האַלבע וועלט צוליבן קאָמוניזם. דער בלוטיקער טעראָר פון מאַראַט און ראָבעספּיער איז געוואָרן זיין אידעאַל. דזשערזשינסקי — זיין אָפּגאָט. ער האָט פאַרלוירן דעם ראָמאַנטישן אינטערעס אין מיידלעך. ער האָט נישט מער באַוואונדערט דאָס גראַציעזע באַשעפעניש „פרוי״, וואָס האָט אַזוי כישופדיק אינספּירירט די וועלט־ליטעראַטור און קונסט. מיר זיינען שוין איצט געוואָרן אָפּגעפרעמדט איינער פון אַנדערן. מאַריסקע איז אַוועקגעפאָרן קיין ליעזש און ער איז דאָרט געוואָרן אַ קוילנגרעבער. צו אַרבעטן אין דער שווער־אינדוסטרי איז געווען דער אידעאַל פון די קאָמוניסטישע פּאַרטיי־פירערס. צו ברענגען דאָס ליכט פון „קאָמינטערן״ אין די טיפע, פינצטערע שאַכטן פונם קוילנגרוב איז געוואָרן מאַריסקעס חלום. זיין מיסיע איז איצט געווען צו פאַרשפּרייטן די קאָמוניסטישע תורה צווישן די אַרבעטער. מיטן אַריינטריט אין דער פּאַרטיי איז געשטאָרבן אין אַ פּשוטן, שטילן מענטש דער איב־

טערעס צו קולטור, צו שיינקייט. עס איז אויסגערונען זיין הונגער נאָך וועלט־ליטעראַטור. עס איז פאַרשוואונדן זיין צוריקגעהאַלטנקייט, זיינע באַשיידענע מאַניערן. ער איז איצט געוואָרן אַ לאָיאַלער, ראַבאַטישער פּאַרטיי־שקלאַף, וואָס וואָלט ביי פּאַסיקע באַדינגונגען, ווי בשעת אַ רע־וואָלוציע, געקענט ווערן אַ הענקער און פייניקן מאַסן אומשולדיקע פּאָלקס־מענטשן און אינטעליגענטן. זיין ליבשאַפט צו מענטשן איז אַנטרונען. דאַקעגן איז געשטיגן זיין שנאה צום „בירגער". וועמ איז דער נישט אין זיינע ציניקע אויגן געווען אַ קליינבירגער? יעדער איינציקער וואָס האָט נישט געאַרבעט אין דער שווער־אינדוסטרי, אין די קאָקעריל־פאַבריקן, אין די קוילנגרוב־שאַכטעס, אין וואַן גאָג׳ס באָרינאַזש־געגנט. די דאָזיקע שנאה האָט אים מיאוס געמאַכט אין מיינע אויגן. ער האָט פאַרלוירן זיין אינ־דיווידואַליטעט און ער האָט אָנגענומען דאָס מאַסנפּנים פון אַ שטאָלערנעם ראָבאָט — די פּאַרטיי.

נאָכדעם ווי מאַריסקע איז אָוועקגעפאָרן קיין ליעזש, האָט ער פּאַר מיר אויפגעהערט צו עקזיסטירן. ער איז נישט געווען קיין בריוו־שרייבער. איך האָב פון אים לאַנג נישט געהערט. אָבער איינמאָל, אין אַן אָוונט פון מיטנזומער, איז ער פּלוצלונג געקומען צו מיר אויף באַזוך. איך האָב שוין געמערקט אין אים די גייסטיקע ענדערונג. ער איז געוואָרן נאָך שווייגנדי־קער ווי פריער. אָבער איצט האָט זיין שווייגן באַדייט שנאה און פאַראַכ־טונג. ער איז שוין איצט, ווי געזאָגט, געווען דער קאַלטער, אומבויגזאַמער טשעקיסט, פאַר וועלכן איין און איינציקער פערזאָן איז געוואָרן דער העכס־טער אידעאַל פון אַ מענטש: פעליקס דזשערזשינסקי, דער אָפּגאָט פון בלוטיקן טעראָר און נקמה צו די קאָמוניסטישע שונאים, צו דער בורזשו־אַזיע און צאַרישער אַריסטאָקראַטיע.

איך האָב נאָך אַלץ געוואוינט אין מיין דאַך־שטיבעלע. אין איין ווינקעל פון דער מאַנסאַרדע איז געהאַנגען אַ פּאָרטרעט פון נאַפּאָלעאָן, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דעם איינזאַמען אימפּעראַטאָר אויפן אינדזל־סאַנקט העלענאַ. אין אַ צווייטן ווינקל האָט שטיל און טרויעריק געלויכטן אָסקאַר ווײַלדס פּאָרטרעט. אין אַ דריטן ווינקל האָבן געבריט און געבלוטיקט די טראַ־גישע און וואַנזיניקע אויגן פון אונדזער געפּייניקטן ברודער וואַן גאָג. אין אַ פערטן ווינקל איז געשטאַנען אין ריינעם גאָלד פון שטראַלן אָנגעטאָן אַ בוד פון אַ שלאַנקער פרוי. דאָס איז געווען מיין סביבה, מיין וועלט, מיין מיליע און מיין האָפנונג. איך בין געווען באַשיידן, יוגענטלעך און ראָמאַנ־טיש געשטימט. אין דער פּאָעזיע זיינען מיינע אידאָלן געווען שעלי, לער־מאָנטאָוו, נאָוואַליס און ניידוס.

מאַריסקע איז אַריינגעקומען צו מיר אַביסל אַ בייזלעכער. ער האָט נישט מער אויסגעצויגן זיינע הענט אַ גייסטיק־הונגעריקער צו מיין ביבליאָטעק. טשעכאָוו און דאָסטאָיעווסקי האָבן אים נישט מער אינטערעסירט, אויסער

איין און איינציק דעמאָלט־פּאָפּולער בוך: בוכאַרינס און פּרעאָבראַזשענסקיס „דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם". גראָד האָב איך דאָס דאָזיקע בוך נישט געהאַט. פאַרשעמטע זיינען אויף דער פּאָליצע געשטאַנען קאָגאַנס דריי בענדער „געשיכטע פון די מערב־אייראָפּייאישע ליטעראַטורן", אין וועמענס בלעטער איך האָב זיך ממש געשפּיגלט; מולטאַטוליס „ליבע־בריוו" און „מאַקס האַוועלאַר"; קנוט האַמסונס נאָוועלן "פּאַן" און „וויקטאָריאַ"; שפּינאָזאַס „עטיק" און סלאָוואַצקיס צוויי בענדער פּאָעזיע. אויך אַ ריזיקער תנ"ך.

בשעת מיין יוגנט־חבר איז געבליבן זיצן אַן אומצעפּרידענער אין מיין מאַנסאַרדע, בין איך אַראָפּגעגאַנגען אויף דער גאַס, כדי צו קויפן אַ פלאַש מיט ווין אויף צו יום־טובן די געלעגנהייט פון אונדזער צוזאַמענטרעפן זיך; צו פאַרגיסן אַ כוס מיט קאָניאַק אויפן באַשיידענעם דאַך־שטיבל באַנקעט. איך בין באַלד צוריק אַרויפגעלאָפן די טרעפּ מיט אַ שמעקעדיק ברויטל; מיט עפּל און באַרנעס געפּאַרבטע אין גאָלד; מיט אַ סלוי מיט דורכזיכטיקן, בורשטיניק־זוניקן האָניק, וואָס האָט אַנגענעם פאַרשמעקט די ענגע און נידעריקע שטוב; מיט עטלעכע בלעכענע שאַכטלעך סקאַנדינאַווישע סערדינקעס, אין וועמענס אינגעווייד עס איז געבליבן שטיין דער ריח פון נאָרדישן ים. איך האָב אויך נישט פאַרגעסן מיט־צוברענגען אַ בונטן בוקעט מיט פלאַמיקע בלומען, וואָס די פאַרקויפערן האָט אַרויסגענומען פון אַ נאַסער און ברודיקער צייטונג פול מיט צעהאַקטן אייז. איך האָב די פלעמישע בלומען אַריינגעשטעלט אין אַ וואַזע און זי אַוועק־געשטעלט אויפן הילצערנעם טישעלע, אינמיטן שטוב. און, ווען מיר האָבן ביידע, אין אונדזער ווילדן הונגער, געהאַט פאַרצערט אונדזערע סענד־וויטשעס, האָבן מיר גענומען טרינקען דעם גאָלדיקן ווין, דעם שטאַרקן קאָניאַק.

מיר האָבן דעמאָלט אויסגעטרונקען גאָט׳ס ווין און דעם טייוולס קאָניאַק ביז צו די לעצטע טראָפּנס אויף די גלעזערנע דנאָען. שיכּורער־הייט בין איך אַראָפּגעגאַנגען מיט די אויסגעקרימטע טרעפּ, כדי צו קויפן ביים ווייןהענדלער אין ראָג פון דער גאַס נאָך געטראַנקען. וואָס מער מיר האָבן אין יענער נאַכט געטרונקען, אַלץ וואַכער איז געוואָרן דער טרויער און די איינזאַמקייט אין אונדזערע נשמות. איך האָב אַ סך גערעדט וועגן אָסקאַר ווילד, שפּינאָזאַ און פּרץ. צום קליינעם פּענצטערל פונם דאַך־שטיבל איז שטילערהייט צוגעשוואומען די לבֿנה און האָט אַריינגעלויכטן מיט איר זיידענעם און טונקל־פאַרמאַסקירטן פּנים. אויפן לענגלעכן טישל מיטן רויטן, דיקן טישטוך, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דער לויכטנ־דיקער בוקעט מיט וויאַנענדיקע בלומען, איז ווי לעבעדיק געוואָרן דאָס שווייגנדיקע סקעלעטנפּנים וואָס איך האָב, ווי שוין דערציילט אין מיינע איצטיקע זכרונות, געהאַט איינגעקויפט אויפן אַנטווערפּענער פּאָפּולערן

„פויגל־מאַרק”. דאָס נאָבעלע פּנים האָט זיך איצט ווי פאַרצויגן מיט אַ העלער, דורכזיכטיקער הויט. אָט פינקלען אויף טרויעריק און לוסטפול אירע פלאַמיקע אויגן, ווי באַרוישטע פון ליקער. זי ציט קענטיק אַריין אין די איידעלע און דינע נאָז־לעכער פון איר צאַרטער, געשניצטער נאָז דעם שמעקנדיקן אַראָמאַט פון די בלומען; דעם פאַרפיום פון פרישן, קילן בעז, וואָס דערמאָנט מיך אין פוילן, אין די שטילע, היימישע שטעטלעך און געסלעך, וואו עס פאַראַדירט אַרום אין פרילינג די שבתדיקע יוגנט. מיט אונדז דאָ, אין דער אומעטיק־בחורישער מאַנסאַרדע, איז פאַראַן אַ דריי־טער מענטש, אַ פרוי, אַ יינגע פרינצעסין וואָס איז געשטאָרבן אָדער דער־מאָרדעט געוואָרן אין ווער ווייסט וועלכער פאַנטאַסטישער הויף־אינטריגע. זי לעבט איצט אויפדאָסניי אויף ביים פאַרשיכורנדיקן ריח פון וויאַנענדיקע בלומען, ביים גאָלדענעם בעכער מיט ווײַן און ביי אונדזער יינגלערישן באַנקעט. מאָריסקע שטעכט ציניש אַריין צווישן אירע ציין דעם ברענענ־דיקן ציגאַרעט וועמענס בלויער אַש קרישלט זיך און פאַלט אויף דער צעראַטע. זי רויכערט קאָקעטיש און דער רויך פאַרהילט איר זיס פּנים. אונטערן רויך, דאַכט זיך, וויינט זי מיט טרערן. נאָר דער רויך באַדעקט זי ווי מיט אַ זיידענער, בלייכער מאַסקע. איך זע איר גראַציעזע פיגור, דאָס לאַנגע, טונקעלע קלייד. זי טאַנצט אויפן באַל אין אַ שוואַרצער קרינאָ־לינע, ווי אַ פירשטין. איך פיל איר פיזישן אַראָמאַט, איר ווייבלעך־רע־אַליסטישע עקזיסטענץ. איר נשמה פון גן־עדן איז איצט צוריקגעקומען צום נאַקעטן געביין און האָט איר אָנגעטאָן אין צויבער פון ליבע און לעבן. מיט אַ ציטערנדיקער האַנט נעם איך דעם כוס און איך גיס אַריין ווײַן צווישן אירע ציין, אין אָפּגרונט פון איר מויל וואָס האָט אַמאָל געבליט מיטן פייער פון אירע דינע ליפּן און זיי האָבן געקענט קושן מיט ליבשאַפט און אפשר געפרעדט שטילע, וואונדערלעכע רייד, ווי אַ ליד.

קויפנדיק דאָס געהיימנישפולע סקעלעטן־פּנים איז אַוודאי טונקל אויס־געדריקט געוואָרן אין מיר דאָס באַדערפעניש נאָך אַ ווייב. וואָלט איך געהאַט די מאַכט פון כישוף, וואָלט איך די פרעמדע פרוי צוריק אַרויס־גערופן פון טויט. איך וואָלט מיט דער באַלעבנדיקער קראַפט פון ליבע זי פאַרוואַנדלט אין אַ וואַרעמער און פולבלוטיקער פרוי, וואָס זאָל ביינאַכט טיילן מיין איינזאַם־בחוריש געלעגער; וואָס זאָל אויפקאָכן דעם טשייניק מיט טיי; וואָס זאָל שטיל, געטריי און שקלאַפיש דינען צו מיר מיט איר האַרץ און לייב; וואָס זאָל מיט איר ווייבלעכער עקזיסטענץ אַריינלויכטן היימישקייט און שטילקייט אין מיין קאַלטער און פרעמדער שטוב.

אָבער איך האָב דעם כישוף און די מאַכט פונם נביא אָנצוטאָן ביינער אין פלאַמיקן פלייש און זיי באַפעלן צו לעבן, נישט באַזעסן. איז דאָס סקעלעטנפּנים געשטאַנען אויפן טיש און שטומערהייט דערציילט די גע־שיכטע פון גהינום.

מיר האָבן אַלע דריי געשיכּורט ביזן העלן פֿאַרטאָגס. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פֿון יוגענטלעכן, בונטאַרישן פּראָטעסט קעגן הונגער פֿון גייסט און פֿלייש; אַ געשריי פֿון דערשטיקטער און באַליידיקטער עראָטיק; אַ שטומער פֿאַרדראָס פֿאַר וואָס מיר פֿאַרברענגען נישט אין דער נאַטירלעכער געזעלשאַפֿט פֿון ייִנגע פֿרויען; אַ סאָרט סטודענטישע איינבילדונג פֿון זייַן איבער יעדער מאָראַל; אַ געוויסער שטאָלץ פֿון ייִנגע מענער וואָס האָבן שוין געהאַט געלייענט ווייַנינגער, ניטציע, שאָפּענהויער און סטרינדבערג; וואָס האָבן געשמעקט פֿון די דעקאַדענטישע גערטנער פֿון באָדלער, ווערלען און מיוסע; אַן אויסגעשריי פֿון דער מכלומרשט רעוואָלוציאָנערער יוגנט, וואָס גייט בייַנאַכט צום האַפֿן, אין די טונקעלע און מיטלאַלטערלעכע געסלעך, קוקנדיק מיט ציניִשע אויגן און ביטערן שמייכל אויף די אָרעמע, פֿאַרשעמטע און פֿאַרמשפּטע פֿרויען, וועלכע פֿאַרדינען זייער ברויט מיט חרפּה און טרערן און וועלכע פֿאַרדינען אונדזער סימפּאַטיע.

איידער מיר האָבן זיך צעשיידט, יעדנפֿאַלס גייסטיק, נשמה'דיק צעשיידט, האָט מאָריסקע מיך געזידלט און באַליידיקט. ער האָט דעמאָלט, ווי געזאָגט, שוין געהאַט געפֿונען זייַן גאָט: די רעוואָלוציע. ער האָט מיך באַשולדיקט אין זייַן אַן אייביק־צווייפֿלענדיקער, טיפּישער אינטעליגענט, אַ בוך־וואָרם, אַ מיסטיקער, אַ פֿאַרליבטן אין אַ סקעלעט פֿון אַ ווייַבלעכן קאָפּ. נישט מיט פֿאַרנעפּלט־ראָמאַנטישער פּאָעזיע; נישט מיטן קראַנקען נאָוואַליס; מיטן משוגענעם העלדערלין, מיטן שיכּורן ווערלען און מיטן אַוואַנטוריסטישן רעמבאָ; אויך נישט מיט די נביאים פֿון דעם ריזיקן תּנך, וואָס ליגט תּמיד אויפֿן טיש ברייט צעעפֿנט; נייערט מיט פּאָזיטיווע מעשים איז איצט נויטיק צו לעבן און צו ראַטעווען די מענטשהייט, די פֿאַרשקלאַפֿטע פֿעלקער פֿון אַזיע, אַפֿריקע און אייראָפּע. דאָס פֿייַער פֿון דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע וועט באַלד אַרומנעמען די גאַנצע וועלט און וועט פֿאַרשרפֿהן אויף אַש דעם פֿאַרשאָלטענעם קאַפּיטאַליזם צוזאַמען מיט זייַנע געטרייַע לאַקייען, צו וועמען אויך מייַן ווייַניקייט געהערט, לויט מייַן בירגערלעך־צעפוילטער מענטאַליטעט. מאָריסקעס געצין איז די אַכזריותדיקע געצין פֿון דער רעוואָלוציע, אין אַ רויטן, פֿייַערדיקן קלייד, מיטן אָפּצייכן פֿונעם סערפּ און האַמער אויפֿן שטערן, און נישט די ייִנגע „פּרינצעסין" וועמענס קנאָכיק פּנים וואַכט איבער מיר טאָג און נאַכט און זי שלאָפֿט מיט מיר אין מייַן חלום אויפֿן שמאָלן, אייזערנעם געלעגער; וועמענס קאָלדרע איז אַן אַלט, סאַמעטען און גאָלדיק פּרוכת וואָס איך האָב געהאַט אייַנגעקויפֿט אין אַ געשעפֿט פֿון אַנטיקן, אויסלייַזנדיק עס פֿון גויִאישע הענט. אויב כ'האָב חשק צו ווערן אַ „מענטש", אַ קלאַסנבאַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריער, זאָל איך פֿאָרן מיט אים קיין ליעזש; אַראָפּנידערן כּדי צו גראָבן קוילן אין די אייביק־נאַכטישע שאַכטן פֿון דער ערד און אַרייַנטרעטן ווי אַ געזונטער און פֿולבלוטיקער מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס גרייט זיך

צום גרויסן מאָמענט אַרויסצורייסן די מאַכט פונם אומגליקלעכן קאַפּיטאַ־ליזם און זיגרייך איבערצונעמען די גאַנצע וועלט, די וועלט מיט אַלעם גוטס, מיט גאָר אירע רייכקייטן און אוצרות, כדי צו בויען אַן אידעאַלע גע־זעלשאַפט.

איך האָב נישט געהאַט קיין שום חשק אַריינצוטרעטן אין דער קאָ־מוניסטישער פּאַרטיי. איך האָב נישט געהאַט קיין שטרעבונג אין מיינע וואונדערלעכע, יוגנטלעכע טעג צו נידערן טיף אין די אונטערערדישע קוילנ־קאַטאַקאָמבן, כדי אַפּאָסטאָליש צו פאַרשפּרייטן לעניִנס תורה פון שנאה און טעראָר. איך האָב נאָך וואויל געדענקט דעם שרעקלעכן אומעט פון זשול ווערנס ראָמאַן „שוואַרצע דיאַמאַנטן" און די טונקעלע, אומהיימלעכע אַט־מאָספערע פון עמיל זאָלאַס „זשערמינאַל". איך האָב נישט געהאַט קיין באַ־גער אַוועקצוואַרפן דער פרינצעסינס טרויעריק פּנים, וועמענס קילע ביי־נער די ליבע און דער חלום האָבן צוריק פאַרצויגן מיט יינגען, שטראַלנ־דיקן און רייצנדיקן פלייש. אין וועמען מיין בענקשאַפט האָט צוריק גע־פּרואווט אַריינכישופן דעם פלאַם פון לעבעדיקע, גליענדיקע אויגן. פאַר וועמענס בליקן איך האָב אין די לבנה'דיקע נעכט זיך געשעמט אויסצוטאָן אינגאַנצן נאַקעט. וועמען איך האָב אָנגעטאָן אין אַלע מעשיות און אַוואַנ־טיורעס פון מיין פאַנטאַזיע און נעבן וועמענס ליפּן איך האָב תמיד געלאָזט שטיין אַ גאָלדענעם בעכער מיט אַ פלאַש פראַנצויזישן קאָניאַק. איך האָב געוואָלט פאַרבלייבן דאָס וואָס איך בין, צוזאַמען מיט דער גאַנצער פּילפאַרביקער און מיסטעריעזער וועלט אַרום מיר.

מיר האָבן זיך אין יענעם באַגינען צעשיידט ווי צוויי פרעמדע, פיינט־לעכע מענטשן. די צייטן פון אונדזער נאַאיווער חברשאַפט זיינען געווען אויף אייביק געשלאָסן. —

איך האָב נאָך עטלעכע מאָל געטראָפן מאַריסקן אין פאַרלויף פון מיינע ערשטע יאָרן אין בעלגיע. ווען איך האָב שפּעטער געוואוינט אין ברוסעל, האָט ער איינמאָל אין אַ נאַכט ביי מיר גענעכטיקט. ווען איך בין אין נאָך גרויען באַגינען אַוועקגעפאָרן צו דער אַרבעט, אין אַ טעקסטיל־פאַבריק אין איקעל, אַ פאַרשטעטל פון ברוסעל, האָב איך אים איבערגעלאָזן אַ שלאָפנ־דיקן אין מיין מאַנסאַרדע. מיר האָבן אין דער פריערדיקער נאַכט זייער ווייניק גערעדט. מיר האָבן שוין לאַנג נישט געהאַט קיין געמיינזאַם לשון.

איך האָב מאַריסקן נאָך איינמאָל געטראָפן אין דער שטאָט ליעזש, ווי פריער דערציילט, שוין אַלס אַ שטייפן, קאָמוניסטישן פונקציאָנער. ער האָט געקוקט אויף מיר און אויף מיין מענטאַליטעט און שטימונג ווי אויף זיינער אַן אַמאָליקער קינדער־קראַנקהייט, נאָך איידער ער האָט געהאַט געפונען זיין אמתן אידעאַל, דעם הייליקן באָלשעוויזם, וואָס האָט אים אויס־געהיילט פון אַלע ראָמאַנטישע און סענטימענטאַלע קראַנקהייטן. איבער־הויפּט פון דעם חולאַת פון הומאַניסטישער וועלט־ליטעראַטור. פון קליינ־

בירגערלעכע נאַרישקייטן און בורזשואַזע חלומות. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט באַדויער און מיטלייד, כאָטש זיין האַרץ איז שוין איצט נישט געווען מער פעאיק עמעצן צו באַדויערן אָדער אויף עמעצן רחמנות צו האָבן. ער האָט איצט באַזעסן איין געפיל; פאַראַכטונג, שנאה און עקל צו יעדן איינציקן מענטש וואָס איז נישט געווען קיין קאָמוניסט.

זינט דעמאָלט האָב איך מיין אַמאָליקן חבר מאָריסקע מער נישט געזען. איך ווייס בלויז אַז ער איז צוריק אַ היימגעפאָרן קיין פוילן, וואַרשיינלעך מיט אַ קאָמוניסטישער שליחות צו מאַכן פראָפּאַגאַנדע צווישן די געדיכטע מאַסן פון פוילישן פראָלעטאַריאַט. אפשר, ווער ווייסט, איז ביי אים טיף אין האַרצן, אונטער דער אייזערנער מאַסקע און קאָסטיום פון פאַרהאַרטעוועטן באָלשעוויזם, איצט געבוירן געוואָרן אַ געהיימער וואונטש: חתונה צו האָבן מיט אַ יידיש מיידל פון זיין שטעטל; צו האָבן אַ שטילע היים, אַ ליבע פרוי, רייצנדיקע קינדער און אפשר אויך אַ ביסל אידישלעכע מנוחה אין לעבן. ווער ווייסט די פאַרבאָרגענע מחשבות און געפילן פון אַ „שטאָלענעם באָלשעוויק”? אָבער, די דאָזיקע בענקשאַפט האָט געמוזט קומען צו אים נאָך לאַנגער דערפאַרונג מיטן מין מענטש, ועמענס אַפּעטיטן שטייגן ווייט איבער די גרענעצן פון לעבן און וועמענס שטערבלעך אויג איז הונגעריק צו פאַרצערן אָקעאַנען מיט וויין און בערג מיט פלייש פון געדיכטע אָקסנ־סטאַדעס איבער די פאַשע־פעלדער פון גאַר דער וועלט...

מאָריסקעס גורל איז צו מיר געבליבן אומבאַקאַנט. עס איז אָבער ביי מיר נישט פאַראַן קיין שום צווייפל אַז דער ים מיט מענטשלעך בלוט, וואָס די נאַציס האָבן פאַרגאָסן אויף דער פוילישער ערד, אויסשעכטנדיק זעקס מיליאָן אידן אין פוילן, האָט אויך איינגעשלונגען אין זיינע פינצטערע תהומות און טיפענישן דעם ענטוזיאַסטישן רעוואָלוציאָנער מאָריסקע, מיין אַמאָליקן שטילן און באַשיידענעם חבר פון אַנטווערפּן. —

---

איינמאָל אין אַן אָוונט האָב איך געטראָפן אין קאַפע „קאָאָפּעראַטעאור” מיינס אַ פריינד, וועלכן מען האָט צוליב זיין מאָנגאָלישן אויסזען, אָנגערופן „דער יאַפּאַנעזער”. דער דאָזיקער יאַפּאַנעזער, וועמענס אמתן נאָמען איך געדענק שוין נישט, איז געווען אַ קלוגער און ביטרער יינגערמאַן. ער האָט געהאַט גרויס התפעלות פאַר איליאַ ערענבורגן, וועמענס ווערק ער האָט, מיט דער הילף פון אַ ווערטער־בוך, געלייענט יעדער וואָך אין פראַנצויזישן ליטעראַרישן זשורנאַל „לע מאָנד”, (די וועלט), אַרויסגעגעבן פונם דעמאָל־טיקן פּאָפּולערן שריפטשטעלער אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן, אַנרי באַר־ביס. דער יאַפּאַנעזער האָט אוודאי אַזוי שטאַרק באַוואונדערט איליאַ ערענבורגן פאַר זיין אויסגעשפּראָכענעם, כאָטש איראָפּיאיש־עלעגאַנטן, ציניזם. פאַר זיין סאַלאָנאָווע קאָמוניזם און, סוף־כל־סוף, פאַר זיין אייגנטלעכן ניהיליזם. „כוליאַ כורעניטאַ”, „לאַזיק רויטשוואַניעץ” א. אַ נאָוועלן זיינען

געוועז, לויטן יאַפּאַנעזערס קריטישן חוש, באַדייטנדיקע ווערק. דער יאַ־פּאַנעזער אַליין איז געוועז אַ שרעקלעכער ציניקער, סקעפּטיקער און בכלל אַ קאַלטער, ניכטערער מענטש. דאָך פלעג איך פאַר אים אָפּט פאַרלייענען מיינע לידער, וואָס איך האָב דעמאָלט אַ סך געשריבן.

איינמאָל זאָגט צו מיר דער "יאַפּאַנעזער" פון גאַליציע מיט זיין גע־ווינלעך־ציניש און ניכטערנעם טאָן:

— פאַרוואָס אייגנטלעך שרייבט איר נישט קיין פּראָזע? איז אייך פון הימל אויס אָנגעצייכנט אַז איר מוזט דווקא פאַרבלייבן אַ דיכטער? וואָס איז מיטן וועלט־באַרימטן איליאַ ערענבורגן? ער שרייבט אפשר שלעכטע פּראָזע? וואָס איז מיט די גיבורים פון דער רוסישער ליטעראַטור: דאָס־טאָיעווסקי, טאָלסטאָי, טורגעניעוו און טשעכאָוו? און ערשט אַזעלכע ריזן ווי באַלזאַק און פלאָבער? זיי געפעלן אייך נישט אַלס די אָנערקענטע מייסטער פון דער נאָוועלע און דערציילונג? איז אפשר זייער פּראָזע נישט אַזוי ברייט און מולטיפאַרביק ווי די פּאָעטישע פאַרפאַסונגען פון די באַרימסטע דיכטער? פאָלגט מיך און מאַכט זיך נישט נאַריש דאָס גאַנצע לעבן מיט די קורצע, שיטערע שורות. הויבט אָן צו שרייבן אַ קערנדיקע פּראָזע. קריכט אַרויס וואָס גיכער פון אייער קינדערישער קראַנקהייט: די דיכטונג. איר זענט דאָך שוין נישט קיין יינגל. וואָרים ווי לאַנג איז דער שיעור זיך נאַריש צו מאַכן מיט סענטימענטאַלע פערזן?

די דאָזיקע דיבורים האָבן מיך, איך זאָג אויס דעם גאַנצן אמת, שטאַרק שאָקירט. איך האָב אים אין דעם מאָמענט ממש פיינט געקראָגן. איך האָב זיך געטראַכט: ער איז ציניש, וואולגאַר און אומגערעכט. ער שפּילט זיך פּאַקטיש מיט מיין גאַנץ לעבן. וואָרים וואָס, מישטיינס געזאָגט, קען שוין אַזאַ געטרייער לייענער פון איליאַ ערענבורגס ברילִיאַנטענע, אָבער אויך צי־נישע אַרטיקלען, פאַרשטיין פון דער העלדישער ראָמאַנטיק, פון דערהוי־בענעם פּאַטאָס פון פּאָעזיע? וואָס ווייסט ער, דעם טייוולס תלמיד, פון דער שיינקייט און גרויסקייט פון אַ דיכטעריש געשטאַלט, וואָס איך האָב זיך אַליין געהאַט אויפגעריסעוועט פון מיר אַליין אין דער צוקונפט? עס איז מיר פּשוט שווער געווען אַפילו צו טראַכטן ווען עס איז אין מיין לעבן אויסצוטאָן דעם דאָזיקן ראָמאַנטישן גרים און קאָסטיום. עס איז געווען אַן אויסגעטראַכטע ראָלע אין וועלכער איך האָב זיך געהאַט פעסט אַריינגע־לעבט און אַריינפאַנטאַזירט פון מיין פריעסטער יוגנט אָן, זיך אָנלייענענדיק מיט די לעבנס־געשיכטעס פון די טראַגישע פּאָעטן. דאָס לעבן, אָן צו זיין אַזאַ סאָרט דיכטער, האָט פאַר מיר נישט געהאַט קיין שום ווערט, רייץ און באַדייטונג. עס איז פאַר מיר נאָך נישט געווען קלאָר אין יענע יאָרן אַז דאָס לעבן אַליין איז די דערהויבנסטע און טיפסטע דיכטונג. אַז דאָס קאָמפּליצירטע רירנדיקע און פּאָעטישע לעבן איז די וואונדערלעכסטע דערשיינונג אויף גאָט'ס וועלט.

איך האָב דעם קליינגעוואוקסיקן יאַפּאַנעזער, וועמענס פּנים האָט געהאַט אַביסל ענלעכקייט צום צעבראָכענעם פּאַן־געזיכט פון פּאָעט פּאָל ווערלען, ווי מען קען זיך וואויל פאָרשטעלן, געענטפערט אין נישט קיין פריינטלעכן טאָן. פאַרשטייט זיך אַז ער האָט מיך געפּרואווט באַטראַכטן פאַר אַ היפּש נאַאיוון מענטש. מיר האָבן זיך אומפריינטלעך צעשיידט אין דאָזיקן מרה־שחורהדיקן אָוונט. מיין האַרץ האָט געוויינט און שטיל באַדויערט. ווייזט אויס אַז עס איז אין מיר פאָרגעקומען עפּעס באַדייטנדיקס. אָפּטמאָל ווייסט דאָס האַרץ פריער פון זאַכן און געשעענישן ווי דער מוח.

אָבער שוין דעם זעלביקן אָוונט, אַהיימגייענדיק שפּעט בייַנאַכט פון דער קאַפע, אַן איינגעהילטער אין קאַלכדיק־אייזיקן ליכט פון דער פולער לבנה, איז מיט מיר גייסטיק עפּעס געשען. איך האָב אַן אומעטיקער אַריינ־געקוקט אין די אָפענע פענצטער פון די נאַכטיקע קאַפעען. די געסט, די אייביקע איינוואוינער פון שטעט, גאַסן און קאַפעטעריעס, זיינען זיך שוין געהאַט לאַנג צוריק צעגאַנגען, לאָזנדיק שטיין אַ מאָדנעם אומעט, דעם אומעט פון רויך, רייד און ציגאַרעטן. די גאַרסאָנען האָבן שוין געהאַט אַרויפגעשטעלט די שטולן אויף די טישלעך, איבערגעקערטע מיט די פיס און געזעגנט צום פולאַפ. דאָס ליכט אין די לאָמפּן איז געווען אויסגעלאָשן. די פאַדלאָגעס האָבן געגלאַנצט ווי קליינע טייכן, פול מיט זייפענע מידלענעס. בעזעמס און באַרשטן אין די הענט פון באַדינערס האָבן געריייניקט די פיס־באָדנס פאַרן נאָענטן באַגינען. די שפּיגלען אויף די ווענט האָבן שטיל געשוויגן, האָבנדיקע איינגעזאַפּט אַ וועלט מיט טומל און באַוועגונג דורכן לאַנגן טאָג.

דאָס שווערע געמיט וואָס געסט, טוריסטן און בלעררליי פאַסאַזשירן פון דער לעבנס־שיף האָבן דאָ געלאָזן שטיין, האָט מיך מאָדנע אָנגערירט. איך האָב דערפילט דעם טרויער פונם אייביקן איינזאַמען מענטש, דעם מענטש פון דער צייט פון דוד המלך, פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסן, פון יוליוס צעזאַר און נאַפּאָלעאָן; פון דעם מין מענטש פון אַלע צייטן און דורות, וואָס גייט זיך זיין אומרואיקן און ביטערן וועג אין דער מענטש־לעכער היסטאָריע. איך האָב דערגרייכט אין יענער נאַכט מיין קליינע מאַנסאַרדע מיט אַ נייעם, שעפערישן געדאַנק, וואָס איז עפּעס צו מיר אַליין געווען אויסטערליש:

— פאַרוואָס זאָל איך טאַקע פון איצט אָן נישט אָנהויבן צו שרייבן פּראָזע? קען זיך דער פּאָעטישער גייסט און די קרעאַטיווע פּערזענלעכקייט באמת נישט אויסדריקן רייך און פולבלוטיק אין רחבותדיקע שורות, וואָס זיינען ברייט און אָפּגרונטיק־טיף ווי דער אָקעאַן? מוז מען טאַקע די קרעכ־צנדיקע און סענטימענטאַלע שורות, די בלומען פון געמיט, פאַרענדיקן מיט גלאַטינקע גראַמען? קען מען נישט שרייבן, אויב מען האָט טאַלאַנט, נאַ־טירלעך, קיין טיפע, דראַמאַטישע פּראָזע? האָבן אַזעלכע ריזנשעפער ווי

געטע, שאַפּנהויער און ניטציע נישט געשריבן קיין גלענצנדיקע פּראָזע און פילאָסאָפישע ווערק? פאַרוואָס טאַקע זאָל איך אַמאָל נישט פּרוואוון שרייבן קיין נאָוועלע? אפשר וועט דאָס מיך פּאָרט אַרויספירן פונם טעמפּן ווינקל פון כסדרדיקן באַשרייבן זיך אַליין און דאָס אייגענע הארץ? איז דען נישט צייט אַריינצוקוקן אין די הייזער, פּאַלאַצן, קאַפּעען, קאַבאַרעטן און קעלערס פונם מענטש? צו דערזען דאָס פּנים פונם מענטשלעכן כאַראַקטער אין די אָפּגרונטן און יסורימדיקע טאָלן פון נשמות און גורלות? יאָ, מען וועט באַדאַרפן אין אַ טאָג אַ פּרואוו טאָן די אייגענע קינסטלערישע כּוחות אין דעם געביט פון דערציילונג און רעפּאָרטאַזש.

אין יענער נאַכט, צווישן די ווענט פון מיין באַהעמישן שטיבל, האָב איך אַ סך אַריינגעלייענט אין אַ מאָנומענטאַלער אויסגאַבע פונם תּנ"ך, וואָס איך האָב איינמאָל, אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג, איינגעקויפט אויפן באַרימטן אַנטווערפּענער פויגלמאַרק. דער תּנ"ך איז כל־ימיו געלעגן אויף מיין לענגלעכדיקן טישעלע מיטן פלאַם־רויטן טישטוך, בשכנות מיטן נאַקעטן סקעלעט פון אַ מענטשלעכן קאָפּ, וואָס איך האָב אויך, אין יוגנטלעכער נייגעריקייט, געהאַט איינגעקויפט פאַר גאַנצע צען פראַנק אויפן זעלבן פילפאַרביקן פויגלמאַרק. מיר זיינען שטאַרק געפעלן די עפּישע און לירישע באַשרייבונגען פון דעם מעכטיקסטן פון אַלע ספרים. די פּרי־מיטיווע, מעשה בראשיתדיקע פרישקייט פון גרויסן, געטלעכן וואָרט, וואָס האָט רייך געפלאַמט אויף די פאַרברענטע ליפּן פון די נביאים, די ערשטע גראַנדיעזע און גאָט־שיכּורע גייסט־מענטשן. עס האָט פון די ברייטע, זיידענע בלעטער פון תּנ"ך פאַר מיר אַרויסגעלויכטן מיט טיפער חכמה, מיט פאַר־כאַפּנדיקער שיינקייט און פאַרנעם. די געהאַמערטע שפּראַך און דער לי־רישער כאַראַקטער פון דעם מענטש און פון גאָט'ס מאַיעסטעטישער לאַנד־שאַפט האָט מיין נשמה רייך געמאַכט מיט נייער גייסטיקער עשירות און דערפאַרונג. אויך די געוואַלטיקע טראַגיק פון די געשטאַלטן, אָנהויבנדיק פונם שטילן פאַסטוך ביזן גרויסאַרטיקן קייסער און דער פאַרנעם פונם שיקזאַל וואָס הענגט פינצטער און מוראדיק אַריבער אַלעמענס נאַקעטע און שטערבלעכע מענטשנקעפּ.

איך בין געבליבן שטיין קליין און דערשראָקן פאַר גאָר די דראַמעס פון מענטשן און פעלקער, וואָס האָבן אַרויסגעלויכטן אַזוי ווי בליצן אין אַ שטורעמדיקן, פאַרוואָלקנטן טאָג פון אַ היפּשער צאָל ספרים צווישן די דיקע טאָוולען פון מאַסיוון, מיט פינצטערע אותיות געדרוקטן תּנ"ך. לייענענדיק אין די שפּעטע נעכט, ביים קאַרגן שיין פון אַן אָרעמען, חלב־טריפנדיקן ליכטל, די הערלעכע ספרים פון ספר איוב, קהלת און משלי; אָדער די גראַנדיעזע קאַפּיטלעך פון תהלים; צי פון ספר דניאל און אַפילו פון די בלעטער פון מגילת אסתר; אָדער פון שטילן, אידילישן ספר רות; פלעג איך יעדעס מאָל אַ קוק טאָן אויפן נאַקעטן, מענטשלעכן פּנים, מיט

זיינע אויסגעהוילטע גריבער און לעכער, וואָס דער טויט האָט ציניש אָפּגעדעקט בשעת עס האָבן געלויכטן די זיידענע שטראַלן פון דער לבנה, וואָס האָבן עס געקושט און ווי איינגעהילט מיט ווייסע באַנדאַזשן די וואונדן פון ליבע, פון לעבן און פון שטאַרבן. דער דאָזיקער פּנים־סקעלעט פון אַ פּרינץ אָדער בעטלער; דאָס דאָזיקע אומבאַקאַנטע מויל פון אַ קעניגין אָדער פּראָסטיטוטקע, מיט אויסגעהאַקטע ציין און אַן אָפּגעפוילטער צונג, האָט צו מיר גערעדט מיט דער טראַגישער שפּראַך פון איוב און קהלת. דער גורל און דער סוף פונם מין מענטש האָט פינצטער־און־פלאַמיק געשטראָמט פון זיינע, אָדער אירע, טיפע אויגנלעכער, בשעת אַן איראָנישער שמייכל האָט ווי אַראָפּגעלויכטן פון די שאַרפע קינבאַקן. ווער ווייסט, האָב איך דערביי מעדיטירט, צי דאָס דאָזיקע צאַרטע, אָבער אויך שטרענגע פּנים איז נישט אַמאָל פון אַ פּאַרצייטישער פּרינצעסין, אָדער פון אַ גראַציעזער גאָסנפרוי, אין וועמען דער נביא הושע איז געווען פאַרליבט און פאַר־כישופט?

די געוואוינטשאַפט אַריינצוקוקן אין תנ״ך איז מיר געבליבן ביז אויף היינטיקן טאָג. יעדן באַגינען, ווען נאָך איך זעץ זיך אַוועק שרייבן ביי מיין טאַטנס שרייבטישל, ווען די נאַכט איז נאָך פינצטער ווי אַ טינטער אָנגעפּילט מיט חושכדיקן טינט, מוז איך אַריינקוקן אין אַ קאַפּיטל תהלים. ווי נאָר דו עפנסט אויף די בלעטער פונם געטלעכן ספר, גייען דיר אַנט־קעגן אוראַלטע לענדער און פאַרצייטישע שטעט; עס רעדן צו דיר מעכ־טיקע קייסאָרים־פילאָסאָפן און אומגליקלעכע, פאַרבלאָנדזשעטע פּרינצן; עס עפענען זיך פאַר דיין אויג לאַנדשאַפטן פון אַמאָליקע פעלקער וואָס זיינען געווען צאָלרייך ווי די שטערן אין פינצטערן הימל און ווי דאָס געלע זאַמד ביים ברעג ים. דו גייסט אַריין אין דער טיפעניש פון היסטאָריע, אין דעם אייביקן תהום פון לעבן און עפּעס אַ שטאָלץ וואָס דו ביסט אַ איד, באַהערשט דיין גייסט. דו פילסט דיך אוראַלט, עפּעס ווי אַלץ־וויסנדיק און האָבנדיק אַלץ געזען וואָס עס איז נאָר פאַרגעקומען מיט דער מענטשלעכער ראַסע אין משך פון איר מיליאָנעניאָריקן געראַנגל. דו קריגסט מוט צו גרייפן די פעדער אין דער האַנט און צו שרייבן דיין אייגענע גע־שיכטע, די דערציילונג פון דיין זיין אין דער וועלט, פון דעם קאַמף און געראַנגל פון דיין פאָלק און דעם פאַרמעסט מיט די עלעמענטן פון אַלע פריערדיקע דורות וואָס האָבן געלעבט און געקעמפט אויף דער ערד.

איך האָב דעמאָלט, טאַקע אין יענער באַשריבענער נאַכט, געמאַכט די ערשטע נאָטיצן כדי אָנצושרייבן מיינע איינדרוקן פון סאַנאַטאָריום סט.־אַנטאָניוס, אין ברעכט, וואו איך בין געווען אַ פּאַציענט נאָענט צו אַ יאָר צייט. די דאָזיקע באַשרייבונגען וועגן קראַנקע מענטשן, מיין סאַמע ערשטער פּרואוו אינם אַזוי גערופענעם זשאַנר פון רעפּאָרטאַזש, זיינען געוואָרן אָפּגע־דרוקט אין די וואַרשעווער „בייע פאָלקסצייטונג“, (אַרום די יאָרן 1934־1932).

דאָס זיינען געווען מיינע ערשטע בעלעטריסטישע אַרבעטן בכלל. דאָס איז אויך געווען דער אָנהויב פון מיין ליטעראַרישער קאַריערע, אויב מען קען עס אַזוי אָנרופן, אין דער קונסט פון שרייבן פּראָזע.

ווען איך האָב אין דער סאָציאַליסטישער קאָפּע „דער קאָאָפּעראַטעאור", אין ווייניקע וואָכן שפּעטער, געטראָפן דעם קליינטשיקן יאַפּאַנעזער, האָב איך צו אים מיט דאַנקבאַרקייט געשמייכלט. מיין פריערדיקער מכלומרשטער צאָרן איז שוין איצט געהאַט אויסגעוועפּט געוואָרן. איך האָב אים אויפריכטיק געזאָגט:

— איר ווייסט, אייער „ברוטאַלע" עצה אַז איך זאָל אָנהויבן צו שרייבן פּראָזע, איז מיר דעמאָלט אַריין אין מוח און אין האַרצן. איך האַלט טאַקע איצט ביים איבערשרייבן דעם ערשטן אָנוואורף פון אַ רעפּאָרטאַזש פון מיינע אימפּרעסיעס און איבערלעבענישן אין סאַנאַטאָריום.

דער יאַפּאַנעזער האָט פון אַן אָפּגענוצטער, לעדערנער טעקע, וואָס איז שוין געווען שטאַרק אָפּגעבלאַקירט, אַרויסגענומען אַ פרישן עקזעמפּלאַר פון זיין באַליבטן זשורנאַל „לע מאָנד", ווי אויך זיין דיקן, אָפּט־גענוצטן פראַנצויזיש־דייטשן סלאָווניק. זיין קינבאַקיק, מאָנגאָליש פּנים איז נאָך געווען היפּש צעראַצט און צעגראַטשעט. מען האָט אויף זיין פּנים דערקענט די קלעפּ פון פיינטלעכע הענט.

— אום גאָט׳ס ווילן, וואָס איז מיט אייך געשען? — האָב איך אים געפרעגט. — האָט איך אפשר אַ באַליידיקטע, איפערזוכטיקע געליבטע געקושט אַזוי אויסערגעוויינלעך צאַרט, און שפּעטער האָט זי אייך צעגראַטשעט מיט אירע שפּיציקע נעגל ווי אַ קאַץ?

דער קליינטשיקער יאַפּאַנעזער האָט מיר דערציילט אַן אומהיימלעכע געשיכטע. געוויינלעך גייט ער רעגולאַר אויף זיינע שטרענג־וואָכנטלעכע וויזיטן צו זונות אין די מיטלאַלטערלעכע געסלעך פון האַפן. זייענדיק זיכער אַז דאָס איז אַ פיינטלעכער יאַפּאַנעזער, האָבן אים אַ גרופּע רעוואָלוציאָנערע כינעזישע מאַטראָזן געפּאַנגען אין אַ ווינקל פון אַ פינצטערער גאָס און זיי האָבן אים ברוטאַל צעשלאָגן. אַזוי אַרום האָבן די מאַטראָזן אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט אויף די יאַפּאַנעזישע אַרמייען וואָס האָבן צו יענער צייט אַטאַקירט כינע. דער אָרעמער „יאַפּאַנעזער" פון גאַליציע האָט זיך קוים מיט צרות אַ לעבעדיקער אַרויסגעריסן פון די הענט פון די צאָרנדיקע רעוואָלוציאָנערן. בשעת יענער נאַכט איז ער שוין צו קיין גאַסנפרוי נישט דערגאַנגען. ער האָט זיך קוים דערשלעפּט אַהיים, צו זיין נאַקעט־איינזאַמער מאַנסאַרדע, און ער האָט זיך צוגעלעגט נאָסע קאָמפּרעסן צו זיינע בלוטיקע „פּאָליטישע" וואונדן. דער קליינער איד וואָס האָט שרעקלעך פיינט געהאַט פּאָליטיק, איז אויף אַ חוזקדיקן אופן געוואָרן אַ קרבן פון אַן אוראַלטער שנאה צווישן צוויי גרויסע פעלקער אַזש אין וויטן אַזיע.

ווען איך בין אין אַ צייט אַרום געפאָרן קיין אַמעריקע, איז דער קליינטשיקער יאַפּאַנעזער געקומען צום ברעג כדי זיך מיט מיר צו געזעגענען. אין די אויליקע וואַסערן פון דער שעלדע איז געשטאַנען פאַראַנקערט די ריזיקע שיף „וועסטערנלאַנד". דער יאַפּאַנעזער האָט ערנסט באַטראַכט מיין שיף. ער האָט אַ ניכטערער אָפּגעשאַצט איר ווערט אין בעלגישע פראַנקען. באַלד האָט ער גענומען מיר צוהעלפן, שלעפנדיק די וואַליזעס, אָנגע־שטאָפּטע מיט מאַנוסקריפּטן, הויפּטזעכלעך מיט פּאָעזיע. אין די וואַליזעס זיינען געוועזן איינגעפּאַקט בוכשטעבלעך אַרום צען טויזנט לידער. אַזאַ לאַדונג האָט נאָך קיין שום שיף אפשר נישט געהאַט זינט דער ים „שטייט". מיין פריינד האָט געגעבן פאַרשריבן אין זיין עלעגאַנטן אַדרעסן־ביכעלע מיין ניו־יאָרקישן אַדרעס אין די בראָנקס, וואו מיינע עלטערן האָבן גע־וואוינט. אָבער, אויף ווי ווייט איך ווייס, האָט ער קיינמאָל צו מיר נישט געשריבן. אין מיין יוגענטלעכן אַלבום מיט פאָטאָגראַפיעס איז געבליבן צוגעקלעפּט זיינס אַן אומהיימלעך פאַספּאָרט־בילד. עס איז אפשר דאָס איינציקע געדעכעניש וואָס עס איז איבערגעבליבן נאָך איינעם אַן עקסצענט־רישן איד פון איראָפּאַ.

דער „יאַפּאַנעזער", ווייל איך איצט סומירן זיין כאַראַקטער־פּאָרטרעט, איז קיינמאָל נישט געוועזן פון די איבעריקס־סענטימענטאַלע פאַרשויינען. תמיד אַ ניכטערער, לאָגיש־דענקענדיקער מענטש; אַ כמעט ברוטאַלער ראַ־ציאָנאַליסט; אַן אייביקער סטודענט און אַ געדולדיקער זוכער פון ווערטער אין פרעמד־שפּראַכיקע ביכער. פון פרויען האָט ער ניט צופיל געהאַלטן, זיך אויסצודריקן באַשיידן. לויט זיין אָנשויאונג פאַרמוטשען די פרויען דעם געניוש. אויב איינער וויל באמת עפּעס דערגרייכן אין זיין לעבן; אויב ער האָפּט עפּעס צו ווערן, האָט דער יאַפּאַנעזער געהאַלטן, איז דער איינציקער, לאָגישער אויסוועג: אַבסאָלוטע איינזאַמקייט, אויב נישט אויך פולקאָמע אַבסטינענץ. פרויען זיינען פאַר דער שעפערישער פערזענלעכקייט ווי שווערע קיזלשטיינער אויפן האַלדז פון אַ מת. זיי ציען אים אַרונטער צום אָפּגרונט. די נאַטירלעכע פיזישע טריבן פונם ייִנגען מאַנסביל מוז מען קענען באַפרייען דורך געקויפטער ליבע... ער האָט ממש אידעאַלי־זירט צוויי באַשעפענישן אין אוניווערס: פרויען און הינער. זונות, האָט ער געהאַלטן, ראַטעווען דעם איינזאַמען און אַמביציעזן אינטעלעקטואַל פון דער „פאַרקנעכטנדיקער היראַט, פון אייביקער שקלאַפעריי צו דער פרוי". זיין לערער אין דער שנאה צו פרויען איז געוועזן אָטאָ ווייניגער. וואָס שייך אַזאַ העכסט־אומשולדיק באַשעפעניש ווי הינער, זיינען זיי געזונט צום עסן און גרינג צו פאַרדייען. ער פלעגט טאָקע אין די אַנטווערפּענער אידישע רעסטאָראַציעס פאַרצערן מיט אַ ווילדן אַפּעטיט היפשע שטיקער עוף. געשלעכט און אַכילה האָבן געהערט צו זיינע הויפּט־פיזישע פאַרגעניגנס. דער גורל פון אַ פרוי האָט אים אינטערעסירט פונקט אַזוי פיל ווי דער

שיקזאַל פון אַ הון. ביידע דינען בלויז צו אַ געוויסן צוועק פאַרן יינגנמאַן, וואָס באַפרייענדיק זיך פון זיינע פיזישע באַדערפענישן, קען ער שטייגן אויף דער סאָציאַלגעזעלשאַפטלעכער לייטער צו זיין אייגנטלעכן ציל, באַרוף און קאַריערע.

פאַרשטייט זיך אַז אַזעלכע צינישע מחשבות און דעקלאַראַציעס האָבן מוראַדיק שאָקירט מיין אידעאַליסטישע, ראָמאַנטישע און ענטוזיאַסטישע נאַטור. די קאַפּע איז אָפּט געווען די סצענע, אָדער די אַרענאַ, פון אונדזערע ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס.

אייביקע איינזאַמקייט איז געווען דער גורל פון מיין חבר. ער האָט כמעט נישט געהאַט קיין שום פריינט. זיינע חברים זיינען געווען, ווי גע־זאָגט, די פרעמד־שפּראַכיקע ביכער פון ליטעראַטור און נאָך מער די בייכיקע סלאָווניקעס (ווערטערביכער). ער האָט זיך תמיד געלערנט שפּראַכן און ער פלעגט זיצן בשעת זיין פרייער צייט מערסטנס אין די פאַרויכערטע קאַפּעען און רעסטאָראַציעס אין אַנטווערפּן. ווי דאָס רוב קליינשטעטלדיקע סטודענטן, אויטאָדידאַקטן, האָט ער געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר אויסלענ־דישע לשונות, וואָס האָבן מכלומרשט געדאַרפט עפענען טירן און טויערן צו קאַריערעס. אָבער די אוניווערסאַלע, די שענסטע שפּראַך, דאָס לשון פון ליבע, מיט אירע ניואַנסן און מורמלערייען; די שפּראַך פון פּאָעזיע, פון שיר השירים; פון איר האָט ער קיין איינציק וואָרט נישט געקענט און אויך קיין חשק נישט געהאַט צו פאַרשטיין. קיין שום פרוי האָט דעריבער נישט אַריינגעשמייכלט מיט איר פאַרפירערישן שמייכל אין זיין עלענטן לעבן און נישט אַריינגעבראַכט קיין טראָפּן פרייד אין זיינע לאַנגווייליקע טעג און נעכט.

ווער ווייסט איצט וואו עס איז ערגעץ אַהינגעקומען דער מאָדנער און אומגליקלעכער יאַפּאַנעזער. עס איז ביי מיר נישט פאַראַן קיין שום צווייפל: ער איז אויך, אַזוי ווי אַ סך טויזנטער אידן פון בעלגיע, געווען אַ קרבן פון היטלערס געשטאַפּאָ. זיין לעצטער וועג האָט אוודאי געמוזט זיין מיטן נאַצישן טויטנצוג פון מעכעלין קיין אוישוויץ. דאָס איז געווען דער טראַ־גישער גורל פון די מערסטע אידישע קרבנות, וועלכע זיינען געכאַפּט גע־וואָרן דורך היטלערס תלינים אויף די גאַסן און אין די באַהעלטענישן פון בעלגישע שטעט. פיל קליגערע און אַפילו פּעאיקערע מענטשן ווי דער יאַ־פּאַנעזער זיינען אומפאַרמיידלעך אַריינגעפאַלן אין דער נעץ פון היטלערס מאַסנמערדערס, אַזוי ווי פיש אין דער נעץ פון פישער.

שרייבנדיק די דאָזיקע שורות, שטעל איך זיך פאָר: אין גן־עדן, צווישן מאַסן יאָמערנדיקע אידישע נשמות, מיט אָפּגעזענקטע פליגל פון די שרפות און קרעמאַטאָריומס אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, מוז דער קליינטשיקער יאַפּאַנעזער כסדר אַרומשוועבן, אַ מוראַדיק־נערוועזער, מיט בלעטלעך פון די פאַנאַנדערגעוואָרפענע סלאָווניקעס אין זיינע פאַרברענטע הענט און ער

מוז אוודאי נאָך אַלץ שטודירן פרעמדע לשונות; ער האַלט נאָך אוודאי אַלץ אין שעפן התפעלות פון איליאַ ערענבורגס קלוגע, ציניש ראָמאַנען; פון זיינע פּאָליטישע פעליעטאָנען אין די אַלטע, פאַרגעלטע זשורנאַלן פון אַנרי באַרביס'ס „לע מאָנד". כאָטש זיין מאָגן איז שוין לאַנג פאַרברענט, איז געבליבן שטיין אין אים אַ הונגער צו אָפּגעבראָטענע עופות און כאָטש פון זיין גוף שיטן זיך שטיקלעך פּראָכנע, טראַכט ער מיט בענקשאַפט פון די פלעמישע, פראַנצויזישע און דייטשע פרויען אין פּאָרט פון אַנטווערפּן. און כאָטש זיין צונג און די ליפּן זיינען שוין לאַנג פאַרוואַנדלט צו אַש און שטויב, האַלט ער אין איין איבערחזרן וואוילקלאַנגיקע ווערטער פון גרויסע, מענטשלעך־וואונדערלעכע שפּראַכן... דער „יאַפּאַנעזער" האָט אפשר פאַרגעסן אַז ער איז אַ קליינער גאַליציאַנער איד אין גן־עדן, פון וועמענס פאַרשרפּהטע פּלייצעס עס שטראַלן אויס אין דער הויך גאָלדענע פליגל...

---

אין הערבסט פון יאָר 1934 האָב איך זיך געגרייט צו פאָרן קיין ניו־יאָרק. איך געדענק שוין נישט גענוי וועמענס איניציאַטיוו דאָס איז געווען, וואָס מען האָט לכבוד מיר איינגעאָרדנט אַ געזעגענונגס־אָוונט אין אַ קאַפע אויף דער פעליקאַנסטראַטע. עס זיינען דאָרט אָנוועזנדיק געווען אַ צאָל היימישע ליטעראַטן. יעדער איינציקער פון זיי איז געווען פּונקט אַזוי קאָמפּליצירט און גאַווה'דיק ווי די שרייבער פון וואַרשע אָדער ניו־יאָרק. דער פאַקט וואָס זיי זיינען אַלע געווען אומבאַדייטנדיקע, פּראָווינציעלע שרייבערס און זשורנאַליסטן, האָט נישט געמינערט פון זייער פּוסטן שטאָלץ און איינגעבילדעטקייט. דאָס איז אַן אוניווערסאַלער שטריך פון די מערסטע מענטשן וואָס נעמען זיך צום קאָמפּליצירטן פאַך פון שרייבעריי.

צו יענער צייט, האַרט ערב מיין פאַרלאָזן אַנטווערפּן, האָב איך געהאַט געשריבן און אָפּגעדרוקט מיינע ערשטע רעפּאָרטאַזשן אין דער וואַרשעווער בונדישער „נייע פאָלקסצייטונג". די רעפּאָרטאַזשן זיינען מערסטנס געווען געווידמעט מיין פאַרברענגען אַ קנאַפּן יאָר אין בעלגישן סאַנאַטאָריום סט. אַנטאָניוס, ביי ברעכט. ערשט לעצטנס זיינען מיינע אימפּרעסיאָניסטישע איינדרוקן פון דאָזיקן סאַנאַטאָריום דערשינען אין מיין בוך „אייזיק אַש־מדאַי", אונטערן טיטול „דאָס פלעמישע גן־עדן".

די ערשטע רעדעס אויפן דערמאָנטן געזעגנונגס־אָוונט, אייגנטלעך דעם ערשטן אַזוי־גערופענעם ליטעראַרישן אָוונט אין מיין לעבן לכבוד מיין ווייניקייט, זיך אויסצודריקן ליטעראַריש, האָבן זיך טאַקע באַצויגן אויף מיין שרייבן אין די „נייע פאָלקסצייטונג". איך בין אַגב בשעתן דאָזיקן אָוונט געווען שטאַרק אומעטיק. ווען ד"ר י. ב. צפּור האָט גערעדט וועגן מיר, האָט ער געזאָגט אַז ער דערקענט אין מיר אַ פּאָטענציעל־טאַלאַנטפולן מענטש לויט מיין טרויעריקער שטימונג. עס איז דאָס שטענדיק־דער־

שלאָגענע אין מיין פּנים און געמיט וואָס ווייזט אָן, לויט אים, אויף אַ דענקענדיקן און עמאָציאָנעלן מענטש, אַן אומצעפרידענעם מיט זיך אַליין און מיט זיין גורל.

איך געדענק ד״ר י. ב. צפּור. דעם ערשטן רעפעראַט וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אַ באַשיידענעם עולם אין אַנטווערפּן, איז געווען וועגן דער שייכות צווישן גאונות און משוגעת. סיי די פאַקטן און סיי די מכלומרשט וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג האָב איך שוין פריער געהאַט געלייענט אין די ווערק פון צעזאַרע לאָמבראָזאָ און מאַקס נאָרדוי. דער רעפעראַט איז נישט געווען קיין איבעריקס אָריגינעלער. דער געוועזענער אידעם פון וולאָצלאַוועקער רב איז אַליין אויך געווען אַן אומגליקלעכער מענטש. ער פלעגט אַ נערוועזער רויכערן מאַסן ציגאַרעטן. מיר האָט זיך געדאַכט אַז ער אַליין וועט זיך סוף־כל־סוף אויסרויכערן אין פיבער און אין איינ־זאַמקייט. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ געלערנטן. ער האָט באַזעסן אייראָ־פּייאישע קולטור. עס איז געווען שווער צו יענער צייט אַרויסצושלאָגן פּרנסה אין בעלגיע פון אַ פּובליקום וואָס האָט געהאַט ווייניק פאַרשטענדניש פאַר אידישע קולטור און ליטעראַטור.

אַנטווערפּן איז געווען אַ טראַנזיט־שטאָט פאַר מאַסן עמיגראַנטן וואָס זיינען געפאָרן אין קאָלאָמבוסעס מדינה. דער עלעמענט אידן איז געווען אַ געמישטער, פון פאַרשידענע לענדער. קיין טיפן אינטערעס פאַר אידישער קולטור האָבן זיי קיינמאָל נישט געהאַט. די אַלטע־איינגעזעסענע אידן, די תּושבים, זיינען געווען אַסימילאַטאָריש געשטימט. עס איז געווען אַ ציו־ניסטישע באַוועגונג, מיט וויכטיקע פירערס. אָבער דער ציוניזם האָט אין די גלות־לענדער קיינמאָל נישט געשאַפן קיין נאַציאָנאַלע אידישע קולטור.

ד״ר י. ב. צפּור האָט שטענדיק געהאַלטן אין איינרעזשיסירן זיינס אַן אייגענע פּיעסע. ער האָט תּמיד געקנעלט טעאַטער־קונסט מיט עטלעכע מאָגערע סטודיאַנטן. ער פלעגט מערסטנס זיין אויפגערעגט, שטימונספול און אומהיימלעך. מיט זיין פּרוי איז ער זיך געהאַט פאַנאַנדערגעגאַנגען נאָך מיט יאָרן צוריק. קיין ספּעציעל־צוגעלאָזענער מענטש איז ער נישט געווען. אָבער זעענדיק אַז איך האָב אַן אינטערעס פאַר וועלט־ליטעראַטור, האָט ער גערן געהאַט מיט מיר צו שמועסן. איינמאָל אין אַ טאָג האָבן מיר גערעדט וועגן דעם פּאָעט שאַרל באָדלער. ער האָט ציטירט פון אויסנ־ווייניק אַ צאָל לידער פון „בלומען פון שלעכטס״. איך האָב אים צוגעזאָגט צו שענקען אַן אויסגאַבע פון זעלבן בוך, וואָס איך האָב געהאַט איינגע־קויפט אין אַ בוכהאַנדלונג און געהאַלטן תּמיד אויפן טישעלע, נעבן מיין בעט, ווי אַ טייערן אוצר. ווען איך האָב ד״ר צפּורן געבראַכט דאָס פּרעכ־טיקע בוך, האָט ער מיך געקושט אויס דאַנקבאַרקייט און שוין דורכן גאַנצן אָוונט רירנדיק דעקלאַמירט פון באָדלערס מייסטערהאַפטער דיכטונג. איך האָב געזען ווי די הענט ציטערן ביי אים בשעת ער מישט די בלעטלעך.

איך האָב איינמאָל געבאָרגט אין אַ ביבליאָטעק זיין פּיעסע „דער טורם פון בבל". איך האָב זי אויסגעלייענט אין איין נאַכט. ד"ר צפור האָט נישט באַזעסן קיין צו גרויסן פּאָעטישן אָדער אַפילו דראַמאַטישן טאַלאַנט. אָבער ער האָט געקענט וואויל דינען אַ אידישן ישוב, אַן אינטעליגענטער געזעל־שאַפט, אויף פאַרשידענע געביטן. מעסטנס אַלס לערער, טעאַטראַל און קולטור־אָרגאַניזאַטאָר. טראָצדעם וואָס ער האָט באַזעסן איראָפּיאישע בילדונג, באַזונדערס די פראַנצויזישע, האָט ער ליב געהאַט דאָס אידישע לעבן, די אידישע ליטעראַטור און טעאַטער און ער האָט טאָג און נאַכט געאָטעמט מיט פאָלקסטימלעכער אידישקייט.

ד"ר י. ב. צפור האָט געטיילט דעם טראַגישן גורל פון יענע בעלגישע אידן וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרן אויף די גאַסן דורך דער געשטאַפּאָ און זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ. דער איד וואָס האָט לאַנגע יאָרן פאַרבראַכט אין צענטראַל־איראָפּאַ, איז געצוואונגענערהייט צוריק־געבראַכט געוואָרן קיין פּוילן. ער האָט פאַרן טויט אָנגעקוקט די אומגליקלעכע פּנימער פון פּוילישן אידענטום, וועמענס געטרייער זון ער איז געוועזן. ער האָט איינגעאָטעמט דעם ריח פון פּויליש וואַלד און פעלד. ער האָט ווידער געזען, ווי אין זיין קינדהייט, די בלוילעך־טונקעלע וואָראָנע וואָס פליט גיך אַוועק פונם אומהיימלעכן אוישוויצער הימל, איבער וועלכן עס פילט זיך אויף מיילנווייט דער ריח פון דעם פאַרברענטן פלייש און בלוט פון מאַסן אידן. ער, וואָס האָט פאָטערלעך ליב געהאַט דאָס אידישע קינד און האָט פאַרן קינד פאַרפאַסט האַרציקע לידער, האָט געמוזט אויסהויכן זיין לעצטן אָטעם צוזאַמען מיט טויזנטער אידישע קינדער. ווער איז באמת אימשטאַנד צו שרייבן אין שילדערן דאָס פּנים פון דעם שרייבער־קדוש ד"ר י. ב. צפור, וואָס האָט אַוודאי געמוזט ווערן ענלעך, אין זיין שרעקלעכן אומקום, צום פּנים און גשטאַלט פון ירמיהו הנביא, וואָס אָנקוקנדיק זיין פאָלקס בראָך פון די בערג אַרום ירושלים, איז ער אַליין פאַרשטיינערט געוואָרן פון יסורים און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטומען פעלדז. —

---

איך געדענק דעם באַנקעט. עס איז שוין געוועזן שפּעט ביינאַכט. דער רויך פון ציגאַרן און ציגאַרעטן האָט פאַרהילט די קעפּ און פאַרמאַסקירט די פּנימער פון די מענטשן ווי מיט גרויע, בלייערנע מאַסקעס. מען האָט געטרונקען הייסע געטראַנקען, כוסות מיט וויין, קופלעס מיט ביר, טאַסן מיט קאַווע און געגילדערטע גלעזער מיט טיי. מען האָט געהאַלטן רעדעס פול מיט האָפנונג און גלויבן אין דער צוקונפט פון אידישן פאָלק, פון דער אידישער קולטור און פון דער גאַנצער מענטשהייט. איך בין געוועזן שיכור, נישט אַזוי ווייט פון בראָנפן און ביר, ווי פון דעם גרויסן מאָמענט. באַ־טרונקען פון די אָנגעגליטע מענטשן, פון דער שיינער סביבה, פון דעם פאַקט פון מיין פאַרלאָזן בעלגיע, וואו איך האָב פאַרבראַכט צען יוגנטלעכע יאָרן;

פון מיין פאָרן קיין אַמעריקע צו מיינע עלטערן און צו מיין אומבאַקאַנטער משפּחה, וועלכע איך האָב רעכט נישט געקענט צוליב מיין „פאַרשפּעטיקטן געבורט״; פון מיין פּחד פאַר דער אומבאַוואוסטער צוקונפט; פון מיינע פּלענער צו שרייבן און פון מיר אַליין, פון מיין ייִנג לעבן, וואָס האָט זיך מיר געדאַכט אַז עס איז שוין אַזוי שרעקלעך אַלט. איך געדענק די אַלע פּנימער און געשטאַלטן, די מינעס און מאַסקעס פון מאַנסבילן און פרויען, די גאַרסאָנען אין ווייסע רעקלעך ווי אין לויזע תכריכים, טראָגנדיק זילבערנע טאַצן מיט וויין און שנאַפּסן. איך געדענק די געסט און גאָר די מענטשן אַרום מיר.

פריינט ד. גראַמפּ, וועמענס ביינערדיק פּנים איז געווען ווי פון אַ אויס־געקרומטן, ציניש סאַטיר, האָט מיר געבראַכט צוויי מתנות: דאָס ערשטע איז געווען אַ מאָדנע בילד פון דעם פּאָעט היינריך היינע וואָס האָט פאַר־געשטעלט דעם קלוגן איד און אומשטערבלעכן ראָמאַנטיקער מיט אַ בלייכן פּנים, ווי אויסגעקנאָטן פון קיט; מיט טרויעריקע אויגן וועמענס ווײַס זיינען געווען מיט צער און יסורים אַרונטערגעלאָזן איבער זיינע שוואַרצ־אַפּלען; אַ קליינע, טונקעלע באָרד האָט אידישלעך־היימיש געצירט זיין פרעכטיקן פּנים וואָס האָט אויסגעדריקט מיט טיפער לויטערקייט די מחשבות פון אַן אידעאַליסט, דעם עקשנות פון אַ מאַרטירער און די פאַרביסנקייט פון אַ נאָבעלן קעמפער פאַר פרייהייט. ווער עס האָט אָנגעקוקט דאָס דאָזיקע, דורך טיפע ליידן אויסגעשניצטע פּנים, האָט עס שוין קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געקענט פאַרגעסן. אויף דער צווייטער זייט פונם דאָזיקן בילד האָבן זיך לכבוד מיין ווייניקייט אונטערגעשריבן אַלע אָנוועזנדיקע ליטעראַטן. דאָס בילד איז געבליבן אין מיין באַזיץ ביזן היינטיקן טאָג.

די צווייטע מתנה איז געווען י. י. טרונקס אַ בוך מיט דערציילונגען וועגן דעם לעבן אין פאַרצייטישן רוים. י. י. טרונק איז אַגב צו יענער צייט נאָך נישט געווען דער טיף־אידישער שרייבער ווי ער איז דאָס געוואָרן אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן, דער מחבר פון די מאַסיווע עפּישע בענדער „פּוילן״ און דער מאָדערנער איבערדערציילער פון די כעלמער מעשיות און „בבא־בוך״.

אינמיטן נאַכט בין איך אַ טרויעריקער אַהיימגעגאַנגען צו מיין מאַנ־סאַרדע. פון דער קאַלכדיקער וואַנט אַרונטער קוקן מיך אָן מיינע ברידער־קאָלעגן אָסקאַר ווײַלד און וואַן גאָג. ווען איך שלאָף אויפן שמאָלן, אייזערנעם בעטל, קאַפּן אַראָפּ צו מיר אָסקאַר ווײַלדס טרערן און טראָפּנס בלוט פון דעם האָלענדערס אָפּגעשניטענעם אויער. די לעדערנע טעקע, אַן אָנגע־שטאָפּטע מיט דיקע מאַנוסקריפּטן, האָב איך פעסט געדריקט צו מיין לייב. עס זיינען דאָרטן געווען מיינע ערשטע אָנהויבן אין פּראָזע, אין דערציילונג און רעפּאָרטאַזש. אין האַרצן גליט דער גרויסער חלום צו ווערן עפּעס באַ־דייטנדיקס אין דעם אוניווערס פון וואָרט. אַ באַגער צו זיין שיכור און

יום־טובדיק, צו לעבן אַ לעבן פון גייסט און שעפערישקייט. אין זכרון ברענען פלאַמיק די שורות: אין סאַמע אָנפאַנג איז געווען דאָס וואָרט און דאָס וואָרט איז געוואָרן צו פלייש. אין מיר וועט דאָס בלוט, פלייש און טרערן צוריק ווערן צום וואָרט, טראַכט איך. אין שוואַרצן, באַכטיקן הימל שטייען גאָט׳ס שטערן גרויס און פינקלענדיק. זיי זאָגן מיר צו, ווי צו יעקב אָבינו, פאַרוויקלעכונג פון חלומות און מעשים.

זינט דעמאָלט אָן גיי איך תמיד אַוועק פון באַנקעטן און בעלער אַזאַ אומעטיקער און איך ווענד מיינע אויגן צום הימל, צו גאָט, צו שעפערי־שער איינזאַמקייט. די באַנאַלע רייד פון עלאָקווענטע מענטשלעכע מיילער, גלאַנציקע ליפּן און גלאַטע צונגען; די רעדעס און טאָאַסטן פון פלינקע רעדנערס און דעמאַגאָגן, ווערן באַצייטנס פאַרוויילעט אין דער נאַכט ווי הערבסטיקע בלעטער אין ווינט און רעגן. בלויז דער שעפערישער אַריינ־קוק אין גאָט׳ס אומגעהויערן אוצר מיט שטערן גיט דיר גייסטיקע קראַפט און מוט. אין גייסט און איינזאַמקייט איז געאַנקערט דיין לעבן. „איך וועל דיר ווייזן די אוצרות פון דער פינצטערניש״, הערסטו אַ געטלעכן צוזאָג פון נביאס פלאַמיקע ליפּן.

איצט, ווען איך האָב שוין געקראָגן פונם קאָנסול די וויזע קיין אַמע־ריקע, פּייניקט מיך אַ שווער געפיל. עס טוט מיר באַנג צו פאַרלאָזן איי־ראָפּאַ, מיין היים. עס איז טרויעריק אויף אייביק אַוועקצוגיין פון דיין שטילער מאַנסאַרדע. עס איז שווער אויפצוגעבן דיין וועלט, דיין חלום, דיינע געראַנגלען מיטן מלאך, דיינע אידעאַלן און האָפנונגען. דו ווייסט אַז אין אַמעריקע וואַרטן אויף דיר שרעקלעכע אַנטוישונגען. די גרויקייט פון ניו־יאָרק וועט דיך דערשלאָגן. איך בין אַפילו געגאַנגען אין ביורא פון דער „רעד סטאַר ליין״־קאָמפּאַניע און געבעטן אָפּצולעגן מיין רייזע. איך האָב געוואָלט וואָס לענגער איינאָטעמען די לופט פון אַלטן אייראָפּאַ, אויף וועמענס האָריזאָנט דער פינצטערער אַשמדאַי, היטלער, האָט שוין געהאַט אויסגעשפּרייט זיינע מוראַדיקע פליגל. איך האָב פּלוצלונג, פאַרן אָפּשיידן זיך מיט אייראָפּאַ, אפשר שוין אויף קיינמאָל מער נישט אומצוקערן זיך צו אירע ברעגעס, זי שטאַרק ליב געקראָגן מיט עפּעס אַ גרויסער ליבשאַפט אין מיין נשמה. יעדער טאָג און שעה וואָס איך בין דאָ געווען, איז מיר געוואָרן אַזוי ליב און באַנג...

---

עס איז געווען אַ גרויער טאָג פון חודש סעפּטעמבער אין יאָר 1934. די ריזיקע שיף „וועסטערנלאַנד״ שטייט געאַנקערט אין האַפן פון אַנט־ווערפּן, אין דעם גרויען וואַסער פון שעלדע־קאַנאַל. אַ ווינט יאָגט ערגעץ פון גרויסן ים. אויפן ברעג שטייען די ליטעראַטן וועגן וועלכע איך האָב שוין געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך: משה אַלטמאַן, א. לאַוב, אַברהם טרעשטשאַנסקי, זישע באַגיש און נאָך אַנדערע פריינט און חברים.

איך ווער אַלט פיר און צוואַנציק יאָר. די מענטשן וואָס זיינען געקומען זיך מיט מיר צו געזעגענען, פלאַטערן מיט ווייסע טיכלעך אין דער הויך. די שיף הויבט זיך שוין אָן צו באַוועגן, זיך אויסצודרייען. איך קוק אָן אויפמערקזאַם די מוזעאומס, קירכעס, פּאַלאַצן און עסטאַמינעס אויפן ברעג. איך קוק אָן די שטאָט אַנטווערפּן מיט אַ סך ליבשאַפט און נאָסטאַלגיע. איך קוק אָן מיינע צען פאַרגאַנגענע יאָרן אין בעלגיע. איך האָב זיי פּאַקטיש פאַרשפּילט מיט גאָרנישט. איך האָב ווייניק אויפגעטאָן אין אַזאַ לאַנגער צייט־שטרעקע. דערצו האָט מיין האַרץ מיר געזאָגט אַנגעזאָגט אַז איך וועל שרעקלעך ליידן אין נייעם לאַנד. איך האָב פּאַקטיש מורא געהאַט צו באַגעגענען מיין משפחה. איך האָב געוואָלט אויסמיידן מיין טאַטן. איך האָב נישט קיין חשק געהאַט צו באַגעגענען מיינע ברידער און הערן זייערע פּראַקטישע עצות. מיין האַרץ האָט ממש געציטערט פול מיט פחד פאַר אַמעריקע.

דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, אין יאָר 1934. איצט איז שוין סוף סעפּטעמבער 1964, אין די פאַרגאַנגענע דריי צענדליק יאָרן האָט זיך ממש איבערגעקערט אַ וועלט. עס זיינען שוין אַנגעשריבן געוואָרן מאַסיווע בענדער געשיכטע אין אַלע לשונות וועגן די דאָזיקע דרייסיק בלוטיקע יאָרן, די סאַמע גרויליקסטע אין דער היסטאָריע פון דער וועלט. אָבער באַזונדערס אין דער אידישער וועלט. —

---

אין אַן אָוונט פון יאָר 1964 זיץ איך ביים שיין־געדעקטן טיש אין הויז פון וואָלף פירשט. עס איז אַ רחבותדיקע וואוינונג אין דער געגנט פון פאָרעסט הילס. בשעת מיר לאָזן זיך וואוילגיין מיט די רייצנדיקע געטראַנקען און די זעלטענע מאַכלים וואָס זינאַ, זיין חנעוודיקע פרוי, שטעלט אויפן טיש, דערמאָנען מיר זיך אין פאַרגאַנגענע מענטשן, זאַכן און געשעענישן.

וואָלף, וואָס איז איצט אין די פופציקער יאָרן, איז תמיד געווען אַ ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער. גייענדיק צו דער קאַסע פון טעאַטער אין אַנטווערפּן, אויף דער אַמעגאַנג סטראַטע, און אויפמאָנענדיק פאַרן דרוקן די פלאַקאַטן און פאַר די אַנאַנסן אין דער „פרעסע״, האָט ער זיך דערוויל אַריינגעכאַפּט אין זאַל און געזען אַ פּיעסע. יענע פאַרשטעלונגען זיינען געבליבן שטיין מיט ליבשאַפט אין זיין זכרון.

— דו געדענקסט אייזיק סאַמבערג, מנחם רובין, מאָריס שוואַרץ? — זאָגט צו מיר וואָלף, אַביסל אַ בגילופנדיקער פון ווין און פון הייסע, יוגנטלעכע זכרונות פון טאַטנס הַיים און סביבה — געדענקסט בערטאַ גערסטין, באַדיאַ קאַרעני, קעני ליפּצין, מרים קרעסין, בערטאַ קאַליש?

איך ענטפער אים געוויין. איך דערצייל אים פון דעם גורל פון פאַרשידענע אַקטיאָרן. אַ סך פון די טייערע נעמען קלינגען שוין איצט צו מיר לע־

גענדאַריש. צייט און געשעענישן האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין געשיכטע, מעשה און לעגענדע. דאָס לעבן פון דער וועלט אין די לעצטע יאָרצענדלי־קער האָט איבערגעשטיגן אַפילו די פאַנטאַסטיק און סימבאָליק פון טעאַטער. אַ צאָל שוישפילער, צו דערמאָנען בלויז געציילטע, ווי איזיק סאַמבערג און דער קאָמיקער מאַקס פּאַסטעל, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קדושים. צייט האָט צוגעגרייט פאַר יעדן פון זיי אַ טראַגישן סוף...

וואָלף ווערט אַלץ נישט מיד זיך אויסצופרעגן: — וואו זיינען ערגעץ בערטאַ גערסטין; די וועלט־באַרימטע שוישפּילערינס ציליע אַדלער און פרענציס אַדלער?

ביים לעצטן נאָמען פאַרטראַכט איך זיך אַ ווײַלע. ווענן איר וואָלט איך דווקא אימשטאַנד געווען זיך היינט ביינאַכט לענגער אָפּצושטעלן...

— פרענציס אַדלער איז ערשט אין די לעצטע וואָכן געשטאָרבן. איך האָב זי נישט געהאַט געזען אַרום אַ פופצן יאָר. עס איז געווען אַ צייט ווען זי פלעגט קומען אין דער רעדאַקציע פון היגן „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט". זי איז באַפריינדעט געוואָרן מיט רעדאַקטאָר יצחק ליב־מאַן. זי איז געווען אַ שטאַרק נערוועזע, אַן אומגליקלעכע און אפשר אויך הונגעריקע פרוי. מען האָט באַדאַרפט האָבן אַ סך טאַקט און פאַרזיכטיקייט מיט איר אומצוגיין. אָבער זי איז געווען אַ פעסטער כאַראַקטער, ווי אַ זייל פון מירמלשטיין. זי האָט תמיד געוואָגט צו שליידערן דעם ברוטאַלן אמת אין פּנים אַריין פון אַלע מענטשן וואָס זי האָט באַגעגנט אין איר לעבן, אַפילו ווי אומפאַרייִנטלעך דער דאָזיקער אמת איז געווען. זי האָט זיך נישט געשראָקן פאַר קיין מענטשן. זי האָט נישט געוואוסט וואָס עס איז אַזוינס חניפה. זי האָט באַזעסן געניאַליטעט, צוליב איר ליבשאַפט צום אמת, זיך צו פאַרשאַפן שונאים. זי איז דעריבער געווען אַ גאַנץ איינזאַמע פרוי. פאַר פרעמדע מענטשן איז געווען אַ ביסל אומהיימלעך און קאָמפּליצירט מיט איר אויסצוקומען. די נאָענטע משפחה־מיטגלידער האָבן איר אַוודאי נישט איבעריקס ליב געהאַט. זי האָט אָפן קריטיקירט אירע שוועסטער און ברידער. עס האָט געמוזט זיין ביי איר אין האַרצן אַ סך קנאה. איך ווייס נישט צי זי האָט געהאַט אַ וואַרעם געפיל אַפילו צו איר מוטער, די באַרימטע שרה אַדלער, וועלכע איך געדענק אויך אויסגע־צייכנט.

פרענציס אַדלער האָט געשפּילט וויכטיקע ראָלעס אין קלאַסישן רעפּערטואַר פון שעקספּיר, גערהאַרט הויפּטמאַן און אַנדערע אייראָפּעאַי־שע דראַמאַטורגן. זי האָט באַזעסן קולטור און ערודיציע. זי האָט זיך אויס־געדריקט צום שטאַרקסטן אין יעקב גאָרדינס דראַמעס. זי האָט געהאַט אַ הויכע, אימפּאָזאַנטע פיגור און אַ טרויעריק, ערנסט און איינדרוקספול פּנים, וואָס איז געווען אַזוי ווי תמיד ערשט גרימירט פון די וויטיקן פון לעבן. פון דאָזיקן שטרענגן פּנים האָבן אַרויסגעלויכטן אַ פּאָר גליענ־

דיקע, דורכדרינגענדיקע און בייזלעכע אויגן, ווי שטערן אין אַ פינצטערער נאַכט.. זי איז פּאַקטיש קיינמאָל נישט אַראָפּגעגאַנגען פון דער בינע. ווי יעדער גרויסער טאַלאַנט, האָט זי פאַרגעזעצט אין לעבן די דראַמאַ־טישע ראָלע פון דער פּיעסע. זי האָט כסדר אין לעבן געהאַנדלט ווי אין שעקספּירס אָדער גאָרדינס אַ גליענדיקער דראַמע. זי איז מערסטנס געווען אויפגעערעגט, דערשלאָגן, מרה־שחורהדיק און דראַמאַטיש געשטימט. די נויט, די איינזאַמקייט, אָפטמאָל אויך דער נאַקעטער הונגער, דאָס פּשוטע אויספעלן פון עטלעכע טאָלערס אויף די סאַמע נויטיקסטע געברויכן, האָט פאַרשאַרפט אירע חושים. אין גרויסן, צעבראָכענעם שפּיגל פון איר ענגער וואוינונג האָט זי צו אָפט געזען ווי עס זעט אויס איר הויכע, איינגעבראָכענע פיגור און פון לעבנס־זאָרגן ביטער־גרימירטן פּנים. איך האָב באַמערקט ווי עס האָט איר שטאַרק געקרענקט צו זיין אָרעם. זי האָט זיך געשעמט מיט איר נויט. זי איז געווען אַ פרוי מיט אַ מעכטיקן כאַראַקטער, ווי ליידי מאַקבעט. עס האָט איר וואויל געפּאַסט צו שפּילן אין שעקספּירישע דראַמעס די ראָלעס פון קעניגינס. זי איז אַליין געווען אַ גרויסאַרטיק שעקספּיריש געשטאַלט, אָנגעטאָן אין אַ קרוין אויף איר שטאָלצן קאָפּ. ווען ענס האָר זיינען שוין פון לאַנג אָן געווען גרוי ווי אַ ברודיקער שניי, וואָס האָט פאַרגעסן צו ווערן צעשמאָלצן אין לינדן וועטער.

מיר פלעגן אָפט אין די ווינטערדיקע נעכט פאַרברענגען אין איר נאַכלעסיקער האָטעל־וואוינונג אַרום דער צווייטער עוועניו. עס פלעגן זיך דאָ צוזאַמענגעקומען פאַר ברויט מיט הערינג און גלעזלעך טיי מיט סאַכאַרין עטלעכע עלטערע אַקטיאָרן און אַקטריסעס. אין דרויסן איז געווען קאַלט און פאַרשנייעט. דאָ, ביי פרענציס אַדלער, אין די ביידע אָרעמע חדרימלעך, איז געווען ענג, שטויביק און פאַרוואַרלאָזט; אָנגעשטאָפּט מיט אַלטע ביכער; מיט בילדער; צעבראָכענע ראַמען און פלעשער, אַ טוץ פאַראַסאָלן ווי פאַרמבולדיקע, טויטע פייגל; מיט צעריסענע פליגל און צעבויגענע דראָטן ווי פאַרדאַרטע אָדערן. דאָ האָט געפּאַנעוועט כמעט ווילד און מכלומרשט אומפּרייטלעך, און דאָך מיט גרויס ערלעכקייט און סימפּאַטיע צו די געפאַלענע און פאַרגעסענע, אַ משוגענע קייסערינע, די גרויסאַרטיקע און טאַלאַנטפולע פרענציס אַדלער, וואָס האָט דווקא ליב געהאַט אָרעמעלייט, פאַרגעסענע אַקטיאָרן, מענטשן מיט אָפּגעמעקטע פּנימער און מיט אויסגעלאָשענע אויגן. זי האָט מערסטנס רעספּעקטירט איין און איינציקן מענטש אין דער וועלט: איר וועלט־באַרימטן טאַטן, יעקב פּ. אַדלער, וועגן וועמען זי האָט דורך איר גאַנצן לעבן געשריבן עפּעס אַ לעגענדאַריש בוך און זי האָט עס פּאַקטיש קיינמאָל נישט פאַר־ענדיקט. ווייל זי האָט עס אין דער אמתן געשריבן בלויז אין איר פאַנטאַ־זיע. דער נשר הגדול, דער גרויסער אָדלער, איז געווען איר גאָט,

איר אידעאַל, איר לויכטנדיקער שטערן פון קליינערהייט אָן, ווען זי איז נאָך געווען אַ פּיטשינקע מיידעלע. ווען זי האָט פּלוצלונג גענומען רעדן וועגן איר פאָטער, האָט איר צעקנייטשט און אומעטיק פּנים אויפגעלויכטן. די אויגן האָבן זיך צעבליט און צעבליצט. איר צונג, געוואוינט צו ביטער־ניש און סאַרקאַזם, האָט געקראָגן באַגייסטערט וואָרט און איר זכרון האָט גענומען ווערן אַקטיוו מיט פאַנטאַסטישע מעשיות און עפּיזאָדן פון יענע גוטע צייטן, ווען מאַסן אידן אין ניו־יאָרק האָבן געלעבט אין ענטוזיאַזם מיטן אידישן טעאַטער און ווען די באַרימטע אַקטיאָרן זיינען פאַרגעטערט געוואָרן פון טויזנטער באַגייסטערטע פאַרערערס. עס איז געווען ווי פרענציס אַדלער וואָלט דערציילט פון עפּעס אַ פאַבלהאַפט קעניגרייך. זי איז געווען איר טאַטנס מייסטנס געצערטלטע טאָכטער; זיין קינד, זיין סעקרעטאַרין, זיין פאַרטרויטע פריינדין, זיין ראָמאַנטישע פאַרערערין צווישן די זעלטענע פרויען, וועלכע ער האָט תמיד אַקטיאָריש און דאָן־זשואַניש פאַרכישופט.

פרענציס אַדלער האָט, ווי מיר דאַכט זיך, בכלל נישט צו פיל גערן געהאַט ווייבער. ווער ווייסט, אפשר אויס איפערזוכט צו איר באַרימטן טאַטן. דאָס מיינט חלילה נישט אַז זי איז געווען אַ לעסביערין. זי איז דווקא געווען אַ פּולבלוטיקע, קאַפּריזנע און היפּער־סענסיטיווע פרוי. אָבער זי האָט באַזעסן אַן אייזערנעם כאַראַקטער און זי האָט רעספּעקטירט כאַראַקטער אין מענטשן. אין יעדן מאַנסביל האָט זי פאַקטיש געזוכט איר גרויסאַרטיקן און מאָנומענטאַלן טאַטן. זי האָט אים יעדן טאָג און נאַכט פון איר לעבן אַרומגעזוכט אין דער וועלט, ווי אבישג השונמית האָט געזוכט אין מיטן נאַכט אַ פאַרצווייפלטע איר איינציקן און אויסדערוויילטן קייסער... זי האָט נאָך אים געהונגערט איר גאַנץ לעבן. זי האָט ליב געהאַט צו פאַראַפראַזירן דאָס ווערטל: עס איז בעסער אַ טויטער לייב ווי אַ לעבעדיקער הונט. זי האָט טאַקע פיינט געהאַט הינט, וואָס לעקן און קושן שקלאַפיש די טריט פון זייער באַלעבאָס פאַרן מינ־דעסטן ביינדל. זי האָט פון אירע פריינט געמאָנט ווירדע און אומאָפּהענ־גיקייט. זי האָט אַליין געהאַט דעם אומבויגזאַמען כאַראַקטער פון אַ קעניגין. —

איך האָב אויך געקענט, ווי געזאָגט, איר מוטער שרה אַדלער. יצחק ליבמאַן, וואָס האָט אויף זיינע וועכנטלעכע קאָנצערטן אין „לייבאָר טעמפּל" תמיד געהאַט פאַרזאַמלט מאָדנע טאַלאַנטן, ווי פאַרעלטערטע חזנים וואָס האָבן געקרייעט: מידע, אָפּגעמעקטע אַקטיאָרן און הייזעריקע זינגערס; פאַרגעסענע פּאָליטישע פערזענלעכקייטן און אַנדערע נישט־דערבאַקענע און נישט־דערגאַנגענע; און ווען פּובליקום האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך עפּעס אַן אומהיימלעכן ערב־רב פון לעצטע מאָהיקאַנער־ליבהאָבער פון אידישן וואָרט, האָט איין מאָל אויך איינגעלאַדן אויפצוטרעטן די

שלאַבעריקע שרה אַדלער. זי איז געווען היפש דערשראָקן און אָנגעצונדן פון פיבער. זי האָט געהאַט בינע־פיבער ווי אַ יינג מיידל, וואָס גרייט זיך דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן אויפצוטרעטן אין אַ ראָלע. זי האָט מיט גרויס אויפרעגונג אין איר קול דעקלאַמירט, מיר דאַכט זיך, אַ פּאָעמע פון דוד עדעלשטאַדט. זי האָט געטראָגן אויף איר בוזעם אַ פּייער־דיק־רויטע רויז. איר פּנים איז געווען שטאַרק גרימירט, כדי צו פֿאַרדעקן די אומברחמנותדיקע קנייטשן און צייכנס פון איר טיפער עלטער. זי איז שוין געווען זייער שוואַך און פראַגיל. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז קליינע יינגלעך האָבן איר ערשט אויסגעקנאָטן פון שניי. באַלד וועט זי זיך נעמען צעשמעלצן אין איר אייגענער וואַרעמקייט און עקסטאַז. טראָפּנס וואַסער און שניי וועלן נעמען רינען און טראָפּיען פון איר שלאַבעריקן לייב, ווען דער „גרויסער אָדלער" האָט אַמאָל געקושט מיט ליידנשאַפט און וועגן וועמען מען האָט דערציילט, אַז זי איז געווען אַ בילד־שיינקייט.

פון אַ ווינקל אויף דער בינע האָט פרענציס אַדלער, אַליין אַ מוראדיק־נערוועזע צוליב איר אייגענעם „אַקט", וואָס זי האָט זיך געגרייט צו געבן, געוואַכט און געפּלאַטערט איבער איר מוטערס פּאַטעטיש געשטאַלט, וואָס האָט פאָרגעטראָגן פון פּאַרצייטישן רעפּערטואַר מיט איר מכלומרשן אַמאָליקן פּאַטאָס און פייער — אָבער אַלע מענטשן אין זאַל האָבן גע־ציטערט טאָמער פאַלט זי אום אין דעם דאָזיקן שוין לעצטן אויפטריט אינם שטויביקן און פאַרנאַכלעסיקטן זאַל פון „לייבאָר טעמפּל", וואָס דאָס קען איר, חלילה, קאָסטן דאָס לעבן. אָבער, צוריקגעשמועסט, איז דען פאַראַן אַ מער פּאַסיקער סוף פאַר אַן אַקטיאָר אין פאַרנעם פון מאָליער אָדער קין צו שטאַרבן איין מאָל אין לעבן זיין אמתן טויט אויף דער בינע, אויף וועלכער ער איז אַזוי פיל מאָל פאַלש און פאַרבלענדנדיק גע־שטאָרבן ? !

ווען שרה אַדלער האָט ענדלעך פאַרענדיקט איר לאַנגן מאָנאָלאָג, די פּאָעמע וואָס איז אויך געווען פון אַן אַנדערער צייט און סביבה, האָט איר טאָכטער אָפּגעאָטעמט פרייער. דער עולם האָט שטאַרק אַפּלאָדירט. שרה אַדלער איז געווען צעטומלט, דערשראָקן און פאַרשוויצט. וויפיל צענדליקער יאָר זיינען אַדורך זינט זי האָט נישט געהערט קיין אַפּלאָ־דיסמענטן אין טעאַטער נאָך אירס אַן אויפטריט ? באַלד איז פרענציס אַדלער אַרויסגעקומען אויף דער העל־באַלויכטענער בינע ווי אַ זייל פון פייער, נאַכט און שניי. זי האָט געבומען פאָרטראָגן די אָנגעלאָדענע ווער־טער פון יעקב גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול". זי איז געשטאַנען אויף דער בינע מיט אַ פיגור פון אַ געטין, וואָס וואַרפט צו צום פאַר־זאַמלטן פאָלק, צו אירע געהאַרכזאַמע אונטערטאַנערס, די אוצרות און די חכמה פון איר קעניגלעכער הערשאַפט.

איך האָב זיך בשעת מעשה דערמאָנט אין יענע רירנדיקע, ראָמאַנטי־

שע און טראַגישע געשטאַלטן פון אַמאַליקע באַרימטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס אין דעם פראַנצויזישן פילם „לאָ פען די זשור" — (דער סוף פון טאָג).

---

יצחק פירשט, דער אַרויסגעבער פון דער „אידישער פרעסע", האָט איבערגעלעבט דעם שרעקלעכן מבול, וואָס האָט מיט כוואַליעס אידיש בלוט פאַרשווענקט כמעט אַ האַלבע וועלט. וואָלף דערציילט מיר, אַז ער פלעגט נאָך אַלץ עסן אין די בעסטע רעסטאָראַציעס. ער האָט הנאה געהאַט פון בלוטיקע „סטייקס" און טונקל־גרינע סאַלאַטן. ער האָט געטרונקען קאָסטבאַרן וויין פון גאָלדענע כוסות. ער פלעגט וואוינען אין לוקסוסדיקע האָטעל־צימערן אין ברוסעל און אויסגיין אין דער אָפּעראַ מיט זיינע רייצנדיקע מעטרעסעס. יצחק האָט זיך פאַרגענומען צו געניסן דאָס לעבן אויף אַ דאָן זשואַנישן שטייגער. ער איז נישט געווען קיין ציני־קער. אָבער זיין מאָטאָ אין לעבן איז געווען „וויין, ווייב און געזאַנג". צום סוף האָבן קראַנקהייטן אָנגעהויבן אונטערצומינעווען זיין פעסטן אָרגאַניזם. ערגעץ וואו האָבן די מלחמה־יאָרן געהאַט שאָדן געטאָן צו זיין געזונט. הגם ער איז געווען ווייט פון צו זיין אַ בורזשואַ, איז ער אָבער געווען געוואוינט צו אַ באַקוועמען לעבן. ער האָט דעריבער נישט געקענט פאַרטראָגן קיין הונגער און היימלאָזיקייט.

ווען זיין ייִנגערער ברודער וואָלף איז אין אַ מיטנזומער געקומען פון ניו־יאָרק קיין בעלגיע אויף וואַקאַציע, האָט ער איבערגעלעבט אַ פערזענ־לעכע טראַגעדיע: דער איינזאַמער, אַלטער בחור יצחק איז פּונקט אין די לעצטע טעג געהאַט אויסגעגאַנגען אין שפּיטאָל פון אַ לעבער־קראַנק־הייט. עס איז וואָלפן אָנגעקומען שווער צו אָרגאַניזירן די לוויה פון זיין עלטסטן ברודער. ער האָט נישט געהערט צו דער קהילה. געוואוינט אַ גאַנץ לעבן צו פאַרברענגען אין קאַבאַרעטן און ווינקעלערן, האָט יצחק זעלטן געטראַכט פון אַן אייגן קבר איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר. דער פאַרשטייער פון דער קהילה האָט ביים אַמעריקאַנער גאַסט פאַרלאַנגט אַ היפּשע אַפּותיקא פאַר די אָרעמע פיר איילן — די היים פאַר זיין ברו־דערס געביין. פון דער גאַנצער צאָלרייכער משפּחה האָט וואָלף אים דער איינציקער באַגלייט אויפן לעצטן וועג, ווייל דער טאַטע דער שוחט, און די מאַמע, זיינען בײדע געהאַט דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ. מסתמא האָבן זייערע אָפּגעזענקטע נשמות דאָ געשוועבט איבערן ארון פון זייער בכור. דאָ און דאָרט האָט זיך צווישן דעם קאַרגן עולם ביי דער לוויה אין פּיט, נעבן דער האָלענדישער גרענעץ, באַוויזן דאָס שטאַרק־אָפּגע־שמינקטע פּנים פון יצחקס אַ געליבטע, אַ מעטרעסע, אָדער אַ צאַרטע פריינדין פון קאַפע, פון דער אָפּעראַ, צי פון קאַסינאָ. נאָכן האָבן קובר געווען זיין ברודער, האָבן זיך וואָלף מיט זיין שאַרמאַנטער פרוי אומגע־

קערט קיין ניו־יאָרק. דאָס איז טאַקע געווען זייער „האָניק־חודש־רייזע" קיין אייראָפּע...

— מיט אַלע זיינע געליבטע — זאָגט צו מיר וואָלף — איז יצחק געווען אַ זייער עלנטער מענטש. ווען ער וואָלט נאָך מיט יאָרן צוריק חתונה געהאַט, וואָלט ער נישט אויסגעגאַנגען אין איינזאַמקייט פון אַ שפּיטאָל־צימערל. ער וואָלט אפשר אויך נישט געליטן אויף די אַלע קראַנקהייטן פון די געדערים און פון דער לעבער. ער וואָלט אַוודאי אויך נישט געשטאָרבן אַזוי פריצייטיק...

— ווער ווייסט, — טראַכט איך, — ווי אַזוי עס וואָלט געווען יצחקס אמתער גורל. אפשר איז דאָס טאַקע געווען דער איינציקער גורל, וואָס גאָט האָט אים אָנגעצייכנט אויף דער הויט פון זיין שטערן מיטן שאַרפן דימענט...

איך האָב אויסגעהערט די געשיכטע פון וואָלפס ליפּן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער רויטער ווייַן אינעם כוס פון גאָלד איז געוואָרן פינצטער ווי אַ טראָפּן נאַכט. מיך האָט טרויעריק געמאַכט יצחקס סוף. איך האָב זיך איצט דערמאָנט, אַז ער איז שטענדיק געווען פריינטלעך. זיין שטאַרבן האָט געעפנט אין מיר אַ קוואַל מיט טרערן... ער האָט אין זיין קבר עפּעס מיטגענומען פון מיר, פון יענער צייט, פון דער וועלט...

---

ליזאַ, די אַמאָליקע שלאַנקע, רייצנדיקע פרוי, וואָס האָט פאַר־כישופט מיט איר פרוילעכער שיינקייט; וואָס האָט פאַרבלענדט די אויגן פון מאַנסלייט מיט דער פערלדיקער בלייכקייט פון איר לייב, איז איצט שוין אַ מיטליאָריקע, אומגליקלעכע פרוי. אַנומלט האָט איר יינגסטער ברודער, וואָלף, מיר דערציילט, אַז זיין שוואָגער איז גייסטיק־קראַנק און ער געפינט זיך אַלס פּאַציענט אין אַ היגן שפּיטאָל. ער ליידט אויף שרעקלעכער אייפערזוכט. ער פאַרביטערט אַלע יאָרן דאָס לעבן פון זיין שאַרמאַנטער פרוי. ער באַשולדיקט איר אין האָבן עסקים מיט אַ צענדליק מענער. דער דאָזיקער פאַרשווין האָט מכלומרשט פאָלירטע מאַניערן; ער קושט די איידעלע הענט פון עלעגאַנטע דאַמעס; ער בויגט זיך איין ביז צו דער ערד ביים באַגריסן זיך; ער דערציילט אויך פּיקאַנטע וויצן אין געזעלשאַפט; ער קליידט זיך פאַצעטיש און לויט דער לעצטער מאָדע. אָבער אין דער אמתן איז ער אַ פּוסטער קאַוואַליער, אַ סאָרט הויכ־שטאַפּלער און ביליקער לעבע־יינג. ער איז אויסגעטאָן פון יעדער סאָרט טיפערער אינטעליגענץ, הגם ער פּאָזירט אַלס אינטעלעקטואַל. ער האָט ביסלעכווייז צעשטערט די קלאַסישע שיינקייט און די נשמה פון זיין ווייב מיט זיינע באַשולדיקונגען. עס האָט אים געפעלט אַ ביסל איידלקייט און ראָמאַנטישקייט כדי צו קענען אָפּשאַצן דעם גייסט און שלימותדיקן גוף פון אַזאַ דאַמע ווי ליזאַ איז געווען.

ליזאַ איז שוין אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק ווען זי האָט אים באַ־געגנט. כאָטש מאַנסבילן זיינען איר נאָכגעלאָפן, איז זי שוין אָבער געווען אין אַן עלטער ווען אַ אידיש מיידל ווערט באַהערשט פון אַ פּאַניק פאַר איר צוקונפט. נאָך דער חתונה האָט זי געוואַרט צען יאָר כדי שוואַנגער צו ווערן. איר מאַן איז געווען עלטער פון איר מיט גאַנצע פופצן יאָר. ווען דאָס ערשטע קינד איז ביי זיי ענדלעך געבוירן געוואָרן, איז די מוטער געווען איבערגליקלעך. אָבער עס איז איר נישט באַשערט געווען צו האָבן פון אים אַ סך נחת. ווען איר איינציק זינדעלע איז אויסגעוואַקסן, האָט ער דווקא געהאַלטן מיטן טאַטנס צד אין זייערע אָפטע קריגערייען. ער האָט געטראָגן עפּעס אַן אינסטינקטיווע שנאה צו דער מאַמען, צו דער תמיד שמייכלענדיקער פרוי, דער געבוירענער קאָקעטקע, וואָס איז געווען אַ טאָכטער פון היימישע פּוילישע אידן און האָט געירשנט זייער לעבנס־לוסט, אָפּטימיזם און געזונטן הומאָר. דער זון האָט געזען אין זיין דייטשן טאַטן, דעם געבוירענעם יעקע, אַ סאָרט מאַנסבילשן העלד. פאַר זיין צאַרטער, גראַציעזער מוטער, וואָס האָט געשמאַכט נאָך ליבע און אָנערקע־נונג, האָט ער געהאַט בלויז שנאה, חוזק און פאַראַכטונג. ער האָט אין דער מוטער געזען „די פּאָלנישע אידין".

אָבער ליזאַ האָט ליב געהאַט איר יינגן זון מיט אַ פאַנאַטישער ליב־שאַפט, טראָצדעם וואָס ער איז געווען אַן אויסוואורף; וואָס ער האָט זי אָנגע־רופן מיט די ערגסטע נעמען און ער האָט זי געזידלט און אַמאָל געשלאָגן אויך. די נאַטור צווינגט אַ מוטער ליב צו האָבן אַפילו אַ זון אַ גענגסטער, וואָס באַרויבט איר פון איר גאָלד און קליידער. ליזאַ איז שוין איצט גייס־טיק געווען אַ חורבה פון אַ פרוי, כאָטש זי איז נאָך אַלץ געווען שיין, עלע־גאַנט און מען האָט געמוזט אין גאַס זיך אָפּשטעלן און באַוואונדערן איר שיינ־קייט, איר אַריסטאָקראַטיש־שטאָלצן גאַנג. זי האָט אָנגעהויבן צו ליידן פון היסטעריע, פון פאַרפאָלגונגס־מאַניעס. זי איז איצט געווען אַ קרבן פון דאָקטוי־רים. די אַמאָליקע אַמביציעזע, ראָמאַנטישע פרוי, וואָס האָט געהאַט גרויסע אילוזיעס וועגן איר צוקונפט, האָט פּאַקטיש פאַרשפּילט איר לעבן. זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַריקאַטור פון אומגליק. —

אין אַ באַגינען פון ניינטן יולי, 1965, בשעת איך בין פרי אויפגע־שטאַנען כדי איבערצושרייבן דאָס אויבן געשריבענע קאַפּיטל, האָט דער טעלעפאָן פלוצלונג געקלונגען. איך בין געווען איבערראַשט וואָס מען רופט מיך אין אַזאַ פריער שעה פון טאָג. עס איז געווען זינאַס קול, די פרוי פון מיין יוגנט־חבר וואָלף. זי האָט מיר אָנגעזאָגט די איוב־בשורה: „ליזאַ איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. היינט, צוויי אַזייגער נאָך מיטאָג, קומט פאָר איר לוויה אין ריווערסייד טשאַפּעל".

איך האָב אַ טרויעריקער געדאַנקט זינאַן פאַרן אָפּרופן מיך. איך האָב זיך איילנדיק אָנגעטאָן. איך האָב געטראַכט פון ליזאַן, פון די אַלע

טיפן און כאַראַקטערן פון דער דרוקעריי. ווי אַזוי עס געשעט, אַז נאָך אײדער מיר פאַרענדיקן רעכט צו שרייבן אונדזערע זכרונות וועגן די אַלע מענטשן, גייען זיי איינציקווייז אַוועק אויפן וועג פון דער אייביקייט, אַזעלכע אַנטוישטע און דערשלאָגענע. איך האָב געטראַכט וואָס פאַר אַ אומעטיקע זאַך עס איז בכלל דאָס שרייבן זכרונות...

דער מאַנוסקריפּט מיט דער באַשרייבונג פון ליזאַן איז נאָך געווען פייכט, בשעת איך האָב זיך צוגעגרייט צו גיין צו איר לוויה. —

אַרום צוויי אַזייגער נאָך מיטאָג בין איך געקומען צום ריווערסייד טשאַפּעל.

אין דעם נאָך ליידיקן זאַל איז געשטאַנען אַ שמאָלער, ווייסער קאַסטן פון קלאָרע הילצערנע ברעטער צונויפגעקלאַפּט. עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט צוגיין, אויפהויבן די דעק און זאָגן: „העלאָ, ליזאַ! וואָס פאַר אַ שרעקלעכער נאַר דו ביסט! פאַרוואָס האָסטו עס געטאָן?” עס איז אָבער געווען שווער צו פאַרדעכטיקן, אַז אינעווייניק ליגט טאַקע די אַמאָליקע לוסטיקע, לעבנס־הונגעריקע און תמיד לאַכנדיקע ליזאַ. איך האָב זיך דאָך געשטאַרקט, בין צוגעגאַנגען צום אָרון און געפּרואווט אויפהויבן די שווערע דעק. יאָ, אַפּרוי איז דאָרט געלעגן. איר פּנים איז געווען פאָר־פורדיק־בלוי. איך האָב שווער געקענט דערקענען אַן ענלעכקייט צו דער אַמאָליקער ליזאַ. די פאַרגליווערטקייט פון טויט האָט איר געהאַלטן איינ־געקלעמט און פאַרפרוירן. איך וויס נישט פאַרוואָס איך האָב געטראַכט אַז אַזוי אויך האָט געמוזט אויסזען מאַדאַם באָווארי, די טראַגישע זעלבסט־מערדערין, אין איר אָרון... די דעק איז אַראָפּגעפאַלן איבער ליזאַס שטייפער, דינער נאַז און האָט ווי מיט אַן אייזערנעם פאַרהאַנג צוגעדעקט יענע צייט, יענע מענטשן, יענע דראַמעס און די גאַנצע פאַרגאַנגענע עפּאָכע, וואָס איז שוין איצט געווען אַזוי ווייט, אַזוי שרעקלעך ווייט...

אין דעם נאָענטן צימער פאַר דער משפחה און געסט האָב איך געזען זיצן וואָלפן מיט זיין ווייב זינאַ. אייך שטיק נישט געראַזירטע און רויע גאָמבע איז ביי אים געווען שווערער און לענגער ווי די אַנדערע. זיין פּנים האָט אויסגעזען צו זיין געשוואָלן. זיין יינגע, שאַרמאַנטע פרוי האָט צייטנווייז געהאַלטן איר מאַנס האַנט אין אירע. זי האָט אים געהאָלפן וויינען און קרעכצן. זי האָט געערן געהאַט זיין איינציקע שוועסטער. איך האָב אינסטינקטיוו אָנגעכאַפּט אַ שטיק האַנט ביי וואָלפן און זי וואַרעם געדריקט. איך האָב געפילט זיין באַדערפעניש צו קריגן טרייסט און מיטגעפיל. ער איז געווען דער אַממערסטן צעבראָכענער מענטש פון דער גרופּע. די איבעריקע מענטשן זיינען געווען סאָלידע בעלגישע אידן, מערסטנס דיאַמאַנטערן, פריינט פון וואָלפן. עס זיינען אויך געווען אַ צאָל יינגערע פרויען, עלעגאַנט געקליידטע, פריינדינס פון ליזאַן, וועמענס טויט האָט זיי שטאַרק געטראָפן. טרערן זיינען גערונען פון פרעכטיקע

ווייבלעכע אויגן. אין טרויער האָט אויך שטיל געלויכטן דאָס צירונג אויף ווייבלעכע דעקאָלטעס און העלדזער.

עס איז מערקווירדיק וואָס איין פּרוי איז געווען צווישן קליינעם עולם, ווען איך האָב געקענט נאָך אַלס יינג מיידל אין אַנטווערפּן. זי האָט דעמאָלט געלעבט אַ זאָרגלאָז לעבן און האָט געהאַט אַ גרעסערע צאָל אינטימע פאַרערערס... מען האָט וועגן איר פּריוואַלער אויפפירונג אַ סך גערעדט צו יענער צייט. זי איז דעמאָלט געווען רייצנדיק־שיין און עס האָט איר וואויל געפּאַסט דער בעכער מיט וויין אין דער גאָלדענער האַנט. אָבער איצט האָט זי אויסגעזען גאַנץ סטאַטעטשנע. צייט האָט שוין געהאַט עפּעס אָפּגעטאָן צו איר בלוט און אויסזען. איר מאַן האָט איר פעסט צוגעהאַלטן ביים אָרעם. זי האָט מאָדנע געקוקט אויף מיר. איך האָב מורא געהאַט אַז זי זאָל מיך נישט דערקענען, כדי זי זאָל זיך נישט באַדאַרפן פילן אומדיסקרעט. זי האָט געטראָגן אויפן קאָפּ אַ ווייס, זיידן טיכעלע און אויך גאָלד־צירונג אויף די פינגער און אָרעמס. גאָלד האָט נאָך אויך שטיל געלויכטן, ווי אַ לעצטער פינקל פון דעם זון־אונטערגאַנג פון איר יוגנט, אין אירע קלוגע אויגן. איך האָב געטראַכט וועגן דעם ביזאַרן וויץ, וואָס דווקא ביי דער איצטיקע טראַגישער געלעגנהייט באַגעגן איך אַ פּרוי פון אַמאָליקער לייכטער אופפירונג. אָבער איך בין געווען דאַנקבאַר דעם צופאַל. וואָרים עס האָט מיר לייכטער געמאַכט צו פאַר־טראָגן די שווערקייט פון דער אַטמאָספערע.

דער יינגער חזן האָט ערנסט גערעדט וועגן דעם, אַז דער גוף קערט זיך צוריק אום צום שטויב, פון וואַנען ער קומט און די נשמה — צו גאָט. ער האָט געזאָגט דאָס טראַדיציאָנעלע צוויי און צוואַנציקסטע קאַפּיטל תהילים און עס דערנאָך אַליין איבערגעזעצט אין אַ קעניג דזשיימס ביבל־ענגליש. אין דעם מאָמענט האָט דער חזן פּלוצלונג אויסגעזען ווי אַ גלח. אויף דער אבלים־באַנק איז געזעסן דער מאַן פון ליזאַן. איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען. ער האָט אויסגעזען זייער פעט, הויך, ברוטאַל און מאָדנע צעקראָכן, ביי זיין גאַנצער מאַנסבילשער און הויכשטאַפּלערישער אימפּאָ־זאַנטקייט. ער האָט כסדר געהאַלטן זיינע לאַנגע הענט אויף דער פּלייצע פון זייער יינגל, פאַר וועמענס ליבשאַפט טאַטע־מאַמע האָבן פאַרצווייפל־טערהייט געקעמפט און געגאַנגען אין אַ פערמאַגענטן דועל. דאָס יינגל האָט זיך אָבער נישט געגויטיקט אין קיין טרייסט. ער האָט מכלומרשט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן און גאַנץ געניט געשפּילט קאָמעדיע.

עס איז געווען דאָס דאָזיקע ברודיקע בחורל, וואָס האָט לייכט געקענט פאַרמיידן זיין מוטערס טויט מיט איין און איינציק פריינטלעך וואָרט. איר מאַן האָט אַוודאי אויך געקענט ענדערן דעם גורל פון דער נערוועזער, סענסיטיווער און גוטהאַרציקער ליזאַ. כאָטש, וואָס אַן אמת, עטלעכע פון די אַנווענדיקע מענטשן וואָס זיינען געשטאַנען אין דרויסן, נאָך דעם ווי

די נאָענטסטע זיינען אַוועקגעפאָרן מיטן באַוויינטן אָרון צום בית־עולם, האָבן אַפילו געהאַט פאַרקערטע מיינונגען. אַ נישטיקער טייל האָט דווקא געהאַלטן מיטן מאַנס צד, זאָגנדיק, אַז ליזאַ האָט מיט איר קאָמפּליצירטן כאַראַקטער און היסטעריע צעבראָכן איר אייגן פאַמיליען־לעבן. אָבער איך האָב זיי נישט געגלויבט. מיין האַרץ איז געווען אויף דער זייט פון ליזאַ און פון איר ברודער וואָלף. איך האָב אין דעם מאָמענט געפילט, אַז אויב זי האָט עמעצן ווי געטאָן, האָט זי מיט איר ביטערן טויט און אַנגסטן שוין פילפאַך באַצאָלט פאַר אירע קאַפּריזן. אָבער אויב אַנדערע מענטשן האָבן פאַראורזאַכט אַזאַ שרעקלעכן סוף פאַר איר, גייט די שטראָף אומפאַרמיידלעך אויף זיי און זייער לעבן וועט פון איצט אָן זיין וויסט און ביטער. דאָס ווערעמדיקע געוויסן זייערס וועט זיי פּייניקן ביזן גרוב. (כאָטש, צוריקגעשמועסט, ווער קען זיין זיכער דערין. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע פאַרדאָרבענע אינדיווידן וועמען אַפילו דער דורך זייער האַנט אומגעבראַכטער קרבן פאַרשאַפט זיי נישט קיין שום ווייטיק און צווינגט זיי נישט צו האָבן קיין חרטה.)

פרעמדע מענטשן, עטלעכע וויינענדיקע פערזאָנען צווישן זיי, מיט אַש־גרויע פּנימער, הגם אַלע זיינען געווען אָנשטענדיק געקליידעט, זיינען דערווייל אָנגעקומען צו אַן אַנדערער לוויה. די לעצטע רעשטלעך נשמות פון דער שוין "אַלטער" לוויה האָבן זיך פאַרלוירן צווישן פּובליקום. זיי האָבן זיך צעשפּרייט אויף די אַרומיקע גרויע גאַסן ווי פלעוועס אין ווינט. עס האָט אָנגעהויבן צו רעגענען, פּונקט ווי דער הימל וואָלט צוגעטיילט צו מענטשלעך אומגליק זיין באַגרענעצטע פאַרציע געוויין, זיך אויסצו־דריקן באַנאַל. אַלע רייד פון מענטשן ביי לוויות, באַנקעטן און חתונות ווערן צעווייעט און גייען אויף צום פּוסטן רוים, ווי עס ווערן צעשמאָלצן אַלע רעגנס, האָגלען און שנייען....

איך בין שפּעטער צוגעגאַנגען צום צענטראַל־פּאַרק, צו דער געגנט וואו איך האָב שפּאַצירט מיט יאָרן צוריק, ווייל איך האָב דאָ פריער געהאַט געוואוינט. תמיד האָב איך אַ באַגער צוריקצוגיין צו די הייזער, פלעצער און גערטנער, וואו איך האָב פאַרבראַכט לענגערע מאָמענטן פון מיין לעבן. עס איז אַוודאי אַ סאַטיספאַקציע אין האַרצן וואָס מיר קומען ווידער צוריק צו די אַלע געגנטן. אָבער מיר קערן זיך אום עלטערע, מידערע, באַלאָדענע מיטן אַש און שטויב פון שטאַרבנדיקער צייט; מיט דער גייסטיקער משא פון איבערגעלעבטע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס...

איך בין געווען איבערראַשט צו זען, אַז די גאַנצע געגנט עקזיסטירט און איז אַפילו רייצנדיק און ציכטיק אויך אָן מיר... אין שווייגנדיקן פּאַרק זיינען די בוימער תמיד און אומעטום שיין. אין אַלע צייטן און לענדער זיינען גרינע בוימער אימפּאָזאַנט, ווי גאָטס לעבעדיקע זיילן אין גראַנדיעזן טעמפּל פון דער אייביקער נאַטור. די אַלע בוימער דערמאָנען

דיך אין דיין אייגענער קינדהייט. די סאַמע ערשטע וואָס דו האָסט געזען קליינערהייט, זיינען געווען די נאָענטסטע קאַשטאַן־בוימער ביים הויז און די ערלעכע, געטרייע פּנימער פון טאַטע־מאַמע, און אפשר אויך פון אַ שוועסטער מיטן פּנים פון אַ גאָלדענעם מלאך, וואָס האָט געטריי געהאָלפן דער מאַמען דיך צו קאָרמענען מיט שפּינגעוועבס, מיט דער אָרעמקייט פון דער היים און צו וואַשן דיין קליינטשיק לייב מיט דער ליבשאַפט פון אירע גרויסע שוועסטערשע הענט, רעפּעטירנדיק איר אייגענע צוקונפטיקע מוטערלעכקייט...

איך בין געזעסן אין גערוימען פּאַרק מיט אַ סערענעם געפיל אין האַרצן. עס איז תמיד דאָס זעלבע פילאָסאָפיש־דערהויבענע געפיל, וואָס קומט צו גיין צו דיר תיכף נאָך אַ לוויה פון אַ נאָענטן מענטש. די אויס־געלייטערטקייט פון בלויען, זיידענעם הימל ווערט צו דיין אייגענער אויס־געלייטערטקייט. די נאַטור גיט דיר אַ רמז אויף דער אוניווערסאַלער שטילקייט, וואָס קומט סוף־כל־סוף צו יעדן איינציקן מענטש ביים סוף פון זיין וועג. די הויכע בוימער רעדן צו דיר אין אַ פריינטלעכער און גרויסאַרטיקער שפּראַך. זיי דערמאָנען נישט נאָר דיך אַליין, נייערט אויך די גאַנצע מענטשהייט, אין איר אַמאָליקער קינדהייט. צופיסנס פון די בוימער, צוזאַמען מיט די ערשטע חיות, פייגל און שרצים, איז אַרומגע־קראָכן די יינגע, נאָך גאָר קינדישע מענטשהייט.

איך בין געזעסן אין שאָטן פון די צווייגן ווי פּאַרכישופט פון דער קאָסמישער שטילקייט. איך האָב נאָכגעטראַכט וועגן ליזאַן, וועגן אירע עלטערן און ברידער, וועגן דער צייט ווען איך האָב זי דאָס ערשטע מאָל געזען, נאָך אַ יינג און לוסטיק מיידל, אין דער טונקעלער דרוקעריי, וואָס איז פריער געווען אַ שול צום דאַווענען. און ווי אַזוי איך האָב צום לעצטן מאָל געפילט די אָנוועזנקייט פון איר נשמה אין דעם לוויה־טעמפּל. איך האָב אויך נאָכגעטראַכט וועגן אַלע מענטשן אויף דער ערד, וואָס גייען סוף־כל־סוף אַזעלכע שטילע און דערשלאָגענע אַהיים, אַהיים, אַהיים, צו זייערע עלטערן און צו גאָט, דעם פאָטער פון אַלע שטערבלעכע לעבנס. —

זונטיק נאָכמיטאָג בין איך געגאַנגען מנחם אָבל זיין מיין יוגנט־חבר אין זיין הויז אַריין. עס איז דאָרטן געווען זיין ליבע פרוי זינאַ און וואָלפס אַן עלטערער ברודער, וועמען איך האָב נישט געקענט. איך האָב אָנגעקוקט אַ פּאָר פאָטאָגראַפיעס פון ליזאַן. תמיד מיטן זוניקן פּנים, וואָס האָט דער־פרייט דאָס אויג. מיטן רייצנדיקן גוף, וואָס וויל אַפילו דורכן טויט נישט אויפהערן פּרוּואיש צו באַווירקן. שטענדיק שלאַנק, חנעוודיק און שאַר־מאַנט. מיין האַרץ האָט שטיל געוויינט אויפן אומגליק פון אַ וואונדערלעך מענטשלעך לעבן מיט אַ זעלטן האַרץ און אַ גוטער, וואַרעמער נשמה.

איך בין איצט, אין דער סביבה פון די אבלים, געוואויר געוואָרן פרישע איינצלקייטן וועגן ליזאַס גרויליקער טראַגעדיע. ווי אַזוי איר איינ־

ציקער זון האָט געוואַגט צו זידלען זיין מוטער אַלס אַן „אויסגעלאָסענע פּרוי". ווען ליזאַ איז נאָך געלעגן „קאַלט און בלוי", ווי איר זון האָט געמעלדעט דורכן טעלעפאָן, נישט וויסנדיק אין זיין גראָבקייט, אַז זיין מאַרטירערישע מוטער לעבט שוין נישט, האָט ער איבער איר נאָך אַלץ געשריגן און געשאָלטן. ווען ער איז שוין ענדלעך געוואויר געוואָרן פון איר זעלבסטמאָרד, האָט ער געגריזשעט שטיקער פון די מאכלים וואָס זי האָט נאָך געהאַט אָנגעגרייט פאַר אים אין פאַרפרירער. ער האָט געזשליאָקעט פלעשער מיט ביר און „קאָקאַ־קאָלאַ". דער פאָטער האָט מכלומרשט געוויינט אַ צעקראָכענער, שרייענדיק אויף דייטש: „ניין, דאָס האָב איך נישט געוואָלט!" אָבער ער האָט פונדעסטוועגן געפאָדערט פון וואָלפן די שליסעלעך צו איר קליינעם פאַרמעגן פון עטלעכע טויזנט טאָלער אין דער קאַסע פון דער באַנק, וואָס זי האָט געלאָזן פאַר איר „געליבטן זון". עמעץ פון די אָנוועזנדיקע פרויען האָט נישט געקענט פאַרטראָגן זיין היפּאָקריטישע אויפפירונג און זי האָט אויפן בית־עולם אויסגעשריגן צו אים: „איר זענט דער קאַלטבלוטיקער מערדער פון אייער פרוי. אייער נאָמען איז לאַנדרו. איר האָט פאַרגאָסן איר בלוט!"

ליזאַ, ווער איך געוואויר, איז שוין געווען מענטשלעך־מיד פון איר יאָרנלאַנג קאַמף מיט צוויי ברוטאַלע ברואים: איר גייסטיק־קראַנקער, דעגענערירטער מאַן, און זייער זון, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַ רוצח. זי האָט אויך געגלויבט אַז זי פאַלט שווער אויף אירעביידע היגע ברידער, וואָס זאָרגן זיך פאַר איר און שטיצן זי פינאַנציעל. ווייזט אויס, אַז עס איז אין איר געווען אַ דראַנג אָפּצוטאָן מיט איר זעלבסטמאָרד דורך שלאָףפילן די דאָזיקע פאַרשווינען — איר מאַן און זון — וואָס האָבן צו איר אַרויסגעוויזן אַזוי פיל אומדאַנקבאַרקייט און שנאה. די באַלידיקטע פרוי און מוטער, אַ געשטאַלט וואָס איז געווען פאַסיק באַהאַנדלט צו ווערן אין אַ נאָוועלע דורך דער געניאַלער פעדער פון אַזאַ טיפן פרויען־קענער ווי פלאָבער אָדער באַלזאַק, האָט אויסגעוויילט דעם פרייוויליקן טויט.

מען האָט ליזאַן געפאַלמעסט אין מאָרג פון בעלוויו־שפיטאָל און וואָלף האָט געמוזט אָנקוקן דורך טרערן זיין אומגעבראַכטע שוועסטער. ער, דער יינגסטער ברודער, האָט אויך באַצאָלט פאַר איר רויען קבר אין דער אַמעריקאַנער ערד.

---

ווי אַזוי מיר האָבן זיך געשטיקט אין גרויס אָרעמקייט, קען אילוסטרירן פאָלגנדיקער עפּיזאָד. איך וועל נישט זאָגן אַז דער רעדאַקטאָר פּראַנסואַ האָט נישט באַזעסן קיין גרויסמוטיקייט און פאַנטאַזיע פון אַ באָהעם, אַ קינסטלער. אָבער איך געדענק פּאָרט אַ פּרט פון יענער צייט, וואָס האָט מיך דעמאָלט, ווען עס איז געשען, שטאַרק שאָקירט און עס שאָקירט מיך אויך איצט, אין מאָמענט ווען איך שרייב כמעט די לעצטע

שורות פון דאָזיקן בעלגישן קאַפּיטל אין מיין לעבן. איך האָב שוין פריער געשריבן אַז מיר פלעגן פון צייט צו צייט פאַרפירן אַ סאָרט סטרייקן אין דרוקעריי. געוויינלעך פלעגן נישט אַלע דרוקערס סטרייקן מיטאַמאָל. מיין ווייניקייט און נאָך עטלעכע יעצערס האָבן געוואָגט אַמאָל אַ סטרייק צו טאָן. אין איין צייט האָט ביי אונדז געאַרבעט דער שוין דערמאָנטער שימעק, תמיד אַ הונגעריקער און אַ מוראדיק־אָרעמער מענטש, וואָס פלעגט בוכשטעבלעך פאַרדינען וואַסער אויף קאַשע. ווינטער־צייט האָט ער נישט געהאַט אויף זיין אָפּגעשוונדן לייב קיין שום וואָרעם מלבוש, אַפילו נישט קיין וואָלענעם לייבל. איינמאָל בשעת אַ געדיכטן שניי אין דרויסן, האָט פראַנסואַ אים געשאָנקען אַן איבערגעגאַנגענעם איבערציער, אַ פּאַלטאָ אַזאַ וואָס איז שוין געווען היפּש אָפּגעטראָגן און „היסטאָריש" נאָך ווען דער רעדאַקטאָר האָט אים אָנגעהויבן צו טראָגן. דער „פּאַלטאָ" האָט אָבער פאָרט אַ ביסל געוואַרעמט שימעקס געפּרוירענע ביינער. איינמאָל, בשעת אַן אַזוי־גערופענעם סטרייק, ווען מיר, די אַרבעטער, זיינען געקומען אין ביוראָ פון דער דרוקעריי, כדי צו אונטערהאַנדלען, האָט זיך באַוויזן פראַנסואַ, אַן אויפגערעגטער און צעהיצטער. זיך ווענדנדיק צום אויסגע־דאַרטן שימעקן האָט ער געשריגן, טייטלענדיק מיט דער האַנט אויף אים:

— און איך האָב איך נאָך געשאָנקען אַ מאַנטל... איר שעמט זיך ניט צו סטרייקן בשעת איר וואַרעמט זיך אין מיין איבערציער... שוין די איצטיקע מינוט זאָלט איר מיר אומקערן מיין בגד!...

שימעק האָט, פאַרשטייט זיך, גלייך אויסגעטאָן דעם מאַנטל און אים, אַ צערייסענעם און צעלעכערטן, צוריק אָפּגעגעבן דעם רעדאַקטאָר. אַ פאַר־שעמטער און באַליידיקטער איז ער מיט מיר צוזאַמען געגאַנגען אונטערן געדיכטן שניי, וואָס איז שווער געפאַלן איבער די דעכער פון די הייזער, איבער די שאַרבנס פון די מענטשן, און האָט אונדז ווי געשלאָגן...

די דאָזיקע האַנדלונג האָט געוואָרפן אַ פלעק אויפן כאַראַקטער פון פראַנסואַ פירשט. כאָטש איך בין זיכער, אַז דער גייסט פון שימעקן ערגעץ אין הימל האָט אים שוין לאַנג מוחל געווען זיין האַנדלונג, אָבער אויב אַפילו די נשמה קען מוחל זיין עמעצן פאַר אַן עוולה, צווייפל איך צי די נאַטור איז מוחל... סיי ווי דעקט די דאָזיקע פאַסירונג אָפּ די שרעק־לעכע אָרעמקייט פון די מענטשן. —

פראַנסואַ פירשט, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרקאָכט אין דער אָפּעראַ, אין דער טעטיקייט פון ציוניזם און אין דער „יידישער פרעסע", האָט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה חתונה געהאַט מיט אַן אַסימילירטער פרוי. זי האָט אים געבוירן צוויי אינגלעך. ער, דער געבוירענער באָהעם, וואָס איז געשלאָפן אין זיין דאַך־שטיבל צווישן בערג מיט אידישע צייַ־טונגען, ווי יעקב אָבינו אויף די קלוגע און געטרייע שטיינער אין באַר־

שבע, איז גאָר געוואָרן אַ פּראַקטישער מאַן, אַן אויסגעצייכנטער בריליאַנטן סוחר, אַ געטרייער פֿאָטער פֿון זײַנע קינדער, וואָס דערציט זיי אָבער נישט אין טראַדיציאָנעלן אידישן גייסט. ער, דער אַמאָליקער נאַציאָנאַל־געשטימטער איד און הייסער ציוניסט, וואָס האָט געשריבן ענטוזיאַסטישע אַרטיקלען וועגן פּראָפֿ. חיים ווייצמאַן, ביאַליק, אוסישקין און וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, בשעת זיי האָבן פֿאַרבראַכט אין אַנטווערפּן, לעבט זיך דווקא איצט אויס גאָרנישט אידישלעך. ער איז פּשוט אַ שקלאַף פֿון זײַן אַסימילירטער פֿרוי. די גאַנצע וואָך איז ער באַשעפֿטיקט אין פּאַריז. בשעת די „וויקענדס" געפֿינט ער זיך אין דער היים, אין זײַן רײַכער, ברוסעלער וואוינונג, און ער פֿאַרברענגט מיט זײַן ווײַב און קינדער. עס איז שווער צו פֿאַרשטיין ווי אַזוי דער דאָזיקער לײַדנשאַפֿטלעכער זשורנאַליסט און דראַמאַטורג האָט געקענט אָװעקוואַרפֿן די פּעדער און זיך אינגאַנצן ווידמען צום אידילישן לעבן פֿון אַ פֿאַמיליע.

אָבער אויך פּראַנסואַס גורל איז געווען צו פֿאַרענדיקן פּריצייטיק זײַן לעבן: ער איז קראַנק געוואָרן אויף קענסער. מען האָט אַדורכגעפֿירט איבער אים עטלעכע אָפּעראַציעס און ער איז אויסגעגאַנגען אין ביטערע יסורים. ער איז געשטאָרבן אַלס אַ רײַכער מאַן. (אָבער צו גאָט קומען אַלע נשמות אַן אַלס אָרעמעלײַט. זייערע סאָלידע גאָלדענע שטאָבעס זײַנען זייערע לייטישע מעשים.)

ער, דער באָהעם, וואָס פֿלעגט אין די בחורישע יאָרן אָפּטמאָל צוהונ־גערן און האָט נישט געהאַט קיין איבעריקן גראָשן ביי דער נשמה, האָט אָנגעזאַמלט אַ באַדײַטנדיקן פֿאַרמעגן. וואָס פֿאַראַ ווערט האָבן אין דער אמתן גאָלד, פּאַלאַצן און רײַכטימער? זײַן אמתדיקער אוצר איז פֿאַרט אין די געלע עקזעמפּלאַרן פֿון דער אַמאָליקער „אידישע פּרעסע", וואָס מיר, די זעצערס, פֿלעגן זעצן מיט אונדזערע נאַקעטע הענט און וואָס די פּאָר אָרעמע אידענעס פֿלעגן פּרייטיק, שפּעט נאָכמיטאָג, פֿרואוון פֿאַרקויפֿן אויף דער פּעליקאַנסטראַטע, נעבן דער בערזע. פּראַנסואַ האָט זיך אויסגע־לעבט גליקלעך דווקא אין יענע יאָרן ווען ער האָט זיך געווידמעט אַלס רעדאַקטאָר און פּובליציסט צום באַשיידענעם אידישן בלעטל, וואָס איז געבליבן ליגן אין די אַרכיוון און ביבליאָטעקן, ווי אַן עדות פֿון דעם אַמאָליקן בליענדיקן לעבן אין בעלגיע, פֿאַרן חורבן פֿון דאָרטיקן אידנטום.

עס איז נײטיק צוצוגעבן איצט, אויף אַ דיסטאַנץ פֿון צײַט, אַז די פֿאַמיליע פּירשט פֿאַרדינט אַ סך קרעדיט פֿאַרן אַרויסגעבן אַ אידיש וואָכנבלאַט אַזאַ לאַנגע צײַט און ביי גאַנץ ביטערע באַדינגונגען. איצט, נאָכדעם ווי מיר, די אַרבעטער, האָבן זיך יאָרן־לאַנג אַרומגעקריגט און אָפּט געסטרײַקט און געפֿאָדערט בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, זעט מען אײַך, אַז סיי יצחק, סיי פּראַנסואַ און סיי די גאַנצע פֿאַמיליע פּירשט, אַלע האָבן זיך געמאַטערט מיט דער „פּרעסע". טראָץ דעם וואָס אַנטווערפּן

האָט געהאַט אַ היימישע אידישע באַפעלקערונג, האָט מען אויף אידיש בלויז גערעדט, אָבער נישט געלייענט און נישט געהאַט קיין שום באַציאונג צו אונדזער אידישער קולטור. דאָס אַסימילירטע אידישע אַנטווערפּן, מיט מאַסן אַנגעלאָפענע אימיגראַנטן פון אַלע לענדער אין אייראָפּע, האָט פּאַקטיש נישט נויטיק געהאַט קיין אידישע צייטונג. אַפילו די בעסטע צייטונג וואָלט דאָרטן נישט געהאַט קיין דערפאָלג. די פאַמיליע פירשט האָט דעריבער געפירט אַ ביטערן גערעאַנגל מיט דער גלייכגילטיקייט צום אידישן וואָרט. זיי זיינען אַליין געווען אָרעמעלייט. די אַלטע אויסגאַבעס פון דאָזיקן וואָכנבלאַט פאַראייביקן זייער נאָמען און זייער געראַנגל אַלס פּיאָנערן מיט כבוד און ווירדע.

עס איז כדאי צוצוגעבן, אַז ווען די נאַציס האָבן אָקופּירט בעלגיע, האָבן זיי געהאַט גענויע אינפאָרמאַציע וועגן דער „אידישע פּרעסע" און איר שטענדיקן סלאָגאַן „באָיקאָטירט דייטשע סחורות". די געשטאַפּאָ האָט באַלד אין אָנהויב געזוכט צו ליקווידירן אירע אייגנטימערס. —

---

די דרוקעריי איז שטיין געבליבן אין מיין האַרצן מיט דער טונקעלער וואַנט מיט פּלאַקאַטן פון אידישן טעאַטער, ווי די פאַרצייטישע כותל מערבי איז שטיין געבליבן אין האַרצן פון אידישן פאָלק. איך בין קיינמאָל נישט צוריקגעפאָרן קיין אייראָפּע. איך האָב נישט באַזוכט די שטאָט אַנטווערפּן. מסתמא זיינען אירע גאַסן די זעלבע, כאָטש אויך אַ שטאָט, ווי אַ מענטש אָדער אַ שטערן, ווערט אַלט. ווען איך קום אין אַ צייט אַרום צו ערגעץ אַ פּלאַץ, אַ געגנט, וואו איך האָב לאַנג געוואוינט, פאַרבראַכט און געשפּאַצירט, באַמערק איך ווי אַזוי הייזער, ווענט, דעכער און געזימסן זיינען געוואָרן עלטער, מידער און טרויעריקער. אַ געניט אויג דערזעט ווי אַזוי די וועלט און די לאַנדשאַפט אַפילו ווערט באַלאָדן מיטן בליי און צינק פון אַלמעכטיקן קעניג צייט. אַנטווערפּן איז אין די גוטע צייטן, ווען איך האָב דאָרטן געוואוינט, שוין געווען גרוי און אַלט מיטן אַלטערטום, מיטלאַלטער און דער נייער צייט. דער נאָוועליסט קאָנסיאַנס און אַנדערע שרייבערס האָבן שוין באַשריבן אין וואָגיקע בענדער די איבערלעבענישן פון אירע איינוואוינער, אירע פרעמדע הערשער, אירע קאַמפן און אירע מלחמות. אָבער אַפילו אַ גאַנצע ליטעראַטור מיט הונדערטער ספרים איז בלויז אַ טראָפּן אין ים אין דעם אומגעהויערן לעבן פון אַ שטאָט, אַ לאַנד, אַ פאָלק.

איצט, לויט ווי מענטשן האָבן מיר דערציילט, באַוועגן זיך גאַנץ אַנדערע דורות, אַנדערע מענטשן און נייע קינדער אויף אירע גאַסן, פּלעצער און פּאַרקן. אַן אַנדערע צוקונפט דערוואַרט איר. אַלע יענע מענטשן פון מיין צייט און דור זיינען אומגעבראַכט געוואָרן מיט מיתה משונות; זיינען פאַרטיליקט געוואָרן ביי פאַרשידענע שוידערלעכע באַדינגונגען.

אַ טייל האָבן אויך עמיגרירט אין ווייטע לענדער, באַזונדערס קיין אַמע־
ריקע און ישראל. אַסך פון יענע אַקטיאָרן, וואָס האָבן געשפּילט טעאַטער
אין אַנטווערפּן, לעבן שוין לאַנג נישט. זיי שפּילן אפשר טעאַטער אין
הימל. זייערע ריזיקע פּובליקומס, וואָס עקזיסטירן אויך שוין נישט מער
אויף דער ערד, קוקן זיך צו צו די פאָרשטעלונגען און ווישן די טרערן
וואָס רינען אומענדלעך פון זייערע וויינענדיקע אויגן...

איך געדענק די שטאָט אַנטווערפּן מיט אַ סך נאָסטאַלגיע. אויף
אַ היפּשן דיסטאַנץ פון פאַרגאַנגענער צייט, זיינען צו מיר די אַלע מענטשן,
טיפּן און כאַראַקטערן געוואָרן אומגעווייִנלעך טייער. צייט האָט אַ מאַגישע
אייגנשאַפט צו רעטושירן אַפילו נעגאַטיווע פּנימער און אומפּריינטלעכע
מאַסקעס. דאָס שלעכטע פון לעבן ווערט אויסגעמעקט פון זכרון און אויף
אייביק פאַרגעסן. אין האַרצן בלייבט איבער עפּעס אַ ראָמאַנטיש געפיל
פון ליבשאַפט און פאַרערונג צו אַלע יענע נשמות, וואָס האָבן געלעבט,
געשטרעבט, געהאָפט און געליטן. עס קלעמט אַזאַ טיפער ווייטיק פאַרוואָס
דער חורבן האָט יינגערהייט פאַרשניטן מאַסן לעבנס און פערזענלעכ־
קייטן.

זייער אָפט, איידער איך שלאָף איין, וואַנדער איך אַרום אַן איינזאַמער
אויף די גאַסן און אין די גערטנער פון אַנטווערפּן. מיין נשמה שטעלט
זיך שטילערהייט אָפּ נעבן הייזער, טויערן און טירן און בלייבט שווייגנדי־
קערהייט שטיין לענגערע מאָמענטן ביי טעאַטערן, אָפּעראַס, צירקוסן און
קאַבאַרעטן, כדי זיך צו דערמאָנען און אויפצואוועקן אין זכרון און אין
דער פאַנטאַזיע עקזיסטענצן און געשטאַלטן. איך וואַנדער אַרום אין מיטן
נאַכט, ווען די פולע לבנה שטייט הויך אין הימל, אין דעם פאַרלאָזענעם
קיוויט־פּאַרק, אין צענטער פון דער אידישער געגנט, וואָס האָט גע־
שפּרודלט מיט אידיש לעבן. איך זיץ ווידער אויף יענע בענק, וואו מיר
זיינען גרופּעסווייז געזעסן, געשמועסט און הויך זיך געאַמפּערט איבער
ברענענדיקע פּראָבלעמען פון פּאָליטיק און ליטעראַטור. איך האָרך זיך
איין אין דער שטילקייט פון דער נאַכט. איך הער ווי איידעלע נשמות
שעפּטשען אָדער וויינען. איך פאַרווייל צווישן די בוימער, אויף די וואויל־
באַקאַנטע וועגן און שטעגן, וואו איך האָב אַזוי לאַנג אַרומגעשפּאַצירט
און געחלומט אין די טעג און יאָרן פון מיין יוגנט. איך גיי צו צו טער־
ליסט סטראַטע. איך שטעל זיך אָפּ ביים טויער פון דער דרוקעריי. באַלד,
דאַכט זיך מיר, באַדאַרפן אָנקומען די באַקאַנטע אַרבעטער, די דרוקערס
און די זעצערס. איך הער זייערע טריט. איך בין נאָך לאַנגע יאָרן אָפּוועזנ־
קייט צוריקגעקומען אין מיין שטאָט, צו מיין שטאַם. לעבט נאָך דאָ עמעץ
פון די אַמאָליקע פריינט און חברים? וועל איך דאָ ווידער באַגעגענען
אַ באַקאַנט, פריינטלעך פּנים? ניין, זיי זיינען אַלע אַוועק, יעדער איינ־
ציקער מיט זיין אייגענעם גורל און סוף אין דער אייביקייט אַריין. אַזאַ

אומהיימלעכע שטילקייט איז עפּעס געפאַלן איבערן גאַנצן לאַנד. אַ טיפע טונקלקייט האָט זשאַלאַבנע איינגעהילט די שטאָט, די בוימער אין פּאַרק און די הייזער פון די גאַסן. יאָ, איך בין ווי חונה המעגל. איך האָב דאָ מער קיינעם נישט געפונען פון מיין צייט און דור. די נייע, די פרעמדע איינוואוינער פון דער שטאָט, וואָס זיינען דאָ אַהער פאַרטריבן געוואָרן פון אַנדערע לענדער און ישובים דורך מלחמות, מגיפות, שריפות און פאַרפאַלגונגען, זיי דערקענען מיך נישט מער. איך בין פאַר זיי אינגאַנצן אַ ווייטער און פרעמדער איד. מיין נאָמען איז חונה המעגל. אמת, איך בין נישט געשלאָפן רואיק אונטער דעם גרויען גראַניט. איך האָב נישט פאַר־שלאָפן מיין גאַנץ לעבן אין שאָטן פון פעלדז. איך האָב אָפט געטראַכט פון אייך מיט פחד און אומרו. איך בין געקומען צו אייך אויף די פליגל פון חלום. איך בין געקומען זוכן היימישע פּנימער פון מיין יוגנט־צייט. איך בין געקומען דערקענען אַ וואַרעם פּנים פון פאַרן מבול. זאָגט מיר, איז נאָך ערגעץ־וואו אין אַ בוידעם־שטיבל פון צעשאָסענע אַנטווערפּענער מויערן געבליבן לעבן אַ נאָענטער מענטש פון יענע פאַרגאַנגענע צייטן?

## אַ פּאָעט שענקט אַוועק זיין לעבן
### (וועגן דעם דיכטער־קדוש זישע באַגיש)

עס האָט געמוזט זיין צווישן די יאָרן 1927 און 1928, ווען איינמאָל, און אַ קאַלטן, ווינטערדיקן פרימאָרגן האָט זיך באַוויזן אין דער דרוקעריי אַ ייִנגערמאַן וואָס האָט געהייסן באָריס ווייסמאַן. ער האָט אויסגעזען צו זיין פון אַ יאָר דרייסיק. שטאַרק אויסגעמאַטערט, מיט אַ בלייך, אָפּגע־מאָגערט פּנים, מיט לעכער אין די באַקן, מיט אַ דינער ביינערדיקער נאָז, וואָס איז צו דערזעלבער צייט געווען לאַנג און סענסיטיוו. פון דאָזיקן פאָטעטישן פּנים האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר טרויעריקע אויגן, אין וועלכע עס האָט געפיבערט דער דורותדיקער אידישער גלות־עלנט. ער האָט געהאַט אַ שלאַנק געשטאַלט, אַ ביסל אַ העכערע פון מיטלוואוקס. ער האָט געטראָגן האָרענע ברילן, דער ייִנגערמאַן איז געווען נערוועז אין זיינע באַוועגונגען און, ווי שוין געזאָגט, שטאַרק אויסגעמוטשעט.

ווען באָריס ווייסמאַן וואָלט געווען פּלוצלינג אַליין דערשינען אין דער דרו־קעריי, וואָלט דאָס געשעעניש אויך געווען גענוג קלאָגעדיק און קאָמיש. ווייל אין דער אַדמיניסטראַציע האָט ער געזאָגט אַז ער קען אויסגעצייכנט די דרוקעריי־אַרבעט, בשעת עס האָט זיך תיכף אַרויסגעוויזן אַז ער איז אינגאַנצן נישט באַקאַנט מיטן פאַך. אָבער קיין גאַנצן ליגנט האָט ער פונדעסטוועגן אויך נישט געזאָגט, ווייל ער האָט אין זיין ייִנגען לעבן גע־האָט הויפּטזעכלעך צו טאָן מיט דרוקערייען, אַדאַנק זיין ליטעראַרישע פּראָפעסיע. יאָ, לאָמיר דאָ באַלד אַרויסלייענען פון זיין פּאַספּאָרט אָדער זיין גורל: באָריס ווייסמאַן איז געווען אַ דיכטער. איך גלויב אַז אַ סך

אידישע שרייבערס האָבן ווען עס איז, איבערהויפּט אין זייערע יינגערע יאָרן, געחלומט פון אַ דרוקעריי. איך אַליין, אין מיינע סאַמע ערשטע יאָרן פון ליטעראַרישן באַוואוסטזיין, האָב געחלומט צו ווערן אַן איינבינדער. פּשוט: ביי דער נאַכט, ווען אַלע מענטשן שלאָפן שוין, וואַך צו זיין און צו קענען אין געהיים לייענען די אַלטע ביכער וואָס מענטשן וועלן ברענגען איבערצובינדן. צו לייענען זעלטענע ביכער! — וואָס פאַראַ חלום דאָס איז געווען צו אַ קליין יינגעל אין שטעטל...

באָריס וויסמאַן האָט אפשר אין זינען געהאַט זיך אויסצולערנען די דרוקעריי־מלאָכה, כדי צו קענען אַמאָל ווערן אַליין אַ דרוקער און אַרויס־צוגעבן זיינע אייגענע צוקונפטיקע ווערק, מיט וועלכע ער האָט שוין זינט אַ צייט געפיבערט. אין איצטיקן מאָמענט האָט ער געדענקט אַז ער וועט האָבן פּרנסה פון זיין אַרבעט, איבערהויפּט איז ער געווען גליקלעך צו האָבן זיך מכלומרשט צו עפּעס דערשלאָגן.

עס איז געווען אינמיטן אַ שווערן ווינטער. די שטאָט אַנטוועדפּן איז געווען פאַרשאָטן מיט בערג שניי. די גרויסע געביידע איז נישט ווי גע־העריק באַהייצט געוואָרן. שוין פון פריער איז באָריס וויסמאַן געווען אַ היפּש אַדורכגעפרוירענער. אין זיין טונקעלן און ברייט־ראַנדיקן, ליטע־ראַרישן הוט, ווי אַ באָהעם, און אין זיין לייכטן רעגנמאַנטל, מיט זיינע גרויסע, צעריסענע שיך, וואָס ער האָט אַוודאי געירשנט פון אַ מת, האָט ער אויסגעזען צו זיין אין אַ זייער אומעטיקן צושטאַנד און דערצו אויך גאַנץ לעכערלעך. ממש ווי אַ סטראַשידלע אויפן איינזאַמען פעלד...

יסורים און אָרעמקייט מאַכן אַמאָל די מענטשן לעכערלעך. ווייל פון וועמען דען מאַכט מען חוזק אויב נישט פון די סענסיטיווע און איידעלע, פון די שוואַכע און אָרעמע? אָבער באָריס וויסמאַן וואָלט אפשר נישט געווען אַליין אַזאַ לעכערלעכע פיגור, ווען נישט דאָס וואָס מיט אים צו־זאַמען אין דרוקעריי איז מיטגעקומען זיין פרוי. זי איז מיטגעקומען אַזוי ווי אַ געטרייע און ציטערנדיקע מאַמע גייט מיט מיט איר זונדעלע אויפן ערשטן, אומהיימלעכן וועג אין חדר אַריין. זי האָט אַרום מיטאָג־צייט אַרויסגענומען פון עפּעס אַ פאַרפעצטן פּאַפּירל, פון אַ שטיקל צעקנאָ־דערטע צייטונג, אַ שטיקעלע ברויט מיט אַ שוין פון לאַנג צעביסענעם שטיקל הערינג און האָט עס אים דערלאַנגט. דערביי האָבן זיי ביידע געלייענט און אַרויסגעזופּט פון דער צעריסענער צייטונג אַ ליד צי אַ שטיקל כראָניק פון רויבעריי אָדער זעלבסמאָרד. זי האָט דערנאָך אָנגע־צונדן מיט אַ שוועבעלע אַן אַנדער בלאַט צייטונגס־פּאַפּיר און האָט צו־געטראָגן דאָס רויטע פייער צו באָריסעס לאַנגע ברוינע פינגער מיט גרויסע, נישט־געשניטענע נעגל, אַז ער זאָל זיך אַביסל אָנוואַרעמען די נשמה. זי האָט אים אויך בשעת דער אַרבעט כסדר אַריינגעשושקעט ווערטער מיט וויטאַמינען און שטאַרקונג אינם גרויסן און לאַנגן אויער.

זי האָט אים, מיט איין וואָרט, נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין איינציקער רגע. דאָס אַלץ האָט, פאַרשטייט זיך, זיי געמאַכט אויסצוזען פּאַטעטיש אין די אויגן פון די אַרבעטערס. זיי האָבן אַ סך געלאַכט פון דאָזיקן ביזאַרן פּאָרפאָלק, וואָס מען וואָלט איצט, אויפן ניו־יאָרקער לשון, אָנגערופן „ביטניקס".

באָריס ווייסמאַנס ווייב האָט געהייסן סימאַ. ער האָט מיט איר חתונה געהאַט, אויף וויפיל איך האָב געוואוסט, אין בוקאַרעשט, בשעת ער האָט דאָרטן פאַרווילט און געחלומט זיינע ליטעראַרישע פּלענער. עס זיינען צו מיר אָוודאי אומבאַקאַנט די אומשטענדן ווי אַזוי דער יינגער ברוך, וואָס האָט געשטאַמט פון לאָדז, איז געפאָרן פון פּוילן קיין רומעניע. סימאַ איז געווען אַן ערלעך און געטריי ווייב. אָבער בשום אופן נישט פון יענע פרויען וואָס מען קען אָנרופן שטילע, שעמעוודיקע און באַשיידענע. פאַרקערט, זי האָט זיך אומעטום פּראָמינענט אָנגעזען. זי האָט פון איר געבורט אָן, דאַכט זיך, נישט געהאַט די כוונה צו זיין באַשיידן. בשעת איר מאַן איז געווען, אין פאַרגלייך צו זיין ווייב, טאַקטישער, איינגעהאַלטענער, רואיקער, און ער האָט אויך געהאַט בעסערע מאַניערן, איז סימאַ געווען טאַקטלאָז און רעשיק. בשעת ער איז געווען אַ ביסל ליטעראַרישראַפינירטער, איז זי אָפטמאָל געווען אַגרעסיוו און ווילד. אָבער, מען קען אויף איר געפינען אַ זכות, אויב מען וויל: איר אַגרעסיוקייט און ווילדקייט איז געווען אַ רעזולטאַט פון פשוטער נויט און דחקות. איינער פון די צוויי האָט נישט געקענט, האָט נישט געטאָרט שווייגן. ווען דאָס וואָלט נישט געווען דער פאַל, וואָלטן זיי ביידע געשטאָרבן פון הונגער. און דער שרייבער פון די שורות וואָלט העכסט־וואַרשיינלעך קיינמאָל וועגן זיי נישט געשריבן. אין דעם פאַל איז די פרוי געווען די אַגרעסיווע. ווייל באָריס ווייסמאַן האָט דאָך געמוזט שרייבן אין פאַרהעלטנישמעסיקער שטילקייט און איינזאַמקייט, אויף וויפיל דאָס איז נויטיק פאַר אַ פּאָעט. און באָריס ווייסמאַן, ווי שוין פריער אָנטפּלעקט, אזי געווען אַ פּאָעט. וועגן דעם קען קיין שום צווייפל מער נישט זיין.

דער תמיד־הונגעריקער און אויסגעמאַטערטער באַגיש האָט סימאַן אפשר נישט באַהערשט מיט זיין מאַנסביל־שטרענגער, ביינערדיק־מאַרטירערישער פיזיק, נייערט מיט זיין גייסט און עקשנות. סימאַ האָט זיך געדאַרפט, אין איר עקזאַלטאַציע און כמעט רעליגיעזן עקסטאַז, מקריב זיין און זי האָט זיך מקריב געווען פאַר דער אומגעוויינלעכער ליבע, פאַרן שוין אומערדישן, נאָך ערב בירקענוי און אוישוויץ פאַרברענטן מאַן־קדוש. זי איז געווען פון יענע פרויען וועלכע זיינען גרייט צו דינען זייער העלד און אידאַל אַפילו דורך יסורים און גהינום, אָדער דורך באַליידיקונג און דערנידעריקונג. זי האָט געריסן שטיקער הויט פון איר לייב כדי צו היילן די וואונדן פון איר גייסטיקן געליבטן.

אָבער לאָמיר זיך צוריקקערן צו דער דרוקעריי: אין אַ ווײַלע אַרום, ווען זיין ווייב סימאַ איז אויף אַ רגע אָפּגעטראָטן פון אים, ווי פון איר זון, האָבן מיר זיך נענטער באַקאַנט. באָריס ווייסמאַן איז געווען צעפרידן ווען איך האָב אים געגעבן אָנצוגעהערן, כאָטש אויף אַ נישט דרייסטן שטייגער, אַז איך בין אַ ביסל באַלעזן אין דער אידישער ליטעראַטור, הגם פון אים אַליין, דאָס הייסט פון זיינע פּאָעטישע שאַפונגען, האָב איך ביז דעמאָלט נאָך נישט געהאַט געהערט. ער האָט מיר דערציילט אַז ער שרייבט שוין לאַנגע יאָרן זיינע לידער, אפשר נאָך פון דער קינדהייט אָן, און טאַקע באותו רגע האָט ער אָנגעהויבן פאַר מיר צו דעקלאַמירן מיט באַטאָנונג און חשיבות פון וואָרט. ער האָט געהאַט אַ טיף, מאַנסבילש קול. ער האָט מיט אַ קלאָרער דיקציע און מיט גרויס ערנסט אַרויסגע־בראַכט זיין פּאָעזיע. ער האָט געשריבן מיט אַ ריינעם כתב, ווי אַ סופר, און ער האָט, מוז מען אָקצענטירן, בכלל געשריבן מיט פּרעציזקייט און ציכטיקייט פון וואָרט. ער פלעגט, ווי איך האָב עס שפּעטער באַמערקט, איבערשרייבן אַ סך מאָל זיינע העפטן. אָבער פון ערשטן מאָל הערן אים פאָרלייענען פון אויסנווייניק, האָב איך נאָך קיין באַשטימטע מיינונג וועגן זיין פּאָעטישן טאַלאַנט נישט געקענט האָבן, כאָטש ער האָט תיכף ביי מיר געמאָנט מבינות. איך האָב די לידער געמוזט אַליין לייענען און אין שטילקייט פון מיין צימער באַרירן מיטן אויג יעדער אות און וואָרט. אָבער שוין אין דעם מאָמענט איז פאַר מיר געווען קלאָר אַז באָריס ווייסמאַן, ווי געזאָגט, איז אַ דיכטער און אַז ער שטרעבט ליידנשאַפטלעך צו דיכטונג. אַז פּאָעזיע איז דער אָטעם פון זיין לעבן. אַז ער איז אַזוי ווי אַ פאַרליבטער, וואָס אָן זיין אויסדערוויילטער דאַמע איז ער אַ פאַרלוירענער אין דער וועלט. באָריס ווייסמאַן האָט אַרויסגעוויזן אַ סך מער געדולד צו זיין מוזע, די מוטער פון זיין דיכטונג, ווי צו זיין אייגן ווייב, סימאַ, וואָס האָט אים באַהאַנדלט ווי אַ מאַמע...

אָבער צו לאַנג האָט באָריס ווייסמאַן אין אונדזער דורקעריי נישט געאַרבעט. ער איז געווען אַ געבוירענער באַהעם, וואָס האָט זייער פיל גע־רויכערט צוזאַמען מיט סימאַן, און וואָס האָט ליב געהאַט זיין צייט צו פאַרטאַכלעוון אין דער קיבעצאַרניע ביים גלעזל ווייַן צי קאַווע, אָדער צו זיצן אין פּאַרק, זומערצייט, און צו לייענען דאָס גרויסע בוך פון דער נאַטור, וואָס איז אידל אָנגעשריבן מיטן פילפאַרביקן טינט אויף די בלע־טער פון בוימער, בלומען און פלאַנצן. אָבער, ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין צופיל געדולד צו פּראַסטער, שוואַרצער אַרבעט, צו אַ מלאָכה, וואָס ער האָט נישט געקענט. זיך אויסצולערנען אַ פאַך, אין זיין איצטיקן, עמאָציאָ־נעל־אומשטאַבילן צושטאַנד, מיט אַ זייער נערוועזער פּרוי ביי דער זייט, איז פאַר אים געווען שווער, אויב נישט אונמעגלעך...

אויב אָבער ער האָט פון דער דרוקעריי קיין ספּעציעל־וויכטיקע פאַר־

דינסטן נישט אַרויסגעטראָגן, און קיין סך נחת זיך און זיין פרוי נישט פאַרשאַפט, האָט ער אָבער פון דאָרטן געצוימען אַזעלכעס, מיט וועלכן ער איז אין גאַנג פון דעם שרעקלעכן קאַפיטל געשיכטע פאַר די אידן אין פוילן באַקאַנט געוואָרן ווי איינער פון די פילע שרייבער־קדושים, וואָס זיינען אומגעקומען אין היטלערס גאַז־קאַמערן. ער האָט אַרויסגעטראָגן זיין ליטעראַרישן פסעוודאָנים: זישע באַגיש. אין דער דרוקעריי האָט דעמאָלט געאַרבעט איינער אַ יינגער איד פון שטעטל גראַיעווע, וואָס האָט געהייסן זישע באַגיש. ער איז געווען, אויסער אַ דרוקער, אויך אַ שטיקל אַקטיאָר, וואָס האָט אַמאָל אין אַ יובל געשפּילט אַ ראָלע אין טעאַטער, ווען אַ שוישפּילער איז קראַנק געוואָרן, אָדער ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט. באַריס וויסמאַן האָט פּלוצלינג געוואָרפן אַן אייפערזוכטיק אויג אויף יענעמס קרעפטיקן נאָמען.

אין די ערשטע יאָרן נאָכן חורבן איז מיר געווען שווער צו זאָגן געבוי צי זישע באַגיש, דער זעצער און אַקטיאָרטשיק, פון שטעטל גראַיעווע, איז געבליבן לעבן. אָבער שפּעטער האָבן מיר זיינע ניו־יאָרקישע לאַנדס־לייט דערציילט אַז ער איז אומגעקומען מיטן טויט פון אַ קדוש אין אוישוויץ, וואוהין די נאַציס האָבן טראַנספּאָרטירט אַ גרויסע צאָל פון די בעלגישע אידן. סיי ווי איז איין זאַך זיכער: דעם אַקטיאָרס נאָמען איז גע־הייליקט געוואָרן דורך באַריס וויסמאַן, דעם מאַרטירער־פּאָעט. באַריס וויסמאַן האָט טאַקע אַרום יענער צייט געהאַט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע. עפּעס האָט ער זיך, ווי מיר דאַכט זיך, געוואָלט צעשיידן מיט זיין נאַאיוון, אָנפאַנגערישן פּעריאָד; מיט זיינע נישט שטאַרק געלונגענע דיכטערישע פּרואוון, וואָס דאָס איז געווייגלעך דער פאַל מיט יעדן איינציקן שרייבער, וואָס ווערט אַ ביסל זעלבסט־קריטיש. אויך האָט ער שוין צו יענער צייט אָנגעהויבן צו שרייבן זיינע „פּלאַקאַטן", אַ זשאַנר פון דעמאָנ־סטראַטיווע, אַרויסרופערישע און בונטאַרישע לידער, וואָס עס האָבן געשאַפן די דעמאָלט־ פּאָפּולערע, אַזוי־גערופענע פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערע דיכ־טער. די לידער האָבן געהאַט אַ סך פּראָטעסט, לאָזונג, בראַוואַדאָ און חוצפּה — אָבער מערסטנס אַן אמתער פּאָעזיע. מיר דאַכט זיך אַז דער פּיאָנער פון דער פּלאַקאַטנדיכטונג איז געווען וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי, דער גרויסער רוסישער פּאָעט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ווי געזאָגט, די פּלאַקאַטנדיכטונג האָט אויסגעדריקט אומצעפּרידנקייט און שטורעם. האָט גערופן צום רעוואָלט קעגן קאַפּיטאַליזם און צו רעוואָלוציאָנערער אַקציע אין דער וועלט. זישע באַגישס פּלאַקאַטן זיינען דווקא נישט געווען אַזוי שטאַרק אָנגרייפעריש און דעמאָנסטראַטיוו. זיי זיינען אַביסל פאַר־ליריציזירט געוואָרן פון דעם ריינעם ליריקער, וואָס מיר קענען פון זיינע שפּעטערע, רייפערע לידער, פון דעם וואָרט־צאַרטן און וואָרט־סענסיטיוון זישע באַגיש, וואָס האָט שפּעטער אַזוי ציכטיק און איידל איבערגעזעצט

פון דער כינעזישער ליריק אין וועלכן דער דיכטער, אָפּטמאָל דער קייסער, זינגט אויס זיין איינזאַם געפיל אַנטקעגן דער אומגעהויערער, פאַנטע־איסטישער לאַנדשאַפט. מיר דערלויבן זיך שוין דאָ צו ציטירן, ווי אַ מוסטער, איינעם פון די דאָזיקע איבערזעצונגען:

„אין פּאַוויליאָן פון טרויער טאַנצן די קעניגלעכע פרויען.
דער הילך פון פריילעכע לידער קלינגט און ברעכט אונטער די
קני פון שיכרות.
איך טונק איין אין גאָלד מיין פּענדזל און כ׳שרייב אויף
אַ מעלאַנכאָליש ליד,
ווען עמעס אותיות זיינען גלייך צום רויטן לייב,
וואָס באַדעקט דעם מאַרמאָר אין זאַל״.

איז, ווי איך שטעל זיך פאָר, האָט דער נאָמען זישע באַגיש מער געררייצט די פאַנטאַזיע פון דעם מכלומרשטן פלאַקאַטנפּאָעט ווי זיין אייגענער נאָמען. באָריס וויסמאַן, דער יינגער, אומצעפרידענער אָנפאַנגער, האָט באַדאַרפט האָבן פאַר זיין דראַנג צו ווערן אַ באַרימטער פּאָעט, אַדורכצושלאָגן זיך אין לעבן מיט זיין מכלומרשט־פּראָטעסטירנדיקן ליד, אַ מער קאַמפּספּעיקן נאָ־מען, אַ מין שלאַכט־שילדט. זיין התונה מיטן הארטן, דרייסטן און אַ ביסל וואויל־יינגערישן נאָמען זישע באַגיש איז געווען אַ געשלאָסענע. ממש אַ זיווג פון הימל. ערגעץ אין אַ גאַז־קאַמער פון אוישוויץ איז אויף אַש פאַר־ניכטעט געוואָרן דער אמתער זישע באַגיש, דער אַקטיאָר. שפּעטער פאָלגט אים נאָך אין הימל אַריין דער „פאַלשער״ זישע באַגיש, דער פּאָעט און מחבר פון „לערנט ליב צו האָבן דאָס לעבן״.

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך שוין געאַרבעט אין אַ דרוקעריי וואו עס איז דערשינען צום ערשטן מאָל אין בעלגיע אַ אידישע טאָג־צייטונג. דער רעדאַקטאָר האָט געהייסן יום־טוב לעווינסקי, פון לאָמזשע, פּוילן. יום־טוב לעווינסקי, אַ באַדייטנדיקער אידיש־העברייאישער פאָלקקלאָריסט, וואוינט שוין זינט שיינע יאָרן אין תל־אָביב. די צייטונג האָט בלויז עקזיסטירט אַ קורצע צייט.

עס איז געווען אַרום ווינטערצייט, ווען איך בין געווען דער איינציקער האַנט־זעצער אין דער דרוקעריי, נאָכדעם ווי די דערמאָנטע צייטונג איז אונטערגעגאַנגען און די דרוקעריי איז געווען פּוסט און פאַרלאָזן. איך האָב אין יענע טעג, מיט געפרוירענע פינגער, געזעצט אַ ביכל לידער פון דעם פּאָעט זישע באַגיש, וואָס האָט געהייסן „אין שטויביקן וואַנדל״.

(„אין שטויביקן וואַנדל״, לידער, דרוקעריי ברוינפעלד און אייזן, אַנט־ווערפּן, 1931).

די באַדינגונגען ביי וועלכע איך האָב דעמאָלט געאַרבעט, זיינען געווען אומהיימלעכע: הונגער, קעלט און איינזאַמקייט. אָבער זישע באַגיש האָט מיר מיטגעהאָלפן ווייניקסטנס מיט אין זאַך: ער האָט זיך שטענדיק געפונען

ביי מיין זייט. עס איז אים ממש געגאַנגען אין לעבן אַז דאָס אָרעמע ביכל זאָל וואָס גיכער פּאַרטיק ווערן. ער האָט געבערענט פון אומגעדולד. די סיבה פון זיין אומגעדולד איז געווען אַ פשוטע: דאָס איז געווען זיין סאַמע ערשט־לינג לידער־בוך. זיין הונגער צו ליטעראַרישער אַנערקענונג איז ביי אים געווען גרויס. און דער פיזישער הונגער איז נישט געווען קיין סך קלענער. סימאַ באַגיש האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט צו פאַרקויפן דאָס ביכל אויף די גאַסן פון אַנטווערפּן, כדי צו שטילן זייערביידנס הונגער נאָך ברויט...

די לידער פון באַגישס ערשטן ביכל זיינען געווען בלוטלאָזע, אָרעמע. איבערהויפּט איז נישט געווען מעגלעך צו געפינען אין זיי קיין איינציקע אָריגינעלע שורה. מען האָט וואויל געפילט די איינפלוסן פון אַ גאַנצער רייע אידישע דיכטער פון יענער צייט. באַגיש איז געווען באַווירקט פון משה קולבאַק, פּרל מאַרקיש, משה בראָדערזאָן און משה לייב האַלפּערן. שפּע־טער האָט ער זיך אַפילו געשעמט מיט זיינע ערשטע אומבאַהאָלפענע פּערזן. איך ווייס נישט צי ער האָט געוואוסט אַז די לידער זיינען אַזוי שטאַרק באַאיינפלוסט פון עטלעכע אידישע דיכטער, אַז זיי זיינען שיר נישט גע־ווען פּלאַגיאַטן; אָדער ער האָט זיי בכלל געהאַלטן פאַר שוואַכע פּאָעזיע. אָבער מען באַדאַרף אויך זאָגן אַז מען האָט דאָך געקענט אין דאָזיקן ביכל באַמערקן טאַלאַנט פון אַ קינפטיקן פּאָעט, וואָס באַדאַרף ערשט קומען צו זיך, צו זיין אייגנס. צייטנוייז האָט דער מחבר אַפילו אָנגעשלאָגן אַ טרויעריקן טאָן, וואָס האָט אויסגעדריקט זיין דעמאָלטיקע אומעטיקע לאַגע און שטימונג.

אין איינעם אַ טאָג, ביים סאַמע אָנפאַנג פון מיין אַרבעט אין דער דרוקעריי, איז דערשינען אין דער דערמאָנטער טעגלעכער צייטונג אַן אַר־טיקל פון זישע באַגיש צום יאָרצייט פון דעם רוסישן פּאָעט סערגיי יע־סענין. באַגיש האָט מיר געגעבן דעם אַרטיקל איבערצולייענען. ער איז מיר שטאַרק געפעלן. איינמאָל האָב איך באַמערקט ביי אים אין דער היים, אין אַ פּרייטיקדיקן אָוונט, ווען איך בין געקומען צו אים צו גאַסט, אַ נומער „ליטעראַרישע בלעטער", וואָס איז נישט לאַנג צוריק געהאַט אָנ־געקומען פון וואַרשע. איך האָב מיט אינטערעס גענומען לייענען דעם זשורנאַל און איך האָב, צו מיין גרויס איבעראַשונג, דאָרט געפונען דעם זעלבן אַרטיקל וועגן סערגיי יעסענין. אָבער ער איז געווען געשריבן דורך אַן אַנדערן מחבר... באַגישס אַרטיקל איז געווען וואָרט פאַר וואָרט אי־בערגעשריבן פון די „ליטעראַרישע בלעטער".

איך ווייס נישט ביז היינט צו טאָג צי זישע באַגיש האָט באַוואוסט־זיניק געגנבעט דעם יאָרצייט־אַרטיקל. אפשר איז ער געווען אין אַזאַ עק־זאַלטירטן צושטאַנד, ווען אַ יינגער דיכטער האַלט די שאַפונג פון דער לי־טעראַטור פאַר זיין פּערזענלעכן אויסדרוק און פאַרן ווערק פון זיין אייגענער

פעדער. אפשר איז ער בלויז געווען פאַראינטערעסירט איבערצודרוקן דעם אַרטיקל אונטער זיין אייגענעם נאָמען כדי צו קריגן באַצאָלט די עטלעכע פראַנק האָנאָראַר? פּלאַגיאַט איז בכלל אַ זאַך וואָס טרעפט זיך מיט יינגע שריפטשטעלער, וועלכע מען דאַרף נישט דירעקט באַשולדיקן. ווייל זיי זיינען טיילמאָל ווי יענע נאַאיווע קינדער וואָס „גנבענען״, אָבער וועלכע באַזיצן נישט די קאָנצעפּציע פון גנבה, ווי מיר, דערוואַקסענע, פאַרשטייען דאָס.

מען האָט געקענט זישע באַגישן מוחל זיין זיינע אָפטע טאַקטלאָזיקייטן. וואָרים ער איז כמעט שטענדיק געווען פיזיש אויסגעהונגערט. ער איז געווען מוראדיק אָרעם. ער איז געווען הונגעריק נאָך ליטעראַרישער אַנערקענונג. ער האָט נישט מער געהאַט ווי זיין „האַרץ און העמד״, ווי פראַנסואַ ווילאָן דריקט זיך אויס. אויך זיין אומבאַלאַנסירט ווייב איז תמיד געווען ביי זיין זייט, ווי זי וואָלט נאָך געווען די ריפּ אין זיין פלייש. אין זיין מוח איז געווען איין גרויסער פאַרלאַנג: צו שאַפן לידער, אַרויסצוגעבן זשורנאַלן, דרוקן זאַמלביכער, שרייבן אַ ראָמאַן וועגן לאָדזש, עפענען אַ ליטעראַרישן קלוב. זישע באַגיש איז געווען באַשאָנקען מיט ענטוזיאַזם. ער איז געווען אויף זיין שטייגער אַן אידעאַליסט און ער האָט קיין אַנדער לעבן ווי אידישע ליטעראַטור נישט געהאַט. ער איז געווען שיכור מיט אידיש. באַטרונקען מיט אידישע קולטור־פּלענער. זיין אוניווערס איז געווען אַ דורכאויס אידי־שער. כדי צו דערגרייכן זיין צוועק, האָט ער זיך באַנוצט מיט אַלע מיטלען: מיט גוטן, מיט בייזן, מיט אָפּאָרטוניזם און חניפה...

עס איז מיר געווען אַ גרויס וואונדער פאַרוואָס דער לאָדזשער, דאַרער און בלייכער יינגערמאַן איז נישט געבליבן וואוינען אין רומעניע מיט זיין יינגער פרוי סימאַ, מיט וועמען ער האָט ערשט חתונה געהאַט. עס איז פאַר מיר געווען אומפאַרשטענדלעך פאַרוואָס ער פאָרט נישט צוריק קיין פוילן, אין דעם גרויסן צענטער פון דער אידישער קולטור און אידיש לעבן און שאַפן, געציילטע יאָרן ערב זיין טראַגישן סוף. וואָרים אין בעלגיע איז זישע באַגיש געווען פאַרמשפּט צו אונטערגאַנג און ירידה.

---

צו די נאָענטע מיטאַרבעטערס פון דער „אידישע פרעסע״ האָט אויך געהערט דער זשורנאַליסט און העברייאישער לערער יואל פוס. ער האָט געשטאַמט פון שטעטל מאָשטשיסק, ביי פּזשעמישל, אין גאַליציע. זיין פאָטער איז געווען אַ לאַנדווירט. ער האָט געגעבן די קינדער אַ אידישע דערציאונג. מען האָט געלערנט, אויסער גמרא, אויך דעם תנ״ך. די השכלה האָט געהאַט באַהערשט די לומדישע מוחות אינעם שטעטל. דאָרט איז אויך דערשינען דער „המאסף״. איך געדענק ווי יואל פוס פלעגט יעדער וואָך אַריינקומען אין דרוקעריי, מיט זיין אַרטיקל „די אידישע וואָך״. ער האָט אויסגעזען אַזאַ שטילער און איידעלער.

יואל פוס האָט אַרויסגעגעבן אַן איינמאָליקע אויסגאַבע „דער אידישער אַלמאַנאַך", (פאַרלאַג „פּראָגרעס", אַנטווערפּן, תרצ"ג-ד, 1933). אויף די זייטן 12—110 איז פאַרעפנטלעכט זישע באַגיש'ס אַ לענגערע פּאָעמע „בול־וואַרד אַדאָלף מאַקס", נאָך אונטער זיין אמתן נאָמען באַריס ווייסמאַן. די דאָזיקע פּאָעמע דריקט אויס דעם דיכטערס דעמאָלטיקע שטימונג און געמיט. עס ווערן אין איר מיט עקשנות אַקצענטירט די סאָציאַלע מאָמענטן. מיר ברענגען אַ טייל פון דער פּאָעמע גיכער ווי אַ דאָקומענט, און ווייט נישט אַלס אַ טיפּישער מוסטער פון זישע באַגיש'ס לידער.

„...זיינען מענטשן פּלוצים, אינמיטן העלן טאָג,
(אַ זעלטנקייט צו זען)
ווי פיגורלעך פון וואַקס
געבליבן שטיין,
מיט אַ בליק אַ פאַרגליווערטן, זיך צוגעקוקט און געזען:
אויף אַ נאַקעטן ברוק, נעבן אַ וואַנט, מיט אַ ווילד־צעקרימטן מויל,
אַ פאַרפּיניעטן מיט שוים,
ראַנגלט זיך אין קראַמפּן,
אַ פאַרגליווערטע מאַסע פלייש, נאָך אָנזען — אַ מענטש.
ראַנגלט זיך מיטן טויט...
האָט איינער געזאָגט: אַ שיכור.
אַ צווייטער האָט געזאָגט — מסתמא אַ שלעפער,
אַ שאָד פאַרלירן צייט אומזיסט.
און דעם דריטן איז נישט איינגעפאַלן,
אַז ס'קען אַ מענטש אַמאָל אין גאַס פאַר הונגער פאַלן,
האָט ער געזאָגט מען דאַרף — — — רופן אַ פּאָליציסט!...
און אַז דער מענטש האָט פּלוצים געעפנט די אויגן,
און ס'איז אין זיי אַ שרעק, אַזאַ ווילדער צעבליט —
אַז ס'איז קוים אויף בלויע ליפּן אָפּגעשטאָרבן,
ס'איינאונאיינציקע וואָרט —
וואָס ער האָט באַוויזן אַרויסצושטאַמלען:
ב—ר—ו—י—ט...
האָט דער ערשטער געטאָן אַ שפּיי און איז אַוועק.
דער צווייטער איז אַוועק
און דער דריטער
איז אויך אַוועק...
איז פּלוצים, ווי אַ בייזער ווינט, אויסגעוואַקסן אַ באַשעפעניש
אַזאַ מיט אַ בלעכל.

און אויפן דעכל
פונם היטל — נומערלעך, ווי להבדיל ביי אַ הונט.
און בלויז דערפאַר —
ס'איז שוין געווען דער דריטער טאָג,
אַז ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט אויף טראָטואַר
מיט קישקעס איבערגעקערטע און געשוואָלענע פון הונגער.
און נאָכדעם, אַז ער האָט מיט בליקן קראַמפּיקע
געבעטלט אַרבעט אויף יעדן ראָג
און אַלץ קיין ביסן ברויט פאַרן הונגעריקן
דריטן טאָג נישט געקענט געפינען —
אומגעפאַלן אין חלשות,
בלויז דערפאַר —
האָט ס'באַשעפעניש מיטן בלעכל געהייסן ווייזן זיך פּאַפּירן,
אַרויסגענומען אַ בליי, אַ ביכל, און פאַרשריבן —
„עטראַנזשער".
האָט ער געטאָן אַ צוק מיט די אַקסלען.
געבליבן שטיין ווי אַ ביינערנער געץ
און אַ זאָג געטאָן אַזוי:
אַ פרעמדער (ס'הייסט ביי אונדז אין לאַנד אַ גר)
וואָס האָט נישט קיין אַרבעט, פאַלט פון הונגער אין גאַס,
און אויף צוגאָב נאָך אַזעלכער מיט — מיט אַ פרעמדן פּאַס —
בין איך — דער היטער פון געזעץ, מחוייב טאָן מיין רעכט.
און פאַר געהעכטיקייט איז אַ כבוד צוליינגן מיין האַנט:
דריי חדשים אַרעסט,
דערנאָך אַרויסגעשיקט צו ווערן פון לאַנד.
נאָכן חשבון פון געזעץ זיינען שלעפּער נישט קיין געסט!..."

---

מיר פלעגן אָפט גיין שפּאַצירן אין קיוויט־פּאַרק, אין צענטער פון דער שטאָט; אויך אין דער אידישער געגנט. מיר פלעגן געוויינלעך רעדן וועגן ליטעראַטור. באַגישס פּנים איז געווען בלייך און אויסגעצערט, ווי ביי אַ ישיבה־בחור, וואָס עסט — אָדער גיכער וואָס עסט נישט — קיין טעג... זיין געשטאַלט איז געווען אַ דינע און אַן אָפּגעמאָגערטע. עס האָט געגליט אין זיינע גרויסע, אידיש־טרויעריקע אויגן אַזוי פיל אומעט. מען האָט גע־קענט זען אַז ער איז פּשוט פאַרצווייפלט. ער האָט נישט באַזעסן דעם כאַ־ראַקטער צו קענען זיך געפינען עפּעס אַ פּאַסיקע אַרבעט; זיך ווי עס איז נאָרמאַל איינצואָרדנען אין לעבן; צו קענען אויסהאַלטן זיין פּרוי אויף אַ לייטישן שטייגער, כדי זי זאָל נישט זיין אַזוי ווילד און אַגרעסיוו און נישט אָנפאַלן אויף אומשולדיקע מענטשן און זיי זידלען און באַשולדיקן אַז

צוליב זיי הונגערט איר מאַן, דער „גרויסער זשעניע״; און אין די אָווענטן, ווי די מערסטע פּאָעטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, צו קענען שרייבן לידער. באַגיש האָט געמוזט פיבערן מיט זיין פּאָעזיע גאַנצע פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. נישט באַזיצנדיק קיין גאָר גרויסן שעפערישן כוח, איז דער פיבער זיינער צום ליד געווען אַן אומגעהויערער. גרויסער טאַלאַנט באַרואיקט אפשר זיין אייגנטימער. שענקט אים אַ טראָפּן פילאָסאָפיע, אַ ביסל גייסטיקן כוח מיט וועלכן ער איז מנצח די ביטערע נויט פון לעבן. גרייט אים צו פאַרן פּאַסיקן מאָמענט און פאַרן שפּעטערדיקן שפּעטער אין דער ליטעראַטור. זשעניע האָט אפשר מער געדולד ווי טאַלאַנט. —

זישע באַגיש איז געווען אַ דינער, צאַרטער ליריקער, וואָס האָט ליב געהאַט דאָס וואָרט. ער האָט אין זיינע לידער באַזעסן אידעלע טענער און ניואַנסן. ער האָט זיך ערשט געהאַלטן אין אַנטוויקלען. ער איז נאָך נישט געווען אייגענער, אָריגינעלער פּאָעט. מיר דאַכט זיך אַז ער איז אַפילו ביז צו זיין טויט נישט געהאַט געקומען אינגאַנצן צו זיך. עס האָט אים געפעלט באָדן און געדולד. עס האָט אים געפעלט די גרויסע, טיפע און אינערלעכע רו מיט וועלכע באַדייטנדיקע דיכטער טראָגן אויס אין האַרצן זייערע ווערק, זייערע חלומות און אידעאַלן. ווי שוין געזאָגט: טיילווייז איז די שולד פאַר זישע באַגישס אומגעדולד געווען זיין ביטערע עקאָנאָמישע לאַגע. ווי די זאַך זאָל נישט געווען זיין, האָט ער זייער אָפט פאַרטריבן מענטשן מיט זיין פיינלעכן אומרו און לייכטזיניקייט; מיט זיינע טאַקטלאָזיקייטן. ער האָט נישט געהאַט קיין שום חברים און ער האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו פאַרשאַפן גוטע פריינט.

איך געדענק אַז זישע באַגיש מיט זיין ווייב סימאַ האָבן דעמאָלט געוואוינט אין עפּעס אַ קליינטשיק שטיבעלע ביי אַן אָרעמען העברייאישן לערער. דער לערער האָט שטאַרק געהוסט און מיט יעדן איינציקן הוסט, ווי אַ דונער, האָט זיך פון אים אָפּגעבראָכן אַ שטיק לעבן. ער איז טאַקע אין עטלעכע וואָכן אַרום געשטאָרבן פון שווינדזוכט.

עס איז געווען נאַכט איבער דעם נעפּלדיקן אַנטווערפּן. אינם ברודיקן בעט, וועמענס רויטע קישנס און צעריסענעם איבערבעט איז נישט געווען איבערגעצויגן מיט קיין שניי־ווייסן ליילעך און פערענע, איז געלעגן די נערוועזע און פּאַטעטישע סימאַ. זי האָט מיט אירע באַשוכטע פיס געקאָפּעט דאָס רויטע איבערבעט אין דער לופטן. זי האָט געזונגען רומענישע און רוסישע לידער. זי האָט אַ סך גערויכערט און האָט אָפּגעשאָקלט דאָס הייסע אַש און די דערשטיקטע פונקען פונם ציגאַרעט אויפן בעטגעוואַנד. זי האָט געהאַט אַ וואונדערלעכע שטימע. ביי יעדן ליד, אַ סלאַווישס, אידישס אָדער אַ העברייאישס, האָט זי אויסגערויכערט אַ ציגאַרעט ביזן ברעג, זיך דערביי פאַרברענענדיק די דינע ליפּן. דער רויך האָט געשטיקט דעם דאַרן, העברייאישן לערער אין זיין שווינדזוכטיק־רויען גאָרגל. סימאַ איז צו מיר אין

דאָזיקן אומפּאַרגעסלעכן אָוונט געוואָרן אַ ביסל סימפּאַטיש. זי האָט רירנדיק און הפקרדיק געזונגען. זי האָט געקענט פון אויסנווייניק אפשר הונדערטער לידער, מיט וואָרט און מעלאָדיע, פון דעם רעפּערטואַר פון אַ סך פּעלקער. עס איז אין דעם מאָמענט דערשינען פאַר מיר ממש אַ נייע סימאַ, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט כמעט נישט געהאַט געקענט. עס איז צו מיר, דאַכט זיך, מיט אַמאָל פאַרענטפערט געוואָרן דאָס רעטעניש ווי אַזוי זישע באַגיש האָט מיט אַזאַ פרוי געקענט און געוואַגט חתונה צו האָבן. זי האָט אים אפשר געפּאַנגען מיטן ציגיינערישן כישוף פון דער מעלאָדיע, ווי די גאָלדנגעלאָקטע, גערמאַנישע לאָרעליי, וואָס האָט אַמאָל פאַרכישופט נישט נאָר די מאַטראָזן פונם רהיין, נייערט אויך דעם קלוגן איד היינריך היינע, וואָס האָט איר אָנדענק געשאָנקען אַזאַ צאַרט און ראָמאַנטיש ליד...

איך האָב שוין צו יענער צייט שטילערהייט געשריבן. אָבער זישע באַגיש האָט דערפון נישט געוואוסט. ווי אַזוי האָב איך אים געקענט דערציילן אַז מיין ווייניקייט שרייבט, אַז איך באַפלעק מיינע פינגער מיט טינט און מיינע נעכט פאַרטריף איך מיטן פייער פון ליטעראַטור, ווען איך האָב וואויל צוגעזען וואָס פאַראַ טומל ער מאַכט אָן מיט זיין אייגענעם שרייבן. זיין ליטעראַרישער טומל, אָנשטעל און פּאָזע, וואָס איז אין יענער צייט געווען צו מיר אומבאַקאַנט, איז מיר אויך נישט געווען ניחא. איך האָב דעמאָלט חשק געהאַט צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט פון מיין פיזישער אַרבעט און שרייבן שטילערהייט, אין די אָוונטיקע שעהן. שרייבן אין מיין אינגלערישער איינזאַמקייט. ביים שיין פון אַ חלבדיקן ליכטעלע אין מיין מאַנסאַרדע ווי אין בוידעם-שטיבל פון אַברהם רייזענס ישיבה־בחור. אָבער איך האָב אין זישע באַגישן דערקענט די פּערזענלעכקייט פון אַ ליידנ־דיקן דיכטער, וואָס אָרעמקייט האָט אים געגריזשעט די ביינער. זיינע דאגות און זאָרגן האָבן מיך מיטגעריסן. איך האָב אויף אים געהאַט גרויס רחמנות. פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס פּנים און דאָס געשטאַלט פונם אוני־ווערסאַלן, ריינעם לירקער, וואָס דאָס לירישע ליד איז זיין גאַנץ לעבן און דער אינהאַלט פון אַלע זיינע טעג און נעכט. דאָס ליד וועט צו זיין גורל און עס חתמעט זיין פריען סוף. עס איז געווען ווי דאָס קורצע ליד וואָלט צו מיר זאָגן פון זיינע אומעטיקע אויגן אַרויס: מיט מיר, מיטן קורצן ליד אין האַרצן, קען מען נישט צו לאַנג לעבן...

זישע באַגיש האָט שוין דעמאָלט געהאַלטן אין איבערזעצן די לידער פון די כינעזישע דיכטער, וואָס זיינען שפּעטער דערשינען אין פאַרלאַג מ. צעשינסקי, אין שיקאַגאָ, אונטערן טיטל „כינעזיש", אין יאָר 1938. דאָרט איז פאַראַן אַ ליד פון דעם פּאָעט טשאַנגטי־טסו: „צו דער לבנה". עס לייענט זיך אַזוי:

„איך זיץ ביים בעכער רויטן ווייַן
און וואַרט. באַלד וועט פאַלן אַ בליץ לבנה-שיין.

אַ שטראַל טוט אַ גלאַנץ, ס׳ציטערט אַ געזאַנג.
אין שפּיגל די לבנה מיר דערלאַנגט.
ווער בין איך, לבנה, און ווער ביזטו?
איך בין דער אומרו: — און דו ביסט די רו.
דער גאָלדענער האָז וואָס באַלזאַם שפּרייט
פון אייביקן לעבן — פאַר מיר איז׳ם געגרייט?
יאָר טויזנטער זיך שפּיגלען אין דער לבנה, וואו
אייביק קיניגט די געטין טשאַנג-גו.
געטין, היט אָפּ דיין שלייער פון קאָראַלן.
זאָל אַ שטראַל פון דיין אויג און מיין בעכער פאַלן״.

זישע באַגיש איז ביים בעכער מיט רויטן ווייַן נישט קיין געדולדיקער געזעסן און נישט געוואַרט אַז די געטין זאָל וואַרפן אין זיין בעכער אַ שטראַל פון איר געטלעכן אויג. ער איז שוין דווקא געווען די באַרימטע, דיכטערישע אומרו, ווי ער זינגט און זעצט איבער דעם פאַרצייטישן כינעזישן דיכטערס זיידענעם פּערז אין זיין איידעלן, לירישן אידיש. ער האָט נאָך לאַנג געדויערט ביז דער לבנהס רו האָט געגרייכט צו זיין האַרצן...

אין איינעם אַ טאָג זיינען ביידע, זישע באַגיש און זיין אימפּולסיווע ווייב סימאַ, וואָס האָט נישט געדעדט דווקא מיט געצוימטע פּערזן; מיט אי־רע פאַרברענטע ליפּן פון די ברענענדיקע ציגאַרעטן און מיט די פאַרקאָפּ־טשעטע נאַזלעכער, פאַרשוואונדן געוואָרן פונם אַנטוועדפּענער אידישן האָ־ריזאָנט. זיי זיינען געפאָרן צוריק קיין פּוילן, כדי דאָרט צו זוכן זייער גליק און זייער גורל.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און זישע באַגיש מיט זיין ווייב זיינען צוריק־געקומען פון פּוילן. באַגיש איז איצט געווען נאָך מער אויס־געמאַטערט ווי פריער. עפּעס זיינען ביידע געווען ווי מיט פאַרשרפּהטע פליגל. אָפּגעזעגקטע מענטשנשמעטערלינגען, אַנטלאָפענע פון אַ גרויס פייער. זיי האָבן איצט מיט זיך געהאַט אַ קליינשיק אינגעלע. צוזאַמען מיטן דאָזיקן אָרעמען און מיזעראַבעלן אידישן מלאך, אַ באַקלעפּטער מיט זיין טאַטנס לידער ווי מיט שטויביקע שיר המעלותן, האָבן זיי געהאַט אַ שלל מיט פרישע פּלענער. וואָס אָרעמער און איינזאַמער זיי זיינען געווען און גע־שטאַנען וואַקלענדיק זיך אַנטקעגן אַ ניכטערער און זאַטער געזעלשאַפט, אַלץ רייכערע פּלענער האָבן זיי געהאַט. איך פּלאַן שענער פאַרן אַנדערן. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיי זיך באַזעצט אין ברוסעל. זיי האָבן געעפנט אַ באַשיידן צייטונגס־געוועלבל אין דער אידישער געגנט. אין אַ שיינעם זומערדיקן טאָג האָב איך זיי באַזוכט. עס איז געווען אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג. עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ ליטעראַרישער אָוונט ביי דער בונדישער גרופּע אין ברוסעל. צום דאָזיקן אָוונט האָט מען מיך איינגעלאַדן

אויפצוטרעטן, אַלס מיטאַרבעטער פון דער וואַרשעווער נייער „פאָלקסציי־טונג".

זישע באַגיש האָט געוואוינט אינם טונקעלן הינטערגרונט פונם ציטונגס־געוועלבל, אין אַ מין קעלערל. דאָרטן האָט זיך געהאַדעוועט אַ אידיש אינ־געלע און שטיל געוווינט אין זייך הילצערנעם וויגעלע און זיך קליינערהייט אָנגעזאַפּט מיט אידישער נויט און אָרעמקייט. סימאַ, איצט שוין אַ שטאָל־צע אידישע מאַמע, איז פונדעסטוועגן געשטאַנען אין געוועלבל, בשעת זי־שע באַגיש האָט גערעדט צו אַ היימישן קונה וועגן ליטעראַטור און וועגן דער נויטווענדיקייט אַרויסצוגעבן אַ אידישן ליטעראַרישן זשורנאַל אין אַזאַ שטאָט ווי ברוסעל. אָבער יעדעס מאָל ווען דאָס קינד האָט געוויינט, איז סימאַ פאַרשוואונדן געוואָרן אינם אַלקערל און באַלד האָט פון דאָרטן זיך געהערט אַ באַטעמט אידיש קינדער־ליד וואָס איז צו מיינע אויערן געווען אַ סך, אַ סך שענער ווי די אַריעס אין דער פלעמישער אָפּעראַ. דאָס קינד און דאָס גאַנצע געוועלבל מיטן דראָבנעם קונה וועלכן באַגיש האָט תיכף געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַ לעגענדאַרן מעצענאַט פאַר זיין געפּלאַנטן זשורנאַל — אַלץ איז איצט געפאַנגען געוואָרן פון סימאַס האַרציקער מע־לאָדיע...

באַלד זיינען מיר געגאַנגען אין אַ קאַפע אַרום פּלאַס דע ברוקער. איך בין געווען מכלומרשט דער גאַסט פון אַנטווערפּן. אין קעשענע האָב איך געטאַפּט דאָס מאַנוסקריפּט פון מיינס אַ דערציילונג, וואָס איך האָב באַדאַרפט פאַרלייענען אין אָוונט. אין דער היץ פון זישאַ באַגישס רייד האָב איך מורא געהאַט אַז איך זאָל נאָך דעם מאַנוסקריפּט חלילה נישט פאַרלירן. אויף אימפּראָוויזאַציע האָב איך מורא געהאַט זיך צו פאַרלאָזן. איך בין גלייכצייטיק געווען שטאָלץ וואָס מען רעדט צו מיר ווי צו אַ קאָלעגע, שיעור נישט אַ פּראָפעסיאָנעלן ליטעראַט. איך האָב רעכט נישט באַמערקט ברוסעלס ברייטע און גערוימע בולוואַרן און די שיינע פרויען וואָס באַצירן אירע גאַסן און עוועניוס. די זון איז געשטאַנען אַ ליכטיקע אין הימל — דער מענטשהייטס פלאַמיקער בוקעט. די אַלטע שטאָט ברוסעל איז געווען יינג און פּאַצעטיש און דאַזיקן שבתדיקן נאָכמיטאָג. זישע באַגיש האָט בדעה געהאַט צו גרינדן אַ אידישן ביכער־פאַרלאַג. צו אָרגאַניזירן די אי־דישע אינטעליגענץ אין בעלגיע פאַר וויכטיקע קולטורעלע און געזעלשאַפט־לעך־ליטעראַרישע צוועקן. מיט זון־אונטערגאַנג זיינען דערווייל אָנגעקומען אין קאַפע די בריסעלער אידישע שרייבערס: אהרן דאָרף, י. לויפער, בונם צוקער און אויך מ. י. נירנבערגער, פון אַנטווערפּן, וואָס איז דעמאָלט געווען קאָרעספּאָנדענט פונם ניו־יאָרקער „מאָרגנזשורנאַל" און וואָס האָט ביי עפנטלעכע מאַניפעסטאַציעס שטאָלץ געטראָגן זיין זשורנאַליסטן־קאַרטע אינם שוואַרצן באַנד אַרום זיין קאַפּעליוש...

עס האָט געשיינט אַז זישע באַגיש איז שוין איצט מער־וויניקער עקאָ־

נאָמיש געזיכערט. אַדאַנק זיין ליטעראַרישער טעטיקייט האָט ער געקראָגן אויף קרעדיט אידישע צייטונגען פון אַלע עקן וועלט, איבערהויפּט פון אַמעריקע און פון אַרגענטינע. איך ווייס נישט, פאַרשטייט זיך, זיינע חש־בונות, נאָר איך שטעל זיך פאָר אַז די אַדמיניסטראַציעס פון די פאַרשידענע אידישע צייטונגען זיינען פון אים נישט רייך געוואָרן. אַ דאַנק זיין גע־וועלבל, וואָס איז אַגב געווען געוויסע שורנאַלן, ווי צום ביישפיל ד״ר י. נ. שטיינבערג׳ס חודש־שריפט „דאָס וואָרט״ (אויב איך מאַך נישט קיין טעות), וואָס איז דערשינען אין לאָנדאָן, זיך געפילט פאַר־פליכטעט צו דרוקן זיינע לידער. ער פלעגט זיך דרוקן כמעט אומעטום, איבער אַלע אידישע וועלט־קאָנטינענטן, כדי זיך צו פאַראייביקן, זיך איינצושרייבן מיט פיבער אויף די בלעטער פון דער אידישער ליטעראַטור. צי איז עס שוין געווען דאָס פאָרגעפיל פון נאָענטן, אינדיווידועלן אונטער־גאַנג? אָדער דער פּחד פאַרן אָנקומענדיקן נאַציאָנאַלן חורבן? יעדנפאַלס, אַ מוראדיק איילעניש און אַ שרעקלעכער פיבער, אַ פּחד פאַרן פאַר־שפּעטיקן, האָט אויסגעצייכנט באַגישס שרייבן, זיין דרוקן זיך אין גאַר דער וועלט, זיין היפּשע ליטעראַרישע פּראָדוקציע, זיין פירן ממש אַ מאַסנהאַפטע קאָרעספּאָנדענץ מיט אידישע שרייבערס, זיין עקשנותדיק שטרעבן צו אָרגאַניזירן און צו גרינדן און בכלל זיין גאַנץ שעפעריש לעבן. עס איז געווען טיפּיש פאַרן אידישן דיכטער בכלל, וואָס אַרבעט אַפילו דאָ, אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, אויף דעם זעלבן דינאַמישן שטייגער; פונקט ווי דער שטענדיקער פּחד פאַרן גורל פון אידיש וואָלט אים טרייבן, זישע באַגישן און דעם אידישן שרייבער אין גאַר דער וועלט, צום דאַזיקן זיך איילנדיקן אופן פון אויסדריקן זיך, צו פאַרשפּרייטן זיין ווערק אין גאַר דער אידישער וועלט.

עס איז געווען אַזוי גוט צו זיצן אין דער האַלב־טונקעלער קעלער־שטוב ביי דער קליינער פאַמיליע באַגיש. די אָרעמקייט איז געקרוינט גע־וואָרן מיטן היימישן וויינען פון אַ פּערלדיקן קינד, אַ קליינעם איד אין וויגעלע. עס איז געווען באַטעמט צו עסן דאָס באַשיידענע, געשמאַקע מאָל־צייט: די גריץ מיט קאַרטאָפל; דעם דינעם קאָטלעט פון געהאַקטע פליש; צו פאַרזוכן דעם זיסן קאָמפּאָט מיט די פאָר אויפגעשוואָלענע פלוימען און צו טרינקען דאָס בלאַסע און בלאָנדע גלעזל טיי מיט אַ קליינטשיק רעפּטעלע גרינלעכן ציטרין. און דאָס ווערן יעדער רגע איבערגעשלאָגן דורך אַ גראַשנדיקן קונה, וועלכן באַגיש האָט אין זיין פיבער געזוכט צו פאַרוואַנדלען צו אַ פּובליקום מיט ענטוזיאַסטישע לייענערס. אַפילו די רייד פון סימאַ באַגיש זיינען שוין איצט אויך געווען מער סימפּאַטיש. די רייד פון אַ יינגער מוטער, אַביסל געצוימטע דורך דער אידיליע און אידלקייט פונם פאַמיליען־לעבן. און ערגעץ אין אַ ווינקל פון קעלער דאָס היימישע און כמעט־מענ־טשלעכע פּנים פון אַ הילצערנעם זייגער, וואָס פאַרלירט ביז צו דער פאָד־

לאָגע זײַנע אײַזערנע וואָגעס, שוין היפּש אָפּגעקראָכענע פון דער אַמאָליקן בראָנדזענעם קאָליר. עס איז געווען אַזוי ווי דער היימישער זייגער, ווי אַ נאָענטער מענטש פון דער משפּחה, וואָלט דאָ זיצן צוזאַמען מיט אונדז אין דעם טונקעלן חלל און שטיל מיטשוויַיגן אונדזער אָרעם און הייליק שווייגן...

איז עס טאָקע אפשר געווען אין יענע טעג און נעכט, ווען יעדעס מאָל האָט אַן אַנדערער פון אונדז געמורמלט אַ וויג טאָן דאָס הילצערנע וויגעלע מיטן וויינענדיקן מלאך, ווען זישע באַגיש האָט פאַרפאַסט די קינדער־לידער פון זיין בוך „אין קינדער־לאַנד”, (פאַרלאַג „קינדערפריינט”, וואַרשע, 1938). איך האָב דאָס ביכל קיינמאָל נישט געזען. אָבער איינס פון די לידער האָב איך געלייענט אין אַ אידישן זשורנאַל און איך האָב זיך דער־מאָנט אין באַגישס איינגעלע אינם וויגעלע. דאָס ליד הייסט „אַ גוטע נאַכט” און עס הויבט זיך אָן אַזוי:

„ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר
פיר און פיר איז אַכט,
מאַכט־זשע צו די טיר
און זאָגט אַ גוטע נאַכט.
איי לו—לו, לו, לו,
זינגט מען קינדער איין.
ס׳פאַלט די נאַכט שוין צו,
דאַרף מען שלאָפן גיין.

ערגעץ־וואו, מיר דאַכט זיך אין ישראל, לעבט דער זון פון סימאַ און זישע באַגיש. ער געדענקט נאָך אַ וודאי דאָס ליד און ער געדענקט אפשר אויך ווי שיין זיין מאַמע האָט איבער זיין וויגעלע געזונגען אַ טויזנט אַנדערע קינדער־לידער אין אַלע לשונות. אָבער שענער פון אַלע זיינען געווען די לידער פון זיין טאַטן... די מאַמע האָט זיי באַזונדערס אַזוי באַטעמט געזונגען מיט אייגן־צוגעפאַסטע, הארציקע מעלאָדיעס.

מיר האָט זיך באמת געדאַכט, אַז זישע באַגיש און זיין קליינע פאַמיליע זיינען איצט געווען מער סאָליד אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד. אין דעם הייסן זומערדיקן טאָג איז געווען גוט צו זיצן אויף דער נידעריקער טאַבור־רעטקע פאַר די טרעפּ פונם געוועלבל. צו זען ווי אַזוי די גוטע זון פאַר־גאָלדיקט די באָרד פון מענדעלע מוכר ספרים, די גרויסע אויגן פונם קלוגן פּרץ און שלום עליכמס צעלויכטן און צעשמייכלט פּנים; ווי אַזוי די זור־ניקע שטראַלן וואַנדערן בגילופנדיק אויף די שער־בלעטער פון די עטלעכע פאַרעלטערטע ביכלעך אין דער שטויביקער וויטרינע און ווי די נעגעריש־טונקעלע פליגן מאַכן נאָך טונקעלער די אידישע אותיות. עס איז געווען אָנגענעם צו זען ווי אַזוי אַ אידישער פאַלקסמענטש קומט אַריין אין בוך־געוועלבל און באַרגט אויס אַ ניו־יאָרקישע אָדער אַ וואַרשעווער אידישע צייטונג פאַר אַ פּאָר סענטים אויף עטלעכע שעה איבערצולייענען. זישע

באַגיש האָט מיך זייטיק אָנגעקוקט דורך זיינע גרויסע האָרנענע ברילן און זיין ביינערדיק, אויסגעדאַרט פּנים, פאַרבלייכט פון יאָרן־לאַנגן פאַסטן, האָט זיך צום ערשטן מאָל הימלעך צעשמייכלט...

זישע באַגישן האָב איך נאָך עטלעכע מאָל געטראָפן פאַר מיין אָוועקפאָרן קיין אַמעריקע. איך געדענק ווי ער איז געקומען אין איין טאָג מיט זיין טונקעלן, ברייט־ראַנדיקן „ליטעראַרישן הוט", ווי ער וואָלט זיך פאַרשטעלן דאָס ליכט פון דער זון. מיר האָבן זיך געטראָפן אין לאָקאַל פון דער פועלי־ציוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. דער אייגנטימער פון רעסטאָראַן, חבר ראָלאַ, האָט אונדז דערלאַנגט הייסע גלעזער טיי מיט ציטרין. באַגיש האָט הויך דעקלאַמירט די לידער פון זיין זאַמלונג „כינעזיש", וואָס ער האָט דעמאָלט פונקט געהאַלטן אין איבערזעצן, ווי מיר דאַכט זיך, פון דייטש, פון פראַנצויזיש, פון אַלע שפּראַכענישן. פּרעכטיקע זיינען געווען די זיידענע לידער, די פּיצלעך צאַרטע וויניעטן פון וואָרט, פון די פּאַרצייטיקע כינעזישע דיכטערס, אין וועמענס אידעלע פּערזן אַ הונגעריקער אידישער פּאָעט האָט אַריינגעוועבט זיין אייגענעם אומעט, האָט אַריינגעטריפט זיין אינדיווידועלן לירישן טרויער. דאָס איז אפשר געווען זישע באַגישס שענסטע שאַפונג, אָט דאָס אויסערגעוויינלעך צאַרטע איבערגיסן דעם כינעזישן מעד אין אידישע וואָרט־בעכערס. ער האָט די לידער, ווי געזאָגט, הויך דעקלאַמירטביים טיש און איך האָב זיך אַ ביסל געשעמט פאַר די געסט אין לאָקאַל, פאַר די אייביקע ציניקערס און אָפּלאַכערס, וואָס האָבן רואיקע געגעסן זייערע מאָלצייטן. שטענדיק זיינען זיי דאָך גרייט אויסצולאַכן אַ אידישן פּאָעט, וואָס נעמט ערנסט זיין דיכטערישן באַרוף און קרעדאָ. זישע באַגיש איז תמיד, וואָס שייך זיין פּאָעטישן שאַפן, געווען טראַגיש־ערנסט. ווען איך האָב באַגישן געבעטן צו לייענען אַ ביסעלע שטילער, האָט ער זיך באַליידיקט. ער האָט אפשר רעכט געהאַטאויך. ווייל עס איז דאָך שוין פאַר אים, לײדער, נישט געבליבן קיין צופיל צייט אויף צו שרייבן, צו דעקלאַמירן, צו ווייזן צו אַ חבר־קאָלעגע זיינע לידער, וואָס ער האָט געשריבן מיט אַזוי פיל יוגנטלעכן צער, און ווי ער וואָלט זיך שטאַרק איילן. וויפיל צייט בכלל איז דען נאָך פאַרבליבן פאַרן אידישן פּאָעט אין אייראָפּע אויף זיך פריי צו באַוועגן? אויף צו אָטעמען גאָטס ריינע לופט? אויף צו האַלטן די אידישע פּעדער אין דער ציטערנדיקער האַנט? דער זייגער אויפן וואַנט האָט אויסגעקלאַפּט האַסטיק די מינוטן און די רגעס. באַגישס פּנים איז געווען בלייך, פאַרמאַטערט, דערשוויצט. אייראָפּע גייט אַנטקעגן אַ גרויזאַמע קאַטאַסטראָפע. דער שונא פון די אידן שפּרייט אויס זיין אָרעם איבער אַ האַלבן הימל און הילט איין אין זיין שוואַרצן שאָטן אַ פּענעץ פון פּלאַנעט.

אין אָוונט זיינען מיר געזעסן אין מיין צימער אויף פּלאַנטען מאַרעטוס סטראַטע. עס איז געווען ווינטער צייט. דאָס צימער איז נישט געווען באַ־

הייצט. די ווענט זיינען געווען ווילגאַטנע. טראָפּנס זיינען גערונען איבער די ווענט. אויף די שויבן זיינען געשטאַנען בוימער און בלומען פון אַש־גרויען שניי, פון געשליפענעם אייז. אין דרויסן האָט געיאָגט אַ פעברואַרישער ווינט. ווען מען דערמאָנט זיך מיט אומעט אין האַרצן וויפיל צייט פון אונדזערע ייִנגע לעבנס מיר האָבן פאַרבראַכט אין אַזעלכע אומבאַהייצטע צימערן! און דאָך בענקט זיך נאָך די דאָזיקע בחורישע חדרים; נאָך יענער טרויעריק־שיינער צייט וואָס האָט וואויל געשמעקט מיטן פּאַרפיום פון יוגנט. די גרעסטע געשעעניש אין אַ מענטשנס לעבן איז זיין יונגשאַפט. אָבער ער ווערט דערפון ערשט שפּעטער געוואויר...

אויפן וואַנט זיינען געהאָנגען אָדער געווען צוגעגעקלעפּט צוויי בילדער־רעפּראָדוקציעס: איינס איז געווען פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע. ער שטייט ביים ים און אָטעמט איין דעם ווינט וואָס יאָגט פון די ברייטע, צעשטור־עמטע כוואַליעס. דאָס צווייטע בילד איז געווען פון דעם פראַנצויזישן פּאָעט און עקשנותדיקן קעמפער קעגן אימפּעראַטאָר, שאַטאָבריאַן. קיין קיך איז נישט געווען, כדי צו פאַרבריען וואַסער אויף קאַווע אָדער טיי. אָבער זישע באַגישן האָט אָסור נישט געאַרט די ביטערע קעלט און די גרויע אומהיימלעכקייט. ער איז געזעסן איינגעהילט אין זיין דינעם מאַנטל און ער האָט פאַר מיר פאָרגעלייענט זיינע איבערדיכטונגען פון לי־טאַי־פּאָ. אויך פון זיינע נעגער־לידער־איבערזעצונגען, פון זיינע "פלאַקאַטן". פון זיינע לענגערע פּאָעמען, פול מיט בונטאַרישן פּראָטעסט און אומצופרידנקייט פון אַ ייִנגן, דינאַמישן און גאָרנישט איינגעוואָרצלטן מענטש. באַגיש, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, האָט פאַקטיש נישט געוואוסט וואו ער געפינט זיך. ער האָט געלעבט אין זיין אייגענער, פּאָעטישער מלוכה. רומעניע, פּוילן אָדער בעלגיע זיינען בלויז נישטיקע געאָגראַפישע ענדערונגען וואָס האָבן נישט קיין רעאַליסטישן שייכות צו זיין אמתער פּראָפעסיע — דאָס זיין אַ פּאָעט. איך געדענק באַזונדערס איינס פון די דאָזיקע לידער, וואָס ער האָט פאַר מיר פאָרגעלייענט. אפשר איז עס געווען אַ מין נבואה אויף זיין אייגענעם אומקום? וואָרום ער האָט עס עטלעכע מאָל געלייענט און עס שטאַרק אָקצענטירט. דאָס דאָזיקע ליד פון דעם פּאָעט שי־קינג עפּנט טאַקע אויף זיין דינעם, געלן ביכעלע „כינעזיש". דאָס ליד הייסט „מיר, דעם קעניגס אונטערטאָנען":

„גענעראַל!
מיר זיינען דעם קעניגס אונטערטאַנען און שקלאַפן!
ווי וואַסער זיינען מיר אין טייך פאַרפלאָסן...
אומזיסט האָסטו אונדזער בלוט פאַרגאָסן...
גענעראַל!

גענעראַל!
דעם קעניגס אַדלערס זיינען מיר און ווערם!
אונדזערע קינדער הונגערן... אונדזערע ווייבער גרוילן...
אין פרעמדער ערד אונדזערע ביינער פוילן...
גענעראַל!

גענעראַל!
אין דיינע אויגן פּחד בליצט און קללה...
אונדזערע מאַמעס אין יאַך, וואָס האָבן דערפון?...
וועלכע מאַמע האָט נאָך אַ זון?...
גענעראַל!"

זישע באַגיש איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביים סאַמע אָנפאַנג פון זיין פּאָעטישער קאַריערע. ער האָט שוין געהאַט געפונען דעם לירישן ציטער און שיינקייט פונם אידישן וואָרט. ער איז שוין, אַזאַ הונגעריקער און אויסגעדאַרטער פּילגרים, געשטאַנען נאָענט ביים גאָלדענעם טויער פון לירישער דיכטונג. ער האָט די געציילטע יאָרן, וואָס זיינען אים נאָך פאַר־בליבן צו לעבן, געלעבט אינגאַנצן פאַר זיין מוזע און ער האָט געאָטעמט מיט איר אָטעם. ער האָט איר געשוואוירן טריישאַפט, אַפילו פאַרן פּרייז פון באַעוולהן זיין אייגן לעבן. ער האָט געבאָרגט געלט רעכטס און לינקס, כדי איר צו צאָלן זיין חוב פון בלוט און גאָלד. ער האָט, אמת, אָפט געשאַר־לאַטענעוועט. דאָס בעסטע וואָס עס איז פון אים געבליבן, זיינען פאָרט די איבערזעצונגען. ווייזט אויס אַז ער האָט קיין אייגן, צופיל אָריגינעל פּנים נאָך נישט געהאַט. פּונקט ווי ער האָט אין לעבן געזוכט דעם לייכסטן ווידערשטאַנד, האָט ער אויך אינסטינקטיוו געזוכט דעם גרינגסטן נצחון אין שטרענגן רעזשים פון ליד דורכן איבערטראָגן פרעמדע פּערל אויפן אידישן פאַרנאַס. איך צווייפל אין דער קענטניש פון זיינע לשונות. אָבער פאָרט האָט זיך דערוויל געלאָזט נעמען פּייער און גאָלד פון כינעזיש, פון נעגעריש, פון פראַנצויזיש, פון פויליש... ער מעג דערוויל „זינדיקן" אין לעבן לשם דער דיכטונג. פאַר עטישע מעשים שטעלט מען נישט קיין בראָנדזענע דענקמעלער. סיי ווי, עס וועט קומען אַ מאָמענט און זישע באַגיש וועט וואַשן אין פייער און טרערן זיין נשמה. די קרוין פון קדושה און העלדישקייט וועט די האַנט פון אַ מלאך אין גן־עדן אים אָנטאָן אויפן איינזאַמען אידישן קאָפּ.

איך בין זיך מודה אַז איך בין דעמאָלט, ווען באַגיש איז געזעסן ביי מיר און געציטערט פון קעלט, געווען אַ ביסל אומגעדולדיק צו אים. ווייל אַרבעטנדיק יעדן טאָג אין דרוקעריי, האָב איך מיין פרייע צייט אין אָוונט געפּראוואוט אויסנוצן פאַר מיין אייגענער שרייבעריי. דער טאָג איז געווען אַזאַ מין לויטערער. די איינדרוקן פון לעבן אַזעלכע שפּאַנענדיקע. פאַרברענגען

אַ גאַנצן טאָג מיט באַגישן האָט געמיינט רעדן וועגן זישע באַגישן. האָב איך דעריבער אין אָוונט געוואָלט זיין אַליין מיט זיך און אַנוואַרפן אויף פּאַפּיר מיין אייגענע פּראָזע. מיר האָט זיך גערדאַכט אַז באַגיש נעמט צו פון מיר אַזוי פיל וויכטיקע צייט, וואָס קען, אַנשטאָט דאָס כסדרדיקע רעדן וועגן אַרויסגעבן זשורנאַלן, בעסער פאַרוואַנדלט ווערן אין שעפערישע ווערטן. ווי נאַאיוו מיר זיינען! מיר וויסן נישט ווי אַזוי אָפּצושאַצן די גרויסקייט פון לעבן. די וויכטיקייט פונם מאָמענט צו ברענגען טרייסט צו אַ קאָלעגע. צו פאַרברענגען מיט אַ לעבעדיקן חבר נאָך איידער ער ווערט פאַרטיליקט און פאַרוואַנדלט אין אַ העלד. אומענדלעך עלנט האָט אויסגעזען זישע באַגישס געשטאַלט, דעקלאַמירנדיק דאָס מאַקאַברישע ליד „גענעראַל, גענעראַל"... ער האָט געזופּט די טראָפּנס פון אַ פלאַש מיט שנאַפּס וואָס איז תּמיד געשטאַנען אין מיין צימער און ער האָט כסדר איבערגעחזרט: „אין פרעמדער ערד אונדזערע ביינער פוילן". אָבער דיינע ביינער, אידישער פּאָעט, וועלן נישט פוילן אין דער ערד. אין גן־עדן וועלן זיי לויכטן, ווי פאָספאָר, צופוסנס פון גאָט...

דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב זיך געטראָפן מיט זישע באַגישן, זיינען מיר געגאַנגען שפּאַצירן אויף דער רחבותדיקער הויפּט־גאַס אין אַנטווערפּן, די קייזערליי. צוליב זיינע כינעזישע לידער האָט זיך באַגיש כמעט פאַרוואַנדלט אין אַ דאַרן און געלן כינעזער. ער האָט אַנגענומען הויט און מאַסקע פון ליטאַי־פּאָ. ער האָט זיך אַריינגעלעבט מיט אַלע חושים אין פאַרצייטישן כינעזישן פּאָעטס לעבן.

פּלוצלינג איז צו אונדז צוגעקומען איינער אַן עלנטער מאַן, בעטנדיק אַ נדבה מיט אַ נישט־דרייסט־אויסגעשטרעקטער האַנט, ווי פון ליימיקער ערד. באַלד האָט ער אַרויסגעצויגן אַ צעקנאָדערטן פּאַק מיט מאַנוסקריפּטן פון איינער פון די צעריסענע קעשענעס פון זיין אָרעמען און בעטלערישן מלבוש. ער האָט אָנגעהויבן פאַר אונדז פאָרצולייענען זיינע דייטשע לידער. ער איז געווען אַ דייטשער איד פון דיסעלדאָרף, אַ פאַרטריבענער דורך די נאַציס. ער האָט אויסגעזען צו זיין אָרעם און געפאַלן. ער איז געווען פאַר־ברודיקט און פאַרוואָרלאָזט. ער האָט שווער געהוסט און געשפּיגן מיט בלוט. יעדער הוסט איז געווען ווי דאָס קלינגען פון אַן איינזאַמען גלאָק. איך האָב געטראַכט פון היינריך היינען וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דו־סעלדאָרף. היינע האָט אַזוי נישט אויסגעזען. היינעס אויגן האָבן געלויכטן מיט פייער. און דאָך איז ערגעץ־וואו געווען אַן ענלעכקייט צווישן היינען און דעם דאָזיקן פאַרטריבענעם איד.

— פאַרוואָס גייט איר נישט אַרבעטן? — האָט אים עמעץ פון אונדזער גרופּע געפרעגט די געשמאַקלאָזע און באַליידיקנדיקע שאלה.

— איך בין פּאָעט! — האָט ער שטאָלץ געענטפערט און ער האָט תּיכף

אָנגעהויבן צו דעקלאַמירן זיינע לידער, בשעת זיינע אויגן האָבן צאַרנדיק געלויכטן, ווי די אויגן פון אַ נביא.

— אָבער איר מוזט דאָך זיך איינאָרדנען, לעבן נאָרמאַל, זיין אַ לייטישער מענטש, טראָגן אַ ריין העמד, אַ ציכטיקן אַנצוג. עס איז דאָך נישט קיין תכלית אַזוי! — האָט עמעץ ציניש געמוסרט דעם דייטש־אידישן דיכטער. אָבער עס איז געווען ווי ער וואָלט גאָר מיינען זישע באַגישן. באַגיש האָט זיך טאַקע פאַרשעמט...

— איך בין פּאָעט. איך בין באָהעם. מיין היים איז די גאַנצע וועלט — נישט קיין הונטס בודע. מיין ליבע איז דאָס געטלעכע ליד. דער וואָרער דיכטער באַזיצט נישט קיין אייגענע היים. דער גאָטגעבענטשטער קינסטלער וואַנדערט אַרום אויף גאָטס ערד אַזוי לאַנג ביז וואַנען ער פאַלט אום ווי אַ שטיין צום פינצטערן דנאָ פון ים. פאַרן פּאָעט לויכטן אין הימל די שטערן. עס איז נישטאָ קיין היים פאַר אים! — אַזוי האָט דער דאָזיקער וואַגאַבונדגאון אָדער גראַפאָמאַן, צו אונדז גערעדט מיט עפּעס אַ שטאָלץ ווי נישט פון דער דאָזיקער וועלט... און ער איז געווען גערעכט אויך. די געזעלשאַפט קומט אַ סך גאָלד דעם דיכטער...

זישע באַגיש איז געווען טרויעריק. ער האָט דורך טרערן אָנגעקוקט דעם דאָזיקן באָהעמישן איד, איינער פון די סאַמע ערשטע פּליכטלינגען פונם דייטשן אידענטום אין בעלגיע. קוקנדיק אויף אים, איז אים עפּעס קלאָר געוואָרן פון זיין אייגענעם גורל. דאָ איז פאַר אים געשטאַנען אַ דיכטער און אַן אַנטלאָפענער איד פון היטלערס דייטשלאַנד, פונם „דריטן רייך", וואָס האָט געזאָלט לויט היטלערס נביאות, עקזיסטירן אין אייראָפּאַ גאַנצע טויזנט יאָר. דער פּאָעט און דער איד!ביידע זיינען געווען גורלדיק פאַרן לעבן פון זישע באַגיש. —

---

ווען די שיף „וועסטערנלאַנד" איז שוין געווען גרייט צום אָפּשווימען פונעם ברעג פון אַנטווערפּענער האַפן, און מיינע פריינט און קאָלעגן זיינען געשטאַנען ביים „פּיער", איז צוגעלאָפן צום בריקל עפּעס איינער אַ מאַן און האָט מיך, אַ שטאַרק נערוועזער, צוגערופן. איך האָב אים דערקענט. ער איז געווען צוזאַמען מיט זיין ייִנגער, שיינער פרוי, ערשט עטלעכע וואָכן אין בעלגיע. ער האָט, ווייזט אויס, אויך געשריבן. ער איז מיט אַ פּאָר טעג צוריק געהאַט געווען אויף דעם אָפּשייד־אָוונט וואָס די גרופּע שרייבערס האָבן געהאַט אַראַנזשירט לכבוד מיין וויַיניקייט. איצט, אין גרויס אייַלעניש, האָט ער מיר דערלאַנגט אַ לעצטע מתנה: אַ קליינטשיק בוך מיט זיין וואַרעמער אויפשריפט. די ריזיקע שיף האָט זיך שוין אָנגעהויבן אָפּצורייסן פון דער יבשה מיט אירע מאַסיווע נאָפּל־שנירן. ווי געפאַנגענע, צערייצטע פיש האָבן זיך געוואָרפן די געזאַלצענע כוואַליעס, באַשמאַלצענע מיט פעטע שטיקער אויל. איך האָב שפּעטער אַ קוק געטאָן אויפן שער־בלאַט פונם

בראַשירטן ביכל. עס איז געווען זישע באַגישס ערשטע זאַמלונג מיט אומ־באַהאָלפענע לידער „אין שטויביקן וואַנדל". וואָס פאַרא מאָדנער צופאַל: דער כמעט אומבאַקאַנטער און באַאיווער פריינט האָט מיר געשאָנקען אַ בוך וואָס איך האָב וואויל געקענט. מחמת איך האָב עס אַליין, מיט מיינע אייגענע געפרוירענע פינגער, געהאָט אויסגעזעצט אין דרוקעריי...

ווען די שיף האָט זיך שוין געטראָגן אויף די שמאַראַגדיקע כוואַליעס פונם אַטלאַנטיק, און ווען מיין פאַרבענקט אויג האָט שוין מער נישט געקענט זיך נאָסטאַלגיש זעטיקן מיט די לעצטע אינדזלען יבשה פון בעלגיע, וואו איך האָב געהאָט פאַרבראַכט מיינע צען יוגנטלעכע יאָרן, בין איך אַן איינ־זאַמער, מעשה טשיילד האַראָלד, געזעסן אויפן דעק, וואָס איז פאַרשפריצט גע־וואָרן פונם ים׳ס מאַסיוון שוים, און איך האָב געבלעטערט דאָס ביכל. איך האָב ווידער געפרואווט לייענען די אומעטיקע לידער פון אַ אידישן מענטש. יעדן דיכטערס אָנפאַנגערישע פּאָעזיע איז דאָך אומעטיק. איך האָב זיך דעמאָלט נישט געקענט פאָרשטעלן אַז איך וועל זיך שוין קיינמאָל מער נישט טרעפן אין לעבן מיט אַ סך פון מיינע פריינט אין איראָפּאַ. אַז איך וועל שוין קיינמאָל מער נישט רעדן מיט זישע באַגישן און מיט זיין באַ־רעדעוודיק ווייב סימאַ. איך וועל מער אין לעבן נישט אָנקוקן יענע טייערע פּנימער וואָס איך האָב מיט ליבשאַפט געטראָגן און אויף אייביק פאַרקריצט אין בלוט און פייער פון האַרצן...

---

ווען איך בין שוין געווען אין אַמעריקע, האָב איך געהערט אַז זישע באַגיש איז ווידער געפאָרן מיט זיין קליינער פאַמיליע קיין רומעניע, וואו ער גיט אַרויס אַ ליטעראַרישן זשורנאַל פאַר יינגערע אידישע טאַלאַנטן. דער זשורנאַל האָט געטראָגן אַ סימבאָלישן נאָמען „דער אינדזל". שפּעטער איז באַגיש צוריק געפאָרן קיין פּוילן. איך האָב געהערט אַז ער געפינט זיך אין ביאַליסטאָק און ער זעצט פאָר דאָס אַרויסגעבן פונם „אינדזל". איינמאָל האָב איך פון אים דערהאַלטן אַ בריוו, אין וועלכן ער שרייבט אַז ער שיקט מיר אַרויס זיינע ביכער. איך האָב זיי אָבער קיינמאָל נישט דערהאַלטן. מסתמא זיינען געווען סיבות. נאָך שפּעטער זיינען געקומען די מוראַדיקע היטלער־יאָרן. איראָפּאַ איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ שוואַרצן ים פון מענטשלעכן בלוט און טרערן. טויזנט יאָר צייט וועט מען שרייבן וועגן די יסורים פון די אידן. און מען וועט פאַקטיש דעם דאָזיקן באַרג פון אומגליק און אומקום קיינמאָל מיט קיין עפּישע אָדער לירישע פעדער נישט קענען אויסשעפּן.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז זישע באַגיש און זיין פרוי און קינד טיילן דעם גרויזאַמען גורל פון אַלע אידן אין פּוילן, פון די מערסטע אידישע שרייבערס, קינסטלערס און אינטעלעקטואַלן. ביים סוף פון דער מלחמה האָב איך איינמאָל דערהאַלטן אַ בריוו פון משה גראָסמאַן, דעם מחבר פון

די ביאָגראַפּישע ראָמאַנען וועגן קאַרל מאַרקס און ראָזאַ לוקסעמבורג און לעצטנס פונם שוין באַרימט געוואָרענעם ווערק „אין פאַרכישופטן לאַנד פון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי". משה גראָסמאַן שרייבט מיר אַז זישע באַגיש איז אומגעקומען דורך די נאַציס. אַז זיין פרוי סימאַ לעבט און זי געפינט זיך אין אַ פּאַריזער שפּיטאָל. אַז זי ליידט פון דער בלוטפאַרצערנדיקער קראַנקהייט „לוקימיאַ" און אַז זי גלויבט נישט אַז זישע באַגיש איז טויט זי האָפט יעדער רגע אויף זיין צוריקקומען אַ לעבעדיקן און אַ פולן מיט נייע ליטעראַרישע פּלענער... אין משה גראָסמאַנס דערמאָנטן בוך וועגן זיינע איבערלעבנישן אין סאָוועט־רוסלאַנד, האָב איך געלייענט ווי אין איין צייט איז זישע באַגיש געוואָרן אַפילו אַ וויכטיקער באַאַמטער אונטער די סאָ־וועטן, אין ביאַליסטאָק. שפּעטער האָט ער פאַרלוירן זייער גונסט און ער איז אַנטקעגנגעגאַנגען נייע קלעפּ און אומגליקן, אַזוי שוין ביזן סוף פון זיין לעבן אין דער גאַז־קאַמער אין אַשוויענטשים...

איך בין געווען איבעראַשט ווען איך האָב אין איינעם אַ טאָג דער־האַלטן פון סימאַ באַגיש, זישע באַגישס ווייב, פאָלגנדיקן בריוו, וועלכן איך ציטיר דאָ גענוי:

„פּאַריז, 14 יאַנואַר, 1948.

טייערער פריינט טענענבוים,

שוין לאַנג אַז איך וויל אייך שרייבן, אָבער איך האָב נישט אייער אַדרעס. איצט האָט מיר גראָסמאַן צוגעזאָגט צו געבן אייער אַדרעס. פריינט טענענבוים, אפשר וואָלט איר מיר געקענט העלפן צו קריגן באַגישס בי־כער. וואָלט איך מיך באַמיט זיי אַרויסצוגעבן אין אַ נייער אויפלאַגע, סיי אין אידיש, סיי אין העברייאיש. איך טראָג זיך אַלץ אַרום מיט דער האָפ־נונג אַז באַגיש לעבט. און ער וועט נאָך קומען. יאָ, טענענבוים, אין וואָס מען גלויבט שטאַרק, שטאַרק, ווערט פאַרווירקלעכט? יאָ, ס'איז אַזוי? איך בין שוין אַ לענגערע צייט אין פּאַריז, וועלכעס כ'האָב פיינט. איך וועל די צייטן אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל. שרייבט טאַקע אויף דעם אַדרעס. (זי גיט אָן אַן אַדרעס פון תל־אָביב. ש.־ט.) שרייבט, שרייבט, איך בעט אייך: שרייבט. איך בין אַזוי פאַרלאָזן. איך וויל האָבן די אילוזיע אַז עמעצער גע־דענקט מיך נאָך... פאַרבלייבט — סימאַ באַגיש. פּ. ס. — מיין זונדעלע יוסעלע איז זייער אַ געראָטענער. אָבער איך האָב נישט דאָס מוטערלעכע גליק צו זיין מיט אים צוזאַמען. דערווייל איז ער אין פּוילן, ביי באַגישס עלטערן. זייט אַ גוטער, פריינט טענענבוים, און שרייבט אים אַ בריוול. ער וועט זיך זייער פרייען. ער איז דאָך שוין אַ גרויסער. 14 יאָר שוין אַלט. פאַרגעסט נישט צו ענטפערן, סימאַ".

דער דאָזיקער בריוו האָט מיך טיף גערירט. נייך, איך האָב נישט פאַרגעסן צו ענטפערן דער עלנטער סימאַ וואָס ליגט אין רייכן ראָטשילד־שפּיטאָל, אַזאַ אָרעמע, אויסגעטאָן פון רומעניש־אויפרייצנדיקן קלייד וואָס

זי פלעגט טראָגן אין בעלגיע; אויסגעטאָן פון אַלע פריידן פון לעבן; בלויז לעבנדיק מיטן שאָטן פון זישע באַגישן און מיטן געשטאַלט פון איר ייִנגל פון פערצן יאָר וואָס איז אַזוי ווייט... ניין, איך האָב נישט פאַרגעסן צו ענטפערן דער עלנטער סימאַ. אָבער צוליב דעם וואָס איך האָב צו איר געשריבן אויף משה גראָסמאַנס אַדרעס, און דער לעצטער האָט גראָד דעמאָלט באַזוכט אַמעריקע אַלס דעלעגאַט פון דעם אידישן קולטור־קאָנגרעס, האָט זיך מיין בריוו צו סימאַ באַגיש פאַרשפּעטיקט. איז נייטיק צוצוגעבן דאָ פאַרוואָס סימאַ באַגישס בריוו האָט מיך אַזוי טיף גערירט? דער לייענער זעט אַליין אַן אומגליקלעכע פרוי וואָס האָפט נאָך אין איר שטאַרבנדיקן צושטאַנד צו זען איר מאַן אַ לעבעדיקן, כאָטש זי פאַראַט געגנוג סקעפּטיציזם און בעט זיך ממש פאַרצווייפלט אויס אַ טראָפּעלע קאַרגע האָפנונג. און, ווי אַזוי, ליגנדיק אין ראָטשילד־שפּיטאָל אויפן טויטנבעט „באַרימט" זי זיך מיט איר זון, יוסעלע, וואָס איז שוין אַ גרויסער... און איר פּאַטעטישע זי־כערקייט אַז „די טעג" פּאַרט זי אָפּ קיין ארץ־ישראל... און זי שיקט מיר אַ דאָרטיקן אַדרעס... און איר האָפנונג אַרויסצוגעבן איר מאַנס פּאָעזיע אין אַ „נייער אויפלאַגע", אין בײדע שפּראַכן... אָט דאָס אַלץ איז דאָך אַזוי פּאַטעטיש אַז יעדער מין פּירוש איז ממש אַ פאַרשוועכונג.

אין דעם דינעם, געלן ביכל „כינעזיש" האָט זישע באַגיש איבער־געזעצט דעם אימפּעראַטאָר וועין־טו־דעס־וויס ליד „דאָס געוויין פון אַ פרוי". עס פּאַסט זיך וואויל צום טרויער פון סימאַ באַגיש אויף איר אייגענעם מאַנס גורל. פּאָעזיע איז תמיד אמתדיק און אוניווערסאַל און עס דרוקט אויס, אויב נישט אויף אַ דירעקטן שטייגער, דאָס געמיט פון אַן איינזאַמען מענטש אין אַ ווינקל פון אוניווערס...

„דער האַרבסט־ווינט איז אומעטיק און קאַלט.
די געשמיסענע בוימער האָבן פאַרלוירן די בלעטער,
דער טוי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין שניי־פראָסט —
טשאַטעס אומצאָליקע פייגלפליען קיין מערב
און אַן איבערגעפולטער מיט טרויער
טראַכט איך וועגן דיר — מיין ליבער וואַנדערער.
אויף אַלע וועגן וויינט דיין בענקשאַפט.
טאָ פאַרוואָס קערסטו זיך נישט אום צוריק צו דיין הויז?
אָ, פאַרוואָס ביזטו אַזוי ווייט, אַזוי ווייט פון דיין פאַרלאָזענער פרוי?

מיינע טרערן פליסן אומפּילבאַר און באַנעצן
מיין קלייד. איך נעם דעם פידל אין האַנט —
די אָנגעצונדענע סטרונעס
וויברירן מיט קלאָרע טענער
און איך זינג אַן אַריע...

ווען די אַלמנה סימאַ באַגיש וואָלט געשריבן פּאָעזיע אין ראָטשילדס שפּיטאָל, אינם פּאַריז וואָס זי האָט נישט ליב, פּונקט ווי זי האָט אויך נישט ליב געהאַט בעלגיע — ווייל אומעטום האָט זי זיך געפילט אומ־גליקלעך — ווען סימאַ, ווי געזאָגט, וואָלט חשק געהאַט אויסצודריקן אירע געפילן אין פערזן, וואָלט זי דען נויטיק געהאַט צו שרייבן אַן אַנדער ליד ווי דאָס ליד וואָס איר מאַן האָט פאַר איר פּאַרטיקערהייט צוגעגרייט, ווי ער וואָלט געזען זייער ביידנס צוקונפט, און ער האָט עס איבערגעזעצט פון די שורות פון אַ פּאַרצייטישן כינעזישן קייסער? !...

---

דורך דער צייט האָב איך אין ניו־יאָרק געזען דעם שריפטשטעלער מרדכי שטריגלער און ער האָט מיר דערציילט וועגן סימאַ באַגישס טרוי־עריקער לאַגע. זי איז צוריקגעקומען אַ קראַנקע פון אַלע וואַנדערונגען אין רוסלאַנד, אין רומעניע, אין פּוילן, ביי אונמענטשלעכע מלחמה־באַדינגונגען. זי האָט זיך צוריקגעקערט פון די אַלע לעבנס־שלאַכטן און מאַטערנישן — אַ צעבראָכענע אידין, אַ מאַרטירערין פון אַ פּאָעט. זי האָט איצט געהאַט אַ טויטלעכע קראַנקהייט וואָס האָט פּאַרטריבן מענטשן פון איר. מענטשן האָבן זי תמיד אויסגעמיטן. בפרט האָט מען זי אויסגעמיטן איצט.. איך ווייס נישט צו די מוזע שלאָגט זיך אַזוי שטאַרק פאַר אירע פּאָעטן, וועלכע זי אינספּירירט אָדער דיקטירט. אָבער סימאַ האָט פאַר איינעם אַ פּאָעט געשאָנקען איר לעבן, איר יוגנט, איר געזונט, אָפּגעבנדיק אַלץ אויס ליבע צו זישען — כדי אים צו ברענגען אַ שטיקל ברויט, אַ ציגאַרעט; כדי צו פאַרויכערן און פאַר־הילן מיט אַ ביסל פּערלדיק־גרויען רויך זיין אויסגעדאַרט פּנים. יאָ, די פּאַריזער פריינט האָבן פון סימאַן געוווייכט ווי פון אַן עקזאַלטירטער פאַנאַ־טיקערין. מען האָט זי אויסגעמיטן, ווי מען מיידט אויס די כאָלערע. און זי האָט טאַקע איצט די אָפּשרעקנדיקע כאָלערע ווי געטראָגן אין איר אומ־גליקלעכן בלוט...

איך האָב פון סימאַן דערהאַלטן נאָך אַ בריוו:

„פּאַריז, 1 יולי, 1948.

פריינט טענענבוים, ווייזט אויס אַז דער רבונו של עולם האָט טאַקע דערזען אַז כ׳האָב נאָך אַ שליחות מתקן צו זיין — און כאָטש כ׳האָב שוין נישט געהאַט קיין שום האָפנונג אַפילו, בין איך דאָך געבליבן לעבן. שוין עטלעכע יאָר אַז איך קרענק און קען נישט אַרויס פון דער שטאַרקער אַנעמיע וועלכע האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט. נאָר דאָס מאָל האָב איך געמיינט, אַז שוין, איך בין געלעגן אין שפּיטאָל טאַקע ביי ראָטשילדן אַליין, אָן שום האָפנונגען. מען האָט מיר געמאַכט פערצן בלוט־טראַנספוזיעס, ביי אַ דריי הונדערט איינשפּריצונגען פון לעבער און שאַר ירקות און — אומ־זיסט. נאָר די לעצטע דריי וואָכן האָט אָנגעהויבן צו גיין פּלוצלינג בעסער, און מיר וועלן הייסט דאָס אוממיסטן זען וואָס עס וועט זיין ווייטער...

היינט, דעם 1טן יולי, 1948, האָט מיר משה גראָסמאַן אָפּגעגעבן אַ בריוו פון אייך פון „יאַנואַר, 1948". אַבי איך האָב געמיינט אַז איר ווילט נישט שרייבן? — דאַרף מען נישט... ווי איך זע, ווייסט איר גאָרנישט פון באַגיש'ס שעפערישע אַרבעטן. נו, וועל איך זיך אונטערגאַרטלען און זיך באַמיען אייך געבן אַ קליינעם איבערזיכט: אין ברוסעל איז דערשינען אין 1934 פון באַגישן אַ בוך וואָס הייסט „לערנט ליב צו האָבן ס'לעבן"... שפּעטער זיינען מיר אַוועק קיין בוקאַרעשט וואו באַגיש האָט רעדאַגירט דעם ליטעראַרישן זשורנאַל א. נ. „אינדזל". (שפּעטער איז דערזעלבער זשורנאַל דערשינען אויך אין לאָדז, עטלעכע נומערן, און אין ביאַליסטאָק). אין בוקאַרעשט איז אויך דערשינען אַ קליין ביכל איבערדיכטונגען א. נ. „נעגער לידער" און אויך אַ בוך אָריגינעלע דיכטונגען א. נ. „פּאָרטרעטן". שפּעטער איז אין לאָדז דערשינען זיין בוך איבערדיכטונגען א. נ. „כינעזיש". נישט וויכטיק ווי אַזוי עס האָט געהייסן דער נאָמען פון פאַרלאַג. אַלנפאַלס האָב איך געאַקערט מיט דער נאָז די ערד (ניין, עס איז נישט קיין פראַזעאָלאָגיע). דער אמת איז אַז דער פאַרלאַג בין איך געווען. און נישט נאָר פאַרלאַג. איך פלעג מיט אַ געוואַלטיקער באַגייסטערונג אַרומפאָרן איבער בעסאַראַביע בוקאָווינע און רומעניע. שפּעטער אויך אין פּוילן בין איך געווען אין דריי און זעכציק שטעט און שטעטלעך און פאַרשפּרייט סיי דעם זשורנאַל, סיי די ביכער... און איצט — בין איך אַליין — — — און קריינק אונטער. מיטן טויט בין איך „פּאַן בראַט"... דאָך, אַבי עס ווערט מיר נאָר אַ ביסל בעסער, דערפיל איך אין מיר אויפוואַכן אַ טייל פון יענער ענערגיע. און טאָקע צי וואָלט נישט געווען קיין פאַרברעכן אַז באַגיש זאָל סתּם פאַרגעסן ווערן? איך מוז אייך זאָגן און איר מעגט מיר גלויבן אַז די ביכער זיינען נישט דערשינען אין קיין גרויסע אויפלאַגעס. אָבער יעדעס מאָל איידער עס איז דערשינען אַ בוך, האָט באַגיש מיט פייערלעכקייט אָנגעגרייט אַלע אַדרעסן אויף צו צעשיקן. און שפּעטער טאָקע פאַרפּאַקט, גרייט געמאַכט צום אַוועקשיקן. און פאַר אייך, ליבער טענענבוים, איז תּמיד געווען פאַרפּאַקט אַ בוך. נאָר ליידער האָט מען קיינמאָל נישט געהאַט קיין געלט אויף טעמבערס (מאַרקעס). און איך פלעג בחרפּתנו יעדעס מאָל אויפּפּאַקן אַן אַנדער בוך און עס פאַרקויפן ווייל אם תּאמר מה נאכל? איצט האָב איך ביי מיר דאָס בוך „לערנט ליב צו האָבן דאָס לעבן", וואָס איז דערשינען אין ברוסעל. אַלע אַנדערע ביכער האָב איך נישט — אָבער איך האָף און מאַך איצט פאַרבינדונגען און איך גלויב אַז עס וועט מיר געלינגען זיי צו באַקומען. און אַז איך וועל האָבן די ביכער, וועל איך אָפּקלייבן און אַרויסגעבן אַ בוך לידער פון זישע באַגיש. ליבער טענענבוים, איר שרייבט אַז איר האָט בריוו פון באַגישן. איך געדענק נאָך גוט ווי כמעט יעדן טאָג פלעגט באַגיש באַקומען פון אייך פון אַנטווערפּן, בריוו, גרויסע, דיקע בריוו, און באַגיש פלעגט זאָגן: „מיט דער צייט וועלן די בריוו האָבן אַ

גרויסן ווערט"... איך בעט אייך, זייט אַ גוטער, און געפינט אויס די בריוו און שרייבט אָן אַן אַרבעט איבער באַגישן. — — — איך טראָג מיך פון צייט צו צייט אויף פליגל פון אייער פּאָעזיע געשריבן אין פּראָזע, וועל־כע איך לייען און האָב אַ גרויסן גענוס. אַגב וואָלט איך זייער געוואָלט לייענען אייער בוך. יאָ, אין ניו־יאָרק געפינט זיך איצט מיינער אַ גוטער חבר, מרדכי שטריגלער, איינער פון די אידעאַלע מענטשן און אַ גרויסער דיכטער. באַקאַנט זיך מיט אים נענטער, און גיט אים טאַקע אָפּ אַ גרוס און זאָגט אים אַז ער איז מיר שולדיק אַן ענטפער אויף אַ בריוו. פאַר־בלייבט געזונט.

— כ׳בעט אייך ענטפער, נישט אַז איך זאָל דאַרפן וואַרטן אַ יאָר אויף אַ בריוו. אייער — סימאַ באַגיש".

ניין, סימאַ וועט קיין גאַנץ יאָר נישט דאַרפן וואַרטן. זי וועט אַזוי לאַנג נישט לעבן.

איך האָב דעם בריוו פון סימאַ באַגיש דאָ איבערגעגעבן אַזוי ווי זי האָט אים געשריבן. וואָס קען מיין וויניקייט דען מער צוגעבן? מען קען אַוודאי צוגעבן אַ סך. דער בריוו אָבער רעדט פאַר זיך אַליין. ער האָט זיין אייגענעם טראַגישן לשון. אַזוי שרייבט אַ שטאַרבנדיק ווייב פון אַן אומגע־קומענעם אידישן דיכטער, אין איינעם פון יענע זעלטענע מאָמענטן, אפשר נאָך אַ פרישער איינשפּריצונג פון פרעמדן, אומבאַקאַנטן בלוט אין אירע אָדערן, ווען עס איז איר געוואָרן מעגלעך צו האַלטן די פען, מיטן טראָפּן טינט, אין דער האַנט. סימאַ באַגיש האָט געהערט צו יענע גרויסע פרויען־כאַראַקטערן וועלכע זיינען פאַרליבט מיט האַרץ און נשמה אין זייערע מענער־פּאָעטן. און, ווי אַ הייס־פאַרליבטע, פון יענעם טאָג אָן וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט זישע באַגיש, וואָס האָט געגעסן דעם לעקעך ווייל ער איז געווען הונגעריק נאָך אַ שטיקל ברויט, האָט זי זיך געווידמעט צו זיין ווערק. און ביי אידן זיך צו ווידמען צו אַן אָרעמען פּאָעטס ווערק, צו איינעם וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין באַשטימטע איינקונפט און וואָס אָרעמקייט איז איינגעחתמעט אין זיין בלוט, מיינט צו פאַרקויפן אויף דער גאַס זיינע ביכלעך. מיינט אַרומצופאָרן איבער שטעט און לענדער, צו ווערן אויסגע־לאַכט און באַליידיקט, צו פאַרנאַכלעסיקן איר אייגן הויז אַלס ווייב און אַלס צערטלעכע מוטער. עס מיינט פּשוט זיך מקריב צו זיין פאַרן וואָרט פון אין מאַן, פאַרן אידישן וואָרט. אָן סימאַ באַגיש וואָלט קיין פּאָעט זישע באַגיש נישט עקזיסטירט. זיינע דינע און אידעלע לידער־ביכלעך וואָלטן קיינמאָל נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן. זיי וואָלטן אַוודאי נישט פאַרשפּרייט געוואָרן איבער רומעניע, בוקאָווינע, גאַליציע, פּוילן און בעלגיע. איך געדענק נאָך ווי סימאַ באַגיש פלעגט אין די קאַלטע טעג פון מיטנווינטער, אין אַנטוועפּן, שטיין אויף דער פּעליקאַנגאַס, פאַר דעם אַריינגאַנג פון דער דיאַמאַנט־בערזע און האָט אָפּגעשטעלט רייכע אידישע דיאַמאַנטערן

זיי זאָלן קויפן זישע באַגישס בראָשירט ביכל. אוודאי זיינען אידן די גרעסטע סוחרים פון איידלשטיינער און גאָלד. אָבער דאָס גאָלד און איידלשטיין פון באַגישס ליד איז געווען אַ קנאַפּע מציאה. מען פלעגט סימאַ באַגיש אַ סך באַרעדן, זיך בייזערן אויף איר פאַרוואָס זי „באַלעסטיקט" אידן מיט זישע באַגישס לידער. ווער האָט זיך דעמאָלט געקענט פאָרשטעלן אַז עס גייט אַזאַ מוראדיקע קאַטאַסטראָפע אויפן גאַנצן אייראָפּייאישן אידענטום? מען האָט זיך נאָר געזאָרגט וועגן איינעם אַ אידישן, הונגעריקן פּאָעטס ווייב וואָס באַאומרואיקט די פאַרבייגייערס אויף דער רייכער גאַס מיט איר מאַנס פּאָעזיע...

דערציילט מיר אַן אַנטווערפּענער תושב, דער זשורנאַליסט י. יערו־זאַלימסקי, ווי אַזוי איינמאָל, אין אַ פריען באַגינען, האָט ער געהערט אַ יאָמערנדיקן אויסבראָך פון געוויין פון אַ פרוי ערגעץ אַרום זיין הויז. ער גייט אַראָפּ און ער זעט ווי אונטן, אויף די טרעפּ, זיצט סימאַ באַגיש אַן איינגעקנאָדערטע אין זיך און זי וויינט ביטער. זי זאָגט אַז זישע באַגיש איז הונגעריק און ער האָט שוין זיבן עטלעכע טעג נישט איבערגעביסן...

דער כוח פון דער דאָזיקער פרוי, ווי איך האָב זי געקענט, איז גאָר־נישט מעגלעך צו באַשרייבן. עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט גענומען אַ פרייוויליקע שטראָף אויף זיך. זי איז גיכער געווען ווי אַן אויסגעטראַכטער פרויענכאַראַק־טער אין אַ גרויסער נאָוועלע וואָס פּרואווט שילדערן מענטשלעכע יסורים און העלדישקייט. ווי בלאָס און קינסטלעך זיינען געווען זישע באַגישס אָפּטמאָל אומבאַהאָלפענע לידער אין פאַרגלייך צום געשטאַלט און ווייטיקלעכן אמת פון דאָזיקן עקשנותדיקן ווייב!

זישע באַגיש, ווייזט אויס, האָט זיך גענויטיקט אין דער הילף, אין קוראַזש, אין דער ענערגיע פון זיין ווייב. און ווען די ביטערע אומשטענדן אין וועלכע עס איז אויסגעקומען צו לעבן די אידן אין אייראָפּאַ אונטער היטלערן, האָבן אָפּגעשיידט זישע באַגישן פון זיין העלדישער פרוי, איז ער טאַקע געפאַלן. פאַרלירנדיק זיין פרוי, וואָס איז תמיד געשטאַנען ביי זיין זייט ווי דער סאַמע געטרייעסטער מענטש אין דער וועלט, האָט ער פאַרלוירן דעם מוט צום לעבן. דער כוח וואָס האָט אים דורך די אַלע ביטערע יאָרן געשטאַרקט און געהאָלפן, איז נישט מער געווען ביי זיין זייט. די זון פון זיין לעבן איז פאַר אים איצט אונטערגעגאַנגען...

---

אין איינעם אַ טאָג פון יאָר 1949 דערזע איך אין אידישן „קעמפער" פון פערטן פעברואר, אַן עסיי פון דעם דיכטער יעקב גלאַטשטיין אונטערן טיטול „דער קדוש — זישאַ באַגיש". איך בין ממש אויפגעציטערט געוואָרן. עס איז געווען אַ טאָג פון גרויסן שניי, ווי פוילנס געדיכטער שניי וואָלט געהאַט געפאַלן איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק. איך האָב געקויפט דעם נומער פון „אידישן קעמפער" און ביים ראָג פון דער גאַס, אין שניי און

ווינט, האָב איך גיך איבערגעלייענט די עסיי. ביים סוף ציטירט יעקב גלאַטשטיין אַ פּאַסאַזש פון רפאל רייזנערס בוך „דער אומקום פון ביאַליס־טאָקער אידענטום״:

„אויף זייט 271 פון דעם דאָזיקן אומפּאַרגעסלעכן בוך געפינען מיר עט־לעכע שורות וועגן זישע באַגישעס לעצטע שעהן פון זיין לעבן, אין דעם „די־פּי״־לאַגער נישט ווייט פון די גאַז־אויוונס אין בירקענאַו. ס׳איז כּדאַי איבערצוגעבן וואָרט פאַר וואָרט די שילדערונג וועגן אַ נשמה, וואָס איז אַרויף צו די העכסטע הויכן:

„דער ביאַליסטאָקער ייִנגערמאַן סאָקאָלאָוויטש, וועלכער האָט געזאָלט אָפּגעפירט ווערן אין גאַז־קאַמער, איז אַרומגעלאָפן ווי אַ משוגענער הין און צוריק איבערן באַראַק. דער באַקאַנטער ביאַליסטאָקער שרייבער זישע באַגיש, דערזעענדיק סאָקאָלאָוויטשן אין אַזאַ מצב, האָט אים צוגערופן צו זיך און מיט טרערן און די אויגן געזאָגט: „דו ביסט נאָך יונג און גע־זינטער פון מיר. איך בין שוין שוואַך און וועל דעם גהינום מן־הסתם נישט אויסהאַלטן. וועל איך דיר געבן אַ מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען. איך וועל מיט אַ פרייערן געמיט גיין אַנשטאָט דיר אין גאַז־קאַמער אין דעם באַוואוסט־זיין אַז דורך מיין קרבן ראַטעווע איך אַ צווייטן איד״. סאָקאָלאָוויטש האָט באַגישן קיין תשובה נישט געגעבן און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַוועק אויף זיין נאַרע.

„ביינאַכט, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויספירן פון בלאָק די קרבנות וואָס דאַרפן גיין צו פאַרגאַזונג, גייט צו באַגיש צו סאָקאָלאָוויטשן, געזעגנט זיך מיט אים, ווינטשט אים צו דערלעבן די באַפרייאונג — און גייט אַוועק מיט דער גרופּע.

„באַגישס ברכה איז טאַקע מקויים געוואָרן. סאָקאָלאָוויטש געפינט זיך היינט צווישן די לעבעדיקע״.

דאָס איז געווען אין יאָר 1944, ווען הונדערטער טויזנטער אידישע לעבנס זיינען אַרויף ווי מאָנענדיקע רויכן צו די הימלען. צווישן די רויכן האָט זיך געהויבן דאָס לעבן פון אַ מיד־געוואָרענעם פּאָעט און זיין רויך האָט גע־קרויזט אַרויף מיט אַלע קדושים „העכער, אויב נישט נאָך העכער״.

איך האָב אַדורכגעלייענט גלאַטשטיינס אָפּהאַנדלונג; געלייענט דעם סוף וועגן זישע באַגישס העלדישן אומקום. איך בין געגאַנגען דורך שנייאיקע גאַסן און פאַר זיך אַליין איבערגעחזרט די פערזן פון די כינעזישע דיכטער, וואָס באַגיש האָט אַזוי איידל איבערגעפערלט אויפן אידישן לשון. וואָס פאַר אַ פאַרגלייך צווישן זייערע דעליקאַטע שורות, ווי געשריבן מיט בלאַסע לבנה־שטראַלן אויף אָפּגרונטן פון טיפע וואַסערן, און דעם טויט פון אַ אידישן דיכטער, דעם „זעלבסטמאָרד״ פון אַ שרייבער וואָס טראָגט צו גאָט אויף אַ פליגל פון זיין אָפּגעזענקטער נשמה, ווי אַ שטורקאַץ, דאָס לעבן, דאָס אָפּגעראַטעוועטע לעבן פון אַ איד, ווי אַ גרויסן בריליאַנט... וואָס פאַר

אַן אָרעמער פֿאַרגלייך צווישן לי־טאַי־פּאָס שטאַרבן, בשעת ער האָט אַ שיכורער זיך אַריבערגעבויגן איבער זיין שיפּל און „דווקא געוואָלט אַ קוש טאָן די אָפּשפּיגלונג פֿון דער לבנה אין וואַסער", און זישע באַגישס סוף, וואָס האָט אין דער סאַמע לעצטער אוממעכטיקייט פֿון שטאַרבן געשריבן דאָס שטאַרקסטע ליד אונטער הימל און ערד — ראַטעווענדיק אַ אידיש לעבן...

איך בין לאַנג געגאַנגען מיטן זשורנאַל אין דער האַנט דורך די ניו־יאָרקישע פֿאַרשנייעטע גאַסן. איך בין געגאַנגען אין שניי און אין טרערן. איך האָב גאָרנישט געקענט אויפֿהערן צו גיין אין דער דאָזיקער ווייסטער, תוהו ובוהודיקער נאַכט. אַ ביסל ווייטער פֿון מיר האָב איך געזען גיין אַ קרעכצנדיקן דעם הונגעריקן און אויסגעדאַרטן זישע באַגיש מיט טרערן־פֿאַרגאָסענע אויגן, מיט אַש־פֿאַרברענטע ביינער, מיט אַ האַרץ וואָס איז פֿאַרשרפֿהט געוואָרן אין די פֿלאַמען פֿון בירקענאַו. איך האָב חשק געהאַט צוצוגיין צו אים און צו קושן זיין פֿאַרברענטן שטערן...

---

עטלעכע טעג נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט פֿאַרענדיקט מיין באַשריי־בונג וועגן דעם קדוש־פּאָעט זישאַ באַגיש, זיץ איך איין מאָל אין דער רעסטאָראַציע „טריאַנאָן", אַרום די ניינציקער גאַסן און בראָדוויי, וואָס איז צו יענער צייט באַזוכט געוואָרן פֿון דער אידיש־אייראָפּעאישער אינטעלי־גענץ, וואָס זיינען ניצול געוואָרן פֿונם גרויסן פֿייער. נעבן מיר איז געזעסן איינער אַ איד, אין וועמענס אומעטיקן פּנים און טרויעריקע אויגן איך האָב דערקענט אַ פּליטכלינג. איך האָב זיך מיט אים פֿאַנאַנדערגערעדט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער איד איז געווען פֿון דער שטאָט ביאַליסטאָק. ער האָט געהייסן קלמן זיבערסקי.

— פֿון ביאַליסטאָק האָב איך געקענט איינעם אַ דיכטער, אַ געוויסן זישע באַגיש. — האָב איך זיך אָפּגערופֿן.

— זישע באַגיש האָט ביי מיר געוואוינט מיט זיין פֿרוי און זון איבער אַ יאָר צייט. — האָט דער איד געזאָגט.

קלמן זיבערסקי האָט מיר דערציילט פֿון זיין לעבן. ווי אַזוי צום ערשט איז געקומען זיין פֿרוי סימאַ כדי צו זוכן אַ וואוינונג. שפּעטער איז נאָכ־געקומען באַגיש אַליין מיטן קינד. באַגיש האָט אין ביאַליסטאָק אַרויסגע־געבן דעם זשורנאַל „דער אינדזל". עס האָט זיך דאָ איבערגעחזרט די וואויל־באַקאַנטע געשיכטע: הונגער, נויט, אָרעמקייט. מען האָט טאָג און נאַכט געזוכט צו באָרגן געלט און צו באַוועגן גוטע מענטשן עפּעס צו טאָן פֿאַר דער אידישער קולטור. צום ערשט האָט ק. זיבערסקי זיך נאָך נאַריש געמאַכט און געפּרואווט מאָנען ביי זיי דאָס דירה־געלט. שפּעטער אָבער האָט ער זיי נאָך צוגעבאָרגט... זיי זיינען געוואָרן שטענדיקע אורחים ביי זיין טיש און מאַלצייטן. דאָס ווייב זיינס האָט געקאָכט און געניאַנטשעט

דאָס קינד. באַגיש האָט אַ סך געראָוויכערט און פּראָפּאַגאַנדירט פאַר זיין זשורנאַל. סימאַ איז אַרומגעלאָפן איבער שכנותדיקע שטעטלעך מיט איר מאַנס בראַשירטע ביכלעך, מיט „כינעזיש" און „לערנט ליב צו האָבן דאָס לעבן". עס איז שווער געווען אין אַזאַ צייט, ווען היטלער איז באַפאַלן פּוילן און געשפּרייט חורבן און טויט, צו לערנען אידן ווי אַזוי ליב צו האָבן דאָס לעבן...

זישע באַגישן איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן אַ גאַנץ לאַנגע צייט פון די פאַרשידענע אַקציעס אין שטאָט. לויט קלמן זיבערסקין איז ער אַריינגעפאַלן צו די נאַציס אונטער מיסטעריעזע אומשטענדן. דער דיכטער, צו וועמען סימאַ איז געווען אייגנטלעך אַ מוטער, האָט זיך פאַרליבט אין אַ יינגער פרוי, ביי וועמען ער זאָל האָבן געוואוינט און יעדן טאָג האָט ער צו איר אין הויז אַריין געבראַכט אַ בוקעט מיט פרישע קוויאַטן, וואָס ער פלעגט גנבענען אין אַ גאָרטן. ער פלעגט זיצן אין באַהעלטעניש ביי דער פרוי און איר ווידמען ליבע־לידער, וועמענס אותיות זיינען נאָך געווען נאַס פון טינט. איין מאָל, נאָך אַן אַקציע, ווען ער איז אַהיימגעקומען מיט אַ בוקעט רויטע קוויאַטן אין דער האַנט און מיט אַ פריש ליד אין האַרצן, און ער האָט די זעלטן שיינע פרוי נישט מער געטראָפן אין הויז, איז ער געוואָרן שטאַרק פאַרצווייפלט, ווייל שכנים האָבן אים געזאָגט, אַז די געשטאַפּאָ־לייט האָבן איר אַרעסטירט. זישע באַגיש האָט קיין סך נישט געטראַכט און ער איז אַוועק זיך איבערצוגעבן פרייוויליק צו דער עס־עס־קאָמאַנדע, כדי צו טיילן זיין געליבטערס גורל...

אָבער דער גורל האָט דווקא געוואָלט, אַז זיין העלדישקייט זאָל זיין אַן אומזיסטיקע: שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין געליבטע איז נישט אַריינגעפאַלן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער...

זישע באַגיש, דער פאַרכישופטער פונם אידעלן ליד און פון דער שיינער פרוי, איז אָבער שוין דאָרט פאַרבליבן. עס לאָזט זיך משער זיין, אַז זיין פרייוויליק גיין צום גאַז־קאַמער, ראַטעווענדיק דאָס לעבן פון אַ איד, איז געווען אַ רעזולטאַט פון זיין אומגעהויערער פאַרצווייפלונג, פון זיין בענקשאַפט נאָך דער געליבטער. עס איז געווען אַ פאָרם פון זעלבסט־מאָרד...

זישע באַגיש איז געשטאָרבן אַ פאַרליבטער. לי־טאַי־פּאָ, זיין כינעזישער קאָלעגע, האָט זיך אין איינער אַ לבנהדיקער נאַכט, אַ שיכורער, אַריבערגעבויגן איבערן ראַנד פון זיין שיפל כדי צו גרייפן אין זיינע אָרעמס די לבנה אין די טיפענישן פון וואַסער... און ער איז דערטרונקען געוואָרן אין די כוואַליעס פון טייך, בענקענדיק נאָך זיין געליבטן הימלאַנד. זישע באַגיש, זיין אידישער איבערזעצער, איז געגאַנגען אין נאַצישן גאַז־קאַמער, ווייל ער האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן די יסורים פון ליבע אין זיין האַרצן...

עס איז גוט וואָס מען קען אונטער אַזאַ ברוטאַלער, נאַציסטישער הערשאַפט נאָך שטאַרבן אַ שיכורער, אַ ראָמאַנטישער, זיך טראָגנדיק אַ צעפלאַמטער פון גאַז־קאַמער און פון קרעמאַטאָריום, מיט אַ ליד צו דער אויסגעוויילטער געליבטער פרוי אינם אויף אַש פאַרברענטן האַרצן...

---

אין איינעם פון זישע באַגישס איבערגעזעצטע לידער פון כינעזיש זינגט דער קייסער טסיען־ווען־טי אין זיין ליד „אַ ווינטער־נאַכט":

„מיין בעט איז ליידיק און וואַך איז מיין שלאָף,
ס'איז קאַלט, אַ טריבער נאַכט־ווינט בלאָזט.
אָ, ווען ס'וואָלטן די פאָרהאַנגען כוואַליעס געוועז,
וואָלט איך אויף זיי צו דיר זיך געלאָזט"...

ניין, נישט אויף כוואַליעס פון פאָרהאַנגען, נייערט אַ פאַרברענטער אין נאַצישן גאַז־קאַמער האָט זישע באַגיש זיך געלאָזט אין הימל נאָך זיין געליבטער...

לויט דער דאַטע פון „לעקסיקאָן וועגן דער אידישער ליטעראַטור", איז זישע באַגיש געשטאָרבן דעם 20טן יאַנואַר, 1944.

און סימאַ באַגיש, ווי שוין באַשריבן, געטריי צו איר מאַן־פּאָעט מיט דער גרויסער, קלאַסישער געטריישאַפט, וואָס דערמאָנט אין דער גריכישער לעגענדע וועגן הערא און לעאַנדער, ליגט אין ראָטשילד־שפּיטאָל, קריגט אַלע טאָג נייע בלוט־טראַנספוזיעס, לויכט אויף מיט פרישע ענערגיע־שטראַמען, לייענט די לידער פון זישע באַגיש'ס „לערנט ליב צו האָבן דאָס לעבן", דאָס איינציקע ביכעלע מיט פּאָעזיע וואָס זי באַזיצט. זי חלומט, טראָץ אַזאַ מוראדיקן חורבן, אַז איר מאַן לעבט ערגעץ־וואו אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין דייטשלאַנד, און אַז אין איינעם אַ שטראַלנדיקן טאָג וועט ער זיך צוריקקערן צו איר. ער וועט צוקומען אַזאַ בלייכער און פאַרמאַטערטער צו איר בעט און ער וועט זיצן נעבן איר שטילערהייט, שווייגנדיקערהייט, ביז אין באַגינען, ביז אין פערלדיק־גרויען באַגינען, ווען דאָס נאָך קליינע יינגל וועט דערוואַכן אין וויגל מיט אַ קינדערישן געוויין. ער וועט קומען אין אַ טאָג, זישע באַגיש, פון וואו עס זאָל נישט זיין, צי אַן ערדיש־פאַרשטויבטער פון זיין „שטויביקן וואַנדל", צי אַ צעלויכטענער פון זיינע הימלישע רייזעס מיט מאַסן פאַרפלאַמטע, אידישע נשמות, און ער וועט דאָ זיצן שטילערהייט, שטילערהייט, און ער וועט וואויל פאַרשטיין וויפיל יסורים סימאַ האָט אַדורכגעליטן דורך דער צייט; וויפיל זי האָט נאָך אים אויסגעבענקט; וויפיל זי האָט פון אים אויסגערעדט; וויפיל זי האָט אויסגעוויינט דורך די לאַנגע, פינצטערע נעכט. און באַגיש וועט זיך שטיל איינבויגן איבער איר, ער וועט אויף איר אויסגעצערטן האַלדז אָנטאָן אַ בלייך שנירל מיט לויטערע פערל און ער וועט זי ציטערנדיק קושן, קושן קושן...

מיט אַ צייט שפּעטער, איך האָב לידער נישט פאַרצייכנט דעם גענויען דאַטום, האָב איך אין אַן אָוונט גענומען לייענען די פאַריזער בונדישע צייטונג „אונדזער שטימע". אין איינע פון די נומערן איז אויף דער לעצטער זייט, אין פּעטיטנער שריפט, געווען פאָלגענדיקע ידיעה: „אין ראָטשילד־שפּיטאָל איז געשטאָרבן נאָך אַ לענגערער קראַנקהייט סימאַ באַגיש, די פרוי פון דיכטער זישע באַגיש". —

איך בין געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענער. עפּעס האָט זיך אָפּגעריסן ביי מיר אין האַרצן. אין דעם מאָמענט איז אין מיר וואַך געוואָרן דער געדאַנק אַז איך טראָג פון איצט אָן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף זיך פון סימאַ באַגיש'ס לעצטן ווילן: אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג פון זישע באַגישס דינע לידער־ביכלעך. נישט צופעליק האָט זי אין איר בריוו מיר אָנגעטרויט דעם הייליקן פּלאַן. באַדאַרף נישט יעדער איינציקער אידישער שרייבער טאָן עפּעס ממשותדיקס פאַר זיינס אַן אמגעבראַכטן קאָלעגע? צוזאַמען מיט דער געוויינלעכער זאָרג פאַר זיינע אייגענע ווערק, באַדאַרף ער זען אַרויס־צוגעבן כאָטש איין בוך פון אַן אומגעקומענעם אידישן שרייבער. איך האָב געקענט אינטים זישע באַגישן. דער חוב ליגט איצט אויף מיר מיט דער גאַנצער טראַגישער ערנסטקייט. אין די נעכט קומט צו מיר זישע באַגיש אַן אַדורכגעברענטער ביזן ביין, און ער מאָנט ביי מיר זיין בוך מיט געזאַמלטע לידער. און סימאַ באַגיש מיט איר קראַנקן בלוט און קאַלך־בלייכן פּנים מאָנט איר מאַנס בוך... און, מיין אייגן געוויסן מאָנט עס ביי מיר נאָך שטאַרקער פון זייביידן...

---

## גאָט אַליין וועט צייכענען זיין פּנים

### (הענעך גליצענשטיין)

עס איז געווען דאָס יאָר 1941. איינמאָל, ערב אַ פריייטיק צונאַכטס, ווען מיין מוטער האָט אָנגעצונדן חלבדיקע ליכט אין די שלאַנקע, זילבערנע לייכטער, איז הענעך גליצענשטיין געקומען צו אונדז, אין דער אַרעמער וואוינונג אויף ברוק עווענױ, אין די בראָנקס. געוויינלעך פלעגט ער מיר דיקטירן עטלעכע שעה צייט פאַר מיין געפלאַנעוועטן בוך וועגן זיין גרויסן, שעפערישן לעבן. עס איז געווען הערבסטיק־אומעטיק און קאַלט אין בראָנקסער דרויסן. אַ שטאַרקער ווינט האָט געיאָגט די געלע בלעטער אויף די גאַסן ווי מאַסקעס פון פאַרפאָלגטע מענטשן. גליצענשטיין האָט מיט שווערקייטן געפּרוּווט אַראָפּציען זיינע ענגע קאַלאָשן. איך האָב זיך איינגעבויגן צו זיינע געשוואָלענע פיס כדי אים צו העלפן זיי אַראָפּצוציען. אָבער ער האָט מיך נישט געלאָזן אים באַדינען.

שפּעטער שטייט ער אין דער קיך, אַן איינגעהילטער אין ליכט פון די אָנגעצונדענע לייכטער. ער שטראַלט אויף העלער, גאָלדיקער און יום־

טובדיקער, אַזוי ווי אַ געשטאַלט אין רעמבראַנדט'ס פּאָרטרעט פון אַ רבֿ, וואָס איז אַרומגענומען מיט אַ הימלישן, נשמה יתרהדיקן ליכט. מיין מאַמע שמייכלט צום באַרימטן סקולפּטאָר מיט אַ שבת'דיקן שמייכל. גליצענשטיין האָט ליב געהאַט פייערלעכקייט און יום־טובדיקייט אויפן שטייגער פון פּרץ, ווען ער האָט פאַרערט און אָפּט געדעדט וועגן אים. אויף זיינע ליפּן גלאַנצט די פייכטקייט פון ווייַן, מיט וואָס די מאַמע האָט אים ערשט מכבד געווען. ער האָט אויך געלויבט די פריש־אָפּגעקאָכטע פיש, וועלכע האָבן פאַרשמעקט די שטוב.

אין זילבערנער לייכטער אויפן טיש איז געווען אַ ביסל איינגעבראָכן. גליצענשטיין האָט מיך פריינטלעך אויסגעמוסרט פאַרן נישט פאַרריכטן דעם לייכטער. ער האָט דאָך ליב געהאַט גאַנצקייט און שלימותדיקייט. ער האָט שטאַרק נישט געליטן און, ער פלעגט תמיד רעדן מיט צאָרן וועגן דעם: פאַרוואָס מען דערלויבט זיך ביי אידן, צוליב רעליגיעזע טעמים, אָפּצוקראַצן די נאָז פון אַ לייב, צו פאַרקריפּלען אַ קונסטווערק. ער האָט דאָס ממש באַטראַכט ווי אַ פערזענלעכע עוולה, וואָס עס איז צו אים אָפּגעטאָן געוואָרן.

די טיר פון טואַלעט־צימער אין דער קיך איז געווען אַ ביסל אָפן אַנטקעגן דעם שבתדיקן ליכט פון די לייכטער. גליצענשטיין בעט מיך שטילערהייט צו פאַרמאַכן די טיר. עס איז דאָך אַ פאַרשוועכונג פון דער הייליקייט פון שבת. וואָס שייך דער געטלעכער הייליקייט פון שבת האָבן צוויי מענטשן פולשטענדיק איינגעשטימט: מיין גאָטזעליקע מאַמע, די ערלעכע און פרומע פרוי, און העגעך גליצענשטיין, דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער איד, מיט אַ באַרג אידישער און היסטאָרישער טראַדיציע אויף זיינע פּלייצעס.

גליצענשטיין האָט פיינט געהאַט האַלבע אַרבעט. עס פלעגט טרעפן אַז ווען איך פלעג אַמאָל אָפּוואַשן ביי אונדז אין דער קיך דאָס געשיר און עס לאָזן ליגן נאַסערהייט, פלעגט דער קינסטלער פּראָטעסטירן און זיך בייזערן אויף מיר פאַר וואָס איך וויש עס נישט אָפּ און איך לעג דאָס נישט אַוועק אויף די געהעריקע פּלעצער, וואו עס איז נויטיק. ער האָט פיינט געהאַט נאַכלאַזיקייט. ער האָט פאַראַכט האַלב־אָפּגעטוענע אַרבעט און נישט פאַרענדיקטקייט. אַלץ האָט געמוזט און געדאַרפט געטאָן ווערן גרינטלעך און מיט אמתדיקע ליבשאַפט.

גליצענשטיין קען זיך נישט לייכט אָפּרייסן פון אונדז. ער געזעגנט זיך האַרציק מיט מיין מוטער. ער נעמט זי אַרום מיט פאָטערלעכער צערטלעכקייט. ער איז דער איינציקער מאַנספּאַרשוין, נאָכן טויט פון מיין טאַטן, דעם געזעצלעכן מאַן אירן, וועמען זי דערלויבט איר אַ קוש צו טאָן. ווען ער גייט אַרויס פון שטוב, טראָגט ער מיט וואַרעמע שטראָמען ליכט, שטראָמען מיט הייליקן שבת און יום־טובדיקייט, אויף זיין וועג אַהיים.

ער לאָזט איבער ביי אונדז אַנגענעמע אימפּרעסיעס פון אַ גייסטיקן אַריס־טאָקראַט, אַן אמתן אַדעלמאַן.

גליצענשטיין האָט תמיד געלעבט מיט לויטער פייערלעכקייט, אין אייביקן עקסטאַז פון שאַפן. ער איז יעדער רגע פון זיין לעבן געווען שעפער און פערזענלעכקייט. —

ווען איך בין איינמאָל אין אָוונט אַהיימגעקומען פון שטאָט, באַגעגנט מיך מיין מאַמע מיט פחד און אירע אויגן. זי זאָגט:

— שיע, עס איז דאָ געווען עפּעס אַ מאָדנער, אַלטער מאַן, אַוודאי אַ משוגענער. וואָרים ער האָט די גאַנצע צייט אַריינגעקוקט אין שפּיגל אויף זיך אַליין. ער האָט ווי אָפּגעציילט די האָר פון זיין באָרד.

— איז דאָס אַלץ וואָס ער האָט דאָ געטאָן, מאַמע? — פרעג איך איר.

— דאָס אַלץ. ער האָט עפּעס אויך מיט אַ שרייב־פּענדל געצייכנט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר.

יאָ, דאָס איז געווען הענעך גליצענשטיין. קומענדיק, ווי עס איז געווען זיין טבע, אָן אַ פריערדיקן טעלעפאָן־רוף — מיר דאַכט זיך אַגב אַז מיר האָבן אין שטוב נישט געהאַט קיין טעלעפאָן — האָט גליצענשטיין גראָד מיך נישט געטראָפן. ער האָט דעריבער אויס לאַנגווייליקייט זיך אַליין געצייכנט. מיין מאַמע, נישט האָבנדיק ביז דעמאָלט נאָך געזען קיין קינסט־לער, האָט בשום אופן נישט געקענט ראַציאָנאַל אויסטייטשן די מערק־ווירדיקע און ביזאַרע סצענע: איינער אַ זקן זיצט איינגעבויגן ביים פאַרזשאַווערטן שפּיגל, וואָס איז איינגעראָמט אין דער טיר פון אַ צע־בראָכענעם שענקל, און ער צייכנט די גרימאַסן פון זיין אייגן פּנים. ער באַטראַכט פון דער נאָענט די שטריכן פון זיין שוין פאַרוויאַנעטער הויט. ער עפנט דאָס מויל און ער קוקט אָן זיינע געלע ציין. ער אָבסערווירט יעדעס איינציקע הערעלע פון זיין באָרד און קאָפּירט זיין גאַנץ אויסזען, אַפילו זיין געמיט.

אין שטוב זיינען טאַקע געלעגן אויף אַ טאַבורעטקע עטלעכע נאָרוואָס געצייכנטע זעלבסטפּאָרטרעטן. אַגב גרויסאַרטיקע ווערק, אין זשאַנער פון די גרויסע מייסטער, ווי טינטאָרעטאָ, דאַ ווינטשי אָדער רעמבראַנדט. אָנ־געטאָן אין שטראַלן פון גייסט קוקט אַרויס פון דער צייכנונג דעם מענטשנס עלנט און פאַרחושכט פּנים. עס לויכטן די שטערבלעכע אויגן פון אַן אומשטערבלעכן קינסטלער. —

ווען הענעך גליצענשטיינען פלעגט געפעלן אַ מענטש אַלס מאָדעל, האָט שוין דער לעצטער פאַר אים געמוזט פּאָזירן. ער האָט, צום ביישפּיל, זייער שטאַרק געלויבט מיין מאַמעס געשניצטן פּנים מיט דער זיידענער הויט און פרומען שמייכל; יענע שטריכן פון יסורים, פון אַ ביטערן לעבן, פון חכמה און דערפאַרונג וואָס פינקלען אין די אויגן און וואָס קרוינט די אומעטיקע עלטער; די טיפע אידלקייט וואָס האָט געשטראַלט פון איר

נשמה; די שטילקייט און די צניעותדיקייט פון איר נאָבל געשטאַלט. מיין מאַמע איז צום ערשטן מאָל אין איר לאַנגן לעבן, אויף דער סאַמע עלטער, געפעלן געוואָרן אַ באַדייטנדיקן מענטש, אַ קינסטלער. ער האָט דערזען איר מענטשלעכע גרויסקייט, איר טיפע הומאַנישקייט, די סומע פון גאָר אירע יסורים אין לעבן. און, ממש מיט געוואַלט האָט ער זי געצוואונגען פאַר אים צו פאָזירן. די אַלטע פרוי האָט דאָך אין איר האַרצן, ווי יעדער פרומער איד, געטראָגן אַ ווידערגעפיל צום מין צייכענען, צו לאָזן מאָלן דאָס מענטשלעכע פנים. זי האָט פון קינדהייט אָן פיינט געהאַט געצנדינעריי. ווי אידל זי איז תמיד געווען און אינגאַנצן פריי פון יעדער סאָרט ציניזם, חלילה קיינמאָל נישט אָפּלאַכנדיק פון קיין שום מענטש, אַפילו נישט פון קיין חיה, אַ שטייגער אַ הונט אָדער אַ קאַץ; קיינמאָל נישט באַגייענדיק די מינדסטע קריוודע אַנטקעגן דעם קלענסטן מין פון גאָטס באַשעפענישן; האָט זי אָבער פון די קריסטלעכע „יויזלעך" יאָ אָפּגעלאַכט. זי, אַ דורכאויס טיף־רעליגיעזע נאַטור, האָט נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי שכלדיקע מענטשן זיינען אימשטאַנד צו דינען, צו קניען און תפילה צו טאָן צו געצן פון האָלץ אָדער פון שטיין, וועלכע שטערבלעכע מענטשן האָבן מיט זייערע אייגענע הענט געשניצט און געהאַמערט.

צו לאָזן עמעצן צייכענען איר פנים און געשטאַלט איז פאַר דער מאַמען געווען אַ גרויסע, אפשר די סאַמע מוראדיקסטע זינד. איך געדענק נאָך ווי די מאַמע האָט געליטן ווען דער טאַטע האָט איר איינמאָל געפירט צום פאָטאָ־גראַפיסט, אין שטעטל, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מיינע ברידער אין אַמעריקע האָבן אין זייערע ערשטע בריוו געבעטן אַ פאָטאָגראַפיע פון די עלטערן. די מאַמע איז אין דעם מאָמענט געווען דער סאַמע אומגליקלעכסטער מענטש אויף דער גאַנצער וועלט, שטייענדיק אַ טיף־געפאַלענע און אומבאַהאָלפענע פאַרן פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט. זי איז טאַקע אויף די בילדער דעמאָלט אַרויסגעקומען אַזאַ דערשראָקענע און אומגליקלעכע.

אָבער איצט איז די מאַמע לאַנגע שעהן געזעסן אַ באַצוואונגענע אויף דער שטול. גליצענשטיין האָט איר ממש מיט געוואַלט געצוואונגען צו זיצן אַזאַ מענטשלעך־געפאַלענע און צו פאָזירן פאַר אים. וואָרים פונקט אַזוי אידל און מענטשלעך ווי גליצענשטיין האָט געקענט זיין אין לעבן צו מענטשן, איז ער אויך צייטנווייז געווען ברוטאַל און טיראַניש. ווען עס האָט זיך נאָר געהאַנדלט וועגן שאַפן, וועגן פאָזירן און קונסט, און איבער־הויפּט וועגן ז י י נ ע ווערק, האָט ער שיעור נישט געקענט זיין אַכזריותדיק. דער טיראַניזירטער מאָדעל האָט זיך אַפילו נישט געטאָרט באַוועגן. ער האָט נישט געטאָרט אויסדריקן זיין נאַטירלעכע נערוועזקייט און אומבאַקוועמלע־כקייט. דער סקולפּטאָר האָט פשוט מיט טעראָר פאַראַליזירט זיין אומבאַ־האָלפענעם מאָדעל. איצט איז ער געווען אַ דעמאָן וואָס האָט באַהערשט

זיין „קרבן" מיט אַן איבעמענטשלעכער קראַפט. זיינע אויגן האָבן דורכ־געבליצט עלעקטריש דורכן נישטיקן קרבנס פלייש און סקעלעט. דער קינ־סטלער האָט אינסטינקטיוו דעמאַנסטרירט און אויסגעדריקט זיין אייגנטלעכע פילאָזאָפיע, זיין אַני מאַמין: אַז קונסט איז די סאַמע וויכטיקסטע זאַך אין דער וועלט און דער שטערבלעכער מענטש דאַרף דינען דעם קינסטלער. אָבער אַזוי האַנדלען דאַך אויך אַלע פאַנאַטישע הערשער, דיקטאַטאָרס און מערדערס אין דער געשיכטע: דאָס לעבן פון די אייגענע בירגער, בפרט פון די פרעמדע פעלקער, איז נישטיק און באַדייטונגלאָז, בשעת זייער שטאַט, זייער פּאָליטישע סיסטעם, איז די הויפּטזאַך און איז מער ווערט ווי דאָס פאַרשניטענע לעבן פון מיליאָנען מענטשן. ערגעץ וואו, האָב איך געטראַכט, איז קונסט אויך אַ פאַרברעכן, ווען עס קאָסט מענטשלעך בלוט און טרערן. פונדעסטוועגן איז אַ היפשער מהלך צווישן דעם קינסטלער וואָס דינט צו דער מענטשהייט און דעם דיקטאַטאָר וואָס דינט צום טויט און צום טייוול.

איך האָב קלאָר געקענט לייענען אין פּנים פון מיין מאַמען צוויי מוראס: איינע פאַרן רבונו של עולם, צו ווענען זי האָט דורך איר גאַנץ לעבן ערלעך און געטריי געדינט. דעם צווייטן פּחד פאַרן דעמאָנישן קינסטלער, צו וועמענס קרעאַטיוון צאָרן און אַטאַקע פון שעפערישקייט זי איז ביז צו יענעם מאָמענט גאָרנישט געווען צוגעוואוינט. טראָצדעם וואָס די מאַמע איז קיינמאָל אין איר לעבן נישט געקומען אין קאָנטאַקט מיט קיין שום קינסטלער, האָט זי אָבער אינסטינקטיוו הויך געשעצט דעם ווערט פון אַ קינסטלער, בפרט פון אַזאַ גאָט־געבענטשטן שעפער ווי גליצענשטיין איז געווען. זי האָט געוואוסט פון זיין גרויסקייט און פאַרנעם. זי האָט הויך גע־שעצט זיין ווערק. אָבער ביידע מוראס האָבן איצט אין איר געקעמפט.

עס איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף מיין קליינער, אָרעמער און דערשלאָגענער מאַמען, ווי זי זיצט אַזאַ געפּאַנגענע אויף דער שטול, אַנגעטאָן אינם שענסטן און בעסטן וואָס זי האָט פאַרמאָגט. זי האָט תמיד געליטן פון אַ זעלבסט־פאַרניכטנדיקן מינדערווערטיקייטס־געפיל. און איצט, פילנדיק אויף איר אומעטיקער פיזיק גליצענשטיינס דורכדרינגענדיקע בליקן, ווי פון אַ צאָרנדיקן לייב אָדער טיגער, און וויסנדיק אויך פון זיין קינסט־לערישן און אַריסטאָקראַטישן חוש פאַר דער שוינקייט פון פרויען, האָט זי זיך געפילט מוראדיק געפאַלן מיט איר טרויעריקן און שטאַרק־פאַרעלטערטן אויסזען. זי האָט זיך געפילט שולדיק און פאַרשעמט מיט איר מענטשלעך־געשלאָגענעם פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט דעם צער און די אָרעמקייט פון אַ גאַנץ לעבן; מיט איר צעבראָכענע און דעליקאַטע פיגור, רעדוצירט בלויז צו הויט און ביינער. מען קען זיך קוים פאַרשטעלן וואָס די דאָזיקע פרוי האָט איבערגעלעבט!

אָבער גליצענשטיין האָט דווקא אַרויסגעבראַכט פון מיין מאַמעס יסורימ־דיקן, דערשראָקענעם און געצוואונגענעם פּאָזירן צוויי גראַנדיעזע פּאָרטרעטן,

געצייכנט מיט קאָלירטע בלייפעדערס. מען האָט אין דעם הויז פון די גליצענשטיינס אַ לאַנגע צייט באַוואונדערט די דאָזיקע גרויסאַרטיקע מענטשנ־בלומען פון דעם קינסטלערס געניוס. אין די דאָזיקע צוויי מייסטערהאַפטע פּאָרטרעטן פון אַן אָרעם און אומגליקלעך מענטשנלעבן, אין איר טיפער על־טער, איז נישט מער געזעסן מיין מאַמע אַלס אַ געוויינלעך צעבראָכענע פרוי, נייערט אַ שטאָלצע קייסערינע. דער קינסטלער האָט געגעבן תיקון צו מיין מאַמעס געשטאַלט, כאַראַקטער און פּערזענלעכקייט. אין פייער און אין גאָלד האָט אַ גרויסער מייסטער אויפגעפּאַסט און אויסגעטייטשט אַ לעבן פון ליידן, אָרעמקייט און דערשלאָגנקייט, עס דערהויבנדיק צו גייסטיקער שיינ־קייט און העלדישקייט פון כאַראַקטער. וואָרים מיין מאַמעס נשמה ווערט אין איר אויפגעוועקט דורכן כוח פונם קינסטלער און זי באַלויכט מיט גייסטיקן שטאָלץ און געטלעך פייער מיין מוטערס גרעאַניעט און פאַר־מוטשעט לייב. גליצענשטיין האָט אַ באַליידיקטע מאַרטירערין פון לעבן, ווען מען איר מאַן האָט אַ סך יאָרן פון זייער צוזאַמענלעבן אונטעדריקט און אַראָפּגעבויגן מיט געוואַלט איר קאָפּ צו דר׳ערד, צוריק דערהויבן און אָנגע־טאָן אויף איר אַ קעניגלעכע קרוין פון בלישטשעדיקן גאָלד.

די דאָזיקע צוויי פּאָרטרעטן האָבן שטאָלץ אַריינגעפירט מיין מאַמען אין דער אייביקייט אַריין. גליצענשטיין וועט נאָך איינמאָל צייכענען מיין מאַמען. אָבער שוין אַ טויטע — אין אָרון. און בלויז פון זכרון...

איינמאָל, ווען איך בין נישט געזונט געווען, איז גליצענשטיין מיך געקו־מען באַזוכן. עס איז געווען אַרום חול המועד פּסח. די מאַמע איז געווען שטאַרק דערשלאָגן צוליב מיין צושטאַנד. עס איז דעריבער אין הויז נישט געווען צוגעגרייט אויף אַ יום־טובדיקן שטייגער, ווי די מאַמע האָט געוויינ־לעך ליב געהאַט צו טאָן. אָבער תמיד האָט זי טייער געהאַלטן די מצווה פון כיבוד. אין איר פאַרצווייפלונג, וועלנדיק פאָרט מכבד זיין גליצענשטיינען, אונדזער געשעצטן גאַסט, האָט זי פאַר אים געשטעלט אַ פּיליזשאַנקע מיט פּסחדיקןווישניאַק. דעם דאָזיקן ווישניאַק האָב איך שוין פריער געהאַט פאַרזוכט און איך האָב געהאַלטן אַז ער איז קאַליע געוואָרן. וואָרים ער איז שוין געוועזן היפּש זויערלעך. די מאַמע האָט דעם ווישניאַק געהאַלטן עטלעכע יאָר צייט, און ווי געוויינלעך, נישט אין קיין פאַרפרירער. איך האָב דעריבער געהאַט אַ גרונט מורא צו האָבן אַז גליצענשטיין זאָל זיך חלילה נישט פאַרדאַרבן דעם מאָגן.

אָבער דער קינסטלער האָט דווקא געטרונקען איין כוסה נאָך דער אַנדערער, ווישנדיק זיינע פייכטע וואָנסעס. ער איז געוואָרן בגלופין. ער האָט טאַקע אין דערמאָנטן פּסחדיקן נאָכמיטאָג פאַר מיר זייער אַ סך גע־רעדט און דערציילט אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן פון זיין לעבן; פון זיינע שע־פערישע יאָרן אין רוים, בערלין און לאָנדאָן; ווען געקרוינטע הערשער, מיניסטאָרן, קאַרדינאַלן און אַנדערע וויכטיקע לייט האָבן פאַר אים פּאָזירט.

אָבער די גאַנצע צייט האָב איך זיך געשראָקן אַז דער איבערגעשטאַנענער ווישניאַק זאָל חלילה נישט שלעכט ווירקן אויפן סקולפּטאָר. אויך מיין מאַמע האָט אַ ביסל מורא געהאַט, כאָטש עס איז איר שווער געווען מיר צו גלויבן אַז פּסחדיקער ווישניאַק, אַפילו ווי פאַרזויערט און פאַרעלטערט עס זאָל נישט זיין, קען חלילה עמעצן שלעכטס טאָן.

אַרום פאַרנאַכט־צו האָט גליצענשטיין זיך געגרייט צו פאָרן אויף אַ באַזוך אין די בראָנקס צו מנחם ריבאַלאָוו, דעם רעדאַקטאָר פון „הדואר", מיט וועמען ער איז געווען באַפריינדעט. איך האָב מורא געהאַט אַז ער זאָל ערשט איצט נעמען וואַנדערן אין די סאַבוויס, נאָכדעם ווי ער האָט געלאָזן שטיין אַ אויסגעליידיקטע די רובֿיניש־רויטע פּיליזשאַנקע, אַן איבערצולאָזן אַפילו אַן איינציקן טראָפּן ווישניאַק אין איר. איך האָב גליצענ־שטיינען פריינטלעך געעצהט בעסער אַהיימצופאָרן און זיך אָפּצורוען. אָבער ער איז געווען אַן עקשן. ער האָט מיך נישט געפאָלגט.

דער יום־טובֿדיקער ווישניאַק האָט רויט ווי פייער אָנגעצונדן גליצענ־שטיינס איידעלן פּנים. אַזוי האָט אויך געמוזט אויסזען דער לעגענדאַרער און עקשנותדיקער פּרינץ דוד הראובני. זיינע גרויסע אויגן האָבן געפלאַמט מיט יוגנטלעכן פייער.

ווען איך האָב אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט אָפּגערופן זיין פאַמיליע, האָט די טאָכטער בעאַטריטשע מיר געזאָגט אַז איר פאָטער איז ערשט די מינוט אַהיימגעקומען און אַז ער איז אין בעסטן צושטאַנד. מיין מאַמע און איך האָבן זיך, פאַרשטייט זיך, שטאַרק געפרייט. די מאַמע איז גע־ווען גליקלעך וואָס דער ווישניאַק האָט געפונען זיין ריכטיקן מבֿין און זיין אידעאַלן געניסער. —

ווען מיין מוטער איז געשטאָרבן אינם מושב זקנים אין אַ דינסטיק ביינאַכט, דעם זיבעצנטן יולי, 1942, איז גליצענשטיין מיטוואָך בייטאָג אַרויפגעקומען צו מיר אין שטובֿ אַריין. איך האָב דעמאָלט געוואוינט אויף דער צווייטער עוועניו, אין אַ פינצטערן און אָרעמען צימער, אויפן דריטן גאָרן, און אָן באַהייצונג. מיר האָבן דעמאָלט צוזאַמען דורכגעקוקט אַ מאַ־סיוון באַנד: „די קאַריקאַטור אין פראַנקרייך פון אַכטצענטן יאָרהונדערט". גליצענשטיין האָט מיר געגעבן דערקלערונגען. זיינע קענטענישן און ידיעות אין דער וועלט פון קונסט זיינען געווען אומגעהויערע. אַלע מאָלעריי־שולן זיינען אים געווען אינטים באַקאַנט. ער האָט טאַקע יענעם נאָכמיטאָג שטאַרק אָנגעקוואָלן פון די פראַנצויזישע קאַריקאַטורן, געמאַכט אין גרויס־צוגיקן סטיל און פאַרנעם. די שטורעמדיקע עפּאָכע פון אַכטצענטן יאָרהונ־דערט, אין פּאָליטיק און אין קולטור־שאַפונגען, האָט אַרויסגערופן די דאָ־זיקע קריטיש־שאַרפע, פּאָליטיש־סאַטירישע קאַריקאַטורן, וואָס זיינען גע־ווען באַוואָפנט מיט גרויס טאַלאַנט און טיפּיש־פראַנצויזישע איראָניע, וואָס האָט שפּעטער אויסגעצייכנט די ווערק פונם געניאַלן דאָמיע...

גליצענשטיין האָט געהאַלטן אַ גרויסן העפט אין דער האַנט. איך האָב אין אים אַריינגעקוקט. דאָרטן האָט זיך אויך געפונען אַ שווערע, קופּערנע פּלאַטע פון זיין לינקאָלן־גראַוויור. אויך צוויי קאָפּיעס פון זיינס אַ צייכנונג וואָס האָט פאָרגעשטעלט אַ שוועבנדיקן איד, ענלעך צו אים אַליין, צו גלי־צענשטיינען, בלאָזנדיק שופר און רופנדיק צו דער גאולה. די ערד, אַ רונדער קיילעך, ליגט אונטן און פון איר ריזיקן אויג רינען טראָפּנס טרערן. דאָס איז געווען אַ סאָרט סימבאָליש ווערק וואָס האָט דערמאָנט אין ווילל־יאַם בלייק.

בשעת איך האָב געמישט די ברייטע בלעטער פונם אַלבאָם מיט קאַ־ריקאַטורן, האָט גליצענשטיין, אַן אומגעדולדיקער און נערוועזער, מיך גע־בעטן און גלייכצייטיק שטרענג באַפוילן מיט אים צו גיין צו מיין מאַמען, וואָס איז געלעגן אין דער לוויה־הייס. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צו ציי־כנען מיין מוטערס פנים. איך האָב דווקא אין דעם פינצטערן מאָמענט אין מיין לעבן געפילט אַ באַדערפעניש צו זיין אַליין, אינגאַנצן מיט זיך אַליין. אָט ערשט, מיט אַ ווייל צוריק, בין איך שרעקלעך אַליין און דער סאַמע איינזאַמסטער מענטש אין דער גאַנצער וועלט. צוגעגאַנגען צו דער לוויה־הייס. איך בין אין הוילער ציטערניש געשטאַנען פאַרן טייערן און געט־לעכן גוף פון מיין געליבטער מאַמען. איר פנים איז געווען פול מיט בלו־טיקע פלעקן. זי האָט אַוודאי געמוזט פאַלן אויף די טרעפּ, גייענדיק אין אַ שליחות פאַר די אַלטע פרויען אין איר חדר, און זי האָט זיך געמוזט שטאַרק צעקלאַפּן. דעם פאַקטישן אמת פון דעם פאַלן וועל איך שוין אַוודאי קיינ־מאָל נישט וויסן.

— דאָס איז פונם אייז וואָס מען האָט איר צוגעלעגט! — האָט גלייכ־גילטיק געזאָגט דער מאַן, וואָס איז דאָרט געשטאַנען אויף דער וואַך, ווי אַ זעלנער.

איך האָב באַטראַכט מיין אָרעמער מאַמען. אַ פינצטער און יסורימדיק־רייך לעבן איז געקומען צו איר סוף. דאָס לעבן פון אַ זייער ערלעכע, שווער־אַרבעטנדיקע פרוי האָט זיך איצט אויף אייביק געשלאָסן. דאָס לעבן פון אַ גוטן מענטש וואָס האָט געטריי געדינט, אין משך פון איר גאַנצן לעבן, צו איר מאַן, צו אירע קינדער, צו פריינט, צו מענטשן און צום רבונו של עולם, וואָס איז תמיד אַזוי אומפּריינטלעך און אומדאַנקבאַר צום אומגליק־לעכן מענטש, נאָך פון די צייטן פון איוב אָן.

איך האָב געפילט אַז איך פאַל שיעור אום אויפן פּלאַץ. אָבער מיין מאַמעס גוטע נשמה האַלט מיך אונטער מיט אירע גרויסע, שטראַלנדיקע הענט, ווי מיט צוויי פליגל פון ריינעם גינגאָלד. צוויי צאַרטע, מיידלשע מלאָכים, שלאַבעריקע פון מיטלייד און יסורים, ביי מיינעביידע זייטן, האַלטן מיך צו ביי די אָרעמס. איבער דער מאַמעס צעשלאָגענעם קאָפּ, אַרומגעלעגט

מיט אייז, וויינט און יאָמערט הויך אַ גאָלדיק־געפּאַרבטער און מיט נאַכט־איינגעריסטער מלאך.

איך האָב דעריבער, ווי געזאָגט, איצט שטאַרק געוואָלט זיין מיט זיך אַליין אין מיין פּאַרקאָפּטשעטן חדר, אין וועלכן די זון האָט שוין גענומען וואַרפן גאָלדענע קוויאַטן אין איר אונטערגאַנג. מיך האָט פּאַרדראָסן וואָס אויך אַ צינד האָט גליצענשטיין זיינע געוויינלעכע קאַפּריזן. איך געדענק אַז איך האָב אים דערלאַנגט אַ זעקעלע מיט פלוימען און ער איז געווען מאָדנע אומ־באַהאָלפן מיט די קערנדלעך, זיי וואַרפנדיק אין אַלע זייטן אַרום זיך. אָבער גליצענשטיין דער קינסטלער איז געווען באַהערשט און באַזעסן פון איין פּאַרלאַנג: צו טאָן זיין קינסטלערישע פליכט צו דער פרוי, וועלכע ער האָט שטאַרק פּאַרערט פּאַר איר מענטשלעכער גוטסקייט און נאָביליטעט פון איר כאַראַקטער. זיין טיפסטער אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט, זיין העכסטע אַנערקענונג פונם גוטן מענטש, זיין ליבשאַפט צום לעבן און צו גאָט, וואָס שענקט לעבן צו די באַשעפענישן פון זיין האַרצן אויס, איז געווען דורך זיין דערהויבענער און אוניווערסאַלער קונסט.

און, ווען איך בין אין דאָזיקן ערנסטן און טראַגישן מאָמענט פון מיין לעבן נישט דווקא געווען גרייט זיך מיט אים צו פּאַרנעמען און אים צו פירן אין דער לוויה־הײם, איז ער געווען אַנטוישט און צאָרנדיק ווי צעאוס. ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך ביי מיר עטלעכע מאָל איבער־געפרעגט געגוי דעם אַדרעס פונם טויטנהויז. מיר איז גאָרנישט איינגע־פאַלן אַז צו מאָרגנס אין דער פרי, ווען עס וועט פּאָרקומען די לוויה פון מיין מאַמען, וועט דער קינסטלער דערשיינען מיטן גרויסן העפט אונטערן אָרעם. מיט דער שאַרף־פּאַרשניצטער בלייפעדער אין דער האַנט. ניין, נישט צווישן זיינע נאַכלעסיקע פינגער — נייערט אין זיין אייזערנער פויסט.

ווען גליצענשטיין איז אין אונטז אַוועקגעגאַנגען פון מיין צימער, האָב איך נאָכאַמאָל באַטראַכט די מאַסיווע לינקאָלן־גראַוויור. דער מאַרטירער־פּרעזידענט איז געצייכנט ווי אַ תנ״כישער נביא. איך האָב אויך נאָכאַמאָל אַנגעקוקט די סימבאָלישע צייכנונג וואָס שטעלט פּאָר דעם איד, בלאָזנ־דיק שופר איבער דער גאַנצער וועלט, אַזוי ווי ער וואָלט רופן צו גאָר די נשמות פון אַלע מענטשלעכע דורות. דער דאָזיקער דינער, צאַרטער און הימליש־שוועבנדיקער איד איז, ווי געזאָגט, געווען אַזוי שטאַרק ענלעך צו גליצענשטיינען אַליין. צופוסנס פון אים איז געלעגן די גרויסע ערד מיטן איינציקן וויינענדיקן אויג, פּאַרגאָסן מיט טרערן, אַזוי ווי דאָס אויג פון אַ שטערבלעך־געראַניעטן פיש. אפשר פון יענעם פיש אין וועמענס טיפע אינגעווייידן עס האָט געוויינט דער נביא יונה. —

צומאָרגנס אין דער פרי, ווען איך האָב געטרונקען עטלעכע גלעזער ביר אין אַ בירשענק, וועלנדיק פּאַרטרינקען דעם יאָמער און צער אין מיין נפש, און זיך וועלנדיק אַ ביסל שטאַרקן אַנטקעגן די קומענדיקע סצע־

נעס פון מיין מאַמעס לוויה, און הערנדיק אין דער קנייפּע דעם געטומל און געשריי פון שיכורע רייד און נבול פּה, זע איך פּלוצלינג דורכן פענ־צטער ווי הענעך גליצענשטיין לויפט אויף דער צווייטער עוועניו, וואו ער זוכט דאָס לוויה־הײם. ערשטעלט אַפ אַלערליי מענטשן און ער פרעגט ביי זיי דעם אַדרעס. ער איז נאָך כמעט נאָס פונם איילִיקן אַרומוואַשן זיך. די האָר פון זיין קאָפּ און דאָס בערדל זיינען נאָך רעכט נישט פאַרקאַמט. אונ־טערן אָרעם טראָגט ער אַ ריזיקן העפט. ער איז גרייט צו צייכענען דאָס פאַרגליווערטע פּנים פון מיין אָרעמער מאַמען.

איך האָב אים נישט אָנגעיאָגט. איך האָב אים אַליין געלאָזט לויפן. אפשר האָב איך גאָר אין האַרצן זיך געוואונטשן אַז ער זאָל פאַרבלאָנדזשעט ווערן. וואָרים עס איז פאַר מיר איצט געווען שווער זיך מיט אים צו פאַרנעמען און אויסצושטיין זיינע קאַפּריזן. די קאַפּריזן פונם קינד און גאון. אויך האָט מען אים תמיד געדאַרפט פאַרטיידיקן פון שלעכטע מענטשן, וואָס האָבן צום באַדויערן נישט געוואוסט, צוליב דעם מאָדנעם אופן פון זיין באַנעמען זיך, ווי אַזוי אָפּצושאַצן אין אים דעם ריזיקן קינסטלער.

אינעווייניק, אינם טויטנהויז, האָט געהערשט אַ מין וואַקס־געלע, דערשטיקנדיקע אַטמאָספערע. ביים אָרון מיט מיין מוטערס פיזישן איבער־בלייב איז געשטאַנען הענעך גליצענשטיין, אַזאַ קליינער און טיף־פאַרלוי־רענער אַנטקעגן דעם אומגעהויערן געץ פון טויט און אומקום. אַזאַ מענטש־לעך־געפאַלענער, ווי אַ קינד, וואָס האָט אין דעם אומהיימלעכן דרויסן און געדראַנג פון מענטשן פאַרלוירן זיין ליבלעכער מאַמען. דער ראַביי האָט, צו גליצענשטיינס פאַרדראָס און יסורים, בשום אופן נישט דערלויבט צו צייכענען דעם טייערן מת.

דער ראַביי פונם מושב־זקנים לאָזט אויך נישט אַנטהילן איר פּנים. עס איז, זאָגט ער, קעגן איר ריינעם, פרומען און פאַרכטיקן לעבן. און אַזוי מוז דער קינסטלער צוזען די שטומע און פאַטעטישע פּראָצעסיע פון די אַלטע, קראַנקע פרויען, די לעצטע שוועסטערן פונם מושב זקנים, וואָס זיינען געטריי געבליבן צו מיין מוטער. די טרויעריקע קליינע און געבוקטע חברטעס פון מיין מאַמעס לעצטע חדשים, וואָכן, טעג און שעהן. זיי, וואָס האָבן פון דער נאָענט געזען איר אַגאָניע און האָבן פאַרנומען איר לעצטן שמייכל פון טרייסט און תשובה.

דורך זיין גאַנצן לעבן אַלס קינסטלער יאָגט זיך גליצענשטיין אַגב אַרום מיט די ראַביים, וועלכע פאַרשטייען נישט, זאָגט ער, דעם טיפן ווערט און די הומאַניסטישע באַדייטונג פון דער קונסט. פאַר אים אַליין, דעם פרומען איד, איז קונסט געווען רעליגיע און תפילה, די העכסטע מענטש־לעכע שעפערישקייט. אויך גייסטיקע באַגייאונג און די פאַראייביקונג פון דעם טרויעריק־פאַרגענגלעכן אינם לעבן. בשעת די ראַביים, לויט אים, זיינען סימבאָלן פון אָפּגעשטאַנענקייט, פון דעם שימל פון סקלעראָזע און

פאַרגליווערטקייט. עס זיינען די דאָזיקע ענגעהאַרציקע, פאַנאַטישע ראַביים וועלכע לאָזן נישט אַריין דעם פלאַם פון קונסט אין אידישן לעבן אַריין. זיי פאַרשוועכן אויך נאָכן טויט פון אַ מענטש די הייליקע פליכט צו פאַר־אייביקן קינסטלעריש אַ מענטשלעך פנים, וואָס פאַלט אַרונטער צו דער ערד, צו די ווערעם, צו די פאַרניכטנדיקע שטאָפן פונם קערפּער זעלבסט. עס איז פאַר זיי רעכט אַז די אַלע טויטלעכע עלעמענטן זאָלן דעפאָרמירן, זאָלן שעדיקן די ריינע פאָרם פון אַ הייליק מענטשנפנים, אַ פאַרטיקן קונסטווערק, אַ פּאָרטרעט און אַ מאָדעל פון אַ לאַנגן לעבן פון קאַמף און ביטערן גע־ראַנגל. און דער פון גאָט־באַרופענער קינסטלער זאָל מוזן פּאַסיוו צוזען ווי דאָס וואָס עס געהערט איצט צו אים, צו זיין געטלעכן רעכט און חוב עס אַרויסצוהייבן קינסטלעריש מיט אַן עקשנותדיקער קראַפט פונם איי־ביקן ים פון פאַרגייעניש און פאַרגעסעניש, אַז דאָס זאָל חלילה אינגאַנצן גיין צום גרונט און ווערן אָפּגעמעקט דורכן גלייכגילטיקן און שטיינערנעם מעקער פון צייט. דורך זיין גאַנצן שעפערישן לעבן, ווי געזאָגט, ראַנגלט זיך דער סקולפּטאָר מיט די דאָזיקע ראַביים, מיט די „קראָען אין מענטשנגע־שטאַלט", ווי ער רופט זיי אָן אין זיין אויפרעגונג.

גליצענשטיין שטייט איצט ביים אָרון פון דער פרוי וואָס האָט אים תמיד מקרב געווען אין איר אָרעמער, שטילער און ציכטיק־געהאַלטענער וואוינונג. זי פלעגט פרייטיק צונאַכטס, ווען גליצענשטיין פלעגט געוויינלעך קומען צו אונדז, כדי צו דערציילן די פרטים פון זיין לעבן פאַר מיין ריזיקן, טויזנט־זייטיקן מאַנוסקריפּט — אָנצינדן, ווי שוין געזאָגט, די שבתדיקע ליכט און אויסשפּרייטן אַ פּיל־פאַרביקן, ריינעם טישטוך. זי פלעגט ריין אויפרוימען די שטוב און זען אַז אַלץ זאָל זיין אין שטילער אָרדנונג. זי פלעגט זיך איינהילן אין אַ לאַנגן, זיידענעם שאַל. זי פלעגט זיך דאַן אַוועק־זעצן אין אַ ווינקעלע פונם חדר, אַ גליקזעליש־באַלויכטענע שמייכלען און אַרויסווייזן איר טיפסטן יראת הכבוד פאַרן געהויבענעם גאַסט וואָס האָט געמאָלן און פּאָרטרעטירט אין זיין רייכן לעבן און קאַריערע אין אויסלאַנד, קעניגן און פּרינצן, פירשטן און מיניסטאָרן, דענקערס און דיכטערס.

— „איין לעבן איז צור ענדע געקומען! — האָט גליצענשטיין איצט שטילערהייט געמורמלט. דאָס זאָגנדיק האָט ער וואויל געוואוסט ווי אַזוי דאָס דאָזיקע לעבן איז געווען אויסגעפילט פון איר ערשטן טאָג אָן פון געבורט ביזן לעצטן טאָג פון טויט מיט דער העלדישער גרויסקייט פון לעבן. ווי אַזוי דאָס פּשוטע לעבן פון איינע אַ פרוי פון פאָלק איז געווען גרויס און הייליק אין זיין מסירת נפש און געראַנגל יעדער טאָג און שעה. זי האָט פאַקטיש איבערגעשטיגן יעדער סאָרט ליטעראַטור און קונסט.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן די לוויה. גליצענשטיין איז צוזאַמען מיט מיר געפאָרן אינם אויטאָמאָביל, אַ טיף־שווייגנדיקער. ער איז תמיד געווען געטריי צו די מענטשן ביזן לעצטן מאָמענט אויף דער ערד, ביז מען לאָזט

זיי באַרבאַריש אַרונטער אינם גרוב. טרויעריקע מחשבות באַהערשן איצט זיין מוח און נשמה, גאָר זיין נפש. ווי לאַנג נאָך איז עס דען צום קינסטלערס אייגענעם פאַלן אויפן וועג פון לעבן? איבעריקנס, וועגן דעם טראַכט ער זייער זעלטן. זיין לעבנסטעטיקייט האָט צו טאָן מיטן לעבן אַליין. מיט דער שעפערישער אַרבעט פון יעדן טאָג, פונם גרויען באַגינען אָן ביז צו דער שפּעטער שעה פון דער אומהיימלעכער נאַכט. ווען דער טויט קומט, וועט ער אַוודאי קומען אַזוי ווי אַ בליץ, וואָס זעגט אַדורך מיט אַ פייערדיקער זעג, אָדער האַקט איבער מיט אַ שאַרפער שווערט, דעם מאַסיוון שטאַם פונם בוים אויף דער העלפט. און פונם אינערלעכן האַרץ פונם שטאַם ווערט פּלוצלינג ליכטיק און עס שטראָמט ליכט ווי פייערדיקע מילך.

די צוויי טעמפּע און פלעגמאַטישע באַגרעבערס גראָבן מיט אייזערנע רידלעס די ליימיקע ערד. דאָס זאַמד האָט אַ ווייכן, גאָלדיקן קאָליר. צווישן די עטלעכע אַבלים שטייט אַזאַ פינצטער־פאַראָבלטער דער מייסטער. איצט, אונטערן פרייען הימל, אונטער גאָט'ס פּאַסטעליש־צאַרטן הימל, האָט ער אַ רעכט צו צייכענען. דער ראַבי האָט שוין דאָ מער נישט קיין מאַכט און שליטה אים צו פאַרביטן זיין קינסטלערישן רעכט.

אויך גאָט האָט נישט פאַרבאָטן דאָס פּנים פון זיין וועלט און לאַנד־שאַפט צום קינסטלערישן אויג און בלייפעדער. גליצענשטיין וועט שפּעטער אויך צייכענען פון זיין זכרון די פּנימער און געשטאַלטן פון די פּאָר מענטשן אינם זאַל. אָבער אַצינד איז ער פאַרנומען מיטן צייכענען די צוויי באַ־גרעבערס אין זייער קאַלטער און האַרטער טעמפּקייט. מעכאַניש, אַזוי ווי מעטאַלענע ראָבאָטן, וואָס טאָן אָפּ זייער טרויעריקע אַרבעט: זיי גראָבן אויף גריבער אין דער גוטער און היימישער ערד פאַר די אָפּגעקילטע גופים פון די מענטשן. עפּעס פינצטערס און פרעמדס הויערט אין זייערע געשטאַלטן. אַ פאַרגליווערטער טרויער פעלדזיקט אין זייערע שטומע, אויס־דרוקסלאָזע פּנימער. מיר דאַכט זיך אַז עס איז אַ סך שווידערלעכער דאָס דאָזיקע מאַשינאַווע און שווייגנדיקע זיך צוגעוואוינען צום טויט, די שטיינערנע פלעגמאַטיק, די מוראַדיק־שטוינענדיקע פאַרגליווערטקייט, ווי דער אפשר היסטערישער יאָמער־אויסבראָך פון די אָנווענזנדיקע משפּחה־מיטגלידער.

גליצענשטיין וועט שפּעטער צו מיר רעדן וועגן די קברנים. ער קען אויסגעצייכנט די ווערק פון שעקספּיר. ער געדענקט די ציניש באַגרעבערס פון „האַמלעט". שעקספּיר, ווי קיין שום אַנדערער שרייבער פאַר און נאָך אים, האָט מיט אַן אומגעהויער וויסן און קענטניש געקענט און אַדורכ־געדרונגען די כאַראַקטערן און נשמות פון זיינע פּערסאָנאַזשן. די קברנים פון גליצענשטיינס היים־שטעטל טורעק זיינען אויך געווען ציניש, פאַר־גרעבט, פּונקט ווי דער צער פון מענטשן וואָלט זיי גאָרנישט אָנגעגאַנגען. דאָס געשטאַלט און פּנים פון שעקספּירס טויטנלייט האָט זיך גאָרנישט געענ־

דערט ביזן היינטיקן טאָג. פּונקט ווי דאָס לעבן פון זיינע דראַמעס איז אויך געבליבן דאָס זעלבע, טראָץ אַנדערע צייטן, קאָסטיומען און מאַסקעס.

איך דערמאָן זיך איצט אַז ווען מען האָט אַרויסגענומען דעם אָרון מיט מיין מאַמעס הייליקן גוף פון דער מעטאַלענער עגלה, איז גליצנשטיין אינסטינקטיוו צוגעלאָפן כדי אים צו העלפן צוטראָגן צום קבר. ער האָט פאַרגעסן אַז בלויז אייגענע, נאָענטע קרובים באַדאַרפן אים צו טראָגן. איז ער דאָך דורך זיין גאַנצן לעבן געוועזן געוואוינט צו טראָגן שווערע שטיינער, שטיקער רויע גראַניט און מאַרמאָר, פאַר זיינע סקולפּטורן און לוחות. ער איז געווען געוואוינט, אַזוי ווי אַטלאַס, צו טראָגן אויף זיינע פּלייצעס דעם שטיינערנעם וועיטיק פון דער וועלט. איך געדענק זיינס אַ צייכנונג ווי דער אומגעהויערער משה האַלט אין שליידערן אין אָפּגרונט אַריין די לוחות מיט גאָטס געבאָטן, אין וואַרשע, בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען גליצענשטיין איז געקומען פון רוים און ער איז שוין געבליבן שטעקן אין פּוילן, איז ער געווען אַ פרייוויליקער קברן. ער האָט יעדן טאָג געאַרבעט מיט דער חברה קדישא און האָט געהאָלפן באַגראָבן די מתים פון אָרעמען פאָלק וואָס זיינען געפאַלן פון הונגער, טיפוס און קעלט.

ביים קבר פון מיין מאַמען איז גליצענשטיין לאַנג געשטאַנען און ער האָט געדולדיק געוואַרט ביז מען האָט אַדורכגעפירט אַלע טרויעריקע צע־רעמאָניעס. ער האָט צוזאַמען מיט אונדז, די זין פון מיין מאַמען, געזאָגט קדיש, שטיל ציטערנדיק מיט זיינע בלייכע ליפּן. ער האָט צוויי מאָל אונטערן פרייען און פאַרוואָלקנטן הימל געצייכנט די לוויה, וואָס איז די לעצטע דראַמאַטישע סצענע אין דעם לעבן פון יעדער איינציקן מענטש. ער האָט פון זכרון אויס עטלעכע מאָל געצייכנט דאָס טויטנהויז. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ ליד אין העברעיאיש וועגן מיין מאַמען, וואָס איך האַלט טייער אין מיין אַרכיוו.

מיין שוועסטער טעמעלע מיט מיין שוואָגער חיים־שבת זיינען צוזאַמען מיטן קינסטלער אַהיימגעפאָרן פון דער לוויה. מיט וואָכן שפּעטער זאָגט צו מיר טעמעלע:

— איך האָב קיינמאָל פריער נישט געזען אַזאַ גרויסאַרטיקן מאַן. ווי פריינטלעך ער איז געווען צו אונדז, אַזוי ווי אַן אמתער שליאַכטשיץ. ווי אַזוי ער האָט זיך פאַר מיר פאַרנויגט און זיך געבוקט ממש ביז צו דער ערד. ער מוז האָבן אין זיין לעבן אַרומגעגאַנגען מיט קעניגן. ער האָט אוודאי פון קליינערהייט אָן פאַרקערט אין פּאַלאַצן.

איך האָב געוואָלט ענטפערן מיין שוועסטער און שוואָגער:

— ער איז אַליין געווען אַ קייסער. און נישט בלויז מיט מלכים איז גליצענשטיין אַרומגעגאַנגען, נייערט מיט מלאָכים. —

אין עטלעכע וואָכן אַרום, אין אַ רעגנדיקער און אומהיימלעכער נאַכט, ווען איך האָב נאָך געוואוינט אין מיין מוטערס וואוינונג, אַזאַ מין איינזאַמער

אָבל, בשעת די שטובן זיינען שוין איצט געווען אין אַ פֿאַרוואָרלאָזטן צושטאַנד, קלאַפּט עמעץ פֿלוצלינג אין מיין טיר.

— ווער איז עס? — האָב איך זיך מיט פּחד געפֿרעגט. ווער ווייסט אייגנטלעך אַז איך וואוין נאָך דאָ? און ווער קען דאָס קלאַפּן אין אַזאַ מין מוראדיקער און טרייסטלאָזער נאַכט אין מיין טיר?

— איך... איך... האָט גליצענשטיין אַ פֿאַשולדיקטער איבער־געחזרט אונטער דער טיר.

עס איז געווען אַ שרעק אויף אים צו קוקן. ער איז געווען, ווי דער געטעשער ערל־קייסער, אויסגעווייקט פֿון רעגן, פֿון נאַכטיקן טינט און פֿון שטורעם־גאַס. ער האָט אויסגעזען מוראדיק אַלט און מיד. ער האָט אונטערן אָרעם געטראָגן די צייכנונגען פֿון דער לוויה. עס איז מיר געווען שווער צו קוקן אויף די דאָזיקע ווערק. וואָרים זיי זיינען געווען געצייכנט נאַטור־געטריי און רעאַליסטיש, מיטן באַרבאַרישן רעאַליזם פֿון אַן אמתן מייסטער. עס איז אין זיי מאָנומענטאַל געשטאַנען די שולדיקע און פֿאַר־אָבלטע משפּחה; די זין, טאָכטער, איידעם און די שנורן פֿון דער מאַמען. נידעריק זיינען זיי געשטאַנען ביי דער קאַלטער ערד פֿון בית עולם. אָבער יעדער איינציקע פֿיגור באַזונדער איז ווי געהאָנגען אויף אַ תּליה און זיך געוואָרגן מיט זיין לעבן און מיט זיין טויט. כאָטש יעדער איינציקער פֿון דער משפּחה איז אין לעבן געווען אַ טיפּ פֿאַר זיך, מיט אַן אייגנאַרטיקן גע־שטאַלט און כאַראַקטער, האָט דער געמיינזאַמער פּחד אָפּגעמעקט זייער באַזונדערקייט און זיי געגעבן איין געמיט, איין שטימונג און איין כאַראַקטער. עס זיינען דאָ אויך מאָנומענטאַליש־טעמפּ און פֿינצטער געשטאַנען די צוויי באַגרעבערס מיט זייערע אייזערנע לאָפּעטעס, פֿון וועלכע די ערד האָט זיך נישט געהאַט אָפּגעטאָן. אַן ערד, צוגעקלעפּט צום אייזן פֿון די שפּאַדלעס פֿון אַ סך לוויות. דאָ איז אויך געשטאַנען מאַסיוו און פֿעט דער דיקער איד מיט דער ברייטער סאַמעטענער שליאַפּע און מיט זיינע מידע פּאות וואָס האָט געמאַכט דעם אל מלא רחמים. אין דער האַנט האָט ער פֿעסט געדריקט דעם שטעקן — אַן אָפּגעשיילטן, נאַקעטן צווייג פֿון אַ בוים. דאָ איז אויך געשטאַנען מיין ווייניקייט, אַן אומבאַהאָלפֿענער און פֿאַרשולדיק־טער אַזאַ, לייענענדיק איבער דער מאַמעס אָרון פֿון אַ מאַנוסקריפּט: אַ מין הספּד נאָך איר. עס איז אַ סצענע וואָס איך וואָלט קיינמאָל נישט געבראַכט אויפֿן זכרון, תּמיד, אַז איך קוק אויף דער דאָזיקער צייכענונג, דערשרעק איך זיך פֿאַר מיין אייגענער פֿיגור. די תּפֿילה וואָס ווייִנט אַראָפּ פֿון מיין איינגעבויגענעם גוף איבער דער מאַמען, צו דער מאַמען געווענדט מיטן גאַנצן לייב און נפֿש און דער פּחד פֿון טויט וואָס הויערט אינסטינקטיוו אין מיר. די בלעטלעך פֿון מאַנוסקריפּט ציטערן אין ביידע הענט. די רייד פֿון די ליפּן פֿאַרווייען אַזוי נישטיק אויף דער ערד פֿון בית עולם, צווישן די קברים. צו מיינע קאַלטע פֿיס, נידעריק צו דער ערד, ליגט דער אָרון

מיט מיין מאַמעס „ערדישן איבערבלייב". און דאָ האָט ליימיק־רויט אין זוניקן טאָג אַנטקעגנגעשטראַלט די אויפגעגראָבענע ערד וואָס וועט באַלד אויף אייביק פאַרשיטן אַ יסורימדיקן מענטשן־גוף אָן ווערן אַ טייל פון אַ פרישן קבר. אַ בערגל ערד וואָס וועט באַלד אָנהויבן דעם פּראָצעס פון אויסמעקן פון מענטשלעכן האַרץ און פון קאָסמישן זכרון אַ מענטש. איינעם אַ בידנעם מענטש וועגן וועמען עס גייט די אייביקע, באַנאַלע פראַזע: ער האָט געלעבט, געליטן און געשטאָרבן.

דאָס אַלץ איז געווען אויף אַ פשוטן, מעכטיקן און מאָנומענטאַלן אופן געצייכנט.

אָבער די סאַמע שטאַרקסטע צייכנונג איז געווען פון דעם לוויה־זאַל זעלבסט. די אַלטע, צעקרימטע פון צייט און לעבן, די פון יסורים צע־בויגענע פרויען פונם מושב זקנים, וואָס זיינען אַלע, איינס ביי איינס, געקומען צו דער לוויה פון זייער קליינער חברטע. מיט אַשיק־פינצטערע פנימער, ווי שטיקער גרויער פעלדז. פאַרשטיינערטע פּנימער פון מענטש־לעכע ליידן און אַנגסטן און אויך פון אינסטינקטיוון פחד פאַרן פאַר־שוואונדן ווערן. די אַטמאָספערע פון דער לוויה האָט זיי פאַרגליווערט צו רויע און נאַקעטע פעלדזן. נאָך קיינמאָל פריער, דאַכט זיך מיר, האָט קיין קינסטלערישע האַנט נישט געצייכנט אַזאַ מין פינצטער שטיק טראַגיק. ווי אַזוי די זקנות האַלטן זיך איינע די אַנדערע אָן ביי זייערע טויטע הענט אַזוי ווי בלינדע אָדער ווי קליינע קינדער, אין שרעק אַז זיי זאָלן נישט אומ־פאַלן צו דער ערד, פון צער און אימה. יעדער איינציק פנים פון די אַלטע וויבער, אָן אויסנאַם, איז אַרויסגעבראַכט מיט אַ געוואַלטיקער, דערשיט־ערנדיקער קראַפט, וואָס לאָזט זיך נישט איבערגעבן אין ווערטער.

נאָך איינע אַ צייכנונג האָט פאַרגעשטעלט די בימה פונם לוויה־זאַל: די גרויסע, פורפורנע לאָמפּן, וואָס רעפלעקטירן אַ מאַטן, בורשטיניק־ברוינעם ליכט אויף די פנימער פון די דערשלאָגענע מענטשן; די אויס־געקריצטע לוחות פון שטיין; די פיגור פון האַלץ, מיט אַ סקעלעטישן טויטנפּנים, וואָס קוקט אָן שטומערהייט דאָס פּובליקום. און אַריבער דעם טויטן־פּנים מיט די צעשפּרייטע און צעבראָכענע פליגל — אַן אָפן ספר, מיט ברייטע בלעטער. און אונטן — דער הילצערנער אָרון.

גליצענשטיין איז געשטאַנען אינמיטן שטוב אַזאַ פאַרלוירענער. איך האָב אים אָנגעקוקט און מורא געקראָגן אַז ער זאָל נישט דערקענען מיין אימהדיקע מחשבה:

— וויפיל לוויות זיינען נאָך פאַרבליבן פאַר אים בייצוואוינען ביז צו זיין אייגענע לוויה?

אָבער ער איילט זיך זייער. ער מוז טאַקע נאָך לויפן אין זיין לעבן צו די לעצטע פאָר לוויות פון נאָענטע פריינט. ער שטייט אויף אין פריען באַגינען, ווען די פייגל קוויטשן זיס אין דרויסן. די צייט שרפהט ממש.

דאָס פּאַטאַלע קומט אַלץ נאָענטער און נאָענטער, אַזוי ווי אַן אײזערנער לאָקאָמאָטיוו, וועמענס הייסער אָטעם עס ווערט אַלץ האַסטיקער און אימ־פּעטיקער. דאָס דערוואַרטן דעם סוף, דאָס אײלן זיך, דאָס גרייט מאַכן זיך. ער האָט עס אײגנטלעך געטאָן פון קינדווייז אָן, פון זײנע ערשטע יאָרן אין דער ישיבה אין קוליש. נאָך שפּעטער — אין דער מינכענער קונסט־אַקאַדעמיע, ווען ער איז געווען אַ יונגער סטודענט. ער, דער טיטאַנישער מײסטער פון מאָנומענטאַלע סקולפּטורן, פון מעכטיקע קינסטלערישע ווערק און ווערטן, האָט וואָריל געוואוסט פון דעם אײביקן „פּאַראַט״ פון צײט, דאָס שטאַרבן פון די שעהן, די טראַגישע באַרבאַרישקייט פון דעם תמיד־פאַר־גענגלעכן. ער האָט דורך זײן גאַנץ לעבן זיך געאײלט, תמיד זיך מוראדיק געאײלט. פון די טויערן פון הימל האָט אים דער מלאך אַרויסגעטריבן אַ זיך אײלנדיקן אויף אײביק...

נאָך אַ פּאָר לוויות. אָט איז טאַקע אין דער פאַרגאַנגענער וואָך פאַרגע־קומען די לוויה פון דעם בערלינער קאַנטאָר, וואָס האָט נאָך געלערנט אַלס קלײנטשיק אינגל בײ גליצענשטײנס פאָטער, דער מלמד, אין טורעק. יעדן טאָג כמעט פאַלן אַוועק ווי די סנאָפּעס נאָענטע פרײנט, שרייבערס און קינסטלערס. דער ווייזער אויפן קאָסמישן ציפערבלאַט אײלט זיך שרעקלעך און יאָגט ווילדערהייט. עס דערנענטערט זיך שוין די טונקעלע שעה: עס איז די לעצטע לוויה אין זײן לעבן — פון אים אַלײן, פונם מײסטער.

ווער וועט דעמאָלט וואָגן צו צייכענען זײן צום גראַניט פאַרגליווערטן פּנים? אפשר וועט זיך דער רבונו של עולם אַלײן אַוועקשטעלן מיט דער קויל־בלײפעדער און מיט פּאַפּיר צוקאָפּנס פונם סקולפּטאָר און צייכענען די טויטנמאַסקע פון זײן טיטאַנישן קינד און געפאַלענעם דינער, דעם מײסטער. —

איך האָב געטריי פאַרצייכנט העגעך גליצענשטײנס פרײנטשאַפט צו מײן מאַמען, ווייל איר גאַנץ לעבן האָט געהאַט גאָר ווייניק מאָמענטן פון פרייד און יום־טוב, בפרט נאָך פון אַ ביסל ראָמאַנטיק און קאָליר. דאָס איז געווען אַ שווער, פאַרהאָרעוועט און אָרעם לעבן פון אײנער אַ פרוי פון פאָלק, ווי שוין געגעבן באַשריבן אויף די בלעטער פון מײנע פריערדיקע ביכער מיט זכרונות. איך האָב דעריבער געפילט, אַז איך טו רעכט צו מײן מוטערס הייליקן אָנדענק, ווען איך וועל פשוט פאַרשרייבן מיט וויפיל דרך־ארץ, ליבשאַפט און ווירדע אַזאַ קינסטלער ווי העגעך גליצענשטײן האָט אַרויסגעוויזן צו מײן מאַמען און האָט איר הויך געשעצט פאַר איר אײדעלן כאַראַקטער און טיפער מענטשלעכקייט. גלייכצייטיק האָב איך געפּרוּווט פאַראײביקן נאָך אַ שטריך אין דער גרויסער פערזענלעכקייט פון גליצענ־שטײן: ווי אַזוי ער האָט זיך באַצויגן צום לעבן, צו מענטשן און באַזונ־דערס צו אײנער, אַ גרויער און פשוטער פרוי, וואָס האָט מיט איר ריינקייט,

האַרציקייט און ערלעכקייט געפונען לייטזעליקייט אין זיינע אויגן און אין זיין האַרצן.

צוריקגעשמועסט: וועמען דען זעט דער גרויסער קינסטלער, אין פאַר־נעם פון אַ רעמבראַנדט, אויב נישט די אומגליקלעכע, באַליידיקטע און פונם לעבן געשלאָגענע און באַעוולהטע מענטשן?!...

# דערציילונגען

## מיין געבורט

מיין שוועסטער טעמעלע שטייט נעבן ריזיקן שפּיגל און זי ווישט זיין פאַרטויכטן גלאָז, כאַפּנדיק יעדע רגע אַ קוק אַריין אין זיין קוועק־זילבערדיקער טיפקייט, כדי צו זען ווי זי זעט אויס. זי דערציילט מיר:

— שיעלע, דו ביסט געבוירן געוואָרן אין פּיטשינקן שטעטעלע באָב־ריניק. עס איז דעמאָלט געווען אַ מילדער, פרילינגדיקער טאָג פון חודש אַפּריל. דער טאַטע איז געהאַט אַוועקגעפאָרן קיין איוואַנגאָראָד. ער האָט געוואָלט דינגען אַ אידישע הייבאַם פאַר דער מאַמען. אָבער די באָבע רייזל, זי זאָל זיין פאַר אונדז אַ גוטע בעטעריך, האָט אים דערפון אָפּגעע־רעדט. דו ביסט געקומען אויף דער ליכטיקער וועלט שפּעט נאָכמיטאָג, אַרום בין־השמשות־צייט. די זון האָט רויט אַריינגעלויכטן דורך די שויבן און האָט דיך איידל אָנגערירט מיט אירע גאָלדענע הענט. די טירן זיינען געשטאַנען אָפענע. ווייבער און גויעס זיינען אַריינגעקומען אין שטוב. זיי זיינען געווען בייז פאַרוואָס מען האָט זיי פריער נישט אָנגעזאָגט, אַז די מאַמע גייט צו קינד.

— אייגנטלעך ביסטו געבוירן געוואָרן טויטערהייט. די אידענעס האָבן געשריגן, אַז דאָס קינד לעבט נישט. עטלעכע ווייבער האָבן גענומען ווינען און רייסן מיט די הענט די האָר פון זייערע שוין גרויע קעפּ. די הייבאַם, אַ קריסטין, די פרוי פון דעם קליינשטעטלדיקן באַגרעבער און אַ שטיקל משוגענע, האָט דיך אַריינגעלייגט אין אַ גרויסער, בלעכערנער שיסל מיט קאַלט וואַסער. די פרויען האָבן דיך געפּאַטשט מיט זייערע הענט. זיי האָבן דיך מיט מאָדנע שפּרוכן און געשרייען געררופן צום לעבן. אַנדערע ווייבער האָבן הויך געקלאָגט. די מאַמע איז נעבעך געלעגן אַ שוואַכע, פאַרחלשטע און אויסגעשעפּטע פון געבן געבורט צו דיר און צו די פריערדיקע דרייצן קינדער. זי איז דעמאָלט אַלט געווען פיר און פער־ציק יאָר. פּלוצלונג איז געשען אַ נס: דו האָסט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטשעלע, אַ דינטשיק געוויינדל. אַלע מענטשן אין שטוב האָבן זיך דערפרייט. „דאָס קינד לעבט!" — האָבן זיי געשריגן. אין אַ ווינקל פון שטוב זיינען גע־שטאַנען דיינע ביידע ברידערלעך — קאָפּל און מנחם. זיי האָבן געזאָגט תהילים, האַלטנדיק אין זייערע הענט קליינע, געלע תהילימלעך. אין צוויי

הויכע, זילבערנע לייכטער האָבן געברענט חלבדיקע ליכטלעך. די מאַמע האָט זיך געבעטן מיט אַ שוואַך קול, אַז זי וויל אָנקוקן דאָס שוועלבעלע. די הייבאַם האָט דיך אַרומגעוואַשן מיט וואַרעם וואַסער און מיט געלן זייף. זי האָט אָפּגעווישט דיין לייב מיט אַ ווייך האַנטוך. זי האָט דיך גענומען אויף אירע גרויסע הענט און דיך צוגעטראָגן צו דער מאַמעס בעט. די מאַמע האָט דיך צאַרט אַריינגענומען אין אירע בײדע אָרעמס און זי האָט דיך לאַנג, לאַנג אָנגעקוקט, פּונקט ווי זי וואָלט דיך געזוכט צו דערקענען נאָך פון גן־עדן... זי האָט דיר אַ קוש געטאָן אין באַקעטן קעפּעלע. דאָס איז געווען דער ערשטער קוש אין דיין לעבן. זי האָט דיך איידל געגלעט מיט אירע ווייכע, גליענדיקע הענט. דער מאַמעס הענט האָבן געציטערט פון טיפער איבערלעבעניש און אַנגסט. דו ביסט געווען איר פערצנטע קינד. דאָס לעצטע קינדעלע, דער לעצטער איד, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צו דער וועלט פון איר טראַכט, וואָס האָט זיך שוין איצט פאַרשלאָסן אויף אייביק.

לויט אַן אַנדערער ווערסיע זאָל דער טאַטע גאָר האָבן געווען אין וואַרשע בשעת מיין געבורט. מיין שוועסטער טעמעלע האָט זיך שטאַרק געשראָקן, ווען איך בין געבוירן געוואָרן. וואָרים ווען דער טאַטע וועט דערזען וואָס עס איז דאָ דורכן טאָג געשען, וועט ער זיין בייז. ער וועט אַהיימקומען און גאָרנישט חושד זיין אַז די מאַמע האָט דערווייל געגעבן געבורט צו אַ קינד... אַזוי האָט מיין שוועסטער געטראַכט.

— מיר האָבן דעמאָלט געהאַלטן אַ קרעטשמע ביים וועג, וואָס פירט פון באָברינניק קיין איוואַנגאָראַד. די פּויערים זיינען געזעסן ביי די דעמבאָווע טישן און זיי האָבן טאָג און נאַכט געשיכורט. צאַרישע סטראַזשניקעס האָבן געטרונקען גלעזער מיט בראָנפן. אידן, בעטלערס, וואַנדראָווניקעס און שליחים, זיינען פאַרבייגעגאַנגען אויף די וועגן און, אַריינקומענדיק אין אונדזער קרעטשמע, האָבן זיי זיך געוואַשן די הענט, געזאָגט ברכות, געשעפּטשעט מיט די ליפּן און זיך נישט פריער געזעצט צום טיש כדי עפּעס איבערצוכאַפּן אידער זיי האָבן געלויבט און געדאַנקט דעם אויבערשטן. די מאַמע האָט זיך תמיד וואַרעם געטוליעט צו יענע אידן וואָס האָבן געזאָגט תורה, דערציילט גרויסע ניסים פון רביים און האָבן איבערגעגעבן אַלערליי מעשהלעך פון היימישן פאָלקלאָר. אידן פלעגן שטיין איינגעהילטע אין טלית און תפילין ווי פאַרשטעלטע אַקטיאָרן און רעדן צום רבונו של עולם אויף לשון קודש. דער רויך פון די מאַכאָרקערויכערערס אין דער קרעטשמע האָט אַריינגעדרונגען אין דער מאַמעס חדרל, וואו דו ביסט געלעגן אַזאַ שלאַבעריקס, איינגעוויקלט אין ווינדעלעך ביז צום דערשטיקט ווערן. דאָס קאַלטע וואַסער אין וועלכן די ווייבער האָבן דיך געהאַט אַריינגעלייגט און געפּאַטשט באַלד נאָך דיין געבורט, האָט דיך אַ ביסל צוגעקילט. דו האָסט שפּעטער געליטן אויף אינפלוענציע.

דו האָסט געקראָגן הויכן פּיבער. אָבער דו ביסט שטיל געוואַקסן. אויף די פּאַרשטויבטע שיר המעלותן אַרום דיין וויגעלע זיינען געווען צוגעקלעפּט מחנות פליגן. מלאכים מיט סאַזשע־איינגעריסטע פּנימלעך האָבן דיך וואויל באַשיצט פון די שדים. דו האָסט געהאַט זילבערנע לעקלעך. מען האָט געזאָגט, אַז דו ביסט געווען אַ באַטעמט קינדעלע. איין מאָל זאָגט דיין שוועסטער חייעלע צו דער מאַמען:

— דו ווייסט, מאַמע, וואו יעדן האָב אין יעוואַנגעראָד געזען אַ קינד, איז עס נישט געווען אַזוי שיין ווי אונדזער שיעלע מיט די זילבערנע לעקלעך. מאַמע, דו מעגסט זיין שטאָלץ מיטן קינד...

אָבער דער טאַטע איז טאַקע גאָרנישט געווען אַזוי גליקלעך מיט דער מאַמעס פּערצענטן קינד. איך האָב וועגן דעם פאַרנומען אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַרשידענע מעשיות, וואָס האָבן אויסגעדריקט דעם טאַטנס אומצופרידנקייט. ווערליג אונדזער ביטערער אָרעמקייט איז אַ וואונדער, אַז עס איז פּאָרט פאַרבליבן לעבן אַזאַ היפּשע צאָל קינדער פון דער מאַמעס טראַכט. די מאַמע האָט זיך תמיד שוואַך דערנערט. די מילך מיט וועלכער זי האָט געזויגן אירע קינדער, איז דאָך געווען אַ מאָגערע, אַן אָרעמע. אירע אַלע דריי טעכטער, שרהלע, טעמעלע און חייעלע, האָבן שווער געהאָרעוועט כדי ווי עס איז צו דערנערן די משפּחה. אָבער עס איז נאָך אַלץ נישט געווען גענוג. דער טאַטע האָט כמעט גאָרנישט פאַרדינט. צו וואָס ער האָט זיך נאָר צוגערירט, איז אַלץ געגאַנגען שלימזלדיק. אַפילו די קרעטשמע ביים וועג האָט אויך נישט געגעבן קיין לייטיש פאַרדינסט, כאָטש אַלע האָבן געהאָרעוועט ווי די פערד אַרום איר. די צאַרישע סטראַזשניקעס האָבן נישט באַצאָלט פאַר די געטראַנקען וואָס זיי האָבן אָפּט געזשליאָקעט. די פּויערים האָבן געטרונקען די שווערע קופּליעס ביר אויף באָרג. די שוועסטערן זיינען ביז שפּעט אין די נעכט געשטאַנען אין דער קרעטשמע און זיי האָבן באַדינט די געסט, אורחים, פאַרבייגייערס, בעטלערס און פּוסט־און־פּאַסטניקעס. זיי זיינען געפאַלן פון זייערע יינגע פיס אויס שרעקלעכער מידקייט. יעדעס מאָל איז מיינס אַן אַנדערע שוועסטער אַריינגעלאָפן אין שטוב אַריין כדי מיך אַ ביסל צוצוּוויגן; כדי מיר צו געבן צו טרינקען אָנגעצוקערטע מילך פון דער מאַמקע און אויך פאַר מיר צו זינגען אַ זיס אידיש קינדער־ליד.

עס פלעגט זיך אויך טרעפן, אַז אין מיטן נאַכט פלעגט זיך פלוצלונג אַריינברעכן דער משוגענער פריץ מיט זיינע פּאַראָבקעס און גוטע ברידער. זיי פלעגן טרינקען ביר, און שפּעטער צעברעכן די פלעשער, די קופּלעס. זיי פלעגן אָנמאַכן אַ פּאָגראָם און נישט באַצאָלן קיין גראָשן פאַרן שאָדן.

---

דעם טאַטנס שלימזלדיקייט האָט מיך תמיד פאַרדראָסן. שוין אַפילו

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך האָב געוואוינט צוזאַמען מיט דער מאַמען אין די בראָנקס, האָט נאָך אַלץ אין מיר געצאַרנט עפּעס אַן אומהיימלעכער פּאַרדראָס פאַר יענע יאָרן, וואָס דער טאַטע האָט אונדז, קינדער, נישט לייטיש דערנערט. איך פלעג דאָס אויף אַן אומגע־לומפּערטן אופן פּאַרוואַרפן דער מאַמען. ביינאַכט, ווען איך פלעג אַהיימ־קומען פון דער דאַון־טאַונער געגנט, פון דער ליטעראַרישער סביבה, פון „קאַפע ראָיאַל״, אַן אומצופרידענער אין האַרצן, אַ באַדעקטער מיטן אָנגע־פאַלענעם שניי, אָדער אַן אויסגעווייקטער פון רעגן, פלעג איך אַריינפאַלן אין דער ענגער, נידעריקער וואוינונג אויף ברוק עוועניו, מיט עפּעס אַ פינצטערער אומהיימלעכקייט. די ווענט פון די חדרים האָבן נאָך געהאַט אויף זיך די צייכנס פון טאַטנס באַרשט און אַפילו פון זיינע הענט, וועז ער האָט אויסגעקאַלכט די שטובן אין זיין לעצטן ערב פּסח. אָבער די וואוינונג פלעגט זיין פול מיט וואַנצן. פון די קעלערס פלעגן אָפּט אַרויפ־קומען ראַצן און זוכן שפּייז. דער הונגער האָט פון זיי אָפּגעטאָן די שרעק פאַר מענטשן. די וואַנצן האָבן מיך געגעסן דורך די נעכט און ממש געטריבן צו משוגעת און פאַרצווייפלונג. די מאַמע איז שוין איצט געווען אַן אַלט, אויסגעמאַטערט מענטש. זי האָט עקשנותדיק אָפּגעלייקנט די עקזיסטענץ פון די פּאַראַזיטן. זי איז געלעגן אין לעצטן, זייטיקן צימערל, צום הויף צו, וואו דער טאַטע איז געהאַט אויסגעגאַנגען מיט עטלעכע יאָר פריער. עס איז אַפילו געווען דאָס זעלבע אייזערנע בעט, אויף וועלכן דער שטאָלצער, קעניגלעכער טאַטע איז געשטאָרבן נאָכן זיך האָבן געמאַטערט לאַנגע חדשים מיט אַ ראַק. די זעלבע וואַנצן, וואָס האָבן געגעסן דעם טאַטנס יסורימדיקן גוף, האָבן אויך מיך געגעסן דורך די לאַנגע נעכט. אָבער עס קען זיין, אַז דער מאַמען האָבן זיי טאַקע נישט אָנגערירט. איך פלעג צוטראָגן די וואַנצן אין מיינע פינגער צוזאַמען מיטן פאַרגרע־סער־גלאָז און מיט כעס זיי געוויזן דער מאַמען. עס איז מיר ממש געגאַנ־גען אין גאַנצן לעבן, אַז די מאַמע זאָל גלויבן און ווערן איבערצייגט, אַז די ווערעם עקזיסטירן טאַקע. אָבער די אומגליקלעכע פרוי האָט פאַרט נישט אָנערקענט זייער עקזיסטענץ. מיך פלעגט דאָס ביטער קרענקען. ביי־נאַכט פלעגט זיך מיר חלומען פון די וואַנצן. איך פלעג זיי זיך פאַרשטעלן אין מיינע קאָשמאַרן אין געשטאַלט פון ריזיקע לייבן, אויסטערלישע טיגערס און צערייצטע לעמפּערטן, וואָס יאָגן מיך נאָך דורך אימהדיקע וועלדער און דזשאָנגלען. איך האָב דערזען די מעשה בראשיתדיקע אור־לאַנדשאַפטן, אוי רוועלכע עס פאַשען זיך מאַסטאָדאָנישע, פאַרמבולדיקע חיות. אין עפּעס אַ טונקעלער קרענקונג פאַרוואָס די מאַמע אָנערקענט נישט די עקזיסטענץ פון די פּאַראַזיטן, האָב איך געטראַכט אונטערצוצינדן דאָס גאַנצע הויז.

די דאָזיקע קריגערייען און קרענקונגען האָבן שיער נישט פאַר־

טונקלט מיין פאַרשטאַנד. דאָס אַלץ באַוויזט נאָר ווי אַזוי די ביטערע לעבנס־באַדינגונגען פון די אביונים און אָרעמעלייט טרייבט זיי צו אומ־זיניקע געשלעגן, נאַרישע קריגערייען און טריוויאַליטעטן. דאָס חזרט זיך איבער אין די אָרעמע היימען, אין טורמעס, שפּיטעלער, אַזילן און טרינק־קעלערן.

עס טרעפט אויך, אַז ווען איך קום אַהיים פון דער שטאָט אַ טויטלעך־הונגעריקער, און די מאַמע גייט אַראָפּ פון איר קראַנקן־בעט אַזאַ שוואַכע און אויסגעמאַטערטע, שוין שווער באַלאָדן מיט דער לאַסט פון איר עלטער, און זי דערלאַנגט מיר דאָס מאָלצייט צום טאַטנס שטיינערנעם טישל אין דער קיך, בין איך אַ ביסל פריינטלעכער צו איר. די גאַנצע צייט וואָס איך קייע שטילערהייט די געשמאַקפולע מאכלים פונם מאָלצייט, רעד איך צו דער מאַמען אין אַ וואַרעמען טאָן. אָבער אָט ווער איך שוין זאַטער. מיינע געדערים פילן זיך אָן. בשעת איך האַלט שוין אין עסן דעם זיסן קאָמפּאָט, וואָס איז געקאָכט פון פלוימען, אָדער פון אַ ביסל רויטלעכן צימעס, דערזע איך פלוצלונג ווי דער טאַטע קוקט מיך אָן אַזאַ בייזער פונם גרויסן פּאָרטרעט אַרונטער, וואָס הענגט אויף דער וואַנט. איך זע באַשיימפּערלעך ווי ער פאַרגינט מיר נישט דאָס ביסל עסן, וואָס די מאַמע דערלאַנגט מיר מיט אַזוי פיל פּאַטעטישער געטריישאַפט. איצט הויבט עס אין מיר אָן אויפסניי צו קאָכן און צו זידן מיט עפּעס אַן אַלטער קרענקונג. צווישן אונדז ביידע, דעם בייזן טאַטן פונם פּאָרטרעט, און זיין ייִנגסטן זון, וואָס איז אַהיימגעקומען צו דער מאַמען נאָך צען יאָר זיין אין אויסלאַנד, און נאָכן האָבן אַדורכגעגאַנגען, ווי אָדיסעאוש, אַ סך צרות און אַוואַנטורעס, צעפלאַקערט זיך אַן אַלט קריגעריי, וואָס גייט געוויינלעך אויס צו דער מאַמען. איך פרעג ברוטאַל ביי דער טרויעריקער זקנה:

— אָבער פאַרוואָס האָסטו גאָר צוגעלאָזט דעם טאַטן צו זיך אין די בעכט פון זיין גלוסטונג, ווען דו האָסט וואויל געוואוסט, אַז ער איז אַ פּוסטער ליידיקגייער; אַז ער פאַרנאַכלעסיקט פאַרברעכעריש דאָס הויז־געזינד; אַז ער פאָרעט זיך אַרום אין די גאַסן מיטן שטעקעלע מיט דער זילבערנער האַנטאַטוקע און ער טוט נישט אַריין אַפילו די האַנט אין קאַלטן וואַסער? מאַמע, פאַרוואָס האָסטו אונדז, פּיצלעך קינדער, געלאָזט פּשוט הונגערן? דו האָסט דאָך באַדאַרפט שרייען. דו האָסט באַדאַרפט זיך ווענדן צו גוטע, באַרמהאַרציקע מענטשן, אַז מען זאָל דיר געבן הילף. דו האָסט נישט געטאָרט שווייגן, מאַמע...

די אָרעמע פרוי האָט נעבעך אַיין ענטפער:

— דער טאַטע האָט זיך געשעמט מיט זיין אָרעמקייט. איך האָב געמוזט שווייגן און דריקן אין זיך דעם פאַרדראָס. אַז איך פלעג אַמאָל פאַר אַ שכנה אויסרעדן אַ וואָרט וועגן דעם הונגער אין דער היים, פלעגט דער טאַטע ווילד פאַנעווען און אַלץ צעברעכן אין שטוב. ער פלעגט באַלד

אַנהויבן צו שפּייען מיט בלוט. איך האָב געוואָלט אויסמיידן אומגליק און סקאַנדאַל. האָב איך געמוזט פאַרשליסן דאָס מויל און פאַרשוויגן מיינע צרות.

אַזאַ סאָרט דיסקוסיע מיט דער מאַמען שפּעט ביינאַכט, ווען די וועלט איז שוין געשלאָפן, קלינגט איצט צו מיר גרויזאַם און באַליידיקנדיק. עס איז געווען עפּעס אַן אומהיימלעכער וויכוח צווישן אַ נערוועזן, אומצע־פרידענעם זון מיטן שאָטן פון אַ שטאַרבנדיקער מוטער.

אין די פרימאָרגנס פלעגט די מאַמע מיר צוגרייטן דעם אָרעמען און ערלעכן פרישטיק, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי אייער מיט ברויט און פּוטער. זי פלעגט אויך אַוועקשטעלן אויפן מאַרמאָרנעם טישל צוויי גלעזער מיט הייסע, שטאַרק אָנגעצוקערטע קאַווע. איך פלעג זיך לעצטנס האָבן איינגערעדט, אַז דאָס ווייסל פונם איי איז פאַר מיר שעדלעך. פלעג איך אַוועקוואַרפן די ווייסלען פון די אייער, נישט באַרעכנענדיק אַז די מאַמע האָט נישט קיין געלט און אַז עס איז דאָך בכלל אַ וואונדער ווי אַזוי זי איז אימשטאַנד צוצוגרייטן אַן אָנבייסן פאַר מיר אין דער פרי און נאָך אַ פליישיק מאָלצייט בייטאָג און אַמאָל אויך אַ וועטשערע אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט. עס איז גאָרנישט פאַראַן קיין גרענעץ צו אונדזער מוראדיקן עגאָאיזם.

טאָג און נאַכט האָלט אויך די מאַמע אין פאַרלאַטען די לעכער פון מיינע אָפּגעטראָגענע מלבושים, וועש און זאָקן. זי נייט צו קנעפּלעך, העקלעך און זאַטשאַסטקעס אויפן אַלטמאָדישן שטייגער. זי פאַרצירעוועט אייביק די וואונדן פון דער מידער און קראַנקער סחורה. דאָס וואָס זי האָט יאָרנלאַנג געטאָן פאַרן טאַטן און פאַר די נאָך יינגע קינדער, טוט זי איצט ווייטער פאַר מיר. עס טרעפט, אַז ביינאַכט, כמעט נאָענט צום באַגינען, ווען עס לעשט זיך שוין אויס אין הימל די פערלדיקע לבנה, כאַפּ איך זיך אויף פון מיין קאַשמאַרפולן שלאָף. איך זע ווי די קליינע, איינגעהויר־קערטע מאַמע זיצט שטילערהייט אין דער קיך און זי נייט, פאַרלאַטעט מיינע אַלטע בגדים, העמדער און שקאַרפּעטן. די זעלבע קליינע, אָבער מעכטיקע און עקשנותדיקע הענט, וואָס האָבן מיט יאָרן צוריק געהאָרע־וועט ביי די מלבושים פון טאַטן און פון די קינדער, זיינען אויך איצט טעטיק, ווען זי איז שוין אַלט, שוואַך, מיד און קראַנק מיט דער לעצטער קראַנקייט פון אַלט זיין... דאָס נאַקעטע, מענטשלעכע וואָרט איז שרעק־לעך אָרעם כדי צו שילדערן אין דער גאַנצער מאַכט די דאָזיקע געטריי־שאַפט צום לעבן און צו איר ראָלע אַלס ווייב, מוטער און שוועסטער צו די אָרעמע מענטשן.

איך זיץ אין פאָדערצימער אויף דער קאַנאַפּע, וואָס דער טאַטע האָט איין מאָל אין אַ טאָג איינגעקויפט אויף דער בויערי. די קאַנאַפּע איז געווען אַן אַלטע און וואַנציקע. זי האָט אַוודאי געמוזט שטאַמען פון אַ רייך

הויז. אָבער זי האָט אין די לעצטע יאָרן געדינט אין אָרעמע הייזער. וואָכן לאַנג האָט דער טאַטע אין אירע פאַרזשאַווערטע ספּרונזשינעס אַריינ־געגאָסן נאַפט און בענזין, כדי צו פאַרסמען די ווערים. אָבער דער כוח פון וואַנציקן לעבן האָט פון דער אָפּגעפּאָרענער קאַנאַפּע זיך נישט געלאָזט פאַרטיליקן. ווינטערצייט, בשעת די גרויסע פרעסט, האָט דער טאַטע אַרויסגעשטעלט די קאַנאַפּע אין דרויסן, אונטערן שניי אָדער רעגן, כדי דאָס לעבן פון די אינסעקטן זאָל דאָרט געפרוירן ווערן און כדי זייערע זוימען זאָלן דורך קעלט און ווינט פאַרניכטעט ווערן. אָבער אין אוני־ווערסאַלן מעשה בראשית פון פרילינג האָט די קאַנאַפּע ווידער אויפגע־לעבט מיטן ווערעמדיקן לעבן, וואָס האָט אַוודאי אויך געמוזט האָבן די הילף פון רבונו של עולם, וואָס שטרעקט אויס אַ וואָרעמע און כישופדיקע האַנט, אָן שום דיסקרימינאַציעס, צו יעדער קרעאַטורס עקזיסטענץ.

איך זיץ איצט אויף דער דאָזיקער קאַנאַפּע און איך בייזער זיך אויפן טאַטן פאַר זיינע לייכטע פּרנסות, פאַר זיין אייביקן דורכפאַל אין לעבן, וואָס האָט דער מאַמען און אונדז, קינדער, פאַרשאַפט אַזוי פיל אומגליק. דער מאַמען פאַרדריסט מיין צאָרן אויפן טאַטן אַזוי פיל יאָרן שפּעטער. אָבער זי היט זיך חלילה קיין מאָל נישט אויסצודריקן איר פאַרדראָס אויף מיר, אויף מיינע שעדלעכע און שענדלעכע רייד. זי ווייסט דעם ריינעם אמת, אַז אירע קינדער גערעטן אַ ביסל אַריין אין טאַטן מיט זיין אומרואיקייט, אומגליקלעכער שטימונג און אומצופרידנקייט מיט זיין לעבן, מיט דער פאַמיליע, מיט דער גאַנצער וועלט.

פונדעסטוועגן, אַז דער טאַטע איז געפאָרן קיין וואַרשע, האָט ער שטאַרק געבענקט אַהיים. די פרעמד האָט אים מוראדיק שלעכט באַהאַנדלט. ער האָט ערשט געקראָגן אַ באַגריף אין דער וועלט ווי ווייניק וויכטיק ער איז פאַר אַנדערע מענטשן. ווי ווינציק מען רעספּעקטירט אין דרויסן זיינע שטימונגען און קאַפּריזן. ווי אַזוי מען קוקט זיך אַפילו נישט אום אויף דעם גאַנצן אומהיימלעכן יחסן. ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט דערפילט די ברוטאַליטעט פון זיין נע־ונד, האָט ער פאַרשטאַנען דעם גאָלד־ווערט פון דער מאַמען, די קנעכטין און מאַרטירערין פון אַן אָרעם הויז; די גרויסע פערזענלעכקייט וואָס שטייגט אַרויס אין אומגליק מיט איר גע־וואַלטיקער ליבשאַפט צום מאַן, צו די קינדער, צו מענטשן בכלל. די איידעלע חברטע פון די שטילע און געשלאָגענע לייט; די אינטימע פריינ־דין פון גאָט; די געדולדיקע כלה פון אָרעמקייט און יסורים.

דער טאַטע פלעגט אַהיימשרייבן בריוו פון וואַרשע אין גאַר אַן אַנדערן לשון ווי געוויינלעך. די מאַמע לייענט הונדערט מאָל איבער די פראַזע „טייערע און האַרציקע רחל־לאה". זי ברעכט אויס אין אַ געוויין. זי איז גאָרנישט געוואוינט צו אַזאַ סאָרט שפּראַך. זי כאַפּט אין דער האַנט דאָס שטיקל פּאַפּיר און זי קושט די טרערנגאַסע אותיות פונם טאַטן. אין איין

רגע פאַרגעסט זי די אַלע ביטערע קללות, באַליידיקונגען און הונגער פון אַ גאַנץ לעבן מיטן טאַטן. דאָס דאַזיקע איינציקע, אַ ביסל מענטשלעכע בריוול פון וואַרשע האָט אָפּגעוואַשן אַ סך יאָרן מיט צער און אומגליק.

איך געדענק: ווען דער טאַטע איז איין מאָל געהאַט אַוועקגעפאָרן, איז אין שטוב געשען אַן אומגליק. מיין עלטערער ברודער פּנחס־וועלוול האָט מיט עפּעס פאַרטשעפּעט די געפּרווירענע שויב פון איינעם פון די טאָפּלפענצטער און זי האָט זיך צעבראָכן. מיר האָבן וואויל געוואוסט וואָס דאָס באַדייט: דער טאַטע וועט אַהיימקומען און ווי נאָר ער וועט דערזען די צעבראָכענע שויב, וועט ער אָנהויבן צו פּאַנעווען. די מאַמע האָט זיך געהאַקט מיט די הענט אין קאָפּ אַריין און זיך געריסן די גרויע האָר אונטערן שייטל. אָבער עס איז פאַרט נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט גאַנץ צו מאַכן די שויב. קיין גלעזער איז נישט געווען אין דער געגנט, כדי אַריינצושטעלן אַ נייע שויב. אונדזער שטוב איז דעמאָלט געווען פול מיט פּחד און מיט שרעקלעכער דערוואַרטונג אויפן טאַטנס אַהיימקומען. מיר זיינען אַלע געווען ווי פאַרמשפּטע מענטשן וואָס וואַרטן אויף דער עקזעקוציע.

דאָך, עס איז געשען אַ נס פון הימל: דער טאַטע קומט אַהיים פון וואַרשע ממש אַ האַלבער מענטש אין געוויכט. ער צעקושט זיך תיכף מיט דער מאַמען אויף דער סאַמע שוועל פון שטוב. ער פּאַלט אַריין אין אירע געטרייע אָרעמס מיט עפּעס אַן אוממענטשלעכן יאָמער, ווי אַ קליינ־טשיק אינגל. די מאַמע האָט טאַקע באַלד צוגעגרייט דאָס שניי־קלאָרע געלעגער. דער טאַטע ליגט שוין טיף אונטערן ציכטיקן און ווייכן איבער־בעט, אַ פאַרפרווירענער פון איבערלעבענישן. דאָס פּנים איז ביי אים בלייך ווי קרייד. זיין באָרד איז געוואָרן גרוי ווי ברודיקער שניי. די באַקן זיינען איינגעפאַלן און מיד. די איינע נסיעה האָט אים פּשוט אַלט געמאַכט און צוגעאיילט זיינע יאָרן. אַזוי האָט אַוודאי געמוזט אויסזען אַדיסעאוש, ווען ער האָט זיך נאָך אַ סך וואַנדערונגען און אַוואַנטורעס אומגעקערט צו זיין געטריי ווייב, די רירנדיקע פּענעלאָפּע, אַ געעלטערטער און טרויעריקער מאַן.

איך זע ווי דער טאַטע ליגט צווישן די בערג מיט קישנס — אַ האַלבער מת. די וועלט איז נישט קיין וואַרעמע און ברידערלעכע היים, שיינען צו זאָגן זיינע פיבערישע אויגן. די מאַמע טראָגט צו וואַרעמע גלעזער מיט אָפּגעצוקערטע באַוואַרקע צום בעט. די מאַמע, אַן אייביקע דינסט, באַדינט אים איצט ווידער. עפּעס פרעגט דער טאַטע פּלוצלינג, זיך אויפזעצנדיק אויפן בעט, וואָס עס איז געשען מיט דער שויב. די מאַמע הויבט אָן הכנעהדיק צו וויינען און צו בעטן דעם טאַטן, אַז ער זאָל זיך נישט נעמען צום האַרצן „דאָס אומגליק". עס איז געשען אַ נס: דער טאַטע איז געווען אַזוי שרעקלעך פיזיש אָפּגעשוואַכט, אַז ער האָט עפּעס

נישט רעאַגירט אויף זיין געוויינלעך אויפגערעגטן שטייגער. ווער ווייסט, טראַכט איך, אפשר האָט ער פּאָרט עפּעס געלערנט זייענדיק אַ קורצע צייט אין דער פרעמד...

אָבער עס געדויערט נישט לאַנג און דער טאַטע קומט צוריק צו די כוחות. ער שטייט אויף אין איין פרימאָרגן פון בעט אַ קאַלטער, גרויזאַמער צאַר. ער איז ווידער אין זיין נאַטירלעכן, רשעותדיקן עלעמענט. ער שרייט, בייזערט זיך און ער צעברעכט דאָס מעבל אין שטוב. קליין איז ווידער דאָס שטיקל אָרעמע מאַמע, נאָך קלענער ווי אַ פייגעלע וואָס שטייט אויפן ראַנד פון פענצטער און עס זוכט אַ קערענדל. —

אונדזער הויז אין פּיטשינקן שטעטעלע באַבריניק איז געשטאַנען ביי דער שול און עס איז געווען אַ נידעריק הייזעלע, מיט אַ שטרויענעם דאַך. די פענצטער פון אונדזער הים זיינען געווען געווענדט צו די פענצ־טער פון דער שול, וואו עס האָבן אין דער הויך געלויכטן קאַנדעליאַברעס, לייכטערס און מנורות. דאָס שטעטל באַבריניק איז געווען קיילעכדיק ווי אַ פעסטונג, מיט הייזלעך אַרום. אינמיטן שטעטל איז געשטאַנען אַ רונד, ברודיק וואַסער, ביי וועלכן די קינדער האָבן זיך געשפּילט. דאָס דאָזיקע וואַסער, וואָס מען האָט גערופן „דער „וויעפּש", איז ביי דעמבלין אַריינגע־פאַלן אין דער ווייסל, וואָס איז געווען וויכטיק פאַרן עקאָנאָמישן וואויל־שטאַנד פון די אידן אין יענער געגנט. איוואַנגאָראָד איז געווען נישט וויט פון באַבריניק. מען פלעגט אַהין גיין צופוס. איוואַנגאָראָד איז געווען אַ גרויסער באַנפונקט, וואו מען האָט געמוזט איבערשטייגן, כדי צו פאָרן אין פאַרשידענע ריכטונגען פון פוילן. אויך האָט די אידישע באַפעלקערונג געהאַט פרנסה פון דער צאַרישער פעסטונג. די מתים פון איוואַנגאָראָד פלעגט מען טראָגן קיין באַבריניק מקבר צו זיין אויף אונדזער היימישן בית־עולם. מיינע גאָטזעליקע זיידע און באָבע ליגן אויך אין מיין באַשיי־דענעם געבורטס־שטעטל. צעקריגטע פאָרלעך פלעגן קומען אין אונדזער מקום, כדי זיך צו גטן.

איך ליג אין הילצערנעם וויגעלע און איך זע האַרציקע מלאָכים, מיט לאַנגע בערד ווי ביי אונדזערע זיידעס, וואָס באַשיצן מיך טאָג און נאַכט. איך הער די טייערע קינדער־לידער, וואָס מיינע שוועסטערן זינגען צו מיר. זיסע אידישע קינדער־לידער, וואָס קיין שום פאָלק האָט נישט זייערס גלייכן. דאָס געזונטע און היימישע אידיש לשון אויף מיינע שוועס־טערס גאָלדענע ליפּן שמעקט זיס ווי צימערינג. אמת, די מאַמע קרענקט אָפּט אונטער. אָבער אירע דריי צאַרטע טעכטער בליען זוניקע. זיי קושן מיך און איך האָב שוין הנאה פון מיין קליינער עקזיסטענץ אונטער די שטערן. איך הער אויך די שיכורע געשרייען און זידלערייען, וואָס דער־גרייכן צו מיר פון די פּויערים אין דער שענק. די גרויסע וואַנטזייגערס קלינגען אויס די שעהן. די בראַנדזענע וואָגעס פאַלן ברודיקע אַרונטער

צו דער פאָדלאָגע. איך טו שוין אַן אַרבעט אויך: איך צי אַרויף די קייטן פון די וואַגעס... עס באַזוכן אונדז פעטערס, מומעס און גלאַט אַזוי גוטע שכנים. זיי קוקן אָן „דאָס קינד". זיי רעדן צו מיר אויף אַ געשמאַקן, געטרייען אידיש. איך וואַקס אויס אַ מילגרוימיש־באַלאַדענער מיטן קערנ־דיקן אידישן לעבן, מיט אידישער אָרעמקייט אין מיינעביינדלעך. איך קוק שוין אַריין אין די פּנימער פון מיין גרויסער משפחה. איך הויב זיי שוין אָן צו דערקענען. איך לערן זיך אויס זייערע אויסדרוקן, מינעס און הוויות. זייערע געזיכטער און כאַראַקטערן בלייבן שטיין ביי מיר אויף אייביק, ווי אומצעשטערבאַרע מאָנומענטן פון אייזן און מאַרמאָרשטיין.

## דער גאַלאַנטער מערדער

מיר האָבן דעמאָלט געוואוינט אין דערפל סאָסנאָווו, אין לובלינער קאַנט. צו יענער צייט, אַרום יאָר 1918, איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אַ רויב־מאָרד ביי אַ רבין. איך געדענק שוין נישט גענוי די פאַקטישע איינצלהייטן. דער רבי איז גראָד אין יענער נאַכט נישט געווען אין דער היים. דער מערדער פון דער רביצין און פון זייער דינסטמיידל, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז געווען אַן אייגענער פון דער משפחה. מיר דאַכט זיך, אַז עס איז גאָר געווען דעם רבינס אַ פּלימעניק. יעדנפאַלס, אַ יינגערמאַן וואָס איז געגאַנגען אויף קרומע וועגן. מען האָט אים גערופן ביעניק. מיר האָבן יעדן טאָג געלייענט אין די וואַרשעווער יידישע צייט־טונגען דעם פאַרלויף פון דער בלוטיקער דראַמע. דער מערדער איז געהאַט אַנטלאָפן און מען האָט אים קיינמאָל נישט געכאַפּט. אָבער ביי אונדז אין דאָרף האָט זיך פּלוצלונג אין איין שיינעם, זומערדיקן טאָג באַוויזן אַ יינגערמאַן, וואָס האָט אויסגעזען גענוי אַזוי ווי דער געשילדערטער פאַרברעכער. מיר האָבן אים טאַקע געגעבן דעם רוצחס נאָמען — ביעניק. איבערהויפּט האָט אים דער טאַטע דערקענט לויט די פאָטאָגראַפיעס און שילדערונגען אין די צייטונגען.

ביעניק, געדענק איך אַזוי ווי היינט, איז געווען עלעגאַנט געקליידעט. אין דער סביבה פון פּויערים, צווישן וועלכע מיר האָבן געוואוינט, האָט מען זעלטן געזען אַזאַ מין פאַצעט. ער האָט געטראָגן אַ פיין־געפּרעסטן, טונקל־ברוינעם אַנצוג, אַ ווייכן קאַפּעליוש מיט אַ גרין פעדערל, לאַקירטע שיך. ער האָט געטראָגן אויף דער האַנט אַ רעגנמאַנטל פון אויסגעצייכנטן שטאָף און ער האָט אויך געהאַט אַ פיינעם פּאַראַסאָל. ער איז געווען הויך און שלאַנק אין וואוקס. ער האָט אויסגעטאָן די ווייסע הענטשקעס און זיינע ביידע אײדעלע הענט האָבן אויפגעלויכטן מיט גאָלדענע סיגנעטן און טייערע איידלשטיינער. ער איז געווען אַן אמתער דזשענטלמאַן, מיט געשליפענע מאַניערן. ער האָט גערעדט שטיל, מיט אַ סאַמעטענעם קול.

ער האָט זיך פריינטלעך צוגעבויגן צו דעם מיט וועמען ער האָט גערעדט. ער האָט געזאָגט צו מיין מאַמען:

— געגעדיקע פרוי, איר קענט מיר אפשר פאַרדינגען אַ צימער אויף אַ וואָך אָדער אויף אַ גאַנצן חודש?

— וואָס וועט איר דאָ טאָן איינער אַליין? — האָט די מאַמע געפרעגט.

— אַ ווייב האָט איר?

— מיין פרוי איז געפאָרן צו אירע קרובים קיין ווין. איך אַליין בין אַ ביסל שלאַף. איך הוסט און שפיי אַמאָל אויך מיט בלוט. דאָקטוירים האָבן מיך געהייסן פאָרן אויף „לעטני וואוינונג" (דאַטשע). איך באַדאַרף אָטעמען מיט ריינער, דאָרפישער לופט. האָט איר אַן אייגענע קו אָדער אַ קאָזע? איך וואָלט באַדאַרפט טרינקען יעדן אין דער פרי אַ קוואָרט ערשט־אויסגעמאָלקענע קאָזע־מילך. — האָט ער שטיל גערעדט.

די מאַמע און איך האָבן אים אָנגעקוקט מיט שטוינונג. אַזאַ רייכקייט אין זיינע מלבושים! עפּעס באַהאַלט זיך אין אים אַ פּריצס אַ זון. ער האָט געקוקט אויפן גאָלדענעם זייגערל איבערן עלנבויגן פון זיין רעכטער האַנט און עס האָט אָפּגעלויכטן אַנטקעגן דער זון ווי אַ בלוטיקער פלעק. עס האָט פון אים געווייעט מיט שטרענגער געהיימניש. פון וואַלד אויס איז אַרויסגעגאַנגען אַ פאַרברעכער, אַ שלאַנג. דער טאַטע איז גערעכט: ער האָט דערהרגעט אין וואַרשע די רביצין. ער האָט געשענדעט דאָס היימישע דינסטמיידל, אַ קינד פון אַן אָרעמער אידישער פאַמיליע. ער האָט ביידע פרויען ברוטאַל געשלאָגן פאַרן טויט. דאָס איז דער מאַן וואָס האָט פאַרגאָסן בלוט.

די זון האָט ברייט אַריינגעלויכטן דורך די אָפענע פענצטער. ביעניקס לאַנגע הענט זיינען געוואָרן רויט ווי בלוט. ער האָט זיך דערשראָקן. ער האָט גיך צוריק אַרויפגעצויגן איבער די הענט די ווייסע הענטשקעס. ערשט איך זע ווי רויטע בלוט־טראָפּנס רינען פון די הענטשקעס. מערדער! דאָס פאַרברעכן גייט דיר נאָך, ווי קינען, טאָג און נאַכט.

— איך וויל ביי אייך דינגען בלויז אַ באַשיידן צימער אין דער זייט פון הויז. בעסער צום הויף צו. איך וועל אייך נישט שטערן. איך פאַרלאַנג בלויז איין מאָלצייט אַ טאָג. אַ שטיקעלע עוף אָדער שעפּסנפלייש. געוויינ־לעך עס איך נישט צו פיל. מיין אַפּעטיט איז לעצטנס אַ קנאַפּער. איך נויטיק זיך בלויז אין רו. איך באַדאַרף האָבן שטילקייט. קיינעם פון די אַרומיקע שכנים איז, פאַרשטייט זיך, נישט נויטיק צו דערציילן אַז עמעץ וואוינט ביי אייך. — אַזוי האָט ער זיך ווי איינגעבעטן צו וואוינען ביי אונדז.

דער פאַרברעכער האָט נויטיק רו און שטילקייט... דאָס איז דאָך ביעניק. ביינאַכט, ווען די לבנה וועט אויפלויכטן, וועט ער אונדז אַלעמען אויסשעכטן. ער וועט זיך אָפּשטעלן אין זיין פלוכט ערגעץ וואו ביי אַ זיל־

בערנעם טייכל און שטילערהייט אָפּוואַשן זיינע פאַרבלוטיקטע הענט. ער וועט זיך אין דער פרי אָפּגאָלן די האַרטע, גזלנישע באָרד. ער וועט צוריק אָנטאָן אויף די פינגער די מאַסיווע סיגנעטן מיט די קאַלטע ברי־ליאַנטן. ער וועט גרייפן דאָס לעדערנע רענצעלע, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיטן אָנגערויבטן צירונג פון דער רביצין, וואָס וואַרשעווער כלה־מיידלעך האָב ביי איר באַהאַלטן. ער וועט אויך מיטנעמען דאָס דיקע, פּוילישע בוך, וואָס ער טראָגט אונטערן אָרעם (וועלכע קרימינאַל־נאָוועלע לייענט דער מערדער?). ער וועט זיך שפּאַצירן פּאַמעלעך אויף דער אַנדערער זייט וואַלד, כדי צו זוכן אַ צימער מיט אַ פענצטער; מיט אַ גרינער, דופּטיקער לאָנקע. ער וועט אַ סך רוען. ער וועט זיך פּרואוון אויסבאַהאַלטן פון מענטשנס נייגעריקע אויגן. ער וועט זיך טיף און טונקל פאַרבאָרגן פון געזעץ. ער וועט טרינקען אַ גלעזעלע וואַרעמע קאָזע־מילך. ער וועט דערבאָך ערגעץ־וואו אין דער נאַכט אויפּסניי שעכטן און דערשטיקן מענטשן און די אידלשטיינער אויף זיינע אידעלע פינגער וועלן בלוטיק לויכטן אין דער חושכדיקער נאַכט.

די מאַמע זאָגט צו אים:

— גייט זיך ווייטער, יינגערמאַן. זוכט זיך אויס אַ צימער ביי אַ פויער. ביי אונדז, זעט איר דאָך אַליין, איז היפּשלעך ענג. מיר האָבן נישט קיין איבעריק פּלאַץ.

אין דער אמתן האָט די מאַמע געוואָלט זאָגן דעם ריינעם אמת: מיין מאַן קען נישט פאַרטראָגן קיין רויבערס. מיין מאַן האָט פיינט מער־דערס. ער קען איין אויסגעצייכנט. ווי נאָר ער וועט אַהיימקומען און אייך דערזען, וועט ער דערשנאַפּן בלוט.

אָבער ביעניק איילט זיך גאָרנישט צו גיין ווייטער. עס איז דאָ פּאָרט אַ אידיש הויז. ער בעט ביי דער מאַמען אַ קליינע טובה:

— איך זע, אַז איר האָט אידישע גאַזעטן. איך וויל אַ ביסל אַריינ־קוקן אין די בלעטער, כדי צו זען וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

די מאַמע דערלויבט אים. זי דערלאַנגט אים אַ פּעקל וואַרשעווער צייטונגען. ביעניק זיצט אויף דער וועראַנדע. דעם קאַפּעליוש האָט ער פאַרזיכטיק אַוועקגעלייגט אויפן טישל. זיין בלאַסער שטערן איז פאַר־שוויצט. ער טוט אויס די קאַמאַשן און ער לייגט אַוועק זיינע מידע פיס מיט די זיידענע שקאַרפּעטן אויף אַ טאַבורעטקע. קענטיק, אַז ער לעכצט נאָך אַ ביסל אָפּרו. אונדזער הינטעלע ראָזעטקאַ האַווקעט די גאַנצע צייט. מען קען אפשר אָפּנאַרן מענטשן, אָבער נישט קיין חיה. די חיה ווייסט ווער ביעניק איז. זי האָט דערשנאַפּט — בלוט!

ביעניק מישט די אידישע גאַזעטן און איך אָבסערוויר פון אַ ווינקל אויס וואָס אַזוינס ער לייענט. דער לייענער האָט געטראָפן: ער לייענט טאַקע די באַשרייבונגען פון דעם מאָרד אין וואַרשע. איך בין שוין אַפילו

גענוג דערוואַקסן כדי צו קענען אָפּשאַצן זיין אויפפירונג און כאַראַקטער. ער לייענט און לייענט. ער זעטיקט זיין קראַנקע נייגיריקייט מיט דער קרימינעלער כראָניק. דערנאָך בלייבט ער זיצן טרויעריק און שוויגנדיק. ער דרימלט איין. דאָס היטל ווערט סוף־כל־סוף מיד פון בילן. עס לייגט זיך אַוועק מיט זיין הינטישן גוף אויף דער קילער שוואַרצער ערד און עס מאַכט אויך צו די אויגן. דער הימל איז לויטער און פאַרנאַכטיק־פריש אַזוי ווי ערשט געמאַלעוועט. די זון ציטערט אויפן אַנגעגליטן האָריזאָנט. דער ווינט מישט די זיידענע בלעטלעך פון דעם אָפענעם ראָמאַן, וואָס ליגט אויפן טישל. דער איינציקער פינצטערער מענטשנפלעק זיצט דאָ, אויפן גאַנעק. די אידישע ציטונגען גליען אין זיינע גזלנישע הענט.

דערוויילי, מיטן דאָרפישן וועג, פון צווישן די רואיקע בוימער אַרויס, קומט שטיל אָן דער טאַטע אין זיין ווייסן, ברייטן כאַלאַט, ווי איינגעהילט אין ערשט־געפּאַלענעם שניי. ער טראָגט אונטערן אָרעם דאָס שאַכטעלע מיט זייגערלעך, וואָס קלאַפּן שטיל און ריטמיש אין זייערע זילבערנע און איזערנע קאָפּערטעס. זיי מינצן צייט אויף פיצלעך רגעס און מינוטן.

ביעניק דערוואַכט פלוצלונג און דערשרעקט זיך. אַזוי דערשרעקט זיך דער זינדיקער קייסער ביים אָנקוק פונם אַכזריותדיק־שטרענגן נביא, וואָס שטעלט פאַר הימלישע שטראָף און פאַרפאָלגונג פאַר פאַרברעכנס און אויסגעלאַסנקייטן. דער טאַטע האָט אָן אינסטינקטיוון, כמעט חיהשן חוש. ער דערשמעקט פאַרברעכערישקייט אין דער נאַכט. דער טאַטע פילט בלוט אויף אַ מענטשנס גזלנישע הענט; פאַרטריקנט בלוט פון אומשולדיק־אומגעבראַכטע מענטשן. דער טאַטע האָט פריוויליק אויסגעוויילט ביטערע נויט און אָרעמקייט, אַבי נישט צו דאַרפן אָפּנאַרן אָדער באַרויבן מענטשן.

ביידע אידן באַגריסן זיך. אָבער רעזערווירט און פאַרדעכטיקט. איינער פילט זיך אומהיימלעך אין דער געזעלשאַפט פון אַנדערן. דער טאַטע האָט שטרענגע, אַדורכדריגנעגנדיקע אויגן. ער איז אימשטאַנד אַדורכצוקוקן מענטשן דורך זייערעביינער ממש. דורך איזערנע מאַסקעס וועט ער דערשפּירן דאָס נאַקעטע פנים פונם קאַלטן גזלן. דער רוצח ציטערט אויף אין דער אַנוועזנקייט פון אַ ריינעם, ערלעכן מענטש. דער טאַטע זאָגט רואיק, אָבער שטרענג:

— עס ווערט שפּעט. עס איז שוין ערב־נאַכט. ייגגערמאַן, איר באַדאַרפט דאָ נישט זיצן. גייט אַריין אין וואַלד. איר וועט קענען איבערנעכטיקן ביי אַ פויער. דאָ, אין מיין געגנט, שמעקט מיט סכנה פאַר אייך...

— אָבער עס ווילט זיך דווקא זיין צווישן אייגענע, צווישן אידן! — מורמלט שטילערהייט און דעמאַגאָגיש דער פרעמדער מענטש. זיינע ווערטער קלינגען איצט אָפּ דווקא אויפריכטיק. ערגעץ־וואו, אין זיין

פאַרשאָלטן נפש, איז ער שוין באַצייטנס מיד פון פאַרברעכן. חרטה האָט ביי אים שוין אַלט געמאַכט דאָס יינגע פּנים. פון די צעבויגענע און פאַר־בראָכענע הענט ווײַנט איינזאַם אַראָפּ דאָס פינצטערע גאָלד. דער ווינט האָט פאַרמאַכט דאָס דיקע נאָוועלן־בוך. דאָס הינטל האָט זיך אויפגעכאַפּט, דער־הערנדיק דעם טאַטנס רייד. עס לויפט צו צו זיינע פיס און האָקוועט צאַרנדיק אויף ביעניקן, ווי עס וואָלט דעם טאַטן געוואָלט אָנווייזן אויפן מערדער.

— איצט באַדאַרפט איר דווקא אויסמיידן אידן. עס וועט זיין פאַר אייך געזינטער. איבעריקנס, גאַנץ פוילן איז איצט ענג פאַר אייך. קיין שום וואַלד־טיפעניש וועט אייך נישט קענען אויסבאַהאַלטן פון עסטרייַ־כישן געזעץ. די זשאַנדאַרן קומען דאָ יעדן טאָג כדי צו זוכן באַנדיטן. מען וועט אייך כאַפּן, גיך משפּטן און אויפהענגען אויף אַ טעלעגראַפן־סלופּ אינמיטן מאַרק! — זאָגט דער טאַטע אָפן און ברוטאַל.

די מאַמע שטייט אין אַ ווינקל און קנייפּט זיך די באַקן. זי וויל וואָרענען דעם טאַטן, אַז ער זאָל אַזוי נישט דברן. ביעניק ציטערט אויף. ער איז איבערראַשט פון טאַטנס אָפענע דיבורים. ער האָט נישט דער־וואַרט אַזאַ סאָרט לשון פון מיין טאַטנס ליפּן. צום ערשטן מאָל האָט ער דערזען פאַר זיך אַ מאַן מיט כאַראַקטער און געוואַגטקייט אין אויסדרוק. ער האָט פאַר אים געקראָגן דרך־ארץ. אָבער ביעניקס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט גויאישער רציחה. מען האָט לייכט געקענט דערקענען, אַז ער איז איצט באַוועלטיקט פון איין פאַרלאַנג: אומצוברענגען דעם דאָזיקן געפערלעכן איד.

אָבער דער טאַטע האָט אים אַפילו נישט געגעבן קיין צייט צו טראַכטן און אפשר צו אַנטוויקלען אין אים דעם גלנישן רעיון. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הויך און באַפוילן ביעניקן ווי אַ קליינ־טשיק אינגל זיך תיכף צו פאַרנעמען פון זיין הויז און צו גיין ווייטער.

אַ געפאַלענער ביעניק האָט איצט גיך און נערוועז צונויפגענומען זיינע זאַכן און זיך איילנדיק געטראָגן איבערן דאָרפישן וועג, צום וואַלד צו. ראָזעטקאַ איז אים נאָכגעלאָפן אַ שפּאַר שטיק וועגס און אַלץ געהאַוו־קעט און אויף זיין הינטיש־אומבאַהאָלפענעם אופן פאַרמסרט דעם רוצח. שפּעטער האָט זיך דאָס הינטל צוריקגעקערט און גענומען הכנעהדיק לעקן דעם טאַטנס פאַרשטויבטע שטיוול. ערגעץ־וואו האָבן בײדע, מיין טאַטע און די חיה, זיך דערקענט אויף אַ רוצח, וואָס האָט פאַרגאָסן מענטשלעך בלוט. די מאַמע האָט אויסגעזען שטאַרק נערוועז. ווען דער טאַטע איז אַריינגעקומען, האָט זי שנעל פאַרריגלט די טיר און דערנעבן צוגערוקט אַ מולטער און די באַליע. דער מאַמעס פּנים האָט אויסגעדריקט פּחד.

# די קייסערינע פון שבא

די מאַמע האָט ליב געהאַט אָפּט אַריינצוקוקן אינם טייטש־חומש און צו לייענען די זיסע דערציילונגען וואָס זיינען געווען דערינען. זי האָט אויך געהאַט אַלערליי דינע און איידעלע מעשה־ביכלעך, פאַרגעלטע ווי בלעטער אין הערבסט אָדער ווי די פולע לבנה אין ראש־חודש. די מאַמע פלעגט מיר דערציילן, שיילנדיק די געפרוירענע קאַרטאָפל פאַרן היימישן מאַלצייט מיט אירע רעוומאַטיש־אויסגעקרומטע הענט, וועגן דער העלדי־שער מוטער חנה און אירע זיבן זין, וואָס ווערן אומגעבראַכט אויף אַ ברוטאַלן שטייגער על קידוש השם, זיך נישט ווענדיק בוקן צום געץ פון נבוכדנצר. זי האָט פאַר מיר אויך אין פּאָעטישע ווערטער געשילדערט דעם גרויסן קייסער און באַזיגער פון רומרייכע מדינות, אַלעקסאַנדער מוקדון, פאַרזיכערנדיק מיר, אַז זיין פּנים איז געווען ענלעך צום פּנים פון אַ מוראדיקן לייב. זי האָט שטאַרק געוויינט ווען זי האָט מיר אי־בערגעגעבן משה רבינוס רירנדיקע תפילה צו גאָט, אַז ער זאָל זוכה זיין צוזאַמען מיט די אידן אַריבערצוטרעטן דאָס לאַנד כנען, און ווי אַזוי ער האָט נעבעך נישט געוואָלט שטאַרבן. אין יענע רגעס האָב איך צום ערשטן מאָל דערפילט דעם גרויל און ביטערניש פון טויט. אָבער שענער פאַר אַלץ האָט די גאָטזעליקע מאַמע, זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז אין ליכטיקן גן־עדן, דערציילט די זעלטענע געשיכטע פון דער הערלעכער קייסערינע פונם לעגענדאַרן לאַנד שבא. וויפיל מאָל איך האָב שוין וואויל געהערט די שיינע מעשה, פלעג איך קיינמאָל נישט מיד ווערן און איך פלעג זיך תמיד אויפדאָסניי בעטן ביי איר:

— מאַמעשי־קרוין, דערצייל אונדז די מעשה פון דער מלכה פון שבא!

דאָ פלעגט זיך די מאַמע גליקזעליש צעשמייכלען און זי פלעגט עפּעס אַליין אויך ענלעך ווערן צו דער קעניגין פונם לאַנד שבא, וואָס איז פאַר־צייטנס געקומען באַזוכן דעם גרויסן חכם און וועלט־באַרימטן מלך שלמה. די מאַמע איז געוואָרן בלייך אויפן פּנים און שלאַנק אין גוף און האָט זיך שטאָלץ אויפגעשטעלט אַזוי ווי די טונקעלע קייסערינע פון אַביסיניע. די מאַמע איז געווען אָרעם ווי די נאַכט. אָבער דאָס נס איז געשען: דורכן פענצטער איז פאַרגאַנגען די דאָרפישע זון און אָנגעטאָן דער איי־דעלער מאַמען אין אַלטמאָדישער גאָלדענער צירונג. די מאַמע האָט גע־קראָגן דער מלכה שבאָס פּנים און איז איצט געווען אָנגעטאָן אין זיידנוואַרג ווי אַן אמתע קעניגין.

— ...און די קייסערינע פון לאַנד שבא איז אָנגעקומען קיין ירושלים מיט אַ זייער גרויסער הערשאַר; מיט מרה־שחורהדיקע און פלעגמאַטישע קעמלען, וועמענס האָרבן זיינען געווען שווער באַלאָדן מיט איר האָב־און־גוטס. די קעמלען האָבן מיטגעשלעפּט מיט זיך היפּשע פאַרמעגנס און

אוצרות. אַ שטייגער: פיל געווירץ, שמעקעדיקן צימערינג און אויך פעפערוואַרג; כלערליי געטריקנטע פּירות, וואָס האָבן ממש פאַרשמעקט די לופט פון גאַנץ ירושלים. דהיינו: טייטלען און איילבירטן; פייגן וואָס האָבן אויסגעזען ווי שטיקער גאָלד; אויך באָקסער און צייטיקע באַרנעס; אַפילו אַלערליי עפּלוואַרג און רוזשנע פלוימען פון די געדיכטע סעדער אין אַפריקע. דערצו זיינען אַ צאָל קעמלען געווען באַלאָדן מיט גאָלד און מיט זעלטענע איידלשטיינער, אַזש געבראַכטע פון אינדיע און פון לאַנד אופיר; דערצו נאָך הערלעכע שניצערייען אין שמעקעדיקן האָלץ און העלפאַנטביין; קאָסטבאַרע זיידנוואַרג און כלערליי טייערע געוועבעכצן, אָריענטאַלישע האַנטווערק און קונסטווערק. הכלל, די קייסערינע פון לאַנד שבא האָט געשאָנקען צום וואונדערלעכן קייסער שלמה אַן אוצר פון גאַנצע הונדערט און צוואַנציק צענטנער מיט ריינעם גאָלד.

— טייערע מאַמע! זאָג אונדז אויס געגוי און וויראַזשנע וויפיל אַ שטייגער זיינען דאָס הונדערט און צוואַנציק צענטנער גאָלד? — האָב איך זיך נאַרישערהייט געפרעגט ביי דער גוטער מאַמען. ווארום, עס זאָל נישט אויסגערעדט זיין, דעמאָלט און אפשר היינט צו טאָג אויך, האָב איך צום באַדויערן נישט געגוי געוואוסט וויפיל אַ שטייגער עס איז אַ צענטנער מיט גאָלד.

עס איז אַוודאי אונדזער ליבער מאַמען געווען אַ ביסל שווער מיר אַקוראַט און פּרעציז צו ענטפערן. ווארים זי האָט נעבעך וואויל אַליין נישט געוואוסט. אויסער די שווערע, אייזערנע געוויכטער, מיט וועלכע זי האָט געוואויגן שפּייז אינם געוועלבל פאַר פויערשע קונים, און חוץ די איידעלע שטיקלעך גאָלד פון זון־אונטערגאַנג אויף דער היימישער שוועל, האָט זי נישט געוואוסט מיט וואָס מען עסט דאָס גאַנצע הונדערט און צוואַנציק צענטנער גאָלד. און, ביזן היינטיקן טאָג, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, ווייס איך נאָך אַליין אויך נישט. אָבער אין מיין קינדישער פאַנ־טאַזיע האָב איך געזען ממש בערג מיט גאָלד, וואָס די פאַרמאַטערטע קנעכט שלעפּן נעבעך איבער די הייסע, טרוקענע מדבריות אַזש פונם ווייטן, אומבאַקאַנטן לאַנד שבא. און וויפיל אָרעמע שקלאַפן שטאַרבן עס אַוועק אויף־י וועגן, פירנדיק די אוצרות פון עפּעס אַ צעמישטער פּרוי, וואָס שלעפּט זיך איבער דער וועלט אין איינזאַמקייט. די אַלע קנעכט און באַ־גלייטערס פון דער קעניגין האָב איך ממש געזען שטיין לעבעדיקע פאַר מיינע אויגן. זיי זיינען ענלעך געווען צו די פויערים און פאַראָבקעס פון אונדזער דאָרף.

די גוטע מאַמעשי, שיילנדיק די קאַרטאָפל פאַר דער אָרעמער וועטשערע, רעדט ווייטער מיט קאַפּיטלעך פּראָזע פון „דברי הימים". לאָמיר נישט, איך בעט אייך, איבערשלאָגן די האָניק־זיסע מעשה פון דער מלכה שבא...

— און די שיינע קייסערינע איז גאָט־צו־דאַנקען און צו לויבן דעם וואָס לעבט אייביק ענדלעך אָנגעקומען צום קעניג שלמה און זי האָט וואויל געהערט פון זיין גוטן שם, פון זיין וואַזשנעם רייכטום און שיינקייט אַלס אַ מאַנספּאַרשוין און אויך פון זיין גרויסער חכמה איבער גאָר דער וועלט. זי האָט צום מלך גערעדט וועגן אַלץ וואָס עס איז געווען אין איר געמיט צו רעדן. דער קעניג שלמה האָט פאַר איר גרינג באַשיידט אַלע רעטענישן און אַלץ וואָס האָט דורך אַ סך נעכט געפּייניקט איר ווייבלעך האַרץ. עס איז נישט געווען קיין שום זאַך וואָס זאָל געווען זיין פאַרבאָרגן פון דעם מלך, און זיין אָפּנהאַרציקייט איז געווען וואונדערלעך. די קעניגין פון שבא האָט וואויל געזען די גאַנצע חכמה פונם מלך און זי האָט באַוואונדערט דאָס הערלעכע הויז וואָס ער האָט געבויט. די קעניגין האָט אויך, מען קען עס גאַנץ אָפן דערציילן, געהאַט אַ גאַנץ לייטישן אַפּעטיט, מחמת זי איז געקומען פון אַן אָרעמער מדינה וואו אירע בירגער האָבן אָפט נישט געגעסן צו דער זעט. זי האָט געגעסן פון די טייערע מאכלים פון קעניגלעכן, ראָסקאָשנעם טיש פון דעם באַרימטן מלך שלמה, וואָס אַזאַ שוואוילטאָג און עשירות האָט זי פון איר קינדהייט אָן נישט געזען אין איר אייגן לאַנד. זי האָט אויך היפּש געטרונקען פון די ריזיקע פלעשער מאַלאַגאַ און טאָקאַיער, וואָס מען האָט סערווירט מיט שטיקער אייז אויף גאָלדענע בעכערס (אויפן אַמעריקאַנער שטייגער). די קעניגין שבא האָט אויך שטאַרק באַוואונדערט די וואויזונגען פון שלמה המלכס קנעכט און די גרויסע אָרדענונג פון זיינע דינערס (כאָטש דער באַשיידענער מחבר פון די דאָזיקע שורות דערלויבט זיך אַ קליינע באַמערקונג פון סאָציאַלן כאַראַקטער: ווייט נישט אַלע דינערס זיינען מסתמא געווען אַזוי שטאַרק צופרידן מיט שלמה המלכס אָרדענונג און מיט זיין הערשאַפט). זי איז אויך געווען אַנטציקט פון זייערע קליידער און אַפילו פון דעם קעניגס ווײַנשענקערס, וועלכע זיינען איר שטאַרק געפעלן. זי האָט אויך גערעדט מיט לויב פון דעם קעניגס בראַנדאָפּער, וואָס ער האָט מקריב געווען אין הויז פון דעם האַרן און זי האָט מיט אַ גליקלעך פּנים געזאָגט צום מלך שלמה:

— די זאַך איז טאַקע אמת געווען וואָס איך האָב וואויל געהערט אין מיין לאַנד וועגן דיין געוואַלטיקער קלוגשאַפט, און פון דיין הערלעך געשטאַלט. איך בין פשוט איבערראַשט פון דיין גבורה. איך האָב פריער, איך בין זיך מודה, די אַלע שיינע מעשיות אסור נישט געגלויבט, ביז איך האָב זיך אַליין נישט מטריח געווען און בין זעלבסט אַריבערגעקומען (עס זאָגט זיך אַזוי לייכט „אַריבערגעקומען”. די יאַזדע איז מיר אַפילו אָנגעקומען מיט גרינגע ווערם און קופּערנע פיסקעס), און מיינע אויגן האָבן דאָס אַלץ וואויל געזען. און זע: איך קען דיר הייליק פאַרזיכערן, אַז עס איז מיר אַפילו די העלפט נישט דערציילט געוואָרן פון דער פּראַכט

און פון דער פאַנטאַסטישער רייכקייט פון דיין לאַנד און איך קען דיר זאָגן, אַז דו האָסט מער חכמה אין דיין אָפּצאַס ווי אַלע מיינע יועצים און מיניסטאָרן אין זייערע פאַרשטאָפּטע קעפּ, אַז געשוואָלן זאָלן זיי ווערן, פּאָטער אין הימל. איך זע באַשיינפּערלעך איין אַז דו האָסט אויך מער שיינקייט אין דיין אָסאָבע (די מלכה פון שבא האָט, לויט מיין מאַמען, אויך גערעדט אַ ביסל היימיש, אידיש־פּויליש לשון), ווי אויך גוטסקייט און רחמים אין דיין האַרצן ווי גאָר די הערונג וואָס איך האָב געהערט זינט לאַנגע צייטן אין מיין מדינה, מישטיינס געזאָגט. הכלל, איצט קען איך דיר זאָגן: גליקלעך זיינען דיינע מאַנצבילן און אַלע דיינע שיינע ווייבער לעבן זיך ראָסקאָשנע ווי אין סאַמע גן־עדן (זי האָט געמיינט: אַלע ווייבער פון גאָר דעם לאַנד און נייערט נישט בלויז די טויזנט געקליי־בענע ווייבספאַרשוינטעס פון דעם מלכס האַרעם).

די מלכה פון שבא האָט ווייטער גערעדט צום מלך:

— ווי גליקלעך זיינען דיינע קנעכט וואָס שטייען פאַר דיר באַשטענדיק און וואָס הערן דיינע שפּרוכן (זי האָט אַוודאי אין זינען געהאַט דעם קלוגן ספר „משלי״) און וואָס פאַרנעמען דיין חכמה און וואָס טוען כמעט גאָרנישט דעם גאַנצן טאָג, ווי די מלאכים אין הימל ביים כסא הכבוד, און נייערט זיי טרינקען גאָלדענע כוסות מיט פּסחדיקן ווישניאַק געמישט מיט האָניק. יאָ, געלויבט זאָל זיין דער האַר, דיין גאָט, וועלכער האָט וואויל געפעלן אין דיר, כדי דיך מעכטיק צו זעצן אויף דעם כסא פון ישראל, ווייל דער האַר האָט ליב ישראל אויף אייביק, אַזוי האָט ער דיך אויסגעוויילט פון צווישן אַלע נאַקעטע מענטשענזעלן און ער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ מלך צו טאָן משפט און צדקה.

אַז דער מלך שלמה האָט דערהערט אַזאַ מין דעמאַגאָגישע דרשה פון אַזאַ שיין ווייבספאַרשוין ווי די קייסערינע פון לאַנד שבא, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן ווי פיין און בגילופנדיק ער האָט זיך געפילט, בפרט ווען שיינע פּרויענצימערס האָבן אים אַזוי ליב אימפּאָנירט. וואָס שייך מיין גאָטזעליקער מאַמען, האָט זי אַזוי געקענט דערציילן און ציען די שיינע מעשה ביזן אַנדערן פרימאָרגן. ווי מען קען זיך וואויל משער זיין פון אירע זיסע רייד, איז זי אַליין געווען שטאַרק פאַרליבט ביז אַריבער די אויערן אין דעם הערלעכן קעניג שלמה. פון גרויס באַגייסטערונג האָט זי אַריינגעפלאָכטן פּסוקים פון ספר „מלכים״. זי האָט אויך אַריינגעמישט אייגענע רייד און האָט אַפילו פאַרפאַסט גאַנצע שורות מיט אייגנדיכטונג און אימפּראָוויזאַציע אויפן שטייגער פון טייטש־חומש. דערצו האָט אַגב איר זונדעלע, דער צוקונפטיקער יידיש־פּאַרפאַסער, איר אָפּט אַרויסגע־האָלפן און אונטערגעזאָגט, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין. ווייזט אויס אַז דאָס איז גענוג קענטיק פון דער קעגנווערטיקער באַשרייבונג, אַז זי האָט געהאַט אַ דיכטערישע נשמה, מיין ליכטיקע מאַמע, זי זאָל זיך מיען

פאַר אונדז אין גן־עדן. איך מעג זיך אויך מודה זיין מיט אַן אויפריכטיקן געמיט, אַז אַ סך פון איר נאַאיווער פּאָעזיע איז אַריין אין מיין האַרצן און האָט עס אָנגעצונדן מיט אַן אייביקן ענטוזיאַזם. אָבער, איך שטעל דאָ ווידער אָפּ מיין האַרציקער מאַמען מיט אַ שווערער קלאָץ־קשיא:

— טייערע מאַמעשי־קרוין, דער קעניג שלמה האָט דאָך געהאַט גאַנצע טויזנט ווייבער, ווי דער תנך דערציילט אַליין. ווי אַזוי האָט ער באַוויזן צו האָבן אַזוי פיל צייט, כדי זיך צו קענען אָפּגעבן מיט דער קעניגין פון שבאָ?

— שלמה המלך האָט טאַקע געהאַט אַרום אַ טויזנט ווייבספּאַרשוינען. אָבער אַז די מלכה פון שבא איז צו אים געקומען אַזש פון אַזאַ ווייטן לאַנד און ער האָט דערזען איר רייצנדיקע שיינקייט, איז ער דווקא צו איר געוואָרן זייער פריינטלעך און אַפילו צוגעלאָזן. איר מוזט וואויל פאַרשטיין, מיינע ליבע קינדער, אַז די קייסערינע פון שבא האָט געמוזט זיין אַן אויסערגעוויינלעך פרויענצימער.

— אויב נישט אַ גאַנצער פּאַלאַץ! — האָב איך חשק געהאַט איר אונטערצוזאָגן.

— זי האָט וואויל אַריבערגעכישופט אַלע טויזנט ווייבער, וואָס זיינען פון זייער זייט קיין שיפּע זיבעלעך אויך נישט געווען. וואָרים די לייט וואָס האָבן אויסגעזוכט אין אַלע מדינות די בתולות פאַרן קעניג שלמה, זיינען געווען וואַזשנע מבינים פון פרויענשוינקייט און ווייבלעכן חן. מען האָט זיך נעמלעך געקענט לייטיש פאַרלאָזן אויף זייער געשמאַק. איז וואָס זאָל איך אייך זאָגן, מיינע געליבטע קינדער: די קעניגין פון שבא איז געווען אַ שוינקייט וואָס עס גיבט נישט אויף דער גאַנצער וועלט אַזאַ מין וואונדערלעכע קראַסאַוויצע. ערשט די צירונג וואָס די קייסערינע האָט געטראָגן פון איר קאָפּ ביז צו די שפּיצן־פינגער פון אירע פיס. אַזוינס איז נישט געווען צו זען אין קיין שום שטאָט און אין קיין שום מדינה אויף גאָר דער ערד.

— אָבער די קעניגין פון שבא האָט דאָך סוף־כל־סוף געמוזט זיין אַ גאַנץ איינזאַמע פרוי. וואָרים וועלכע פרוי, בפרט נאָך אַזאַ וואַזשנע קייסערינע, גייט זיך דאָס שלעפּן מיט אייזלען און קעמלען איבער וויסטע פעלדער און וועלדער אַזאַ מהלך אויף אַ יאָרנלאַנגער נסיעה, כדי אָנצוקוקן דאָס פנים פון דעם פיל געלויבטן מלך שלמה? איך שטעל זיך פאָר אַז קיין צו גליקלעכע אין איר אייגן לאַנד איז די קעניגין נישט געווען.

מיין ליטעראַרישער טאַלאַנט האָט שוין, ווייזט אויס, אָנגעהויבן צו ווערן אַקטיוו אין מיינע סאַמע קינדערישע יאָרן, פייניקנדיק דער גוטער מאַמען מיט פּסיכאָלאָגישע שאלות וואָס שמעקן מיט באַוועלן פון אַזעלכע מייסטערס ווי סטענדאַל און מאַרסעל פּרוסט, און זיך פאָרשטעלנדיק די

גראַציעזע הערשערין אַלס אַ גאַנץ אומעטיקער קייסערינע, וואָס איז גרייט נעבעך צו זוכן איר ווייבלעך גליק אַזוי ווייט, אַזש אין ירושלים, ביים העברעאישן הערשער, וואָס האָט פאַרשטאַנען די שפּראַכן פון אַלע חיות, אַפילו פון שלאַנגען, עקדישן און פּיפּערנאָטערס און וואָס האָט אַוודאי די אַלע לשונות זיך אויסגעלערנט ביי זיינע ווייבער אינם האַרעם.

די מאַמע האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק אַלע מיינע שיער נישט פּרווידיאַנישע שאלות און זי האָט ווייטער געפּראוווט ציען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דער תנכישער מעשה:

— און די קייסערינע פון שבא, כדי אויסצופּרובירן די חכמה פונם געאַכפּערטן מלך, האָט אים געפרעגט די פאָלגנדיקע רעטענישן — — —

די מאַמע האָט איצט געוואָלט דערציילן פון דער קעניגינס באַטעמטע רעטענישן. אָבער אינמיטן פונם דערציילן די ערשטע רעטעניש איז דער־ווייל דער טאַטע אָנגעקומען פון זיין טאָג־טעגלעכן גאַנג איבער די דער־פער, פאַרקויפנדיק זייגערלעך צו די פּויערים און שיקסעס. דעם טאַטנס מידקייט און מרה־שחורה האָט אין איין רגע דערהרגעט אונדזער גאַנצע פּאָעטישע און יום־טובדיקע שטימונג. די מאַמע האָט אויסגעלייגט אויפן ברעג פון טיש אַ ווייס טישטוכל און האָט אַוועקגעשטעלט דאָס גלעזערנע זאַלצמעסטעלע מיט אַ ביסעלע זאַלץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי נאַפּטאַלין אָדער ווי טרוקענער שניי וואָס פאַלט אין אַ קאַלטן טאָג. די מאַמע האָט געגרייט דאָס אָרעמע מאָלצייט פאַרן טאַטן, אַ מאָלצייט וואָס איז געווען אין ביטערן קאָנטראַסט צום מלך שלמהס קאָסטבאַרער סעודה לכבוד דער קעניגין. מיר, קליינע אינגלעך, האָבן שוין וואויל געוואוסט, אַז היינט טאָר מען מער דער גוטער מאַמען נישט פרעגן וועגן דער מלכה שבא. אָבער מאָרגן, מען זאָל דערלעבן, ווען דער טאַטע וועט אַוועקגיין פון שטוב, וועט מען ווידער ציען ביי דער מאַמען אַ פרישע מעשה פון תנך, צי פון אַן אַנדערן פאַרגעלטן מעשה־ביכל.

ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך געלעגן אויפן אייזערנעם בעטל מיט וואַכע אויגן און איך האָב געהאַט גרויס רחמנות אויף דער קייסערינע, ווי זי שלעפּט זיך נעבעך אַ שרעקלעך־פאַרמאַטערטע, איבער די ברענענ־דיקע מדבריות און איך האָב געהערט ווי די קעמלען קרעכצן אונטער, טראָגנדיק די שווערע משא מיטן גאָלד און געווירצן און מיט דער פאַר־מוטשעטער קייסערינע אַליין אויך.

— אָרעמע קעניגין פון שבא! — האָב איך שטילערהייט געמורמלט — איך קען וואויל פאַרשטיין, אַז קיין צופיל גליקלעכע פּרוי זענט איר נישט געווען. אין סך־הכל איז אייך געווען גאַנץ פּושיקרע אויפן האַרצן, מיין סמוטנע קייסערינע!

ערשט איצט, ווען מיין מאַמע לעבט שוין לאַנג נישט און ווען איך האָב שוין אויסגעשריבן און אויסגעריבן אויפן פּאַפּיר הונדערטער פּעדערס

און אויסגעלײדיקט בשעתן שרײבן היפּשע פּעסלעך מיט נאַכטיק־חושכדיקן טינט, פֿאַרשטײ איך אַז מײן מאַמע איז אויך נישט געװען איבערגליקלעך מיט איר שװערער דאָליע. אין דער מעשה װעגן דער מלכּה פֿון שבֿא האָט זי, אפשר אומבאַװאוסטזיניק, אױסגעדריקט איר אײגענע בענקשאַפֿט נאָך אַ לײטישן מאַנצביל, אַזאַ װי דער מלך שלמה. װאָרים אונדזער טאַטע, ער זאָל זיך מיען פֿאַר אונדז, האָט שטאַרק אונטערגעהונקען אין ענינים פֿון פּרנסה און אַפֿילו אין פּשוטער פּרײנטלעכקײט צו זײן אײגן װײַב...

## אַמאָליקע מעשה־ביכלעך

דאָס קלײנטשיקע אידעלע איז געװען געל, אָפּגעמאָגערט, מיט אַ פּעכיק־שװאַרץ בערדעלע, מיט שפּיצן־האָר פֿון בײדע זײטן גאָמבקעלע. דאָס קעפּל זײנס אַרײנגעקװעטשט אין אַן אַלט, צעקנײטשט קאַשקעטל. די גאַרטל אַרומגעװיקלט אַרום דער דינער טאַליע. יעקעלע דער מוכר ספרים־ניק האָט די ביכלעך געבראַכט אַזש פֿון לעמבעריק. ער האָט זײ געטראָגן אין אַן אַלט זעקל איבערן בױך.

דורך דער װאָך האָט ער צעטראָגן די געלע, דינינקע ביכעלעך אין די הײזער װאו די דינסטמײדלעך האָבן געטרײ געדינט. ער האָט פֿאַרטײלט די זעלטענע סחורה אין די הײסע, געזונטע הענט פֿון די כּשרע אידישע טעכטער. עס זײנען טאַקע געװען גאָר װאָזשנע מעשה־ביכלעך װעגן פּרינצן און פּרינצעסינס. צום בײַשפּיל, די באַרימטע מעשה װעגן דעם פֿאַלשן משיח שבתי צבֿי און זײן שײן, אָבער זינדיק װײַב שׂרה; די מעשה מיט די גימל אַחים; די הערלעכע מעשה מיט די זיבן בעטלערס, פֿון הייליקן ר׳ נחמן בראַסלאַװער; דאָס טײַערע און אײדעלע בענטשערל מיט דער דערצײלונג װעגן חונה המעגל, װאָס איז געהאַט אָפּגעשלאָפֿן גאַנצע זיבעציק יאָר אונטער אַ פֿעלדזנשטײן; די געשיכטעס פֿון טױזנט־אונד־אײנע־נאַכט; טײַערע צאינה־וראינה־ספרימלעך װי גאָלד, מיט אַ געשמאַקן און באַטעמטן לשון װי זיסע צימעס מיט צימערינג; אויך רוזשנע מעשׂיות װעגן דיבוקים און שדים; די פּרקי אָבֿות; תּהילימלעך און חומשימלעך. אָבער מערסטנס האָבן אונדזערע הײמישע דינסטמײדלעך געשמאַכט צו לײענען ליבעס־געשיכטעס, אַזעלכע װי אײַזיק מאיר דיק און דער באַרימטער ראָמאַניסט שמר־שײקעװיטש האָבן ליב געהאַט צו שרײבן.

די אָרעמע דינסטמײדלעך האָבן דעם ביכלעך־פֿאַרקױפֿער געגעבן אַ פּאָר קופּערנע גרײצערס מיט אַ שטיקל שבתדיקער חלה; טײלמאָל אויך אַ פּאָרציע זיסע פֿיש מיט אַ רױט שטיקל מײערל אין אַ גלאָז; אַמאָל אַ לאָכמע מיט לעקעך אָדער אַ ביסל פֿעטע יויך מיט גאָלדענע אויגן פֿאַרן שלאָפֿן װײַב, נעבעך, אָדער פֿאַר אַ קראַנקן קינד...

עס איז שױן שפּעט אין דער נאַכט. די בעלי־הבתּים שלאָפֿן שױן

אין די באַקוועמע בעטן מיט שווערע פערענעס נאָכן געשמאַקן שבתדיקן מאָלצייט מיטן זיסן קאָמפּאָט. איצט נעמען זיך שטילערהייט צוזאַמען די חנעוודיקע כלות, די כשרע אידישע טעכטער פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפלעך. געוויינלעך, אויב די אַנדערע מיידלעך קענען אַליין בישט אַריינקוקן אין די דראָבנינקע אותיותלעך, לייענט פאָר איין דינסטמיידל מיט אַ זינגעגדיקן ניגון די וואונדערלעכע געשיכטע וואָס האָט זיך מיט יאָרן צוריק פּאַרלאָפן... די אַנדערע מיידלעך הערן זיך איין אין דער שיינער מעשה מיט אָפענע מיילער און אויערן... אוי, ווי זיי בענקען נאָך אַ קאַפּעטשקע נחת אין זייערע גרויע לעבנס! די העלדינע פונם הערלעכן מעשה־ביכל האָט טאַקע, וואָס אַן אמת, שרעקלעך געליטן. דער ווערמדיקער שטן האָט איר געלייגט קיזלשטיינער אין וועג. עס איז געווען אַזוי שווער צו דערגרייכן דאָס ביסל מענטשלעך גליק. אָבער, זי האָט, גאָט צו דאַנקען, אַלץ באַזיגט און האָט גליקלעך געהייראַטעט מיט איר געראָטענעם און געטרייען באַשערטן, מיט איר העלדישן ברויטיגאַם...

די טינט־פאַרשמירטע לבנה לויכט און שמייכלט שטיל אַריין דורכן פענצטער פון דער קיך, וואו די פאַרכישופטע מיידלעך זיצן און זיי הערן זיך איין אין די באַלזאַם־זיסע ווערטער פונם געהיימנישפולן מחבר. עס מוז שוין טאַקע זיין היפּשלעך שפּעט. מאַנאָטאָן זעגט די הימישע און הערבסטיקע גריל אונטער דער שוועל. הייזעריקערהייט קלינגט אויס דער זייגער די שפּעטע שעהן. פונם שלאָפצימער, דאַכט זיך, הערט זיך עפּעס אַ פאַרדעכטיקטער גערויש. האָטזיך חלילה די בייזע באַלעבאָסטע איבער־געוועקט ?

איצט געזעגענען זיך די ליבע מיידלעך. זיי צעגייען זיך איינציקווייז אין דער פּאָטיש־שיינער נאַכט. מען זאָל דערלעבן און זיין געזונט, וועט מען זיך איפּטערוואָך ווידער פאַרזאַמלען אין אַ אידישער היים וואו אַ ליב דינסטמיידל דינט איר זמן און מען וועט פאָרלייענען איין פרישע זעלטענע מעשה, וואָס יעקעלע דער מוכר־ספרימניק וועט מערצעשעם ברענגען.

אויף די שטיינער פונם אַלטן מאַרק שטייט אַ שטיינערנער גען מיט דער צונג אין דרויסן און ער וואַרפט זיין לאַנגן, טונקעלן שאָטן איבערן ליידיקן געסל. איז עס אפשר דער שלאַנקער חתן פון דעם גליק־לעכן דינסטמיידל, וואָס איז אַזש געקומען פון וויטן סטאַמבול, און צו ווען ער וועט זיך ריטערלעך דערנענטערן און קושן גאַלאַנט איר הייסע, דינסטמוידישע האַנט און ער וועט איר אָנטאָן אויפן ציטערנדיקן פינגער דאָס גילדענע חתונה־פינגערל ?!...

עס איז שפּעט ביינאַכט אין ניו־יאָרק. דער שניי ליגט פאַרברודיקט אויף די גאַסן ווי אַ צעריסן כלה־קלייד. זעכציק יאָר שפּעטער גייט דער מחבר פון די מאָדערנע מעשה־ביכער אַהיים צו זיין קאַלטער שטוב. אַ טיפע נאָסטאַלגיע איז באַפאַלן זיין אָרעם האַרץ. וואו זיינען די טייערע

דינסטמיידלעך, וואָס האָבן זיך מיט אַזאַ מתיקות צוגעהאָרכט צום אידיש־טייטשן וואָרט? איר האַרציקע לעזערינס, מיט געזונטע, רויטע באַקן און דיקע, לאַנגע צעפּ; איך גיי ממש אויס פון בענקשאַפט און באַוואונדערונג נאָך אייך; איר אַליין זענט געווען די ערשטע פּאַרכישופטע פּרינצעסינס, די צניעותדיקע בלויע שוואַלבן פון דעם מעשה־בוך אידיש, פון דעם הייליקן ראָמאַנס פון דער אידישער ליטעראַטור.

## דער מלמד

קוים ווי אַ שאָטן געדענק איך דעם מלמד פון נאָוואָגוראַ. ער איז אייגנטלעך געווען דער ערשטער מלמד אין מיין לעבן, ביי וועמען איך האָב געלערנט חומש. דאָס איז געווען דעמאָלט ווען צייט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן פאַר מיר צו וועבן. ווען איך בין נאָך געווען גאָר קליין. אָבער דער מלמד, ר׳ שמשון, איז שוין געווען אַלט, ווען ער איז אָנגעקומען אין דערפל כדי צו לערנען מיט אונדז, קליינוואַרג. ער האָט שוין אויסגעזען גרייז־גרוי, מיט אַ ווייסער, ברייטער באָרד אויסגעשפּרייט מיט חשיבות איבער זיין ברוסט־קאַסטן. אַ באָרד וואָס האָט נאָך אָבער געהאַט אין זיך האָניק־ברוינע פּעדים, דערמאָנענדיק זיינע יינגערע יאָרן. דער מלמד איז געווען שטיל אַזוי ווי זיידענע גראָז וואָס וואַקסט נידעריק ביי אַ טייך. ער האָט זייער זעלטן, אָדער צו זיין אינגאַנצן גערעכט צו אים, קיינמאָל אויף אונדז, זיינע יינגע תלמידים, חלילה נישט געשריגן אָדער זיך אַמאָל גע־בייזערט. ער האָט אונדז נישט געשלאָגן אָדער פיזיש אָנגערירט. ער איז אַליין אויך עפּעס געווען ווי אַ קליינטשיק אינגל, צי אפשר נאָך אַ קינד, פאַרקליידט און פאַרשטעלט אַלס אַ האַרציקער, סימפּאַטישער זקן. אָבער מיר האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ. דאָס לערנען זיך איז קיינמאָל נישט געפאַלן שווער אויף קליינוואַרג. ער האָט קיינעם נישט פאַרשאַפט קיין יסורים.

איך געדענק: ער האָט אונדז יעדן טאָג, בשעת די פרימאָרגנדיקע שעהן, געלערנט אין קליינעם, ציכטיקן בית המדרש. מיר זיינען געזעסן ביים פענצטער, באַלויכטענע פון דער גוטער זון. דורך די שויבן האָט מען געקענט זען דאָס שטילע, טיפע גרין פונם דאָרפישן פעלד. עס האָט אַריינגעשמעקט מיט בעז און אַקאַציעס און מיטן פאַרשיכורנדיקן אַראָמאַט פון גרויסן, פוילישן וואַלד וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון אונדזער ישוב. די זון האָט זיך געלאָזט וואוילגיין. עס האָט ברייט געווימלט מיטן רגעדיקן און אייביקן, אידילישן לעבן פון דער נאַטור. אין דער הויך איז געשטאַנען אַ טיף־בלויער, מיטנזומערדיקער הימל, אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער ערד ווי אַ הערלעך פּרוכת...

אונדזער האַרציקער מלמד איז שוין, ווי געזאָגט, זייער אַלט. און אַלט איז אויך דאָס ספר, דער גרויסער תנ״ך, פון וועמענס ברייטע, זיידענע

בלעטער מיר לערנען אַן אוראַלטע, העלדישע געשיכטע פון אונדזער גרייז־גרויען, וואונדערלעכן פאָלק. משה רבינוס „רויט קיעלע" ציט זיך פאַוואָליע איבערן קלאָרן בלאַט פון חומש. אַ זיידענער און לופטיקער שמעטערלינג, מיט צוויי נאָך פייכט־געמאַליעוועטע פליגל, בלייבט שטיין אין דרויסן איבער אַ גרויסער בלום און זויגט אַ ווײַלע דעם נעקטאַר; קלערט אַריין אין תכלית פון דער וועלט און לאָזט זיך דערנאָך ווידער שוועבן אין דער דורכזיכטיקער לופט. דער מלמד פאַרטייטשט פאַר אונדז די גרויסע מעשים, נסיונות און וואַנדערונגען פון אונדזערע דערהויבענע און הייליקע אָבות. דאָ וואו עס האָט געבליט מיט מעשה, מיט דערציילונג, האָב איך אויפגעלויכטן מיט פרייד. די אײדעלע געשטאַלטן פונם תנ"ך זיינען מיר אַריין אין האַרצן. עס שמעקט פון די באַטעמטע קאַפּיטלעך וועגן אַברהם, יצחק און יעקב אָבינו מיט גרויסן זומער, מיט היימיש פעלד, מיט לופטיקע קוויאַטן, מיט קאָליר און וואַרעמקייט פון לענדער און לאַנד־שאַפטן. פון חומש, פון דער שיינער מעשה פון יוסף הצדיק און פוטיפר'ס גראַציעזע ווייב און פון זיינע אייגענע העלדישע בראַטשיקעס; און אַפילו פון זייער רייצנדיקער שוועסטער דינה, וואָס האָט אַביסל אונטערגעזינדיקט מיט אַ גויאישן פּרינץ, גייען אויף אומפאַרגעסלעכע סצענעס און אידיליעס. אַ געניטע האַנט פון אַ פאַרצייטישן מחבר האָט דיך געשפּאַנט אויף אייביק. ביז דו אַליין ווערסט אַמאָל אויך פאַרוואַנדלט ווערן צו אַ זקן...

איך האָב ליב געקראָגן אונדזער אַלטן מלמד ר' שמשון. עס פלעגט טרעפן אַז אין אַ שבתדיקן, מנוחה'דיקן נאָכמיטאָג, נאָכדעם ווי טאַטע־מאַמע האָבן זיך געהאַט אַביסל אויסגערוט נאָכן כאַפּן אַ דרימל, פלעגט דער מלמד קומען צו גאַסט צו אונדז אין שטוב אַריין. ער פלעגט מיך און מיין עלטערן ברודער פאַרהערן ביים געדעקטן טיש. די מאַמע איז געווען שטאָלץ מיט אונדז, אינגלעך. דער מלמד האָט געטרונקען טיי מיט רובינרויטן מאַלינע־סאָק. ער פלעגט דערציילן אַ מעשה וואָס עס האָט פאַרצייטנס געטראָפן. אַ שטייגער, די באַרימטע מעשה פון שלמה המלך און דעם אַשמדאי; צי די געשיכטע פון חונה המעגל וואָס האָט איינמאָל געזען ווי איינער אַ מאַן פלאַנצט ביים וועג אַ באָקסער בוים וואָס וועט ערשט אָנהויבן צו שפּראָצן אין זיבעציק יאָר אַרום. אַפילו אונדזער שטענדיק אָנגעכמורעטער טאַטע האָט אויפגעלויכטן און געוויזן אַ פריינטלעך פנים...

בשעתן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מיר זיך געשיידט מיט אונדזער האַרציקן מלמד. איך האָב אָפט וועגן אים געטראַכט. זיין געשטאַלט איז מיר געוואָרן איינגעבאַקן אין האַרצן. מיט גרויס ליבשאַפט, אַפילו מיט צערטלעכקייט, האָט ער באַהאַנדלט זיינע קליינע תלמידים. איך בין זיכער אַז פונקט ווי איך, האָבן אויך די אַנדערע קינדער געפילט צו אים אַ ליבשאַפט און זיי האָבן אים אַנטקעגנגעטראָגן דרך־ארץ. ווער ווייסט וואָס עס איז געוועזן דעם איידעלן מלמד'ס גורל אין די טעג פון דער

ערשטער וועלט־מלחמה. ווארים ער איז דאך שוין געווען אזא באטאגטער און שוואכער מענטש...

## מירטשעס פלוימען

מירטשע איז געווען איינע פון די טעכטער פון רויטן לייבוש, וואס איז געווען דער קברן פון שטעטל. זי האט געהאט די אומשולדיקע אויגן פון א סארנע. זי פלעגט אננעמען ביי דער האנט איר חברטארין, מינדל, און זי אוועקפירן אויפן בית־עולם, וואו עס פלעגן וואקסן פארשידענע פרוכטבוימער.

— קום מיט מיר רייסן פלוימען! — האט די פריילעכע און גוטהארציקע מירטשע געזאגט צו מינדלען.

די פלוימען זיינען אין ערגעץ נישט געוואקסן אזעלכע געראטענע ווי אין גארטן פון בית־עולם. זיי האבן געהאט א זילבער־בלוילעכן טוי און זייער זאפט האט פארשיכורט ווי וויין און געוועקט טרויער אין הארצן. מירטשע פלעגט די פלוימען איינמארינירן אין פלעשער. דורכן גאנצן ווינטער האבן זיי באנוצט די פלוימען אויף צו פארזיסן די טיי. אין גארטן זיינען געוואקסן נאך אנדער פירות אויך.

מירטשע און מינדל זיינען געווען יינג. און יוגנט טראכט נישט פון שטארבן. די טויטע אין די קברים האבן אויך נישט געטראכט פון טויט. אויב זיי האבן יא אמאל געטראכט, די איידעלע נשמות, איז עס געווען וועגן די אידיליעס פון לעבן. זיי האבן ליב געהאט די זכרונות פון זייערע פארגאנגענע יארן, וואס כאטש מערסטנס געלעבט אין ארעמקייט, זיינען זיי דאך געווען פריילעכע און טיילמאל אויך פול מיט ליבשאפט און שיינקייט... די צייט וואס פארגייט, האט זיס געמאכט אפילו ביטערע איבערלעבענישן.

דעם רויטן לייבוש האט מען אויך גערופן, אפשר צוליב זיין קאפ מיט פלאמיקע האר, „שאול המלך”. ער איז טאקע געווען דער מלך איבער די טויטע. אז מען פלעגט ברענגען א היימישן מת פון שטאט, איז אויב ער האט געלאזן א לייטישע היים און משפחה, האט מען אים פריער מטהר געווען און מען האט אים געלאזט ליגן אין אוהל אויף איבער נאכט. געוויינלעך פלעגן אפהיטן דאס מת דעם רויטן לייבושעס קינדער. אן ארעמער, אלטער איד פלעגט זיצן אין אוהל און זאגן תהילים ביים שיין פון א חלבדיקן ליכטל. טיילמאל פלעגט טרעפן אז מען פלעגט ברענגען דאס טויטע לייב פון א שכנותדיק שטעטל אדער דערפל און עס פלעגט שוין זיין צו שפעט אים קובר צו זיין, האט מען אים אויך געלאזט ליגן אין אוהל.

אבער מירטשע האט פיינט געהאט צו זיצן מיט אירע שוועסטערלעך אין אוהל און וואכן דורך דער גאנצער נאכט. אז עס פלעגט טרעפן און מען האט געבראכט איינעם וואס האט נישט געהאט קיין קרובים און קיין פריינט אין שטעטל, פלעגט זי, אזוי האט זי דערציילט מינדלען, ארייג־

נעמען דאָס אָרעמע און איינזאַמע מת צו זיך אין שלאָפצימער. זי האָט אים אַוועקגעלייגט אויף אַ באַנק, און אָנשטאָט צו וואַכן איבער אים און צו זאָגן תהילים, זיינען זיי אַלע, זי מיט אירע שוועסטערלעך, געשמאַק איינגעשלאָפן ביז אין דער פרי, ווען די קברנים זיינען געקומען און געטאָן צום אָרעמען טויטן זיין רעכט. די ראַצן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אויפן בית־עולם, האָבן נישט געוואָגט צו גריזשען דעם גוף, מחמת זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די כראָפענדיקע מיידלעך...

מירטשע האָט געלאַכט ווען זי האָט דאָס דערציילט צו איר חברטאָרין מינדל. מירטשע האָט רעכט נישט באַנומען וואָס עס איז אַזוינס דאָס שטאַרבן. זי האָט ליב געהאַט צו קריכן אויף די ביימער און צו רייסן די פירות פון די צווייגן. אָבער מינדל האָט מער געוואוסט פון איר. זי איז שוין געווען אַ יתומה. איר מאַמע איז געהאַט געשטאָרבן נאָך אַלס יינג מענטש, ווייל גייענדיק איין מאָל שפעט ביינאַכט אַהיים פון אַ היימישער שמחה, האָט איר ביים שעכטהויז אָפגעשראָקן עפּעס אַ נישט־גוטס. ווען זי איז אַהיימגעקומען, האָט זי תיכף געחלשט. זי איז שוין מער קיין לעבעדיקע נישט אויפגעשטאַנען...

מירטשע אין אויסגעוואַקסן צו זיין אַ חנעוודיקע און געזונטע מויד. זי האָט געהאַט צוויי רויטע צעפּ ווי שטיקער פייער. זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט בערל ליכטציערס זונדל, דעם יענקאָץ, וואָס האָט געניית סאָלדאַטסקע אובראַניעס און שינעלן. אָבער בשעת די שחיטות אין פּוילן זיינען זיי אַלע אומגעקומען דורך היטלערס שווערד.

איך זיץ אין הויז פון מינדלען. יצחק, איר מאַן, דערציילט מיר פונם רויטן לייבוש, וועלכער איז קיינמאָל נישט גרוי געוואָרן. און מינדל, זיין ווייב, דערציילט מיר פון דער לוסטיקער מירטשען... אין די לייכטער טריפן די ליכטלעך מיט הייסן חלב. דאָס גלעזל ווין אויפן טיש זעט אויס ווי עס וואָלט זיין אָנגעפּולט מיט זשאַווער. עס איז פרייטיק צו נאַכטס. איך קום שוין צו גאַסט זינט שיינע יאָרן צו מיינע גאַליציאַנער פריינט. זייער שוועל איז פריינטלעך צו מיר... מיר רעדן תמיד וועגן די הייליקע אידן פון די שטעטלעך... זיי זיינען אַלע איינגעהילט אין אַלט־גאָלד.

אָבער ווען גאָט וואָלט זיי טאַקע ליב געהאַט, וואָלטן זיי נאָך איצט געלעבט און געזאָגט יעדן טאָג אַ קאַפּיטל תהילים און געדאַנקט דעם רבונו של עולם פאַר זיין חסד...

## די ביינער פון געשיכטע

דיזעלבע גרויזאַמע מלחמה־באַדינגונגען פאַרוואַנדלען צו אַלע צייטן געפאַנגענע סאָלדאַטן אין נעבעכדיקע קרעאַטורן. פון אַלע מכלומרשט גלענצנדיקע אַרמייען ווערט איין קראַנקע אַרמיי פון מידקייט, הונגער און געפאַלנקייט, ווען עס פייניקן די מענטשנחיות און ראַצן. מיר זעען דאָס

בולט אויף די פּאַרצייטישע עגיפּטישע באַרעליעפן: דאָס שרעקלעך־צע־מזיקטע פּנים פון דעם אומגליקלעכן געפאַנגענעם; ווי אַזוי ער ווערט גע־צוואונגען צו קניען פאַר זיין פייניקער און דעספּאָט. זיינע הענט זיינען פאַרבונדן אויפן רוקן און דער קאָפּ איז אַראָפּגעבויגן און איינגעבראָכן מיט הכנעה און רעזיגנאַציע. מיר זען ווי אַזוי רעמסס דער דריטער הויבט אויף זיין שטעקן איבער די פאַרשטיינערטע פריזאָנערס וואָס זיינען אויף אייביק אַריינגעמויערט געוואָרן אין דער וואַנט פון טריאומף, וואָס צירט דעם הערשערס פּאַלאַץ. מיר זעען ווי דעם פּרעהס גרויזאַמע פיגור דערהויבט זיך איבער זיי מיט אַכזריות און מיט פאַריסענע קעניגלעכע גאווה. מיר זעען עס אויך אויף די פּנימער פון די אומגליקלעכע געפאַנגענע פון פּרעה סעטי דעם ערשטן, אויף אַ פאַרצייטישן באַרעליעף פון קאַרנאַק, אין מצרים. מיר דערקענען די פאַרצווייפלונג און דעם פאַרגליווערטן יאָמער אויף די פּנימער פון די געפאַנגענע קריגערס. מיר זעען זייער ברעכן די הענט ווי טרוקענע צווייגן אונטער דער לאַסט פון אייזערנע קייטן. מיר פאַרנעמען זייער אויסגעשריי פון ווייטיק און זייער ריירנדיקע רעזיגנאַציע, ווויסנדיק אַז זיי זיינען פאַרמשפּט צום טויט. מיר זיינען עדות יאָרטויזנטער שפּעטער פון זייער באַגנדיקער בענקשאַפט צו די ווייטע און וואַרעמע היימען, צו זייערע געליבטע פרויען און קינדער. מיר זען עס אויך ווי אַזוי די אידישע פּרינצן טראָגן אין דער הויך די גאָלדענע כּלים פון בית המקדש, ווי די סצענע ווערט פאַרגעשטעלט אויפן באַרימטן טריאומף־בויגן פון טיטוס הרשע, אין אַלטן רוים. אַ בייזער ווינט יאָגט זיי צום אָפּגרונט פון אומקום. יעדער איינציקע פיגור איז אַ מאָנומענט פון דער טראַגעדיע און היסטאָרישן פּאַ־טאָס פון געפאַנגענע העלדן און פּרינצן פון ירושלים. דער פאַרצייטישער רוימישער סקולפּטאָר, אָן ספק אַ געשוואוירענער פּאַטריאָט פון דער ברוטאַ־לער אימפּעריע און אַ פאַרערער פון צעזאַר טיטוס, האָט פונקט אַזוי געמוזט קינסטלעריש־געטריי אַרויסברענגען די טראַגעדיע פון די געשלאָגענע אידן, ווי דער אַלטעגיפּטישער קינסטלער האָט געמוזט אויסדריקן מיט זיין אָביעקטיוו־קינסטלערישער קראַפט דאָס אומגליק פון די צעבראָכענע קריגערס פון זיין צייט.

מאָגערע פּוילישע סאָלדאַטלעך, מיט פירקאַנטיקע היטלעך, מיט קורצע ביקסלעך און דינע שווערטלעך, האָבן יעדן טאָג געפירט געפאַנגענע באָל־שעוויקעס פונם שלאַכטפעלד. דער גאַנג פון די דאָזיקע באַזיגטע באָלשעווי־קעס איז געווען אַ מוטיקער. אָט אַזוי מאַרשירן היסטאָרישע העלדן. די באָל־שעוויקעס האָבן אויסגעזען צו זיין איינגעריסטע און פאַרבלוטיקטע. עס האָט נאָך אויף זייערע קעפּ געבריט דאָס אַש פון די שלאַכטן. אין די אויגן האָבן נאָך געזשאַרט די פייערן פון די פראָנטן. זייערע פאַרוואונדעטע פיס האָבן מאַרשירט איבער די היימישע ברוקירטע געסלעך פונם שטעטל ווי אויף די געמאַרקן פון פאַרצייטישן אַטען אָדער רוים. זייערע פיס, כאָטש

פאַרבאַנדאַזשירטע און געוויקלטע אין קרייקעס, אין ברודיקע אָניטשעס, האָבן געשטעלט אַ שטאַרקן טראַט. זיי האָבן נעגירט די שנאהדיקע בליקן און די באַליידיקנדיקע אויסגעשרייען פון דער אופגעהעצטער פוילישער לינטש־באַפעלקערונג. דאָס זיינען געווען די סאָלדאַטן פון אַ גייסטיקער אַרמיי, באַוואָפנטע מיט רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, וואָס זיינען שפּעטער פאַראַטן געוואָרן דורך די סאָוועטישע פירערס. דאָס זיינען געווען די העלדן פון מאַרקסיסטישער מלחמה. די רעזולטאַטן פון יאָרנלאַנגע דיסקוסיעס אין פאַרויכערטע קאַפייען פון אייראָפּייאישע הויפּטשטעט. אָט אַזוי גייען זעלבער באַוואָפנטע מיט קאַפּיטלעך „קאַפּיטאַל״. מיט לענין און טראָצקיס טעאָריעס פון וועלט־רעוואָלוציע.

קוקנדיק אויף זייערע פּנימער האָב איך וואויל געקענט לייענען און זיך פאָרשטעלן לעבעדיקע וועלט־געשיכטע. האָב איך געקענט פאַרשטיין דעם ענטוזיאַזם פון רעוואָלוציאָנערע אַרמייען, וואָס מען קען מיט קיין שום קראַפט אין דער וועלט נישט צעשלאָגן און באַזיגן, אַפילו ווען זיי זיינען שוין כמעט צעבראָכן און געפאַנגען. יעדער איינציקער באָלשעוויק איז געווען אַ מאָנומענט, אַן אַקטיאָר פון היסטאָריע.

אַזוי ווי די פאַטריאָטישע פּאָליאַקן האָבן פיינט געהאַט די פאַרשאָל־טענע מאָסקאָלעס, אַזוי האָבן די אידן אין די שטעטלעך דווקא ליב געהאַט די באָלשעוויקעס. די ליבשאַפט צו זיי האָט געגליט אין די אויגן פון אַ אידישן יוגנטלעכן. יעדער איד איז געווען אַ געבוירענער רעוואָלוציאָנער פון האָרץ און בלוט זינט די נביאים אָן. מען האָט געפילט ממש צוצופאַלן צו אַזאַ געפאַנגענעם באָלשעוויק און אים אויסקושן די מידע אברים. מיידלעך האָבן ביינאַכט געחלומט פון די רוסישע קריגערס. זיינען דאָך אויך געווען צווישן זיי דאָקטוירים און אינזשעניערן. זיי האָבן דעקלאַמירט פּושקינען און לערמאַנטאָוון אויף אויסנווייניק. פונקט אַזוי ווי אַלעקסאַנדער מוקדונס סאָלדאַטן האָבן געקענט די פּאָעמען פון האָמער. אידישע באָלשעוויקעס פלעגן קומען שבת אין שול אַריין, אין בית המדרש, און בעטן עפּעס צו עסן. מען פלעגט זיי אַהיימנעמען אַלס אורחים און זעצן ביים היימישן טיש. אַ כלה־מיידל האָט מיט שטאָלץ גערעדט וועגן דער רסישער ליטעראַטור. אַ טאַטע האָט דערציילט ווי ער האָט געדינט ביים צאַרישן מיליטער.

אין אָנהויב, ווען מען פלעגט די פּראָצעסיע מיט געפאַנגענע באָל־שעוויקעס פירן איבער די היימישע געסלעך, צו און פון דער אַרבעט, וואו מען פלעגט זיי ברוטאַל שלאָגן, פייניקן און דערנידעריקן, האָבן די באָל־שעוויקעס געזונגען זייערע רעוואָלוציאָנערע לידער. איך וועל קיינמאָל אין לעבן נישט פאַרגעסן דאָס דאָזיקע רירנדיקע געזאַנג. די מוטיקע הימנען, געמישט מיט די טענער פון בענקשאַפט צום היימלאַנד; צו זייערע ווייבער און קינדער; געמישט אויך מיט מענטשלעכן טרויער, מיט דער רעזיגנאַציע פון פאַרשפּילטע. דאָס האָבן טראַגישע קעמפערס אין זייער געפאַלנקייט

געזונגען אַ טיף־מענשלעכע הימנע צו פרייהייט. קיין שום רעזשיסאָר האָט קיינמאָל נישט געקענט צוגרייטן אַזאַ גראַנדיעזע, היסטאָרישע סצענע; אַזאַ מין הילכיק געזאַנג פון מענטשן, וועמענס העלדזער האָבן געזונגען, כאָטש די בענקשאַפט צום הימלאַנד און זייער טיפע נאָסטאַלגיע צו פריינט, פאַמיליע און נאָענטע מענטשן, האָבן צעריסן זייערע הערצער.

דאָס געזאַנג פון די באָלשעוויקעס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. מענטשן ווערן פון מענטשן אין קיין שום אַנדערן פאַל נישט אַזוי אַכזריותדיק באַהאַנדלט, ווי געפאַנגענע אַרמייען בשעת מלחמה־צייטן. די שנאה פון באַרבאַרישן זיגער באַהאַנדלט באַזיגטע שונאים מיט אַ גרויזאַמקייט וואָס עס איז נישט פאַראַן אַפילו ביי קיין ווילדע חיות. דער ביטערער הונגער; די שרעקלעכע קעלט; די מוראדיקע פרעסט און שנייען; די טיפוס־קראַנקהייט און אַנדערע עפידעמיעס, וואָס זיינען באַפאַלן די אויסגעמאַטערטע רוסן; די לייז, פליי און וואַנצן וואָס פאַרענדיקן יעדער שלאַכט און יעדער מלחמה; די שנאה פון דער פוילישער באַפעלקערונג, פון די וועכטער און מיליטערישע באַפעלערס, וואָס האָבן זיי געטריבן צו דער אַרבעט מיט געוואַלט, נישט געבנדיק זיי קיין עסן און קיין מעדיצינישע באַהאַנדלונג; נעמענדיק נקמה אין זיי נאָך אין נאָמען פון דער שנאה פון פריערדיקע דורות, און באַוואָפנטע מיט אַלטע פעלקער־חשבונות; דאָס קאַטעווען זיי ביי דער אַרבעט מיט אייזנס, האַמערס און נאַגייקעס; דאָס אַלץ האָט זיי אין אַ קורצער צייט אַרום פאַרוואַנדלט אין אַ גרויער מאַסע מענטשן; אין שמאַטעדיקע, חיהשע ברואים; אין באַשעפענישן וואָס האָבן נישט געהאַט מער קיין לוסט צו לעבן. זייערע פנימער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ברודיקער ערד. אין די אויגן האָט געגרוילט נאַכט און רעזיגנאַציע. די סאָלדאַטסקע שינעלן זיינען ביי זיי געווען צעקנייטשטע און לייזיקע. זיי האָבן געקראָגן די פאַרבלאָזע פאָרם פונם פוילישן קבר, וואוהין זיי זיינען מאַטע און מוטלאָזע געגאַנגען מיט זייערע צעשמעטערטע און פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ אין דר׳ערד.

די באָלשעוויקעס זיינען גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ העלדישער און רעוואָלוציאָנערער אַרמיי אין אַ דעזאָרגאַניזירטער מחנה שנאָרערס און בעטלערס. עס פלעגט טרעפן אַז פירנדיק זיי צו דער אַרבעט, פלעגט איינער פון זיי אויפן וועג דערזען אַ פאַרפוילטע קאַרטאָפלע, אַ מייערל אָדער אַ שטיקל פיעטרישקע. פלעגן זיי זיך אַלע מיטאַמאָל וואַרפן אויפן קאַרגן געפינס. די פוילישע מערדערס פלעגן זיי דערפאַר אַזוי שטאַרק שלאָגן אַז אַ סך פון די באָלשעוויקעס פלעגן שוין בלייבן ליגן טויטע אויפן ברוק. געוויינלעך קומען צו די זיגערישע אַרמייען וואָס אָקופּירן לענדער און שטעט די שענסטע יינגע פרויען, כדי זיך איבערצוגעבן מיט זייער לייב און לעבן פאַר אַ שטיקל ברויט, שאָקאָלאַדע אָדער ציגאַרעטן. פון די שלאַפּע, קרעציקע און אויסגעמאָגערטע רוסן זיינען די ווייבער אַנטלאָפן מיט

פחד ווי פּאַר באַקעטע סקעלעטן. זיי האָבן מיט זייערע חושכדיקע און מי־זעראַבעלע געשטאַלטן פאַרטריבן די קינדער פון די מיליטערישע קאַזאַרמעס ווי סטראַשידלעס טרייבן אַוועק די הונגעריקע פייגל. זיי האָבן אָפּגעשראָקן אַפילו די יינגלעך וועלכע באַוואונדערן געוויינלעך פרעמדע אַרמייען און עסן מיט אַפּעטיט די רעשטלעך פון זייערע מאָלצייטן. זיי האָבן פאַרלוירן די ברענענדיקע קאָקאַרדעס, די סאָוועטישע האַמער־און סערפּ־אָפּצייכנונגען, די שטערנס און די עפּאַגאַנעס אויף די אַקסלען. זיי זיינען געוואָרן רעדוצירט צו איינזאַמע שאָטנס פון די אַמאָליקע שטאָלצע רויטאַרמייער, וואָס האָבן איצט געטראָגן טיפוס, כאָלערע און דעזינטעריע אין זייערע פון הונגער געשוואָלענע גופים.

די באָלשעוויקעס זיינען אין משך פון געציילטע וואָכן און חדשים גע־וואָרן, ווי שוין דערציילט, בעטלערס און שנאָרערס. מען האָט זיך געמיאוסט און געעקלט זיי צו באַגעגענען. מערסטנס פלעגן זיי אַריינקומען אין אידישע הייזער און הימען, ווייל די פּאָליאַקן האָבן זיי געטריבן פון זייערע שוועלן. די הינט האָבן זיך געוואָרפן אויף זיי און געריסן שטיקער פון זייערע שמאַטעס, זיך איינבייסנדיק מיט די הינטישע ציין אין זייערע ברודיקע לייבער. היינט האָבן זיי נאָך געזשיפּיעט. אָבער צומאָרגנס זיינען זיי שוין געווען פגרים. דער מלאך המות איז זיי געטריי נאָכגעגאַנגען פון זייער היימלאַנד אָן. איך פלעג נאָכפאָלגן זייערע שווייגנדיקע געשטאַלטן. איך פלעג שוין קליינערהייט באַטראַכטן און אָבסערווירן מענטשלעכע געפאַלנקייט.

יעדן פרימאָרגן האָט מען געקענט זען אַ טיפּישע פּראָצעסיע: וועגענער האָבן געפירט הילצערנע טרומנעס מיט טויטע באָלשעוויקעס צום צעמענ־טאַזש. נעכטיקע קעמפערס און היינטיקע מתים. דאָס שטאַרבן איז אַ געוויינ־לעכער, פראָזאַאישער ענין. מען שטייט אויפן פאַרשנייעטן פעלד ביי די אומהיימלעכע קאַזאַרמעס. מען שאַרט מיט די בלעכענע שפאַדלעס דעם אומפריינטלעכן פוילישן שניי. פלוצלינג פאַלט מען אום מיטן פנים צום פעלד, ווי קושנדיק די ערד. דער שפאַדעל פאַלט אַרויס פון די פאַרשטייפטע, מאַכטלאָזע הענט. די וואָראָנעס נידערן אַראָפּ פון גאָטס איינזאַמען הימל. זיי דערנענטערן זיך צום בר־מינן מיט זייער רויען הונגער און געשריי. זיי פּיקן אויס די אויגן פון די געפאַלענע. אָט אַזוי פאַלן יעדן טאָג מאַסן רוסישע זין. עס וואַרטן אויף זייערע גופים שנעל־צונויפגעקלאַפּטע טרומנעס און פרישע גריבער אין דער פוילישער ערד. פוילן האָט גענוג קברים פאַר די זינט דורות פאַרהאַסטע אַריינדרינגערס. מיטן אויפגאַנג פון דער נייער זון ציען איבערן שאָסיי פרישע קאַראַוואַנעס מיט טרומנעס, צו צוואַנציק, דרייסיק און פערציק קאַסטנס אין אַ לאַנגער, מאָנאָטאָנער פּראָצעסיע. אַמאָל קען מען אָפּציילן אַפילו ביז הונדערט אַרונות אין אַ קאַראַוואַנע פון טויט. שלעכט־דערנערטע פערד מיט אַרויסשטאַרטשנדיקע ביינער פירן גלייכ־גילטיק די צעריבענע קריגערס צו זייער לעצטער רו. מאָרגן וועלן אויך

די פערד פאַלן. די געשלאָגענע חיה טיילט כמעט תמיד דעם גורל פון מענטש.

עס טרעפט אַז ביינאַכט, ביים שיין פון דער לבנה, שלעפן זיך וועגענער, פול אָנגעשטאָפּטע מיט נאַקעטע גופים. מען פירט זיי אָן טרומנעס אַפילו צו די גריבער אויפן צעמענטאַזש. גופים פאַלן אַראָפּ פון די שווער־באַ־לאָדענע עגלות. אין דער פרי געפינט מען זיי אויף די שטאָטישע וועגן. די פויערים וואָס אַרבעטן ביים באַגראָבן די מתים, נעמען צוזאַמען מיט ווידלעס די סקעלעטן און שלעפן זיי איבער די פעלדער צום בית עולם. דער סטאָלאַרזש צעזעגט די פוילישע בוימער און ער פאַרוואַנדלט די שטאַמען אין טרומנעס פאַר די באָלשעוויקעס.

אין שפעטע נעכט, ווען דער שרייבער פון די שורות לייענט די בלע־טער פון וועלט־געשיכטע וועגן די באַרימטע פעלדמאַרשן פון אַלעקסאַנדער, האַניבאַל, יוליוס צעזאַר, נאַפּאָלעאָן, וואַשינגטאָן און גענעראַל לי, זעט ער, רירט ער ממש אָן די געזיכטער, טרערן־פאַרטריפטע; די שטויביקע, פאַראַ־שיקטע סקעלעטן פון אַרמייען, פון אַלע אַרמייען פון אַלע מלחמות, וואָס האָבן איין פינצטערן פּנים. און וואָס בלייבן שטיין אויף די אַנטיקע באַ־רעליעפן מיטן טראַגישן אויסדריק פון זייערע פּנימער, אָן שום חילוק פון ראַסע, בלוט, לאַנד און צייט.

וואָס עס זאָל נישט זיין דער גורל פון די אַלע אַרמייען און קעמפע־רישע מחנות, אין איין זאַך זיכער: די ווערם ירשנען זייערע פאַנאַנדער גע־פאַלענע גופים און די הערשער, גענעראַלן און אַלערליי פּאַראַזיטישע ביוראָ־קראַטן ירשנען זייערע העלדישע נצחונות און דעראָבערונגען. יענע באָל־שעוויקעס מיט לויכטנדיקע אידעאַלן איינגעקריצטע אין זייערע הערצער האָבן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַזאַ אַזאַ בלוטיקער הענקער ווי סטאַ־לין און זיינע חניפהדיקע משרתים וועלן ירשנען זייערע קעפּ און קנאָכנס. די מענטשן וואָס לעבן לענגער, זיי איז באַשערט דאָס טרויעריקע גליק צו זיין עדות פון דעם גאַנג און די סצענעס פון אַכזריותדיקער געשיכטע. זיי קענען אומעטיקע שמייכלען איבער דער בלוטיקער קאָמעדיע אין דעם לעבן פון פעלקער.

## „שמע ישראל"

די טיפן וואָס איך גיי דאָ באַשרייבן, שטייען אין מיין זכרון שוין זיבנט לאַנגע יאָרן. זיי מאָנען שטילערהייט באַשרייבונג, ווי דאָס עמבריאָן אין דער מאַמעס בויך מאָנט געבורט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס שטעטל געשטאַנען וויסט און לער. די פאַרשרפהטע הייזער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַר־קאָפּטשעטע מויערן, אין רואינען און סקעלעטן. אַלערליי אַרמייען זיינען דאָ געהאַט אַדורכגעגאַנגען און געזייעט פייער, פאַרוויסטונג און טויט. אָבער

באַלד נאָך דער מלחמה האָבן אָנגעהויבן צוריקצושטראָמען פון די אַרומיקע שטעטלעך די אײַנוואוינער פון אונדזער שטעטל. עס זײַנען צוריקגעקומען די מערסטע פּאַסאַזשירן פון דער שטעטלדיקער שיף אויפן טויזנט־יאָריקן ים פון אידישן לעבן אין פּוילן. עס האָבן זיך אומגעקערט דער גביר און דער אָרעמאַן; דער קברן און בעטלער; דער בעדער און בעדנער; דער שלאָסער און סטאָלאַרזש; דער שמש פון דער שול און דער פאַרבער וואָס פאַרבט אָפּ די מלבושים פון די קבצנים אויף אַ ווייכן, הימלישן בלוי און אַ טיפן גרין. עס איז צוריקגעקומען דער קלעזמער מיט דער רויטער פידל; דער היימישער רב און די שטילע חתן־כלה. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די גרויסע חתונה אין שטעטל. די חתונה־קאָמעדיע פון לעבן.

צוזאַמען מיט די אײַנגעזעסענע, די תושבים, האָבן זיך אויך באַוויזן פרעמדע, אומבאַקאַנטע טיפּן, וועמען דאָס שטעטל האָט פריער גאָרנישט געקענט. דער שטראָם פון געשיכטע האָט דאָ געלאָזן שטיין אײנעם, דעם דירעקטאָר פּאָגעל, וואָס איז געווען אַן אָפיציר אין דער עסטרײַכישער אַרמיי פון קייזער פראַנץ יאָזעף. אים איז, ווײַזט אויס, געפעלן אונדזער שטעטל, כאָטש ער איז געווען אַ דיקער, שטײַפער און שטאָלצער מענטש. עס איז געווען שווער צו וויסן פאַרוואָס ער איז דאָ איבערגעבליבן, ווען די עסטרײַכישע אַרמיי, אין וועלכער ער האָט געדינט, איז צוריק אָפּגעטראָטן. אַזוי געשעט אָפט מיט פרעמדע אַרמייען וואָס גיסן זיך אויס ווי טײַכן בשעת אַ פאַרפלייצונג און עס בלײַבן ליגן אויפן זאַמדיקן ברעג מאָדנע פיש און ביזאַרע באַשעפענישן. אידן האָבן דעם פרעמדן גיך אַרײַנגענומען אין זייער מיטן און זיך באַמיט אים צו אַסימילירן. אמת, מען האָט זײַן גאַלי־ציאַנישע שטײַפקייט אין אָנהויב נישט געקענט ברעכן. ער איז פאַרבליבן אויף לאַנג דער שטאָלצער עסטרײַכישער אָפיציר וואָס עס האָט זיך גע־דאַכט אַז ער איז שטײַפערהייט אַרויסגעגאַנגען אַ פאַרטיקער פון זײַן מוטערס טראַכט. אָבער קהל איז אים דאַנקבאַר געווען פאַרן גרינדן אַן אַלגעמײנע שולע פאַר דער אידישער יוגנט.

דירעקטאָר פּאָגעל האָט געמוזט שטאַמען פון אַן אַסימילירטער היים. נאַציאָנאַלע אידישע קולטור איז אים פרעמד געווען. אָבער ער האָט גע־לערנט מיט זײַנע תלמידים דעם געוויינלעכן שול־לימוד, פּוילישע ליטע־ראַטור און געשיכטע. ער האָט געגעבן די קינדער פון שטעטל אַן עלע־מענטאַרע בילדונג. די שולע איז טאַקע געווען אין זעלבן הויז, וואו מיר האָבן געוואוינט. איך געדענק די פּנימער פון די שילערס. זיי זײַנען אַלע שטיין געבליבן אין מײַן זכרון,( און אין הארצן, ווי מיניאַטורנע מענטשן, חנעוודיקע אידישע מיידלעך און ייִנגלעך, וואָס זײַנען געקומען מערסטנס פון אָרעמע, באַשיידענע היימען. כאָטש איך אַליין בין אין דער שולע נישט געגאַנגען, האָב איך אָבער, אַלס שכן, מיטגעלעבט מיט זייערע טעטיקייטן, יום־טובים, לימודים און לערערס. איך פלעג שטיין שעהנלאַנג אונטער די

פענצטער און טירן און זיך צוהערן צו די לעקציעס, ווי די פּאַרצייטישע אָרעמע, אָבער תּורה־ליבנדיקע אידן פלעגן זיך איינהערן צו תּורה־לערנען ביי די ווענט פון בית המקדש. איך האָב כּמעט „דורכגעשטודירט" די זיבן קלאַסן אין משך פון עטלעכע יאָר. איך האָב געקענט די לערערס, זייערע אייגנשאַפטן און געוואוינהייטן. איך האָב אַפילו מיטגעמאַכט צוזאַמען מיט די שילערס זייערע עקסקורסיעס אין קאַזשימיערזש, אין אַנדערע היסטאָרישע פּלעצער. איך האָב געהערט די העפּטיקע דיסקוסיעס און אַמאָל אויך קריי־גערייען אויף פאַרזאַמלונגען. הימישע אידן האָבן געקעמפט פאַר אַ מער נאַציאָנאַלן לימוד. דירעקטאָר פאַגעל האָט כּמעט נישט געוואוסט וואָס אַזוינס ציוניזם מיינט. אָבער ער האָט זיך געלאָזט בויגן. ער האָט פאָרט געוואָלט געפעלן ווערן קהל און ער האָט געמאַכט קאָמפּראָמיסן צו די טאַטעס פון שטעטל. עס איז דעמאָלט געווען די צייט פון אידיש־נאַציאָנאַלן דערוואַכן. עס זיינען פאָרגעקומען וויכטיקע געשעענישן: די באַלפור־דעק־לאַראַציע; די גרידונג פון העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. עס זיינען געווען טעטיק פאַרשידענע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. עס איז געווען אַ שפּרודלענדיקע, אינטעליגענטע יוגנט פון חלוצים, שומרים און אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס און קרייזלעך. ביסלעכווייז איז דער שטייפער עסטרייכישער אָפיציר געוואָרן אַ תּושב, אַן אייגענער צווישן אידן.

דירעקטאָר פאַגעל איז שוין געווען אַן עלטערער בחור. וועט ער זיך משדך זיין מיט אַ חשובער פאַמיליע פון שטעטל? ער האָט אַוודאי געקענט טאָן דעם שענסטן שידוך; חתונה האָבן מיט איינע פון דעם וואַלד־סוחרס טעכטער, פון דער פאַמיליע האַלבערשטאַדט. ער האָט זיך געקענט קלויבן פונם גאָלד פון שטעטלדיקע כּלות, וואָס האָבן אַלע צו אים אַרויפגעקוקט. וועלכעס הימישע מיידל וועט זיין די גליקלעכע צו ווערן דירעקטאָר פאַגעלס פרוי? זיין פּאָזיציע אַלס דירעקטאָר פון דער איינציקער אידישער שולע האָט געפאָדערט אַ ווייב, אַ דירעקטריסע, וואָס זאָל זיין ביכולת צו אַראַנזשירן בעלער, באַנקעטן, אָפיציעלע אויפנאַמעס פאַר די חשובע בעלי־הבתים און געסט. עס זיינען פון צייט צו צייט אויך פאָרגעקומען היס־טאָרישע מאַניפעסטאַציעס, נאַציאָנאַלע פּראָצעסיעס, מלוכהשע פאַרזאַמלונגען. בראש פון די אידישע דעלעגאַטן זיינען געשטאַנען דער חשובער רב און דיר דירעקטאָר פאַגעל. פון איין זייט דער רב, אַ איד מיט אַ הדרת פּנים, אָנגעטאָן אין שטריימל און אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, וואָס האָט אָבער נישט געקענט רעדן קיין וואָרט פּויליש. פון דער צווייטער זייט דער די־רעקטאָר, וואָס האָט קוים געקענט אַ גאַליציאַניש־צעקאַליעטשעטן אידיש; אָבער ער איז פריי געשוואומען אין ים פון דער פּוילישער שפּראַך און לי־טעראַטור ווי אַ געבוירענער פּאָלאַק. ער איז דאָך פאָרט געקומען צו די אידן כּדי זיי צו דינען מיט בילדונג און דערציאונג. די אידישע געמיינדע האָט אָנערקענט זיינע פאַרדינסטן לטובת הכּלל. ער איז געוואָרן אַ לעגי־

טימער בירגער פון קליינשטעטלדיקן אידענטום. וועלכעס מיידל וועט דעריבער האָבן דאָס מזל צו ווערן זיין כלה? די שלייפן פון דירעקטאָר פּאָגעל הויבן שוין אָן צו גרויען ווי שניי אין ווינטערדיקן פאַרנאַכט...

אין איין זייט פון אונדזער הויז איז געווען דירעקטאָר פּאָגעלס ביוראָ. אין דער צווייטער זייט האָט געוואוינט אַ אידיש פּאָרפאָלק. דער מאַן איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער און אָפּגעפּוצטער איד, אַ שפּיליטער, וואָס פלעגט ערב שבת אַהיימקומען צו זיין ווייב. מען האָט אים גערופן מלך ליכטציער. זיין ווייב איז געווען פראַנדל די הויקערין. זי איז געווען אַ זייער איידל מענטש. אַ דינע, אַ זיידענע, אַ נישט־אויסגעלעבטע און אַ לעכצנדיקע נאָך ליבע און לעבן. אָבער זי האָט געהאַט אַ שווערן הויקער אויף אירע שלאַבעריקע פּלייצעס. דאָס גערטנדל אין פראָנט פון זייערע פענצטער האָט געהערט צו די ליכטציערס. פראַנדל די הויקערטע האָט ליב געהאַט דאָס מאָגערע גערטנדל מיט די עטלעכע דאַרע בוימלעך. זי פלעגט אַליין פאַרפלאַנצן אין פרילינג די בלומענזוימען. זי האָט געהאַלטן ציכטיק איר ווינקעלע גאָרטן, וואו עס האָט אַמאָל אין אַ יובל פאַרבלאָנדזשעט אַ מאָדנער פויגל און שטיל געטרילערט אַ לירישע מעלאָדיע. די בלומען, די פלאַנצן, די יינגע קוסטעס, פלעגן אַזוי ווי זייער פאַרפלאַנצערין וואַקסן נידעריקע צו דער ערד, עפּעס ווי איינגעבויגענע און געהויקערטע, ווי זיי וואָלטן זיך שעמען אָנצוקוקן די וועלט. פראַנדעלע פלעגט זיך צושטעלן אַ טאַבורעטקע צו דער טיר כדי צו קענען דערלאַנגען מיט דער האַנט און קושן די מזוזה ווען זי פלעגט אַוועקגיין פון שטוב.

עפּעס האָט געשטעקט אין דער פראַנדעלע די נשמה פון אַ ראָמאַנטישער דאַמע. אין די לינדע טעג פלעגט זי אָפּט זיצן אין גערטענדל מיט אַ ביכל אין דער האַנט. זי האָט זיך מיט גרויס יראת הכבוד געגריסט צום דיי־רעקטאָר פּאָגעל, איר שכן, ווען זי האָט טיף באַוואונדערט. ער, פון זיין זייט, פלעגט זי קוים באַמערקן און, פאַרשטייט זיך, קנאַפּ וואָס רעאַגירן אויף איר באַגריסונג און אויפמערקזאַמקייט. אַז זי פלעגט וועלן אים אַמאָל אָפּשטעלן און אויסרעדן אַ וואָרט, האָט ער אַפילו נישט אויסגעהערט. זיין אַדלערישער בליק האָט ווי געזאָגט: אויך מיר אַ באַשעפעניש פון אַ פרוי! וואָס פאַראַ חוצפה האָט עס אַזאַ הויקערל צו וואַגן מיך גאָר צו פאַר־טשעפּן...

עס איז געווען קענטיק אַז די פראַנדעלע איז געווען פאַרליבט אין דעם שטייפן דירעקטאָר פּאָגעל און, עס איז דאָך געווען אַ האָפנונגסלאָזע ליבע. מען האָט וועגן דעם גערעדט ביי אונדז אין דער היים. דער טאַטע האָט דערציילט דער מאַמען אַז אַנומלט, ווען דער דירעקטאָר פּאָגעל איז אַוועקגעפאָרן אין זיין היימשטעטל אויף וואַקאַציע, איז פראַנדעלע עפּעס אומגעלומפּערטערהייט געבליבן שטיין צופיסנס פונם הויכן דירעקטאָר און, ווי אַ קליין מיידעלע, זיך געכאַפּט צו קושן זיינע קאַלטע, פרעמדע הענט...

ער האָט זי אָנגעקוקט אויף אַ מאָמענט מיט עקל און פאַראַכטונג און געלאָזן שטיין אָן אַ וואָרט צו זאָגן. אַזאַ העזה פון אַ קריפּל!

אַרום הערבסטצייט, ווען די קינדער גרייטן זיך צוריקצוגיין אין דער שולע, איז עפּעס געשען: דירעקטאָר פּאָגעל איז צוריקגעקומען פון גאַלי־ציע און ער האָט געבראַכט מיט זיך, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַ פּאַרטיקע ווייב. דאָס שטעטל מיט אידן איז געווען איבעראַשט: מען האָט דערוואַרט צו זען אַ קייסערינע. אָבער נעבן אים איז געגאַנגען, האָט ממש קוים געשלעפּט אירע שווערע, געשוואָלענע פיס, עפּעס אַ נידעריקע, געזעצטע, אומהיימלעכע נקבה. זי האָט געהאַט אַ פאַרגליווערט פּנים, מיט אומבאַוועגלעכע, גרויסע און געליימטע אויגן. היימישע ציניקערס האָבן איר באַלד געשאָנקען עטלעכע צונעמען ווי די „מאַטקע באָסקע" אָדער „דאָס שטייפע יויז". איז דאָס די אויסדערוויילטע פרוי פון דעם דירעקטאָר פּאָגעל, אויף וועמען די שענסטע און גרעאָטנסטע מיידלעך האָבן געקוקט מיט אַנטציקונג און מיט טרויעריקער האָפנונג אין זייערע גליענדיקע אויגן?

אַזוי איז עס געשען. דאָס שטעטל האָט נישט געקענט ענדערן דעם אומפאַרמיידלעכן גאַנג פון די פּאַסירונגען. דאָס איז געווען די נייע דירעק־טריסע עליזשביעטאַ פּאָגעל. פראַנדעלע, דאָס בלאַסע הויקערל, איז שיעור נישט איינגעגאַנגען פון קריינקונג. זי האָט אַפילו גיך פאַרלאָזט דאָס הויז און זיך אַריבערגעקליבן מיט איר שטילן, באַשיידענעם מאַן, דעם שפּי־ליטער, אַזש קיין ריקע. אַ שוויגנדיקע, אַ פאַרגאָלדיקטע אין טונקלפּאַר־סאַזשעוועטע, ווי פון די לעצטע שטראַלן פון זון־אונטערגאַנג, און טאָקע שווער ווי אַ יויז, האָט די גאַליציאַנער פרוי אומעטום באַגלייט דעם די־רעקטאָר פּאָגעל. זי האָט זעלטן אויסגערעדט אַ וואָרט אין געזעלשאַפט. טייל אידן האָבן אַפילו צווישן זיך געשמועסט אַז זי איז אַ פאַרשטעלטע שדיכע אַזאַ... אַז דער דירעקטאָר פּאָגעל איז צוליב עפּעס אַ זינד, געפאַנגען געוואָרן ביי די שדים און אַז זיי האָבן אים אויסגעבאָרגט אַ שדיכע פאַר אַ ווייב...

איך בין אַוועקפאָרן פון שטעטל אין יאָר 1924. דורך די אַלע יאָרן, ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דער דירעקטאָר פּאָגעל געוואָרן אַלץ מער אָנגעזען און איינגעבאַקן אין די הערצער פון די היימישע אידן. ער האָט פאַר זיי אַ סך גוטס געטאָן. ער איז געוואָרן זייער שתדלן און פאָרשטייער ביי דער פּוילישער געזעלשאַפט. ער איז סוף־כל־סוף געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער, אויב נישט קיין היימישער איד. ער איז מיט דער צייט אויך געוואָרן אַ הייסער ציוניסט. ער האָט שוין אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָפט אויסגערעדט אַ אידיש וואָרט מיט זיין גאַליציאַניש־דייטשן דיאַלעקט. (אַ העברייאישער לערער איז אַגב געווען אָנגעשטעלט אין דער שולע שוין אין מיינע צייטן). דירעקטאָר פּאָגעל האָט זיך באַטייליקט ביי חתונות, לוויות, בריתן, יום־טובים און ביי אַלע נאַציאָנאַלע פּראָצעסיעס

און פאָלקס־מאַניפעסטאַציעס. ער איז אַריינגעגאַנגען אין לעבן פון פאָלק, כדי מיטצולעבן מיט אַלע זיינע שמחות און טרויערן.

ווען די נאַציס האָבן אָקופּירט פּוילן, איז דירעקטאָר פּאָגעל, פאַר־שטייט זיך, געווען דער פאַרטרעטער פון די אומגליקלעכע אידן. ער איז געוואָרן דער הויפּט פונם ניי־געגרינדעטן „יודענראַט״. ער האָט דאָך אויס־געצייכנט געקענט רעדן דייטש. ער איז פריער אַליין געווען אַ שטיק דייטש. ער האָט איצט אָנגעקוקט דעם חורבן. ער האָט געבלוטיקט מיט זיין גרויס האַרץ אויפן אידישן אומגליק. ער האָט שווער געקעמפט פאַר די מכלומרשטע רעכט פון אידן. ער האָט זיך באַמיט איינצושטעלן פאַר די קראַנקע, הונ־געריקע, פאַרלייזיקטע און היימלאָזע אָרעמעלייט. ער האָט זיך געפּרוּאווט שטעלן קעגן דער מאַכט פון די געשטאַפּאָ־רוצחים מיט שטאָלץ און ווירדע. ער איז דאָך פאָרט נישט געווען קיין געפּאַלענער פּוילישער איד. דירעקטאָר פּאָגעל האָט געמוזט צוזען ווי די דייטשן שעכטן אויס זיינע שילערס; ווי זיי טרייבן צום טויט פון הונגער און נויט עטלעכע דורות אידן וואָס האָבן שטודירט און געלערנט אין זיין שולע. ער האָט געמוזט צוזען, ווי דער אומגליקלעכער נביא פון ירושלים, דעם פּולן אומקום פון זיין פאָלק.

די מאָנסטערס, נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט כמעט אומגע־בראַכט און אָוועקגעשיקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן די מערסטע אידן פון שטעטל, האָבן געפּלאַנעוועט אויך דעם אומקום פון דירעקטאָר פּאָגעל. זיי האָבן אים באַזונדערס פיינט געהאַט פאַר זיין שטאָלצן כאַראַקטער. און עס איז געקומען אַ טאָג ווען זיי האָבן באַשלאָסן אים מער קיין לעבעדיקן נישט אַרויסצולאָזן פון זייערע לאַפּעס.

פריער האָבן זיי אים שרעקלעך געפּייניקט. זיי האָבן צום ערשט פאַר אים אין די אויגן געשענדעט, דערשטיקט און צעשטאָכן מיט באַיאָנעטן זיין ווייב. זיי האָבן אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון זייען איינציקער טאָכטער חוה׳לע. דערנאָך האָבן זיי מיט אַ באַגנעט אויסגעשטאָכן די שוואַרצאַפּלען פון זיינע אויגן. זיי האָבן אים אויך אָפּגעשניטן די צונג. זיי האָבן אים אָפּגעהאַקט די הענט. זיי האָבן אים עפּנטלעך קאַסטרירט פאַר די אויגן פון דער גאַנצער קריסטלעכער באַפעלקערונג, מענער און פרויען, וואָס איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אויפן פלאַץ וואו דער דירעקטאָר פּאָגעל האָט געהאַט זיין שולע. אויך די לעצטע איבערגעבליבענע אידן אין שטעטל זיינען געווען געצוואונגען צוצוזען די גרויזאַמע עקזעקוציע פון זייער ווירדיקן שתדלן. די אידן זיינען געשטאַנען צונויפגעטוליעטע אין ביטערע אַנגסטן ווי אַ טשערעדע שאָף בשעת אַ שטורעם, אָדער ערב זייער שחיטה. ווער דער דירעקטאָר פּאָגעל האָט פון דער הויכער תליה, איידער מען האָט פאַר־וואָרפן דעם גאַלגנקנופּ אויף זיין האַלדז, מיט גרויס אָנשטרענגונג געפּרוּאווט אויסשרייען „שמע ישראל״, האָבן דאָס הייפעלע אומגליקלעכע אידן, ווי אין

אַ געמיינזאַמען כאַר געוואַגט אים אָפּצוזעטפערן מיטן זעלבן אומשטערב־לעכן אויסגעשריי פון אַלע אידישע דורות.

דירעקטאָר פּאָגעל איז אויסגעגאַנגען ווי אַ קדוש. אַלע אידן וואָס זיינען נאָך געבליבן לעבן נאָכן מוראדיקן מבול פון בלוט, רעדן וועגן אים ווי וועגן אַ הייליקן, וואָס האָט מיט די גרויסע מעשים ביי זיין לעבן און מיט זיין העלדישן טויט, זיך פאַראייביקט אין האַרצן און אין היסטאָרישן זכרון פון פאָלק. —

## דער באַראָן

דורכן גאַנצן יאָר האָט זיך דער „אידישער באַראָן", ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל, קיינמאָל נישט באַוויזן אין דער גרויסאַרטיקער שול אָדער אינם עלטערן בית המדרש. אָבער ערב ראש־השנה און יום־כיפור ביינאַכט צו כל־נדרי, האָט ער זיך פּלוצלונג געיאַוועט אין דער שול. אַפילו דער ערגסטער אַסימילאַטאָר און אַפּיקורס אין שטעטל האָט זיך נישט געוואַגט אינגאַנצן איינצורייסן מיט קהל און מיטן רבונו־של־עולם. דער איידעלער באַראָן האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיינע אַריסטאָ־קראַטישע פּלייצקעס אַ דין, זיידן טליתל, עפּעס אַזוי ווי אַ האַנטעכל, מיט זילבערנע פּרענדזן.

ווערליק די אַנדערע מאַסיווע און דעמביקע אידן אויף דער מזרח־וואַנט, וואָס זיינען געשטאַנען איינגעהילטע אין לאַנגע טליתים מיט זילבערנע עטרות און וועלכע האָבן, מיט זייערע פלאַמיקע פּנימער, רויטע שטערנס און ווייסע בערד, מיט זיך פאַרגעשטעלט ממש זיילן פון אידישן גייסט, טראַדיציע און עקשנות — האָט דער באַראָן געמאַכט דעם איינ־דרוק פון אַ מין קאַריקאַטור פון אַ פאַרגויאישטן איד.

דער באַראָן האָט געהאַט אַ דינע, שלאַנקע פיגורקע פון אַ מענטש וואָס איז געאיידלט פון רייכקייט און ראַסקאָש. זיין מאָרדע איז געווען אַ גלאַטיק־אָפּגעראַזירטע. מיט דינע, טונקעלע וואָנסעלעך אונטער דער געשניצטער, וואויל־שמעקנדיקער נאָז. ער האָט געמישט מיט קאַלכדיק־בלייכע הענט, וועמענס בלאַסע פינגער זיינען געווען באַזעצט מיט גאָל־דענע סיגנעטן, די בלעטלעך פון אַ שפּאָגל־נייעם מחזור, וואָס האָט גע־האַט אַ דייטשע איבערזעצונג פון די הייליקע תפילות, און וואָס איז נאָך כמעט נישט גענוצט געוואָרן. פון זיינע קוים־קוים־זיך באַוועגנדיקע ליפּן האָט מען ביי קיין שום אופן נישט געקענט דערגיין צי דאַוונט ער טאַקע פונם מחזור אָדער ער קען אַפילו נישט קיין שייטל עברי. אַלץ אין אים איז געווען קאַלט, ראַפינירט און אָפּגעפּוצט, ווי להבדיל, אין גויאישן קאָשטשאָל. ער האָט זיך געהאַלטן פון די אַנדערע אידן אויף אַ דיסטאַנץ. ער האָט אַקצענטירט זיין ווירדע און ווערדע.

דער אידישער באַראָן און אַסימילאַטאָר איז אויסגעזעסן זיין צייט מיט אַלע איבעריקע מתפללים אין שול. עס איז אייגנטלעך געווען שווער צו זאָגן גענוי צי טוט ער דאָס צוליבן אידישן גאָט, אָדער צוליב זיינע קאָרעקטע פליכטן צו קהל. וואַרשיינלעך, צו ביידע צוזאַמען. מיין טאַטע, וואָס איז סיי ווי קיין פרומער פאַנאַטיקער נישט געווען און האָט זיך גע־האַלטן פאַר אַ סאָרט „אויפגעקלערטן", און אויך אויס פשוטער העפלעכקייט וואָס איינער אַ איד זיצט אַן איינזאַמער און אָפּגעפרעמדטער נעבן אים, פלעגט צום באַראָן אויסרעדן אויף פויליש עטלעכע פריינטלעכע ווערטער. אויך דער רב האָט ביים אַריינקומען אין שול אַריין זיך צו אים געגריסט. ווייזט אויס אַז דער באַראָן פעליקס גומפּערץ האָט געהערט צו דער שטעטלדיקער קהילה און ער האָט געצאָלט פאַר היימישע הצטרכותן.

מען האָט געפילט די ביטערע פאַראַכטונג וואָס פלאַמט אין אידישע אויגן און הערצער צום באַראָן. ער איז דאָך קיינמאָל נישט געווען נאָענט צום היימישן איד פון שטעטל. ער איז געווען און געבליבן אַ פרעמדער עלעמענט. זיין נאָמען, זיין סאָרט נעטע, אָפּגעפוצטע קליידונג, די גאָלדענע רינגלעך אויף די פינגער, זיין קאַלטע האַלטונג, זיין שטענדיקע רעזער־ווירטקייט, זיין פרעמדקייט צו אידן און צו אידישע פּראָבלעמען; דאָס אַלץ האָט שאָקירט דעם היימישן איד פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס לעבט דאָס רוב אין ביטערער אָרעמקייט, אָבער וואָס געניסט זיין יום־טוב און איז היימיש מיטן רבונו־של־עולם. פונדעסטוועגן זיינען געווען אויך אַזעלכע אידן וואָס האָבן געפונען אַ זכות אויפן באַראָן. אַשטייגער: ער קומט דאָך פאָרט צו ראש השנה און יום־כיפור ביינאַכט צו כל־נדרי, אין שול אַריין. ער זיצט דאָך פאָרט אויס מיטן יום־טובדיקן מחזור אין די הענט דעם גאַנצן לאַנגן יום־כיפורדיקן טאָג, אַזש ביז נעילה. ער איז דאָך פאָרט נישט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון אידישן שטאַם. ער האָט דאָך פאָרט גאָט אין האַרצן. ווער ווייסט, אפשר חלילה, בשעת אַן עת־צרה, שטייט ער אינגאַנצן, מיט האַרץ און זעל, מיט אונדז, אידן, ווי דאָס טרעפט אַזוי אָפט אין דער אידישער גע־שיכטע. איינזאַמע, צעבראָכענע און צעשלאָגענע, קומען זיי דעמאָלט צוריק צו אונדזער מחנה און זיי שטעלן זיך אַוועק צווישן אייגענע און שטאַרבן מיט אונדז צוזאַמען אונדזער טויט און גאָט'ס משפט און גזר אויף אונדז, כאָטש זיי האָבן נישט אינגאַנצן געלעבט אונדזער לעבן.

אָבער באַלד נאָך די ימים־טובים פלעגט ער ווידער פאַרשוואונדן ווערן אויף אַ גאַנץ יאָר לאַנג. מען האָט אים אין שטעטל כמעט זעלטן אָנגעזען, סיידן אַמאָל ביי אַ גויאישער פּראָצעסיע, ווען עס פלעגט אָנקומען פון וואַרשע עפּעס אַ הויכער שררה. דעמאָלט פלעגט מען אים זען מאַרשירן צוזאַמען מיטן רב, מיטן דאָזאָר, מיט קהל־לייט. מען האָט אויך געשמועסט אַז ער פירט גרויסע מסחרים מיט דייטשע און פוילישע סוחרים; אַז ער פאָרט אַזש קיין דאַנציק, קיין לייפּציק און אַמסטערדאַם אויף די יערלעכע

יאַרידים און אַז ער קריגט אַמאָל געסט פון אויסלאַנד, גרויסע מאַגנאַטן, וואָס פאָרן אין פריצישע קאַטשן מיט אַכט פערד געשפּאַנט נאָשפּיץ. שטעטל האָט אַפילו דערציילט אַז דער באַראָן האָט עסקים מיטן קעניגלעכן הויף.

דער באַראָן האָט געוואוינט ערגעץ אין אַ זייט פון שטעטל, אַן אָפּגע־זונדערטער פון די אידן, אין אַ צווייגאָרנדיקן הויז, מיט אַן אייזערנעם באַלקאָן. די פענצטער פון זיין וואוינונג זיינען תמיד געווען פאַרהאַנגען מיט שווערע און טונקעלע פאַרהאַנגען און אויך דעקאָרירט מיט זוניקע וואַזאָנען. עס האָבן זיך פון דאָרטן אָפט געהערט קלאַנגען פון אַ פאָרטע־פּיאַנאָ. דאָס האָט דעם באַראָנס איינציקע טאָכטער, יאַדוויגע, געשפּילט פונם אוניווערסאַלן רעפּערטואַר: שאָפּען און באַך. אויסער מיט שקצים, מיט די סטודענטן פון דער גויאישער גימנאַזיע, האָט זיך יאַדוויגע מערסטנס אַרומגעפירט מיט קריסטלעכע קאָלעזשאַנקעס, מיט די טעכטער פון נאַ־טשאַלסטוואָ. זי האָט אויסגעזען ווי אַ פרעמדע פּרינצעסין פון אַ מעשה־בוך, וואָס געהערט זיך גאָרנישט אָן מיטן היימישן אידישן לעבן. הגם זי איז געווען אַ היפּש־באַליבט מידל, איז זי דאָך געווען אַן עלעגאַנטע און שאַרמאַנטע, ווערליק די אַנדערע פרויען אין שטעטל וואָס האָבן אַוודאי געהאַט אַ סך שיינקייט פון דער נאַטור, אָבער זיי האָבן דאָך נישט באַזעסן דאָס וויסן און די ראַפינירטקייט צו קענען ספּעציעל אַקצענטירן זייער פרויען שיינקייט. יאַדוויגע פלעגט זומערצייט טראָגן אַ העלן, ברייט־ראַנדיקן הוט, אַזוי ווי אַ גראַנדיעזע לאַטאַס־בלום, אויף איר קאָקעטישן קעפּל. אויך פלעגט זי טראָגן אַ שפּאַנישן זון־שירעם, וואָס דאָס איז בכלל געווען אַ נייעס אין שטעטל. בלויז די קריסטלעכע דאַמעס האָבן געטראָגן פּאַראַ־סאָלן אַפילו ווען עס האָט נישט גערעגנט אין דרויסן. זי האָט זיך אַדורכגע־טראָגן דורך דער הויפּט־גאַס מיט דער עלעגאַנץ פון אַן אמתער דאַמע, יעדער טראָפּן צייט אַ באַוואוסטזיניקע פון איר גליקלעכער עקסיסטענץ. די איינוואוינער פון שטעטל האָבן יאַדוויגן תמיד נאָכגעקוקט מיט באַוואונ־דערונג, מיט באַגער און אַפילו מיט קענטיקער קנאה. דאָס רייכע טעכטערל האָט כמעט יעדן טאָג געוויזן צו אַן אָרעמען, דערשלאָגענעם יידישן עולם פרישע קליידער און צירונג.

אין יאָרן שפּעטער האָט מען געשמועסט אַז יאַדוויגע האָט חתונה גע־האָט מיט אַ פּאָליציי־מייסטער וואָס האָט איר, אויס קריינקלעכער תאווה, פאַרשמיסן צום טויט. אַנדערע האָבן געזאָגט אַז זי האָט זיך אויפגעהאַנגען פאַר בושה און חרטה. דאָס קליינשטעטלדיקע קאָלעקטיוו האָט סוף־כל־סוף איבערגעלעבט און טריאומפירט איבער אַלע זיינע היימישע פּערסאָנאַזשן, גוטע און שלעכטע, זוניקע און נאַכטיקע, צדיקים און רשעים. ביזן מאָ־מענט ווען די געשיכטע האָט אויך דעם סאַמע קאָלעקטיוו פאַרמשפּט צום גרויזאַמען אונטערגאַנג.

ווען יאַדוויגעס פאָטער, דער אידישער באַראָן, האָט געלאָזט רופן די

חברה קדישא כדי זיי זאָלן זיין איינציק קינד ברענגען צו קבורה אויפן היימישן בית עולם, האָבן זיי פאַרלאַנגט, ווי מען האָט געשמועסט, אַ היפשע אַ פּותיקאַ. די שיינקייט יאַדוויגע, וואָס פלעגט תמיד טראָגן אונטערן אָרעם אַ דיקן, פּוילישן ראָמאַן און האָט אויך געדעדט אַ מעלאַדיעזן פראַנ־צויזיש, האָט שוין כמעט אָנגעהויבן צו פוילן און אַרויסגעגעבן אַ ריח. ביז מען האָט זי ענדלעך, נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, באַגראָבן נישט ווייט פונם פלויט, אַזוי ווי אַ זינדיקע זעלבסטמערדערין. דאָך האָבן הערלעכע קוויאַטן, אַזוי האָט דאָס פאָלקלאָרישע מויל פונם שטעטל דערציילט, אַזוי ווי שטיקער גאָלד, אַרויסגעבליט אויף איר קבר, מיט אַ ממש זעלטענער פרישקייט באַלד אין די ערשטע טעג פונם נייעם פרילינג.

עס איז מיר נישט איינגאַנצן באַקאַנט באַראַן פעליקס גומפּערץ'ס גורל אין דער צייט פון די היטלער־שחיטות אויף אידן אין פוילן. איך האָב זיך אויסגעפרעגט ביי אַ צאָל פון די שטעטלדיקע לאַנדסלייט וועגן אים. זיי האָבן מיר קיין גענויע ידיעות וועגן דעם באַראָן און זיין פרוי נישט געקענט געבן. לויט איין ווערסיע זאָל ער האָבן מיטגעגאַנגען דעם גאַנצן מאַרטירער־וועג פון די קליינשטעטלדיקע אידן, אויפן וועג קיין לובלין. און אַז ער מיט זיין ווייב און נאָך עטלעכע קרובים זייערע זיינע אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון מיידאַנעק. לויט דער זעלבער ווערסיע, וואָס איינער אַן עלטערער לאַנדסמאַן האָט מיר דערציילט, איז דער אידישער באַראָן שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן. ער האָט צום סוף אָנגענומען דאָס טראַגישע געשטאַלט און פּנים פון אַן אַלטן, אומגליקלעכן איד, אַ זקן. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ סך מוט און געטריישאַפט צו די אַנדערע אומ־גליקלעכע אידן. ער האָט אַפילו אויפן גאַנצן ביטערן וועג מיטגעטראָגן מיט זיך אַ קליינטשיק אידיש קינד, וואָס איינע אַ אידישע מאַמע האָט נעבעך נישט געהאַט קיין כוח צו טראָגן אויף אירע צעבראָכענע אָרעמס. ער האָט אַפילו געשטאַרקט און געמוטיקט אַנדערע דערשלאָגענע אידן מיט זיין גייסטיקן כוח און קוראַזש. צום סוף איז ער אַריין אין די פייערן פון נאַצישן קרעמאַטאָריום אַלס איד, מיט אַ געריייניקטער אידישער נשמה, כדי באַלד אויפגענומען צו ווערן אין גן־עדן, צווישן די הייליקע און קדושים פון אידישן פאָלק.

## דער קנאַפּל מיט גאָלד

די מעשה האָט מיר דערציילט דער פריינט יצחק פּאַסטערנאַק, אין זיין היים, פּרייטיק צונאַכט, בשעת די ברענענדיקע ליכט אין די זילבערנע לייכטער האָבן אַרויסגעלאָזן אַ קאָפּעטש. דער פרויען־כאַראַקטער וועגן וועמען עס וועט דאָ קומען צו רייד, איז געווען אַ מומע פון זיין ערשטער פרוי. איר מאַן, דער פעטער, איז געווען זיין שוויגערס ברודער.

די פרוי האָט געהייסן פרומעט. איר פאַמיליען נאָמען איז געווען

גאָרפינקל. זי איז געווען די אייגנטימערין פון עטלעכע הייזער מיט לאָ־קאַטאָרן.

די פרומעט איז געווען אַ ביטערע נקבה. זי האָט געהאַט טונקעלע וואָרצעלעך אָדער בראָדעווקעס אויףביידע באַקן און אויף דער שפּיציקער גאָמבקע. איין אויג איז ביי איר געווען אויסגעשטאָכן אָדער אויסגעפּיקט דורך דעם שנאָבל פון אַן אָדלער. דאָס צווייטע אויג האָט רויט געגליט ווי אַ שטיק פייער. אויפן רעכטן פוס האָט זי אונטערגעהונקען. זי האָט געטראָגן אַ שוואַרצן שוך מיט אַ הויכן קנאַפּל וואָס האָט געוואויגן עטלעכע פונט. זי האָט דווקא געהאַט אַ שם אין שטאָט פאַר איינע פון די פיינסטע ווייבער. זי איז געווען פרום אויך. דאָגערשטיק, צום ביישפּיל, האָט זי נישט אָפּ־געשוירן אירע האָר און נעגל, ווייל אויב זיי הויבן אָן צוריקצוּוואַקסן דעם דריטן טאָג, זאָל עס נישט אויספאַלן אום שבת. אויך פלעגט זי אירע אָפּגע־שוירענע האָר תיכף פאַרברענען. וואָרים אויב מען טוט דאָס נישט, טוט ווי דער קאָפּ. פרומעט פלעגט אויך די שטיקלעך נעגל אירע איינוויקלען אין פּאַפּיר, צולעגן אַ שטיקל האָלץ פאַר אַן עדות און זיי פאַרברענען. וואָרים אין די אָפּגעשניטענע נעגל, פלעגט מען זאָגן, איז פאַראַן כּישוף. נאָכן טויט, אויב מען האָט נישט באַוויזן זיי צו פאַרברענען, מוז מען זיי צוזאַמענזוכן מיט גרויסע שוועריקייטן. עס טרעפט אַז ווען אַ שוואַנגערנדי־קע פרוי גייט אַ דורך אַזעלכע נישט־פאַרברענטע נעגל, קען זי חלילה מפּיל זיין.

פרומעט האָט זיך מכלומרשט געפירט גאָטספאַרכטיק. זי פלעגט רעדן מיט זיסע ווערטלעך פון טייטש־חומש און פון די תחינות. אַז זי פלעגט פאַרלאָזן די שטוב, פלעגט זי צענדליקער מאָל אויסקושן די מזוזה. איר האָט נישט געאַרט וואָס די זעלבע מזוזה איז שוין פסול זינט לאַנגע יאָרן. זי האָט אויסגעדאַוונט דעם אַלטן סידור ביזן צעפאַלן זיך. פון די געלע בלעטלעך פלעגט זיך שיטן אַ מעשענער שניי פון לשון קודשדיקע אותיות און ברעקלעך פּאַפּיר. אָבער די זעלבע פרומע פרומעט איז אין איר ווערמ־דיקן האַרצן געווען אַביטערע אידענע.

איר מאַנטשיקל איז געווען אַ שטילער מענטש. אַ רואיקער אַזאַ. ער האָט קיין פליג אויף דער וואַנט נישט געטשעפּעט. ער האָט קיין הויך וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדן. די מיטגלידער פון זיין גאַנצער פאַמיליע זיינען געווען שטילע און אידעלע לייט, לויטער זייד און סאַמעט. ער האָט געצויגן זיין יחוס פון אַ שטאַם אַזש פון בעל שם טוב הקדוש. אָבער פרומעט האָט איר מאַן, משה מענדל, געגעבן די גאַל אין מויל אַריין. נאָך אַכט ביטערע יאָר צוזאַמענלעבן מיט איר, אַנטלויפט ער קיין בערלין. דאָרטן האָט ער זיך איינגעאָרדנט אַ שניידער־אַטעליער. עס איז אים לייטיש געגאַנגען. ער פלעגט אויך אויסגיין מיט די גרעסטענסטע פרויען פון דער אידישער

געגנט. שדכנים פלעגן אים רעדן שידוכים מיט רייכע אַלמנות. שבת האָט ער געדאַוונט ביים עמוד אין דער גרויסער שול פון זיין געגנט.

פרומעט גאַרפינקל האָט אָבער אַליין נישט געקענט לעבן. די איינזאַמקייט האָט איר געוואָרגן. זי האָט געהאַט אַ סך געלט, צירונג און הייזער. זי האָט אויך געוואוסט אַז אַן איר איז איר מאַן, משה־מענדל, אַ גליקלעכער מענטש. דאָס לעצטע האָט זי נישט געקענט ליידן.

אין איין טאָג מאַכט זי זיך גרייט צו דער נסיעה. זי טוט אָן דאָס שענסטע קלייד וואָס זי האָט געטראָגן צו דער חופּה. זי טוט אַרויף אויף זיך די טייערסטע צירונג און זי פאָרט דירעקט קיין בערלין אין אַ דראָשקע. עס געדויערט נישט לאַנג און מיט מכלומרשטע ליבשאַפט, מיט ווייבערישע חנדלעך, מיט זיסע ריידעלעך, ברענגט פרומעט צוריק איר מאַנדל אין שטעטל אַריין. די ערשטע פּאָר וואָכן האָט די וואָראָנע זיך באַמיט לייטיש צו באַהאַנדלען איר מאַן. אָבער עס געדויערט נישט לאַנג און זי הויבט ווידער אָן צו ווייזן די נעגל אין איר קלאָען.

משה־מענדל איז נישט אימשטאַנד איר צו ענטפערן. ער שווייגט, שטיקט זיין קריינקונג אין זיך און ער קריגט מיט דער צייט בלוטנדיקע אַלסערס. ער לעבט אַזוי אָפּ מיט זיין קראַנקען מאַגן נאָך אַ קנאַפּ יאָר. שוין אַפילו ליגנדיק אין גסיסה אויפן טויטנבעט האָט זי אים טאָג און נאַכט געיאַדעט מיט איר ווערעמדיקן מויל. איינמאָל, אין שושן פּורים, קריגט ער אַ בלוט־שטורץ און ער שטאַרבט אַוועק.

די לוויה איז געווען פונקט אַזאַ שטורמדיקע ווי זיין לעבן. בשעת מען איז דורכן שטעטל געגאַנגען מיט דער מיטה, איז אויסגעבראָכן אַ וויסטער שניי־שטורם וואָס האָט אַרונטערגעשליידערט די מכסה. די דאָזיקע סצענע האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. דער שניי איז געפאַלן אַזוי געדיכט אַז איין איד האָט נישט געזען דעם אַנדערן איד. כאָטש די אָנטייל־נעמערס זיינען אַלע געווען תושבים פון שטאָט, האָט מען געבלאָנדזשעט אין די שמאָלע געסלעך ווי די בלינדע. מען האָט קוים באַוויזן זיך צו דערשלעפּן צום בית עולם. עס איז נאָך געווען אַ גליק וואָס מען האָט דאָס אָרעמע מת נישט פאַרלוירן אויפן וועג. בשעת מען האָט גענומען דאָס טויטע לייב אין טהרה־שטיבל און מען האָט געמאַכט די מלאָ׳ס, האָט דער שטורם נאָך אַלץ געבושעוועט, אומוואָרפנדיק הונדערט יאָריקע מצבות פון צדיקים און אויסרייסנדיק אַלטע, שטאַרקע בוימער מיט די קאָרזשענעס פון דר׳ערד. מען האָט באַשיינפּערלעך געפילט אַז דער הימל לאָזט הערן זיין קול און זיין משפּט דורכן שטורם. מען האָט ממש געזען ווי מלאכים פּאַטשן מיט זייערע פינצטערע פליגל.

ערשט ווען מען האָט שוין געהאַט פאַרשאָטן דאָס קבר, האָט זיך די נאַטור אַביסל איינגעשטילט. אַ געטלעכע אויסלייטערונג איז איינגעטראָטן. דער הימל האָט גענומען בלויער ווערן. די אידן האָבן זיך צוריק אומגע־

קערט אין שטאָט אַריין דורך פאַרשידענע וועגן און געסלעך. אויף אַלעמענס פּנימער האָט מען דערקענט טיפע איבערלעבענישן, ווי עס וואָלט מיט זיי געהאַט געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכס. —

בשעת היטלערס אַרמיי האָט פאַרכאַפּט די שטאָט, האָט זיך פּרו־מעט באַלד אין אָנפאַנג גענומען חנדלען צו די דייטשן. אין אירע בײדע הייזער האָבן איצט געוואוינט די געשטאַפּאָ־רוצחים, וועמען זי איז טאָג און נאַכט געווען געצוואונגען צו באַדינען מיט מאָלצייטן, מיט פלעשער וויין און שנאַפּס פון אירע קעלטערס און פאַר וועמען זי האָט געוואַשן די פּאָד־לאָגעס מיט אירע אייגענע הענט. אירע ביידע דערוואַקסענע זין פון איר ערשטן מאַן וואָס האָבן פריער ביי איר געהאַט געצויגן גרויסע סומעס געלט און וואָס האָבן געשיכורט אין גויאישע טרינק־הייזער, זיינען איצט פון איר אַנטלאָפן צו די פּאַרטיזאַנערס אין די וועלדער. די מערסטע מיטגלידער פון איר משפּחה זיינען שוין געווען טויט. פּרומעט האָט געזען קלאָר איר אייגענעם סוף. זי האָט אַ צינד געהאַט אַ פאַרלאַנג זיך צו דער־נענטערן צו אים, צו יצחקן, וואָס איז פאַרבליבן לעבן דער איינציקער פון דער גרויסער משפּחה און וועמענס אייגן ווייב און קינדער זיינען שוין אויך געהאַט אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס. יצחק האָט געאַרבעט אַלס מעבל־סטאָלאַרזש ביי דער געשטאַפּאָ.

— יצחק, — פלעגט זי אויסשרייען מיט אַ פאַרזשאַווערט קול, — נאַדיר אַוועק מיין גאַנץ פאַרמעגן. נעם מיינע בריליאַנטן, מיין גאָלד און זילבער, אַבי זיי מיך פריינט און זאָג מיר אַ פריינטלעך וואָרט. איך בין איצט עלנט ווי אַ שטיין. מיינע קינדער זיינען אין די וועלדער. מיין גאָטזעליקער מאַן משה־מענדל וועט נישט אויפשטיין קיין תחית המתים. די דייטשן האַקן יעדן טאָג אויס שטיקער ווענט פון מיינע קאָסטבאַרע קאָמעניצעס כדי צו באַהייצן די גרויסע שטובן אין וועלכע זיי הוליען גאַנצע נעכט. איך פיל פּונקט ווי זיי וואָלטן מיט שטאָלערנע העק אויס־האַקן די ריפּן פון מיין לייב. יצחק, איך בעט דיך, נעם צו פון מיר דעם דאָזיקן זעקס־קאַראַטיקן בריליאַנט און באַהאַלט אים פאַר זיך. ווען דו וועסט ווידער חתונה האָבן, וועסטו דאָס געבן אַ מתנה צו דיין כלה...

— פּרומעט, איך וויל נישט האָבן דיינע בייזע בריליאַנטן. זיי זיינען איינגעשמירט מיט בלוט פון אידישע מענטשן. אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט, איז פינצטער און פאַרבלוטיקט פון רויבעריי און רציחה. דו האָסט גע־שלאָגן מיט בייטשן דיינע אָרעמע לאָקאַטאָרן, קראַנקע אידן, אומגליקלעכע אַלמנות און פאַרשאָלטענע יתומים, כדי זיי זאָלן דיר באַצאָלן דאָס דירה־געלט. דו האָסט קיינמאָל נישט פאַראַכטן דיינע הייזער. עס פלעגט אין זיי אַריינרעגענען און אַריינרינען פון דרויסן אויף די געלעגערס פון די נאַקעטע און הונגעריקע קינדער. דו האָסט געהאַט אַ האַרץ פון אַ חיה.

גיי איצט צו די דייטשן. זאָלן זיי ווערן דיינע גוטע פריינט. גיב אַוועק דיין אָנגערויבט און אָנגעגזלט פאַרמעגן צו די געשטאַפּאָ־מערדערס.

— יצחק, זיי נישט אַזוי אַכזריותדיק צו מיר. דאָס לעבן האָט מיך שוין געגוג געשטראָפט פאַר מיינע זינדיקע מעשים. איך בין טאַקע געווען שלעכט און פאַרנאַרט. איך בין באַגאַנגען חטאים קעגן מיין מאַן און קעגן דער גאַנצער משפחה. איך האָב געשוונדן די הויט פון די אָרעמע לאָקאַטאָרן. איך האָב געלאָזט הענגען אין דער לופט די נאַקעטע הענט פון די פאַר־שעמטע אביונים וואָס האָבן ביי מיר געבעטן אַ שטיקל ברויט צו שטילן זייער הונגער. עס איז צו מיינע טויבע אויערן, פאַרשטאָפּטע מיט אייזן, און צו מיין פאַרשטיינערטן האַרצן נישט דערגאַנגען דאָס געוויין פון פיצלעך געשוואָלענע קינדער אין דער פראָסטיקער קעלט. איך האָב געלאָזט אויסגיין אידן פון הונגער ביי מיינע שוועלן. איך בין געווען טיראַניש קאַלט ווי דער גרויסער בריליאַנט וואָס איך האַלט אין דער האַנט און צו וועלכן דו ווילסט דיך אַפילו נישט צורירן. איך בין נאָר געווען פאַרטאָן און משוגע פונם פאַרלאַנג צו זאַמלען אוצרות. איך האָב דאָס בלוט און טרערן פון די אײדלסטע מענטשן פאַרוואַנדלט אין גאָלד און זילבער. אָבער איצט ווערט סיי ווי אַלץ חרוב און צעבראָכן. יצחק, געדענק, אויב איך וועל אויסגיין, זאָלסטו כאָטש ראַטעווען פאַר זיך דעם רעכטן שוך מיינעם מיטן גרויסן קנאַפּל. אין קנאַפּל האָב איך אַריינגעטאָן דאָס גאַנצע געלט וואָס איך האָב געזאַמלט אין משך פון אַזוי פיל יאָרן. מיין מאַן האָב איך געלאָזט אויסגיין פון הונגער. איך האָב אים געלאָזט עסן זאַמד און שטיינער. איך האָב אים אַפילו נישט פאַרגינען קיין שטיקל ברויט צו דער זעט. אָבער איך האָב דעם קנאַפּל אָנגעפילט מיט גאָלד און בריליאַנטן. יצחק, נאָך מיין טויט זאָלסטו מיר אויסטאָן דעם שוך פון לאָמען פוס און טראָג אים אַהיים צו זיך. באַגראָב אים אין דער ערד אויפן הויף נעבן מיין הויז. נאָך דער מלחמה וועסט דו חתונה האָבן און דו וועסט באַזיצן אַ גרויס פאַרמעגן. וועסט שטעלן מצבות אויף מיין געביין און אויפן פאַרפייניקטן גוף פון מיין גאָטזעליקן מאַן. וועסט אָנצינדן נאָך אונדז ביידע יעדעס יאָר יאָרצייט־ליכט.

— איך וועל נאָך דיר קיין יאָרצייט־ליכט נישט אָנצינדן. זאָל דיין ווערעמדיקער זכר, פרומעט, אָפּגעמעקט ווערן פון פנים פון דער ערד. איך וועל אויך קיין מצבה נאָך דיר נישט שטעלן. דו האָסט הפקרדיקערהייט געטרונקען דאָס בלוט פון אָרעמעלייט. דיין שטילער און פרומער מאַן איז אויסגעגאַנגען צוליב דיין רשעות. גיי און ברעך האַלדז־און־נאַקן. זיי די כפרה פאַר אַלע אידן. עמעץ קלאַפּט אין טיר. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אַ גאַנצן טאָג געשאָכטן און געשענדט ווי די משוגענע חיות. איצט זיינען זיי געקומען פרעסן און טרינקען ביי דיין טיש. גיי צו זיי, פרומעט. די רוצחים רופן דיך!

— אַט אַזאַ אומהיימלעכן דיאַלאָג האָבן מיר געפירט. זי האָט זיך פאַרן טויט מיט געוואָלט געוואָלט צוריק אַריינקריגן אין אונדזער משפּחה. זי האָט געזען ווי איך ראַטעווע פרעמדע פרויען און קינדער אַדאַנק מיין אַרבעט אין דעם געשטאַפּאָ־ווערקשאַפּט. זי האָט געוואָלט דורך אירע אוצרות אויסקויפן כאָטש אַביסל פון אירע פאַרברעכנס. זי האָט געהאָפט אַז איך וועל זי אויך אימשטאַנד זיין צו ראַטעווען און איך וועל שפּעטער מיט איר חתונה האָבן, כדי זי זאָל מיך מיט דער צייט אומברענגען. זי האָט געמיינט אַז איך וועל פאַלן פאַרן בלענד־און־בלישטש פון אירע ברילִיאַנטן.

— איינמאָל אין אַ טאָג האָט אַ נאַצישער מערדער זי דערשאָסן אויף דער שוועל פון איינעם פון אירע מויערן, אין וועלכע זי איז געקומען צו מאָגען געלט ביי אַן אָרעמען אידישן שוסטער, וואָס האָט געוואוינט אין נאַסן קעלער, וואוהין די זון פלעגט קיינמאָל נישט צוקומען. ער איז געווען דער סאַמע לעצטער פון אירע לעבנגעבליבענע לאָקאַטאָרן, וועמענס קינדער זיינען געלעגן און די ברודיקע בעטן, געשוואָלענע פון הונגער, און דאָס ווייב, אַ סקעלעט, איז ערשט געהאַט געלעגן געוואָרן מיט אַ צווילינג, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן פון איר טראַכט טויטערהייט. ווען איך בין צוגעקומען צו פרומעטן, האָט זי שוין געהאַלטן ביי ערב גסיסה. אָבער זי האָט נאָך באַוויזן אַרויסצונעמען פון דעם צעריסענעם זאַק אַרויס אַ פּעקל. זי האָט מיט אירע לעצטע כוחות אויפגעוויקלט אַ שמאַטקעלע און עס האָט אַ בלישטש געטאָן דער פינקלענדיקער ברילִיאַנט אין איר האַנט, ווי אַ שטערן וואָס האָט געלויכטן מיט אַ מיליאָן טעג אינמיטן דער פינצ־טערער נאַכט פון די נאַציס איבער דער וועלט. זי האָט ציטערנדיק געהאַלטן דעם ברילִיאַנט אין דער הויך, אַנטקעגן מיין פּנים, בשעת זי האָט אָפּגעבלוטיקט אין רינשטאָק צום טויט.

— ניין. איך האָב דעם ברילִיאַנט נישט גענומען. דער באַגרעבער, וואָס האָט זי אין באַגינען אַרויפגעוואָרפן אויפן וועגעלע פון חסד של אמת, כדי זי אָפּצופירן צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע סקעלעטן פון דערשטאָכענע, געהאָנגענע און דורך אַלע מיתה משונות אומגעבראַכטע אידן אויפן בית עולם, האָט פּאַוואָליע אַרויסגענומען דעם ברילִיאַנט פון איר פאַרבלוטיק־טער פויסט, וואָס האָט אים נאָך אַפילו איצט נישט לייכט אָפּגעגעבן, ווייל איר האַנט איז געווען עקשנותדיק פאַרקראַמפּט. אָבער אין גרויס אַנגסט און פּחד, זיך ראַנגלענדיק מיטן מעכאַנישן ווילן און כוח פונעם מת, האָט דער קברות־מאַן אַראָפּגעלאָזט דעם ברילִיאַנט צו דער ערד. אין זעלבן מאָמענט איז פּלוצלינג צוגעלאָפן עפּעס אַ שוואַרצער, משוגענער הונט און ער האָט איינגעשלונגען דעם איידלשטיין, גיך פאַרשווינדנדיק צווישן די מצ־בות אויפן בית עולם.

— ביינאַכט האָב איך געזען אין זומפּ, אויפן הויף, פרומעטס גרויסן

שוך. ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין דער בלאָטע, אין ברודיקן און פאַר־בלוטיקטן שניי. מען האָט דעם אוצרדיקן שוך אַוועקגעוואָרפן, ווייל ער איז דאָך געווען פון אַן אלמנהס קרומען פוס און ער האָט קיינעם קיין שום נוצן נישט געקענט ברענגען. קיין נשמה האָט אויך נישט געוואַגט צו פאַרדעכטיקן אַז אין דעם הוילן שוך מיטן שווערן קנאַפל ליגן אָנגערויבטע אוצרות פון אַ גאַנץ לעבן וואָס עס האָט אָנגעזאַמלט אַ כיטרער און גייציקער מענטש. — — —

ווען מיין פריינט יצחק פאַסטערנאַק האָט געהאַט פאַרענדיקט די מעשה, זיינען שוין לאַנג אויפן טיש די שבתדיקע ליכט אין די זילבערנע לייכטער געווען אויסגעלאָשן. איך האָב זיך מיט די גוטע מענטשן געזעגנט און איך בין אַ היימגעגאַנגען אין אַ שניי־קורזשאַווע. וואוהין איך האָב געווענדט מיינע בליקן אין דער ווייסער נאַכט, האָב איך געזען די פאַרבלוטיקטע האַנט וואָס דריקט פאַרצווייפלט דעם בליציקן ברילאַנט און דעם ריזיקן, שוואַרצן שוך מיטן שווערן קנאַפל וואָס זינקט אין דער בלאָטע און טראָגט פאַרבאָרגן אין זיין טיפעניש פאַנטאַסטישע אוצרות, ברוטאַל אָנגעזאַמלטע פון אידן וועמענס נאַקעטע הויטן פון די לייבער די בייזע אידענע האָט אָפגעשונדן ביז בלוט. —

## „אַלע מענטשן זיינען ברידער"

— איינמאָל, אינמיטן נאַכט, ווען מיר זיינען נאַקעטע און פינצטערע, מיט אונדזערע איינזאַמע און באַליידיקטע אברים, געלעגן אויף די ברודיקע און פאַרלייזיקטע פריטשעס־ברעטער און געפרואווט ענדלעך אַביסל איינ־שלאָפן נאָך דעם ביטערן טאָג אַרבעט; נאָך דער מוראדיקער האָרעוואַניע פון שלעפן קלעצער און טראָגן קיזלשטיינער כדי צו בויען עפּעס אַ פּירכ־טערלעכע געביידע וואו עס זאָל מאַיעסטעטיש וואוינען דער מלאך המות פון אידישן אומקום, אַזוי ווי יענע פאַרצייטישע אידן אין מצרים, וואָס האָבן מיט זייערע אייגענע הענט איינגעמויערט זייערע פּיצלעך קינדער אין די הויכע מויערן און זיי האָבן אַליין אויך פאַרטרערט און פאַרבלוטיקט ביים בויען די לוקסוסדיקע פּאַלאַצן פאַר די פאַרשאָלטענע פּרעה׳ס — האָט מען אונדז פּלוצלונג אויפגעוועקט פון אונדזער קראַנקן און מישטיינסגעזאָגטן שלאָף און מיר זיינען מיט הילכיקע, קוויטשיקע קולות גערופן געוואָרן צום „אַפּעל". פון גאַט׳ס אומגליקלעכן דרויסן האָט געדונערט מיט ווילדע געשרייען, מיט קללות און זידלערייען פון די משוגענע געשטאַפּאָ־וועכטער; פון די חיה׳שע סאַדיסטן אין גאָט׳ס געשטאַלט. מען האָט געהערט די קרעכצן פון דערשטיקטע העלדזער; דעם געיאָמער פון דערוואָרגענע גאָר־גלען פון דער מאַסע אידישע ווייבער און מאַנסבילן.

— די בלאָקאָווע׳ס (פרויען־עלטסטע) האָבן זיך אַרויסגעוואָרפן אויף

אונדז מיט אַזאַ אַכזריות ווי די אויפגעהעצטע חיות אין די צירקוסן פון אַמאָליקן רוים האָבן זיך געוואָרפן אויף די אידישע פּרינצן און פירשטן פון ירושלים. מען האָט אונדז ברוטאַל אַראָפּגעשליידערט פון די פּייכטע און פאַרפוילטע ברעטער וואו מיר זיינען געלעגן נאַקעטע, סקעלעט צו סקעלעט צונויפגעדריקטע, ביינער צו ביינער צוגעטוליעטע נישט חלילה אויס קעגנזייטיקער ליבשאַפט, צערטלעכקייט אָדער רחמנות — נייערט אויס ביטערער קעלט, גרויל און איינזאַמקייט. מיר זיינען באַגאָסן געוואָרן איבער אונדזערע קעפּ מיט דער געזאַלצענער השתנה פון די שלאַפע און צעבראָכענע פרויען, וועלכע האָבן זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן און ווען עס איז ביינאַכט נישט געווען דערלויבט צו גיין אין די לאַטרינעס פון לאַגער. סיידן מען איז געווען גרייט דערשאָסן אָדער געשלאָגן צו ווערן ווי פאַרפאָלגטע חיות אין וואַלד.

— מיר זיינען איצט אַלע אַרויסגעטריבן געוואָרן אין דעם אומהיימלעכן און שטערנלאָזן דרויסן, ווי אַ טשערעדע געפּלאָגטע גאָט׳ס באַשעפענישן, וואו עס האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט אַ מחנה נאַצישע פייניקערס, צוזאַמען מיט איבערוואָקסענע און צערייצטע שפּיר־הינט, בראש מיטן אָבערשטורעמ־פירער אָסקאַר קאַדוק, וואָס האָט אָפּטמאָל ליב געהאַט מיט זיין גלאַנציק־ביינערן רעוואָלווער צו צילעווען אין די קעפּלעך פון אידישע קינדער און זיי אַראָפּצושמעטערן פון די קליינטשיקע ביינערדיקע פּלייצעס מיט צע־בראָכענע שאַרבנס און צעגאָסענע געהירן, בשעת זייערע גופימלעך האָבן געצאַפּלט אין פאַרקראַמפטע מוטערשע אָרעמס. מען האָט אונדז, נאַקעטע פרויען און מיידלעך, אויסגעשטעלט צו פינף פיגורן אין אַ רייע. די לאַנגע פּראָצעסיע פון טויזנטער אומגליקלעכע און אינגאַנצן נאַקעדיקע פרויען, נאַקעט אַזוי ווי אונדזערע אומגליקלעכע מאַמעס האָבן אונדז געהאַט, האָט זיך געצויגן פאָראויס און טיף אין דער שטאָק־פינצטערער נאַכט אַריין — אַ געדיכטער וואַלד מיט צעבראָכענע אידנביימער, וואָס איז באַלויכטן געוואָרן דורך די בליציקע פּראָזשעקטאָרס פון די וואַך־שטיבלעך אויבן. מיר זיינען אַזוי געשטאַנען אין אַן אומענדלעך־לאַנגער פּראָצעסיע, ווי אין גהינום. צייטנווייז האָב איך טאַקע געמיינט און געהאַט דאָס געפיל אַז מיר זיינען שוין געשטאָרבענע אידן און אַז איך געפין זיך צוזאַמען מיט די דאָזיקע אַלע צעשלאָגענע און צעבראָכענע נשמות אין גהינום. אָבער אויב שוין יאָ אין הימל, טאָ וואו זיינען די טייערע פּנימער פון אונדזערע נאָענטע קרובים? וואו איז מיין מוטער שרה׳לעס געליבט פּנים און וואו איז דאָס זיידענע געזיכט פון מיין גאָטזעליקער באָבע דאָבע און פון מיין פרומען זיידן ר׳ מאיר־זעליק? וואו איז דאָס ליכטיקע פּנימל פון מיין צאַרטן טאָכטערל, וואָס זיי האָבן אַרויסגעפליקט פון מיינע פאַרשטייפטע אָרעמס?

— מיר האָבן געמוזט שטיין טיף־איינגעבויגענע ביז צו דער ערד, אויף די סאַמע שפּיצנפינגער פון אונדזערע קראַנקע פיס, וואָס זיינען ביי אַ טייל

געוועזן אַזעלכע דינע ווי די דרעטלעך און ווידער ביי אַנדערע קרבנות אַזעלכע גראָב־אָנגעשוואָלענע ווי די קלעצער. אונדזערע הענט האָבן מיר געמוזט האַלטן אויסגעשטרעקטע אין דער הויך, צום קאַלטן הימל. מיר האָבן אין די לאַנגע שעהן פון קעלט, שניי און אייז; פון דעם ברוטאַלן ווינט און פון אויסגעמאַטערטקייט געקראָגן קרעמפּס אין אונדזערע צעבראָכענע הענט. דער שניי, דאָס אייז און אונדזערע טרערן האָבן געהאַט איינגעפרוירן אונדזערע הענט און זיי באַדעקט מיט אַן אייזיקן גלאָז, וואָס האָט זיך געבראָכן צוזאַמען מיט דער הויט און האָט איינגעבלוטיקט די געפּלאַצטע אָדערן. טאָמער האָט איינע אַ פּרוּוו פון דער פאַרשאָלטענער מחנה נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון און זי האָט בלויז אויף אַן איינציקער רגע נאָכגעלאָזן אירע הענט, האָבן די גרויזאַמע וועכטער מיט דיקע פאַלקעס אונדז יעדעס מאָל דערלאַנגט אַ כמאַל, אַ זעץ איבערן קאָפּ, מיט דער גאַנצע קראַפט. זיי האָבן אונדז געקאַטעוועט מיט אַזאַ בייזער רציחה וואָס די מלאכים־וועכטער אין גהינום באַזיצן אַוודאי נישט. דער הענקער פראַנץ באָגער האָט יעדער ווילע, ווי נאָר אַ יינג מיידל אָדער אַ נאָך נישט פוליעריקע האָט צווישן אונדז אויפגעהויבן דאָס קעפּל אָדער אומגערן אַ ריר געטאָן מיט אַן אבר, האָט ער מיט זיין גלאַנציקן רעוואָלווער כסדר געשאָסן און געצילעוועט אין דעם הפקרדיקן וואַלד פון אידיש לעבן. דער אומגליקלעכער קרבן פלעגט אַוועקפאַלן אין שניי און אַ ריטשקע בלוט האָט דינערהייט, ווי אַ רויט שנירל, זיך געצויגן פאַזע אונדזערע פרעמדע פיס און האָט פאַרבלוטיקט גאָט'ס ריינעם, לויטערן און אומשולדיקן שניי. יאָ, עס איז געוועזן גענוג קלאָר צו זען אַז גאָט האָט צוגעהאָלפן די נאַציס אַזוי אַז די גאַנצע צייט האָט דער שניי זיך געדרייט אַרום אונדזערע שטייפע קעפּ און גופים פונקט ווי ער וואָלט פון אונדז אַלע, פאַרשאָלטענע און קרעציקע, חוזק געמאַכט מיט אַ הימלישן הומאָר און געטלעכן סאַרקאַזם. גאָט האָט אונדז, איינזאַמע און פינצטערע, צאָרנדיק געשלאָגן פונקט ווי ער האָט אַמאָל, מיט אַ סך צייטן צוריק, געשלאָגן אונדזערע שונאים, די מצרים. מען האָט איצט געזען באַשיינפערלעך ווי גאָט האָט פיינט געקראָגן די אידן, זיין מכלומרשט אויסדערווילט פאָלק; ווי אַזוי דער רבונו־של־עולם האָט געוואָרפן אַ אומחן אויף קליינע אידישע קינדער; ווי אַזוי גאָט האָט אָפּגעקערט זיין רחמים'דיק פנים און זיין חסד פון אונדזערע וויסטע יסורים און פון אונדזער שרעקלעכן בראָך. עס איז איצט געוועזן קלאָר אַז דער אוראַלטער אידישער גאָט וואָס האָט אונדז, אידן, אַזוי ראָסקאָשנע צוגעזאָגט דורך אונדזערע אָבות אַברהם, יצחק און יעקב, אַז מיר וועלן ווערן צו אַ גרויס און רומרייך פאָלק, האָט גאָר ליב געקראָגן די נאַצישע הינט וואָס האָבן אַזוי גרויזאַם געפּייניקט און געפּליקט מיט זייערע ציין בלוטיקע שטיקער פלייש פון זיין געליבטן פאָלק.

— אין אַ צווייטער זייט פון דעם פּלאַץ פון בלוט און טרערן זיינען

געשטאַנען אין אַ פּאַרגליווערטער רייע, הויל און מוטער־נאַקעטע, די מענער־העפּטלינגען. פון דעם אומפּריינטלעכן הימל אויבן איז אויף אונדז אַלע געפאַלן אַ שטיינערנער הוראַגאַן פון אייז, שניי און האָגל. דער שניי האָט אונדז שוין געהאַט באַדעקט ביז אַריבער אונדזערע האַלבע גופים. דער שניי פון גאָטס שניי־שפּייכלער האָט אונדז שוין געהאַט אַזוי ווי איינגעשלונגען אין זיין טיפעניש ווי אַ ים. ווי דער גאָלגנביטערער ים האָט איינגע־שלונגען יונה הנביא און די געזאַלצענע וואַסערן זיינען הויך אַריבערגע־שוואומען איבער זיין טרויעריקן לייב־און־נפש. אונדזערע פיס זיינען שוין איצט געווען צוגעפרוירענע צו דער אייזיקער ערד, אַזוי ווי אַ קאָוואַל וואָלט זיי צוגעלייט מיט צין צום באָדן. מען האָט די פיס נישט מער גע־קענט אָפּרייסן פון שניי און פון אייז פון דער נאַצישער ערד, וואָס האָט פעסט צוגעדריקט אַלע לעבנס און אַלע עקזיסטענצן. מיר זיינען איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גלעזערנע סטאַטועס, וועלכע האָבן זיך שוין מער נישט געקענט אויפהויבן און אויך נישט אומפאַלן צו דער ערד. מיר האָבן אויך נישט געוואוסט ווער פון אונדז עס איז שוין געהאַט געשטאָרבן און ווער עס זשיפּיעט נאָך מיט אַ לעבן וואָס איז אַ סך ערגער ווי דאָס לעבן פון ווערם און לייז. אָנשטאָט אין ווייסע און וואַרעמע העמדער, זיינען אַלע פרויען, מענער, מינדעריאָריקע און זקנים געווען אָנגעטאָן ווי פורימדיק־פאַרשטעלטע אין מילך־קלאָרע העמדער פון גאָטס ריינעם שניי. און בשעת מיר זיינען אַזוי שעהנלאַנג געשטאַנען אויף די שפּיצפינגער און מיר האָבן רעכט נישט געוואוסט פאַר וועלכע זינד מישטיינסגעזאָגט און מיר האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען אונדזער איצטיקע פלוצלינגדיקע שולד און אונדזע־רע טרערן זיינען פאַרגליווערט געוואָרן צום אייזיקן קרישטאָל און צו דיאַמאַנטן אויף אונדזערע שטייפע מתים־פּנימער, וואָס האָבן אַפילו נישט געקענט מער וויינען, מחמת דער מינדסטער גרימאַס פון אונדזערע הויטן און די קלענסטע פּנים־פאַרקרימונג האָט אונדז פאַרשאַפט אימהדיקע יסורים און בשעת אונדזערע אייזיקע מאַסקעס, ווי דורך אַ משוגענעם לצס אויסגעטראַכטן און פאַנטאַסטישן מאַסקנבאַל, האָבן זיך איבער אונדז געבראָכן אַזוי ווי גלאָז, זיינען זיך געשטאַנען דער אָבערשטורעמפירער אָסקאַר קאַדוק און דער בלוטדורשטיקער דר. פראַנץ באָגער און זיינע אַנדערע מערדערלעכע געהילפן פון טויט, אין דיקע קאָזשוכעס פון באַראַ־נעז, וואַרעם־אָנגעפּעלצטע, און זיי האָבן יעדע ווילע אַ זשלאָקע געטאָן פון פלעשלעך מיט ספּירט און איינגעביסן אין דיקע שטיקער שוויינען־ווורשטן. די פעלן פון זייערע פעלצן זיינען געווען נאַקעטע פון דרויסן און פון אינעווייניק האָט זייערע פעטע, חיהשע לייבער געוואַרעמט די געדיכטע האָר, די גוטע וואָל פון די טויטע שעפסן.

בשעת עס זיינען אַזוי געשטאַנען אין דער נאַכט די צווייי לאַנגע שערענגעס פון נאַקעטע און פאַרפרוירענע מענער און פרויען, אַזוי ווי

איינגעשלאָפענע צום טויט, האָט דער גראָטעסקער אָרקעסטער אומפאַר־שעמט און חוצפּהדיק אויסגעקלאַפּט בעטהאָווענס „ניינטע סימפאָניע" און עס האָבן הויך געהילכט די באַרימטע ווערטער פון פרידריך שיללערס ליד „אַלע מענטשן זיינען ברידער". יאָ, אַלע מענטשן זיינען לייבלעכע ברידער! — האָט עס ציניש און חוזקדיק געקלאַפּט איבער אונדזערע דולע קעפּ פון אַ גיהנומדיקן אָרקעסטער, וועמענס קלעזמאָרים עס זיינען געווען געפּייניקטע אידן, וואָס האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף זייערע געשוואָלענע פיס. אידישע קלעזמאָרים, אַוועקגענומענע פון אָרקעסטערס און אָפּעראַס, פון טעאַטערן, קאַבאַרעטן און ווינקעלערן פון איראָפּעאישע הויפּטשטעט. „אַלע מענטשן זיינען ברידער!" — האָט עס חוצפּהדיק געזעצט און געדונערט איבער אונדזערע צעהאַקטע, פאַרפרוירענע שאַר־בענס און סטאַטועדיק־שטייפע גופים. עס האָבן אונדז „פאַרוויילט" די קלעזמאָרים, וועמענס ברידער האָבן נאָך געשפּילט פאַרצייטנס אין אונדזער הערלעכן בית המקדש און וואָס זיינען געזעסן מיט זייערע גאָלדענע האַרפן ביי די טייכן פון בבל און זיי זיינען געשלאָגן געוואָרן פון משוגענעם נבוכדנצרס רוצחים מיט אייזערנע בייטשן, און זיי זיינען געצוואונגען געוואָרן צו שפּילן מיט בלוט, מיט טרערן און מיט פאַרקלעמטע הערצער אויף זייערע פידלען, די אוראַלטע אידעלע פידלען פון אונדזער לאַנגער געשיכטע.

דער הימל איבער די אומגליקלעכע אידן איז געווען שוואַרץ ווי אַ פינצטערער ים אין אַ חושכדיקער נאַכט. קיין שום גאָט האָט נישט גע־קענט וואוינען אין אַזאַ קאַלטן, אַכזריותדיקן און האָפענונגסלאָזן אוני־ווערס. עס האָט אַ קאָסמישע לאַפּע — נישט פון קיין ליכטיקן מלאך, וואָס האָט אָפּגעשטעלט די האַנט מיטן חלף פון אַברהם אָבינו, בשעת ער איז געשטאַנען איינגעבויגן איבער זיין צאַרטן און ציטערנדיקן זון יצחק — נייערט די מאָנסטער־לאַפּע פון אַ וואַנזיניקן שד, האָט אָפּגעמעקט און אויסגעפּליקט פון בייזן הימל אַלע שטערן ווי די קנעפּ פון אַן אַלטן בגד; יענע שטערן וואָס האָבן געלויכטן צו יעקב אָבינו, ווען דער רבונו של עולם האָט אים אין זיין חלום־וויזיע צוגעזאָגט, אַז די קומענדיקע דורות פון אידישע זין און טעכטער וועלן זיך מערן אַזוי ווי די שטערן אין הימל און ווי די זעמדעלעך ביי די ברעגעס פון די ימים. אַ קאַלטער, פרעמדער און מוראדיק־איינזאַמער אוניווערס האָט אַראָפּגעקוקט צו אונדז אין אונדזער שרעקלעכן געמיט און האָט איינגעהילט אונדזערע נאַקעטע סקעלעטן אין וועלכע די קוים־זשיפּיענדיקע לעבנס האָבן אונדז אויסטער־ליש ווי געטאָן און האָבן אונדז פאַרשעמט און באַליידיקט פאַר זיך אַליין און אויך פאַר די אַנדערע אידן נעבן אונדז, פאַר וועלכע מיר האָבן זיך שרעקלעך געשעמט מיט אונדזער בראָך. בלייכע ווערטער זיינען עס געווען, ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט די רייד פון תהילים, ווען ער האָט

אויסגעשריגן צו גאָט פון דעם טאָל פון פחד און יסורים: „מיין האַרץ טוט זיך פאָרכטן אין מיר און די פאָרכט פון דעם טויט פאַלט אויף מיר; פאָרכט און ציטערניש טוט קומען אין מיר און עס טוט מיך תמיד צודעקן פינצטערניש".

מיר זיינען אַזוי געשטאַנען פון צוועלף אַזייגער ביינאַכט ביז אַרום פינף אין דערפרי. ערשט אין רויען באַגינען, ווען דער שניי האָט ענדלעך אויפגעהערט צו פאַלן און אונדז צו שלאָגן איבער די קעפ ווי די שטיינער פון גאָט און אויך דער גאָט-ליידיקער הימל האָט זיך אַ קאַפּעטשקע אויס-געלייטערט, האָבן נאַצישע רוצחים אַרויסגעפירט צוויי אָרעמע, אויסגע-דאַרטע, אָבער שטאָלצע מיידלעך. די צוויי אידישע קינדער האָבן געהאַט רונדע און הערלעכע פּנימער און זייערע טונקל-לויכטנדיקע אויגן זיינען געווען ווי מילגרוימען. פון זייערע צעריסענע קליידער און העמדער האָט אַרויסגעלויכטן זייער יונג און שטראַלנדיק לייב ווי פון פרינצעסינס.

אויפן פעלד זיינען געשטאַנען אויפגעשטעלט צוויי נידעריקע תּליות. דאָס האָלץ פון די תּליות האָט נאָך היימלעך געשמעקט מיט וואַלד, מיט האָניק-טריפנדיקע זשיוויצע פון פוילישע בוימער, צווישן וועלכע מיר פלעגן ערשט נישט לאַנג צוריק אַרומשפּאַצירן פריילעכע שבת נאָכן היימישן מאָלצייט. באַלד האָט מען פאַר אונדזערע פאַרטערטע אויגן אויפגעהאָנגען די אומשולדיקע אידישע קינדער, די צוויי הייליקע כּלות, פאַרן פאַרברעכן וואָס זיי האָבן ביינאַכט געפּרוּווט זיך צו דערנענטערן צו די עלעקטרישע דראָטן ביי די פאַרצוימונגען פון לאַגער, כּדי צוזאַמען צו שטאַרבן און אַזוי אַרום באַפרייט צו ווערן פון זייערע גהינומדיקע ליידן.

— די צוויי אידישע קינדער האָבן זיך נעבעך לאַנג געצאַפּלט אויף די תּליות. ווייל די נאַצישע הענקערס האָבן זיי געלאָזט הענגען אַזוי נידעריק אַז זייערע באָרפוסע פיס האָבן כּמעט אָנגערירט די ערד. זיי האָבן זיך דעריבער לאַנג געשטיקט מיט זייערע יינגע לעבנס און זיך געוואָרגן מיטן טויט. זיי האָבן זיך נאָך לאַנג מוראדיק געראַנגלט און האָבן אַלץ נישט געקענט שטאַרבן. זיי האָבן זיך נעבעך געצאַפּלט ווי פישלעך אויף די האַטשיקעס פונם פיש-פאַנגער. און מיט זיי צוזאַמען, כאָטש מיר האָבן זיך נישט געקענט רירן, פאַרפרוירענע פון אייז, שניי און דורך דעם קאַלטן, שניידנדיקן ווינט, האָבן מיר אַלע, אָפּגעשונדענע אידן, מיטגעהאָנגען און מיטגעצאַפּלט אויף די גאַלגנס פון די נידעריקע תּליות וואָס דער רבונו-של-עולם האָט אין יענעם באַגינען מיט קיין בליץ נישט פאַרברענט און מיט קיין דונער די ברוטאַלע תּלינים נישט דערשלאָגן. וואו איז געווען דער גאָט וואָס האָט פאַרצייטנס אַרויסגעפירט די פאַר-שקלאַפּטע אידן פון מצרים אונטער משהס אָנפירונג און דער גאָט וואָס האָט געוויזן צו די אידן אַזוי פיל נסים? וואו האָט זיך גאָט אויסבאַהאַלטן דורך די אַלע יאָרן ווען אידיש בלוט האָט געשטראָמט ווי וואָלקנבראָכן?!

— ערשט נאָך דער עקזעקוציע פוןביידע אידישע קינדער, נאָך וועלכע די פון יסורים־פאַרקרימטע און צעבראָכענע מלאָכים האָבן אין דער לופט געזאָגט קדיש, זיינען מיר צוריק אַריינגעטריבן געוואָרן אין די באַראַקן. אָבער אַ סך פון אונדזערע מענטשן זיינען שוין אַזוי געבליבן שטיין צוגע־שמידטע און איינגעבויגענע ווי געשלאָגענע שקלאַפן. זיי האָבן זיך מער נישט געקענט אויפהויבן, מחמת זיי זיינען שוין געווען טויט. וואָרים הונדערטער פון אונדזז האָבן געהאַט דאָס מזל אַזוי אַרום צו שטאַרבן אין דער נאַכט. ווי שטאַרק מיר האָבן מקנא געווען אונדזערע מתים! די וואָס האָבן נאָך מ׳שטיינס געזאָגט געזשיפּעט, האָבן איצט גיך געמוזט אַרויפ־ציען אויף זייערע פאַרפרוירענעביינער און געשוואָלענע גלידער די שוויי־סיקע און ברודיקע שמאַטעס. באַלד זיינען מיר אויפדאַסניי, נאָכן אַריינגיסן אין אונדזערע פוסטע געדערים, ווי אין טויטע שלאַנגען, הייס־אויפגעקאָכט וואַסער, ווידער געטריבן געוואָרן ווי די משוגענע חיות צום מאַרש אין וואַלד אַריין, כדי דורך דעם גאַנצן ווינטערדיקן טאָג, איינמיטן חודש יאַנואַר, ביז אַרום צען אַזייגער אין דער נאַכט, צו אַרבעטן נאָך שווערער ווי די פאַרשאָלטענע אידישע שקלאַפן אין מצרים, וואָס זיינען אַ סך בעסער דערנערט געוואָרן ווי מיר און וואָס זיינען זיכער פיל ווייניקער גע־שלאָגן און געשמיסן געוואָרן מיט אייזערנע ריטערס בשעתן בויען פּאַ־לאַצן און טעמפּלען פאַר די עגיפּטישע קעניגן און פירשטן, מחמת גאָט האָט נאָך דעמאָלט ליב געהאַט זיין געפּלאָגט און געפּייניגט פאָלק. עס האָט נאָך געטליעט אין דעם געטלעכן האַרץ אַ פונק מיט רחמנות צו אידן. — —

מיין פלימעניצע חייעלעס יאָמערנדיקער גייסט האָט מיר דאָס אַלץ דערציילט און די גאַנצע צייט בין איך געווען פאַרגליווערט אַזוי ווי זי איז געווען פאַרגליווערט אין יענער יאַנואַריש־קאַלטער נאַכט, ערב דער עקזעקוציע פון די צוויי שטראַלנדיקע אידישע טעכטער. און ווען איר קול איז אימהדיק שטיל געוואָרן, דאָס געליבטע קול אירס וואָס איך האָב נאָך וואויל געדענקט פון בעסערע צייטן, האָט אַ שרעקלעכער יאָמער מיך איינגאַנצן באַהערשט און איך האָב אויסגעבראָכן מיט אַזאַ מוראדיק ציטערניש אַזוי ווי אַ שטורעמווינט וואָלט מיך פעסט געהאַלטן אין זיינע אייזערנע לאַפּעס און וואָלט מיט מיר געטרייסלט ווי אַ זעמדעלע אין אַלע פיר זייטן פון גאָט׳ס וועלט. חייעלע האָט איצט עקשנותדיק געשוויגן, בשעת אַ לויז געלאָזט געוויין האָט געשפּאַרט פון אַלע מיינע אברים. זי איז געשטאַנען הויך אַריבער מיר ווי אַ מלאך פון גליענדיקן גאָלד און בלויז די טרערן האָבן זיך שטיל געגאָסן פון אירע אויגן, וואָס זיינען בשעת איר לעבן געווען בלויע און וואָס זיינען מיט אַ זעלטענער צאַרט־קייט פון פאַרנאַכטיקן הימל אויף תמיד געבליבן שטיק אין מיין האַרצן. אירע טרערן זיינען געפאַלן איבער מיר און האָבן איינגאַנצן נאַס געמאַכט מיין לייב און מיין נשמה.

# איוב פון לעמבערג

פורים ביינאַכט בין איך געזעסן ביי דער אידישער זינגערין רחל רעלעס. מיר האָבן געלייענט אין דער מגילה: „און דער מלך אַחשורוש האָט אויפגעלייגט מס אויף דעם לאַנד און אויף די אינדזלען פון ים. און די גאַנצע מעשה פון זיין מאַכט און זיין גבורה און די דערקלערונג פון דער גרויסקייט פון מרדכי, ווי דער מלך האָט אים גרויס געמאַכט, זיינען זיי נישט אָנגעשריבן אינם בוך פון דברי הימים און פון די קעניגן פון פרס און מדי? ווארים מרדכי דער יהודי איז געווען דער צווייטער נאָך דעם מלך אַחשורוש און גרויס צווישן די יהודים, און איז וואויל געפעליק געווען ביי דער פילקייט פון זיינע ברידער, זוכנדיק דאָס גוטע פון זיין פאָלק און רעדנדיק שלום צו זיין גאַנצן זאָמען".

עס איז פורים ביי דער נאַכט. עס איז „מגילת אסתר" זייער אַ שיינע מעשה. אָבער שמעקן נישט די זיידענע ווערטער פון דער מגילה מיט אַביסל איבערגעטריבענעם אָפּטימיזם און נאַציאָנאַלן שונד? איז נישט די טייערע מגילה וואָס שמעקט מיט „העפּי ענדינג" אַביסל רעטושירט געוואָרן דורך אַ קלוגן שרייבער? איז עס נישט אַ קאָפּעטשקע אַ צו זיסלעכע געשיכטע מיט אַ קעניג אַ טיפּש און אַ אידישע טאָכטער פון פאָלק ישראל אַלס קייסערינע? אַוודאי האָט די מגילה פון אסתר המלכה געטרייסט אידישע דורות אין די פינצטערסטע צייטן און האָט געהויבן אידישע מאָראַל, אידישן בטחון. דערצו איז עס אויך, צוזאַמען מיט רות און שיר השירים, פון די פּאָעטישסטע ראָמאַנסן צווישן די ספרים פון תנך. עס האָט אַלע חנען פון אַן אָריענטאַלישע מעשהלע.

לאָמיך אויך, דער טרויעריקער פּאַרפאַסער פון די דאָזיקע שורות און אַ קאָלעגע פון פּאַרצייטישן מחבר, פּאַרפאַסן די פאָלגנדיקע מעשה, אָבער אָן די העלע קאָלירן פון דער מגילה. אַ אידישע טאָכטער דערציילט זי מיר אין דער נאַכט פון גרויסן היסטאָרישן נס. אָבער, וואו איז דער נס פון דער דאָזיקער מעשה? איז גאָט אַלט געוואָרן? איז דער אידישער גאָט מער נישט אימשטאַנד צו באַשיצן זיין אויסדערוויילט פאָלק?

...און דאָס איז די מעשה פון משה קאַטשענאָז, אָן דעם שרייבערס פילפּאַרביקן קאָסטיום און טעאַטראַלישע שמינקע. עס איז אמת אַז משה קאַטשענאָז, ווי מען האָט אים פּאָפּולאַר גערופן ווייל ער האָט געהאַט אַ פּלאַטשיקע קאַטשענע נאָז, האָט טאַקע ליב געהאַט די אידישע בינע. טעאַטער איז געווען זיין הימישער יום־טוב. קאַטשענאָז האָט גערן געהאַט אידישע אַקטיאָרן. יעדן שבת צונאַכטס איז קאַטשענאָז געזעסן אין דער ערשטער רייע פון דעם לעמבערגער אידישן טעאַטער. ער האָט וואויל געשטיצט אַ הימישן אַקטיאָר. אוי, ווי משה קאַטשענאָז האָט זיך דאָס געקאַטשעט פון געלעכטער ווען מען האָט געשפּילט גאָלדפאַדענס אָפּערע־טעס אָדער די קאָמעדיעס פון שלום עליכם. ווי ער האָט דאָס ליב גע־

האָט די פּיעסן פון יעקב גאָרדין און פּרץ הירשביין. ווי ער האָט זיך מחיה געווען פון קליינערהייט אָן מיטן „מכירת יוסף שפּיל". קאַטשענאָז, אַזאַ הויכער און ברייטפּלייציקער, אַ מעכטיקע אָסאָבע פון נאָענט צו זיבן פוס הויך, איז געווען פון פאַך אַ פּראָסטער בעל־עגלה. ער האָט געהערט צו דער חברה „שטאַרקע", וואָס האָבן ביי יעדער געלעגנהייט פאַרטיידיקט דעם אידישן כּבוד. אין די טרויעריקע טעג פון „בומערוס קלאָוזוס", ווען די ענדעקעס פלעגן ברוטאַל אַטאַקירן אידישע סטודענטן, פלעגן די לעצטע לויפן צו משה קאַטשענאָז נאָך באַשיצונג. ער האָט מיט זיינע אייזערנע הענט געקענט שלאָגן אַ גאַנצע מחנה גוים אויפן שטייגער פון שמשון הגיבור. ווען זישע ברייטבאַרד, דער „אייזן־קייסער", איז געקומען קיין לעמבערג כדי צו געבן פאָרשטעלונגען פון זיין גבורה, האָט ער זיך אָנגעקליידט אַלס אַ רוימישער גלאַדיאַטאָר. ער איז אַרויפגעריטן אויף דער סצענע אויף אַ רוימישן וואָגן, מיט אַ גרויסער צאָל העלדישע פערד נאַשפּיץ. משה קאַטשענאָז האָט דעמאָלט אָרגאַניזירט די לעמבערגער בעלי־עגלות. ער האָט זיי געלאָזט זיך פאַרשטעלן אין רוימישע קאָסטיומען און ער אַליין, דער צווייטער נאָך זישע ברייטבאַרדן, אַ מעכטיקער רוימער, האָט זיי געפירט אין דעם אייזנקעניגס סוויטע, אויפן לעמבערגער הש־מונאים־ספּאָרט־פּלאַץ. וואָס פאַראַ געוואַלטיקער „רוימער" דאָס איז געווען, דער משה קאַטשענאָז. פאַרן כּבוד פון אידן איז ער גרייט זיך צו שלאָגן ביז בלוט. און ער האָט זיך געשלאָגן אויך. גוים האָבן געציטערט פאַר אים.

ווען עס האָט געטראָפן אין שטאָט אַז די „הכנסת כלה" האָט חתונה געמאַכט אַ עלטער אידיש מיידל מיט אַ פאַריתומטן בחור, האָט משה קאַטשענאָז געשלעפּט גאַנצע זייטן מיט פלייש ביי די קצבים פאַר דער חתונה. ער האָט אַ גליקלעכער געטראָגן פלעשער מיט בראָנפן, מיט וויין און ווישניאַק פון אידישע בעלי הבתים. ער איז געווען דער אונ־טעפירער פון חתן. ווער האָט דען נישט ליב געהאַט משה קאַטשענאָז? ער האָט געקענט אַלע אידן אין שטאָט און זיי גערופן ביי די ערשטע נעמען, אָפּטמאָל בלויז ביי זייערע צונעמען. (כמעט יעדער היימישער איד האָט דאָך געהאַט זיין קרעפּטיקן צונאָמען, וואָס האָט געשמעקט מיט געשמאַקן פּאָלקלאָר). אַלע האָבן אים געקענט און גערופן „קאַטשענאָז". דאָס איז אַזוי אָנגעגאַנגען ביזן יאָר 1941, ווען די פאַרשאָלטענע דייטשע חיות זיינען אַריין קיין לעמבערג און האָבן אָנגעהויבן צו בויען דאָס געטאָ, זיי האָבן אויפגעשטעלט דאָס באַרימטע „צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער לעמבערג־יאַנאָוו", וואָס מען האָט פאַרקירצטערהייט גערופן „צאַל".

די דייטשן האָבן משה קאַטשענאָז נישט אָנגעטאָן קיין טעאַטראַלישע רוימישע קליידער, וואָס זאָל רייטן דער צווייטער נאָכן אידישן אייזנקעניג זישע ברייטבאַרד. זיי האָבן אים אַרויסגעפירט פונם לעמבערגער טעאַטער צום היסטאָרישן אידישן טעאַטער. אויף דער סאַמע רעאַליסטישער און

טראַגישער בינע פון אונדזער אומגליקלעכער געשיכטע. די דייטשע רעזשי־סאָרן האָבן שוין איינמאָל צוגעטראַכט אַ פינצטערע ראָלע פאַרן אידישן סטאַטיסט. זיי האָבן אים איינגעריסט אין גאָט׳ס נאַכט און אַנגעטאָן אין אידישן גורל. איר קענט זיך שוין פאַרלאָזן אויפן שטרענגן, אַחריותדיקן גערמאַנישן הומאָר!

— יאָ, — זאָגט די אידישע זינגערין רחל רעלעס — די ערד איז דאָרט נאָך ביז איצט נישט פאַרטריקנט געוואָרן. דאָס בלוט פון די אידישע מחנות זעצט אַרויס פון דער פינצטערער פוילישער ערד. דאָס אידישע הייסע בלוט שרייט צו די הימלען.

אָבער, דער שרייבער פון די שורות גלויבט איר נישט. די ערד איז דאָרט פאַרטריקנט געוואָרן ווי אומעטום. דאָס בלוט שרייט נישט צו גאָט ווי דאָס בלוט פונם געשאָכטענעם נביא זכריה. גאָט׳ס שטילע און חנעוודי־קע בלומען שפּראָצן אין פּוילן יעדן פרילינג, ווי געוויינלעך. די זון בליט אויפן פּוילישן הימל און דער בעז ציטערט צאַרט אין וויאָסנעדיקן ווינט וואָס טרייבט די לעצטע שטויבעלעך אַש פון אַן אומגעבראַכטן פאָלק פון פעלד צו פעלד...

דאָס איז געווען ביים גרויסן אידישן בית עולם אין יאַנאָוו. איין אידישע אַרבעטס־בריגאַדע האָט אַרויסגעבראַכן פון דר׳ערד די דורותדיק־אַלטע, אידישע מצבות, אַזוי ווי ריזיקע ציין, און מיט זיי אויסברוקירט דעם פּוילישן שאָסיי. אַ צווייטע אַרבעטס־בריגאַדע האָט איבערגעדרייט מיט אַקעראייזנס די קברים, האָט מיט די אידישע ביינער באַמיסטיקט און מיט זייערע אייגענע בלוט און טרערן פאַרבלוטיקט די פוילישע פעלדער. זיי האָבן אין ד׳רערד פאַרזייט און פאַרפלאַנצט צום וואַקסן און צום בליען אידישע פּנימער, אידישע קנאָכנס. אַ דריטע אַרבעטס־בריגאַדע פון יינגע אידן האָט געאַרבעט אַלס סטאָלאַרעס, טישלערס, שלאָסערס, שניידערס און שוסטערס. זיי האָבן געפּראַצעוועט טאָג און נאַכט פאַרן הערן־פאָלק. באַקליידט און באַשוכט דייטשע היצלעס און גערמאַנישע דעגענעראַטן. און אַזוי זיינען די אידן פון אַלע בריגאַדעס צוזאַמען ביסלעכווייז אומגעקומען מיט כלערליי מיתה משונות. געבליבן שטיין אַריבער אַלעמענס טויטן ווי אַן אומצעשטערבאַרער זייל פון אומגליק איז בלויז געבליבן משה קאַטשענאָז, דער צווייטער אין דער רוימישער סוויטע נאָכן אייזנקייסער ברייטבאַרד. די דייטשע רוצחים האָבן וואויל איינגעזען וואָס פאַראַ פיזישער גיבור עס איז דער דאָזיקער לעמבערגער גלאַדיאַ־טאָר. זיי זיינען געווען מאָנסטערישע ציניקער. זיי האָבן דערשנאַפּט וועלכע אַפּעטיטן צום רויען לעבן עס ברענט און עס ריזלט אין די אָדערן פון דאָזיקן איד. זיי האָבן געוואוסט אַז ער האָט נישט קיין חשק אומ־צוקומען. אַז זיינע אויגן לויכטן מיטן הונגער צום לעבן. זיי האָבן געוואוסט אַז מען קען אַזאַ משה קאַטשענאָז צווינגען צו דינען זייערע

טיוולישע פאַרברעכנס. ער וועט אַפילו גרייט זיין צו פאַרניכטן זיינע אייגענע טויטע ברידער און שוועסטער. זיי האָבן זיך מיט אים גע־וואָלט ציניש שפּילן און אויספּרואוון זיין לוסט צום לעבן, זיין פּרימיטיוון הונגער צו עקזיסטירן. זיי האָבן דעם קאַטשעגאַז שוין איינמאָל דערלאַנגט אַן אומהיימלעכע ראָלע. ער האָט דאָך אַזוי שטאַרק ליב געהאַט אידיש טעאַטער און אידישע ברידער־אַקטיאָרן.

און דאָס איז געווען אין די טעג ווען די דייטשע מערדערס האָבן באַשלאָסן אַרויסצונעמען די טויטע אידן פון דער פּוילישער ערד און זיי צו פאַרברענען, אָפּצומעקן אידישן טויט פונם פּנים פון פּלאַנעט. זיי האָבן אפשר פאַרט זיך גערעכנט אַז נאָך דער מלחמה וועלן די מישטיינס־געזאַגטע וועלט־ריכטער אויפגראָבן פון דר׳ערד די מתים און ציילן די דייטשע פאַרברעכנס און אויף ריזיקע וואָגשאָלן וועגן די גערמאַנישע מע־שים. זיי האָבן מורא געהאַט אַז עמעץ וועט פאָרט משפּטן די פאַרבלוי־טיקטע דייטשע הינט וואָס האָבן אומגעבראַכט פעלקער. זיי זיינען געווען שרעקלעך נאַאיוו אַפילו אין זייער גרויזאַמען ציניזם. קיינער וואָלט סיי ווי זיך נישט באַמיט אויפצוגראָבן פון גאָטס ערד די טויטע אידן און צו ציילן אידישע מענער און פרויען, אומגעבראַכטע פון פייער און גאַז, פון תליה און קויל, דורך הונגער און טיפוס. דאָס איז געווען אַ בפירושע נאַאיוויטעט פון די מאָנסטערס. אידן איז דערלויבט פריי צו שעכטן. אידן־מאָרד האָט נישט קיין משפּט און קיין שופטים. די פעלקער, אַפילו די סאַמע מעכטיקע וועלט־נאַציעס, שווייגן מיט אַ פּירכטערלעך וועלט־שווייגעניש. דער אוראַלטער אידישער רבונו־של־עולם וואָס האָט דורך זיין געטרייען הויף־באַזינגער געלאָזט פאַרפאַסן אַזאַ צימערינג־זיסן פּורים־שפּיל, האָט אויך אין די איצטיקע טעג און יאָרן באַשלאָסן צו שווייגן מיט אַ הימלישער שטומקייט. די נאַצישע פאַרברעכערס האָבן נישט געהאַט די מינדסטע סיבה זיך חלילה צו שרעקן פאַרן אַנקומענדיקן טאָג פון וועלט־געריכט. אַזאַ טאָג איז נאָך ביז איצט נישט אָנגעקומען. עס גריבען די קרעפּטיקע בוימער אין די היסטאָרישע גערטנער פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. פון מתים בליען אַרויס רויטע רויזן ווי פייער. אומשולדיק שפּראָצן אַרויס די בלומען פון אידישע געהירן. איבער גאָט׳ס ערד שטראַלט אַ שטילע אידיליע. פלושענע גערטנער פאַרצירן דעם פאַרשאָלטענעם פּלאַנעט אויף אייביקע צייטן. עס שלאָפט געשמאַקפול דער אידישער גאָט.

פון פריען באַגינען אָן, ווען די וואָלקנס זיינען געווען שוואַרץ ווי סאַזשעס, ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָבן אויפן פּוילישן פעלד גע־פלאַקערט בערג מיט אידישע מתים. גאָט׳ס זון, ווי אַ בלוטיג ריזן־אויג, האָט געזען ווי אַזוי אידיש פעטס שפּריצט פון די בייזע פייערן. דער הימל האָט זיך רואיק צוגעקוקט מיט זיינע פינצטערע שטערן ווי עס זעצן שרפהדיקע צונגען און זיי באַלעקן זיך מיטן בלוט פון אידישע קינדערלעך.

די וואָלקנס האָבן פאַרנומען דעם שטיקנדיקן רויך פון כשרע אידישע כלה־מיידלעך וואָס האָבן געחלומט פון חופות און חתנים. דאָס גאַנצע פוילישע לאַנד האָט געשמעקט דעם ריח פון אידישע זקנים און זקנות. דאָס איז געווען אַ ווילדע סעודה פאַר די ראָבן און ראַצן פון פריינטלעכן פוילן. ווי האָבן זיי, די וואָראָנעס מיט זייערע קורצע שנאָבלען געריסן אין די זומפּן און גריבער געדערים פון אידישע בייכער. ווי האָבן די שטשורעס געגריזשעט די געהירן פון פרינצן און פרינצעסינס.

איידער מען האָט די פאַרפייניקטע גופים באַגאָסן מיט נאַפט און געשליידערט צום שייטער, האָט מען זיי אויסגעטאָן מוטער־נאַקעט. די דייטשע־הערן האָבן נויטיק געהאַט די בגדים, די שיך און אַפילו די וועש פון די אידן. זייערע האָר האָט מען זיי נאָך פריער געהאַט אָפּגעשוירן כדי פון זיי צו מאַכן מאַטראַצן פאַר די דייטשע אַלפאָנסן און זונות. פון זייערע פאַרמעגנס האָט מען זיי נאָך פריער באַרויבט. אַצינד זיינען בערג מיט אידישע מתים געגאַנגען זייער לעצטן גאַנג צו די שייטערן. גאָט, דער מחבר פון דער תורה, וועמענס טאַלאַנטפולער שרייבער האָט וואונ־דערלעך פאַרפאַסט די מגילה, האָט אַלץ פון אויבן און פון אַלע פיר זייטן פון דער וועלט געזען און ער האָט וואויל באַשלאָסן צו שווייגן.

נאָכדעם ווי דאָס ווילדע און פון ווינט־צעיושעטע פייער האָט פאַרצערט אין זיין שרעקלעכן הונגער די געמלהטע און די בתולות, די זקנים און די קינדער, האָט מען משה קאַטשנאַז צוגעטיילט דעם כבוד צו זיין דער הויפּט פון דער בריגאַדע אידן וואָס האָבן צעמאַלן מיט מאַל־מאַשינען די סיני׳ס מיט טויטע ביינער. די דייטשן האָבן מיטן אידישן אַש־און־שטויב שפּעטער באַמיסטיקט אידילישע דייטשע פעלדער. פון די טויטע ביינער איז געוואָרן פאָספאַט, כדי צו פערטיליזירן, צו באַפרוכטפערן די דייטשע פאַרשאָלטענע ערד. פון אידישן טויט האָט דער באָדן געדאַרפט בליען, וואַקסן און אַרויסגעבן פון זיך אידישן ווייץ, אידישן קאָרן, אידישן גערשטן און אידישע פירות. און, פאַר משה קאַטשענאַז, דעם ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער און פון אידישע אַקטיאָרן, דעם צווייטן אין זישע ברייטבאַרדס סוויטע, איז דאָס שוין איינמאָל געווען אַ ראָלע אויף דער היסטאָרישער אידישער וועלט־בינע!

איצט הויבט זיך אייגנטלעך אָן די הויפּט־מעשה, וואָס האָט באַוואויגן דעם שרייבער פון דער כראָניק צו נעמען די פעדער אין דער האַנט און צו פאַרצייכענען אין אידישע אותיות וועגן איינעם אַ רויען און פראָסטן מאַן וואָס האָט געהייסן משה קאַטשענאַז.

שוין נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט רחל רעלעס די זינגערין געטראָפן משה קאַטשענאַז אין דעם אָפּגעברענטן לעמבערג. איצט איז ער שוין געווען דער ריכטיקער אַקטיאָר. גלויבט מיר, ער האָט שוין אפשר געהאַט איבערגעשטיגן די ראָלעס פון מרדכי הצדיק און ירמיהו

הנביא. ווי דער פאַרצייטישער נח, האָט ער מיט די אייגענע אויגן געזען אומקומען זיין דור. עס זעצט פון משה קאַטשענאַז מיט פינצטערע רייד:

— רחל׳ע, מיין קינד, איך קען נישט לעבן. ערשט איצט הויב איך אָן צו זען אַלץ וואָס איך האָב אָפּגעטאָן. איך קוק אָן אַלע מיינע שרעק־לעכע מעשים. ביינאַכט בייס איך זיך די הענט וואָס האָבן געפּאָלגט די מערדערס. פאַרוואָס האָב איך נישט אויף מיין אידישן געוויסן כאָטש דעם טויט פון איין־און־איינציקן דייטשן רוצח? איך האָב באַדאַרפט אומ־ברענגען כאָטש איין דייטש און אַליין אויך אומקומען.

— אָבער, איר וועט מוזן לעבן! — טרייסט אים רחל. — איר האָט דאָך איצט ווידער חתונה געהאַט. איר האָט אַ ייִנגע פרוי, אַ פריש און זיס קינדעלע. עס מוז דאָך האָבן אַ לעבעדיקן טאַטן.

משה קאַטשענאַז ענטפערט איר:

— רחלע, קינד מיינס! ווי אַזוי קען איך איצט לעבן? איך מוז קריגן די ניכפּה. איך מוז אומקומען פאַר מיינע קרעציקע זינד. צי ווייסטו וואָס עס מיינט יענער מאָמענט ווען מיטן שטראָם פון טויטע אידן קומט מיר פּלוצלונג אין איין פינצטערן טאָג אַנטקעגן מיין אייגענע טאָכטער, מיין טייער קינד פייגעלע? צי ווייסטו וואָס משה קאַטשענאַז, דער טאַטע, האָט איבערגעלעבט ווען ער האָט דערזען זיין אייגן קינד אַ נאַקעטע, פאַרמוטשעטע, געשענדעטע און געשלאָגענע? די ראַצן האָבן שוין געהאַט אָפּגעריזשעט שטיקער פלייש פון איר גוף. נאָר דאָס זיסע פּנימל איז געבליבן שטיין אַזוי שיין ווי אין לעצטן טאָג ווען איך האָב איר איבערגעלאָזן אַ הונגעריקע אין געטאָ. און איצט האָב איך אַליין צעמאָלן מיין טאָכטערס סקעלעט. איך האָב אַליין צעבראָכן מיין קינדס ביינער כדי צו באַמיסטיקן דייטשע פעלדער. נו, קען אַזאַ גרויזאַמער טאַטע ווייטער אַנגיין מיט זיין לעבן? קען איך ליגן מיט אַ אידיש ווייב? מעג איך קושן פון ליבשאַפט אַ ניי קינד? מעג איך זיך שפּילן מיטן פרישן אוצר ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געשען?

איינמאָל אין אַ טאָג טרעפט אים רחל רעלעס שטיק אַ פינצטער־פאַרטראַכטן איבער אַ גאַס אין לעמבערג, נעבן דער רואינע פון אַ אידיש הויז.

— וואָס טראַכט איר, משה קאַטשענאַז? וואָס זאָרגט איר? איר מוזט דאָך נאָך האָבן אַביסל גאָלדענע אידישע ציין. איר האָט דאָך אָנגעזאַמלט אַביסל אוצרות פון יענער צייט נאָך ווען אידישע מיילער מיט גאָלד זיינען געווען הפקר פאַר רויבער אָן רוצחים.

— רחל׳ע! זאָל איך דאָס אויסקריינקען אויב איך האָב עפּעס גענומען ביי די טויטע אידן אָדער ציגיינערס. זאָל איך אומקומען אויב איך האָב זיך דערלויבט צו נעמען אַפילו איין און איינציקן צאָן פון אַ אידיש מויל. אַמאָל, אַז איך פלעג פאַר עמעצן קויפן אַ שטיקל ברויט, פלעגט מען

מיר אָפּגעבן אַ טייל פון דער פּאַרציע ברויט. דאָס וואָס איך באַזיץ איצט, האָב איך ערלעך פאַרדינט. אָבער איך קען סיי ווי נישט לעבן. איך באַגיי יעדן טאָג זעלבסטמאָרד. ווען עמעץ זאָל מיר טאָן אַ געפעליקייט און ער זאָל מיך וועלן דערשיסן פון הינטן מיט אַ רעוואָלווער, וואָלט ער זיך אין מיר איינגעקויפט אַ מצוה. איך וואָלט דאָס געריכט נישט געלאָזט אים באַשטראָפן. איך וואָלט פון יענער וועלט געזוכט צו באַווירקן די שופטים. וואָרים דער מערדער וואָלט דאָך דערהרגעט אַזאַ נידעריקע, פאַרשאָלטענע חיה ווי איך בין. רחל'ע, איך בין נישט ווערט צו טראָגן גאָט'ס פּנים.

— דו ווייסט דאָך, רחל'ע, אַז איך האָב ליב געהאַט מיין פייגעלען ווי דאָס גאָלד. ווי איך בין אויסגעגאַנגען פאַר אירס אַ זיסן שמייכל. איך בין דאָך געשטאָרבן פאַר איר מינדסטןביינדעלע. פאַר אירס אַ ציינדעלע בין איך געניזוקט געוואָרן. איך האָב שיעור נישט געקראָגן די ביכפּה פאַר איר מינדסט נעגעלע. און אָט קומט מיר מיין פייגעלע אַנטקעגן אויף די הענט — אַ דערשלאָגענע, אַ צעקאַטעוועטע. מיין גאָט, ווי מען האָט מיין טייער שוועלבעלע געפּייניקט פאַרן אומקום. ווי מען האָט פון מיין גאָלדענעם פייגעלע געריסן שטיקער און זי געשענדעט. און אַז איך, דער טאַטע, האָב געקענט צעמאָלן מיין טאַכטערס סקעלעט, מיין קינדס ביינער, און אויך די קנאָכנס פון מיין געשלאָגן ווייב, בין איך דאָך נישט ווערט וואָס די באַקעטע ערד טראָגט מיך. איך וואָלט דאָך שטאַרבנ־דיקערהייט געקושט דעם רוצחס הענט. וואו איז פאַר מיר אַנגעברייט דער טויט? איך רוף דעם מלאך המות טויזנט מאָל יעדער רגע פונם טאָג. ביינאַכט בין איך אַ גאַנץ גהינום פון ווייטיק. עס וואַרפט מיט מיר הייזער און הויך.

— אָבער פאַרט ווי אַזוי, — פרעגט רחל רעלעס, — האָט איר אַזוינס געקענט אָפּטאָן?

— פרעג מיך נישט, קינד מיינס, איך בין געווען משוגע פאַרן לעבן. עס איז אין מיין פינצטערן נפש געווען אַ מוראדיקער דראַנג צום לעבן. מען האָט אין יענע טעג אַזוי שרעקלעך געוואָלט לעבן אַז מען האָט פשוט נישט געוואוסט וואָס מען טוט און וואָס מען איז פעאיק אָפּצוטאָן. אָבער איצט פיל איך מיך ווי אַ משוגענער הונט אויף דער גאַס. אַלע מיינע געמיינע אברים טאָן מיר ווייי. איך פאַרשעלט דעם טאָג פון מיין געבוירן. פאַרוואָס בין איך נישט אויסגערונען געוואָרן אין דער מאַמעס בויך? פאַרוואָס האָט אַ דונער מיך נישט דערשלאָגן?

— זייט מוטיק, קאַטשענאַז. אַז איר האָט זיך שוין יאָ, דאַנקען גאָט, געראַטעוועט, אַפילו פאַר אַזאַ טייערן און נידעריקן פרייז, מסתמא האָט אייך גאָט באַשערט צו בלייבן לעבן.

— אוי, רחל'ע, קינד מיינס, דו ווייסט נעבעך נישט וואָס דו רעדסט. ווי אַזוי קען איך לעבן ווען איך אַליין האָב מיט די אייגענע

הענט געמוזט אַרויסרייסן די גאָלדענע ציין פון מיין ווייב. דו געדענקסט דאָך מיין ווייב, רחלע. אַזאַ שיינע געווען, מיט אַ קאָפּ קאַשטאַנאָווע האָר. אַזאַ פיינע אָסאָבע, אַ געשטאַלט ווי פון אַ קייסערינע. אַז זי איז געגאַנגען אויף דער גאַס, האָבן זיך מאַנסבילן און ווייבער געמוזט אָפּשטעלן כדי זיך אומצוקוקן אויף איר שיינקייט. דו האָסט זי געדאַרפט אָנקוקן ווען זי איז מיר אַנטקעגן געקומען מיטן באַרג מתים. זי איז געווען באַקעט און צעפליקט. ווי גאָט אַליין וואָלט זי געהאַט געשלאָגן און געפייניקט. גאָט אין דעם געשטאַלט פון אַן אוקראַיִנישן רוצח. גאָט האָט זי געשענדעט און געשאָכטן. גאָט אַליין האָט צעבראָכן און צעריסן איר הייליק לייב. אָבער איך האָב זי נאָך אַלץ דערקענט, די מוטער פון מיין פייגעלען. איך האָב מיט דער אייזערנער צוואַנג געמוזט אַרויסרייסן די גאָלדענע ציין פון איר פעסט־פאַרקלעמטן מויל. געוויינלעך פלעגט מען די פאַרבלוטיקטע גאָלדענע ציין אַריינוואַרפן אין אַ גרויסן קאַסטן דערנעבן. אָבער מיין לאה׳ס ציין האָב איך באַהאַלטן אונטער מיין פאַרברודיקטן העמד. ווען מיין זיידע איז געשטאָרבן, האָט מען אים געלייגט צוקאָפּנס אַ קליין זעקעלע מיט ארץ ישראל ערד, געבראַכט פון הר הזיתים. אָבער ווען איך וועל שטאַרבן, וויל איך באַגראָבן ווערן מיט די גאָלדענע ציין פון מיין טייערער לאה׳ן.

— קאַטשענאַז, רעדט נישט אַזוי. איר זענט דאָך פון דער השגחה לעבן געבליבן כדי צו בלייבן לעבן.

— קיינמאָל נישט, רחל׳ע. איך וויל שטאַרבן. דו זעסט דאָך אַז איך בין שיכור ווי לוט. איך פיר מיך אַליין אויף דער עקדה. דער חלף גייט אויף מיין אויסגעשטרעקטן האַלדז לויט מיין אייגענעם באַפעל. אַזאַ טרייפענער איד ווי איך בין, טאָר נישט לעבן אויף גאָט׳ס ערד. ווי זינדיק איך בין, וויל איך זיך דאָך טרעפן מיטן רבונו־של־עולם פנים אל פנים. איך וויל אַז ער זאָל מיר אַנטקעגנגיין אין הימל. איך וויל ביי אים מאַכן חשבון. יאָ, איך, משה קאַטשענאַז דער בעל־עגלה, דער וואָס האָט צעמאָלן סיני׳ס און אַדרעס מיט אידישע ביינער, וויל פרעגן ביי גאָט דין וחשבון. איך גיי צו אים, כאַטש אַ טויט־שיכורער, מיט וואַקלענדיקע טריט. איך קום צו אים און איך וועל רעדן צו אים די־דאָזיקע חוצפהדיקע רייד.

— ווי אַזוי וועסטו רעדן צום רבונו־של־עולם, קאַטשענאַז? — פרעגט רחל מיט אַ ביטערן שמייכל.

— אָט ווי דו זעסט מיך איצט אַ לעבעדיקן, וועל איך רעדן צו אים אַ טויטער, אַ פינצטערער שאָטן. אָבער איך וועל נישט ציטערן. איך וועל נישט קיין מורא האָבן פאַר גאָט. מיין מויל וועט רעדן מיט פּראָסטע רייד. מיינע טויטע אויגן וועלן זיין אָנגעגאָסן מיט פינצטער פייער. מיינע ביינער וועלן ברענען ווי זיינע אידנס ביינער אין די נאַצישע קרעמאַטאָריעס האָבן געברענט. די זעלבע אידן וואָס יעקב אָבינו האָט גע־

זען לויכטן ווי די שטערן אין הימל, ווען ער האָט געחלומט פון דער צוקונפט פון אידישע דורות. אָט אַזוי וועל איך זאָגן צום סאַמעראַדנעם רבונו־של־עולם:

— גאָט, דאָס בין איך, דער לעמבערגער בעל־עגלה משה קאַטשענאַז, דער מאַן וואָס האָט טאָג און נאַכט געמאָלן דיינע טויטע אידן. איך האָב צעמאָלן די ביינער פון יינגע אידן און פון זקנים. אין די קנאָכנס פון דיין געאַכפּערטן פאָלק ישראל האָב איך צעמאָלן זייער אידישן, זייער אוראַלטן גאָט. איך האָב חדשימלאַנג צעמאָלן אין דרויסן, פאַר די אויגן פון הימל — די שטערן, זייער גלויבן, זייער פעסטן האָפטונג, זייער אייזערנעם בטחון. איך האָב צעשמעטערט אַלע זייערע דורותדיקע טראַדיציעס, זייערע חלומות און די זעאונגען פון זייערע נביאים. איך האָב אויף שטויב צעמאָלן די ברייטע בלעטער פון מגילת אסתר צוזאַמען מיט מרדכי הצדיק און מיט דער קעניגין אסתר. איך האָב איר קרוין צעבראָכן ווי צייט צעשמעטערט שאַרבנס פון קעפּ און ציין פון מענטשלעכע מיילער. איך, משה קאַטשענאַז, האָב אין מיין מיל צעמאָלן דיינע אידן פון פוילן, רוסלאַנד, בולגאַריע, יוגאָסלאַוויע, גריכנלאַנד, אונגאַרן און פראַנקרייך. זיי זיינען געגאַנגען און געגאַנגען פאַרביי מיינע צעשמעטערנדיקע מאַל־מאַשינען אין לאַנגע אומענדלעכע רייען און פּראָצעסיעס. זיי האָבן מאַרשירט נאַקעט זייער וועג צו דיר, גאָט. זיי האָבן געשריגן, געזאָגט קאַפּיטלעך תהלים און אָנגערירט דיין קלייד, אָנגעכאַפּט מיט צעבראָכענע הענט דיין כסא הכבוד. זיי האָבן זיך געקלאַמערט אין דיר, גאָט פון די אידן. עס איז דעמאָלט געווען יינגער פרילינג. אין דיין גרויסאַרטיקן דרויסן איז געשטאַנען אַזאַ פייערדיקע זון, גאָט׳ס אָנגעצונדענער לאָמפּ, גאָט׳ס הייליקע מנורה. אין אַלע טיפע רערן האָבן געברענט דיינע אידן. זייערע צעשלאָגענע קעפּ האָבן דיך באַלויכטן. די פּוילישע פעלדער האָבן געשמעקט מיטן ליבן ריח פון וויאָסנע. פון די בוימער איז שטיל געוונען דער צעשמאָלצענער שניי און עס האָט שוין געשפּראָצט פון די צווייגן מיט האַרטע, גרינע פּאָנקעס. די גאַנצע ערד איז געווען ווייך און פריש. און איך, משה קאַטשענאַז, האָב צעבראָכן אידישע גופים. די קנאָכנס פון דיין אויסדערוויילטן פאָלק ישראל, וואָס האָט פון משה׳ס הענט אַנטפאַנגען די תורה אויפן קליינעם, אָבער יחוסדיקן באַרג סיני. יאָ, איך האָב געבראָכן, געבראָטן און צעמאָלן דעם באַרג מיט אידישע סקעלעטן וואָס קיין שום נביא האָט נישט געוואָלט וואַרם מאַכן מיט גאָט׳ס וואָרט און אָטעם און אָנטאָן צוריק אין אידישן פלייש און הויט. איך האָב צו שטויב און אַש פאַרוואַנדלט די ביינער פון זיך, פון טאַטעס און פון גרייז־גרויע זיידעס. פון אידישע מאַמעס, פון כשרע טעכטער און פון באָבעס. וואו ביסטו געווען, דער גאָט פון יחזקאל הנביא וואָס האָט יענע פאַרצייטישע ביינער אין טאָל צוריק באַלעבט מיט לעבן און אין זיי אַריינגעבלאָזן וואַרעמען

אָטעם? וואו איז געווען דער גאָט פון יעקב אָבינו וואָס האָט אים צוגע־
זאָגט אין באר־שבע, אויפן הארטן געלעגער פון קיזלשטיינער, אַז די אידן
וועלן זיך מערן ווי דאָס זאַמד ביים ברעג פון ים און ווי די שטערן אין
זיין גרויסן, אידישן הימל? יאָ, די אידן האָבן זיך ברייט געמערט כדי
דער רוצח זאָל זיי פאַרניכטן און כדי משה קאַטשענאַז זאָל צעמאָלן
זייערע סקעלעטן. גאָט איז אין יענע טעג נישט געווען אין הימל און נישט
אויף דער ערד. ניין, גאָט איז אין ערגעץ נישט געווען. איך, דער פינ־
צטערער איוב פון לעמבערג, האָב מיט מיינע אייגענע אויגן אָנגעקוקט
די מוראדיק־פאַרקראַמפּטע הענט פון רבנים און רביים, וואָס האָבן זיך
געהויבן צו גאָט אין אַ לעצטן אויסגעשריי צו די הימלען. איך, משה
קאַטשענאַז, האָב זייערע הייליקע גופים אָפּגעמעקט און פאַרטיליקט פון
פּנים פון דער ערד. מיטן ריינעם אידישן פעטס האָבן גערמאַנישע תלינים,
דייטשע זונות, אוקראַינישע מערדערס און די בלאָנדע הערין געשטאַפּאָ־
לייט זיך געוואָשן זייערע טרייפענע לייבער. די דייטשע פאַרברעכערס
האָבן זיך די גאַנצע צייט אָנגעשטאָפּט מיט אידיש האָב־און־גוטס. אין
זייערע צימערן זיינען געשטאַנען פעסער מיט אידיש צירונג. אידן האָבן
געברענט אין די קרעמאַטאָריומס. אָבער זייערע אוצרות פון גאָלד און
זילבער, פון פּערל און בריליאַנטן, האָבן ליכטיק געמאַכט די פינצטערע
נעכט פון די נאַצישע שוחטים און ציניקערס, קאָנקורירנדיק מיט גאָט׳ס
לבנה און שטערן אין הימל. די נאַצים האָבן געזויפט און געשיכורט מיט
וויין וואָס אידן האָבן מיטגעבראַכט פון זייערע קעלטערס אין האָלאַנד,
לוקסעמבורג, בעלגיע און פראַנקרייך. זיי האָבן אין די נעכט ווילד און לוסטיק
געזונגען דאָס באַנדיטישע „האָרסט־וועסל״־ליד, בשעת אידישע גאָלדענע
לייכטער און מנורות האָבן באַלויכטן זייערע אָרגיעס, ווי אין די צייטן
פון טיטוס הרשע, ווען די גאָלדענע כּלים פון בית המקדש זיינען גע־
רויבט און געבראַכט געוואָרן אויף די רוקנס פון אידישע געפאַנגענע
פּרינצן קיין רוים, אין דער הויפטשטאָט פון דער פּיראַטן־אימפּעריע. זיי
האָבן געשאָלטן די אידן, געקוויטשעט און געגרעוועט געמיינע רייד. בלוט־
דאָרשטיקע און באַזויפענע האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט אין דער נאַכט
כדי צו זוכן אידישע מיידלעך. הימישע קלעזמאָרים, ווי אַמאָל ביי די טייכן
פון בבל, האָבן געשפּילט און געזונגען אין די שייערן און שטאַלן בשעת
זיי האָבן מאַנס געווען אידישע מאַמעס, בתולות, מינדעריאָריקע קינדער.
אָפּערע־זינגערס זיינען געצוואונגען געוואָרן צו זינגען אידישע חתונה און
כּלה־לידער, בשעת די שענדערס און שוחטים האָבן געשענדעט, געוואָרגן
און אומגעבראַכט אידישע טעכטער. דער אָרקעסטער פון הונגעריקע און
פאַרשמאַכטע קלעזמאָרים האָט הילכיק געקלאָפּט בשעת מען האָט די
אידן געפירט צו די גאַז־קאַמערן נאַקעטע און באָרפוסע אונטער גאָט׳ס
טויטע, האָפנונגסלאָזע און ליידיקע הימלען. אידישע מענער, פרויען און

קינדער זיינען אין אומענדלעכע פראָצעסיעס געגאַנגען זייער לעצטן גאַנג אין אַלע שעה׳ן פון גאָט׳ס אומגליקלעכן מעת־לעת און דער אָרקעסטער פון בית המקדש האָט הייס און ציניש געקלאַפּט און מיט אידישע מאַרש־מעלאָדיעס באַגלייט די קדושים צום אומקום.

— נו, פרעג איך, משה קאַטשענאַז, וואו איז דעמאָלט געווען דער אידישער גאָט פון תהלים, צו וועמען אונדזערע הײמישע שלום אַש־אידן האָבן מיט אַזאַ הייסן בטחון געזאָגט תהלים? וואו איז געווען משה רבינוס רבונו־של־עולם וואָס האָט אַרויסגעפירט די אידן פון מצרים? וואו איז ער טאַקע געווען אין יענע אימהדיקע טעג ווען משה קאַטשענאַז איז ווי אַ שר געשטאַנען צוקאַפּנס פון בערג מיט אידישע גופים? ווען אין דרויסן האָבן געפלאַקערט פון פרישן ווינט צעבלאָזן, בערג מיט ביינער פון דיין געלויבט און אויסדערוויילט פאָלק און זייער אידיש פעטס האָט הילכיק געקנאַקט אין די העלישע פלאַמען? וואו ביסטו דעמאָלט געווען, גאָט פון אַברהם, יצחק און יעקב? דער גאָט וואָס האָט דניאלן אַרויסגעפירט בשלום פון די פלאַמען?

---

עס טריפן אין די זילבערנע לייכטער די גרויסע, חלבדיקע ליכט אין רחלס וואוינונג. עס איז פורים אויף דער נאַכט. עס ליגט אָפן מיט אירע זיידענע בלעטער די שטאָלצע מגילה און עס שטראַלן אַרויס די מאַנדל־זיסע אותיות מיט אַן אייביק ליכט. מיר לייענען מיט נאַציאָנאַלן שטאָלץ ווי אַזוי „אין יענעם טאָג האָט דער מלך אַחשורוש געגעבן צו אסתר המלכה דאָס הויז פון המן דעם בעדהרענגער פון די יהודים און מרדכי איז געקומען פאַר דעם מלך”. עס איז אַוודאי זיס צו לייענען די שטראַלנדיקע ווערטער פון „מגילת אסתר”. אָבער די זינגערין רחל ברעכט אונטער די טייערע רייד פון דעם פאַרצייטישן טאַלאַנטפולן מחבר פון דעם מייסטערהאַפטן מעשהלע אין רייכן גאָרטן פון תנ״ך, מיטן ווייטערדיקן גורל פון משה קאַטשענאַז.

און קאַטשענאַז איז טאַקע אויסגעגאַנגען, געשטאָרבן איז ער מכלומרשט פון שווינדזוכט. אָבער אין דער אמתן איז ער אומגעקומען ווייל ער האָט נישט געקענט לעבן. עס האָט זיך פלוצלינג פון אים אָפּגעטאָן דער כישוף פון לעבן. וואָרים איינער וואָס האָט אַזוי גרויליך־טיף איינמאָל אַריינגעקוקט אינם פינצטערן אָפּגרונט וואו עס קעניגט אין גאָר זיין מוראדיקן גרויל דער טייוול אַליין, האָט זיכער נישט געקענט ווייטער לעבן. פריער, ווי געזאָגט, איז ער געווען אַריינגעטאָן אין אַ שטורעם פון פיבער, פון וועלן לעבן פאַר יעדן מעגלעכן פרייז, אַפילו אויפן חשבון פון מאָראַל. וואָס האָט ער דען נישט אָפּגעטאָן כדי צו באַפרידיקן די טייטאָנישע בעסטיעס? ער האָט געשלאָגן די לעבעדיקע און אַפילו די טויטע אידן. ער איז געגאַנגען אין אַ געשלעג, אין אַ בלוט־

טיקער וואַלקע, מיטן מלאך המות אַליין. ער איז געווען אַ ברוטאַלער געמבלער אין דער שלאַכט פאַרן אייגענעם לעבן. ער איז געווען גרייט אומצוברענגען אַפילו זיין לייבלעכן טאַטן אָדער זיין ברודער און שוועסטער כדי צו געפעלן דעם רוצח. אָבער איצט איז ער צוריקגעקומען צו זיך. ער האָט זיך אָנגעהויבן אין די שלאָפלאָזע נעכט צו באַדענקען און צו ווערגן זיך מיט זיין אייגענעם געוויסן. עס האָבן צו אים גערעדט טויטע, צעמאַלטע אידן, וועלכע ער האָט פאַרוואנדלט צו אַש און שטויב. אָבער פונם אַש און שטויב זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען ווי מעכטיקע גיבורים און צו אים גערעדט מיט אַ געוואַלטיקער שפּראַך. ער האָט איצט יעדן טאָג געגומען באַגיין אין צער און חרטה, הונדערט זעלבסטמאָרדן. ער האָט צו רחלען געזאָגט:

— איך וויל צולעגן מיין קליין, נישטיק ביסעלע אַש צום הויכן סיני־באַרג מיט אַש פון די זעקס מיליאָן פאַרברענטע קדושים. איך וויל נישט מער לעבן קיין איינציקע מינוט. איך וויל קומען צו גאָט און אים פרעגן פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן צו זיין אויסדערוויילטן פאָלק? איך גיי גלייך צו אים אָנגעטאָן אין טויט. זאָל דער רבונו־של־עולם אויפציטערן פאַר מיין נאַקעטן ברוטאַלן וואָרט. איך, משה קאַטשענאַז דער אונטער־וועלטניק, גיי צום רבונו־של־עולם מיט אַ טענה. איך בין נישט קיין אויס־געטראַכטער העלד ווי אין טעאַטער. מיך האָט קיין מענטשלעכער מחבר נישט געמאַכט. איך בין נישט געבוירן געוואָרן מיטן פאַנטאַסטישן כוח פון אותיות. איך רעד נישט מיט קיין ליטעראַרישע רייד פון בוך אַרויס. מען וועט מיך סיי ווי סיי נישט אַריינשטעלן אין תנ״ך צווישן די גדולים. איך רעד פונקט אַזוי ווי אַ פשוטער איד באַדאַרף רעדן. איך וויל פרעגן ביי גאָט פאַר וואָס ער האָט איינעם אַ פּראָסטן איד אַוועקגעשטעלט אין סאַמע מיטן וועלט כדי צו מאָלן בערג מיט אידישע ביינער? און פאַרוואָס ער האָט מיר פאַר די אויגן געבראַכט צו פירן די גופים פון מיין ווייב און מיין טאָכטער פייגעלע — געשענדעטע, צעפליקטע און דערהרגעטע? איז גאָט אַ קאָמעדיאַנט וואָס קען זיך אַזוי בלוטיק וויצלען?

ביינאַכט פלעגט משה קאַטשענאַז אַרומלויפן ווי אַ משוגענער אויף די גאַסן פון דער שטאָט לעמבערג און ממש זוכן מיט ליכט דעם טויט. ער פלעגט שרייען:

— מענטשן, אפשר ווייסט איר וואו עס געפינט זיך ערגעץ דער מלאך המות? איך באַדאַרף אים האָבן אַזוי נויטיק ווי דאָס געמיינע לעבן מיינס. אין וועלכן וויינקעלער אָדער קרעטשמע זיצט דער טויט און ער זשליאָקעט שיכורערהייט גלעזער מיט בראָנפן און כוסות מיט וויין? איך וויל אים אויפזוכן כדי ער זאָל מיך דערשטיקן, דערווערגן אָדער אַריינזעצן די לאַנגע, אייזערנע שווערט אין מיינע טרייפענע געדערים. איך זוך דעם מלאך המות, טייערע ברידער־אידן מיינע, און איך קען אים נישט געפינען.

דער מלאך המות וואָס האָט געקענט אומברענגען אידישע קינדער, וויל מיך נישט נעמען אין זיינע ברוטאַלע לאַפּעס אַריין, מיך, דעם זינדיקסטן פון אַלע זינדיקע אויסוואורפן. מענטשן האַרצעדיקע, איך בעט אייך, טוט אין מיר אַ מצווה און טרייבט מיך אַריין אין די אָרעמס פון מלאך המות. דאָס לעבן איז מיר ביטערער ווי גאַל. דער טויט וועט מיר זיין זיס ווי אַ באַלזאַם. איך האָב חשק זיך צו באָדן אין אַ קעסל מיט וויטריאָל.

אַ לוט־שיכורן פלעגט מען זען משה קאַטשענאַז בשעת די רעגנ־דיקע נעכט זיך אַרומוואַלגערן אין זומפּן און קאַלוזשעס. ער האָט זיך אומישנע געשלאָגן מיט כוליגאַנעס און שיכורים כדי צו קריגן צוריק געשלאָגן און געהרגעט צו ווערן. ער האָט דורך גאַנצע נעכט געגעמבלט אין די קנייפּעס כדי מען זאָל אים צעשטעכן און צעשניידן מיט קינזשאַלן. ער האָט זיך געראַנגלט מיט כלערליי נישט־גוטע, מיט געשפּענסטער און פאַנטאָמען. ער האָט זיך פאַרמאָסטן מיט ווינט, מיט רעגן, מיט שניי און מיט האָגל, כדי אומגעבראַכט צו ווערן דורך גאָט'ס בייזע עלעמענטן. ער פלעגט וואַרטן אין אָפענעם פעלד אַ האַלב־נאַקעטער בשעת אַ שטור־רעם־אויסבראָך כדי אַ בליץ זאָל זיך אַריינשטעכן אין אים און פאַר־שרפהן זיינע געדערים. אָבער דער מלאך המות האָט אים ווי צו להכעיס אויסגעמידן. ער האָט אים נישט געוואָלט צונעמען פון דר׳ערד.

— וואָס בין איך דען חשובער ווי איינער פון די זעקס מיליאָן אידן? פאַרוואָס קומט מיר נישט אַזאַ מיתה משונה אַזוי ווי זיי? פאַרוואָס האָב איך זיך נישט פאַר מיינע ווערמדיקע מעשים פאַרדינט דעם אומקום? פאַרוואָס איז מיר נישט באַשערט צו שטאַרבן ווי אַ קדוש?

אַזוי האָט קאַטשענאַז געטענהט מיט זיין פויגעלשן שנאָבל. און זיין פּנים איז געוואָרן פינצטערער ווי די ערד. זיין הויט איז געווען טונקעלער ווי דאָס שוואַרצבלוטיקע ליים פון בית עולם. ער האָט זיך פרייוויליק צוגעלעגט צום באַרג מיט אַש און שטויב פון אַ ריזיקן פּענעץ פון אומ־געבראַכטן פאָלק. ער האָט צום רבונו־של־עולם שטאַלצערהייט צוריק־געוואָרפן זיין אייגן לעבן, זיין לייב און נפש, וואָס גאָט האָט אים גע־צוואונגען אויסצוקויפן פאַר אַזוי פיל דערנידעריקונג, פאַרשעמונג, גע־פאַלנקייט און חיהשקייט. אַזאַ שווער געקויפט לעבן האָט משה קאַשע־נאַז צוריק געשליידערט צו גאָט. —

## די טענצערין פון וויען

אין דער פראַנצויזישער צייטונג „פראַנס אַמעריק" איז דערשינען אַן אַנאָנס וועגן אַ מעבלירטן צימער מיט אַ קיך אין דער געגנט פון „פאָרעסט הילס (וואַלדיקע בערגלעך), אין לאָנג איילאַנד. קיין שום טעלעפאָן־נומער איז נישט געווען אָנגעגעבן. דאָס צימער האָט אָבער, לויטן אַנאָנס, באַזעסן אַלע מעלות. נישט טראַכטנדיק קיין סך בין איך באַלד אַהינגעפאָרן

מיט דער אונטערגרונט־באַן. עס איז געווען אין אַ קליינעם, צוויי־שטאָקיקן הויז, וועמענס ווענט האָבן זיך געניטיקט אין דער פרישקייט פון פאַרב, וואו איך האָב אָנגעקלונגען. מאַדאַם עקס, אַ הויכע, געשטאַלטנע פרוי, מיט אַ געשעדיקטן פּנים, מיט קענטיקע שטריכן פון אַמאָליקע אַריסטאָקראַטי־שער שיינקייט, מיט שלאַבעריקע באַוועגונגען, איז באַלד אַרויסגעקומען פון קאָרידאָר. זי האָט מיך פריינטלעך איינגעלאַדן אין איר וואוינונג, אויפן ערשטן גאָרן. עס איז געווען באַשיידן אויסמעבלירט, מיט אייראָפּייאישן געשמאַק, מיט זאָפטיקע מאַלערייען אויף די ווענט, מיט שטילקייט־ווייענדיקע טעפּיכער אויפן פוס־באָדן. יאָ, זי האָט אַ פּרעכטיק צימער, מיט אַ קיך, מיט אַ באָדצימער. אַלץ אַראַנזשירט אויף אַן עלעגאַנטן שטייגער. איר טאָכטער, ראַשעל, גרייט זיך אין אייניקע וואָכן אַרום צו פאָרן קיין וויען און, ערשט דעמאָלט וועט דאָס מעבלירטע חדר'ל זיין גרייט צו פאַר־דינגען . . .

הייסט עס אַז דערווייל וואוינט דערין איר טאָכטער. צו וואָס־זשע, פרעגט זיך, האָט מאַדאַם עקס אַנאָנסירט דאָס צימער פאַר דער צייט? אָבער יעדנפאַלס, אויב עס האַנדלט זיך טאַקע בלויז אין אַ וואָך אָדער צוויי, בין איך גרייט צו וואַרטן. אָבער, פאַרט איר טאָכטער ווירקלעך קיין וויען אין אַ וואָך־צוויי אַרום? — האָב איך ביי איר ערנסט איבערגע־פרעגט.

די פרוי האָט מיך מיט פאַרוואונדערונג אָנגעקוקט. און אירע טרויעריקע אויגן האָט עפּעס פאַרדעכטיק געפלאַמט. אַ ווייטער חלום האָט געשוועבט פאַר אירע טונקל־בלויע שוואַרצאַפּלען:

— וואָס הייסט צי זי פאָרט „באַשטימט”? ראַשעל האָט שוין אַפילו דעם קאָנטראַקט אין טאַש. אַ קאָנטראַקט מיטן וועלט־באַרימטן וויענער נאַכט קלוב „דער אָקס אויפן דאַך”. מיין טאָכטער איז דאָרט די לעצטע יאָרן אויפגעטראָטן און געקעניגט. איצט איז זי ווידער איינגעלאַדן געוואָרן אַהין. די געסט ווילן זי שטאַרק זען. אַ, די מענטשן וואָס האָבן געזען ראַשעלן טאַנצן אַפילו בלויז איין און איינציק מאָל, קענען איר שוין מער קיינמאָל נישט פאַרגעסן. זיי מוזן איר ווידער זען. איך בין שוין, ווי איר זעט, אַן אַלטע פרוי. אָבער מיין טאָכטער איז נאָך אַלץ יינג און שיין. זי איז אַזוי שיין אַז מענער שטאַרבן שיעור נישט פון בענקשאַפט איר צו זען. אין פאַרמלחמהדיקן וויען זיינען צווישן אירע פאַרערערס געווען קעניגן, פירשטן, שטאַטסמענער, דיפּלאָמאַטן, רעזשיסאָרן, דיכטערס און מאָלערס. זיי אַלע האָבן געקושט איר האַנט מיט אַנטציקונג.

דאָס זאָגנדיק האָט די געריטע מוטער זיך שטילערהייט צעוויינט. אירע אַלטע אויגן זיינען פאַרגאָסן געוואָרן מיט טרערן.

— אַ מאַמע וויינט פון גרויס נחת! — האָב איך צוגעגעבן כדי לייכטער צו מאַכן די אָנגעצויגענע אַטמאָספערע.

יאָ, איך בין אַוודאי געווען שטאַרק נייגעריק צו זען דאָס צימער. ווען איך האָב איר געבעטן מיר דאָך צו ווייזן דאָס צימערל, האָט זי פּראָטעסטירט:

— מיין טאָכטער שלאָפט דאָך איצט. איר מיינט אַז מיין איידעלע ראַשעל גייט אַרום שפּאַצירן אין די גאַסן? זי האָרעוועט שווער. זי טאַנצט פון עלף אַ זייגער ביינאַכט ביז פינף פאַרטאָגס. זי איז שטענדיק באַ־שעפטיקט. מיין קינד, מיין אָרעמע ראַשעל, זי אַרבעט נעבעך אַזוי שווער. ווען זי קומט שוין ענדלעך אַהיים אין גרויען באַגינען, איז זי שרעקלעך פאַרמאַטערט. זי וואַרפט זיך אין בעט אַריין אַזאַ מידע. זי איז שוין פון קליינערהייט אָן געווען אַ דעליקאַט קינד. זי ליידט אויף אָפטע פאַר־קילונגען. איר וועט זיך מוזן מטריח זיין און קומען אַ צווייטן מאָל. איך פאַרזיכער אייך אַז דאָס צימער איז גלענצנדיק. איך וועל עס האַלטן גרייט ספּעציעל פאַר אייך. קומט צו גיין, איך בעט אייך, אין אַ וואָך שפּעטער. וועל איך שוין קענען אייך געבן גענויע איינצלהייטן.

איך בין ביי מאַדאַם עקס געזעסן אַריבער אַ שעה. די גאַנצע צייט האָט זי מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אַז איך זאָל נישט רעדן צו הויך. ווייל איר טאָכטער קען זיך נאָך אַמאָל איבערוועקן. דורך דער צייט האָט זי מיר דערציילט ווי אַזוי איר געליבטער מאַן, אַ יואוועליר, מיט זייערע קינדער זיינען אומגעקומען דורך די מערדערישע נאַציס, ווי נאָר זיי זיינען באַפאַלן עסטרייך. ווי אַזוי אירע טייערע פריינט זיינען אַלע פאַרגאַזט געוואָרן אין אוישוויץ. זיך בלויז געראַטעוועט האָט זי זיך אַליין מיט איר איינציקער טאָכטער. ראַשעלן האָט זי ביי קיין שום אופן נישט דערלויבט דעם גורל איבערצוגעבן אין די הענט פון די רוצחים. ניין, דאָס איז געווען אונמעגלעך. קיין שום מאַכט אין דער וועלט וואָלט ביי איר נישט געקענט אַרויסרייסן די טאָכטער, איר איינציקע און לעצטע שטיקל גאָלד. אַ סך באַרימטע פּערזענלעכקייטן אין ווין, אירע אַלטע פריינט, האָבן איר געהאָלפן אויסצובאַהאַלטן איר טאָכטער. און איצט, זינט עטלעכע יאָר, געפינט זיך די אַלטע מוטער צוזאַמען מיט איר געראַטעוועט קינד דאָ אין ניו־יאָרק.

איך בין אַוועקגעגאַנגען פון דאָזיקן שטילן, מרה־שחורהדיקן הויז מיט עפּעס אַ מאָדנעם געפיל. די גאַנצע געשיכטע האָט מיר אויסגעזען צו זיין נישט־רעאַל, פאַנטאַסטיש. דער וויסטער טרויער פון דער עלטערער פרוי; אירע ביטערע קרעכצן און שטילע אויסבראָכן פון געוויין; דער פחד און דאָס פינקלען פון משוגעת אין אירע אויגן; דאָס אַלץ האָט מיך באַאומרואיקט. איך בין געווען נייגעריק אָנצוקוקן איר טאָכטער. עפּעס אַ קראַנקהאַפטע נייגעריקייט האָט מיך באַהערשט זי צו זען וואָס גיכער. מיך אַליין וווּניקסטנס צו איבערצייגן אַז זי עקזיסטירט טאַקע. אַז זי שלאָפט דאָ אין דעם דאָזיקן געהיימנישפולן חדר. איך האָב אַוודאי אויך געהאַט אַ פאַרלאַנג צו זען דאָס צימער. מיך האָט געצויגן דאָ ווידער צו זיין. איך האָב

בחוש דערפילט אַז דאָ וואַקסט אַ טראַגעדיע. די טאָכטער, די טענצערין פון ווינען, איז צו מיר געוואָרן עפּעס אַ מיסטעריעז און פאַנטאַסטיש געשטאַלט פון אַן אויסגעטראַכטער נאָוועלע. איך האָב געפילט אַז איך שטיי פאַר אַ פינצטערן אָפּגרונט.

אַזוי ווי עס איז, ווי שוין דערמאָנט, קיין טעלעפאָן נישט געווען אין הויז, האָב איך געמוזט נאָכאַמאָל פאָרן אָן אַ באַשטימטער ראַנדעוואו, נישט וויסנדיק אייגנטלעך געגנוי אין וועלכער שעה די טאָכטער דערוואַכט פון שלאָף. אין איינעם אַ שפּעטן נאָכמיטאָג פון חודש אַפּריל, ווען עס פילט זיך שוין אין דער דורכזיכטיקער לופט דער דין־כּישופדיקער אַראָמאַט פון פרילינג, בין איך ווידער געפאָרן קיין פאָרעסט הילס. פאַרשידענע מחשבות האָבן געפּייניקט מיין מוח. אָנגעקומען אַהין, האָב איך שטילערהייט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. עס האָט שוין געמוזט זיין אַרום זיבן אין אָוונט. ביינאַכט שטייט זי דאָך אַוודאי אויף, די טענצערין, כּדי צו מאַכן איר טואַלעטע, צוצוגרייטן זיך צו איר אויפטריט אין אַ ניו־יאָרקער קאַבאַרעט.

מאַדאַם עקס האָט געעפנט די טיר און האָט מיך פריינטלעך איינגעלאַדן אין שטוב אַריין. אינעווייניק האָט די לופט געשמעקט מיט פריש־פאַרבריטער טיי. אַריינקומענדיק אַהין האָב איך דערוואַרט צו הערן אַ באַוועגונג פון לעבן, צו זען אפשר דאָס שטראַלנדיקע פּנים פון דער שוין אפשר פאַרוויאַנעטער שוינקייט. וואָרים לויט דעם עלטער פון דער מוטער, האָט זי דאָך אויך נישט געקענט זיין צו יינג. אָבער אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין דער וואוינונג. טאַקע די שטילקייט פון טויט. בלויז אַ וועקזייגער האָט האַסטיק געשלאָגן מיטן ריטם פון די אומענדלעכע רגעס.

— עס איז היינט געווען אַ גרויסאַרטיקער טאָג! — האָב איך באַמערקט, כּדי אַביסל אויפצומונטערן די דערשלאָגענע פרוי, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ סך עלטער ווי מיט אַ וואָך פריער.

— אָ, אַ וואונדער־שיינער טאָג, עס שמעקט שוין מיטן פאַרפיום פון פרילינג. מיין טאָכטער האָט גערן אַזעלכע גאָלדענע טעג. זי טאַנצט דעמאָלט איבער די גאַסן אַזוי ווי אַ שמעטערלינג אַרום פייער. זי טאַנצט תּמיד, מיין ראַשעל, נישט נאָר אויף דער באַלויכטענער בינע. מיין טאָכטער איז באמת די סאַמע פאַרקערפּערונג פון דער טאַנץ־קונסט. זי איז שטענדיק לעבעדיקער ריטם. טאַקע דערפאַר האָבן איר די אַכזריותדיקע נאַציס נישט באַוויזן צו פאַנגען. זי האָט ממש גרינג ווי אַ פויגעלע אַרויסגעטאַנצט פון די שטעכיקע לאַפּעס פון מלאך המוות. זיי האָבן איר נישט געקענט כאַפּן. קען מען פאַנגען די זון, דאָס וויברירן פון די כוואַליעס ליכט? מיין טאָכטער לעבט ווייל זי שוועבט תּמיד און פלאַטערט אין דער לופט. זי איז אַ גאָלדענער שטראָם ליכט פון דער זון. זי איז די עטערישע כוואַליע וואָס וויברירט פריי דורך דעם רוים, אומגעצוימט און אייביק, ווי אַ גייסט...

— שלאָפט נאָך אַלץ אייער ליבע טאָכטער? — האָב איך איבערגע־

שלאָגן במעט ברוטאַל דער אַלטער פרויס אימפּראָוויזאַציע וועגן איר קינדס גייסטיקער עקזיסטענץ.

— זיכער שלאָפט זי. מיין טייער קינד, זי שלאָפט תמיד. זי איז אַזוי מוראַדיק מיד פון דער דאָזיקער שרעקלעכער וועלט. זי קומט אַהיים אין באַגינען אַזאַ אויסגעמאַטערטע און פאַרענדערטע, פונקט ווי זי וואָלט גע־קומען פון אַ רייזע אין גהינום, וואו זי האָט פון דער נאָענט אָנגעקוקט די פּנימער פון די געפּייניקטע. זי זאָגט צו מיר, צו איר אַלטער געמאַרטע־טער מוטער:

— מוטערשי־קרוין, איך האָב חשק זיך צו לעגן אין דיין קליינעם בעט. עס איז מיר קאַלט אין די ביינער פון דער שרעקלעכער רייזע אין הימל. איך וויל איינשלאָפן אונטער דיין וואַכזאַם און געטריי אויג. וועק מיך קיינ־מאָל נישט אויף, טייערע מוטער!

— טאָ ווען פאָרט וועל איך זיין אימשטאַנד צו זען דאָס צימער? פאַרוואָס פּייניקט איר מיך מיט די אַלע צוזאָגן? — האָב איך שוין אַביסל בייזלעך געפּרעגט.

איר וועט עס פריער נישט קענען אָנקוקן ביז מיין טאָכטער וועט האָבן אַוועקגעפאָרן קיין וויען. זי גרייט זיך פיבעריש צו דער רייזע. זי האָט שוין טאַקע היפּשע רייזע־פיבער. עס באַדאַרף נאָך דויערן אַ קורצע צייט. איך האָלט שוין אין איינפּאַקן פאַר איר די טשעמאָדאַנעס. אָ, ווי וועט זיך ראַשעל פרייען ווידער צו זען דאָס עלעגאַנטע וויען, די שטאָט פון איר געבורט, וואו זי האָט פאַרבראַכט אַזאַ גליקלעכע יוגנט. יעדער גאַס, יעדעס הויז, יעדער שטיין פון ברוק איז דאָך צו איר וואויל באַקאַנט. מיר האָבן דאָרטן פאַרבראַכט אונדזער גאַנץ גליקלעך לעבן...

— אָבער, מאַדאַם, איך וואָלט נאָך וועלן האָבן דאָס גליק אָנצוקוקן אייער געליבטע טאָכטער...

די פרוי האָט זיך דערשראָקן. זי איז געוואָרן שוואַרץ פון פּחד. זי האָט געזאָגט:

— מיין טאָכטער? זי קענט איר נישט זען. זי וועט דאָך טאַנצן אין וויען. ווען איר וועט אַמאָל קומען קיין וויען, וועט איר האָבן אַ געלעגנהייט זי צו זען. איר וועט גיין אין קאַבאַרעט און זיצן צווישן די געסט. איר וועט טרינקען ווין ביים קליינעם, מאַרמאָרענעם טיש. גרויסע בוקעטן מיט בלומען וועלן דאָרטן שטיין. מיין טאָכטער וועט גאָלדן פאַרבייפלאַטערן נעבן אייך, ווי אַן אָפּגעפאַרבטער, פריינטלעכער מלאך, און דעמאָלט וועט איר זי קענען אָנקוקן. איר וועט אפשר אָנרירן די שפּיצן פון אירע דינע, אידעלע און ציטערנדיקע פליגל. זי וועט שמייכלען צו אייך מיט אַזאַ ליבלעכן שמייכל. אָט איז אַגב מיין טאָכטערס בילד.

די עלטערע פרוי האָט אַראָפּגענומען פון דער קאַלכדיקער וואַנט אַ בילד איינגעראַמט אין אַ הילצערנער ראַם. אַ דעליקאַט מיידל האָט עפּעס

אומעטיקערהייט אַרויסגעקוקט פון דער פאָטאָגראַפיע. אַ זוניקער שמייכל האָט באַלויכטן אַ פרישן, רונדיקן, אָבער טרויעריקן פנים. מען האָט געקענט באַמערקן אַ טייל פון איר גראַציעזער פיגור, ווי געטאָקט דורך אַ סקולפּטאָרס געניאַלער האַנט. עס דאַכט זיך טאָקע אַז עס פלאַטערן קליינע, צאַרטע פליגל ביי אירע דינע און ווייסע אַקסלען. זי טאַנצט ממש אין דעם קאַרגן, געשלאָסענעם רוים פון דער ענגער ראַם. אַ ווען וואָס איז ווי געבוירן געוואָרן כדי צו דערפרייען, צו רייצן און צו פאַרבלענדן דאָס מענטשלעכע אויג. אַ ליכטיק קינד אַזאַ וואָס איז אַן אויסשטראַלונג פון הימל אויף גאָטס ערד...

— באמת אַ צאַרטע און אַנטציקנדיקע שיינקייט! — זאָג איך שטילער־הייט צו דער איינזאַמער און דערשלאָגענער פרוי.

איך שטעל אַוועק דאָס בילד אויפן טיש און איך קוק צו דער טיר. דאָרטן, בלויז עטלעכע שריט ווייטער, איז די דאָזיקע כמעט אומרעאַליסטישע פרוי פון דער פאָטאָגראַפיע אַ וואָרע רעאַליטעט. דאָרטן שלאָפט זי, דאָס הערלעכע קינד. היטלער האָט זי נישט געקענט אומברענגען מיט גאָר זיינע פינצטערע מערדער־מחנות. פון קאַבאַרעט קומט זי תמיד צוריק צו איר מידער, צעבראָכענער מוטער — כדי ווידער צו שלאָפן, ווי נאָך אַלס קליינטשיק מיידעלע, אין איר באַשיידענעם בעטל, אין דעם שטילן שוין געהיימנישפולן צימער. די אַלטע פרוי באַשיצט זי מיט איר וואַ־רעמער, מוטערלעכער ליבשאַפט. עס איז באמת אַ פאַרברעכן דאָ אויסצורעדן אַ הויך וואָרט, וואָרים זי קען זיך נאָך חלילה איבערוועקן! — אַזוי פּרואוו איך מיטלעבן און מיטחלומען דעם חלום פון דער אַלטער מוטער...

— ווי שפּעט שטייט זי אויף צו איר אויפטריט? — פרעג איך זיך.

— איך קען אייך נישט זאָגן באַשטימט. ווען נאָר זי שטייט אויף, האָט זי סיי ווי נישט קיין איבעריקע מינוט צייט. זי מוז באַלד צופאָרן אין קאַבאַרעט. אַך, מיין דעליקאַטע ראַשעל, זי האָרעוועט אַזוי שווער...

— אין וועלכן נאַכטקלוב טרעט זי אויף? פרואוו איך ווידער פאָרשן און אַלץ פרעגן ניכטערע, וואכעדיקע שאלות.

— אין דעם „בלויען הימל". איך אַליין בין נאָך דאָרטן קיינמאָל נישט געווען, אָבער מיין טאָכטער פאַרזיכערט מיך אַז זי טרעט אויף אין דעם „בלויען הימל". איך ווייס נישט גענוי וואו אייגנטלעך דאָס איז. איך האָב אַנומלט, מיר דאַכט זיך, געזען אין אַ זשורנאַל אַנאָנסירט איר קאַבאַרעט. אין דעם „בלויען הימל", ערגעץ אין מאַנהעטן, טאַנצט מיין טאָכטער ראַ־שעל...

איך בין ווידער אַוועק פון דער, פון שווערן לעבן דערשלאָגענער, פרוי מיט עפּעס אַן אומגליקלעכן געפיל אין האַרצן. איך האָב שוין איצט עפּעס מער פאַרשטאַנען ווי בשעת מיין ערשטן באַזוך. איך האָב אין דער פרויס

פאַרטרערטע אויגן געזען און געקענט לייענען די פינצטערע פאַרצווייפלונג וואָס האָט איר געטריבן צו משוגעת און דעלוזיע...

אין יענער נאַכט בין איך מער נישט געשלאָפן. דער מענטשלעכער צער גנבעט צו פון דיינע אויגן דעם רואיקן שלאָף. די קענסט נישט פאַרשטיין פאַרוואָס זאָל דער מין מענטש זיין אַזוי גרויזאַם צום מענטש. פאַרוואָס זאָל די מענטשלעכע חיה גריזשן דעם נאַקעטן שאַרבן און די צע־ווייטיקטע אברים פונם מין מענטש? טוט דען דאָס אַפילו די סאַמע גרויז־אַמסטע חיה צו אירע אייגענע?

---

עס איז געפאַלן אַ דינער רעגן. די נאַכט איז געווען פול מיט מלחמה־אויפרייסונגען פון דונערן און בליצן, וואָס האָבן יעדער ווילע נאַקעט אָפּגע־דעקט די ערד, דעם טאָל פון מענטשלעכע יסורים. איך בין צוגעפאָרן צום קאַבאַרעט אין „בלויען הימל“, אין דער טעאַטער־געגנט, אַרום טיימס סקווער. איך בין דאָרטן געזעסן ביזן גרויען, זיידענעם באַגינען. אין דרויסן האָט געכליאַפּעט אַ שרעקלעכער רעגן. נאָר דאָ, אינעווייניק, האָט געהערשט פרייד און מוזיק. מען האָט געהערט דאָס הילכיקע געלעכטער פון שיינע, תאווה־רייצנדיקע פרויען. עס זיינען אויפגעטראָטן פרעכטיקע זינגערינס און טענצערינס. נאָר אין דעם גרויען, געדיכטן רויך פון ציגאַרן און ציגאַרעטן האָב איך געזוכט די איינע גראַציעזע געשטאַלט, די וויענער קינדישע טענ־צערין ראַשעל...

אין באַגינען האָב איך געפרעגט איינעם פון די אָשערס ווען עס טרעט דאָ אויף אַ וויענער טענצערין. ער האָט מיך פאַרדעכטיקט אָנגעקוקט. ער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט...

ווען איך בין אַהיימגעפאָרן, איז די לופט געווען אָנגענעם און קיל. די וואָלקנס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון האָריזאָנט. דאָס בלויע זייד פון הימל איז געווען איידל און געלייטערט. אין דער קלאָרער, הימלישער דורכזיכ־טיקייט האָב איך געקענט זען פאַנטאַסטישע, פערלדיקע ווענוס, אַזעלכע טראַנספּאַרענטע ווי קרישטאָל. איך האָב געזען אָרומשוועבן שטראַלנדיקע און פאַרטרערטע נשמות. פלוצלינג האָט פון דעם ים מיט איידעלע זעלן אַרויסגעטויכט אַ הערלעכער מיידלשער קאָפּ מיט אַ כוואַליע זיידענע האָר. איר אַסטראַליש־לויכטנדיקער שמייכל פאַלט אויף מיר אַזוי ווי אַ שטראָם מיט ליכט. זי טאַנצט און זי ציטערט אַזוי ווי אַ גרויסער טראָפּן טוי וואָס פאַלט אַראָפּ פון אַ צווייג אין דעם פרישן ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון...

מיטן אויפקלאָרן זיך פונם טאָג ווערן פאַרשוואונדן די כוואַליעס שטילע און פון פייער אָפּגעזונקטע נשמות. ראַשעל ווערט פאַרלאָשן צווישן זיי אַזוי ווי די שטערן אין הימל לעשן זיך בלייך אויס אין באַגינען. דאָס דעליקאַטע און בלומיקע פנים ציטערט נאָך עטעריש מיט אַ טרויעריקן

שמייכל אין דער לופט ביז עס לעשט זיך אינגאַנצן אויס. עס ווערט אָפּגעמעקט דורך עמצנס מעכטיקע און ברוטאַלע האַנט...

מאַדאַם עקס האָט רעכט געהאַט. איר צאַרטע טאָכטער טאַנצט טאַקע אין גרויסן, בלויען הימל... דאָס פּובליקום פון פאַרשרפהטע אידן אין טרע־בלינקע, מיידאַנעק און אוישוויץ איז אַנצטיקט פון זייער געליבטע טענ־צערין...

## דער נאַצישער מאַלאַרזש

אין דרויסן איז שוין פרילינג. עס שמעקט מיט וויכער, אויפגעאַ־קערטער ערד; מיטן צאַרטן בעז, מיט די בליענדיקע אַקאַציע־צווייגלעך, געטונקענע אין זילבער; מיט נידעריקע קאַרשנביימלעך און מיטן אוני־ווערסאַלן פּלאַטין־גאָלד פון בליעכץ אויף די צווייגן פון אַלע וועלט־ביימער. דאָס האַרץ איז שיכור מיט ליבע, חלום און מיט כּוסות שאַמ־פּאַניער וואָס מלאכים טראָגן דיר צו נאָענט צו די ליפּן. די פייגל וויסן שוין אַז עס איז פרילינג און זיי זינגען ביי דיינע פענצטער פון באַגינען אָן. אַ יינגער, בלאָנדער און שלאַנקער יינגערמאַן פאַרבט מיט אַ גרויסן פּענדזל די ווענט פון מיין דירה. ער איז געווען אין דער נאַצישער אַרמיי. ער רעדט פון די ווייטע שלאַכטפעלדער אין סטאַ־לינגראַד. ער דערציילט ווי די קערפּערס פון די געפאַלענע סאָלדאַטן זיינען געוואָרפן געוואָרן צו די וואָראָנעס אין פעלד; צו די הונגעריקע וועלף כּדי פאַרצוקט צו ווערן. ער שילדערט ווי אַזוי רוסישע סאָלדאַטן האָבן זיך איינגעביסן מיט די ציין אין נאַצישע שאַרבנס און קעפּ. ווי אַזוי מען האָט געקעמפט אין דער ערד, אין די קעלערן, צווישן די חורבות, מיט אַזאַ פאַרביסענער שנאה וואָס אַפילו ווילדע חיות פאַרמאָגן נישט. אָבער, קיין אידן, זאָגט ער, האָט ער נישט אומגעבראַכט. ער האָט נישט געשאָכטן קיין קליינע אידישע קינדער. זיינע פאַרשאָלטענע באַ־צישע קאַמעראַדן האָבן יאָ דערהרגעט און געשאָכטן אידן. ער אַליין, פאַרזיכערט ער, האָט עס נישט געטאָן. ער שווערט זיך אַז נישט. אָבער גיי און גלויב אַ יינגען נאַצישן סאָלדאַט, אַ זעלנער פון דער ברוטאַלסטער און ברודיקסטער אַרמיי אין דער וועלט, וואָס האָט געדינט אין וואַרשע, פּראַג, פּאַריז און אין גריכנלאַנד. וואָס האָט אָנטייל גענומען אין די מערסטע היטלעריסטישע שלאַכטן און מלחמות. גיי און גלויב זיינע רייד אַז ער איז געווען נאָבל אין דער שרעקלעכער מלחמה, ווען אויף איינעם פון זיינע פינגער טראָגט ער אַ צוגערויבט גאָלדן רינגל מיט אַ מגן דוד. ווען אויף זיינע יינגע הענט זע איך בלוט. איך דערקען אויף זיין דייטשן לייב אידיש בלוט. איך בין אינגאַנצן צעטומלט. איך הער די שווידערלעכע געשרייען פון אידישע ווייבער און מאַנסבילן פאַרן שטאַרבן.

איך דערמאָן זיך אַז אַ יינגערמאַן האָט מיר אַנומלט דערציילט ווי אַזוי

אין דער צייט ווען די בריטישע אַרמייען האָבן שוין געהאַט אָקופּירט די געגנט, איז ער געווען מוראדיק הונגעריק. אָבער ער האָט זיך פאַרט אָפּגעהאַלטן פון צו טאָן דאָס וואָס אַנדערע האָבן יאָ געטאָן: ער האָט נישט געקענט עסן קיין מענטשנפלייש... אין דרויסן זיינען געלעגן אַ באַרג מיט פאַרפרוירענע אידישע מתים. איינער, מיטן דערגענערירטן פּנים פון אַ חיה, איז צוגעלאָפן צום זייל מיט טויטע לייבער און האָט אָנגעהויבן צו גריזשען ביי אַ מת די לעבער.

איצט זינגט דער נאַצי־מאַלאַרזש אַ דייטש ליד. איך קען נישט פאַר־טראָגן דאָס טריפענע זינגען. דער דאָזיקער דייטשער האַלדז האָט דאָך אויך געזונגען דאָס באַרימטע האָרסט וועסל־ליד. פלוצלונג זע איך ווי ער שמירט אויס מיט בלוט אַלע ווענט פון מיין וואוינונג. דאָס צימער וואָס ער האַלט איצט אין פאַרבן, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ טייך מיט אידיש בלוט. איך זיץ ביים פענצטער. די פּרילינגדיקע זון ציטערט סענסיטיוו און שטראַלט אויף מיינע הענט. אָבער איך זאָפּ אַריין אין מיין געמיט דעם שוידער פון מיינע ברידער און שוועסטער. טראָפּנס פאַרב ריגען פון דעם מאַלאַרזש׳ס דיקן פענדזל. ער שילדערט די גרויזאַמקייט אין סטאַלינגראַד. ער דערציילט פרייוויליק פון די מוראדיקע פאַרברעכנס פון זיינע נאַצישע קאַמעראַדן. ווי ווייט איז ער דען געווען פון אידישן אומקום? ער האָט זיך דאָך געמוזט באַטייליקן אין שחיטות אויף אידן. בשעת ער רעדט, ווערן מיינע ווענט אַלץ רויטער, פלאַמיקער און גהינומ־דיקער. איך טראַכט פון דער צעבראַכענער פרוי וואָס האָט מיר אַנומלט דערציילט ווי אַזוי איר אַלטע מאַמע האָט געקרעכצט אין דעם בונקער אין וואַלד, וואו זיי זיינען געווען באַהאַלטן. די מאַמע איז געלעגן וואָכנלאַנג אַ געשוואָלענע פון הונגער. עס איז געווען אומעגלעך אַרויסצוגיין פון דער באַהעלטניש און זוכן שפּייז ביי די פּויערים. דער וואַלד איז געווען פאַרשנייעט. די היטלעריסטישע הענקערס וואָלטן באַלד געקומען אויף די שפּורן פון די אומגליקלעכע לויט זייערע טריט אין שניי. ווען די אַלטע פרוי איז ענדלעך אויסגעגאַנגען, האָבן זיי אויך נישט געקענט אַרויסגיין אין דרויסן כדי זי צו באַגראָבן. האָבן זיי אינעווייניק אין בונקער אויס־געגראָבן אַ קבר פאַר איר. צוויי יאָר צייט האָבן זיי כסדר געטראָטן אויף דער מוטערס ביינער. זיי האָבן די גאַנצע צייט געוואוינט מיט זייער טויטער מאַמען אינם פינצטערן בונקער. ווען זיי זיינען ענדלעך אַרויס אין דרויסן, האָבן זיי דאָרטן איבערגעלאָזט אויף אייביק זייער מאַמע. איצט וואוינען אַוודאי חיות אין דער הייל. וועלף און היענעס וויינען דאָרט מיט דער איינזאַמער, הונגעריקער מאַמען. די מאַמע איז שוין זיבן לאַנג טויט. אָבער זי מוז נאָך אַלץ זיין מוראדיק הונגעריק. איר אַכזריותדיקער הונגער איז קיינמאָל נישט געשטאָרבן.

איך שריי אויס צום רואיקן, בלוי־אויגיקן מאַלאַרזש:

— איר פאַרבט דאָך אָפּ מיט בלוט די ווענט פון מיין וואוינונג. איר מאָלט אויס מיט אידישן פּחד מיין שלאָפצימער. כ׳פיל די ביטערע אַנגסטן פון מיינע ברידער און שוועסטער. ווי אַזוי וועל איך דאָ קענען שלאָפן היינט ביינאַכט און אַלע קומענדיקע נעכט? אַרויס פון מיין שטוב, איר הינטישער נאַצי־מערדער! אַרויס פון מיין אידישע היים, גערמאַנישער מאָנסטער! זאָלן אייך גאָט׳ס בייזע ווינטן אַרומטרייבן אויף אַלע פיר זייטן פון דער וועלט, איר נאַצישער קין. טונקט איין אייערע פינצטערע, פאַרבלוטיקטע הענט אין די כוואַליעס פון רהיין. עס ריינט פון אייערע פינגער מיט שווערע טראָפּנס בלוט פון אידישע קינדערלעכס ריינע לייבער. איך קען אייך נישט פאַרטראָגן. איך קען נישט הערן אייערע ציינישע, ליגנערישע רייד. מיינע ווענט ברענען איצט מיטן אידישן אומקום. מיין שטוב איז רויט פאַרפלאַמט פון דער אומגליקלעכער אידישער שׂרפה.

— אָבער איך מאָל דאָך גאָרנישט רויט! — שרייט דער מאַלאַרזש צו מיר. — איר זעט דאָך: עס איז די גרינע, פרידלעכע פאַרב פון פעלד, גראָז און ביימער. איך האָב נישט געטויטעט קיין אידישע זקנים און קינדער. דאָס האָבן געטאָן מיינע בלוטדאָרשטיקע קאַמעראַדן. זיי זייגען געווען מאָרד־שיכּור, באַזויפן מיט בלוט.

— איר האָט אפשר געמאָלן גרין. אָבער, איר זעט דאָך אַליין, עס איז אַרויסגעקומען רויט. ווייל אייערע פאַרברעכערישע הענט ברענען רויט ווי פייער. ווייל פון אַלע אייערע פאַרבן, מכלומרשט פרידלעכע און אידילישע, טריפט מיט גרויל. איר האָט ווידער אויף מיינע ווענט אַרויסגעבראַכט די נאַצישע עפּיק פון חורבן און טויט. איר האָט אין מיינע חדרים קלאָר אָנגעשריבן אייער גרויליקע אויטאָביאָגראַפיע.

עס זיינען שוין אַדורך היפּשע עטלעכע יאָר זינט דער דייטשער מאַלאַרזש האָט געפאַרבט די ווענט פון מיין באַשיידענער וואוינונג, ווי ער האָט געזאָגט, אויף דער באַרואיקנדיקער, גרינער פאַרב. אָבער די ווענט זיינען נאָך אַלץ רויט. ווי דעם אומגעבראַכטן נביא זכריה׳ס בלוט קאָכט און זידט און עס שרייט און שטורעמט פון דר׳ערד אַרויס ווי אַ משוגענער פאַנטאַן. דער אידישער צער אויף מיינע איינזאַמע, נאַקעטע ווענט וויל זיך נאָך אַלץ נישט באַרואיקן. איינמיטן נאַכט וועקט עס מיך אויף מיט קאָשמאַרן. איך עפן מיינע מיט בלוט־פאַרקלעפטע אויגן און איך זע ווי גאָט׳ס פאַרשאָלטענע וועלט שׂרפה׳ט העליש מיט ימים אידיש בלוט. אַ מיליאָן אידישע קינדער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן קליינערהייט אין קדושים, אין נביאים, זייער בלוט איז געוואָרן צום נביא זכריה׳ס אומרואיקן בלוט וואָס לאָזט זיך אַפילו נישט איינשטילן דורכן בלוט פון נייע קרבנות. דאָס אומשולדיקע אידישע בלוט שרייט צום רבונו־של־עולם זיין אייביק געשריי: פאַרוואָס?

# דער זיידע ר׳ יואל פּאָדים

מיין פריינט חיים שערמאַן, אין וועמענס שניידעריי, אין מאַנהעטן, איך בין איין אַ טאָג געזעסן, האָט מיר דערציילט פאָלגנדיקע כראָניק פון זיין משפחה אין פוילן. אין דער דאָזיקער כראָניק פיגורירן זיין עלטערזיידע ר׳ יואל פּאָדים פון אָזשעראָוו, ווי אויך זיינע קינדער און קינדסקינדער. עס איז אַ געשיכטע פון אידישע שניידער־משפחות אין גרויס־פוילן. אין די איצטיקע צייטן, ווען די מערסטע אידן אין פוילן זיינען פאַרטיליקט געוואָרן און אַלץ טראָגט אַ טראַגיש־היסטאָרישן כאַראַקטער, האָב איך באַשלאָסן צו פאַרצייכענען די דאָזיקע כראָניק. —

דער זיידע ר׳ יואל איז געווען אַ שניידער פון דור דורות. זיין טאַטע, זיין זיידע און זיין עלטערזיידע, זיינען אַלע געווען שניידערס. לויט דער לעגענדע האָט איינער פון זיינע זיידעס געאַרבעט פאַרן פוילישן קעניגלעכן הויף. דער קייסער אַליין מיט זיינע גענעראַלן און מיניסטאָרן זיינען געווען שטאָלץ אויף די גאָלדענע העפט פון דעם אידישן שניידער פון פאַרצייטנס. ר׳ יואל פּאָדים אַליין איז געווען אַ גרויסער פאַכמאַן. ער האָט גענייט סוקמאַנעס, פוטערס און היטלעך פאַר די פוילישע פריצים בשעת דער פאָווסטאַניע אין יאָר 1863. ווי אַ סך אידן פון יענער צייט, ספּעציעל צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג, האָט ער סימפּאַטיזירט מיטן פוילישן אויפשטאַנד אַנטקעגן דעם צאַרס הערשאַפט. ער פלעגט זיך אויך באַטייליקן אין די געהיימע פאַרזאַמלונגען פון די מיאַטעזשניקעס. ער איז געווען באַקאַנט מיט דער פוילישער אַריסטאָקראַטיע. ער פלעגט קומען אין די פריצישע פּאַלאַצן, כדי אָנצומעסטן און צו ליפערן זיין אויסאַרבעטונג. דער זיידע ר׳ יואל האָט געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא. מען האָט אים קליינערהייט געגעבן אַ לייטישע דערציאונג. ער האָט אויך געקענט רעדן און לייענען פויליש. ער האָט אַפילו דעקלאַמירט רעוואָלוציאָנערע לידער אין וועלכע פוילישע דיכטער האָבן דערציילט פון די פאַרברעכנס פון צאַרישן רעזשים און האָבן גערופן צום אויפשטאַנד.

אין איין טאָג האָבן זיך אין זיידנס שניידעריי־ווערקשטאַדט אַריינגעבראָכן צאַרישע סטראַזשניקעס און זיי האָבן אים אַרעסטירט. די ברוטאַלע אויספאָרשערס האָבן געוואָלט וויסן פאַר וועמען דער זיידע מיט זיינע געזעלן אַרבעטן מיט אַזאַ התמדה טאָג און נאַכט. מען האָט ר׳ יואלן געשלאָגן מיט אייזערנע נאַגייקעס און מיט ריטער האָט מען אים געשמיסן איבערן נאַקעטן לייב. ר׳ יואל איז געווען אַ איד אַ גיבור. ער איז דעמאָלט געווען אין די דרייסיקער יאָרן און שטאַרק געבויט. ער האָט דעריבער, אַ דאַנק זיין פיזישן כוח און גייסטיקער עקשנות, אויסגעהאַלטן אַלע יסורים און ער האָט קיין זאַך נישט אויסגעזאָגט. עס איז פאָרגעקומען אַ פראָצעס. מען האָט אים פאַרמשפט אָפּצושמאַכטן צען יאָר אויף סיבירער קאַטאָרגע.

דער זיידע האָט שוין דעמאָלט געהאַט גאַנצע צען קינדער. בשעת מען האָט דעם רעוואָלוציאָנערן אידישן שניידער פאַרשיקט קיין סיביר, האָבן זיך די פריצים מתחייב געווען אויסצוהאַלטן זיין הויזגעזינד. די פריצים האָבן געליפערט פלייש און מעל, מילך און קעז, ווי אויך אַנדערע פּראָדוקטן. אַזוי אַרום האָט די פאַמיליע אויסגעהאַלטן די צען ביטערע יאָרן פון דעם זיידנס געפאַנגענשאַפט.

ווי געזאָגט, ר׳ יואל האָט געהאַט אַ קרעפטיק געשטאַלט פון אַ איד אַ גיבור. די פאַרשיקונג אין קאַלטן סיביר האָט נישט אונטערגעבראָכן זיין אייזערנעם גוף און אַוודאי נישט זיין שטאַרקן גייסט. ער איז געווען אַ פרומער, גאָטספאָרכטיקער מענטש. אומעטום, אַפילו אין די אומבאַקאַנטע ישובים אין סיביר האָט ער געדינט צו גאָט, געלערנט תורה, געזאָגט תהילים און האָט געזוכט אידן. מיט בטחון אין האַרצן, מיטן גלויבן אַז ער וועט נאָך אַמאָל זיין צוזאַמען מיט זיינע קינדער און מיט זיין גאַנצער משפחה, האָט ער אויסגעהאַלטן די שווערע יאָרן אויף קאַטאָרגע.

ווען ר׳ יואל איז ענדלעך באַפרייט געוואָרן, האָט ער אַהיימגעבראַכט מיט זיך קיין זשעראָוו צוויי ווייסע, בערישע פעלן וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעשונדן פון צוויי דורך אים אַליין דערשאָסענע בערן. ער האָט אויך מיטגעבראַכט אַ קעסטעלע מיט גאָלד וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט פון זיין שניידעריי־אַרבעט אין סיביר.

דער זיידע, קען מען זיך פאָרשטעלן, האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט זיינע צען קינדער, וועלכע די פוילישע אַריסטאָקראַטיע האָט געהאַט אויס־געהאַלטן די גאַנצע צייט. ער האָט האַרציק אָפּגעדאַנקט די פריצים פאַר זייער איידלקייט.

באַלד האָט ר׳ יואל חתונה געמאַכט זיין עלטסטע טאָכטער ליבעלע מיט אַ לייטישן חתן. ער האָט געגעבן אַ שיינעם נדן. די חתונה איז געווען אַ גרויסאַרטיקע. עס איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע פּראָצעסיע אין שול אַריין. עטלעכע אידן האָבן אויף זיך אָנגעטאָן די שניי־ווייסע, בערישע פעלן וואָס דער זיידע האָט מיטגעבראַכט פון די סיבירער ווילדערנישן. אַנדערע אידן זיינען ביינאַכט געריטן אויף פערד און געהאַלטן שטורקאַרצן אין די הענט. דאָס גאַנצע שטעטל זשעראָוו האָט זיך באַטייליקט אין דער היסטאָ־רישער חתונה. ווען די באָבע ליבעלע האָט אויף דער עלטער דערציילט פון דער חתונה, איז זי געווען אין זיבעטן הימל.

די פוילישע פריצים האָבן זיך אויך איצט באַצויגן פריינטלעך צום זיידן ר׳ יואל. זיי האָבן אים אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע שטעטל זשעראָוו וואָס געפינט זיך אין קעלצער גובערניע. ר׳ יואל איז געוואָרן דאָזאָר פון שטעטל. ער האָט געטראָגן אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע מיט אַ שטריימל. ער איז געפאָרן אין אַ געפאַרבטער בריטשקע וואָס איז געווען געשפּאַנט מיט צוויי פעך־שוואַרצע פערד נאַשפּיץ. ער האָט געלאָזט אויפבויען אַן אימפּאָזאַנטע

שול. ער האָט געשאָנקען אַ שטיק פּלאַץ פאַרן אָזשעראָווער רבינס הויז, ווי אויך פאַר דער שטאָטישער שול און מקווה. ער האָט אָפּגעגעבן ערד פאַרן בית עולם, כדי מען זאָל נישט באַדאַרפן פירן די היימישע מתים אין אַ ווייטער שטאָט. ר׳ יואל איז געווען געשעצט אין שטעטל פאַר זיין ברייט־האַרציקייט צו אָרעמעלייט און פאַר זיינע מעשים טובים לטובת די הצ־טרכותן פון קהל. ער האָט בכבודיק געהאַלטן דעם רב אין שטעטל. אויף ימים טובים האָט ער געלאָזט ספּעציעל אַראָפּברענגען אַ חזן פון וואַרשע.

ווען ר׳ יואל איז נאָך געווען אין סיביר, איז געהאַט געשטאָרבן זיין ווייב. איצט, כדי זיינע קינדער זאָלן האָבן אַ מאַמען, האָט ער חתונה געהאַט מיט איינע אַ פּרוי וואָס האָט געהייסן שרה־איטע און זי איז געווען אַן אַקושאַרקע. ר׳ יואלס ייִנגסטער זון, בערעלע, האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט זיין צווייטער ווייב שרה־איטעס אַ טאָכטער. האָט געטראָפן אַז דער דאָזיקער זון, בערעלע, האָט איינמאָל אין דער נאַכט פון פּורים, אָנגע־שיכורט דעם זיידן ר׳ יואל מיט אַ פלעשל מעד און ער האָט אים אָנגערעדט אַז ער זאָל זיין גאַנץ פאַרמעגן לאָזן איבערשרייבן אויף אים, בערעלען.

די עלטסטע טאָכטער, ליבעלע, האָט שטאַרק געליטן פון דער פאַ־סירונג. אין דער משפּחה איז אויסגעבראָכן אַ גרויס מחלוקת. מען האָט זיך אָפּן אַרומגעקריגט מכוח דעם זיידנס ירושה בשעת ער האָט נאָך געלעבט און, ער האָט אַלץ צוגעזען מיט די אייגענע אויגן. דער זיידע האָט שטאַרק געליטן פון דער קליינלעכקייט און כאַראַקטערלאָזיקייט פון זיינע קינדער. איינמאָל האָט אַפילו געטראָפן אַז דער באָבע ליבעלעס ייִנגסטער זון, מאיר, האָט אין אויפרעגונג געכאַפּט אַ האַק און האָט זיך פאַרמאָסטן אויפן זיידן. מאיר איז דעמאָלט נישט מער אַלט געווען ווי אַ יאָר צוועלף.

דער זיידע איז געווען דערשלאָגן. ס׳איז אים נישט מער ניחא געווען דאָס לעבן. ר׳ יואל גייט אַריין אין זיין אייגן שטיבל. ער עפנט אויף דעם אָרון קודש און ער זאָגט שטילערהייט אַ תפילה צום רבונו של עולם. ער פאַר־טרויט אים אַ סוד אַז ער האָט מער נישט קיין חשק צו לעבן. אויב זיינס אַ לייבלעך אייניקל האָט געקענט כאַפּן צו אים אַ האַק, וויל ער בעסער שטאַרבן. דער זיידע איז טאַקע דעמאָלט אויסגעגאַנגען פון אַ האַרצשלאַק ביים אָרון קודש. ער איז נישט מער אַלט געווען ווי עטלעכע און זעכציק יאָר. זיין טויט האָט שווער געטראָפן די אידן פון אָזשעראָוו. אַלע האָבן באַגלייט דעם זיידן אויף זיין לוויה. אַפילו פּריצים זיינע טרויעריקע נאָכ־געגאַנגען נאָכן אָרון.

דעם זיידנס זון בערעלע, צו וועמען ער זאָל האָבן מסכים געווען אין שיכורן צושטאַנד אָפּצושרייבן דעם גאַנצן מאַיאָנטעק, האָט געהאַט אַ טאָכ־טער הינדעלע. זי איז געווען אַ רויט־האָריקע, קליינשטעטלדיקע שיינקייט. אַ דינע, אַ שלאַבעריקע, האָט מען זיך געמוזט פאַרליבן אין אירע גרויסע אויגן, וואָס האָבן געלויכטן מיט מרה־שחורה. דער באָבע ליבעלעס זון, מאיר,

וואָס האָט געהאַט געכאַפּט אַ האַק צום זיידן, איז געווען פאַרליבט אין דער איידעלער הינדעלען. אָבער דער פאָטער פונם מיידל, בערעלע, האָט מיט צאָרן אויסגערופן:

— עס וועט קיינמאָל נישט געשען אַז מאיר זאָל זיך משדך זיין מיט מיר. דער וואָס האָט געוואַגט צו הויבן אַ האַק אויפן קאָפּ פון מיין גאָטזעליקן זיידן, מוז ווערן פאַרטריבן פון דער משפחה. אַזוי ווי קיין זאָל ער תמיד וואַנדערן אין דער פרעמד. זאָל די איינזאַמקייט אים גריזשען טאָג און נאַכט.

הינדעלע איז טאַקע פאַרזעסן געוואָרן ביזן גרויען צאָפּ. דאָך האָט זי שפּעטער באַוויזן חתונה צו האָבן מיט איינעם אַ יענקאָץ, אַ טאַנדעטנער שניידער, וואָס האָט געהייסן פישעלע געוואַנטשניידער. זי איז מיט אים נישט געווען גליקלעך. דאָס ערשטע קינד אירס איז שנעל געגאַנגען פון דער וועלט. דאָס צווייטע קינד איז געבוירן געוואָרן בלינדערהייט. דאָס דריטע קינד איז אויך געווען שטום און טויב.

מאיר איז געווען אומגליקלעך. פאַר קריינקונג און בושה איז ער אַוועק־געפאָרן קיין אָסטראָווצע. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון נישט קיין געהויבענעם יחוס. זי איז געווען די טאָכטער פון אַ פערד־שינדער. ער האָט שפּעטער חשק געהאַט זיך צו גטן מיט איר. אָבער זי איז יעדעס מאָל אויפסניי שוואַנגערגעוואָרן. זי האָט אים אָנגעבראַכט אַ פולע שטוב מיט קינדער. חיים שערמאַן, דער דערציילער פון אונדזער כראָניק, אַן אוראייניקל פון זיידן ר׳ יואל, לערנט זיך טאַקע יינגערהייט דאָס שניידעריי־פאַך ביי מאירן פון אָסטראָווצע. זיין ווייב האַנדלט מיט הינער און אייער אויפן מארק. איינמאָל האָט געטראָפן אַז די קינדער האָבן זיך געשפּילט ביים ברונעם אין שטעטל. איז זייער טאָכטער שרה־גיטעלע דאָרט דערטרונקען געוואָרן.

די זין און טעכטער פון זיידן ר׳ יואל האָבן זייערע יינגלעך אַ נאָמען געגעבן נאָכן זיידן. אַלע האָבן זיי געהאַט קליינע יואל׳לעך. אָבער מאירס יינגסטער זון, יואל׳לע, האָט די גאַנצע משפחה געפלעגט זאָגן, איז געווען צום שטאַרקסטן ענלעך צום זיידן. ער האָט געהאַט דעם זיידנס ליכטיקע, בלויע אויגן. ער איז געוואַקסן אין דער הויך ווי אַ בוים. ער איז מיט יעדן יאָר געוואָרן אַלץ מער דער זיידע זעלבסט. די משפחה האָט פאַרזיכערט אַז דאָס איז געשען פון הימל אויס, כדי אים, מאירן, צו דערמאָנען אין זיין פאַרברעכן אַנטקעגן דעם זיידן. זיי פלעגן זאָגן אַז ר׳ יואל איז צוריקגעקומען פון גן־עדן אין געשטאַלט פון מאירס איינציקן זון, יואל׳לע, כדי ער, דער זיידע, זאָל תמיד שטיין אַ לעבעדיקער פאַר זיינע אויגן און ער זאָל דורך זיין גאַנצן לעבן ביים אים מאָנען חשבון.

ווען ר׳ יואל׳לע, מאירס זון,איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור, האָט ער זיך איינמאָל אין וואַלד צעשלאָגן מיט אַ כאָפּטע שקצים. ער איז אַהיימגעקומען, זיך געלייגט אין בעט אַריין און ער איז מער נישט אויפגעג־

שטאַנען קיין לעבעדיקער. דאָקטוירים האָבן געזאָגט אַז ער האָט געקראָגן אַן אינערלעכן בלוטשטורץ פון די קלעפּ וואָס די רוצחים האָבן אים דער־לאַנגט. דאָס גאַנצע שטעטל מיט אידן האָבן באַגלייט מאירס זון אויפן בית עולם. מען האָט אים געלעגט ביי דער זייט פונם זיידן. אָבער דער זיידע איז נישט געווען צעפרידן צו האָבן נעבן זיך זיין אייניקל. ער פלעגט ביינאַכט קומען צו חלום צו זיינע זין און פּראָטעסטירן פאַרוואָס מען האָט נעבן אים אַוועקגעלעגט דאָס אייניקל. די זין פלעגן לויפן צו רביים און גוטע אידן כדי זיך אַן עצה צו האַלטן וואָס מען זאָל טאָן מיטן קבר פון יואל׳לען.

מאיר איז קיינמאָל מער אין זיין לעבן נישט צוריקגעקומען קיין אָזשע־ראָוו. יעדן דאָנערשטיק האָט ער געפּאַסט כדי אָפּצוקומען זיין שטראָף פאַרן באַליידיקן דעם זיידן. ער האָט זיך פּאַקטיש געפּייניקט זיין גאַנץ לעבן. זיינע אברים זיינען אויסגעקרימט געוואָרן פון ווייטיקן און ער איז פרי גרוי געוואָרן. ער האָט זיך פאַרלאָזט אַ לאַנגע באַרד און ער האָט געקראָגן דאָס אויסזען פון אַ ווילדע חיה אין וואַלד. ער האָט מיט זיין געשטאַלט דערמאָנט אין איינעם פון די בערן וואָס דער זיידע ר׳ יואל האָט געשאָסן אויף פּאָ־לעוואַניע אין וויטן סיביר. ער האָט, ווי דער זיידע, נישט געהאַט קיין חשק ווייטער צו לעבן. שפּעטער איז מאיר אַפילו געוואָרן אַ בונדיסט. איינמאָל, בשעת אַן ערשטע מאַי־דעמאָנסטראַציע, באַפאַלט ער אַ צאַרישן סטראַזשניק. ער כאַפּט ביי אים אַרויס די לאַנגע שווערט און ער פאַר־מעסט זיך אויף אים, פונקט ווי דעמאָלט ווען ער האָט זיך אַלס קליינטשיק אינגל פאַרמאָסטן מיט דער האַק אויפן זיידנס קאָפּ. ער ווערט אַרעסטירט און שרעקלעך געשלאָגן. עטלעכע יאָר צייט פאַרברענגט ער אין אָסטראָג. ווען ער ווערט ענדלעך באַפרייט, דערקענט אים נישט מער זיין ווייב. זי לאָזט אים נישט אַריין אין הויז. זיינע אייגענע קינדער טרייבן אים אַוועק פון דער שוועל. אַ פאַרצווייפלטער, וואַנדערט ער אַרום אין די אַרומיקע וועלדער, ווי דער קייסער נבוכדנצר. ביז מען געפינט אים איינמאָל אַ דערשאָסענעם אין וואַלד. די צאַרישע באַאַמטע, גייענדיק אויף יאַגד, האָבן אים דערהרגעט, מיינענדיק אַז ער איז אַ בער...

די מערסטע זין און טעכטער פון זיידן ר׳ יואל האָבן געליטן אומ־גליקן און צרות אין משך פון זייערע לעבנס. עפּעס אַ קללה האָט געהויערט און געהאָנגען איבער די קעפּ פון זיידנס קינדער און אייניקלעך. —

דער זיידע ר׳ יואל האָט דער ערשטער אַריינגעפירט זינגערס ניי־מאַשינען אין שטעטל אָזשעראָוו. אַ וואַזשנע פּאַניענקע איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען פון וואַרשע כדי צו ווייזן ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט דער מאַשין. גאַנצע פיר דורות פון זיידנס אָפּשטאַם האָבן זיך באַשעפטיקט אין פוילן מיט שניידעריי. די משפחות האָבן זיך אַפילו נאָך מיט הונ־דערטער יאָרן צוריק געגעבן פאַרשידענע נעמען וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט זייער פאַך. אַ שטייגער: געוואַנטשניידער, פּרעסאייזן, פינגערהוט,

ניינאַדל, פאַדים, באַנוול און שערמאַן. חיים שערמאַן, דער יינגסטער פון דעם פערטן דור, וואָס איז געבליבן לעבן, האָט מיר דערציילט, ווי געזאָגט, די דאָזיקע כראָניק. אַלס קליין אינגעלע פלעגט ער שלאָפן מיט דער באָבע ליבעלע, וואָס האָט ליב געהאַט אים צו דערציילן רוזשנע מעשיות. טאַקע זי האָט אים איבערגעגעבן די מעשה וועגן דעם זיידן ר׳ יואל פאַדים.

דעם זיידנס קינדער וואָס האָבן שפּעטער אַליין שוין געהאַט היפשע משפחות, האָבן געוואוינט אין פאַרשידענע פוילישע שטעטלעך און דערפֿלעך, זיך מערסטנס פאַרנעמענדיק מיט דער שניידערישער מלאָכה. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און די היטלעריסטישע מערדערס האָבן פאַרטיליקט די אידישע באַפעלקערונג אין קרוינפוילן. אויסער אונדזער פריינט חיים שערמאַן, האָט זיך כמעט קיינער נישט געראַטעוועט פון די פאַרצווייגטע משפחות וואָס האָבן געשטאַמט פון דעם קרעפטיקן און גרויסאַרטיקן געשטאַלט פון דעם אידישן פּאָוסטאַניעץ און פיאָנער פון שניידעריי אין פוילן, פון דעם פּאַטריאַרכאַלישן און פולבלוטיקן איד, דעם זיידן ר׳ יואל פאַדים. —

## אַנטלויפנדיק פון שטויב־שטורם

אין דעם שטאַט אָקלאַהאָמאַ זיינען אויסגעבראָכן שטויב־שטורעמס. גרויער, קאַלטער און פלעגמאַטישער שטויב איז אַריין אין די הייזער דורך די פענצטער און טירן, דורך לעכער און שפּאַרונעס. דער מעכטיקער שטויב האָט זיך רחבותדיק צעלעגט איף די בעטן, טישן, קאָמאָדן, שענק און געשיר. ער האָט זיך אויסגעבעט ווי אַ טרויעריקער, איינזאַמער און אומענדלעכער שניי. דער שטויב האָט געשטיקט אין האַלדז, נאָז, אין די אויגן און אויערן פון די מענטשן. אויף די צעבראָכענע, קליינשטעטלדיקע שטיקלעך טראָטואַרן, אין די גערטנער, אויף די צווייגן פון די בוימער, אומעטום זיינען געלעגן גרויע טישטוכער פון פּאַסיוון שטויב, אָן שום אָרנאַמענטן און באַפּוצונגען. דאָס מאָגערע גראָז איז געווען פאַרבלאָז און פאַרברענט. די זון איז געהאָנגען אין הימל ווי אַ קאַלטע, געפרוירענע און טויטע שטיק לבנה, אָן וואַרעמען ליכט און אָן גלאַנץ. די זון איז געווען מאַט און אַלט ווי אַן אָפּגעריבענע, פאַרצייטישע מטבע. מען האָט נישט מער געזען איבערן הימל דעם שטילן געשפּיל, געשוועב און געפּאַרם פון וואָלקנס. אַלע פייגל זיינען פלוצלונג מוראדיק פאַרשוויגן געוואָרן. אַ הונט לויפט גיך אַדורך די ליידיקע, פּוסטע גאַס. די טויבן רירן זיך נישט פון די טויבנשלאַקן. ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער גאַס ליגט אַ טריבע קאַץ און זי דרימלט אַן איינגעטוליעטע אין איר אייגענער וואַרעמקייט. דער קעניג שטויב האָט אויסגעשפּרייט איבערן שטאַט אָקלאַהאָמאַ זיינע גרויע, פלעגמאַטישע פליגלען.

איך זע ווי פאַרמערישע הייזלעך זיינען חרוב געוואָרן. די מענטשן,

אומגליקלעכע און פאַראַרעמטע, זיינען קוים אַנטלאָפן מיט די בעבעכעס. טויטע פייגל, קעץ און הינט ליגן איבער די טרוקענע און פאַרוויסטע פעלדער. עופות און חיות זיינען אַוועקגעפאַלן פאַרשמאַכטע און דערוואָרגענע.

ביי די מענטשן וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבן, איז נישט צו מערקן קיין שום ווילן, קיין מאַכט און ענערגיע. אַזוי ווי די פיזישע כוחות וואָלטן פון זיי אויסגערונען געוואָרן. איך די פרויען האָבן פאַרלוירן פון זייער רייץ. די פרוי איז געוואָרן מאַט און וואַכעדיק. אירע אויגן האָבן זיך אויסגעלאָשן. אירע האָר זיינען באַדעקט מיט שטויב. דער שטויב דרינגט אַריין אין אַלעמענס לונגען. דאָס אָטעמען ריינע לופט ווערט שווער. ביינאַכט ווערט דער הימל עפּעס מאָדנע אָנגעצונדן און רויט ווי פייער. די וואָלקנס זען אויס ווי אָנגעגליט אייזן. דער שטויב פליט אויף ריזיקע פליגל און ער בושעוועט ווי עפּעס אַ משוגענע נאַטור־קראַפט. איך האָב געלייענט אין אַלטע ביכער ווי אַזוי שטעט און לענדער ווערן אַמאָל פאַרוויסט און פאַרלענדט. איך האָב געזען דעם חורבן וואָס היישעריקן האָבן אָנגעמאַכט אין פאַרצייטישע מלוכות און קעניגרייכן. די ברייטע בלעטער פון תנ״ך עפענען אויף לאַנדשאַפטן פון חורבן און צעשטערונג אויף אַ גראַנדיעזן שטייגער און אין אַ געוואַלטיקן לשון.

איך האָב געוואוסט אַז איך מוז וואָס גיכער אַנטלויפן פון דעם דאָזיקן שטורעם פון שטויב, אויב איך האָב חשק צו בלייבן לעבן. און לעבן האָב איך דווקא געוואָלט. איך בין געווען ייִנג. עס איז געשטאַנען דאָס יאָר 1935 אין דער וועלט. איך האָב געהאַט אַזוי פיל צו שרייבן.

מיטן „גרייהאַונד״־אויטאָבוס שלעפּ איך זיך קיין ניו־יאָרק דורך דריי טויזנט מייל אַמעריקאַנישער טעריטאָריע. שטעטלעך און ישובים לויפן אַדורך פאַרן אויג און זיי ווערן פאַרשוואונדן אין הינטערגרונט. איך זע געלע חורבות און וויסטענישן, וואָס דער אומברחמנותדיקער שטויב־שטורעם האָט אויסגעהאַמערט. איך זע פאַרלאָזענע פויערים־ווירטשאַפטן; ליידיקע הייזער, שטאַלן און סטאַדאָלעס. גרויע און קאַלירנלאָזע פעלדער, וועמענס טרוקענער זאַמד האָט זיך אויפגעהויבן צום הימל און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטויב. די אייגנטימערס זיינען אַוועק זיך ראַטעווען, איבערלאָזנדיק טויטע חיות און פייגל מיט אויסגעצויגענע פליגל. די ערד האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און געלאָזן שטיין פרוכטלאָזע טעריטאָריעס, אָן בוימער און אָן פלאַנצן. איך זע אַ נאַקעטע און פאַרשאָלטענע מצרים נאָך די תנ״כישע צען מכות. די האַנט און די רוט פון גאָט האָט אָנגערירט צו גלייך פרינץ און בעטלער.

אָבער אין שטאַט פענסילוואַניע זיינען שוין די שפּורן פונם שטויב־שטורעם שוואַכער. איך אָטעם דאָ קוים אָפּ מיט ריינערע לופט. אָן אָן אויפהער ברעכט זיך פון די הימלען אַ מאָנאָטאָנער רעגן. עס איז אַזוי ווי די זון וואָלט אויף אייביק געהאַט אויסגעגאַנגען. דער אויטאָבוס לויפט שנעל

איבערן ברוקירטן שאָסיי. שניידט אַדורך הערלעכע שטיקער בערגיקע לאַנדשאַפט. גאָט׳ס האַנט האָט דאָ מיט דלאָט און האַמער אויסגעהאַקט די וועלט. מען פילט נאָך גאָט׳ס הייסן אָטעם איבער פעלדז און געבירג. די פּאַסאַזשירן אין אויטאָבוס רויכערן גראָבע ציגאַרן און זיי פאַרשפּרייטן אַ שטיקנדיקן רויך. דאָס כסדרדיקע פאָרן מאַכט מיך מיד און טרויעריק. מיינע לונגען זיינען איצט ווידער אָנגעגריפן פון טובערקולאָזיס נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט פאַרבראַכט אַ יאָר צייט אין בעלגישן סאַנאַטאָריום. אָן אויפהער פאַרצייכן איך מיט אַ בלייפעדער מיינע איינדרוקן פון וועג. איך פאַרשרייב אין אַ נאָטיץ ביכל אַפילו אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. די פּאַסאַזשירן באַטראַכטן מיך פאַר עפּעס אַ באַזעסענעם מענש אַזאַ. וואָרים ווער שרייבט עס אַזוי פיל אויפן וועג? יעדער שטיק פייזאַזש־זעאונג; יעדער פענעץ באַרגישע לאַנדשאַפט און יעדער איינציקער פרינץ פון אַ בוים וואָס שטייט ווי אַ פאַרצייטישע, מעשענע מנורה, גייט אַריין רויערהייט אין די אותיות פון מיין נאָטיצביכל. עס איז די צייט ווען איך בין באַהערשט פון דער שיכּרות צום שרייבן. ווען עס ווילט זיך מיר גאָר דעם אוניווערס אַריינסדומען אין מיין געשוואָלענעם נאָטיצבוך.

ביינאַכט שלאָפן מיר כמעט איין פּאַסאַזשיר אויפן אַנדערן. אין שטאָט אַריזאָנאַ איז אַריינגעשטיגן אַ אידישע פרוי וואָס פאָרט צו אַ לוויה פון אַ קרוב קיין ניו־יאָרק. אָבער דערווייל מאַכט צו זיך אַ געלעגער אויף מיינע מידע, אָרעמע ביינער. זי וויינט, זי קרעכצט און כראָפּעט צוזאַמען. עס שלאָגט אַן עראָטישע היץ פון אירע גלידער. אירע אויגן רינען מיט טרערן און זייער שיינקייט ווערט געשטערט. אָבער פונדעסטוועגן קוקט זי יעדער ווייל אַריין אין שפּיגל. זי וויל דאָך געפעלן ווערן אַפילו די קברנים...

איך קוק כסדר אַרויס דורך די נאַסע שויבן פון די פענצטערלעך: איך זע פאַרביילויפן גאַנצע געמיינדעס מיט נאַכטיק־אָנגעצונדענע לאַמטער־נעס, וואָס מאַכן די גאַסן אויסזען אַזוי איינזאַם. מיט פאַבריק־קוימענס; מיט שפּעט־זיך־אַהיימקערנדיקע שיכּורים; מיט גאַסנפרויען וואָס ציטערן פון רעגן און קעלט. עס רעגנט איבער גאָר דער וועלט ממש. איך ווינטש זיך אין האַרצן אַז עס זאָל דווקא רעגענען און בליאַפן וואָס מער. אפשר וועט עס אָפּוואַשן פון פּנים פון דער ערד דעם פינצטערן שטויב. אפשר וועט עס אויך אויסשווענקען דעם שטויב פון מיינע לונגען צוזאַמען מיטן שווערן אומעט אין געמיט. ווי אַלט בין איך אייגנטלעך? גאַנצע דריי און צוואַנציק יאָר. די פייערלעך אין די פענצטער פון די פאַרביילויפנדיקע הייזער מאַכן מיך אומעטיק. עס בענקט זיך נאָך אַ היים, אַפרוי, אַ קינד. עס בענקט זיך נאָך ליבע און פאַמיליעגלעבן. נאָך אַן אייגענעם שרייבטיש און וואַזאַנעס. נאָך אַ פלאַש מיט טינט כדי אימשטאַנד צו זיין אָנצושרייבן אַלץ, אַלץ וואָס

עס האָט זיך נאָר אָנגעזאַמלט אין האַרצן און עס דריקט אַזוי שווער דאָס געמיט.

איך דערמאָן זיך פון אַן ענלעכן באַגינען אין יאָר 1924. עס איז בשעת דעם אַריינפאָר פונם פוילישן צוג אויף טשעכאָ־סלאָוואַקישער טעריטאָריע. דער באַגינען מיט זיין גרויסן גאָלדענעם זון־לייכטער צינדט זיך אָן אויף נאָך שלאָפנדיקע וועלדער און פעלדער. צווישן הימישע בוימער — ווייל בוימער זיינען דאָך אומעטום היימיש און וואַרם — טויכט פּלוצלונג אויף אַ פּרעכטיק־געשניצטער און שלאַנקער הירש מיט זיין קעניגלעכער קרוין פון הערנער. אַ דינע, צאַרטע סאַרנע, דערשיינט אויך און ווייזט איר איידעלן גוף. זי קוקט אונדז אָן מיט אירע גוטע, מענטשלעכע אויגן. איך קוק זיי ביידע נאָך מיט אַ ברכה אין האַרצן אַז גאָט זאָל זיי באַשיצן אַנטקעגן שלעכטס. עס זינגען אויף אַזוי היימיש די טשעכישע פייגל אויפן אוראַלטן, פויגעלשן לשון. עס שמעקט נאָך פון מיר מיט פוילישן אַראָמאַט. אָבער עס איז שוין דאָ טשעכיש לאַנד. אויסלאַנד... דער אָנהויב פון מיין ערשטן אַרויספאָר פון היימישן שטעטל אין דער וועלט אַריין. אָנהויב פון מיין לעבן... — — —

שפּעט אין דער נאַכט בין איך אָנגעקומען אויפן ניו־יאָרקער באַנהויף, אַרום דער פיר און דרייסיקסטער גאַס. איך פאַרמאָג נישט ביי זיך גענוג געלט כדי צו קענען דינגען אַ צימער אין וועלכן עס איז לייטישן האָטעל. עס ווילט זיך אָודאי נישט אויפוועקן טאַטע־מאַמע אינמיטן דער נאַכט, אין די בראָנקס. איך נעם צונויף מיינע אָפּגעריבענע וואַליזעס. די פּעק מיט צעקנייטשטע צייטונגען; די ביכער און די אויף גיך־פאַרשריבענע נאָטיצ־ביכלעך. איך שטיי ביים באַנהויף אונטערן רעגן. איך זע ווי די פּאַסאַזשירן גליטשן זיך אַרויס פונם אויטאָבוס מידע און צעקנייטשטע. דער מין מענטש מוז שלאָפן יעדער איינציקער נאַכט פון זיין לעבן. בלויז איין נאַכט פון שלאָפלאָזיקייט, און דער מענטש ווערט צעבראָכן אין די ביינער. זיין פּנים ווערט אָפּגעמעקט און צעשלאָגן ווי פון אייזערנע פויסטן. ער פאַרלירט זיין מוט און זיין הומאָר. בפרט מוז זיך אויסרוען די גראַציעזע פרוי. איך דערזע ווידער די אידישע פרוי פון אַריזאָנאַ. זי נעמט גלייך אַ טאַקסי און זי פאַרשווינדט אין די ליידיקע, נאַכטיק־פּוסטע גאַסן. שפּעטער, אין דער פרי, וועט זי אויפטויכן ערגעץ אין ניו־יאָרק ביי דער לוויה פון אַ נאָענטן קרוב. זי וועט האָבן מיטגעבראַכט אַ קרעפּטיק געוויין, וואָס זי האָט פיין אויסגעכאָוועט און צוגעגרייט אויפן וועג. איך זע דאָס שלאַנקע מיידל דאָראַ, פון אַ פּראָווינץ־שטעטל אינם ריזיקן שטאָט טעקסאַס, וואָס האָט צו מיר אויפן וועג, בשעתן אָפּשטייגן אין די רעסטאָראַציעס, גערעדט אויף אַ קינסטלעכן פראַנצויזיש, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט אין דער שולע. אַ שאָפער טראָגט אַריין אירע לעדערנע וואַליזעס אינם באַנהויף. זי האָט חשק צו זיין אַ זשורנאַליסטקע. איר טאַטע איז אַ רייך־געוואָרענער אויל־

מאַגנאַט אין טעקסאַס. איך דערזע אויך דעם מאַן וואָס האָט מיט מיר די גאַנצע צייט גערעדט וועגן וועלט־ליטעראַטור. איצט קען ער מיך נישט מער. איינזאַם אין דער וועלט שטיי איך איצט מיט מיין באַגאַזש, מיינע וואַליזעס, פול אָנגעשטאָפּט מיט מאַנוסקריפּטן און מיט אָנגעזאַמלטע, אַלטע בריוו, מיט מיינע נאָטיצנביכער, וואָס דערווייל לייענט זיי בלויז איין און איינציקער אוניווערסאַלער לייענער — דער נאָכטיקער ווינט. מיר דאַכט זיך נאָך אַלץ אַז עס רעגנט איצט אין גאַנצן און גרויסן אַמעריקע. דאָס אַמעריקע פון דזשאַק לאָנדאָן, טעאָדאָר דרייזער, וואָלט וויטמאַן, טהאָמאַס וואָלף און ערנעסט העמינגוויי. ווי שנעל די „משפחה״ פונם אויטאָבוס, אַלע מיינע מכלומרשטיקע פריינט, וואָס זיינען אויפן גאַנצן וועג געווען צו מיר אַזוי פריינטלעך, זיינען זיך איצט צעפלויגן אין דער שפּעטער נאַכט, אין ניו־יאָרק. די גאַנצע צייט פון אונדזער געמיינזאַמער רייזע האָב איך זיי אַמוזירט מיט דערציילונגען פון מאָנמאַרט, מיט געשיכטעס פון פּאַריז, מיט עפּיזאָדן פון אַנטווערפּן און ברוסעל.

איך הויב איצט אָן צו גיין איבער דער פיר און דרייסיקסטער גאַס צום עלעוויטאָר פון דער דריטער עוועניו. מען זעט נישט אויף די גאַסן קיין לעבעדיק נפש. פון צייט צו צייט דרייט זיך אַרויס פון עפּעס אַן אייזערן געסל אַ פּאַרפּאַלק. זי הענגט אויף אים אין עקסטאַז, אַזוי ווי אַ צוגע־קרייציקטע צו זיין לעבן. ער נעמט זי אַרום מיט דער פּאָלע פון זיין רעגנ־מאַנטל. אַן איינזאַמער שיכּורער מאַן וויקלט זיך אויף אין דער פינצטערניש אַזוי ווי אַ לאַרווע פון שפּינגעוועבס. ער טוט אַ זינג אויף עפּעס אַ הייזעריק גאַסנלידל און ער פאַרשווינדט אין דעם שטיינערנעם לאַבירינט פון די גאַסן. די לאָמפּן פון די אייזערנע לאַמטערנעס ציטערן אין רעגן און ווינט. איך גיי יעדער ווילע צו צו אַ פינצטערער טיר, שטעל זיך אָפּ אויף אַ מאָ־מענט, כדי זיך אָפּצורוען פונם טראָגן די שווערע פּעק. איך קוק אויף די רי־זיקע הייזער: עס זאָל זיך דאָס אַמאָל פון איינעם אַ פענצטער באַווייזן אַ פריינטלעך מענטשנפּנים. עס זאָל דאָס אַ מענטשלעכע האַנט וואַרעם אַ פּלאַטער טאָן. דער וועג איז ממש אומענדלעך לאַנג. איך בין נאָך דערצו פאַרקילט אויך. איך האָב שוין פיבער זינט לאַנגע וואָכן. מיר שטיקט נאָך אַלץ דער אָקלאַהאָמער שטויב אין האַלדז און אין די לונגען. איך שטעל זיך איצט אָפּ ביי אַ געשעפט פון אַנטיקן. קיין שום זאַך רירט מיך קיינמאָל נישט אַזוי שטאַרק ווי די פּאָרטרעטן פון אַמאָליקע מענטשן אין מאַסיווע, גאָלדיקע ראַמען. זיי שיינען ווי צו זאָגן:

— פאַרוואָס געדענקסטו אונדז נישט? מיר האָבן פּונקט אַזוי געלעבט ווי דו. מיר זיינען דאָ, אין דער וועלט, געווען אַזוי יונג, פריש און היציק ווי דו... און איצט עקזיסטירן מיר נישט מער. זיי אַזוי פריינטלעך און קוק אונדז גוט אָן מיט דיינע יונגע אויגן. טרייסט אונדז מיט דיין לעבעדיקן בליק, שאָטנס וואָס מיר זיינען איצט. וואַרעם אונדז אָן מיטן פייער פון דיינע

שוואַרצאַפּלען, שטויב וואָס מיר זיינען אַצינד. דאָס איז אַלץ אויף וואָס מיר קענען האָפן, ווען צייט איז שוין לאַנג איבער אונדז אַריבער געשוואָרמען און האָט דאָ געלאָזן שטיין אונדזערע פּאָרטרעטן אין דער רעגנדיקער נאַכט, כדי צו קריגן אַ וואַרעמען בליק פון אַ לעבעדיקן, רחמנותדיקן מענטש!

און אָט איז אַ רעפּראָדוקציע פון אַ פלעמישע מאָלעריי: אַ בלייכע שטילע פרוי שטייט אויפן הינטערגרונט פון אַ נידערלענדישער לאַנדשאַפט מיט הויכע, פלעגמאַטישע ווינט־מילן. מיך באַפאַלט פלוצלינג אַ טיפע בענקשאַפט צום שטילן, אידילישן פאַרנאַכט אין פלאַנדריען. אין אַנטווערפּענער קוויט־פּאַרק, וואָס איז געווען אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט, פלעג איך זיך אָפּט אַרומפאָרן אַן איינזאַמער אין די שטילע פאַרנאַכטן. שטענדיק איינזאַם! דער גרויער נעפל, אַזוי טיפיש פאַרן בעלגישן קלימאַט, פלעגט מיך איינהילן. איך האָב זיך גאָרנישט געוווּנטשט. איך האָב געלאָזט דעם אומעט פון דעם פלאַנדרישן פאַרנאַכט פריי אַריינדרינגען אין מיין האַרצן און געמיט. ער איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג טרויעריקערהייט געבליבן שטיין אין מיינע ביינער. איך בויג זיך איצט אויס צו דער שויב און איך פרעס אָפּ מיט די ליפּן אַ קוש צו דער פלעמישער פרוי...

און אָט איז אַ זעלבסטפּאָרטרעט פון דעם מאָלער וואַן גאָג. וואַן גאָג האָט אַזוי פיל געמאָלן דאָס עלנטע און אומהיימלעכע פּנים זיינס. תמיד מאָלט ער זיך ווי אַ שטיק פינצטערן מענטש פון דער ערד, מיט וואָלקנס און ווינטן, מיט ווייען און זאַווערוכעס אין זיין צעשלאָגענעם און געראַניעטן פּנים. אומבאַהאָלפן, אָבער העלדיש, זיך אייביק ראַנגלענדיק מיטן פאַרשאָלטענעם דעמאָן פון זיין אומגליקלעכן לעבן. די צעהיצטע זון־שׂרפה שפּאַרט פינצטער פון זיינע אויגן. איך קוק אַריין אין זיינע שוואַרצאַפּלען ווי איך וואָלט געווען זיינס אַ לייבלעכער ברודער...

איך גיי ווייטער און איך קום אָן צו אַ געשעפט וואו מען פאַרקויפט אַלערליי כעמישע שטאָפן קעגן אינסעקטן. די אינסעקטן אַליין שטייען זיך אויסגעשטעלט אין דער גערוימער ווויסטאַווע מאָדנע פאַרגרעסערטע: איך זע גראַנדיעזע, מעשענע וואַנצן; קאָלאָסאַלע קופּערנע קאַקראָטשעס; גיגאַנטישע, בלייערנע מאָסקיטאָס; מעכטיקע, אייזערנע פליגן, גרויסע ווי לייבן; אומגעהויערע, גאָלדענע פליי ווי לעמפּערטן; געוואַלטיקע ברוינע לייז אַזוי ווי געשוואָלענע היפּאָפּאָטאַמען. איך זע דינאָזאַורס פון מייז, ראַצן און ים־חזירימלעך אַזוי ווי בראָנדזענע, ריזיקע עלעפאַנטן. ממש מאַסטאַדאָניש־פאַרגרעסערטע מילדזווערם. עס כאַפּט מיך אָן אַ פּחד צו קוקן אויף אָט דער פאַנטאַסטישער מענאַזשעריע פון גרויס־אינסעקטן, פאַרוואַנדלטע צו פאַרמבולדיקע חיות און קרעאַטורן.

— דאָס איז אַ גאָר לייטישער ברוך הבא, — טראַכט איך מיר, — צו מיין אומקערן זיך קיין ניו־יאָרק...

אָט אַזוי גיי איך שפּעט ביינאַכט איבער די אומענדלעכע ניו־יאָרקישע גאַסן פון אייזן, בעטאָן און שטיין. מיר דאַכט זיך: די גאַסן זיינען גרויע און גלייכגילטיקע. עפּעס איז עס אַ פינצטערע וועלט, אָן שום מיטלייד צום מין מענטש; אַן אויפגעשטיגענער בבל פון דער טיפעניש פונם אַט־לאַנטיק. פּלוצלונג דערשפיר איך אונטער מיין רוקן אַן אומגעוויינלעך לאַנגן שאָטן: אַ פּאָליציימאַן שפּאַנט מיר עפּעס שטילערהייט נאָך. ער באַטראַכט מיך און מיינע געלע וואַליזעס אַביסל פאַרדעכטיקט. ווען איך שטעל זיך אָפּ, כדי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, מחמת מיין מידקייט, שטעלט ער זיך אויך אָפּ. ער גייט מיר נאָך ווי זשאַווער גייט נאָך דעם העלדישן אַרעס־טאַנט זשאַן וואַל זשאַן, טראַכט איך, אין וויקטאָר הוגאָס באַרימטן ראָמאַן. איך האָב אַ פאַרלאַנג צו בעטן דעם פּאָליציימאַן אַז ער זאָל מיר העלפן טראָגן די שווערע וואַליזעס. אָן שום אויפהער כליאַפּעט אַלץ דער רעגן פון הימל. איך פאַל אַוועק אַ טויטלעך־מידער, אַ פאַרשמאַכטער. אין ברוסט־קאַסטן טוט עפּעס שרעקלעך וויי. איך בין דערצו נאָך פאַרשוויצט אויך. שוין הויב איך אָן פיינט צו קריגן די שטאָט. אָבער אין יאָרן אַרום וועל איך דערזען די אומגעהויערע גרויסקייט פון ניו־יאָרק. איך וועל אָנקוקן מיט פרייד די ברכה פון אירע פילע פעלקער, וואָס לעבן אין דער וואונדער־לעכסטער דעמאָקראַטישער מלוכה אין דער וועלט.

ענדלעך געפין איך זיך ביים עלעוויטאָר־באַן, אַרום דער דריטער עוועניו. איך גיי אַרויף אויף די נאַסע, אייזערנע טרעפּ. איך שטייג אַריין אין וואַגאָן. עס זיצן מידע און פאַרשלאָפענע אין די ווינקלען פונם אייזער־נעם וואַגאָן דאָס אוראַלטע וועלט־פּובליקום: אַרבעטער מיט נאָך פאַר־קלעפּטע אויגן פון דער גומיראַביקע פון שלאָף. נאַכלעסיק־אָפּגעפאַרבטע מיידלעך וואָס איילן זיך צו זייערע ביוראָס. האָבאָס מיט אָנגעזאַמלטע פּעק מיט אַלטע און צעקנייטשטע צייטונגען. גאַסנפרויען וואָס בענקען צום ביסל רו אויף זייערע אייזערנע בעטלעך אין ביליקע האָטעלן. די מענטשן זיינען מערסטנס אַזוי שטאַרק אָנגעשטרענגט און נערוועז, אַז ווען זיי דערהערן אַ הויכן הוסט פון וועלכן כראָנישן אַסטמאָטיקער, ווערן זיי דערשיטערט פון אויפרעגונג.

די מערסטע פּאַסאַזשירן האָבן עפּעס געשפּאָלטענע פּנימער. געשפּאָלטן צווישן משוגעת און נאָרמאַליטעט, גוטס און רשעות, ליבע און שנאה, אָרעמ־קייט און רייכקייט און צווישן גאָר די קאָנטראַסטן וואָס צייכנען אויס די מענטשלעכע געזעלשאַפט און וואָס מאַכט איר אויסזען פּאַטאָגעניש צום פּען און פּענדזל פונם נאָוועליסט און רעפּאָרטער. עס איז אַ מענטשהייט וואָס האָט טויזנט שפּאַלטן, וואונדן און ריסן.

איך באַמערק ווי אַזוי שרעק און פחד, אַנגסט און אומהיימלעכע דער־וואַרטונג שרייבט אָן אויף אַלעמענס פּנימער אַ מוראדיק כתב, מיט וואַנ־זיניקע אותיות. אַלע מענטשן קוקן מיך עפּעס מאָדנע אָן: ווייזט אויס אַז

איך זע אויס גאָרנישט היימלעך. אָבער די וואַגאָנען גליטשן זיך שוין איצט איבער די שטאָלענע רעלסן פון די בראָנקסער בערגיקע און טאָליקע געסלעך. אָט איז שוין דער קראָטאָנאַ־פּאַרק, וואו איך האָב אַרומגעשפּאַצירט מיט אַן ערך אַ יאָר צוריק, ביי מיין ערשטן אָנקום קיין ניו־יאָרק, אַלט זייענדיק פיר און צוואַנציק יאָר. איך זע שוין די נאַקעטע פעלדזן פון קראָטאָנאַ־פּאַרק, וועמענס רויע פנימער איך האָב פאַרגאָסן מיט טרערן פון בענקשאַפט צו איראָפּאַ... ביי דער הונדערט און זיבעציקסטער גאַס־סטאַנציע שטייג איך פיבעריש אויס. פון דאַנען אויס באַדאַרף מען גיין נאָך עטלעכע בלאָק צום הויז וואו עס וואוינען מיינע טאַטע־מאַמע. פּלוצלונג דערפיל איך ווידער עמעצנס אָנוועזנקייט אונטער מיין רוקן: עס וואַקסט אויפדאָסניי אויף עפּעס אַ דינער, לאַנגער שאָטן פון אַ פּאָליציימאַן. איך פיל זיינע פאַרשנדיקע בליקן. אָבער, דאָ איז נישט פוילן. עס איז אַפילו נישט איראָפּאַ. דער אַמעריקאַנישער פּאָליציימאַן זעט תיכּף איין אַז איך בין נישט קיין געפערלעכער גענגסטער. איך סך־הכּול טראָג איך דאָך וואַליזעס מיט אידישע מאַנוסקריפּטן. איך טראָג גרויסע פּעק מיט אפשר טויזנט לידער וואָס איך האָב דורך צען הערבסטן אָנגעשריבן אין בעלגיע...

און אָט, איך ציטער ממש אויף, ווי אַן אָנגערירטער אין שאַרבן פונם פייער פון אַ בליץ: באַלד דערנענטער איך זיך צום רויטן און ריזיקן אַפּאַרטמענט־הויז וואו עס וואוינען טאַטע־מאַמע. דאָרטן, אויפן דריטן גאָרן, וואַרט אויף מיר מיין קליינטשיקע, מיין אַלט־געוואָרענע, גוטע מאַמע, אַזוי ווי אַ געטרייער מלאך... איך שטייג אַרויף אַזאַ ציטערנדיקער אויף די טרעפּ. דאָס האַרץ קלאַפּט האַסטיק. טרערן שטיקן מיך שוין באַצייטנס אין האַלדז. אָט איז די טיר פון מיינע עלטערנס וואוינונג און די היימישע מעשענע קלאַמקע. איך קלאַפּ פאַרזיכטיק אָן. איך דערהער אַ קול פון יענער זייט טיר. עס איז מיין מאַמעס טייערע שטימע. ווי פון דער אייביקייט קלינגט עס אַרויס:

— שיעלע?! יאָ, עס איז טאַקע מיין קינד שיעלע! באַלד, באַלד, שיעלע! אָט עפן איך אויף די טיר. אין אַ מינוטקעלע...

די היימישע טיר פון איינעם אַ בראָנקסער הויז עפנט זיך אויף. די געטרייע מאַמע איז דורכן יאָר עפּעס איינגעשרומפּענער, נידעריקער און גרייז־גרויער געוואָרן. אָבער איך ווער קליין און פאַרלוירן אין אירע אומגעהויער מוטערלעכע אָרעמס. איך ווער ממש צעשמאָלצן אין דער גרויסער ליבשאַפט פון אירע קושן. און אַ ווײַלע שפּעטער קומען הייכע גלעזער מיט ברוינע טיי, פאַרזיסט און פאַרהיימישט מיטן פסחדיקן ווישניאַק און מיט דינע, צעשניטענע רעפטעלעך ציטרין. די מאַמע שמירט אָן פּענעצלעך מיט ראַזאָוואַנע ברויט מיט מאַרמעלאַדע. שפּעטער קומט דאָס וואַרעמע מוטערלעכע געלעגער, אויסגעבעט מיט די סאַמע ווייכסטע, לופטיקסטע און פּוכיקסטע קישנס, מיט די געטרייע פעדערן פון מאַמעשער ליבשאַפט,

מיטן וואַרעמען פּוך פון מאַמעשער געטריישאַפט, אויסגעוואַרמט מיט פּאָרב־טיקער זאָרג. פּונקט ווי אין די טעג פון דער קינדהייט. שוין זינט לאַנגע חדשים בין איך נישט געשלאָפן אויף אַזאַ ווייכן און וואַרעמען געלעגער. שוין זינט אַ סך, אַ סך יאָרן האָב איך נישט געדרימלט אויף אַזאַ הויכן הימל־בעט פון לויטער מאַמעשער זאָרג און מיעניש. איך בין צוריקגעקומען פון דער גרויסער וועלט צו דער מאַמעס היימישן בעט. ווי די שטיינער פון יעקב אָבינוס געלעגער שלאָגן זיך איצט די קישנס אונטער מיינע ביינער כדי מיר צו ווייזן זייער ליבשאַפט און געטריישאַפט. דעם טאַטנס גרויסע וואַנט־זייגערס קלינגען אויס אַזוי וואַרם־מעלאָדיש די נאַכטיקע שעהן. זייערע ציפערבלעטער קוקן מיך מענטשלעך אָן פון אַלע ווינקלען פון דער היימישער וואוינונג, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיין מיינע לייבלעכע קרובים.

ענדלעך שלאָף איך איין שוין אין די אָרעמס פונם גרויען באַגינען. עס גייען איצט אויף אַלערליי סצענעס און קאָשמאַרן: דער שטויב־שטורעם אין שטאָט אָקלאַהאָמאַ; דער פאַל פון גאָט׳ס אייביקן רעגן אויף דעם הונגעריקן פּנים פון דער ערד; די שטיינערנע און פינצטערע גאַסן פון דער וועלט־שטאָט ניו־יאָרק; די פאַרליבטע און שטומע פּאָרלעך ביי די גרויע ווענט, אונטער די אייזערנע לאַמטערנעס; די שיכּורים און גאַסנפרויען מיט בלעכענע פּנימער; די גראַנדיעזע אינסעקטן אין דער וויסטאַווע. די אייזערנע טרעפּ און צעפוילטע, הילצערנע טירן פון אַלטע הייזער; מיין גאַנג אין דער אומהיימלעכער נאַכט און דאָס אייביק־וואַרעמע, מוטערלעכע קול פון דער אַנדערער זייט טיר פון איינעם אַ הויז אין די בראָנקס. דאָס איז אַ קול וואָס וועט אין דיר וואַרם אָפּהילכן ביזן סוף פון דיינע טעג.

איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר וועט די מאַמע פאַר מיר אויך עפנען, איך צווייפל נישט דעריך, דאָס טויער פון הימל...

---

## פאַר די קומענדיקע דורות

ד״ר לודוויג שטיינער, דער הויפּט־דאָקטאָר אין דעם עקס־פּאַציענטן־היים, איז געווען אַ הויכער, ריזיקער מאַן פון אַ יאָר פופציק. דאָס ערשטע ווייב האָט אים געהאַט אָפּגעגט. די צווייטע פרוי איז געשטאָרבן פון אַן אָפּעראַציע אויפן מאָגן. די דריטע פרוי זיינע איז געווען אַ דייטשע שיקסע וואָס האָט צו אים אין הויז אַריינגעבראַכט איר טאָכטער פון אַ יאָר זעכצן, פון איר פריערדיקן מאַן, אַ דייטשן אָפיציר. די פרוי, גערטרוד, איז געווען פעט, בלאָנד און פליישיק.ביידע ווייבער זיינען ענלעך געווען צו די געלע גער־מאַנישע מאַדאָנעס וואָס מען זעט אויף די מאָלערייען פון שאַנגאַוער. ד״ר שטיינער איז געווען אַן אַסימילירטער איד פון דייטשלאַנד. ער איז געווען אַ קנאַפּער דאָקטאָר, אַ קליינער חכם, אַ טעמפּער און גייסטיק־באַגרענעצטער

מענטש. מעדיציניש האָט ער אין דער אינסטיטוציע קיין שום ראָלע נישט געשפּילט, ווייל העכערע אויטאָריטעטן איבער אים האָבן אָנגעפירט און דע־צידירט דעם גורל פון די פּאַציענטן — אויסער דעם גרויסן דאָקטאָר אין הימל, זיין עקסעלענץ, דער רבונו־של־עולם אַליין. אָבער ער פלעגט מיך תּמיד פּייניקן אַז איך זאָל איינשטימען צו גיין צו דער „שחיטה" אויפן אָפּע־ראַציע־טיש. גראָד צו יענער צייט איז אויסגעפונען געוואָרן עפּעס אַ נייע סאָרט אָפּעראַציע כדי צו היילן די שווינדזוכט־ליידנדיקע. מיין רעכטע לונג איז געווען אַדורכגעלעכערט פון מיקראָבן. איך האָב געהאַט פיבער און אָפּט געשפּיגן מיט בלוט. די הויפּט־דאָקטוירים האָבן מיר געעצה׳ט זיך צו לאָזן אָפּערירן אויף דער דאָזיקער לונג. אַרויסצושניידן די ריפּן. אָדער נעמען די שוין גוט־באַקאַנטע גאָלד־קוראַציע, אָדער איך זאָל זיין אַ קרבן פון דער נייער, עקספּערימענטאַלער אָפּעראַציע ביי וועלכער מען עפנט דעם ברוסט־קאַסטן. אַוודאי האָט די מעדיצין, ספּעציעל די כירורגיע, אַדורכגעמאַכט אַ באַדייטנדיקע אַנטוויקלונג אינם ראַטעווען מענטשן פון די לאַפּעס פון דעם נידעריקסטן פון אַלע מלאכים — פונם מלאך המות. אָבער פונקט אַזוי ווי די פאַרשידענע מלחמות אין דער וועלט־געשיכטע, האָט די מענטשהייט פאַר־געסן די טויזנטער און מיליאָנען פּאַציענטן־זעלנער וואָס זיינען געפאַלן אין די בלוטיקע שלאַכטן אויף די אָפּעראַציע־טישן. אונטער די שטאָל־שאַרפע לאַנצעטן פון די גענעראַלן־כירורגן. די פּנימער פון די דאָזיקע מאַרטירער קומען מיר אָפּט אַנטקעגן אין זכּרון. מיר דאַכט זיך אַז איך קען פערזענלעך די טויזנטער שווינדזוכט־ליידנדיקע וואָס זיינען געווען קרבנות פון די ברוו־טאַלע כירורגן, וואָס האָבן באַזעסן אַן אימפּעט צו שניידן מענטשן, צו אָפּע־רירן קערפּערס פון יינג און אַלט, צו פּאַלמעסן דערשראָקענע באַשעפענישן לעבעדיקערהייט. עס זיינען אומגעקומען ממש מיליאָנען מענטשן אויפן מזבח פון הייליקן עקספּערימענט און לטובת די ווייטע, אומבאַקאַנטע דורות פון דער צוקונפט. די גאַנצע מענטשלעכע געשיכטע איז פּאַקטיש איין גרויסע און בלוטיקע אָפּעראַציע פאַר די אומבאַוואוסטע באַשעפענישן פון דער צוקונפט. גענעראַלן און כירורגן זיינען די הויפּט־מחותּנים אויפן באַנקעט וואָס דער מלאך המות אַראַנזשירט לכבוד זיינע געטרייע באַדינערס.

איך האָב אַמאָל, אין סאַנאַטאָריום, געהאַט אַזאַ סאָרט חלום. עס איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די גרויסאַרטיקע זאַלן אין שטאָט אַ„ גראַנדיעזער באַנקעט". דער מלאך המות פערזענלעך, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פראַק און גלאַנציקן צילינדער, מיט ווייסע הענטשקעס אויף די הענט, האָט געטיילט גאָלדענע מעדאַלן צו די שווייגנדיקע געסט וואָס זיינען געזעסן זאַטע און צעפרידענע ביי די רייך־געדעקטע טישן וואָס האָבן זיך ממש געבראָכן פון דער שפע פון וויין, געבעקסן און אַלערלע וואורשטן. דער מלאך המות האָט געהאַלטן די הויפּט־רעדע. ער האָט אונטערגעשטראָכן די הויכע טיטולן, די געוואַלטיקע פאַרדינסטן פון די אַלע אָנוועזנדיקע לייט, יעדער איינער זיך

אויסצייכנענדיק אויף זיין געביט. צווישן די דאָזיקע שטאָלצע און אויסער־געוויינלעכע געסט און וואָזשנע הענקערס, ווי סאַמסאָן, דעם הויפּט־הענקער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, צוזאַמען מיט זיינע קאָלעגן מאַראַט, ראָבעספּיער, סט. זשוסט און פוקיע־טינוויל, האָט מען געקענט זען פאַר־צייטישע רוימישע צעזאַרס: משוגעים, דעגענעראַטן און קאַלטבלוטיקע רוצ־חים; אויך פאַרשידענע דיקטאַטאָרס, אינקוויזיטאָרס און דעספּאָטן; קייסאָרים, גענעראַלן, פּאָליטישע פירערס, דעפּוטאַטן, גלחים מיט ריזיקע קרייצן פון גאָלד אין די הענט, בענטשנדיק די וואָס גייען ווערן געהאָנגען און געשאָסן; און אויך וויכטיקע כירורגן מיט פאַרשאַרצטע אַרבל. נאָכן אויסטיילן די מעדאַלן צו די חשובע פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן זיך אַלע געמיינזאַם אויס־געצייכנט אין דער מלאכה פון אומברענגען מאַסן מענטשן, פעלקער און מדינות — האָבן אויך די הויפּט־שוחטים געהאַלטן פייערדיקע רעדעס און געדאַנקט דעם מלאך המות פאַר זיין באַלוינונג. אונטער זייערע וועסטן זיינען זיי אַלע געווען נאַקעטע און קאַלטע סקעלעטן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום באַציונג צום וואַרעמען, צאַפּלענדיקן, מענטשלעכן לעבן. זיי זיינען אין דער אמתן געווען שונאים פון לעבן.

צווישן יענע הויכגעשטעלטע געסט אויפן גרויסאַרטיקן באַנקעט, צווישן די געקרוינטע קעפּ, און די פירשטן פון טויט, איז אויך געזעסן ד״ר לודוויג שטיינער. עס איז געווען דערזעלביקער דאָקטאָר וואָס פלעגט יעדן אין דער פרי, בשעת זיינע טעגלעכע שפּאַצירן איבער די זאַלן מיט פּאַציענטן, מיך סטראַשן און ציניש אַרויסרופן צו דער ברוטאַלער אָפּעראַציע. ער האָט כסדר געזוכט צו ברעכן מיין מאָראַלישן ווידערשטאַנד אַנטקעגן דעם כירורגישן מעסער. ער פלעגט צו מיר טענה׳ן:

— אויב איר זענט קראַנק, האָט אייער פּערזענלעך לעבן סיי ווי נישט מער קיין שום ווערט און באַדייטונג. אייער איינציקער צוועק דאַרף זיין זיך מקריב צו זיין לטובת דער מענטשהייט. די צוקונפטיקע דורות וועלן ברייט געניסן פון אייער נאָבעלן אידעאַליזם און קרבנות־גרייטקייט. איינ־וויליקנדיק דורכצוגיין די אָפּעראַציע, האָט איר גלייכצייטיק אַ שאַנס אַליין אויך געהיילט צו ווערן. אָבער אויב איר וואַרפט זיך נישט אונטער דער פריינטלעכער עצה פון די דאָקטוירים, ווערט איר אַ פּאַראַזיט אויף די הוצאות פון פאָלק. דאָס שפּיטאָל מוז אייך באַזייטיקן. איר וועט זיין געצוואונ־גען צו ווערן אַן אינוואַלידער פון ערגעץ אַ קעלער אָדער דאַך־שטיבל אין דער פאַרוויכערטער שטאָט. איר וועט אַרומגיין אַן עלנטער אין די שטאָטישע פּאַרקן. איר וועט הוסטן טאָג און נאַכט. איר וועט פאַרגיפטן מיט אייערע ביליאָנען מיקראָבן אַנדערע מענטשן. קינדער וועלן ליידן פון אייך. איר וועט ווערן אַ געפערלעכער שונא פון דער מענטשהייט, וועלכע איר וועט פאַרסמ׳ען און קראַנק מאַכן. איר וועט ווערן אַן איבעריקער מענטש, אַ רוצח פון די מענטשן.

— הער דאָקטאָר, איך בין נישט קיין אידעאַליסט ווי איר זענט אויף מיין פיזישן חשבון. איך בין נישט גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר די אומ־באַקאַנטע צוקונפטיקע דורות, וועלכע איך האָב קיינמאָל נישט געזען און צו וועמען איך האָב נישט קיין שום פּערזענלעכע באַציאונג. איך וויל לעבן מיין אייגן לעבן, געניסן מיין אייגן גליק, אויפשטעלן מיין אייגענע היים. גאָט האָט מיר געשאָנקען מיין לעבן כדי עס ליב צו האָבן. דער סאַמע נאָענטסטער און ערשטער צו געניסן גאָט׳ס לעבן אין מיינע בלוט־געפעסן בין איך אַליין. פאָדערט נישט פון מיר יעדן טאָג, יעדער שעה, יעדער רגע, אָפּצוגעבן מיין לעבן פאַר אַנדערע. מיין לעבן געהערט קודם כל צו מיר. מיינע ביינער און מיינע אברים זיינע מיינע. אויך איר פירט דאָך אַ גליקלעך פאַמיליען־לעבן. אויך איר שטרעבט צו גליק. זענט איר דען גרייט אייער לעבן צו שענקען פאַר די קומענדיקע דורות? לויט מיין געדאַנק איז פּשוט אַ פאַרברעכן צו טויטן מענטשן לטבת דער צוקונפט. די וייטע דורות פאָדערן עס זיכער נישט פון אונדז, די איצט־עקזיסטירנדיקע דורות. איר פאַר־וואַנדלט יענע קומענדיקע דורות אין פּאַראַזיטן פאַר וועמען מיר באַדאַרפן זיך מקריב צו זיין.

אָט אַזוי פלעגן מיר אָפט רעדן און דיסקוטירן. אָבער די רייד אַליין האָבן מיך געקאָסט שטיקער געזונט. דער פּאַציענט האָט באַדאַרפט פירן אַ האַרטנעקיקן קאַמף מיט די דאָקטוירים, וואָס פלעגן זיך, אמת, אָפט טוישן. אָבער אַלע האָבן געהאַט די זעלבע אַרגומענטן און ענלעכע באַדערפעניש: מען האָט געפאָדערט דיין פעלעכל! מען האָט געזוכט צו ברעכן דיין רוקנ־ביין. דער קאַמף און ווידערשטאַנד קעגן די דאָזיקע אַלע מאַניאַקעס האָט פּאַקטיש צוגערויבט דיינע הויפּט־כוחות. כוחות וואָס וואָלט געוווען אימ־שטאַנד צו באַזיגן די קראַנקהייט זעלבסט.

עס האָבן זיך געפאָדערט מאָראַלישע קרעפטן, די שטיצע פון אַנדערע דאָקטוירים, אויסער דעם סאַנאַטאָריום, כדי ווידערצושטיין די פּאַרפּאַלגונג פון די לאָקאַלע דאָקטוירים. איך געדענק אַז כדי אויסצוהאַלטן דעם קאַמף, דעם נסיון און דעם אייביקן צווייפל, פלעג איך אַמאָל זיך אַרויסגנבענען פון סאַנאַטאָריום, כדי צו זוכן עצות און מאָראַלישן ווידערשטאַנד ביי אַנדע־רע מעדיצינישע אויטאָריטעטן אין דער שטאָט. איינעם אַזאַ נאָבעלן דאָק־טאָר וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ער האָט מיך פריינטלעך אויפגע־נומען ביינאַכט, ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר ווי אַן אַנטלאָפענער אַרעסטאַנט. ער איז געווען אַזוי פריינטלעך מיך צו אונטערזוכן, צו פאָטאָ־גראַפירן מיינע לונגען. אַ נידעריקער, אַ דיקער, מיט אַ רונדן כמעט ייִנגלעריש־פריינטלעכן פּנים, איז ער געשטאַנען ביי מיין טראַספּאַ־רענטער עקס־רעי־פאָטאָגראַפיע און כסדר געריעדט מיט ווערטער וואָס האָבן מיך באַלוינט פאַר מיינע יסורים און מיך אָנגעצונדן מיט פרישן מוט און נייע, ממש מיסטישע כוחות, צו קעמפן פאַר מיין עקזיסטענץ:

— די דאָזיקע דאָקטוירים זיינען פּשוטע בוטשערס. זיי זיינען באַהערשט פון אַ משוגענעם דראַנג צו צעשניידן מענטשן, צו צעבּרעכן מענטשלעכע סקעלעטן. אייער לונג באַוויזט אַז איר וועט אַבּסאָלוט געהיילט ווערן דורך דער נאַטור זעלבּסט, אויב איר וועט איר נאָר געבּן די מעגלעכקייט אייך געדולדיק צו העלפן. אַן אָפּעראַציע איז אומנויטיק. עס איז אַ פאַרבּרעכן אויף אייך אַרויפצוצווינגען כירורגישע מיטלען. קערט זיך אום אין סאַנאַטאָריום און דיסקוטירט נישט מיט די „שוחטים" וועגן קיין שום אָפּעראַציע. זאָלן זיי רעדן און זוכן אייך צו איבּערצייגן. אָבּער איר שווייגט און פּרואווט שטעלן אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד. אויב זיי וועלן אייך אַוועקשיקן, וועט איר גיין אין אַן אַנדערן סאַנאַטאָריום. איר זענט נישט קיין פּאַציענט פאַרן מעסער. די נייע אָפּעראַציע איז קוים נאָך אין עקספּערימענטאַלן צושטאַנד. איר זענט נישט דער איינציקער וועמען זיי דראָען און פּאָדערן זיך צו לאָזן אָפּערירן. יעדער נאָכט קומען צו מיר אַזעלכע ווי איר און זיי בעטן מיין עצה. איך זאָג זיי דעם ריינעם אמת!

פאַר אַ קליינעם פּרייז האָט דער ערלעכער דאָקטאָר מיט געוויסן מיר געשאָנקען מאָראַלישע כּוחות אָנצוגיין מיט מיין ווידערשטאַנד קעגן די כירורגן. איך בּין צוריקגעפאָרן ביינאַכט אין סאַנאַטאָריום מיט באַנייטע גייסטיקע כּוחות. דער דאָזיקער דאָקטאָר איז געווען מיין גואל. מסתּמא האָט ער געהאָלפן נאָך אַ סך אַזעלכע אומגליקלעכע און פאַרצווייפלטע פּאַציענטן ווי איך בּין געווען. איך האָבּ טאַקע קיינמאָל די אָפּעראַציע נישט איינגעוויליקט צו נעמען. איך בּין אַוועק פון שפּיטאָל אין יאָר 1939. איך בּין קיינמאָל מער נישט געווען ערנסט קראַנק אויף די לונגען. אָבּער דעם דאָקטאָר שטיינער איז ממש געגאַנגען אין לעבּן יעדער וואָך צוצושטעלן די נויטיקע צאָל קרבּנות צום אָפּעראַציע־טיש. פּאַקטיש איז עס געווען אַזאַ סאָרט „סעלעקציע". דאָס דאָזיקע וואָרט האָט מיט יאָרן שפּעטער, ביי די נאַציס, געקראָגן זיין שוידערלעכע באַדייטונג.

איינמאָל אין אַ טאָג האָט דאָקטאָר שטיינער אונדז געפירט אין זיין פּריוואַטן אויטאָמאָביל צום סאַנאַטאָריום, וואו עס איז פאָרגעקומען אַ קאָנסוליום פון די הויפּט־דאָקטוירים און וואו מען האָט געדאַרפט אָפּיציעל באַהאַנדלען מיין פאַל. די כירורגן האָבּן ווידער געדאַרפט באַשליסן מכּוח אונדזער אַלעמענס גורלות. מיר זיינען געווען אַ גרופּע פּאַציענטן וואָס זיינען געווען קראַנק אויף דער „וויסער פּלאָג" שוין היפּשע יאָרן, יעדער איינער לויט זיינע אייגענע גראַדן און שאַנסן געזונט צו ווערן.

דער וועג דורך קאַליפאָרניעס לאַנדשאַפטן איז געווען כּישופדיק און שטראַלנדיק מיט די לעצטע זומערדיקע שיינקייטן אין די ערשטע טעג פון חודש נאָוועמבער. אָבּער ווי שיין עס איז געווען דאָס זוניקע וועטער און די רייך־געמאָלטע לאַנדשאַפט, אַזוי פאַרטרויערט זיינען געווען אונדזערע דערשלאָגענע געמיטער. אַוודאי זיינען מיר נישט געווען געבּונדענע ווי די

שעפּסן אָדער געקאָוועטע מיט אייזערנע קייטן ווי שווערע פאַרברעכערס. אָבער מיר האָבן דאָך געפילט ווי מען וואָלט אונדז פירן צו דער שחיטה. אויפן וועג איז אונדז טאַקע אַנטקעגנגעקומען אַ וואָגן מיט שטילע און רואיקע קעלבער און שעפּסן וואָס מען האָט געפירט צום שלאַכטהויז. די פאַרמשפּטע גאָטס־באַשעפעניש האָבן אונדז אָנגעקוקט מיט זייערע אומ־שולדיקע, קעלבערנע אויגן. מיר אויך האָבן זיי אָנגעקוקט טרויעריקע, פּונקט ווי מיר וואָלטן געווען אין אַן ענלעכע לאַגע. ווער ווייסט אויף זיכער: אפשר האָבן זיי אַפילו געהאַט ענלעכע מחשבות...

שפּעטער זיינען מיר געזעסן אין אַ געראַומען זאַל. מיר האָבן, יעדער איינציקער פאַר זיך אַליין, געוואַרט אויפן גזר וואָס די דאָקטוירים האָבן פאַר אונדז באַשטימט. מיין געמיט איז געווען אומעטיק, אָבער מיין מאָראַלישע קראַפט איז נישט געווען אָפּגעשוואַכט. דאַקעגן האָב איך באַמערקט ווי מיינע גורלס־ברידער האָבן אַנדערש געפילט און אויסגעזען. זייער געוויינלעכער ווידערשטאַנד אַנטקעגן דעם אָקצעפּטירן די גרויליקע אָפּעראַציע איז כמעט געווען געבראָכן. ווייל, ווי שוין דערציילט, אין משך פון יאָרן ווערט דער פּאַציענט גייסטיק טעראָריזירט. מען שוואַכט באַוואוסטזיניק אָפּ זיין גלויבן און זיין האָפענונג געגנזן צו ווערן דורך נאַטירלעכער היילונג. מען רעדט איין דעם אָרעמען פּאַציענט אַז זיין איינציקע הילף ליגט אינם מעסער פון כירורג. אַז בלויז דורך אַן אָפּעראַציע איז ער אימשטאַנד געהאָלפן צו ווערן. אַ נישטיקע צאָל קראַנקע לייט ווערן טאַקע געהאָלפן. אָבער קיינער ווייסט נישט וויפיל מענטשן עס קומען אום אַלס רעזולטאַט פון אומנויטיקע אָפּעראַציעס. וויפיל פּאַציענטן עס ווערן געטריבן דורך טעראָר און גייסטיקע אינקוויזיציעס צום מעסער פאַר זייער לעצטער הילף. די פּריוואַטע בית עולמ׳ס פון כירורגן, עס וועט נישט זיין קיין גרויסע גוזמא צו זאָגן, זיינען אפשר צאָלרייכער ווי די קברים פון היסטאָרישע מלחמות. מיליאָנען יינגע לעבנס יאָמערן אין גן־עדן אויף זייערע פאַרשניטענע לעבנס. דאָס איז אַ טראַגישע אַרמיי פון אומגעבראַכטע „סאָלדאַטן" וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרן זיך מקריב צו זיין פאַר דער גליקלעכער צוקונפט פון די ווייטע דורות.

בשעת איך בין אַזוי שטילערהייט געזעסן צוזאַמען מיט די אַנדערע פּאַציענטן און געוואַרט אויפן באַשלוס מכוח מיין גורל, וואָס די געטער־דאָקטוירים האָבן געדאַרפט דעצידירן, האָב איך פּלוצלינג באַמערקט ווי די טיר פונם אָפּעראַציע־צימער האָט זיך געעפנט. עס גייט אַרונטער מיט די שטיינערנע טרעפּלעך אַ ווייסע קראַנקענשוועסטער. זי טראָגט אין אירע הענט אַ גרויסן פּאַק מיט פאַרבלוטיקטע איינשיטן און באַנדאַזשן. נאָך איר גייען נאָך עטלעכע פרויען און זיי וויינען הויך אויפן קול, זיך ווישנדיק מיט די נאָז־טיכלעך זייערע פאַרטרערטע אויגן. עס איז געווען עפּעס אַן אומהיימלעכע און מאָרבידע סצענע. איך האָב פאַרשטאַנען אַז עס איז

ערשט געהאַט אַדורכגעפירט געוואָרן אַן אָפּעראַציע אויף אַן אומגליקלעכן מענטש, וואָס איז אַוודאי געשטאָרבן אויפן אָפּעראַציע־טיש. דאָס איז אפשר געווען אַן ענלעכן סאָרט אָפּעראַציע ווי די וואָס מען האָט אונדז רעקאָמענדירט אויף אַזאַ „איבערצייגנדיקן" און עלאָקווענטן אופן...

פאַרשטייט זיך אַז דאָס אַלץ האָט מיך איבערגעשראָקן. אַפילו ווען איך זאָל נישט געווען האָבן די מאָראַלישע אונטערשטיצונג פון דעם דאָקטאָר־צדיק, ווען איך האָב אין גיהים קאָנסולטירט, וואָלט איך אויך די דאָזיקע נייע סאָרט אָפּעראַציע נישט געווען גענומען. וואָס שייך די אַנדערע פּאַציענטן, האָב איך געזען אַז אויך זיי זיינען געווען שטאַרק דערשיטערט. אָבער זייער באַשלוס איז, ווייזט אויס, נישט געענדערט געוואָרן. ווי שוין געזאָגט: זייענדיק „אַרעסטירט" צווישן די ווענט פון סאַנאַטאָריום זיבט לאַנגע יאָרן, איז זייער גייסטיגער מוט געווען דערשלאָגן. אין מיר אָבער האָט געגליט דער ווילן צו לעבן, כּדי צו שרייבן. איך בין געווען ממש באַזעסן מיט אַ מוראדיקן דראַנג און אימפּעט צו שאַפן. אויך דאָס האָט מיר געגעבן מאָראַלישע כּוחות אויסצוהאַלטן גייסטיקן טעראָר.

עס איז געווען פאַרנאַכט, ווען מיר זיינען אַהיימגעפאָרן. דער ד"ר שטיינער האָט נישט געאַנט פון דער פאַרגעקומענער סצענע אויף די טרעפּ. ער האָט נישט געוואוסט פון מיין פעסטן באַשלוס. ער האָט אַ סך גערעדט צו ביידע פרויען, וואָס זיינען צוזאַמען מיט אונדז געזעסן אין אויטאָמאָביל. די ווייבער האָבן אַנגענעם געשמעקט מיטן ריח פון פאַרפיום. די זון האָט הערבסטיק־אידל געגילדעט די פעלדער, די צווייגן פון די בוימער, די צווי דייטשע ווייבער. דער דאָקטאָר איז געווען גליקלעך. כּדי אַנצוהאַלטן זיין פּרעסטיזש ביי די העכערע אויטאָריטעטן איז בויטיק געווען אַז ער זאָל כּסדר ברעכן דעם ווידערשטאַנד צו אָפּעראַציעס ביי זיינע פּאַציענטן, די אַנדערע פּאַציענטן, וואָס זיינען געווען מיט אונדז, האָבן זיך טאַקע אונטערגעוואָרפן זיין ווילן, ווער פריער און ווער שפּעטער.

איך געדענק באַזונדערס פון דער גרופּע איינעם, אַן עלטערן מענטש, וואָס איז שוין געווען שטאַרק מיד פון דער פאַרפאַלגונג פון די דאָקטוירים וואָס האָבן אים כּסדר געפּייניקט און געפאָדערט אַז ער, וואָס איז שוין קראַנק איבער דריי צענדליק יאָרן, זאָל געקרייציקט ווערן אויפן אָפּעראַציע־טיש לטובת דער מענטשהייט. פון קליינערהייט אָן האָט ער פאַרבראַכט אין שפּיטעלער און סאַנאַטאָריומס. דורך דער גאַנצער צייט האָבן דאָקטוירים אים פאָרגעלעגט אַלערליי אָפּעראַציעס. זיי האָבן מיט אים עקספּערימענטירט, געשניטן זיינע אברים, מאַרטיריזירט זיין אָרעם פלייש, געבראָכן זיינע קנאָכנס. ער איז שוין געווען לעבנס־מיד. ער האָט נישט מער געהאַט קיין כּוח און קיין ווידערשטאַנדס־פעאיקייט זיך אַנטקעגנצושטעלן די קצבים און גענעראַלן. ער האָט זיך שוין געהאַט מפקיר געווען, ווי איינער אַ צום טויט־פאַרמשפּטער מאַן, ווען מען טעראָריזירט כּסדר מיטן גאַלגן פון דער

תליה אָדער מיט דער עלעקטרישער שטול. ער האָט שוין איצט געהאַט אַ טונקעלן באַגער און באַדערפעניש צו זיין פריי פון דער מאַכט פונם שרעק־לעכן תליון און בכלל צו זיין אויף דער אַנדערער זייט שוועל פון טויט.

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך געהערט אַז ער האָט איינגעוויליקט צו גיין אונטערן מעסער ווי אַ שטומע, איינזאַמע חיה ווען דער אומאויפהערלע־כער קאַמף אין כסדרדיקער פּחד איז נמאס געוואָרן. און ער איז טאַקע גע־פאַלן אַלס אַ קרבן. ער איז געווען אַ זייער איידעלער מענטש, אָבער שוין אַן אויסגעשעפּטער און אויך נישט מער פעאיק און גערולדיק אָנצוגיין מיטן לעבן אין די קאַזאַרמעס פון היילונג, מלחמה מיט די מיקראָבן און שטענ־דיקע עקספּערימענטן.

(סוף אויף זייט 414)

## דער אַסטראָלאָג

מיין פּריינט האָט מיר דערציילט ביים גלעזל וויין אין קאַפע:

— "איך געדענק אַ ווינטערדיקן אָוונט, ווען די פענדזלען פון דער נאַכט האָבן אויסגעפאַרבט דעם ערשט־געפאַלענעם שניי אין אַ בלויען קאָליר. דער שטערנזעער איז אַהיימגעקומען שוין אין די שפּעטע שעהן צו זיין ענגען שפּיטאָל־צימערל וואָס איז געווען פול באַשטעלט מיט ביכער, מאַנוסקריפּטן און מיט מאַפּעס פון די שטערן, וואָס זיינען געווען אויסגעקלעפּט אויף די ווענט. ער איז געווען בלאַס און פאַרשוויצט. אויך נאַס פון שניי. זיינע בגדים זיינען נאָך געווען באַלעגט מיט שטיקער שניי פון גאָט'ס ברילִיאַנ־טענעם שניי. תמיד פלעגט דער אַסטראָלאָג רעדן אויף אַ פּאָעטישן לשון פון זיין ליבשאַפט צו די שטערן, אָבער היינט ביינאַכט איז ער געווען פול און פיבעריש מיט גאָר אַן אַנדער סאָרט איבערלעבניש. וואָלט ער געווען אַ געבוירענער שרייבער, וואָלט ער זיך געזעצט צום שרייב־טישל און ער וואָלט אַוודאי פאַרשריבן און פאַרטונקלט לאַנגע בויגנס ווייסע פּאַפּיר מיט פלעקן פון טינט. וואָלט ער געווען אַ גאָט־געבענטשטער מאָלער, וואָלט ער אַוודאי אינמיטן נאַכט מיטן פייער פון זיין האַרצן אויפגעמאָלן און ווידער גליענדיק אַרויסגעבראַכט דעם אַנטבלויזטן גוף פון איינער אַ הערלעכער חוה, ווען דער רבונו־של־עולם האָט געטאָן אין רייצנדיקער שיינקייט. ער האָט איצט געהאַט אַ שטאַרק באַדערפעניש צו רעדן. ער האָט געבערנט מיט הונגער צו דערציילן.

דער שטערנזעער איז אַריינגעפאַלן צו מיר פון זיין שכנותדיקן חדרל אַזאַ עקזאַלטירטער. ער איז געשטאַנען פאַר מיר איינגעאַנצן נאַקעט אין זיין אויסגעדאַרטן לייב, וואָס איז געווען מער סקעלעט ווי גוף. ער איז דאָך געווען אַ מאַרטירער פון אפשר צוואַנציק יאָר פאַרברענגען אין פאַרשידענע סאַנאַטאָריומס און שפּיטעלער. ער האָט געמאָלן מיט האַסטיקן און אימ־פּעטיקן וואָרט. ער איז אפשר פון בלויז איין און איינציקן געשעעניש פלוצלינג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַדייטנדיקן פּאָעט.

ער איז היינט געווען אין שטאָט, אין די אָרעמע גאַסן פון דענווער. ער האָט פאַרבלאָנדזשעט צום הויז פון אַ פּראָסטיטוטקע. זי האָט געהייסן שאַרלעט. ער האָט פּילפאַרביק געשילדערט די שיינקייט פון דער פרעמדער און אומבאַקאַנטער שאַרלעט. איך האָב אין דער שפּעטער נאַכט געזען שטיין אַ קלאָרע און ליכטיקע ווי די לבנה אין ראש חודש די אַנטבלויזטע פרוי. דער אַסטראָלאָג האָט אויסגעדריקט שטאַרקע איבערלעבניש און אומגעוויינלעכע פרייד וואָס נאָך אַזוי פיל ביטערע יאָרן פון חרפּה און איינזאַמקייט, פון קראַנקהייט און אָרעמקייט, פון דערנידעריקונג און בעטלעריי, איז ער נאָך אַלץ געווען פיזיש פּאָטענט. עס איז פאַר אים אַליין געווען אַ וואונדער וואָס ער, אַזאַ וויסטע חורבה פון אַ מאַנסביל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגעדאַרטער און אויסגעהונגערטער נביא פון פאַרצייטנס, וואָס דערנערט זיך בלויז מיט ווילדן האָניק און האַרטן באָקסער אין דער טרוקענער וויסטעניש; נאָכן האָבן איבערגעלעבט גאַנצע זעקס ריפּנאָפּעראַציעס, איז ער נאָך אַלץ געווען אימשטאַנד צו געניסן דאָס שטילע גליק און קענען באַזיצן דאָס פיזישע גאָלד פון איינע אַ יונגע פרוי, וואָס לאָזט זיך באַצאָלן מיט זילבער פאַרן גאָלד פון ליבע. ער האָט איצט געציטערט אין זיין לייב און נפש פון דער עראָטישער איבערלעבניש. ער האָט געשטראַלט מיט זינלעכער וויזיע. ער האָט געהאַלטן אין איין שילדערן פאַר מיר דער פרעמדער פרויס פיזישער שיינקייט און ער האָט אַקצענטירט אירע וווייבלעכע מעלות, פּונקט ווי עס וואָלט געווען דאָס סאַמע ערשטע מאָל וואָס ער האָט איבערגעלעבט די אינטימע באַציאונג מיט אַ פרוי.

ווען דער אַסטראָלאָג האָט געענדיקט צו דערציילן, האָט ער זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט. דערווייל האָט מען שוין געהערט פון קאָרידאָר די שפּעטביינאַכטיקע טריט פון דער קראַנקענשוועסטער וואָס עפנט אויף שטילערהייט די טירן פון די חדרים כדי צו קאָנטראָלירן צו די פּאַציענטן געפינען זיך אַלע אין זייערע בעטן. דער שטערנזעער איז איצט שנעל אַרויסגעגאַנגען פון מיין צימער. איך האָב געטראַכט פון דער גרויסקייט און כּישוף פון לעבן. איך בין געווען אויפגערעגט. איך האָב זיך, נאָכן עפנען די טיר פון דער קראַנקענשוועסטער, וואָס האָט געלאָזן שטיין אַ פאַרפיומיקן אַראָמאַט אין דער לופט, גיך אָנגעטאָן. ווי אַ גנב האָב איך זיך שטילערהייט אַרויסגעשליכט פון דעם הויף פון סאַנאַטאָריום. עס איז געווען געפערלעך זיך אַרויסצוגנבענען אין אַזאַ שפּעטער שעה פון דער נאַכט. דאָס גאַנצע סאַנאַטאָריום מיט פּאַציענטן איז נאָך געשלאָפן. דער שניי איז אַ פּערלדיק־גרויער שטיל געלעגן איבער די פעלדער, אויף די דעכער פון די הייזער און אויף די צווייגן פון די בוימער. געדולדיק האָבן די בוימער געטראָגן די לאַסט פונם שניי. די לבנה איז געשטאַנען אַ גלעזערנע אויפן מיטן הימלישן ליינוואַנט און האָט שטיל געטריפט מיט אַ שאַרפן, העלן ליכט, ווי מיט שאַמפּאַניער פאַרגיסנדיק די שאַרבנס פון די

איינזאַמע. איך האָב געטרונקען ביז וואַנזין דעם זילבערנעם ווײַן, אַזוי ווי מלאָכימדיקע און לופטיקע הענט וואָלטן מיר צוגעשטעלט צו די ליפּן גאָלדענע כּוסות און מיר באַפוילן צו טרינקען. איך בין געוואָרן אַלץ שיכּורער אין בלוט און אין דמיון. איך האָב מיט שנעלע טריט געאײַלט אין שטאָט אַרײַן, צום קוואַרטאַל פון די פּרויען. איך האָב ווילד און לײַכט געשפּאַנט איבער פּלויטן, פאַרצוימונגען און שטיינער. איך בין געווען גרינג און לופטיק, שפּאַנענדיק ווי אַ גײַסט אין דער נאַכט, ווען עמעצנס פליגל האָבן זיך פּלוצלינג אָנגעצונדן ווי מיט פײַער. איך בין איצט געווען דער הונגעריקסטער מענטש אין דער גאַנצער וועלט נאָך אַ פרוי. איך האָב זיך דערנענטערט צו אַ ציגלרויטן הויז. איך האָב אײַנגעטאַנצן אַ ציטערנדיקער אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר פון אַ קעלער־שטוב, ווען עמעצנס נידעריק פענצטערל האָט אין דער טונקלקייט געלויכטן ווי אַ בלוטיק־רויטער רובין. מײַן האַרץ האָט עפּעס גליקלעך אויפגעצאַפּלט ווען איך האָב דערהערט פון דער אַנדערער זײַט טיר דראָבנע, ווייבלעכע טריט... ווען זי וואָלט נישט גלײַך אויפגעעפנט די טיר, וואָלט איך זי געווען אָן ספק אויפגעבראָכן... אַזאַ גיבור בין איך, דאַכט זיך, געווען אין אַן אַטאַקע פון ראָמאַנטישער בענקשאַפט".

---

# די קערפּערס

יעדער איינציקער פּאַציענט וואָס פלעגט נאָך אַ צײַט צוריק אַהיימפאָרן אין זײַן שטאָט, אַ גאַנץ אָדער האַלב־אויסגעהיילטער פון דער קראַנקהייט, האָט מיט זיך מיטגענומען אויף דערזעלבער באַן אַ „באַדי", אַ גוף הייסט עס, פון איינעם אַ פּאַציענט וואָס איז אויסגעגאַנגען אין סאַנאַטאָריום. עס האָט געטראָפן אַז אַן עלטערער מאַן, שוין אין די זיבעציקער, איז געפאָרן אין דער קאָמפּאַניע פון אַ יינגע, חנוודיקע און שאַרמאַנטע מיידל — אָבער אַ געשטאָרבענע. אָדער אַ שלאַנקער יינגערמאַן פון אַ יאָר צוואַנציק האָט געקענט אַמאָל אַהיימפאָרן קיין שיקאַגאָ, קליוולאַנד אָדער באָסטאָן מיט אַן עלטערע, אומגליקלעכע פרוי וואָס האָט נעבעך אויסגעצויגן אירע אַרטרעטישע פיס אין אַ חדרל פון סאַנאַטאָריום. די זקנה האָט קיינמאָל נישט געחלומט פון אַ רייזע אַהיים מיט אַזאַ עלעגאַנטן באַגלייטער. אַמאָל האָט געטראָפן אַז עמעץ, אַ יינגע פרוי, האָט זיך געאײַלט אַ היימצופאָרן צו איר חתן קיין ברוקלין אָדער לאָס אַנגעלעס. זי איז געווען אַן אָרעם קינד און דער חתן איז געווען אַ סטודענט וואָס האָט אין די אָוונטן געאַרבעט כּדי צו פאַרדינען אויף זײַן אויסהאַלט און אויף די הוצאות פון זײַן שטודיום. האָט די כּלה צוגעוואַרט ביז עמעץ אין אַ ווייסן צימערל, אויף זײַן איינזאַמען געלעגער, האָט זיך שווער געראַנגלט מיטן טויט, ווי יעקב אָבינו מיטן מלאך. אין מאָמענט ווען דער פּאַציענט האָט צוגעמאַכט זײַנע אויגן צו דער וועלט, האָט די

גליקלעכע כלה איינגעפּאַקט איר טשעמאָדאַן און צוזאַמען מיטן מת וואָס איז שוין געווען אויסגעטאָן פון אַלע מענטשלעכע האָפנונגען און בענק־שאַפטן, געמאַכט איילנדיק די רייזע אַהיים. איינער איז „געפאָרן" צו זיין לוויה, דער צווייטער — צו דער חתונה.

עס האָט געטראָפן אַז אַן אַלטער קלעזמער וואָס שפּילט געוויינלעך אויף היימישע שמחות און חתונות, האָט זיך אויך געאיילט אַהיימצופאָרן צום ווייבס בעט, ווייל זי האָט געקריינקט און זיך געגרייט צו גיין אין גן־עדן. קיין איבעריקס־גרויסער גביר איז דער קלעזמער נישט געווען. האָט ער אויך, אַזוי ווי די אַנדערע פּאַסאַזשירן פאַר אים, דערשנאַפּט ווער פון די פּאַציענטן עס איז אַ קאַנדידאַט צום אויסגיין אין די נאָענטסטע טעג און, מיט אַביסל געדולד, האָט ער זיך טאַקע באַצייטנס דערוואַרט אויף אַ קרבן וואָס האָט אים שטילערהייט צוליב געטאָן און ער איז אינמיטן נאַכט, אָדער אין גרויען באַגינען, אויסגעגאַנגען ווי פאַר זיין כבוד וועגן.

אַמאָל איז געשען אַז עס איז אַהיימגעפאָרן עפּעס איינער, אַ קאַוואַ־ליער, וואָס האָט ערשט מיט געציילטע נעכט צוריק געטאַנצט מיט אַ יינג, מילך־קלאָר מיידל, אַזאַ בלייכע ווי ערשט־געפאַלענער שניי, אין אַ לאַנגן, זיידענעם און באַלאָנען קלייד. זי האָט אין דער נאַכט, צווישן די גרינע, שאָטנדיקע ביימער אין גאָרטן, אַ באַלויכטענע פון די פּילפּאַר־ביקע לעמפּלעך, אויסגעזען ווי אַ שטילער, צאַרטער און שווייגנדיקער גייסט, וואָס טראָגט עפּעס אַ מרה־שחורהדיקע מחשבה אונטער איר שאַרבן. דער קאַוואַליער האָט זי שטיל געדריקט צום האַרצן. ער האָט אַריינגע־מורמלט אין אירע קליינע, בלומיקע אויערן די שענסטע פראַזן, געבאָרגטע ביי די אומשטערבלעכע דיכטער וואָס האָבן נאָר ווען עס איז געשריבן אויף דער טעמע פון הייליקער און אייביקער ליבע. עס איז מערקווירדיק: אים דאַכט זיך איצט, ווען ער זיצט אין וואַגאָן און ער קוקט אַרויס דורך די פענצטער צו די פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן, בשעת אין דער זעלבער באַן וויגט זיך אין אַ פאַרשלאָסענעם אָרון דעם מיידלס אָפּגעקילטער גוף, אַז אויך איצט טאַנצט ער מיט איר אַזאַ ציטערנדיקער און שווייגנדיקער דורכן גאַנצן לבנהדיק־זילבערנעם אוניווערס — שטילערהייט, שטילער־הייט, שטילערהייט...

עס זיינען אין דער סאַנאַטאָריום־סביבה אַרומגעגאַנגען אַלערליי וויצן און ביזאַרע כראָניקעס וועגן דעם דאָזיקן אומהיימלעכן אופן פון אַהיימ־פאָרן. חברה וויצלערס, לאָבוזעס און ציניקערס האָבן געפירט חשבון און שוין געגנבֿי געוואוסט, נאָך גרינטלעכער און פּינקטלעכער ווי די דאָקטוירים, ווער פון די קראַנקע עס דערנענטערט זיך צו דער גרענעץ פון „יענער וועלט". אַהיימצופאָרן בשותפות מיט אַ „באָדי" האָט געמיינט צו מאַכן די לאַנגע רייזע פון אָפּטמאָל ביזצווי טויזנט מייל, פאַר בחצי חינם. מען איז תמיד געפאָרן פאַרלעכטווייז — אַ לעבעדיקער פּאַציענט מיט

אַ טויטן גוף פון אַ מאַן אָדער אַ פרוי. דער טויט האָט ווי אַ געניאַלער, מנחם מענדלשער שדכן צונויפגעפּאָרט די צופעליקע פּאַסאַזשירן. אַמאָל האָט מען קיינמאָל פריער נישט באַגעגנט דעם טרויעריקן מיט־פּאַסאַ־זשיר און אַמאָל איז עס געווען אַ נאָענטער באַקאַנטער פאַר וועמענס נשמה מען האָט זיך פּשוט געשעמט אים אויף אַזאַ מין ציניש אופן אויסצונוצן אויף רייזע־הוצאות. אין די לאַנגע נעכט, ווען מען האָט גע־פּרואווט איינצושלאָפן אינם „פּולמאַן־וואַגאָן", איז ער, דער „קערפּער", ווי אויפגעשטאַנען פּלוצלונג פאַר די אויגן און שטומערהייט געמאָנט חשבון פאַר דער אומהיימלעכער האַנדלונג לגבי אים...

עס האָט געטראָפן אַז אַ מיידל איז אַהיימגעפּאָרן מיט איר געליבטן, וואָס איז פּלוצלונג געשטאָרבן פון אַ בלוט־שטורץ — אָדער אַ ברודער איז אַהיימגעפּאָרן מיט זיין אייגענער שוועסטער וואָס האָט נישט אויס־געהאַלטן די שווערע קלעפּ פון דער פאַטאַלער קראַנקהייט. ווען עס האָט זיך געמאַכט אַז עמעץ איז גראָד נישט געשטאָרבן אין די לעצטע וואָכן אָדער טעג, זיינען חברה חוזק־מאַכערס געווען דערשלאָגן. זיי האָבן זיך געפילט שרעקלעך לאַנגווייליק. אָבער עס פלעגט נישט לאַנג דויערן און עפּעס אַ מיידל, כמעט נאָך אַ קינד, איז אויסגעגאַנגען כדי צו זיין אַ טויטער פּאַסאַזשיר אויף אַ צוג, אַן עראָפּלאַן אָדער גאָר אויף אַ שיף. דער „גוף" האָט איינגעשפּאָרט געלט פאַר עמעצן...

דאָס פלעגט זיין אַ גאַנץ ציניש טראַנזאַקציע. אָבער פּאָרט אַ סאָרט אַוואַנטורע, וואָס געלט דיקטירט ברוטאַל און ציניש אין גאָר זיין כח און כישוף. פון אַלע סאָרטן געשעפטן און ספּעקולאַציעס אויף דער וועלט וואָס מענטשן טאָן אַלץ אָפּ צוליבן פאַרשאָלטענעם געלט, איז די דאָזיקע געווען אין מיינע אויגן די סאַמע אומהיימלעכסטע און אויך צינישסטע. אָבער דעם מת האָט עס קיינמאָל נישט געשאַדט. בשעת דעם לעבעדיקן קבצן האָט עס תמיד באַדייטנדיק פאַרלייכטערט די הוצאות אויף אומ־צוקערן זיך צו זיינע אייגענע און צו אַ נוצלעכער אַרבעט און תכלית. אין משך פון די עטלעכע יאָרן וואָס איך האָב פאַרבראַכט צווישן די נאָ־קעטע ווענט פון סאַנאַטאָריום, האָב איך צוגעזען הונדערטער ביזנעס־טראַנזאַקציעס פון דאָזיקן כאַראַקטער. דאָס לעבן איז געפאָרן אין דער געזעלשאַפט פון טויט און דער טויט — אין דער היימלעכער און האַפענונגס־פולער געזעלשאַפט פון לעבן...

## די קראַנקע טויב

מאַדאַם גאַראַ איז אַריינגעקומען צו מיר אין צימער און אָנווייזנדיק אויפן פענצטער, האָט זי געזאָגט מיט אַ כמעט היסטערישן קול:

— איר זעט: מיר האָבן געקראָגן אַ פרישן גאַסט אין אונדזער הויז — אַ טויב!

— אַ טויב? יאָ, איך האָב זי טאַקע באַמערקט. וואו האָט איר זי גע־נומען?

— מיר ווייסן נישט. זי איז פון ערגעץ־וואו אַנגעפלויגן. אָט שטייט זי דאָ אַזאַ טרויעריקע.

איך האָב געהאַלטן אינמיטן שרייבן אַ דערציילונג אויף מיין טאַטנס שרייב־טישל, וואָס איז מיר איבערגעבליבן פון אים, כדי מיין גאַנץ לעבן דערויף צו שרייבן. איך האָב זיך באַשעפטיקט מיטן כאַראַקטער פון דער דערציילונג. שפּעטער אַביסל, האָב איך זיך געטראַכט, וועל איך צוגיין צום פענצטער און איך וועל אָנקוקן די פרעמדע טויב. מיר לייענען אַזוי פיל אין ביכער און זשורנאַלן וועגן טויבן. עס איז שוין אַזוי איינגעפירט אַז יאָרהונדערטער לאַנג טראָגט מען אַרום פאַרטיקע אידעען וועגן זאַכן. מיט יעדן טאָג אַנטדעקט דער מענטש אויפסניי די וועלט אין וועלכער ער לעבט זינט זיין אָנהויב. אָט איז די טויב ביי די קריסטן דער סימבאָל פון „הייליקן גייסט״, וואָס איז שיעור נישט פון גאָט אַליין. אָבער לעצטנס איז אַנטשטאַנען אַ געוויסע רעוויזיע צו דעם אָנגענומענעם געדאַנק אַז די טויב איז גוטמוטיג. פאַרקערט, מען פּרואווט מכלומרשט אויפווייזן ווי ברוטאַל אַ באַשעפעניש עס איז די אָרעמע, שטילע און רואיקע טויב. פונדעסטוועגן איז די טויב אַ וואונדערלעכער פויגל. פונקט אַזוי צאַרט, גראַציעז און אָנגענעם ווי די אַנדערע שוועבנדיקע און לופטיקע פייגל, וואָס באַצירן אונדזער אוניווערס, אַזוי ווי די שטערן. אַגב, מיר קענען נאָך אַלץ ווייניק דעם אמתדיקן כאַראַקטער, די נשמה און אירע קאָמפּליקאַציעס, פונעם מענטש, שוין אַפילו נאָך דעם לייענען די וועלט־ליטעראַטור; נאָך פרויד, טאָלסטאָי און סאַרטער. טאָ ווי אַזוי קענען מיר אַריינדרינגען אין דעם וועזן און עקזיסטענץ פון די טויבן?

מיר אורטיילן וועגן די מערסטע באַשעפענישן פון דער ערד לויט זיך אַליין. אַלע באַשעפענישן, אַזוי דאַכט זיך אונדז אויס, זיינען סוף כל סוף ענלעך איינס צום אַנדערן. גאָר דאָס לעבן אויף דער וועלט האָט זיך זיינע אוניווערסאַלע געזעצן. די מעכטיקע הענט פון איין און איינציקן מייסטער האָבן געפורעמט די גלידער, געקנאָטן די גופים און אָנגעצונדן די נשמות פון אַלע באַשעפענישן אין די טאָלן פון דער ערד, אין די טיפענישן פון די ימים און אויבן אויפן האָריזאָנט, נאָענט צו די וואָלקנס. אָבער דער מענטש, מיט זיין דערקענטניש פונם רבונו של עולם און פון די קאָסמישע געזעצן, מיט זיין עטישן געפיל אין האַרצן, מיט זיין איינגעבוירענעם זין פאַר שיינ־קייט און האַרמאָניע, מיט זיין אייביקן פחד פאַרן מלאך המות, מיט זיין דראַנג צו אומשטערבלעכקייט, מיט זיין אידעאַלער ליבשאַפט און בענקשאַפט צו פרייהייט און גליק, דער דאָזיקער מין מענטש קעניגט איבער אַלע גאָט׳ס באַשעפענישן.

איך האָב געענדיקט שרייבן מיין דערציילונג און איך בין אַרויסגע־

גאַנגען פון שטוב. ערשט איך הער מאָדנע, שטילינקע טריטלעך אין פינ־צטערן קאָרידאָר. באַלד האָב איך טאַקע דערזען דעם איינזאַמען פויגל נעבן מיר. ער האָט זיך אַביסל דערשראָקן. ער האָט געזוכט, ווייזט אויס, אַ שטילן, שאָטנדיקן ווינקל. אין אַ ווײַלע אַרום איז די טויב פּאַמעלעך אַרײַנגעגאַנגען אין מײַן חדר.

איך האָב נישט געוואָלט אַז די טויב זאָל צעוואָרפן מײַנע פּיראַמידן מיט ביכער. פאָרזיכטיק האָב איך געפּרוּווט אַרויסטרייבן די טויב פון מײַן צימער. אָבער זי איז עקשנותדיק אַרײַנגעדרונגען אין לעכער און ווינקלען; אין שענקלעך און קאַמאָדן; אויך אונטערן בעט, וואו כ׳האָב זי נישט געקענט דערגרייכן מיט דער האַנט. פּלוצלונג האָב איך זיך עפּעס פאַר־שעמט פאַר זיך אַליין צו יאָגן אַן אָרעמע טויב. איך האָב געהאַט אַ פאַרלאַנג זי צו נעמען אין מײַנע הענט. צו שפּירן איר וואַרעמען, פּול־סירנדיקן לעבן אין מײַן האַנט־פלאַך. צו פילן דאָס ריטמישע שלאָגן פון איר קליינעם פויגלשן האַרץ. אָנצורירן דעם הייסן פלוס פון בלוט אין אירע דינע אָדערן און בלוט־געפעסן. איך בין געווען טיף גערירט פון דעם אופן ווי די טויב וויל דווקא זיך באַהאַלטן אין מײַן אָרעמען, מעבלירטן צימער. זי וויל ביי מיר געפינען איר היים. אַן איינזאַמער מענטש ווייסט וואָס דאָס באַדייט. אין מענטשלעכער איינזאַמקייט זיינען מיר טיף דאַנקבאַר ווען אין אונדזער שטילער שטוב דרינגען אַרײַן זומערצייט שמעטערלינגען, מוקן, כלערליי באַפליגלטע אינזעקטן. אין אונדזער גרויסן עלנט איז אַמאָל די פּלוצלינגע דערשיינונג פון אַ געוויינלעכן וואָרם אויף דער פּאָדלאָגע אַ רירנדיקע געשעעניש. ווער שמועסט נאָך פון אַנדערע מער עסטעטיש־אָנ־גענעמע באַשעפענישן . . .

ענדלעך איז די טויב אַרויסגעקראָכן פון די לעכער און פאַרבאָרגענע פּלעצער. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל פון קאָרידאָר. אַ פאַרגליווערטע איז זי אַזוי אָפּגעשטאַנען שעהנלאַנג. אַ טרויעריקע האָט זי געקוקט אין איין ריכטונג. זי האָט אַפילו נישט קיין ציטער געטאָן. זי איז אַזוי ווי אײַנגעזונקען געוואָרן אין איר אייגענער שטילקייט. מען האָט זי געקענט אָננעמען פאַר אַ מעטאַלענער אָדער שטיינערנער סטאַטועטקע.

אָט שטייט די טויב ביי דער טיר פונם צימער פון דעם אַלטן, אַכטציק־יאָריקן מאַן, ווענען די מאַדאַם גאַראָ האָט אַנומלט באַפוילן צו פאַרלאָזן איר הויז. ער איז געווען אַ ריינער און ליבער מענטש. ער פלעגט ס׳רוב אַהיימקומען אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט און ער פלעגט אַוועקגיין זייער פרי, ווען עס פלעגט קוים שאַריען אויף טאָג. אין די ערשטע צייטן פלעגט מאַדאַם גאַראָ אים לויבן אַלס אַ לאָיאַלן, ערלעכן לאָקאַטאָר. אַזוי ווי איך פלעג אים זעלטן באַמערקן, האָב איך איר געגלויבט. אָבער איינמאָל, אין אַ זונטיקדיקן אָוונט, בין איך אַהיימגעקומען פון שטאָט אַביסל פריער ווי געוויינלעך. איך עפן אויף פאָרזיכטיק די טיר פונם פאָרהויז און איך

דערהער טריט אין דער געדיכטער פינצטערניש. אַביסל אַן איבערגע־שראָקענער פרעג איך זיך ווער עס איז?

קיינער ענטפערט נישט. איך פרעג זיך נאָכאַמאָל און קיין ענטפער קומט אַלץ נישט. אָבער איך הער ווי איינער גייט מיט גרויס אָנשטרענגונג איבער די הילצערנע טרעפּ.

אויפן ערשטן גאָרן, אָניאָגנדיק דעם פרעמדן מאַן, האָב איך אָנגע־צונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל. דאָס ליכט האָט אַ בלענד געטאָן גלייך אינעם אויסגעצערטן פּנים פונם זקן. איך דערזע זיין בלאַסע און אומעטיקע מאַסקע. איך זע אַז ער איז שיכּור ווי לוט. זיינע שוואַרצאַפּלען טונקלען מיט אימה, דערשלאָגנקייט און טרערן. ער קוקט מיך לאַנג אָן און ער שווייגט. אַ שווידער איז מיר אַדורכגעגאַנגען דורכן לייב: עס איז אַ טויטער מענטש וואָס באַשטייגט שווער די קרומע, אויסגעריבענע טרעפּ פונם אַלטן הויז. ער האָט מער נישט קיין האַרץ און קיין לונגען.

איך האָב, נאַטירלעך, געשוויגן. באַר אין עטלעכע טעג אַרום קומט אַריין אַן אויפגערעגטע, אַ צעהיצטע, די מאַדאַם גאַראַ. זי שרייט מיט אַ בייזער, קריגערישער שטימע:

— איך האָב אים געהייסן גלייך פאַרלאָזן דאָס צימער. ער שיכּורט, דער אומפאַרשעמטער שלעפּער. איך וויל נישט האָבן קיין שיכּורים אין מיין הויז. דאָס איז אַ „רעספּעקטאַפּל הויז" און נישט קיין מושב זקנים. איך האַלט נישט קיין האָטעל פאַר שיכּורים און גנבים פון דער בויערי...

— אָבער, מאַדאַם, איר קענט דאָך נישט באַשולדיקן אַן אַלטן מאַן אין גנבה... איר באַשולדיקט אַן אומשולדיקן מענטש! — האָב איך געפּרוּווט מיט איר אַרגומענטירן. אָבער זי האָט זיך נישט געמאַכט הערנדיק.

— שטעלט איך פאָר: אַנומלט, אין באַגינען, איז דער אַלטער טרעמפּ געפאַלן פונקט נעבן אונדזער טיר. איך האָב אים קוים מיט צרות אַריינ־געשלעפּט אין זיין צימערל. ער איז אַרויפגעפאַלן אויפן בעט אין די ברודיקע קליידער, שיך און אין נאַסן פּאַלטאָן. ער איז געווען אויסגעווייקט פון ליגן אין רינשטאָק. אָבער, דאַנקען גאָט, איך בין פון אים פּטור גע־וואָרן. טוט אַ קוק, וועט איר זען אַז עס הענגט אַן אייזערנער שלאָס איבער זיין טיר...

עטלעכע טעג צייט איז דער אַלטער, אָרעמער מענטש נישט געקומען כדי אָפּצונעמען זיין בידנע פּעקל שמאַטעס. מאַדאַם גאַראַ האָט מיר שפּעטער דערציילט:

— אינמיטן נאַכט האָט אַ פּאָליציימאַן פּלוצלונג אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. ער האָט זיך געפרעגט צי דאָ האָט געוואוינט דער אַלטער מאַן וועלכן מען האָט געפונען זיצן אַ טויטן אין שכנותדיקן פּאַרק.

ערשט דעמאָלט האָט זי אַראָפּגענומען דעם אייזערנעם שלאָס פון דער

טיר. און אַצינד, בשעת די טרויעריקע טויב האָט זיך באַשיידן אַוועקגע־שטעלט ביי דער שוועל פונם אַלטן מאַנס חדרל און זי האָט עפּעס אומעטיק געוואָרקעט, האָב איך געטראַכט: אפשר טאַקע איז די דאָזיקע אַש־גרויע טויב די נשמה פון דעם באַליידיקטן זקן, וואָס האָט אַוודאי געטרונקען אויס פאַרצווייפלונג און איז געוועזן גליקלעך זיך אַוועקצוזעצן אין פּאַרק אויף אַ באַנק און צוריקצוגעבן צו גאָט אין די גרויסע הענט זיין נשמה?!

אפשר איז זיין פאַרפייניקטע נשמה דאָ געקומען כדי שטילערהייט צו פאַרברענגען נעבן זיין אָרעמען, קאַלטן צימער און כדי דאָ צו טראַכטן וועגן די טויזנטער טעג און נעכט פון זיין עלענטן לעבן, וואָס זיינען געווען אויסגעטאָן פון יעדער פיצל פרייד און מענטשלעך גליק. צי אפשר גאָר איז די טויב די נשמה פון זיין געשטאָרבן ווייב וואָס איז דאָ געקומען כדי שטילערהייט צו וויינען אויפן טויט פון איר געליבטן מאַן...

מאַדאַם גאַראַ און איר טאָכטער לוסיל זיינען אַרויפגעקומען. זיי האָבן ביידע געזוכט די טויב. זיי האָבן גענומען די טויב און זיי האָבן זי אַרויפ־געטראָגן אויפן דאַך. אָרעמער, קראַנקער פויגל; אַלץ וואָס דו באַגערסט אַוודאי אין דעם איצטיקן מאָמענט, איז אַביסל פּשוטע רו און שטילקייט. אָבער וואו אין דער פאַרשאָלטענער וועלט איז פאַראַן רו און שטילקייט?

לוסיל, אַ שלאַנק־געוואַקסענע מיידל, מיט טרויעריק־אונטערגעהאַקטע אויגן, די שוין געגטע פרוי פון אַ גנב און געמבלער, איז אַ בלייכע און צאַרטע פראַנצויזקע. זי זעט אויס ווי איינע פון די עקסטאַטישע פרויען אין די מאָלערייען פון דעם געהיימנישפולן מייסטער על גרעקאָ. עס איז פאַראַן אַ הימלישער עקסטאַז אין אירע שיינע, טונקעלע אויגן. איר מוטער, מאַדאַם רענע גאַראַ, איז אַ זייער נערוועזע פרוי — וואָס שטאַמט אָפּ פון יענע פראַנצויזקעס וואָס האָבן העלדיש געקעמפט אויף די באַריקאַדעס פון דער פּאַריזער קאָמונע. זי איז דרייסט און ענערגיש. אָבער איר אָפּגעצערט און פון זון פאַרברענט פּנים פאַראַט גיריקייט און פאַרביטערקייט. זי איז אַ ביטערע פרוי. זי האָט שרעקלעך ליב געלט. מען קען די אַלע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן דערקענען אין איר טונקל־הויטיקן, דאַרן פּנים. אַ פּנים פון עקשנות און גייציקייט.

ביידע פרויען זיינען איצט געשטאַנען אין קאָרידאָר און זיך געסודלט וואָס מען זאָל טאָן מיט דער געהיימנישפולער טויב. זיי האָבן שנעל און נערוועז גערעדט אין זייער רייצנדיקן און מעלאָדישן פראַנצויזישן לשון.

איך האָב געזען די טויב. זי איז געשטאַנען אַן איינזאַמע אויפן ברעג פון דאַך. נעבן איר איז געשטאַנען אַ פאַרצעלייגנער טעלער מיט וואַסער, מיט שטיקלעך צעבראָכענע ברויט, און אַ געררוימע שטייג, גרייט איר אויפ־צונעמען אַלס איינוואוינערין. צוויי גוטהאַרציקע ווייבער וואָס האָבן שטאַרק געזאָרגט וועגן אַ תכלית פאַר דער טויב, זיינען געוועזן גרייט איר צו דינען.

אָבער די טויב האָט ווי אַראָפּגעקוקט צום אָפּגרונט, צום טראָטואַר

פון דער גאַס, מיט עפּעס אַ טרויעריקן, פּאַטאַלן בליק. איך האָב דערקענט באַלד פון אָנהויב אָן אַז די טויב איז קראַנק. אַז זי זוכט פּשוט אַביסל איינזאַמקייט. פּונקט ווי אַ מענטש, וואָס האָט אַ באַדערפעניש צו זיין מיט זיך אַליין, איינגאַנצן אַליין, אין זיינע לעצטע און טרויעריקע שעהן, אַזוי אויך וויל דאָס דאָזיקע עלנטע, באַפליגלטע באַשעפעניש זיין מיט זיך אַליין. זי וויל זיין מיט איר אייגענעם אומעט. די צוויי ווייבער שטערן די איינזאַמ־קייט פון דער אָרעמער טויב. זיי שטערן אירע לעצטע שעהן פון אויסגיין...

— די טויב איז שלאַף. מאַטערט זי נישט. לאָזט איר איבער אַליין, צו איר אייגענער איינזאַמקייט! — האָב איך געזאָגט צו די צוויי דערשלאָגענע פרויען.

די פרויען האָבן מיך אָנגעקוקט מיט פּחד אין זייערע אויגן. זיי האָבן אויסגעזען צו זיין פאַרלוירענע, אַזוי ווי די טויב וואָלט זיין זייער געמיינזאַם קינד. זיי האָבן איר געוואָלט ראַטעווען מיט שפּייז, מיט וואַסער, מיט זייער מוטערלעכע אויפמערקזאַמקייט. וואָרוםביידע פרויען האָבן אויסגעזען ווי צוויי דערשלאָגענע מאַמעס איבער אַ קראַנק עופהלע.

אין דער פרי האָב איך די אָרעמע טויב מער נישט געזען. נאָכמיטאָג איז מאַדאַם גאַראָ אַריינגעקומען צו מיר אין שטוב. זי האָט דערציילט אַז די טויב איז פאַרשוואונדן געוואָרן. צי האָב איך זי נישט אַמאָל אַראָפּגעטריבן פון דאַך? צי איז זי געווען ביי מיר אין צימער און איך האָב איר חלילה שלעכט באַהאַנדלט? צי האָב איך נישט געהערט אין דער שפּעטער נאַכט אירע זיפצן? זיי זיינען געווען שטאַרק פאַרצווייפלט. פּחד און משוגעת איז געגאַנגען פון זייערע אויגן. אַזוי האָבן אוודאי געמוזט פינקלען און לויכטן די אויגן פון אונדזערע אור־באָבעס, טיף אין די פינצטערנישן פון די הייסע דזשאָנגלען, ווען זיי האָבן מיט אימה געוואַרט אויפן אַהיימקערן זיך פון זייערע מענער און זין, פאַרבלוטיקטע, געראַניעטע פון דער שלאַכט מיט ווילדע חיות. צוויי אור־ווייבער זיינען דאָ געשטאַנען, פאַרצווייפלטע געשפּענסטער פון אומגליק.

— ניין, מיינע טייערע. איך ווייס פון גאָרנישט. די טויב איז אוודאי קראַנק. זייט זיכער אַז זי האָט געמוזט אַרונטערפאַלן צום אָפּגרונט, אויפן שטיינערנעם טראָטואַר. אָדער אפשר איז זי אַזוי שטייענדיק אַ טויט־פאַר־גליווערטע, איינגעשלאָפן אין איר טויטלעכן שלאָף ערגעץ־וואו אין אַ ווינקל. איך בין כמעט זיכער אַז זי לעבט נישט מער.

— ווי אַזוי ווייסט איר דאָס אַזוי זיכער? — פרעגט מאַדאַם גאַראָ מיט מורא און פאַרדאַכט.

— האָט איר דען נישט דערקענט די אַנגסטן פון אַגאָניע אין דעם אָרע־מען גאָטס באַשעפעניש? האָט איר נישט געזען ווי די טויב איז געווען איינגעהילט אין אַ טויטלעכן טרויער? די טויב האָט פּשוט געזוכט איינ־זאַמקייט, כדי צו קענען אויסהאַלטן אויף אַ ווירדיקן אופן די יסורים פון שטאַרבן...

עטלעכע טעג זײַנען אַדורך. די טויב איז שוין כּמעט געווען אַ פּאַר־געסענע זאַך. מיר באַגעגענען אַזוי פֿיל מענטשן אין פֿאַרלויף פֿון אונדזער לעבן וועלכע ווערן צו אונדז נאָענט. שפּעטער גייען זיי אַוועק אויף אייביק, כּדי זיך קיינמאָל מער נישט אומצוקערן. מיר זײַנען שוין געוואוינט צום שיידן זיך מיט מענטשן. ווען מיר זײַנען יונג, ווייסן מיר נישט וואָס אַזוינס עס איז דער טויט. מיר קענען זיך דעמאָלט כּמעט נישט מיט קיין על־טערע מענטשן. אַרום אונדז פּלאַטערן לויטער יוגנטלעכע. שפּעטער, ווען מיר ווערן ביסלעכווייז עלטער, הויבן אָן פֿאַמעלעך אַוועקצוגיין פֿון אונדז אונ־דזערע פּריינט אויפֿן לאַנגן וועג פֿון דער אייביקייט. זיי ציען אַוועק מיט דעם טונקעלער קאַראַוואַנע פֿון שאָטנס. צום זשאַרנדיקן, צום אומעטיקן זון־אונטערגאַנג. אַן אימהדיקער ווינט גייט אַדורך די וועלט און שלײַדערט אַראָפּ די געלע בלעטער פֿון דעם אומגעהויערן לעבנס־בוים. מיר בלײַבן איבער אַליין. מיר וואונדערן זיך: לאָזן די אָרעמע מענטשן אויף דער ערד טאַקע נישט איבער קיין שום צייכנס נאָך זייער עקזיסטענץ? בלײַבט נישט קיין שום שליאַד אויף די וועגן און שטעגן, וואו זיי האָבן אַ לעבן לאַנג געוואַנדערט אין יסורים? פֿאַרגייט טאַקע אויף תּמיד שוין דאָס מענטשלע־כע לעבן?

אין איינעם אַ טאָג האָב איך באַזוכט מײַנס אַ פֿרײַנדין. רעדנדיק מיט איר וועגן די פּאַסירונגען פֿון די לעצטע טעג, האָב איך איר אויך דערציילט וועגן דער קראַנקער טויב.

— פֿאַרוואָס האָסטו באַלד נישט פֿאַרשטאַנען? — זאָגט זי צו מיר. — די טויב האָט זיך אויסגעזוכט אַ רויִקן אָרט כּדי צו קענען אויסגיין אין שטילקייט. ווען די טויב געפֿינט זיך צווישן די אַנדערע טויבן און זיי באַמערקן אַז זי שטאַרבט, דערשלאָגן זיי איר אויף אַ ברוטאַלן אופֿן. זיי קענען נעבעך נישט פֿאַרטראָגן אַז זייער שוועסטער זאָל זיך לאַנג מאַטערן. עס איז בײַ זיי פֿאַראַן אַזאַ גרויזאַם געזעץ. זיי טויטן זייערע אייגענע אין זייער גסיסה...

— ווי שוידערלעך דאָס איז! — זאָג איך, און איך ציטער אויף. — איך האָב דאָס פֿריִער נישט געוואוסט. אָבער איך האָב דערפֿון געטראַכט.

— יאָ, אַזוי פֿירן זיי זיך אויף. — זאָגט ווײַטער מײַן פֿרײַנדין. — די קראַנקע טויב איז אַנטלאָפֿן כּדי אויסצוגיין אין איינזאַמקייט. פֿאַר זיך אַליין האָט זי געוואָלט זײַן מיט איר טויט, ווי יעדער איינער שטאַרבט סוף־כּל־סוף אַליין. וואָרום קיינער גייט נישט מיט מיטן שטאַרבנדיקן אויפֿן וועג פֿון טויט. אַפֿילו נישט די סאַמע געטרײַעסטע. נאַקעט און איינזאַם גייט יעדער איינציק באַשעפֿעניש אויף זײַן לעצטן וועג.

איצט האָב איך נאָך מער רחמנות געקראָגן אויף דער טויב.

— עס איז מאָדנע, — זאָג איך, — איך האָב עפּעס די גאַנצע צײַט געפֿילט ווי די טויב וואָלט זײַן מײַן ערשט־פֿאַרשטאָרבענע מוטער. אַזוי

קלייך, רואיק, צאַרט און באַשיידן, פונקט ווי מיין שטילע מוטער. זי האָט געוואָלט אַזוי אָפט צו מיר קומען, אין מיין אָרעמען שטיבל. אָבער זי איז אין איינעם אַ טאָג, פון מיטן זומער, געשטאָרבן אַן עלנטע אין מושב זקנים. זי איז קיינמאָל מער צו מיר נישט געקומען. אָבער איצט, ווען די טויב איז אַריינגעקומען, און זי האָט עפּעס נישט גערן געהאַט מיך צו פאַרלאָזן, האָב איך געפילט ווי זי וואָלט זיין מיין מאַמע. מיין געטרייע מאַמע איז צו מיר געקומען, אַן אומעטיק־פאַרוואַגדלטע אין דער אַש־גרויער, שטילער טויב. איינזאַם און עקשנותדיק האָט זי זיך געראַנגלט כדי צו שטיין אין אַ ווינקל פון מיין טונקעלן צימער. זי האָט זיך געפּרואווט באַהאַלטן אונטערן בעט...

מיין פריינדין האָט געוויינט. גרויסע טרערן האָבן באַנעצט אירע אָפּ־געצערטע באַקן.

— און דאָס וואָס די טויב איז אויף אַזאַ מיסטעריעזן אופן פאַרשוואונדן געוואָרן, פאַרשטאַרקט נאָך מער אין מיר דעם חשד. גלויבסטו נישט אַז עס האָט באמת געקענט זיין די נשמה פון מיין גאָטלזעליקער מוטער, טייערע?

— האָב איך, אַן ערנסטער, געפרעגט מיין פריינדין.

— יאָ, איך בין דערין איבערצייגט. עס האָט טאַקע געקענט זיין דיין מוטער.

— הייסט עס אַז אויך דו, מיין טייערע, ביסט אַביסל אָבערגלויביש? איך האָב דערפון קיינמאָל פריער נישט געוואוסט.

— עס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אָבערגלויבן. איך האָב זייער ליב געהאַט דיין טייערע מוטער. איך קען לייכט גלויבן אַז די אָרעמע פרוי איז געקומען כדי דיך ווידער צו זען אין איר גרויסער בענקשאַפט נאָך דיר. וועלכע מאַמע האָט נאָך אַזוי שטאַרק ליב געהאַט איר זון ווי דיין מאַמע האָט דיך ליב געהאַט?!

עס האָט מיך איצט שרעקלעך באַנג געטאָן פאַרוואָס איך האָב די טויב פאַרטריבן פון מיין צימער. עס איז דאָך געווען ווי איך וואָלט מיין אייגענע מאַמען אַרויסגעטריבן פון הויז.

---

אין די לעצטע טעג זע איך ווידער עפּעס אַ טויב אין אַ שטייג, אינעם טונקעלן קאָרידאָר. איך גיי צו. איך קוק זיך גוט איין. עס איז אַלץ דיזעלבע קראַנקע טויב. נאָר זי איז געוואָרן נאָך קלענער און איינגעשרומפּענער ווי פריער.

— וואו איז די טויב געווען? — פרעג איך מאַדאַם גאַראַ. — ווען האָט איר זי געפונען?

מאַדאַם גאַראַ איז נערוועז און אויפגערעגט. זי רעדט האַסטיק, אַן אָטעם:

— שטעלט איך פאָר אַז די טויב איז דורך דער גאַנצער וואָך געלעגן

אויף אַ שטיין. אין יענער נאַכט ווען זי איז פאַרשוואונדן געוואָרן, איז זי אַראָפּגעפאַלן, ווי איר האָט מיך טאַקע פאַרזיכערט. די אָרעמע טויב! איך האָב זי געבראַכט צום דאָקטאָר. ער זאָגט אַז זי האָט אַ צעבראָכענעם פליגל.

אין אַ טאָג אַרום איז די טויב אויסגעגאַנגען אין שטייג. מאַדאַם רענע גאַראַ און איר טאָכטער לוסיל מיט די רעליגיעז־עקסטאַטישע אויגן און אַסקעטיש־אויסגעדאַרטן גוף האָבן בײדע שרעקלעך געוויינט.

איך האָב געטראַכט:

— דער מענטש האָב ליב די חיה, דעם פויגל. מיר שטאַמען אַלע אָפּ פון איין געטלעכן מקור. וואָס עס זאָל נישט זיין די מיסטעריע פון דעם אוניווערסאַלן לעבן, איז דאָס איינע און דיזעלבע רעטעניש וואָס נעמט אַרום גאָר דאָס לעבן פון אַלע באַשעפענישן אויף דער אומעטיקער ערד. עס איז טאַקע דער מין מענטש וואָס קעניגט איבער גאָר דעם לעבן. אָבער ער איז אַ טרויעריקער קעניג. זיין טרויער הערשט קעניגלעך איבער אים...

# נשמות זוכן גופים

## (פאַנטאַזיע)

די נשמה האָט זיך אָפּגעווישט די טרערן וואָס זיינען כסדר גערונען פון אירע אויגן. זי האָט מיר דערציילט:

— עס איז נישט געווען קיין איבעריקע צייט כדי זיך אָפּצוקלייבן דאָס שענסטע און בעסטע פון די גופים. די מלאכים, ווי די נאַצישע משרתים אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָבן געשלאָגן מיט בייטשן אויף אונדזערע נאַקעטע לייבער. מיר האָבן ביטער געוויינט און מיר זיינען געווען נאַס פון טרערן. איך האָב געזען ריזיקע שפייכלערס אָנגעפילט מיט בערג לעבעדיקע אויגן פון צדיקים און הייליקע; פון מאַמעס וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַר זייערע קינדער און פון פאַרוויאַנעטע פראָסטיטוטקעס וואָס האָבן געזען דעם אונטערגאַנג פון זייערע מידע, אומגליקלעכע לעבנס. איך האָב זיך גראָד אויסגעקליבן אַ פּאָר אויגן וואָס איינער אַ מענטש האָט צוריק־געגעבן צו גאָט מיט שטיפע טרערן אין די שוואַרצאַפּלען, זיך שטיקנדיק אויף דער תליה. זיין שטראָף איז זיכער געווען אַזוי ביטער ווי זיין פאַר־ברעכן. איך האָב גיך געכאַפּט אין מיינע פאַרקראַמפּטע פינגער די צוויי אַנגסטיקע אויגן וואָס האָבן נאָך געוויינט און איך האָב אויך גענומען צוויי צעשפּאָלטענע העלפטן פון פרעמדע, אומבאַקאַנטע נעז. איך האָב אַריינגע־שטעקט די האַנט אין עפּעס אַ זומפּ פון גלידער און איך האָב אַרויסגעצויגן אַ פּולע זשמעניע מיט ציין פון געוועזענע מענטשן וואָס האָבן מיט זיי געקייט, געפרעסן פלייש פון אומגעבראַכטע חיות און געגריזשעט די ביינער פון באַשעפענישן. איך בין געלאָפן אין הימל אָן אַן אָטעם, ווי אַ משוגענע. פון אַ נאָך פאַרבלוטיקטן שאַרבן האָב איך אָפּגעפליקט שווערע שטיקער צעפּ

מיט רויטע האָר. איך האָב אָפּגעבראָכן אַ פּאָר שאַרפע קינבאַקן פון צוויי אומהיימלעכע פנימער און דאָס אַלץ איינגעאייגנט פאַר מיר, פאַר מיין פנים און גוף. איך האָב אַמאָל געחלומט צו זיין אַ גערעטענע פרוי, וואָס זאָל געפעלן די מאַנסבילן. אָבער מיין דערשראָקענע נשמה, אין גע־יג נאָך פליי־שיקער געשטאַלטונג, האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ סקעלעט פון אייזן און איך האָב געקראָגן צוויי לאַנגע, פרעמדע און אומהיימלעכע הענט און פיס פון עפּעס אַ מאָדנע, שיכּורע מולאַטקע.

— איך האָב געזען ווי עס ליגן אין די שפּייכלערס בערג מיט שאַרבנס, ליפּן, ציין אויגן, נעז, גאָמבעס, קינבאַקן, פּעטע קאַרקן און דערשטיקטע גאָרגלען פון הענקערס און פון געהענקטע צוגלייך. איך האָב זיך אָנגעגנבעט מיט גלידער און צונויפגעשטעלט פאַר זיך אַ געשטאַלט אין ווילדער איילע־ניש וואָס איז געווען עפּעס אַ מאָדנע קאַריקאַטור און געשפּענסט. ביינאַכט האָב איך זיך אַדורכגעגנבעט די חושכדיקע גרענעץ צווישן הימל און ערד. איך האָב זיך אַדורכגעשלאָגן דורך אַלערליי סאַדיסטישע מלאָכים, ענלעכע צו משוגענע חיות, צו גראָטעסקע טיפן און פאַרשוינען פונם ערדישן לעבן, מיטן פרעמדן אָנגערויבטן לייב אויף מיינע אָרעמע ביינער. דאָס וואָס איך האָב געטראָגן אויף זיך, איז געווען גענוג צו באַקליידן אַ טויזנט מענטשן. איך האָב שפּעטער אַ סך גלידער אַוועקגעוואָרפן. איך האָב אין דער נאַכט זיך ערגעץ אָפּגעשטעלט ביי די לעצטע שטומע מויערן פון אַ שטאָט. איך האָב פאַקטיש געלאַנדעט אויף עפּעס אַן אַלטן פאַרוואָרלאָזטן בית עולם. די לבנה איז געשטאַנען אַ ריזיקע אין הימל. איך האָב זי געקענט אָנרירן מיט מיין פרעמדער, קאַלטער האַנט. די שטערן זיינען געווען אומגע־ווינלעך גרויס און שרעקלעך. איין שטערן איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און רויט ווי אַ פאַרבלוטיקט פנים. איך האָב זיך געזעצט אויף אַ צעבראָ־כענער מצבה און מיט שפּייעכץ און טרערן גענומען וואַשן מיין אומהיימלעך לייב און איך האָב ווי אַ חיה אָפּגעלעקט און אָפּגעקושט מיט דער צונג און פייכטע ליפּן די ברודיקייט, די זינד און די פאַרברעכנס פון דורות אומגליקלעכע, שלאַפע און שיכּורע מענטשן וואָס האָבן געלעבט מיט „מיינע" גלידער אין באָרדעלן און שפּיטעלער; אין טורמעס און קאַזאַרמעס; אין פּאַ־לאַצן און קלויסטערן, וואו זיי האָבן געמאַכט דראַמעס און טראַגעדיעס און זיי האָבן זיך באַטייליקט אין עקזעקוציעס, לוויות, חתונות, פּראָצעסיעס און אַלערליי מאַסנספּעקטאַקלען. ביסלעכווייז האָב איך זיך צוגעוואוינט צו די גלידער און זיי זיינען מיר געוואָרן אייגן, ליב און היימיש. איצט בין איך שוין אַן אַלטע פרוי און איך ווייס פון דער מחשבה אַז עס איז נישט ווייט דער טאָג און איך וועל זיך מוזן שיידן מיט מיינע גלידער, כדי אַנדערע נשמות זאָלן ווייטער לעבן מיט זיי דורך פאַרשידענע גלגולים. ...יאָ, איך האָב זיך שוין פון לאַנג אָן צוגעוואוינט צו מיין גוף. עס איז מיר אַ שאָד אים אַוועקצוגעבן צו אַן אַנדערע נשמה...

# ער קומט פאָזירן פון הימל

דער מאָלער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן:

— „עס איז געווען זון־אונטערגאַנג. איבער די אַלטע מויערן פון דער בויערי; איבער די אייזערנע און פאַרזשאַווערטע גאַנעקעס; אין די ענגע, ברודיקע געריטנדלעך מיט אָפּגעבליאַקירטע גראָז און פאַרוויאַנעטע, פון דער היץ שמאַכטנדיקע בלומען, האָבן געפּלייצט שטיקער פייער, פונקט ווי אַ וואַנזיניקער ווײַנשענקער וואָלט אויסגעגאָסן פעסער מיט רויטן ווײַן. שטיקלעך זיידענע וואָלקנס האָבן אַרומגעשוועבט אויפן הימל, אַזוי ווי ערגעץ־וואו וואָלט אַ קייסערינע צעפּליקט אירע קליידער און העמד אויף איר צאַרטן לײַב און וואָלט די צעריסענע שטיקער געלאָזט פליען מיטן ווינט און שטויב פון דער ערד.

אויף אַ נידעריקער, אייזערנער באַנק, וואָס איז געווען צעבויגן און פאַרזשאַווערט, איז געזעסן אַ פאַרשוין. זײַנע האָר וואָס זײַנען געווען רויט־לעך ווי די פלאַמען פון זון־אונטערגאַנג, האָבן געפלאַטערט אין ווינט. זײַנע אויגן זײַנען געווען אָנגעצונדענע. דאָס זײַנען געווען די אויגן פון אַן איינ־זאַמען, לעגענדאַרן קייסער. דאָס מויל איז געווען עקשנותדיק פאַרשלאָסן. די גאָמבע איז געווען אַ שטרענג־געשניטענע. די מלבושים פון דעם פרעמדן זײַנען געווען אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע. קליידער וואָס עס האָבן אַוודאי געטראָגן אָרעמעלײַט פאַרן אויסגיין. עס איז געווען קענטיק אַז דער מענטש איז אַ בעטלער. אָבער אַזאַ ווי ער וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון די קאַפּיטלעך פון תנ״ך. אָדער ווי איינער וואָס איז ערשט געהאַט אויפ־געשטאַנען פון עפּעס אַ פאַרצײַטיש קבר. ער האָט מיטגעטראָגן מיט זיך געשטאַלט און כאַראַקטער.

איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן פון זײַן פּנים, וואָס האָט דערמאָנט אין אַ נביא, וואָס ווערט געשלאָגן פון ווינט און בייזן וועטער; וואָס ווערט געשליידערט פון גאָט אויסצופירן זײַן מיסיע. איך בין געווען גערירט פון דעם פייער אין זײַנע אויגן, פול מיט אַ געטלעכן צאָרן. מיך האָט צוגעצויגן די הייסע פאַרב פון זײַן קאָפּ מיט פלאַקסענע האָר. דער זון־אונטערגאַנג איז געבליבן שטיין איבער אים.

— וואָס פאַר אַ פּאַבלהאַפטער אוצר פון מאָלערישקייט עס איז פאַראַן אין דאָזיקן מענטש! — האָב איך גערעדט צו זיך אַליין.

איך בין צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט:

— אומבאַקאַנטער, דערלויבט מיר אײַך עפּעס צו זאָגן. איך בין פון דער פּראָפעסיע אַ קינסטלער. וואָלט איר אפשר אײַנגעוויליקט צו פּאָזירן פאַר מיר? איך וועל אײַך אָרנטלעך באַצאָלן פאַר אײַער צײַט. אײַער פיזיאָנאָמיע געפעלט מיר.

דער פרעמדער מאַן האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַביסל פּחד אין זײַנע

שוואַרצאַפּלען. אויף זיין פּנים האָט זיך צעלעגט אַ קינדישער שמייכל. ער איז קענטיק געווען איבעראַשט פון מיין פאָרשלאַג. ער, אַן אָװעקגעשליידערטער פון לעבן; אַן אויסגעשעפּיגענער פון דער געזעלשאַפט; אַ היימלאָזער מאַן וואָס נעכטיקט נישט וואו ער טאָגט און וואָס טאָגט נישט וואו ער נעכטיקט, דווקא ער געפעלט דעם קינסטלער וואָס האָט אַ פאַרלאַנג פון אים צו מאָלן אַ פּאָרטרעט. אין זיינע צאַרנדיקע אויגן האָט פלוצלונג אויפגעשטראַלט עפּעס קינדישס, נאאיווס. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו באַגיסן מיט טרערן. ער האָט שטיל געמורמלט:

— איך, אַזאַ ברודיקער ווי איך בין, געפעל איך גאָר?

דערביי האָט ער זיך אַריבערגעבויגן איבער אַ לוזשע מיט וואַסער, אַ רעזולטאַט פונם ערשט־געפאַלענעם, זומערדיק־וואַרעמען רעגן. ער האָט זיך געפּרוּווט שפּיגלען אין דער טונקעלער פלאַך. ער האָט זיך באַטראַכט פון אויבן ביז אַרונטער און ער האָט געוואַרט אויף מיינע ווייטערדיקע דערקלערונגען.

— קענט איר קומען צו מיר מאָרגן באַלד אין דער פרי, ווען די זון גייט אויף?

ער האָט מסכּים געווען צו קומען.

צומאָרגנס, אין באַגינען, ווי נאָר די גוטע זון האָט אָנגעהויבן צו באַלייכטן די וועלט, איז דער בעטלער געקומען, אָנקלאַפּנדיק אין דער טיר מיט אַן אומזיכערן קלאַפּ. ער האָט זיך געפילט פאַרשעמט מיט זיין הילוך; מיט זיין נאַקעטער אָרעמקייט; מיט זיין פאַרחושכטן פּנים, וואָס איז שוין לאַנג נישט געווען ריכטיק אָפּגעוואַשן.

איך האָב אים געבעטן אַריינקומען אין דער סטודיאָ. איך האָב אים געזעצט אויף אַ לייטישן הינטערגרונט. ער האָט פאַר גרויס באַשיידנקייט זיך נישט פאַרגינען פול אָפּצואָטעמען פון זיין ברייטן ברוסטקאַסטן. בפרט האָט ער זיך געשראָקן אַ הוסט צו טאָן, כאָטש ער האָט, קענטיק, געליטן אויף אַסטמע. איך האָב געמאַכט די ערשטע אויפצייכנונג פון זיין רויער פיזיק. אַ בענקשאַפט האָט מיך באַהערשט אָנצוטאָן אין פלייש און לעבן די דאָזיקע נאַקעטע, אָבער פעסטע סקעלעט־סקיצע, וואָס האָט שוין אַגב אין זיך געטראָגן די פולע אידעע פונם שפּעטערדיקן בילד. עס איז געווען אין דאָזיקן אָרעמען מענטש, אין דעם צעבראָכענעם בעטלער, אַזוי פיל קאָליר און פאָרם, אַזוי פיל העלדישער כּוח און פאַרנעם פון אַ מענטשלעך געשטאַלט וואָס ווערט דורך עפּעס אַן אומבאַקאַנטער אינעריציע אַריינגעטראָגן אין דער וועלט און ער בלייבט שוין דאָרט איבער אויף אייביק, כאָטש זיין אויסגעמאַטערטער גוף פאַלט פון דאָרט פריער אָדער שפּעטער אַרויס. איך האָב אים געצייכנט מיט אינערלעכער איילעניש און מיט אַן עקסטאַז אין האַרצן. כאָטש ער האָט זיך געפילט אַזוי טיף דערשלאָגן און געפאַלן, האָב איך אים צוריק אויפגעשטעלט

צו אַ גאַנצער, אימפּעטיקער און מעכטיקער פּערזענלעכקייט, ווי גאָט האָט אים לכתחילה באַשטימט צו זיין.

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן סקיצירן, האָב איך מיין מאָדעל פאַרבעטן צו אַ מאָלצייט. זיין אַפּעטיט איז געווען אַזאַ ווי ער וואָלט שוין נישט געהאַט געגעסן אפשר אַ האַלב לעבן פון זיין לעבן. מיין פרוי האָט פאַר אים געשטעלט די בעסטע מאכלים און איך האָב כסדר געגאָסן וויין אין זיין כּוס. ביים אַוועקגיין האָב איך אים געבעטן צו קומען אויפצומאָרגנס, כּדי איך זאָל ווידער אַרבעטן אויפן בילד. וואָרים, ווי געזאָגט, דער סקיצנהאַפטער אָנהויב האָט שוין געהאַט פעסט אָנגעזאָגט די פרייד פון אַ געלונגענעם און אומגעוויינלעכן פּאָרטרעט פון אַ מאַן וואָס איז אפשר דורך זיין גורל ספּעציעל אַרויסגעבראַכט געוואָרן צו זיין עקזיסטענץ, כּדי צו פּאָזירן פאַר מיר. הגם דאָס קלינגט שרעקלעך אומבאַשיידן. אָבער קינסטלער צייכענען זיך נישט אויס מיט איבעריקער באַשיידנקייט. עס איז איבעריקנס די דאָזיקע באַאיוויטעט וואָס גיט זיי כּוח צו שאַפן.

מיט די ערשטע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון איז דער פרעמדער מאַן געווען ביי דער שוועל פון מיין סטודיאָ. איך האָב ווידער געאַרבעט אויף דער צייכנונג, שוין לעגנדיק די ערשטע שטיקלעך לעבעדיקע פאַרב. איך האָב זיך איצט נישט אַזוי שטאַרק געאיילט, ווייל איך האָב הנאה געהאַט פון דער שעפערישער אַקטיוויטעט און איך האָב זיך געוואָלט ממש שפּילן מיטן מאָלן, נחת האָבן פון מיין שעפערישקייט און פון דעם אומגעוויינלעכן פּראָצעס פון איבעראַנדערשן גאָט׳ס אָריגינאַל פון איינעם אַ צופעליקן מענטש, אים צו פאַרוואַנדלען אין מיין קינסטלערי־שער שאַפונג און אים צו געבן מיין אייגענע מאָלערישע אינטערפּרע־טאַציע. שפּעטער האָב איך אים ווידער איינגעלאַדן צום מאָלצייט און ער האָט, פאַרשטייט זיך, אויפסניי געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט און געטרונקען אַ סך וויין. ביים אַוועקגיין האָב איך אים אָנגעזאָגט צו קומען צו מיר אויפצומאָרגנס, מיט די ערשטע זוניקע שטראַלן פון באַגינען, כּדי צו געבן דעם בילד פאַרב, פייער און לעבן. ער האָט אַ צופרידענער געשמייכלט. עס האָט אויסגעזען אַז דער בעטלער איז איצט געווען גליקלעך. ער האָט ביי מיר גענומען די קליינע סומע געלט, צוזאָגנדיק באַלד אין דער פרי אָנצוקלאַפּן אין דער טיר.

אָבער אויפצומאָרגנס איז דער בעטלער נישט געקומען. דורכן גאַנצן טאָג פון ליטערן וועטער האָב איך אַן אומגעדולדיקער אויף אים געוואַרט. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס ער קומט נישט. ער איז דאָך געווען אַזוי קינדיש־צופרידן מיטן פּאָזירן פאַר מיר. ער האָט מיט זיין לייב־און־לעבן ממש אַנטיילגענומען אין מיין קינסטלערישער יצירה. ער האָט נאָכגעפאָלגט מיט אינטערעס יעדער פרישן שטריך אין מיין

ווערק. ער האָט זיך געפרייט מיט זיין ניי־געבוירענעם פנים אויפן קאַנוועז; מיט די רויטע האָר אויף זיין שאַרבן, ווי אַ פעלד מיט קאָרן אין דער זון; מיט זיין אָנגעצונדענער באָרד, ווי אַ שטורקאַץ אין דער נאַכט; מיטן געהיימנישפולן אויפבליץ אין זיינע אויגן; מיט די פעסטע, עקשנותדיקע ליפּן וואָס ווילן, דאַכט זיך, באַלד נעמען רעדן מיט גאָט'ס לשון און אָנזאָג. ער האָט זיך געפרייט מיטן ווערן און וואַקסן פון זיין פּאָרטרעט. טיילמאָל האָט זיך מיר געדאַכט אַז דער בעטלער פּילט אינסטינקטיוו זיין נאָענטן, פיזישן אונטערגאַנג און ער פרייט זיך דעריבער מיטן אייביקן לעבן וואָס גייט אויף אין דעם קונסטווערק.

טאָ פאַרוואָס איז ער נישט מער געקומען פאַזירן פאַרן פּאָרטרעט, אין וועמענס אַנטוויקלונג ער האָט מיט אַזאַ טיפן אינטערעס אָנטיילגע־נומען? דאָס דאָזיקע געהיימניש איז פאַר מיר געבליבן אַ לענגערע צייט נישט אויפגעקלערט.

עס איז אַזוי פאַרגאַנגען אַ גאַנצע וואָך מיט זיבן לאַנגע און פייכ־פולע מעת־לעתן. איינמאָל אין אַ טאָג בין איך אַרויסגעגאַנגען צו דער בויערי און איך האָב זיך אָנגעזעצט אויף אַ באַנק אין זעלבן קליינעם פּאַרקל, וואו איך האָב דאָס ערשטע מאָל געזען דעם בעטלער. די זון איז פאַרגאַנגען און האָט אָנגעצונדן מיט קאָלירן דעם פאַרוואָרלאָזטן גאָרטן, דעם ברודיקן באַסיין, וועמענס וואַסער איז געווען גרוי און גע־דיכט ווי בליי. קינדערלעך פון די אַרומיקע אָרעמע הייזער האָבן זיך דערין געבאָדן. אין פּאַרקל זיינען געזעסן פאַרשידענע שיכורע מענטשן, אַפּאַטישע האָבאָס, אַזוי ווי פאַרגליווערטע שטיינערנע פיגורן.

פּלוצלינג האָב איך דערזען אַ מחנה מיט בעטלערס אין צענטער פונם פּאַרקל. פאַרבייגייערס האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּצושטעלן און זיך צוצוקוקן צו עפּעס אַ סצענע, פון וועמענס אינהאַלט איך האָב נישט געהאַט קיין שום באַגריף. איך בין צוגעגאַנגען נענטער. איך בין באַלד ווי פאַרגליווערט געוואָרן פון איבעראַשונג: אינמיטן פון דעם אַנגעלאָ־פענעם געזעמל פון וואַגאַבונדן און אָרעמעלייט איז געלעגן מיין מאָדעל, דער רויטהאָריקער בעטלער. נעבן אים איז אויף אַ שטיין געזעסן אַ בלינדער, אַלטער מאַן. בלוטיקער שוים איז גערונען פון מיין מאָדעלס פאַרקרימטן מויל. דער אַלטער חבר זיינער, דער בלינדער מאַן, האָט רואיק אויפגענומען דאָס שטאַרבן פון זיין חבר. עמעץ האָט גערופן אַ דאָקטאָר. עס איז אָנגעקומען די פּאָליציי. שפּעטער אַן אַמבולאַנס. כאָטש אַלץ האָט געדויערט שרעקלעך לאַנג. אָבער דערווייל האָבן די לעצטע שטיקער זון אָנגעטאָן דעם בר־מינן אין פלאַמיקע תכריכים. עס איז שוין אויך צוגעפאַלן דער אָוונט. לאַמטערנעס האָבן זיך אָנגע־צונדן און מחנות שמעטערלינגען האָבן געטאַנצט אַרום די לאָמפּן. די בעטלערס האָבן זיך געאיילט צו זייערע אָרעמע האָטעלן, צום קאַרגן

מאָלצייט בײַם נישט־געדעקטן טיש, מיט צינענע טעלערס און הילצערנע לעפל. זייערע מידע ביינער האָבן געבענקט צום פֿריען נאַכטלעגער אויף די אײַזערנע בעטלעך און האַרטע מאַטראַצן. איינציק און אַליין איז נעבן בר־מינן געזעסן דער בלינדער זקן. אָן אַ פֿירער האָט ער זיך נישט געקענט רירן פֿון אָרט. די אויגן וואָס פֿלעגן אים תּמיד אַרומפֿירן, זײַנען שוין איצט געווען אויסגעלאָשן.

נאָכדעם ווי דער אַמבולאַנס האָט מיט אַ ווילד געפֿײַפֿערײַ אַוועקגעפֿירט דורך די שטיינערנע גאַסן דאָס ערדישע איבערבלײַבעכץ פֿונעם בעטלער און די פּאָליצײַ האָט זיך גענומען באַשעפֿטיקן מיטן הילפֿלאָזן בלינדן, האָט מיר איינער, אַ וואַגאַבונד, דערציילט אַז דער ייִנגער בעטלער, מײַן מאָדעל, איז געווען דער אונטערפֿירער פֿונעם בלינדן, וועלכער פֿלעגט צוציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פֿאַרבײַגייערס ביט זײַנע ווײַסע, בלינדע שוואַרצאַפּלען, ווי די מאַרמאָרנע אויגן פֿון אַ סקולפּטור. ביידע בעטלערס האָבן זיך געטיילט מיטן פֿאַרדינסט וואָס איז צו זיי אַרײַנגעפֿאַלן. אָבער אין איין טאָג איז דער בלינדער מאַן קראַנק געוואָרן. מען האָט אים גענומען אין שפּיטאָל אַרײַן. זײַן ייִנגער אונטערפֿירער איז דעמאָלט געווען פֿרײַ, אַרבעטסלאָז.

אין יענעם פֿרײַען טאָג האָב איך אים טאַקע געטראָפֿן אויף דער בויערי, אינעם מאָגערן פּאַרקל פֿון די אָרעמע מענטשן. אָבער זינט יענעם טאָג האָט דער בעטלער אָנגעהויבן צו שיכורן אין די ביר־שענק. ער האָט פֿון ערגעץ אַ געהיימנישפֿולן קוואַל געקראָגן געלט — האָט מיר דער וואַגאַבונד דערציילט — און איצט פֿלעגט ער זיך אַרומשלעפּן אַ לוט־שיכּורער, ביז ער איז דאָ געפֿאַלן און ער איז אויסגעגאַנגען. דער וואַגאַבונד האָט צוגעגעבן:

— דער מאַן וואָס האָט אים געגעבן געלט, האָט אים קיין גרויסע טובֿה נישט געטאָן. זײַן לעבער איז שוין געווען פֿאַרברענט פֿונעם גיפֿט פֿון ביליקן ווײַן און וויסקי. ווען ער האָט אויפֿדאָסנײַ אָנגעהויבן צו טרינקען, איז גיך געקומען זײַן סוף.

איך בין אַ דערשלאָגענער אַהיימגעגאַנגען. אַ שרעקלעך שולד־געפֿיל האָט מיך גענומען מאַטערן. איך האָב געקוקט אויפֿן נאָך רויען קונסטווערק און געזאָגט צו זיך אַליין:

— נאָך איידער דאָס דאָזיקע בילד איז רעכט פֿאַרענדיקט געוואָרן, האָט שוין אַ מענטש באַצאָלט פֿאַר דעם מיט זײַן אָרעמען לעבן. וואָלט ער כאָטש געהאַט געלעבט אַביסל לענגער, וואָלט ער געווען אימשטאַנד פֿאַר מיר ווײַטער צו פּאָזירן. דער פּאָרטרעט וואָלט דעמאָלט צום פֿולן לעבן געקומען. ער וואָלט געלעבט מיטן לעבן פֿונעם בעטלער אין אַ קינסטלערישן געשטאַלט.

מיט די דאָזיקע אומעטיקע מחשבֿות בין איך אַ שרעקלעך מידער אײַנגעשלאָפֿן. פּלוצלינג האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. עס איז שטראַלנדיקער באַגינען. איך זע, צו מײַן גרויס איבעראַשונג, ווי דער בעטלער

קומט אַריין און ער זעצט זיך אַוועק אויף דער שטול. ער פֿאַזירט פֿאַר מיר מיט עפּעס אַ מערקווירדיקן שמייכל אויף זיין רואיקן פּנים. עס איז אַלץ אַזוי מאָדנע. אָבער איך פֿאַרענדיק מאָלן דעם פּאָרטרעט. איך מאָל מיט אַזאַ לייכטקייט. איך האַלט אין דער האַנט גרינע, כישופֿדיקע פּענדז־לען....

— יאָ, דער גוטער בעטלער איז צו מיר געקומען צו חלום און ער האָט פֿון יענער וועלט אויס פֿאַזירט פֿאַר מיר. אין באַגינען האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט און איך האָב טאַקע פֿאַרענדיקט דאָס מאָלן פֿונם בילד. מיין זכּרון האָט מיר וואויל געדינט. איך וואָלט געקענט שווערן אַז די נשמה פֿונם בעטלער האָט שטיל און געדולדיק פֿאַר מיר געהאַט פֿאַזירט שעהנ־לאַנג. און איצט איז קלאָר און שאַרף געשטאַנען אין מיין פֿאָרשטעלונג זיין לעבעדיק געשטאַלט. זיינע אומפֿאַרלעשבאַרע אויגן האָבן רואיק געלויכטן מיט אַן אומבאַשרייבלעכער, לויטערער פֿרייד און גליקזעליקייט...

איך בין געווען דאַנקבאַר צו מיין הימלישן מאָדעל. ניין, ער האָט מיך נישט פֿאַרגעסן. ער האָט טייער געהאַלטן זיין צוזאָג צו פֿאַזירן פֿאַר מיר ביז איך וועל האָבן פֿאַרענדיקט דעם פּאָרטרעט.

און, ווי געזאָגט, אינם קינסטלערישן פּאָרטרעט לעבט דער בעטלער ווייטער זיין לעבן אין דער אייביקייט. תּמיד ווען איך ריר אָן דעם פּאָרטרעט, ציטער איך שטיל אויף. עס איז ווי איך וואָלט אַנגערירט דאָס אומגליקלעכע לעבן, די שיכּורע נשמה פֿון אַ מענטש, וואָס האָט געלעבט מיטן כּוס אין דער האַנט..."

---

## די פֿרוי אין פֿענצטער

דער שרייבער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן:

— „ווען איך האָב זיך אין פֿרילינג פֿון יאָר 1940 אַריינגעצויגן אין דעם נייעם מעבלירטן צימער, ביים צענטראַל־פּאַרק, האָב איך אַוועקגע־שטעלט מיין טאַטנס פּאָליטורט שרייב־טישעלע ביי איינעם פֿון די צוויי גערוימע פֿענצטער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט צו דער גאַס. שרייבנדיק ווי אַ באַזעסענער מיט דער שטאָלענער פּענע און טרינקענדיק גלעזער מיט הייסע קאַווע, פֿלעג איך פֿון צייט צו צייט כאַפּן אַ בליק צום דרויסן, כּדי צו באַטראַכטן ווי אַזוי פֿון דער אימהדיקער טיפֿעניש פֿון דער נאַכט געשעעט דאָס אייביקע נס: עס שטראַלט אויף דאָס פּנים פֿון דער זון. אַנטקעגן איבער מיינע פֿענצטער פֿלעג איך תּמיד באַטראַכטן איינע אַ פֿרוי, אַ הויכע און געשטאַלטענע ווייבספּאַרשוין, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ פּוילע, גע־זונטע און קרעפֿטיקע. אירע ווייסע, אָפּגעדעקטע אַקסלען; ווי אויך אירע רייצנדיקע, מילך־קלאָרע בריסטן; דער הייסער פֿלאַם פֿון איר טונקל־קופּערנעם קאָפּ געדיכטע האָר און איבערהויפּט אירע גרויסע, שטראַלנדיקע

אויגן, האָבן דערציילט פון אינסטינקטיווע בענקשאַפט נאָך אַ מאַן, נאָך היים, נאָך קינד און ליבשאַפט. די דאָזיקע, ווי פון גאָט צוגעשיקטע פרוי, פלעגט מיר שענקען אינספּיראַציע מיט איר עקזיסטענץ, מיט איר זוניקער דער־שיינונג, וואָס האָט אויסגעפילט די ראַם פון פענצטער ווי אַ מאָדעל פילט אויס אַ קאַנווע. אָן איר דערשיינונג האָב איך שוין נישט געקענט שרייבן אין די פריע באַגינענס. עס האָט זיך צווישן אונדז ביידע פאַרבונדן אַזאַ מאָדנע פריינטשאַפט. הגם, איך מוז זאָגן דעם ריינעם אמת, ווען איך פלעג אַמאָל גאַנץ צופעליק באַגעגענען די פרוי אויף דער גאַס, אָדער אין נאָענטן צענטראַל־פּאַרק, צווישן גאָט'ס שאָטנדיק־אידעלע בוימער, איז זי צו מיר געווען כמעט אַ פרעמדע און אומבאַקאַנטע. מיר פלעגן זיך אַפילו אַזוי ווי נעגירן אָדער אויסמיידן איינער דעם אַנדערן. איר מערקווירדיקן און איינציקאַרטיקן כישוף איבער מיר האָט זי דווקא אויסגעאיבט פונם הויכן פענצטער אויס, ווי פון אַ טורם, שטראַלנדיק אויף מיר מיט דעם ליכט פון איר פערזענלעכקייט ווי די לבנה אויפן הימל און אַנטפּלעקנדיק פאַר מיין אויג איר אויסערלעכע שיינקייט און אָפטמאָל קעמענדיק מיט אַ טיפישן, לאָרעלייאישן רייץ אירע קופערנע, קאַשטאַנאָווע האָר, וואָס האָבן גע־שמעקט ווי ערשטפאַרבריטע טיי און וואָס האָבן מיך היימלעך דערמאָנט אין דעם געדיכטן סאָד פון מיין קינדהייט, וואָס פלעגט ווערן טונקל־רויט ווי אַ לויטערער פלאַם אין דער צייט פון הערבסט.

די דאָזיקע אומבאַקאַנטע פרוי פלעגט אַרום פרילינגס־צייט אַרויסשטעלן אויף איר פענצטער אַ בוקעט מיט בונטע קוויאַטן, וואָס האָבן אַזוי ווי אַן אַנגעצונדענע לאַמטערנע אין דער טונקעלער נאַכט באַשטראַלט די גרויע, ניו־יאָרקישע גאַס. זי האָט וואויל געוואוסט אַז איך, דער שרייבער, האָב ליב בלומען. אַז איך ציטער פשוט אויף ביים דערפרייענדיקן אַנבליק פון נאַטור. זי האָט אויך געוואוסט אַז איך בין תמיד אַנטציקט און איך שטיי אין שטוינונג פאַר דער דערשיינונג פון שיינע פרויען. דערפאַר האָט זי זיך אַזוי אָפט געוויזן צו מיר אין אַלערליי אַנציִענדיקע פּאָזעס, אויף וועלכע אַ פרוי איז אַן אויסגעצייכנטע מייסטערין און געבוירענע שוישפּילערין. זי האָט שטיל אַרויסגעכישופט פונם פענצטער־ראַם אָפטמאָל אַ נאָך נישט אינגאַנצן אַנגעטועגע. דער חלום פונם נישט־פאַרענדיקטן שלאָף האָט נאָך געשפּילט אויף איר פנים זיין געשפּענסטערדיקע דראַמע.

טיילמאָל פלעגט זי צוגיין צום פענצטער אַ נאָך נאַסע פון איר באָד־צימער און זי פלעגט רייבן דאָס וויכע, וואָלענע האַנטוך איבער איר זיידע־נעם, אויסגערוטן לייב, וואָס איז נאָך געווען טיילוויַיז באַדעקט מיט שוימיקע זייף־מידלענעס. די פרוי האָט, ווייזט אויס, אין דער טיפעניש פון האַרצן פאַרערט אַ שעפער און זי האָט געוואוסט די סענטימענטאַלע באַציאונג צווישן קינסטלער און פרוי. זי האָט די גאַנצע צייט צו מיר פשוט געדינט מיט איר אידעלער אַנוועזנקייט. וואָרים אַ פרוי, אויב זי וויל, איז אימ־

שטאַנד צו פּאָזירן אַן אַנטבלויזטע אַפילו ווען זי טראָגט מעטאַלענע קליידער
אויף איר רייצנדיקן לייב. איך האָב איר געגעבן צו וויסן פון מיין ריטערי־
שער, מענלעכער דאַנקבאַרקייט דורך מיין פליגעלמאַניש־סענטימענטאַלן
בליק.

טראָצדעם וואָס קיין שום אַקטיוויטעט איז אין אונדזער לעבן נישט
פאָרגעקומען אין שייכות פון איין פערזאָן צום אַנדערן, דאָך האָבן מיר
עמאָציאָנעל איבערגעלעבט אונדזערע עקזיסטענצן. די פרוי האָט געפילט
און געוואוסט אַז אַראָפּקוקנדיק פונם הויכן גאָרן צו איינעם אַן איינזאַמען,
אידישן שריפטשטעלער, וואָס זיצט ביי זיין טאַטנס שרייב־טישל כמעט אַ
שטענדיק־צוגעקאַוועטער ווי מיט אייזערנע קייטן, און ער פאַרענדיקט זיין
טאַטנס שרייבערישן חלום אין די גרויע באַגינענס פון זיין אייגענעם באַ־
וואוסטזיניקן לעבן, בליט די איטאַליענישע פרוי אַריין אין זיין שרייבן,
וואַקסט זי ממש לעבעדיק אַריין מיט איר פערזענלעכקייט און פרויאישן
חן אין זיין קינסטלערישן שאַפן. ווערט זי אַ גייסטיק־אינספּירירנדי־
קע אין זיינע עסייען. שפּאַצירט זי אַרום אין דעם וואַלד פון זיין פיל־
קאָלירטער פּראָזע אַזוי ווי די באַשיידענע רות גייט אַרום מיט באָרפוסע פיס
אין די טוי־פייכטע לאַנדשאַפטן פון דער ברכהדיקשפעדיקער מעשה רות און
ווי די קייסעריגע אסתר גייט אַרום אַזאַ טרערנפייכטע אין דעם זיסן ספרל
פון „מגילת אסתר”. וואָרים דער מחבר פון די שורות באַשרייבט און ער
שילדערט זיינע אייגענע פרויענכאַראַקטערן אָפטמאָל נאָך איר פשוטן און
געטלעכן אָנזען נאָך. ער שענקט צו זיינע העלדינס אירע לאַנגע קאַשטאַ־
נאָווע האָר. ער צייכנט זיינע פרויענגעשטאַלטן אין ענלעכקייט צו איר, צו
דער שלאַנקער, טרויעריקער און פאַרטראַכטער פרוי. פאַקטיש גייט זי אַריין
אַ גראַציעזע אין דעם פּראָזע־וואַלד פון זיינע שריפטן מיט איר ראָמאַנטישן
גייסט און כאַראַקטער. זי באַזעצט זיך דאָרט אויף אייביק, ווי אייביק
עס איז בכלל די שאַפונג פון אַ אידישן שריפטשטעלער. דאָס מילך קלאָרע
ליכט וואָס עמאַנירט פון אירע גלידער און פון איר גאַנצער סענסיטיווער
פערזענלעכקייט באַלויכטן זיינע מרה־שחורהדיקע אותיות ווי די לבנה באַ־
שטראַלט נאָקטורנע דזשאָנגל־לאַנדשאַפטן.

עס איז נישט אַדורך קיין איבעריקס־לאַנגע צייט, אפשר בלויז גע־
ציילטע חדשים, און די פרוי האָט חתונה געהאַט מיט עפּעס אַ דיקלעכן,
עלטערן מאַן, אַן איטאַליענער, וואָס האָט אויסגעזען ווי דער באַרימטער
זינגער קאַרוזאָ. מען האָט באַלד געקענט באַמערקן אַז צופיל גליקלעך
פון דער חתונה איז די פרוי נישט געווען. יעדן אָוונט פלעגט ער זיך
אַהיימקערן מיט אַ קוישל נאַסע, אין גרינע פּאַפּיר איינגעפּאַקטע בלומען.
קענטיק אַז ער האָט פאַרקויפט בוקעטן מיט רייצנדיקע בלומען ערגעץ ביים
אַריינגאַנג צו אַ סאָבווי אָדער נעבן אַ טעאַטער. אין אַ קורצער צייט אַרום,
האָב איך באַמערקט, איז די פרוי געוואָרן אויסגעפּילטער און וואָגיקער אין

די גלידער פון איר גוף, באַזונדערס אין דער געגנט פון איר בויך. אירע בריסטן זיינען געוואָרן שווערער. עס איז געווען גענוג קלאָר: די שוויַיגנדיקע פרוי האָט שוין איצט געשוואַנגערט. איך האָב באַלד דערקענט אַז זי דערציילט עס אויף איר שטומען, אָבער גענוג קענטיקן, ווייבערישן לשון און מיט אַ ספּעציעלן רירנדיקן שטאָלץ צום שרייבער פון די שורות און, ווער ווייסט, אפשר צו נאָך עטלעכע אַנדערע איינוואוינער פון דער גאַס, פונקט אַזעלכע נייגיריקע ווי איך. איר אינטים פּרוויאיש לעבן איז געוואָרן מיין אָפן בוך, כדי דערין פריי צו לייענען די געשיכטע פון די מענטשלעכע דורות. זי איז הויך אין דער פענצטער־ראַם איבער מיר געשטאַנען מיט איר צעוואַקסענעם בויך און זי האָט מיט אַ שטאָלצער מינע אָנגעוואונקען אויף איר איצטיקן צושטאַנד. און, פאַרשטייט זיך, אַז מיין ראָמאַנטישער און מען קען אויך דריסט צוגעבן אַז מייך ליטעראַרישער רעספּאָנס איז געווען אַ העכסט־פריינטלעכער. שרייבער און פרעמדע פרוי פון פאָלק האָבן זיך אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען.

נאָך די ביין חדשים פון איר געווייַנלעכער שוואַנגערשאַפט האָט די פרוי געגעבן געבורט צו אַ יינגעלע. איצט איז זי געשטאַנען אין דער ברייטער ראַם פון פענצטער אַ בלייכע, אַן אויסגעליידיקטע פונם עמבריאָן ווי אַן ערדענע כלי וואָס האָט אויסגעטריפט איר גאָלדענעם וויין. זי איז מערסטנס געווען אומעטיק און פאַרטראַכט. אַזוי ווי פאַרנומען מיט עפּעס אַ פילאָסאָפישן רעיון, קוקנדיק אויף מיין ציטערנדיקער האַנט וועלכע פירט עקשנותדיק די אייזערנע פעדער איבערן שניי־ווייסן בויגן פּאַפּיר און באַטראַכטנדיק צייטנווייז דעם האָריזאָנט מיטן מרה־שחורהדיקן בליק פון אַ פרוי, וועמענס גרויסער חלום, אַזוי לאַנג און שמערצלעך דורך אַ סך שלאָפלאָזע נעכט אין הייליקייט אויסגעחלומט, האָט זיך איצט ענדלעך פאַרווירקלעכט. אָבער, ווי שוין פריער באַמערקט, איר פּנים האָט דאָך פאַראַטן אַ שטילן טרויער, אַ לייכטע אומצופרידנקייט און עפּעס אַן אומ־באַוואוסטע בענקשאַפט. פאַקטיש האָט די ווייבלעכע נאָסטאַלגיע קיינמאָל נישט פאַרלאָזן די דאָזיקע נאָבעלע און אין עצם פון איר כאַראַקטער ראָ־מאַנטישע פרוי. עפּעס איז געווען אַ טיפע וואונד אין איר האַרצן, דורך וועלכן דאָס דערגרייכטע, ווייבלעכע גליק איז אויסגערונען. מיין חשד איז געווען אַז די פרוי האָט באַגעגנט אויף איר בלאָנדזשנדיקן און אַביסל שפּעט־לעך־הערבסטיקן וועג פון איר לעבן דווקא אַ לייטישן, פּשוטן מאַנסביל פון איטאַליענישן פאָלק. אָבער, ער איז עפּעס געווען צופיל פּרימיטיוו כדי צו זיין אימשטאַנד אָפּצושאַצן די ראָמאַנטישע נשמה פון דער גראַטענער און סימפּאַטישער פרוי, וואָס האָט אין די פאַרגאַנגענע צייטן, ווי מיר פלעגט זיך אויסדאַכטן, פאַזירט פאַר די פיינסטע מייסטער פונעם רענעסאַנס־פּע־ריאָד. אַזאַ ווי זי האָט געמוזט זיין די אינספּיראַציע פאַר די אָנגעצונדענע קינסטלער פון אַלע צייטן, וואָס האָבן מיט גרויס איידלקייט און חשיבות

באַהאַנדלט דעם פּרוויאיש־סענסיטיוון גוף און זיי האָבן אים אָנגעטאָן אין זייניקע פּאַרבן וואָס פאַרלירן קיינמאָל נישט זייער וואַרעמען גלי.

דער שרייבער וואָס האָט דורך זיינע שלאָפלאָזע נעכט אָנגעשריבן בערג מיט מאַנוסקריפּטן און וואָס האָט זיך אייביק געראַנגלט מיטן פאַרשאָלטענעם דעמאָן פון ליטעראַטור, האָט וואויל צוגעזען ווי אַזוי דער רבונו־של־עולם האָט אין די קאַלטע און טריבע איינזאַמקייטן פון די נעכט אויסגעשטעלט זיינע אוצרות: דער הימל איז ממש פאַרשנייעט געוואָרן מיט מאַסן ליכ־טיקע שטערן, וואָס משה רבינו, דוד המלך און יחזקאל הנביא האָבן וואויל געזען. אין ווען־ענס בליציקע פּנימער אַלע מענטשלעכע דורות האָבן אַריינגעקוקט מיט פּחד און צווייפל. אַלע פאַרליבטע פאַרלעך האָבן געטרונקען גאָלד־בעכערס מיט שאַמפּאַניער און גיפט פון די דאָזיקע שטערן כדי צו באַגייסטערן מיט ליבע זייערע הערצער. און צוזאַמען מיט דער דאָזיקער פּרוי האָט, דאַכט זיך, אַלץ געפרעגט: צו וואָס? וואוהין? ביז וואַנען? פאַרוואָס באַשאַפט דער רבונו־של־עולם אומצאָליקע פאַנטאַסטישע וועלטן? צו וואָס פאַרשרייבט אויך די שרעקלעך איינזאַמע האַנט פונם שרייבער בערג מיט פּאַפּיר? וועלכער טייוול צווינגט אים און ווען־ענס קללה טרייבט אים צו דעם? פאַרוואָס איז דער גוף פון דער פרוי איינגאַנצן געווידמעט צו איר אומבאַקאַנטן עמבריאָן, וועלכן זי קען אַפילו נישט פּערזענלעך און וואָס קען נאָך אַמאָל אויסוואַקסן אַ כוליגאַן, אַ נאַר, אַ שיכּור, אַ געמבלער, אַ נביא אָדער חלילה אַ הענקער פון אומגליקלעכע מענטשן? צו וואָס ווערט אַלץ, פונם קלענסטן ביזן גרעסטן, ווילד געטריבן אין אַן אומ־געהויערן און אומהיימלעכן ווירבלווינט פון גייסטיקער און פיזישער טע־טיקייט? ווער האַלט די בייטש אין דער האַנט איבער די רוקנס פון די נשמות און ווער טרייבט עס אַן מיט אַזאַ מוראדיקן אימפּעט די פייערדיקע רעדער פונם אוניווערסאַלן לעבן? דאָס זיינען אַלץ שאלות וואָס יעדער קלענערער אָדער גרעסערער פּאַאוסט פרעגט זיך אין די נעכט, זיצנדיק אין זיין איינזאַמען חדר איבער בערג מיט ספרים און קוקנדיק דורכן פענצטער, ווי דורך אַ טעלעסקאָפּ, צו גאָט׳ס אומהיימלעכע שטערן־וועלטן.

דאָס קינד איז דערוויל, מיט זיין אייגענעם לעבנס־אימפּעט און אײ־נערציקע פון די נאַטור־כּוחות געוואַקסן אַ געראָטענס. עס איז ביסלעכווייז געוואָרן צו אַ לייטישן מענטש. אָבער עס איז צו מיר איצט געוואָרן קענטיק אַז די פרוי אַליין האָט אָנגעהויבן אַביסל איינצודאַרן, צו וועלקן ווי אַ צאַרטע בלום אין די טריבע, רעגנדיקע טעג פון הערבסט. זי האָט פּשוט אָנגע־הויבן פאַרעלטערט צו ווערן. אירע אויגן האָבן דאָס מיר קלאָר און וויראַזשנע דערציילט אין דעם אומשטערבלעכן לשון פון דער פרוי און פון לעבן בכלל. אין משך פון דער צאָל יאָרן וואָס איך האָב דאָ געוואוינט, האָב איך דערלעבט צו זען פּאַקטיש אַן עלטערע, פאַרוויאַנעטע פרוי. עס האָט זיך פאַר מיר אָפּגעשפּיגלט כמעט אַ גאַנץ מענטשנלעבן מיט זיינע געוויינלעכע

דריי אָדער פיר אַקטן, אין אַ היפּשער צאָל סצענעס, אין משך פון אַ יאָר־צענדליק און אין דער ראַם פון אַ פענצטער אין אַן אַלט הויז, אין איינע פון די גרויע, מאָנאָטאָנע גאַסן פון דער וועלט־באַרימטער שטאָט. דער רואין פון איר גוף האָט צו מיר געשיינט צו זאָגן אין אַ גענוג קלאָרער שפּראַך:

— אַלץ האָט, ווייזט אויס, בלויז איין אומבאַוואוסטן און גראַנדיעזן צוועק: אייביקע פּאָראויספלאַנצונג פון לעבן און די פאַרזיכערונג פון ווייטער־דיקע דורות אין גאַנג צו עפּעס אַן אומבאַקאַנטן ציל. גאָט אַליין פאַרניכטעט זיך אין זיינע מילי־מיליאַסן קאָסמישע עקספּערימענטן. די איינצלנע מענטש־לעכע דורות ווערן אויפגעגעסן כדי דאָס לעבן פון דער מענטשהייט זאָל פּאָראויסגיין אין דער אייביקייט. דער שרייבער פאַרוואַנדלט זיין שרפה־דיק בלוט אין טינט כדי אָנצושרייבן זיין לעבנס־ווערק. די פרוי איז אומ־געווינלעך־גליקלעך אַריינצוגיסן איר אייגן לעבן און דעם הייסן מאַרך פון אירע ביינער אין איינעם אַ פרעמדן מענטש, וואָס קומט פון ערגעץ אַן אָפּגרונט, און וואָס קען אַמאָל זיין אַ קייסער מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ, אַ בעטלער מיט אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט נאָך אַ שטיקל ברויט אָדער גאָר אַ רוצח וואָס טראָגט יסורים און אומקום צו אומשולדיקע מענטשן אין דער טונקעלער נאַכט... — — — —

ווען איך האָב זיך אין אַ צייט אַרום אַוועקגעצויגן פון מיין וואוינונג נעבן צענטראַל־פּאַרק, האָב איך פיינלעך געבענקט נאָך דער פרוי וואָס איז עטלעכע יאָר צייט געווען מיין אינספּיראַציע, מזן מוזע און מיין מוז צום שרייבן. איך האָב, ווי שוין דערציילט, אינטענסיוו מיטגעלעבט מיט די געשעענישן אין איינער אַ פרויס אינטימען לעבן. זי האָט אומבאַוואוסטזיניק מיט מיר מיטגעשאַפן אין מיין אומהיימלעכער פּראָזע. עס איז געווען אַ זעלטענע פריינטשאַפט צווישן צווי מענטשן וואָס האָבן קיין איינציק וואָרט קיינמאָל צווישן זיך נישט אַרויסגערעדט. זי איז געווען מיין לעבעדיקע און ערדישע מוזע, צוליב וועמען, איך חזר איבער, איך האָב געמוזט שרייבן. ביז צום היינטיקן טאָג בענק איך נאָך איר. וואָרים, ווי שוין באַשריבן אין דער דאָזיקער דערציילונג, זי האָט מיט איר וואַרעמען, פּלושענעם בליק געוואַכט איבער מיין שרייבן; געשטאַנען איבער מיין קאָפּ און איבער מיין רעכטער האַנט וואָס האָט געהאַלטן פעסט די טינט־פּיכטע פענע צווישן די פינגער ווי עס האַלט שטרענג אַ קעניג זיין סצעפּטער פון שווערן גאָלד. זי האָט גראַציעז, מיט איר נשמה, ווי מיט איר גאַנץ לעבן, באַלויכטן מיין ווערק.

אָט אַזוי האָב איך געזען און אָבסערווירט ווי אַזוי אַ פרוי האָט גע־לעבט, געליבט, געקינדלט, זיך מענטשלעך געענדערט און געעלטערט. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, איך בין זיך מודה, אַז דאָס אַלץ קומט אפשר פאַר ספּעציעל פאַר מיר, פאַר מיין אייזערנער פעדער, פאַר מיין

שטענדיקן טונקעלן טינטלען אויפן שניי־קלאָרן פּאַפּיר. דאָס לעבן שפּילט זיך אפשר אָפּ כדי צו דינען מיט זיין רויען מאַטעריאַל צום קינסטלער, צום דראַמאַטורג און צום פֿאַרצייכנער פֿון מענטשלעכער כראָניק און לעבנס־דראַמע. אָבער דאָ איז געווען ממש וואַרעמע, אינטימע באַציאונג פֿונם רויען, איידעלן לעבן צום שריפֿטשטעלער. דאָ האָט גערעדט די מוזע און זי האָט מיר בפירוש דיקטירט אין דעם דירעקטן לשון פֿון אירע מעשים. איך האָב די הייליקע לעבנס־שפּראַך זעלבסט געפּרואווט פֿאַרשטיין און טיף־אָפּשאַצן. עס ווילט זיך מיר אויך צוגעבן: די איצטיקע דערציילונג איז מיין באַשיידענע מתּנה צו אַ פּרוי, איינע פֿון די מיליאָנען שטילע פֿרויען וואָס טראָגן פֿאַראויס דאָס לעבן און די מענטשלעכע דורות אין דער אייביקייט אַריין". —

## איך בין געגאַנגען זוכן פֿרייד

עס איז אָנגעקומען די נאַכט פֿון ניי־יאָר. איך האָב צום ערשטן מאָל חשק געהאַט אָנצוקוקן דעם ביינאַכטיקן מענטשנשטורעם אויף דעם וועלט־באַרימטן טיימס־סקוועיר. איך האָב זיך געוואָלט פֿאַרלירן אין דעם מולטי־פֿאַרביקן ים פֿון לוסט און טרויער, פֿון ליידנשאַפֿט און פֿאַרמאַסקירטן אומעט. איך האָב געהאַט אַ באַגער זיך צו פֿאַרגעסן אין דעם וואַלד־און־ווילדעניש פֿון מענטשלעכן אויפֿברויז און יובל.

עס איז שוין געווען אַרום צוועלף ביינאַכט, ווען איך האָב זיך געפֿונען אין צענטער פֿון טיימס־סקוועיר. דער צעהיצטער און טומלדיקער המון האָט שטורעמדיק געיובלט אַזוי ווי אין פֿאַרצייטישן בבל. איך האָב אָנגע־קוקט וועלדער מיט מענטשן ווי אין אַמאָליקן מצרים פֿון די אַמביציעזע פּרעהס. איך האָב פֿאַרנומען די געשרייען פֿון פֿעלקער ווי אין היסטאָרישן רוים, וואו מען האָט געפֿייערט די זיגערישע מלחמות פֿון די צעזאַרס. איך האָב געהערט דאָס אימהדיקע קרעכצן פֿון די שקלאַפֿן צוזאַמען מיט די משוגענע און נצחונדיקע געשרייען פֿון די אויפֿגערעגטע מאַסן, הונגעריקע נאָך בלוט און עראָטיק, נאָך עפֿנטלעכע ספּעקטאַקלען, עקזעקוציעס און צירקוסן. דאָס איז דאָך טאַקע, האָב איך געטראַכט, דער אייביקער המון. אויב דו ווילסט קריגן זייערע אַפּלאָדיסמענטן און ווערן פּאָפּולער, גיב זיי קאָסטבאַרע מאַסנאויפֿפֿירונגען, אין וועלכע עס קומען אום פּרינצן, גלאַדיאַ־טאָרן און פֿאָלקס־מאַרטירערס. עפֿן אויף פֿאַרן פֿעבל די טירן פֿון גראַנדיעזע אַמפּיטעאַטערן. זיי וועלן הנאה האָבן פֿון קאַמפֿן ביי וועלכע עס מישט זיך אויס דאָס בלוט פֿון בלוטדורשטיקע חיות און אומגליקלעכע העלדן און קעמפֿערס פֿאַר פֿרייהייט. גיב צו דער צעיושעטער מאַסע קעניגלעכע בעלער און פּילפֿאַרביקע מאַסקאַראַדן. שפּייז דאָס וואולגאַרע פֿעבל מיט ראָסקאָשנע פֿאָלקס־פֿאַרווײַלונגען, פֿייערלעכקייטן און בונטע פֿעסטיוואַלן אויפֿן חשבון פֿון אַנדערע פֿאַרבלוטיקטע און אונטעריאָכטע פֿעלקער. דער המון קען

וואויל פאַרדייען אָקעאַנען מיט ווײַן און הימאַלאַיִשע בערג מיט בלוט־רויטן פלייש. עס קען פאַרצערן געטראַנקען און שפּײַזן פון לענדער און קעניג־רײַכן.

איך האָב אין דער שפּעטער נאַכט אַן אײנזאַמער אַרומגעשפּאַצירט אינם ניו־יאָרקישן פאַנטאַסטישן קאַרנאַוואַל. איך האָב כסדר געזוכט, אַזוי ווי פאַוסט, די מענטשלעכע פרייד, די ברענענדיקע לוסט, די רגע פון ריינעם פאַרגעניגן פאַר מײַן הונגעריקן גייסט און דורשטיקן האַרץ. פּלוצלונג איז נעבן מיר אויסגעוואַקסן אַ קליינע, מאָגערע און אָרעם־געקליידטע מיידל. מיט אַ שטילן, פאַרשעמטן קול האָט זי בײַ מיר געפרעגט וואו עס איז דאָ ערגעץ פאַראַן, אין אַ נאָענטער געגנט, אַ לוויה־הגיים. איך בין פאַרציטערט געוואָרן פון דער אומגעריכטער און אומהיימלעכער פראַגע. עס האָט זיך מיר אויך אַן אײנציקן מאָמענט געדאַכט, אַז עפּעס אַ פאַרשטעלטער מלאך, אַן אויסגעקרימטער פּאַון מיט אַ ציינישן שמייכל, מאַכט חוזק פון מיר אין דער נאַכט פון פרייד און פאַרגעניגן. אָבער באַלד האָב איך דערזען ווי איר געשניצט פּנימל, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי ווי אַ גרויסע בלום וואָס האָט ערשט געהאַט געעפנט אין פרימאָרגן אירע ריינע און פייכטע בלעטער, איז געווען פאַרגאָסן מיט הייסע טרערן. איך האָב פּשוט אויפגעציטערט, שטיל באַטראַכטנדיק איר טרויעריקע דערשיינונג. דאָס מיידל האָט אויס־געקוקט שטאַרק דערשלאָגן, פול מיט קינדישן צער און יסורים אין איר מיידלשער ברוסט. עפּעס אַן אָנזאָג פון עמעצנס ביטערן סוף האָט מען געקענט לייענען אין אירע קלוגע, דורכזיכטיק־ריינע אויגן. גלײַכצײַטיק האָט איר בליק געלויכטן מיט חכמה, מיט עראָטישן רייץ און אַפילו מיט אַ פאַרבאָרגענער פריוואַליטעט. עס איז פאַר מיר דאָ געשטאַנען אַ צאַרטע, שוין רײַף־צעבליטע פרוי אין דאָזיקן איצט־דערשלאָגענעם קינד, אויף וועמענס שוואַכע פּלייצעס עס איז דערדריקנדיק געפאַלן די לאַסט פון אַ נאָענטן מענטשנס טויט.

איך האָב שוין איצט געוואוסט אַז זי ווילט זיך נישט מיט מיר, ווי איך האָב פריער געהאַט פאַרדעכטיקט. איך האָב איר געפרעגט:

— פריילין, ווער איז בײַ אײַך אין הויז געשטאָרבן?

— מײַן מוטער! — האָט זי שטילערהייט געמורמלט.

מיט פּיעטעט האָב איך זי אָנגענומען בײַ דער דינער, ציטערנדיקער פּלייצע. איך האָב זי מיט גרויס אָנשטרענגונג אַדורכגעפירט דורך דער אומגעהויערער מאַסע מענטשן; דורך די וואַנזיניק־הוליענדיקע און ווילד־טאַנצנדיקע מענער און פרויען־קנוילן. מיט עקשנות האָב איך זי כמעט אויף מײַנע הענט אַדורכגעטראָגן דורך די געדיכטע וועלדער מיט פרייד, לוסט און היסטעריע, אַזוי ווי איך וואָלט געווען איר פאָטער, איר עלטערער ברודער אָדער חתן. איך האָב שווער געקעמפט זיך צו מאַכן אַ וועג דורך די ברויזנדיקע מאַסן מיט געשוואָלענע פּנימער, גראָטעסקע נעז, פאַנטאַס־

טישע מאַסקעס און קרומע שנאָבלען. ענדלעך האָב איך דערזען ווי אויף אַ זייטיקער גאַס האָבן אומעטיק געלויכטן די פּורפּורנע אותיות אויפן שילד פון אַ לוויה־הײם. איך בין אַרײנגעגאַנגען אין דאָזיקן אײנזאַמען הויז. אַן אַלטער מאַן, מיט אַ שטאַרק־צעקנייטשט פּנים ווי פון געלן פּער־גאַמענט, אין אַ שוואַרצן אַנצוג, האָט געהאַלטן אין דרימלען, זיצנדיק אין אַ ווייכן פאָטעל, נעבן אַ הילצערנעם טיש, וואַרטנדיק אין שלאָף אויף עמעצנס אומהיימלעכן אַנזאָג פון טויט. אינסטינקטיוו האָט זיין מילך־בלייכע האַנט, אַן אײנגעקנוילטע, געררוט אויפן טונקל־גלאַנציקן טעלעפאָן־אויפנע־מער, זייענדיק יעדע רגע גרייט פאַר „ביזנעס". אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ גרויסער אַלטמאָדישער זייגער מיט אַ ריזיקן ציפערבלאַט. זיין מעשענער אומרו האָט זיך קאַלט און פלעגמאַטיש באַוועגט הין און צוריק, בשעת זיין מעכאַניזם האָט כסדר געמינצט בלייערנע רגעס, מינוטן און שעה'ן; האָט גלייכגילטיק צעברעקלט די אייביקייט אויף פּיצלעך צייט־מאָמענטן, ווי אַן אייז־הענדלער וואָס ברעכט אָפּ שטיקלעך ברילאַנטענע אייז פון אַ מאַסיוון פירקאַנטיקן אייז־בלאָק.

ווי נאָר איך האָב געעפנט די טיר, האָט דער זקן זיך אינסטינקטיוו אויפגעכאַפּט פון זיין דרימל. נאָך דעם ווי דאָס מיידל האָט אים געגעבן איר אַדרעס און די נויטיקע אינפאָרמאַציע, בין איך מיט איר אַהיימגעגאַנגען דורך טונקעלע און פאַרגליווערטע גאַסן, אַנגעטועגע אין סאַזשע־אַנצוגן פון דער נאַכט און אין שטערן, זי אָפּהיטנדיק ווי אַ זעלטענעם בריליאַנט און זי באַשיצנדיק פון שיכורים און כוליגאַנעס, וואָס האָבן זיך געוואַקלט ביי די ברודיקע ווענט פון די הייזער און ביי די אייזערנע גופים פון לאַמטערנס. זי איז בלינדערהייט געגאַנגען ווי אין אַ חלום און איך בין געווען ווי אַ מלאך וואָס האָט זי געהאַלטן ביי דער האַנט און זי געפירט דורך דער וועלט פון נאַכט און ניי־יאָר.

עס איז געווען אַ נידעריק און האַלב־אײנגעפאַלן הייזל ביים ברעג פון איסט ריווער, וועמענס צעפוילטן פונדאַמענט דאָס גרויע וואַסער האָט געגריזשעט מיט זיינע עקשנותדיקע כוואַליעס־צונגען. אין איינעם פון די פאַרוואָרלאָזטע חדרים, צווישן בערג מיט מעבל־בראָכוואַרג און אַנטיקן, אַנגעטראָגענע פון גאַסן, פלעצער און מיסט־קאַסטנס, איז אויף אַן איי־זערנעם בעטל געלעגן אַן אָרעמע פרוי פון פאָלק, אַ מיטליאַריקע איטאַליע־נישע אַרבעטס־פרוי, אַן אויסגעמאַטערטע פון אַ לעבן מיט קראַנקהייט, אָרעמ־קייט און אַלע די פּראַזאַישע ליידן און נויטן פון גרויען לעבן. די פרוי האָט אויסגעזען אַקוראַט ווי זי וואָלט ערשט געהאַט מידערהייט אײנגע־שלאָפן מיט אַ טיפן און שטיינערנעם שלאָף. אײגנטלעך אַ שלאָף צו וואָס עס בענקען און באַגערן צו אים אינסטינקטיוו מיט זייערע ביינער און יסורימדיקע גלידער די מענטשן וואָס זיינען אַנטוישט פון לעבן.

די דאָזיקע עלטערע פאָלקס־פרוי, וואָס האָט געהאַט אַרויסגעלאָזט איר

שטילע נשמה דווקא אין דער נאַכט פֿון ניי־יאָר, ווען דאָס פֿאָלק הוליעט און לאָזט זיך וואוילגיין, איז געווען, פֿאַרשטייט זיך, די מוטער פֿון דעם מיידל, וואָס האָט מיך אַזאַ אומבאַהאָלפֿענע באַגעגנט אויף טיימס־סקווער, בשעת איך האָב, ווי דער יינגער פּרינץ גאַוטאַמאַ בודאַ, געזוכט אין דער וועלט לוסט און אַוואַנטורע...

אַ גאַנצע נאַכט, שוין די רעשטע שעה׳ן פֿונם ניי־יאָר־קאַרנאַוואַל, ווען עס איז פֿון דרויסן דערגאַנגען די נאַכטיקע מוזיק פֿון געשרייען, קרעכצן און פֿון דעם מוראדיקן פּייפֿן פֿון טרובעס און טרומייטלעך, בין איך געזעסן מיטן דערשלאָגענעם מיידל, וואַכנדיק אַ שטומער ביים פּאַרגליווערט־שטייפֿן גוף פֿון דער איינזאַמער פֿרוי, וועמען דער גורל האָט אויסגעוויילט צו זיין איר מוטער און איר פֿריינט... פֿון צייט צו צייט האָב איך אָנגעגאָסן כוסות מיט וויין פֿון אַ פֿלאַש, וואָס איז פֿאַרשטויבטערהייט געשטאַנען אין אַ ווינקל. איך האָב דערמיט געלאָשן מיין דאָרשט און איך האָב נאָס געמאַכט די טרוקענע ליפּן פֿונם פֿאַראָבלטן קינד...

אין דער פֿרי האָבן אין דער טיר אָנגעקלאַפּט די פֿרעמדע קברנים. זיי האָבן קאַלט און געניט אַרויסגעריסן דעם שוין פֿון לאַנג אָפּגעקילטן גוף פֿון דעם געלעגער. דאָס ויידענע און פֿאַרמאַטערטע מיידל, וואָס האָט ענדלעך געהאַט איינגעדרימלט פֿון פּיזישער מידקייט און שרעקלעכע אַנגסטן אין מיינע געטרייע אָרעמס, דערוואַכנדיק יעדע ווילע און אויפֿדאָסניי, ביים דערזען דאָס בערגל פֿון איר מאַמעס אויסגעדאַרטן גוף אונטערן ווייסן איינשיט, אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ פֿרישן שטראָם מענטשלעכן יאָמער, איז איצט אַ פֿאַרצוויפֿלטע נאָכגעלאָפֿן נאָך די ברוטאַלע און פֿלעגמאַטישע קברנים, וואָס האָבן אַרויסגעטראָגן דעם אָפּגעקילטן קערפּער פֿון איר מאַמען און האָבן אים אַריינגעזערגעט אין זייער לאַסטוואָגן. זי איז אַן אומבאַהאָלפֿענע געלאָפֿן איבערן וועג, אַזוי ווי אַ הינטל וואָס לויפֿט נאָך זיין בעל־הבית.

איך בין מיטגעפֿאָרן עטלעכע טעג שפּעטער מיטן מיידל און מיטן אָרון פֿון איר טויטער מוטער אויפֿן קאַטוילישן צעמענטאַרזש. איך האָב זי פֿעסט און פֿאָטערלעך צוגעהאַלטן, ווען זי האָט זיך געריסן צו דער טרומנע מיטן ערדישן איבערבלייבעכץ פֿונם פּאָר איר טייערסטן מענטש אין דער גאַנצער וועלט, וועלכן די שטומע און מעכאַנישע הענט פֿון קברנים האָבן אַרונטערגענידערט אין דער פֿרעמדער ערד אַריין, אין אַ טיפֿן און פּרעציזאויסגעשניטענעם קבר. דאָס ליימיקע זאַמד איז געווען רוי און רויט. די ווינטערדיקע זון האָט עס נאָך רויטער געמאַכט, שפּרייטנדיק אינעווייניק אַ טעפּיך פֿון גאָלד...

נייִן, איך וועל קיינמאָל אין מיין לעבן נישט פֿאַרגעסן יענע נאַכט פֿון ניי־יאָר, ווען איך בין אַ נאַאיווער, ווי דער פֿאַרצייטישער פּרינץ, געגאַנגען אויפֿן וועג פֿון לעבן כדי צו זוכן פֿרייד און צעשטרייאונג און עס איז מיר גאָר אַנטקעגנגעגאַנגען דער מענטשלעכער טרויער אינם איידעלן געשטאַלט

פונם איטאַליענישן מיידל, וואָס האָט מיך צוריקגעפירט צום אמת און תמצית פון לעבן.

## אַן ערלעך פּנים

מיינס אַ גוטער פריינט, אַ אידישער געלערנטער, האָט אַ זייער פּראָמינענט, ערלעך פּנים. ווען איר קוקט זיך איין אין זיין פּנים, זעט איר געטרוי זיין נאָבעלן גייסט, זיין פיינעם אינטעלעקט, די יסורים וואָס ער איז אַדורכגעגאַנגען אין זיין לעבן, וועלכע האָבן אים טיף אויסגעאיידלט. אַזעלכע פּנימער האָבן געוויינלעך יענע מענטשן, וועלכע ווילן שטענדיק זיין אין אָרדנונג מיט זייער געוויסן. מענטשן וואָס זיינען באַהערשט פון אַ דראַנג צו טאָן גוטס צו דער מענטשהייט. אַזאַ אויפריכטיק פּנים האָט גאָט אַליין אָנגעטאָן דעם קינד בשעת זיין געבורט.

— וואָס פאַר אַ פיין פּנים איר האָט! — זאָג איך איין מאָל צו מיין פריינט, דעם באַרימטן פּראָפעסאָר פון אָריענטאַלישע שפּראַכן אין אַן אוניווערסיטעט פון דער מיטלוועסט.

מיין פריינט האָט מיך אָנגעקוקט מיט צאָרנדיקע אויגן. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ פראַגע־צייכן: צי לאַך איך אָפּ פון אים אָדער איך מיין דאָס אויף אַן אמת.

— איר ווייסט, — זאָגט ער צו מיר, — אָט דאָס דאָזיקע „ערלעכע" פּנים מיינס קאָסט מיך אָפּ אַ סך לײדן און אַנטוישונגען אין לעבן. יעדער איינער האַלט מיך פאַר אַן ערלעכן מענטש און צוליב דער דאָזיקער טרויעריקער ערלעכקייט פאַל איך אַריין אין אַ סך אומגליקן.

— ווי אַזוי? — פרעג איך אים און איך טראַכט דערביי אַז מיין פריינט באַזיצט אוודאי די פילאָסאָפיע פון דעם טרויעריק־באַרימטן מאַרקיז דע סאַד: אַז טוגענט באַצאָלט זיך קיינמאָל נישט. וואָרים אַלע כאַראַקטערן פון מאַרקיז דע סאַד׳ס ראָמאַנען, וועלכע באַמיען זיך צו זיין גוט אין לעבן, זיינען אומגליקלעכע מענטשן. זיי באַצאָלן צו טייער פאַר זייער גוטסקייט.

— אָט וועל איך אייך געבן אַ ביישפּיל. איך זיץ איין מאָל מיט מיינע פריינט אין אַ באַן־וואַגאָן. עס זיצן אַרום מיר, ווי איר קענט זיך וואויל פאָרשטעלן, פיינע און ערלעכע לייט, מיט גאַנץ סימפּאַטישע פּנימער. פּלוצלינג דערנעענטערט זיך צו מיר אַ יונגע פרוי מיט אַן אידעלן אויסזען, אין אַ פּרעכטיקן פוטער, מיט קאָסטבאַרע צירונג באַהאָנגען איבער איר הויכן האַלדז און רייצנדיקן בוזים. גאָלדענע אויערריניגען מיט גרויסע בריליאַנטן לויכטן אויף אירע קליינע און צאַרטע אויערן. רינגלעך און בראַנזאָלעטן צירן אירע שיינע, שפּיציקע הענט, ווי ביי דער באַרימטער שוינקייט, די מאָנאַ ליזאַ. מיך וואונדערט זייער וואָס די דאָזיקע אַריסטאָקראַטישע דאַמע קומט דווקא צו צו מיר. און אַזוי ווי איך האַלט זיך אַזוי אין איין וואונדערן און מיין האַרץ קלאַפּט פון נישט־געוויינלעכער אויפרעגונג, דערלאַנגט

מיר די דאַמע אַ קליין פּעקעלע, זאָגנדיק דערביי מיט אַ העכסט ליבנסוויר־דיקן שמייכל, וואָס קען רייצן אַפילו דעם פאַרשטיינערטן מאַנסביל אויפן מאָנומענט:

— מיין ליבער הער, אייך וועט מען נישט חושד זיין. איר האָט אַזאַ סאָרט אָרנטלעכן פּנים... איך בעט אייך, באַהאַלט דאָס אויף עטלעכע שעהן בלויז, ביז מיר וועלן אָנקומען אין שטאָט אַריין.

זי האָט מיך אַפילו רעכט נישט געפרעגט. זי האָט אין מיין קעשענע אַריינגערוקט דאָס פּעקל און איז אין זעלבן מאָמענט פאַרשוואונדן געוואָרן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ פּאַרפיומיקן אַראָמאַט.

איך האָב, ווי איר קענט זיך וואויל פאָרשטעלן, געהאַלטן אין איין ציטערן פון פּחד. די פּיס האָבן ביי מיר שרעקלעך געדריגעט און ווען נישט דאָס וואָס איך האָב ביי זיך געהאַט אַ קליינטשיק פלעשעלע מיט אַמאָניאַק, וואָלט איך פּשוט אָוועקגעחלשט אין וואַגאָן.

עטלעכע מינוטן שפּעטער קומען צו אַ פּאָר דעטעקטיוון, מיט פּאָליציי־לייט, מיט דער עלעגאַנטער דאַמע צווישן זיי, און מען אַרעסטירט מיך. ערשט איצט ווער איך געוואויר, אַז די פּאָליציי פאַרדעכטיקט מיך צו זיין דער נאָענטער מיטאַרבעטער און שותף צו דער מאַדאַם דע לאַ וואָלער, די באַוואוסטע צירונג־גנבטע, אַ באַרימטקייט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אונטערוועלט, וועלכע טיילט אונדז צו דעם כבוד צו גאַסטראָלירן אין אונדזער פרייען, דעמאָקראַטישן לאַנד, און וועמענס ספּעציאַליטעט עס איז צו באַרויבן אַריסטאָקראַטישע דאַמעס און גבירישע רעזידענצן.

ערשט ווען איך בין קוים מיט צרות באַפרייט געוואָרן פון דער פּאָלי־ציי, האָב איך זיך פאַרטראַכט איבער דער פּרעכטיקער גנבטע. איך האָב זיך דערמאָנט אין אירע גרינע, שטראַלנדיקע אויגן, אַזוי ווי צוויי געגנבעטע סאַפּירן אין אַ גאָלדענער בראָשקע. עס איז געווען אין אירע אויגן אַזוי פיל פאַרפירערישער כּישוף. און איר רייצנדיקע פיגור האָב איך ערשט איצט דערזען, איינגעהילט אין אַ קאָסטבאַרן פּעלץ, אין וועלכן זי האָט אויסגעזען ווי אַ שלאַנקער, גראַציעזער טיגער. איך האָב געקענט זען די רונדע קאָנטורן פון איר חנעוודיקער פיגור, וועקנדיק אַזוי פיל ליבע־פאַרלאַנגען. איך בין איצט געווען, זאָל איך אייך אויסזאָגן דעם גאַנצן אמת, פאַרליבט ביז אַריבער די אויערן אין דער פאַרפירערישער און געפערלעכער גנבטע, וועלכע איז שוין איצט נעבעך געווען אין קאָזע. אָט ווי איך לייד, מיין געשעצטער פריינט, צוליב מיין אָרנטלעך פּנים. אַ סך מאָל, אין פאַרצוויפּ־לונג, האָב איך שוין אַפילו געדענקט צו גיין צו אַ דאָקטאָר און זיך לאָזן מאַכן אַ פּלאַסטישע אָפּעראַציע.

— דאָקטאָר! — האָב איך איין מאָל, אין אַ באַזונדערס פאַרצווייפלטן מאָמענט, געזאָגט צו מיינס אַ יוגנט־פריינט, וואָס האָט מיט מיר צוזאַמען שטודירט נאָך אין צאַרישן רוסלאַנד; דאָקטאָר, איר מוזט מיך **תּיכף**

אָפּערירן. וואָרום מיט אַזאַ פּנים ווי מיינס קען איך לאַנג נישט אָנטרייבן אויף דער דאָזיקער פאַרברעכערישער וועלט. איך בעט איך, צעשניידט אומברחמנותדיק די איידעלע שטריכן פון מיין אָרנטלעכן פּנים. שאָבט אַראָפּ, איך בעט איך, די טרויעריקע איידלקייט פון מיינע באַקן. ברענט אויס פון מיינע אויגן דאָס פייער פון מענטשלעכער אויפריכטיקייט און אידעאַליזם. מעקט אויס פון מיין הויט די צייכנס פון אומגליקלעכער הומאַ־ניטעט. צעברעכט אין מיר די ריינע פּערזענלעכקייט. פאַרענדערט מיך צו אַן אַנדערן מענטש. שענקט מיר דאָס אויסזען פון אַ פאַרברעכער. מאַכט מיך אויסזען ווי אַ גענגסטער, אַ מערדער, אַ גיפט־מישער, אַ שאַרלאַטאַן, אַ כוליגאַן. וואָרים איך בין ממש פאַרצווייפלט. שענקט מיר וואָס פאַר אַ פּנים אייער פאַנטאַזיע קען זיך נאָר פאָרשטעלן, נאָר ראַטעוועט מיך! איך וויל לעבן רואיק. איך וויל זיין אַ מענטש מיטאַ לע פּראָסטע מענטשן צוגלייך. איך וויל אויך האָבן אַ קאַפּעלע גליק אין מיין לעבן. איך וויל בשום אופן נישט אַז מען זאָל מיר געטרויען אַלע אוצרות אין דער וועלט צוליב מיין ערלעכן פּנים. אַ סוף און אַן עק זאָל עס נעמען מיט מיין אויפריכטיקן פּנים. דאָקטאָר, ראַטעוועט מיך פּשוט פון אַן אומגליק. רייסט אַרויס פון גיהנום אַ פינצטערן פאַרברעכערס פּנים און טוט עס אָן אויף מיר. זאָל פון אייער שטרענגן כירורגישן מעסער אַראָפּטריפן אויף מיר אַ נייע מאַסקע און אַ ברוטאַלע הויט. איך בעט איך, שניידט מיר אַרונטער דאָס פּנים פון מיין קאָפּ. איך האָב עס אַליין מוראדיק פיינט.

מיין פריינטס רייד האָבן מיך גערירט ביז צו טרערן. ער האָט פאָר־געזעצט:

— איך דערמאָן זיך אַ פּאַסירונג, ווי איינער אַ געפערלעכער גענגסטער האָט ביי מיר איין מאָל אָפּגעשטעקט אַ גלאַנציקן ברויזינג. עס איז געווען אין אַ ביר־סאַלאָן. איך בין געווען שרעקלעך דאָרשטיק פון דער שטיקנדי־קער היץ אין אַ זומערדיקן טאָג. דער שטויב פון דער גאַס האָט מיר טרוקן געמאַכט דעם האַלדז. איך בין אַריינגעגאַנגען אין דעם ערשטן בעסטן ביר־סאַלאָן. איך באַשטעל אַ קופעל מיט פעטן און גראָז־גרינעם באָק און אַזוי ווי איך זיץ זיך אין אַ ווינקל און איך טרינק זיך רואיק מיין הויכן קופעל מיטן דורכזיכטיקן ביר, און האָב שטאַרק הנאה, טראַכטנדיק דערביי אַז גאָטס וועלט איז פאָרט עפּעס ווערט, דויערט נישט קיין רגע און איך דערפיל אין קעשענע דעם האַרטן אָנריר פון אַ שווערער און קאַלטער זאַך. איך קוק זיך מאָמענטאַל אַרום, ווייל אינסטינקטיוו האָב איך שוין קיין גוטס נישט דערוואַרט. און וואָס, מיינט איר, זע איך? פאַר מיר איז גע־שטאַנען אַ ריזיקער פאַרשוין מיט אַן איינציקן, מערדערישן אויג, אַזוי ווי אַ פּיראַט. ער זאָגט אַפילו נישט קיין איינציק וואָרט צו מיר. ער טוט בלויז מיט זיינע גראָבע, צעשניטענע פינגער אַ וויש איבער די ליפּן, ווי איינער וואָלט זאָגן: „ברודערקע, האָב שכל און שוויג, אויב דו האָסט חשק

וויטער צו אָטעמען, איין און איינציק וואָרט אויב דו וועסט אַרויספּלאַפּלען מיט דיין קרעציקער צונג, און דו ווערסט אָפּגעמעקט פון דער ערד!". איך זיץ ווי אַ צעשמאָלצענער. עס שלײדערט מיט מיר הייזער־און־הויך. איך האָב דערביי מורא זיך אַ ריר צו טאָן מיטן ברוינינג, וואָס איז אַזוי טיף פאַרשטעקט אין דער קעשענע. וואָס וויס איך: איך מאַך די מינדסטע באַוועגונג און דער ברוינינג שיסט חלילה אויס. און אַזוי ווי איך טראַכט וואָס עס וועט ווערן פון דער ביטערער לאַגע, הער איך פלוצלינג אַ טראַסק איבער מיין קאָפּ, אַזוי ווי אַ דונער וואָלט מיר אָפּגעריסן דעם מוח פון די פלייצעס און עס ברעכט אויס אַ ווילדע שיסעריי איבער מיר, ביי די זייטן, האַרט נעבן מיר. פשוט, די קוילן באַרירן מיין אַנצוג, רירן אָן אַזוי ווי פייערדיקע צונגען מיין לייב, גלעטן מיך ממש ווי די צאַרטע פינגער פון אַ געליבטער פרוי. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איך האָב פאַרשטאַנען אַז צו לאַנג בין איך נישט אימשטאַנד דאָ אויסצוהאַלטן. האָב איך גענומען און איך בין מיר אַוועקגעפאַלן אין חלשות. זאָל איך כאָטש נישט צוזען מיט מיינע אייגענע אויגן ווי איך גיי אויס. עס איז דאָך אַזוי מוראדיק צוצוזען דעם אייגענעם טויט...

— ווען איך האָב דערוואַכט, איז די וועלט ממש געווען אַ גאַנץ נייע וועלט. איך זע אַז איך געפין זיך אין אַ שפּיטאָל. אַלץ אַרום מיר איז געווען קלאָר און וויס ווי אין ערשטן הערלעכן טאָג פון וועלט־באַשאַפונג. די חנעוודיקע קראַנקן־שוועסטער, זיך אַריבערבויגנדיק איבער מיר מיט ווייב־לעכער צערטלעכקייט, דערציילט מיר מיט אַ שמייכל, אַז די פּאָליציי האָט ביי מיר געפונען געווער און אַז עדות האָבן דערנאָך דערציילט די דעטעק־טיווס ווי אַזוי מען האָט מיך מיטן דאָזיקן געווער ממש „באַצוואונגען". אַז דער פאַרשוין וואָס האָט מיר דעם רעוואָלווער מיט געוואַלט אַריינגע־שטעקט אין דער הויזן־קעשענע, אַ געפערלעכער גענגסטער, וועמען די פּאָליציי האָט אַרומגעזוכט פאַר אַגאַנצע רייע „האָלדאַפּס" און מערדערייען וואָס ער איז באַגאַנגען, איז געפאַלן טויט אין אַ שלאַכט מיט די פּאָליציי־לייט. און אַז אויסער דעם ברוינינג וואָס ער האָט ביי מיר באַהאַלטן, האָט ער געשאָסן מיט נאָך צוויי רעוואָלווערן אין זיינעביידע הענט. און אַז נאָך איין שטאָלענעם פּיסטאָלעט האָט מען ביי אים געפונען צוגעטשעפּעט צום גאַרטל. און אַז איך אַליין בין אויך פאַרוואונדעט געוואָרן אין מיין לינקן פוס...

— מיין גאָט — האָב איך אויסגעקרעכצט — הלוואי וואָלט איך געווען שווער פאַרוואונדעט געוואָרן אין מיין פּנים און עס וואָלט נייטיק געווען אַן אָפּעראַציע, וואָלט איך איין מאָל פאַר אַלע מאָל פּטור געוואָרן פון מיין לעבנס־אומגליק.

בשעת איך טראַכט אַזוי, זע איך ווי די קראַנקן־שוועסטער קוקט מיך

צערטלעך אָן. זי קוקט מיר אַריין פאַרטרוילעך אין די אויגן און זי מורמלט ממש אַ טיף־געריירטע פון מיטלייד:

— מיסטער, יו העוו סאָטש אַן האָנעסט פּיס! (הער, איר האָט אַזאַ אויפריכטיק פנים).

— אָט האָסטו עס! — שריי איך ממש אויס מיט די לעצטע כוחות — איך בין דאָך אָט ערשט שיער געווען אַ קרבן צוליבן דאָזיקן פאַרשאָלטע־נעם ערלעכן פנים מיינעם!

די קראַנקן־שוועסטער קוקט מיך אָן, ווי איך וואָלט זיין געווירט פון זינען. זי גייט אַוועק אַ באַליידיקטע און איך צעוויין זיך אַזוי ווי אַ קליינ־טשיק קינד: אַלמעכטיקער גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיר געגעבן אַזאַ קינדישן ערלעכן פנים? אמת, איך האָב אפשר ווען עס איז אין מיין לעבן שווער געזינדיקט. אָבער, צי קומט מיר דערפאַר אַזאַ ביטערע שטראָף?

— נו, זעט איר שוין וואָס עס קומט אַלץ אויס צו ליידן פון אַן אָרנטלעכן פנים?

מיין פריינטס אויגן האָבן זיך איצט צעפינקלט מיט גרויסע טרערן. איך האָב באמת רחמנות געהאַט אויף אים.

— פאַראַיאָרן בין איך איין מאָל געשטאַנען צווישן אַ גרויסן עולם מיט מענטשן, וואָס האָבן זיך געטומלט און געשטופּט, וואַרטנדיק אויפן צוג קיין שיקאַגאָ. איך האָב פעסט געהאַלטן דעם רייזע־בילעט אין דער האַנט. פריינט האָבן אויף מיר געוואַרט אין שיקאַגאָ וועגן אַ וויכטיקער אָנגעלעגנ־הייט. דער טאָג איז געווען אַ לויטערער און איך האָב זיך געריכט אויף אַן אָנגענעמער רייזע. שוין לאַנג ווי איך האָב נישט געהאַט אָנגעזען דאָס דאָרפישע לאַנד. איך האָב חשק געהאַט דורכן פענצטערל פון וואַגאָן אַרויסצוקוקן אויף די קרעפטיקע פעלדער, וואָס האָבן זיך שטאָלץ געברוינט מיט זייער גאָלדיקער תבואה־שפע אין דער זון. איך האָב געוואָלט קוקן אויף דעם קאָלירטן טעפּיך פון די בלומען. איך האָב זיך געפרייט מיט דער טויזנט־מייליקער רייזע וואָס איז מיר פאַרגעשטאַנען. דער עולם, צווישן וועלכן איך בין געזעסן, איז אויך געווען אַ פריילעכער. עס איז געווען אַן עולם וואָס פאָרט גיכער צו גאַסט ווי צוליב פּראַזאַישע געשעפטן. אַ לוס־טיקער, זומערדיקער עולם, ווען די רונדע זון שטייט אין מיטן הימל ווי אַ גרויסער גלאָק פון ריינעם גאָלד. עס זיינען צווישן די פּאַסאַזשירן געווען אַ צאָל יינגע פּרויען. זיי האָבן מיר קיין איבעריקע אויפמערקזאַמקייט נישט געשאָנקען, ווייל זעענדיק אַ מאַנסביל מיט אַזאַ ערלעכן, אויפריכטיקן פנים, דאָס רואיקע, סאָלידע פנים פון אַ בירגערלעכן מענטשן, וואָס צאָלט פּינקט־לעך צו דער רעגירונג זיינע שטייערן און ער איז אַוודאי אַ גוטער, געטרייער מאַן פון אַ גליקלעכער פרוי און אַ הייסער טאַטע פון זיינע קינדער — האָבן זיי קיין שום ראָמאַנטישן פלירט פון מיין זייט נישט דערוואַרט. איך בין

טאָקע געווען צופרידן וואָס מען לאָזט מיך איבער אַליין מיט מיינע מחשבות און מיט מיין פרייד אין דאָזיקן גרויסן זומערדיקן טאָג.

— פּלוצלינג וואַקסט אויס ווי פון אונטער דער ערד אַ פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט. די פרוי האָט געמוזט אַלט זיין אַ יאָר זיבן אָדער אַכט און צוואַנציק. זי האָט אַזוי האַרציק געשמייכלט צו מיר פּונקט ווי מיר וואָלטן געווען אַלטע באַקאַנטע.

— מיסטער! איך האָב איך דערזען צווישן עולם, — האָט זי אָנגע־הויבן שנעל און מעלאָדיש צו רעדן, — און איך האָב זיך קוים דערשלאָגן צו איך.

— זי האָט מיך געזוכט און געפונען! — טראַכט איך. אָט דאָ טאַקע הויבט זיך אָן צו וועבן פאַר מיר אַ פריש אומגליק. געוואַלט, ווי אַזוי אַנט־לויפט מען פון דער נייער בעט? זאָל מיך דאָס ערלעכע האַרץ מיינס האָבן אָפּגענאַרט, מיר פּאַראויסזאָגנדיק אַז איך וועל שוין בשלום די רייזע קיין שיקאַגאָ נישט מאַכן? איך קוק אויף דער פרעמדער און געפערלעכער פרוי. איך זע אַז זי איז ממש רייצנדיק ווי אַ זינדיקע געצין.

— איר זעט אויס צו זיין אַזאַ נאָבעלער הער, מיט אַזאַ ריין האַרץ! אייער פּנים דערציילט פון אַ העכסט־ערלעכן מענטש. מעג איך איך בעטן אַ קליינע טובה? מיין צוג גייט אָפּ אין פינף מינוט אַרום. איך האָב נאָך קיין בילעט נישט געקויפט. על־כן בעט איך איך זייער צו האַלטן דאָס קינד אויף אַ רגעלע, ביז איך וועל קויפן מיין בילעט. געדענקט, איידעלער מענטש, דאָס איז מיין קינד, מיין איינציק אויג אין קאָפּ!

— אָבער, מאַדאַם! איך איל זיך דאָך אַליין אויך. איך... איך...

נישט הערנדיק מער וואָס איך האָב צו זאָגן, איז דאָס קינד שוין געווען אין מיינע מאַנסבילשע אָרעמס. זי האָט דאָס געמאַכט אַזוי אומגעווייגלעך פלינק, אַז איך האָב אַפילו קיין צייט נישט געהאַט צו פּראָטעסטירן. דאָס קינד האָט אָנגעהויבן צו וויינען. דערוויל רוקט זיך די רייע מענטשן פאַר־אויס צום צוג וואָס גייט אָפּ אין דער ריכטונג פון שיקאַגאָ. איך בין אומ־געדולדיק, פאַרשטייט זיך. אָבער וואו איז די מאַמע פונם קינד? איך בין ממש פאַרצווייפלט. איך וואַרט, איך וואַרט אַלץ. אַלע פּאַסאַזשירן זיינען שוין געהאַט איינגעשטיגן אינם צוג. איך דריי מיך אַרום אויפן באַנהויף מיטן קינד. עס איז אַפילו נישטאָ קיין סימן פון דער יינגער דאַמע...

— וואָס זאָל איך אייך ווייטער דערציילן? יענער טאָג איז מיר געווען אַ פאַרשטערטער. קיין שיקאַגאָ, קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן, בין איך נישט מער דערפאָרן. דאָס קינד איז געווען אַ זיס, גאָלדן מיידעלע פון קוים איין יאָריקן עלטער און די פּאָליציי האָט עס פון מיר ענדלעך צוגענומען. איך האָב געהאַט היפּשע שוועריקייטן איבערצוצייגן דער פּאָליציי, אַז איך בין נישט דער פאָטער פונם קינד. און אַז די פרוי איז צו מיר געווען אַ

ווילד־פרעמדע. און, מיינט איר אפשר אַז איך בין טאַקע אינגאַנצן פריי געוואָרן פונם קינד? עס הויבט זיך נישט אָן.

— יעדע צוויי וואָכן באַזוך איך דאָס קינד. איך קויף איין פאַרן דאָזיקן קינד פאַרשידענע מתנות. עס האָט מיך שוין אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן אויך. עס וואַקסט אויס אַ וואונדערשיין מיידעלע און איך זוך אַרום אַ פיינע פרוי כדי מיט איר חתונה צו האָבן און כדי מיר זאָלןביידע קענען אַדאָפּ־טירן דאָס זעלטענע קינד...

— ווען איר וואָלט געקענט געפינען די אמת׳ע מוטער פונם קינד, וואָלט איר דאָך געקענט מיט איר חתונה האָבן און נעמען דאָס קינד צו זיך! — זאָג איך צו מיין פריינט מיטן ערלעכן פנים.

— געפינען די מוטער? איין קלייניקייט. פרוּווט איר נאָר געפינען. ווער ווייסט וואו ערגעץ אין דער וועלט זי געפינט זיך. איבעריקנס, אינגאַנצן די האָפענונג זי צו געפינען האָב איך נאָך נישט אויפגעגעבן. און דאָס אַלץ האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין ערלעכן פנים.

— באמת פאַטעטיש! — האָב איך איצט צוגעגעבן.

— שטעלט איך פאָר, ליבער פריינט, וואָס פאַר אַ צרות איך האָב אַלץ פון מיין ערלעכן פנים. עס וועט אייך קלינגען קאָמיש. נאָר דערלויבט אַ פיקאַנטע אינפאָרמאַציע: דאָס איז געווען אין דער שטאָט מאַרסייל. עס איז געווען נאָך אַ ווייטער און שווערער נסיעה איבערן ים, פון בוענאָס איירעס קיין פראַנקרייך. איך האָב דורך דער גאַנצער צייט רעכט קיין פרוי נישט אָנגעזען. און איך האָב שטאַרק געבענקט צו זען פרויען, זיי אָנצוקוקן פון דער נאָענט, הנאה צו האָבן פון דעם רייץ פון זייערע געשניצטע פנימער, צו פאַרנעמען דעם פאַרפיום פון זייערע גראַציעזע גופים. איך בין געווען מוראדיק אויסגעהונגערט צו זיין אין דער געזעלשאַפט פונם שיינעם מין. און איין אָוונט, אויף אַ גאַנץ צופעליקן אופן, האָט מיך מיינס אַ פריינט גענומען אויף אַ שפּאַציר אינם רויטן לאָמפּ־קוואַרטאַל. איך האָב דורך מיין גאַנצן לעבן געוויכט פון זינדיקע פרויען און מיך האָט אויך איצט שאָקירט דער ביטערער גורל פון געוויסע פרויען, וואָס פאַלן אַריין אין שרעקלעכן אָפּגרונט פון זינד. די פרוי איז פאַר מיר אַ הייליקע און אַן אידעאַלע קרע־אַטור. איך זע זי שטענדיק אַלס די מאַמע פון דער מענטשהייט. ס׳איז מיר קיינמאָל אין מיין לעבן נישט איינגעפאַלן צו קויפן פאַרגעניגן פאַר געלט. דער שפּאַציר אינם זינדיקן קוואַרטאַל האָט מיר טאַקע ביטער ווי געטאָן. אָבער די פרויען, דערזעענדיק מיך, האָבן איינע נאָך די אַנדערע איבער־געחזרט:

— דו האָסט אַ צו אָרנטלעכן פנים... דו מיינסט נישט ערנסט מיט אונדז... מיר ווילן דיך נישט פאַרפירן... דו ביסט נישט פעאיק צו זינ־דיקן... מיט אַזאַ סאָרט פנים ווילסטו באַגיין אַ מאָראַלישע זינד?

איך האָב זיך געפילט אין אַ מאָדנער לאַגע. עס האָט מיך פשוט פאַר־

דראָסן וואָס אַפּילו די דאָזיקע געפֿאַלענע פּרויען באַטראַכטן מיך פֿאַר אַזאַ נאַאיוון מענטש. אויך דאָ, האָב איך געטראַכט, לייד איך פֿון מײַן אומגליקלעך פּנים. אָ, מײַן ערלעך פּנים איז מײַן גרויזאַמער שונא!

— האָט איר טאַקע שטענדיק געהאַט בלויז פֿאַרדראָס פֿון אײַער אויפֿריכטיקן פּנים? איז דאָס מעגלעך, אַז איר זאָלט קיינמאָל אין אײַער לעבן אויך נישט האָבן אַמאָל באַלוינט געוואָרן? — האָב איך געפֿרעגט מײַן פֿרײַנט.

— אַזוי ווי איר קענט דאָך מיך אויך אַלס אַן ערלעכן מענטש, וואָס איז נישט אימשטאַנד צו זאָגן קיין ליגנט, מוז איך אײַך דערציילן אַ קורצע געשיכטע, וואָס וועט דינען אַלס אַן ענטפֿער אויף אײַער פֿראַגע. דאָס איז פֿאַרגעקומען אין דער וועלט־באַרימטער שטאָט מאָנטע־קאַרלאָ. איך האָב חלילה אַליין נישט געשפּילט אויף דער רולעטקע. נאָר איך האָב זיך צוגעקוקט צום טײַוולישן געמבל פֿון נערוועזע, ציטערנדיקע הענט; הענט פֿון פֿאַרכישופֿטע מענער און פֿרויען, פֿון יונג און אַלט, וועלכע האָבן ווילדערהייט געשליידערט מיט גאָלד. הענט באַצויגענע מיט בלויע אָדערן, הענט פֿון היסטערישע געמבלערס. ווייסע הענט, מייסטערהאַפֿט געפֿאַרמטע, אַזוי ווי אויף מאָלערייען פֿון לעאָנאַרדאָ דא ווינטשי און טיציאַן. הענט פֿון פֿאַבלהאַפֿט רײַכע מאַהאַראַדזשאַס און ברוינע, דינע הענט, ווי געצירטע אין זײַדענע הענטשקעס. עס איז געווען אַ פֿאַנטאַסטישע פֿאַנטאָמים פֿון נערוועזע, גײַציקע און אומגעדולדיקע הענט, וואָס דער טײַוול האָט צעקרומט און דעפֿאָרמירט. הענט וואָס זײַנען הונגעריקע נאָך גאָלד און וואָס פֿאַרלירן פֿאַנטאַסטישע אוצרות. הענט וואָס בלײַבן ליגן אויפֿן טיש ווי אָפּגעשניטענע אברים פֿון זייערע קערפּערס. הענט אומבאַוועגלעכע, שטומע, אַנטוישטע, אַנטכישופֿטע און אַנטשפּאַנטע, אויסגעטוענע פֿון אַלע באַגערן און באַדערפֿענישן, ווי הענט פֿון מתים. הענט פֿאַרשפּילטע, איינזאַמע און אָפּגעצוצטע פֿון דער היץ און פֿון גיהנום פֿון שפּיל און פֿון געמבל...

— און פּלוצלינג, בעת איך בין אַזוי געשטאַנען און איך האָב רואיק באַטראַכט דאָס ווילדע און מיסטעריעזע שפּיל פֿון גורל, איז צו מיר צוגעקומען אַ יונגע דאַמע און, מיך אָנקוקנדיק מיט אַ היפּנאָטיזירנדיקן בליק, זאָגט זי צו מיר אין אַ פֿרעכטיקן און מעלאָדיעזן פֿראַנצויזיש:

— שערי (טײַערער), דו קענסט מיך ראַטעווען! אין קאַסינאָ קומט איצט פֿאַר אַן אָבלאַווע. פּאָליציי זוכט פֿאַלשע געלט. דיך וועט מען נישט חושד זײַן! איך בעט דיך, נעם דאָס פּעקל צו זיך אין פּאָרטפֿעל!

— איך האָב ביי קיין שום אופֿן נישט געקענט ביישטיין איר באַפֿעלערישן טאָן, אירע שלאַנגיש־עלעקטריזירנדיקע בליקן, וואָס האָבן אַדורכגעדרונגען מײַן שוואַך, מאַנסבילש האַרץ. איך האָב נישט געקענט ביישטיין דעם צויבער פֿון איר סאַמעטענעם קול. דעם רייצנדיקן מאַגנעטיזם פֿון אירע גרויסע אויגן, וואָס האָבן אַזוי ווי שוואַרצע פֿלאַמען אויסגעפֿילט כמעט

אַ האַלבס פון איר דעמאַניש־בלאַסן פנים. איך האָב דאָס געהיימנישפולע פּעקל צוגענומען פון אירע גראַציעזע הענט.

— די דאַמע איז באַלד נאָכדעם פאַרשוואונדן געוואָרן. איך בין געבליבן זיצן אין העל־באַלויכטענעם זאַל מיטן פּעקל פאַלשע מינצן. קיינער האָט מיך נישט באַזוכט. די פּאָליציי איז מיך פאַרבייגעגאַנגען, וואָרים זי וועט דאָך נישט זיין אַזוי נאַריש און גיין חושד זיין איינעם אַ מאַן מיט אַזאַ אויפריכטיק פנים ווי מיינס. איך האָב שפּעטער לאַנג אַרומגעזוכט די דאַמע און איך האָב זי נישט געקענט געפינען. צומאָרגנס האָבן די צייטונגען געמאָלדן מיט גרויסע, שוואַרצע קעפּ, אַז מען האָט געפונען ביים ים־ברעג אַ דערטרונקענע און אַן אַרויסגעוואָרפענע פון די כוואַליעס די מאַרקיזין ב., וועלכע איז, ווי מען ווערט געוואויר פון איר פאַמיליע, געווען גייסטיק געריךט...

— יאָ, יאָרנלאַנג האָב איך דאָס מיסטעריעזע פּעקל מיט פאַלשע מינצן געהאַלטן ביי זיך. ביז איין מאָל אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט האָב איך עס ענדלעך געעפנט. עס זיינען געווען, צו מיין אומגעוויינלעכער איבעראַשונג, עכטע שטערלינג־פונטן אין לויכטנדיק גאָלד, אין מאַסיווע שטיקער גאָלד. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל וואָס עמעץ האָט מיך באַלוינט פאַר מיין אָרנטלעכן פנים. אָבער, כדי מיך צו באַלוינען און צו קאָמפּענסירן פאַר אַ גאַנץ לעבן פון יסורים און אַלערליי אומגליקן, האָט דער גוטער מלאך פריער געמוזט משוגע ווערן...

איך האָב זיך פריינטלעך געזעגנט מיט מיין חשובן פריינט, דעם געלערנטן מיטן ערלעכן פנים. טיף אין האַרצן האָב איך אים ערנסט באַדויערט פאַר זיין פיינעם, אומגליקלעכן פנים. איבעריקנס, אַמאָל וועט דער מלאך המות עס צעשטערן. די צייט וועט קומען און ער וועט אָראָפּרייסן די גוטע, אידעלע שטריכן פון דעם ערלעכן פנים, וואָס איז איצט בלויז אַ טרויעריקע צוציאונג צו פאַרברעכער, צו פאַרדעכטיקטע פרויען און משוגעים. בלויז דער טויט וועט דאָס פאַרניכטן, דאָס אידעלע פנים פון איינעם אַ מאַרטירער פון לעבן, וואָס שיינט צו זאָגן מיט טרערן אין די אויגן:

— מיינע הויכגעשעצטע פריינט, איר זעט וואויל איין פון די עפּיזאָדן און ביישפּילן פון מיין לעבן, אַז ערלעכקייט באַצאָלט זיך נישט!...

## דאָס געשריי פון בלוט

ער האָט דערציילט:

— עס איז שוין געווען אַרום דריי ביינאַכט, ווען איך האָב זיך געפונען אינם געראַימען צימער פון מיין פריינדין אַרלען, וואָס האָט געשטאַמט פון ווייטע דורות ספרדישע אידן. עס איז געווען אין אַ ניו־יאָרקער פייכטער, נעפּלדיקער נאַכט, ווען מען קען ממש שניידן דעם זילבערנעם טומאַן אין דער לופט מיט אַ קינזשאַל. ווי גרויסע שפּינען האָבן זיך געראַנגלט די

צווייגן פון די בוימער מיט דעם געדיכטן און מאַטן נעפּל. פייערלעך אין די פענצטער האָבן זיך איינציקווייז אויסגעלאָשן ווי שטערן אין באַגינענדיקן הימל.

בשעת מיר האָבן שטיל געשמועסט, האָב איך געקוקט אויף אַ מאָלעריי פון באָנאַר, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דריי בלומען, אַזוי ווי דריי קליינע, קאָנצענטרירטע פלאַמען, אומפאַרלעשבאַר דורך די צייטן. אין די דאָזיקע אָנגעצונדענע בלומען האָט אַ קינסטלער אַריינגעטריפט זיין רויט בלוט. לויכטנדיק מיטן מאָלערס בלוט, האָבן זיי אויסגעדריקט די יסורים, חלומות, זוכענישן און בענקשאַפטן פון זיין לעבן. זייערע דינע, אידעלע בלעטער האָבן ווי געבליט מיט זיין יוגנט, מיט זיין פרילינג און האָבן גלייכצייטיק זיך געקאָרטשעט אין וועיטיקן פון הערבסט. איך האָב געהאַט מיטליד מיט זיי. איך האָב געוואָלט אויפשטיין און קושן אַלע דריי קוויאַטן מיט צערט־לעכקייט.

אויף אַ צווייטער וואַנט איז געהאָנגען אַ קליין בילד געמאָלן פון קאָראָ, פאַרשטעלנדיק אַ בלויען, רואיקן און שטילן טייך, וואָס כוואַליעט אַריין ערגעץ אין דער איינזאַמער אומענדלעכקייט. אַ מוסטישער שטראָם וואָס רעפלעקטירט קלאָר ווי אַ שפּיגל די דינע סילועטן פון בוימער, וואָס אָטע־מען אין ווינט; וואָס שפּיגלט אָפּ ים־מיידלעך, נאַקעטע און גראַציעזע, וואָס באַווייזן זיך אַמאָל אויפן ברעג, ווי אויך האָריקע און פאַרקרימטע פאַונען מיט מעשענע פייקלעך אין זייערע לאַנגע, טונקל־באַוואָקסענע הענט. איך אַליין האָב זיך געפילט ווי ווערנדיק מיטגעטראָגן מיטן אימפּעט פון בלויען שטראָם, ווי אַן אָפּגעריסענער בוים פון ברעג. דער שטראָם האָט געריזלט דורך אומבאַקאַנטע געגנטן, רייסנדיק זיך דורך הונדערט טויזנט יאָריקע אַלטע פעלדזן, באַקלעפּטע מיט פילפאַרביקע אינסעקטן און ער טראָגט זיך סוף כל סוף אַריין אין דער בלויער, אייביקער אומענדלעכקייט. ער רירט שוין אָן די ברייטע כוואַליעס פון ים און ער טרינקט ווי שאַמפּאַ־ניער זיינע שטורעמדיקע וואַסערן.

בשעת איך בין אַזוי געזעסן ביי מיין שלאַנקער פריינדין אין צימער און איך בין געווען באַהערשט פון איר ראַפינירטער פערזענלעכקייט, מיך מאַכנדיק צו טראַכטן פון דער קלוגער און רייצנדיקער פרינצעסין בערעניקע; בשעת איך בין געווען באַווירקט פון דעם כישוף און גייסטיקן כוח פון די בילדער וואָס מיין פריינדין, אָפּשטאַמענדיק פון פראַנצויזישע אַדעליקע, וואָס האָבן געצויגן זייער שטאָלצן יחוס פון שפּאַנישע מאַראַנען, האָט מיטגעבראַכט פון אירע עלטערנס פּאַלאַץ אין פראַנקרייך; און בשעת איך האָב זיך צוגעבויגן און געפּרואווט באַרירן מיט מיינע ליפּן דעם דינעם האַלדז פון אַרלען — האָט, דאַכט זיך, עמעץ דין און אידל אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. עס איז געווען עפּעס אַ נישט־דרייסט קלאַפּן, פונקט ווי אַ פויגל, ווי פּאָוס טונקעלע און טרויעריקע ראָב, וואָלט אין דער שפּעטער נאַכט מיט

זיין שאַרפֿן פֿליגל־פּאָך קוים באַרירט די שווערע טיר. צוליב דער נישט־דרייסקייט פֿונם קלאַפּן האָבן מיר ביידע צו דעם נישט געשאָנקען קיין שום אויפֿמערקזאַמקייט.

אַרלענס צימער, האָב איך כמעט פֿאַרגעסן צו דערמאָנען, האָט זיך געפֿונען אין דער הויך, אויפֿן דריטן גאָרן, אין אַן אַלט הויז פֿון דער אַריסטאָקראַטישער פּאַרק עווענױ, וואָס איז אַמאָל געווען אַ קאַטױלישע קירכע. אויסערלעך, אויף דער גאַס, האָט דאָס הויז אינגאַנצן אויסגעזען ווי אַ קאַשטשאָל. אינעווייניק האָט מען נישט געקענט אַנדערש פֿילן ווי אין אַן אומהיימלעכן קריסטלעכן געבעט־הויז. דאָס מיינט: אַ אידנס אינסטינקטיווע אומבאַקוועמלעכקייט און פֿרעמדקייט אין אַ נישט־אידישן טעמפּל...

ווען מיר זיינען אַרום אַ שעה שפּעטער אַראָפּגעגאַנגען אויף די טרעפּ, און ווען די אַ ביסל ציטערנדיקע און דערשראָקענע אַרלען האָט געעפֿנט די אַלטע, מיט אײַזערנע אָרנאַמענטן שווער באַשלאָגענע טיר, איז זי בליצשנעל אָפּגעשפּרונגען. אין דער אָפֿענער טיר, ווי אין אַ מאַסיווער ראַם, זיינען געשטאַנען איינגעראַמט אַ יינג פּאָרפּאָלק, וואָס האָבן זיך קעגנזייטיק געטוליעט, ווי צווי נאַסע שוואַלבן טוליען זיך נאָך אַ רעגן, אויפֿן אַנטיקן געזימס פֿון אַ שלאָס אָדער טעמפּל, און זיי האָבן עפּעס שטיל געמורמלט. אַ שלאַנקער, מאָגערער שפּאַנישער בחור, פֿון אַ יאָר צוואַנציק, האָט געשעפּטשעט אַז ער פֿאַרלאַנגט אַ פּריסטער...

עס איז מיך באַפֿאַלן אַ מיסטישע אומהיימלעכקייט. אין דער שפּעטער נאַכט, שוין אין פֿורפֿורנעם באַגינען, ווען די נאַכטיקע שאָטנס דערפֿילן דעם קריזיס פֿון זייער עקזיסטענץ און זיי הויבן זיך אָן צו צעפֿליסן, זיך אויסצולעשן, ווי בלייכע בלומען, אַנגעצונדענע דורכן ליכט פֿון דער לבנה, שטייט אַ שפּאַנישער בחור און ער מורמלט עפּעס ציטערנדיק און אומבאַהאָלפֿן. איך האָב געמיינט אַז עמעץ איז געשטאָרבן אין זיין פֿאַמיליע און ער רופֿט דעם גלח צום גוססדיקן, צום אומגליקלעכן קרבן. דער פּחד פֿאַרן מלאך המות, וועמענס פֿליגל־פּאָלעס פֿון זיין פֿאַלערינע ווייען אין דעם טינט־בלויען באַגינען אַזוי ווי מאַסטן פֿון אַ פּיראַטישער שיף, האָט איבער מיר אומהיימלעך געווייעט.

איך האָב זיך אין דעם מאָמענט דערמאָנט פֿון אַ מאָדנעם באַגינען מיט יאָרן צוריק. פּלוצלינג וועק איך זיך אויף אין מיין איינזאַמען דאַךְ־שטיבל, אַזוי ווי דער ריינער בלוי פֿון אַ מלאַך'ס פֿליגל וואָלט איבער מיר געפּאָכעט. דורכן פֿענצטער זע איך ווי אַ גלח גייט אויף דער גאַס מיט דריי קליינע יינגלעך. זיי זיינען געקליידעט אין ווייסן. זיי טראָגן אַלע דריי אין זייערע הענטלעך אָנגעצונדענע לאָמטערנעס. אַזוי פֿיל ציטערניש איז אין זייערע הענט און אַזוי פֿיל טרויער און פּחד ווייעט איבער זייערע קעפּ. די בלאָסע, מיידלש־דעליקאַטע יינגלעך זיינען איינגעהילט אין דעם שטאַרבן פֿון אַ מאַן, אָדער אַ פֿרוי, וועמענס לעצטע גוססדיקע רגעס זיי האָבן

אַוודאי שפּעטער באַלויכטן מיט די דאָזיקע ליכט, גלויבנדיק אין זייער נאַאיוויטעט אַז זיי ווייזן צום מענטשנס דערשראָקענע נשמה דעם וועג דורך פינצטערע וואָלקנס צו דער שניי־ווייסער אייביקייט. . אַן אימה האָט מיך אין יענעם בלויען באַגינען אָרומגענומען, פּונקט אַזוי ווי איצט, כאָטש די קריסטלעכע סצענע איז מיר געווען איבער דער טבע...

אַביסל וייטער, צו דער שווערער, מאַסיווער וואַנט צוגעטוליעט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך וועלן באַהאַלטן אין שרעק און אין פאַרצווייפלונג, איז גע־שטאַנען אַ קליינע, יינגע פרוי, אַ שאָטנדיק־טונקעלע שפּאַניערין. די האָר אויף איר קאָפּ זיינען געווען פאַרפיומיק־פייכט און זיי האָבן, ווי פייכטע און ווי פריליגנדיק־ציטערנדיקע בלומען, גערונען מיט טוי. די איידעלע און גאָלדיק־זיידענע הויט פון איר פּנים האָט געהאַט אַ גלאַנציקן זייד־קאָליר, ווי פון רייפע פּירות, ווען די גראַוויטאַציע פון דער ערד ציט זיי צו מיט איר גאַנצער קראַפט און דער שפּעט־זומער פאַרבט זיי אָפּ מיט אַ ברוינער פאַרב, וואָס פאַלט אַריין אין וואַרעמען בראָנדז. זי איז געווען איינזאַם און טרויעריק. דערשלאָגן פון שרעק, פון דערוואַרטונג, פונם נעפּלדיקן און אומבאַוואוסטן, וואָס דאַרף זיך באַלד אָנהויבן צו אַנטוויקלען. אינגאַנצן פּאַסיוו, שטומערהייט איבערגעגעבן צו איר גורל; אינגאַנצן זיס דערוואַרטנ־דיק און כלהדיק־ציטערנדיק. זי האָט אויסגעזען צו זיין אַ שטילע, סענסי־טיווע און געהאַרכזאַמע כלה, אַזוי ווי אַרויסגעגאַנגען שטילערהייט פון גאָיאַס אַ צייכנונג. און איבער איר האָבן נאָך געפלאַטערט די שאָטנס פון דער נאַכט, אַזוי ווי טינט־שוואַרצע קראָען. איבער איר פייכט־פאַרפיומיקן קאָפּ האָט שטיל געשוועבט מיט פלושענע פליגל, און צאַרטן צוזאָג אַ קוים־באַמערקבאַרע נאַכטיגאַל, אין וועמענס איידעלע פעדערן עס איז געשלאָפן אַ חתונה־ליד...

איך האָב פאַרשטאַנען אַז זי האָט אַ שייכות צום שפּאַנישן בחור. און אַז נישט דאָס שטאַרבן פון אַ קרוב איז די סיבה פון זייער נאָכפרעגן זיך אויף אַ גלח.

מיין פריינדין אַרלען, אַ תּמיד־נייגעריקע, אַן אייביק־הונגעריקע צו די דערשיינונגען פון לעבן, וואָס האָט ליב יעדעס פּיצל רוי־מאַטעריאַל און גאָר די געשעענישן פון טאָג־און־נאַכט צו פאַרוואַנדלען אין ראַפינירטע סקיצן און נאָוועלן, האָט אין אַ אויסגעצייכנטן און מעלאָדיעזן שפּאַניש אויסגעפרעגט דעם בחור. דער שפּאַניער האָט געהאַט אָנגענומען דאָס הויז וואו אַרלען האָט געוואוינט, פאַר אַ קאָשטשאָל. ווען זי האָט אים מיט אַ ווילע שפּעטער צוגעפירט צום טויער פון אַן אַלטער, שטיינערנער קירכע, האָט ער פאַר־זיכטיק אָנגעקלאַפּט אין איר מאַסיווער, אייזערנער טיר. ער האָט מיט זיינע קליינע, נערוועזע פויסטן געקלאַפּט אין דעם אַלטן אייזן און האָלץ. ער האָט איצט שוין געזעצט מיטן גאַנצן אימפּעט אין דער פינצטערער געביידע וואָס איז געווען פאַראַנקערט און פאַרזונקען אין דר׳ערד ווי אַ מיטל־אַלטערלעכע

פעסטונג. אָבער, עס איז שוין געווען באַגינען. דער הימל האָט אָנגעהויבן מיט אַ פּאַסטעליש־אידעלן בלוי צו שאַריען אויף טאָג. ווייזט אויס אַז דער גייסטלעכער נעמט נישט אויף אין אַזאַ צייט קיין באַזוכערס. בשעת דער בחור האָט אַזוי געקלאַפּט אומגעדולדיק אין דער טיר, האָט מיר אַרלען דערציילט אַז ער זוכט דעם גלח כדי חתונה צו האָבן. ער קען שוין לענגער נישט וואַרטן. אַזוי ווי זיי זיינען פּאַנאַטיש־פרומע קאַטויליקן, קענען זיי זיך נישט דערלויבן צו געניסן זייער ליבע אָן דעם פּריסטערס צושטימונג...

אין דער שפּעטער נאַכט, אין דעם זילבערנעם און טומאַניקן באַגינען, איינזאַמע און פון אינערלעכן, תאַווהדיקן פיבער פאַרצערטע, איינגעהילטע אין די דינע פליגל פון זייערע גורלות, זוכן די שפּאַנישע חתן־כלה דעם גלח, כדי זיי צו פאַראייניקן...

ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען פון מיין פריינדין אַרלען, גייענדיק שטי־לערהייט דורכן שטילן צענטראַל־פּאַרק, וואו די בוימערשע צווייגן זיינען געווען איינגעהילט אין אַ פאַנטאַסטישן זומערנאַכטס־חלום, און די שוין דער־וואַכטע פייגל האָבן מיט קלאָרע שטימעס געזונגען לוסטיקע מעלאָדיעס, דאַנקענדיק דעם רבונו של עולם, און שפּרינגענדיק גראַציעזע פון צווייג צו צווייג, גליקלעכע באַגריסנדיק דעם שטראַלנדיקן אויפגאַנג פון טאָג — האָב איך געטראַכט פון דער פּאַסירונג. איך האָב געזען ווי אַזוי ביידע, דאָס שפּאַנישע פּאָרפאָלק, זיינען שטילע געגאַנגען לענגאויס פון דער גאַס, אויפגערייצטע, אַנטוישטע און אומגעדולדיקע. זייערע ביידנס פּנימער זיינען געווען מידע און אויסגעשעפּטע. אָבער אין זייערע אויגן האָט שטיל געלויכטן דאָס פייער פון ליבשאַפט און קעגנזייטיקער צערטלעכקייט...

די ליידנשאַפט האָט זיי ביידע געהאַט אויסגעמאַטערט. און הגם עס איז געווער אָנווזנדיק דער גאַנצער פּאַרק מיט זיינע בוימער, פלאַנצן און בלו־מען; און דער גאַנצער הימל מיט זיינע פּערלדיק־בלייכע שטערן, וואָס האָבן זיך שוין איצט גענומען איינציקווייז אויסלעשן; און אַלע פּאָעטישע זומער־נאַכטס־טרוימערייען מיט אַלע שטיל־שעפּטשנדיקע פלוידערייען פון גייסטער און געשפּענסטער; האָבן זיי דאָך נישט געהאַט גענוג עדות פאַר זייער חתונה... זיי האָבן זיך גענייטיקט אינם קאַטוילישן גלח, וואָס זאָל זיי דער־לויבן, מיט דער הסכמה פון דער קירכע, זיך צו פאַראייניקן אין ליבע. איך האָב געזען ווי די שטילע נאַכט איז גערונען איבער זייערע קעפּ און גע־שטאַלטן מיט איר טוי ווי מיט פּאַרפיום פון פלאַקאָנען; און ווי זיינע, דעם יינגען שפּאַניערס אויגן האָבן געלויכטן, ווי ביים דזשאַנגלדיקן אור־מענטש, ווען ער האָט אין דער פינצטערניש פון דעם אורוואַלד דערזען די בלייכע, פּאַסיווע און דערשראָקענע, די איר גורל רואיק א ונגעדולדיק דערוואַרטנדיקע חוה און ער האָט זי געגריפן אין זיינע שטאַרקע אָרעמס, זי צו זיך געדריקט און אַפּאַשיש־ברוטאַל געטוליעט. כ׳האָב געזען ווי אַלץ האָט אין דעם שפּאַניער געציטערט — דער שפּאַניער, וואָס איז אפשר געווען

אַן אור־אור־אייניקל פון אַ ציניִשן אינקוויזיטאָר, וואָס האָט מיינע פאַר־צייטישע זיידעס, די הילפלאָזע, פאַרצווייפלטע און לאַנג־בערדיקע אידן פאַר־משפט צו די פייערן פון אויטאָ־דאַפעען...

פאַרוואָס האָב איך זיך אַזוי מאָדנע דערשראָקן ווען איך האָב אים דער־זען אין דער נעפלדיקער נאַכט. האָב איך אַמאָל, אַן אַנגעצונדענער ווי אַ שטורקאַץ, פון די פלאַמען פון מיין בלוטיק, קלעפיק און הייס לייב, אַרויס־געקוקט אויף זיין ציניִשן פּנים; געזען אים מיט הונדערטער יאָרן צוריק, נאָך איידער דער איינזאַמער גענועזער איד קאָלאָמבוס האָט זיין טרויעריקן בליק געטונקען אין דעם טונקל־זיידענעם שוים פון די אַטלאַנטישע כוואַ־ליעס. ער איז אפשר אויך געזעסן אין דער קעניגלעכער סוויטע, צווישן רייך־געקליידעטע מענער און דאַמען, אין גאָר דער פראַכט, גלאַנץ און גאָלד פון דער אימפּעריאַלער און קירכלעכער מאַכט, און אַלע האָבן זיך מיט תאוה־און־תענוג צוגעקוקט ווי אידן ברענען, ווי אידן פלאַקערן און אָנגעצונדענע שרייען זיי אויס קאַפּיטלעך תהלים צו גאָט און זיי שטאַרבן מיט „שמע ישראל” אויף זייערע ברענענדיקע ליפּן און זיי גייען אויס מיט הייליקע קושן צום דעם וואָס לעבט אייביק...

אַ מאָמענט. אַ בליציקער אויפשטראַל בלויז פון אַ היסטאָרישער וויזיע. אַ ראַקעט פון נאַציאָנאַלע אורגעפילן. ווייל יעדער איינציקער מענטש איז סוף־כל־סוף צוגעבונדן, צוגענאָפּלט און בלוטיק צוגענאָגלט צו דעם מאַר־טירערישן, מיט טויזנט שניטן און וואונדן באַדעקטן אָרגאַניזם און גייסט פון זיין פאָלק, ווי צו אַ מעכטיקער, היסטאָרישער עקזיסטענץ, פון וועלכן ער קען זיך שוין קיינמאָל מער נישט אָפּרייסן און נישט אָפּזונדערן. ווי דער מושעל, וואָס רוישט און וויינט מיטן כאָר פון די כוואַליעס, מיט דער גע־היימנישפולער מעלאָדיע פון דעם אָקעאַנס טיפענישן, אַזוי זינגט עס אין יעדן מענטש מיטן געהיימנישפולן און אייביקן אָרקעסטער פון זיין פאָלק. און יעדער איד טראָגט אין זיינע געדערים די שרפות פון זיינע מאַרטירער־שאַפטן. און פאַרט קלינגט און שאַלט אויך יעדעס פאָלק מיטן אָרקעסטער פון דער גאַנצער וועלט. פון דער אוראַלטער מענטשהייט, וואָס איז דאָך אַמאָל געווען איין משפחה, איין פאָרפאָלק פון פאַרליבטע: אָדם און חוה...

אַ צווייטער געדאַנק האָט אויפגעבליצט אין מיין מוח: אפשר זיינען זיי די אוראייניקלעך פון אונדזערע מאַרטירער־אָנוסים? אפשר פליסט אין זייערע בלוט־געפעסן דאָס קאָכעדיקע בלוט פון זכריה, יחזקאל און ישעיה הנביא? האָבן זיי אין דער נאַכט דען נישט געלויכטן מיט עפּעס אַ מאָדנעם ליכט, דעם צעפלאַקערטן ליכט פון היסטאָרישע שייטערהויפנס? האָבן זיי, אין זייער נערוועזיטעט, נישט פאַראַטן אידישן אומרו, דעם פּחד פון אונדזער אַלטן פאָלק, דעם שטורם פון אונדזערענביאים, קעניגן און גיבורים פון גייסט? איך האָב איצט געהאַט אַ באַדערפעניש זיך אומצוקערן און אומצואַרמען דאָס פאָרפאָלק, אין דער אומהיימלעכער נאַכט, אין דעם זילבערנעם, מיט

בלאָסן נעפּל טריפנדיקן באַגינען. איך האָב זיי געוואָלט אָניאָגן, די וואַר־שיינלעכע אור־אור־אייניקלעך פון אונדזערע אָבות אַברהם, יצחק און יעקב אָבינו, די אור־אור־אייניקלעך פון שרה, רבקה, רחל און לאה...

דער באַגינען האָט זיך איצט ברייט געעפנט אַזוי ווי אַ פאַרנעפּלטע אָפּערע־דעקאָראַציע וואָס איז אין אָנהויב נישט קלאָר און געהיימנישפול־טונקל, אָבער ביסלעכווייז ווערט זי בולטער און ליכטיקער, אָפּדעקנדיק ווירעזשנע די קאָנטורן פון אַ לאַנדשאַפט. די זון האָט אַזוי ווי אַ געניטער מייסטער אָנגעהויבן צו מאָלן אויפן באַגינענדיקן, נאָך נאַכטישן הימל, פלאַמיקע בלומען פון אומגעהויערער שיינקייט וועמענס וואַקסן, שפּראָצן און אויסציען זיך איבערן גאַנצן הימלישן לייַוואַנט האָט אַריינגעטריבן דעם צוקוקער אין עקסטאַז. עס זיינען ווידער פאַר מיין אויג אויפגעגאַנגען די רייך־צעבליטע בלומען פון באַנאַרס מאָלעריי, אַזוי ווי פאַרטרערטע פּנימער פון מלאָכים. און דאָס מאַדנע, שטילע פאַרפאַלק, ווי זיי זוכן זייער עראָטישע דערפילונג אין דער נאַכט, אַזעלכע ציטערנדיקע און פיבערנדיקע — דער אייביקער אָדם און חוה, פייכטע פון שווייס, פון פאַרפיום און פון טוי פון דער נאַכט, מיט מידע רויזן פאַרפלאָכטן אין אירע טונקעלע האָר, מיט טרערן אין אירע אויליק־נאַכטישע און טרויעריקע אויגן...

דאָס לעבן פון דער שטאָט האָט זיך איצט אויפגעבראָכן, ווי עס וואָלט אַנטפּלישופט געוואָרן פון זיין זומערנאַכטס־טרוימערישן שלאָף און עס וואָלט דערוואַכט ווילד און פּראַזאַאיש. עס איז אַלץ פאַרוואַנדלט געוואָרן צו דער גרויסער, וואָכעדיקער סימפאָניע פון טאָג. אַלץ איז געוואָרן צו באַוועגונג, ריטם, אַקציע און מעשים. עס איז איצט רייך אויפגעגאַנגען דאָס ברייטע מיעניש און טועניש פון די מענטשן אונטער דער זון.

צוזאַמען מיט די שפּינוועבסטיקע שאָטנס פון דער פלושענער נאַכט האָבן זיך אויך פון מיין דמיון אָנגעהויבן אויסצואוועפן די צוויי דינע פיגורן פון די שפּאַנישע ליבע־הונגעריקע, רירנדיק־פרומע קינדער. קינדער פון אינ־קוויזיטאָרן מיט טייוויליש־בלוטדאָרשטיקע מאַסקעס? אָדער אור־אייניקלעך פון אידישע מאַרטירערס, מיט ברענענדיקע בערד־שטורקאַצן, איינגעהילטע אין די מאַנטלען פון פלאַקערנדיקע שייטערהויפנס, פון וועלכע עס רייסן זיך אַרויס צום הימל די באַפרייטע און הייליקע נשמות זייערע, יאָמערנדיק און זינגענ־דיק קאַפּיטלעך תהלים?

די זון האָט איצט אויפגעשטראַלט ווי אַ גראַנדיעזע רויז אויפן לאַץ פון הימל וואָס הילט איין ווי אַ בלויער טלית דעם רבונו של עולם...

---

## ליזי

עס איז געווען אין אַ קילער נאַכט פון חודש אַפּריל. צוויי מאַטראָזן, אַלגאָ הענדערסאָן און זיין פריינט נילס אָלסאָן, זיינען געגאַנגען איבער די

שמאָלע, קרומע און מיטלאַלטערלעכע געסלעך פונם האַפן. דער זייגער אויפן אַלטן טורם האָט מיט זיין נאַכטיש־פאַרפלעקטן ציפערבלאַט געוויזן דעם קלענערן ווייזער אויף דער לאַטייניש ציפער דריי. די טראָטואַרן זיינען געווען אויסגעריבענע און צעבראָכענע פון מאַסן מענטשנטריט. דאָ און דאָרט האָבן זיך נאָך אָנגעזען די סילועטן פון שיכּורים, פון גאַסנ־מיידלעך, ווען דאָס ליכט פון די אייזערנע לאַמטערנס האָט באַלויכטן, אַזוי ווי אָפּגיסנדיק זיי מיט קאַלך.

אויפן הימל, צווישן שאָטנדיקע וואָלקנס, איז גלייכגילטיק געהאָנגען די לבנה — אַן איינגעריסטע מאַסקע פון אַ פאַרקאָפּטשעטן קוימענקערער. פּאַוואָליע האָבן זיך די צוויי סקאַנדינאַווישע מאַטראָזן דערנענטערט צו זייער שיף „קאָפּענהאַגן", וואָס איז געשטאַנען אַ געאַנקערטע ביים ברעג.

אַלגאָן האָט היינט ביינאַכט, ווען די לבנה שווימט יעדעס מאָל אָפּער פון אונטער די וואָלקנפלעקן, נישט געגלוסט זיך אַריינצוּוואַרפן אין דער ענגער, דושנער קאַיוטע, צווישן זיינע כראָפּנדיקע חברים.

— נילס, היינט ביינאַכט וועלן מיר אפשר בידע בלייבן אויפן דעק. מיר וועלן טרינקען ביזן העלן פאַרטאָגס. מאָרגן שווימט אָפּ אונדזער „קאָפּענהאַגן" צו די אַרכיפּעלאָגן און עס וועט זיין גענוג צייט צו שלאָפן אויפן לאַנגווייליקן ים. היינט ביינאַכט וועלן מיר וואַכן ביים פינקל פון אונדזערע ציגאַרעטן און ביים זילבערנעם ליכט פון די שטערן. — אַזוי האָט גערעדט אַלגאָ הענדערסאָן צו זיין חבר נילס אָלסאָן.

נילס האָט געגעבן אַ הילכיקן, ברייטן גענעץ און ער האָט מסכּים געווען צו אַלגאָס פאָרשלאָג. דער הימל האָט אָנגענומען אַ דורכזיכטיקן, פּערלמוטערנעם אויסזען. די טונקעלע כמאַרעס האָבן זיך אָפּגערייניקט. אַ געהיימנישפולע, הימלישע האַנט האָט זיי אָפּגעווישט פון האָריזאָנט מיט זיין אייזערנעם אַרבל. די לבנה האָט שטיל אויפגעציטערט אויפן נאַכטישן, טיולענעם הימל ווי אַ רויטער כּוס מיט וויין, וואָס האָט פאַר־כּישופט דאָס געמיט. קיין שום ווינטל האָט נישט געבלאָזן. דאָס וואַסער פון קאַנאַל האָט אומבאַוועגלעך גערוט און האָט אויסגעזען ווי אַ מעטאַ־לענער שפּיגל. פון צייט צו צייט בלויז האָט אַן אומבאַדייטנדיקע כוואַליע זיך אָנגעשלאָגן אין דעם שטאָל און אייזן פון דער „קאָפּענהאַגן" און איז מיט אַ הילכיקן געפּליוסק צוריקגעפאַלן אין דער טיפעניש פון וואַסער.

אַלגאָ האָט אַרויסגענומען אַ פלאַש מיט בראָנפן פון זיין בוזם־קע־שענע און האָט זי צום ערשט געגעבן זיין חבר נילס אַ שלונג צו טאָן. נילס'ס פון קינדשאַפט צעשניטענעם מאַטראָזיש פּנים איז געוואָרן רויט. זיינע העלע בלויע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. איצט האָט אַלגאָ אַליין געזשליאָקעט דאָס קאָנצענטרירטע פייער־פליסיקייט פון דער פינצטערער פלאַש, ווי פון אַ געהיימנישפולן קוואַל. אַן אויסגעליידיקטע, האָט ער די פלאַש אַ שליידער געטאָן איבערן דעק פון שיף. דאָס גלאָז האָט זיך אין

עפּעס אָנגעשלאָגן, האָט זיך צעבראָכן און איז מיט אַ געקרעכץ פאַרזונקען אין דער טיפעניש פונם ברודיקן, אויליק־פאַרפלעקטן וואַסער. באַלד האָבן ביידע חברים פאַרויכערט ציגאַרעטן. אינם פינקל פון די ציגאַרעטן האָט מען געקענט באַמערקן זייערע טאַטואירטע הענט. פון דעם ברוינעם לייב פון זייערע אָרעמס האָבן אַרויסגעטונקלט טראָפּישע לאַנדשאַפטן און ווי מיט טינט פאַרפלעקטע, עקזאָטישע פרויען מיט גרויסע אויגן און מיט וואַלדיש־צעשויבערטע האָר. די דאָזיקע פרויען און לאַנדשאַפטן זיינען געווען פאַרמשפּט אויף תּמיד צו בלייבן שטיין אויפן לייב פון די מאַט־ראָזן.

ביידע פריינט זיינען שוין איצט געווען היפּשלעך שיכּור. באַהערשטע פון דעם נאָסטאַלגישן אָפּשיין וואָס איז ווי אַ ווייסע קאַסקאַדע שטיל געפלאָסן פון די בערג און טאָלן פון דער לבנה, האָבן זיי פאַרצויגן אין דער נאַכט אַ בענקענדיקע מעלאָדיע פון עפּעס אַ סקאַנדינאַווישע באַלאַדע. אין אַ ווײַלע שפּעטער, ווען די מעלאָדיע האָט נאָך אומעטיק געוואַנדערט אין דער נאַכטישער שטילקייט צו די רואיקע שטערן, זיינען ביידע מאַנס־פאַרשויגנען שטיל געבליבן, באַוועלטיקטע פונם איבעריקן מאַטראָזישן הימוּוי. אַלגאַ האָט איבערגעבראָכן די שטילקייט:

— דו ווייסט, נילס, אַזאַ סאָרט פּאַסירונג ווי עס ווערט דערציילט אין דער באַלאַדע, האָט מיט מיר אַליין געטראָפן.

— דו האָסט מיר קיינמאָל דערפון נישט דערציילט. — האָט אַלגאַ געמורמלט מיט זיין הייזעריקן, שיכּורן קול.

איך בין דעמאָלט געווען פאַרליבט אין איינע אַ מיידל פון אונד־זער שטעטל. מיר האָבן זיך ביידע געקענט נאָך פון די טעג פון אונדזערע ביידענס גרינע קינדהייט. דו דאַרפסט פאַרשטיין: אַזאַ ליבע איז די שטאַרקסטע אין האַרץ פון אַ מענטש. זי קריצט זיך אויף אייביק איין און דיין בלוט מיט פייערדיקע אותיות. דאָס מיידל האָט געהייסן ליזי און איך געדענק וואויל איר פּנים. עס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסע, פרישע בלום. איך האָב חשק געהאַט צו נעמען אין מיינע הענט איר צאַרט פּנים און עס קושן ווי אַ צעבליטע רויז. זי איז געווען אַ היפּשע מיידל, אַזאַ וואָס דו האָסט שטענדיק געוואָלט האַלדזן און אומאַרמען אין דיינע פעסטע אָרעמס און זי דריקן צו דיין ברוסטקאַסטן מיט דער גאַנצער קראַפט. מיר האָבן זיך ביידע שטאַרק ליב געהאַט. איך האָב איר צוגעזאָגט חתונה צו האָבן מיט איר. אָבער, נילס, דו ווייסט דאָך פון דעם פאַר־שאָלטענעם לעבן פון אַ מאַטראָז. באַלד נאָכדעם בין איך אַוועק פון דענע־מאַרק אויף מיין ערשטער ים־רייזע, קיין האָנגקאָנג, סינגאַפּאָר, צו די ברעגעס פון כינע און יאַפּאַניע. אין יעדער נייעם האַפן פאַרשלאָפנדיק די נעכט מיט אַנדערע פרויען.

— איידער איך בין אַוועק, אין דער סאַמע לעצטער נאַכט, האָט זיך

ליזי צו מיר איבערגעגעבן, מיט מיין הייליקן צוזאָג, אַז איך וועל זיך באַלד אומקערן פון דער ווייטער וועלט מיט ליבע, מיט געלט און מיט דער־פאַרונג אין לעבן. דעמאָלט וועלן מיר חתונה האָבן. מיר וועלן זיך קויפן אַ פאַרם אָדער איך וועל ווערן אַ פישער. איך וועל כאַפּן פיש אויפן ברייטן ים און מיר וועלן לעבן גליקלעך, זיך צוקוקנדיק מיט שטילער פרייד ווי אונדזערע צוקופטיקע קינדער שפּילן זיך צוזאַמען מיט די אַנ־דערע קינדער פון די דאָרפישע שכנים. דאָס איז אָבער בלויז געווען אַ חלום אַזאַ. דו ווייסט דאָך, נילס־ברודער, וואָס עס מיינט אַזוינס צו זיין אַן אמתער מאַטראָז. דער בייזער, שטורמדיקער ים וועט דיך שוין קיינמאָל נישט באַפרייען פון זיינע אייזערנע לאַפּעס. דער ים שטיקט דיך אַזוי לאַנג ביז דו ווערסט אינגאַנצן דערשטיקט. ביז ער כישופט דיך אַרונטער ווי די גיפטיקע לאָרעליי מיט אירע פאַרפירערישע לידער, צום פינצטערן אָפּגרונט. איז, האָב איך זיך מער קיינמאָל נישט צוריקגעקערט צו ליזין. איך האָב אויך נישט מער געוואוסט וואָס עס איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן געווען דער גורל פון דער שטילער און אָפּגענאַרטער ליזין.

— ביים געזעגענען זיך אין דער לעצטער נאַכט וואָס איך האָב פאַר־בראַכט מיט ליזין, האָב איך איר געקושט. איר איידל פּנים איז געווען פאַרגאָסן מיט טרערן. איך האָב אָנגעטאָן אויף איר דינעם, שנייוויסן האַלדז אַ גאָלדן קייטעלע מיט אַ מעדאַליאָן. מיט אַריבער צוואַנציק יאָר שפּעטער האָב איך איינמאָל ווידער באַזוכט דעם היימישן האַפן, פון וועלכן איך בין צום ערשטן מאָל, ווען איך בין נאָך געווען אַ יינגערמאַן, אָפּגעשוואומען מיט אַ שיף צו די ברעגעס פון ווייטע לענדער. איך האָב די איינוואוינער פון מיין היימשטעטל נישט מער דערקענט. פון מיין אַמאָליקער געליבטע ליזי איז קיין שום שפּור נישט געבליבן. מיינע עלטערן, זינט דור־דורות פּויערים פון דער ערד, האָבן לאַנגע יאָרן געוואַרט אויפן קומען פון זייער איינציקן זון, דעם מאַטראָז, אָבער זיי האָבן זיך, צום באַדויערן, נישט געקענט דערוואַרטן אויף מיר. זיי זיינען ביידע אָפּגע־שטאָרבן אין איין יאָר צייט. פריער איז אַוועק די מאַמע און איר האָט נאָכגעפאָלקט צום קבר דער טאַטע. איך האָב זיך אַרומגעדרייט איבער די געסלעך פון דער האַפנשטאָט ווי אַן איינזאַמער שאָטן. די בענקשאַפט, דער אומעט אין האַרצן, האָט מיר געגריזשעט ווי מיט אייזערנע ציין. אין איין אָוונט בין איך אַוועק צום האַפן, דאָרטן וואו מיין ערשטע שיף איז אָפּ־געגאַנגען אין דער ווייטער וועלט אַריין. איך האָב זיך גוט אָנגעשיכורט און געהאַט אַ פאַרלאַנג זיך צו דערטרינקען אין די פינצטערע כוואַליעס. וואָרום עס איז מיר געווען קלאָר אַז איך האָב נישט קיין איינציקן פריינט אין דער וועלט. איך האָב נישט צו וואָס צו לעבן. אָבער פּלוצלונג נעמט מיך אָן עפּעס אַ מיידל ביים אָרעם און זי שלעפּט מיך אַריין צו זיך אין חדרל, אין איינע פון די האַלב־איינגעשלאָפענע חורבות פון אַ שיף, אויפן

ברעג פון ים. זי איז געווען אַ געוויינלעכע גאַסנפרוי, איינע פון די אור־מעטיקע זונות אין יעדער האַפנשטאָט. אָבער, איך בין מאָדנע גערירט געוואָרן פון איר אידעלער שיינקייט, פון דער יוגנט וואָס האָט פרישער־הייט געשפּראָצט פון איר גראַציעזן, צאַרטן געשטאַלט און זיידענעם פּנים. זי איז געווען כמעט נאָך אַ קינד און וויפיל געלט איך האָב געהאַט אין מיינע קעשענעס, האָב איך איר גערן אַוועקגעגעבן. וואָרים איך האָב שוין סיי ווי סיי נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק צו לעבן. איך האָב דעריבער נישט נויטיק געהאַט קיין געלט.

— ווען איך וואָלט נאָך געווען יינג, — האָב איך צו איר געזאָגט, — וואָלט איך זיך פאַרליבט אין אַט אַזאַ מיידל ווי דו ביסט און איך וואָלט אָפּגעלעבט דאָס גאַנצע לעבן צוזאַמען מיט דיר אויף גאָטס געטרייער ערד, ערגעץ אויפן רואיקן ברעג פון אַ געדיכטן וואַלד. מיט אַרום צוויי צענדליק יאָר צוריק האָב איך טאַקע ליב געהאַט אַזאַ שטילע מיידל ווי דו ביסט. נאָר איך בין תמיד געווען אַ שוואַכער כאַראַקטער. דער ים האָט מיך איינגעשלונגען אַ ייִנגן, קרעפּטיקן מאַנספּאַרשוין, און האָט מיך צוריק אויסגעשפּיגן פון זיין פּיסק שוין אַן אַלטן, עלענטן מענטש, אַט אַזאַ, זיס קינד מיינס, ווי דו זעעסט מיך אַצינד, נאַקעט, שיכור און פינצטער.

— זי האָט מיך אויסגעהערט שווייגנדיק און האָט פּאַסיוו געשטילט מיין משוגענע תּאווה, האָט באַפרידיקט די בענקשאַפט אין מיין בלוט פון אַ סך ליבע־הונגעריקע נעכט. איך האָב איר געגעבן צו טרינקען בראָנפן פון מיין פלאַש און זי האָט ווי אַ דאָרשטיקער זשרעבאַק געזשליאָקעט דעם זילבערנעם גיפט. פּלוצלונג, בשעת זי איז אַזוי געלעגן אַ מוטער־נאַקעטע נעבן מיר און דאָס קאָרגע ליכט פונם לעמפּל אויף דער סטעליע האָט באַלויכטן איר צאַרטע און צויבערהאַפטע נאַקעטקייט, דערזע איך עפּעס מור־ראַדיקס: איר קערפּער איז פּונקט ווי ליזיס. אויף איר שוואַנענדיקן האַלדז דערקען איך דאָס דינע, גאָלדענע קייטעלע מיטן מעדאַליאָן, וואָס איך האָב אין יענער נאַכט, פאַרן צעשיידן זיך מיט ליזין, איר געהאַט געשאָנקען. עס איז מיר איצט קלאָר געוואָרן דער גרויזאַמער אמת: דאָס דאָזיקע מיידל איז געווען ליזיס טאָכטער. זי איז געווען מיין אייגן קינד.

—ווי אַזוי האָט געהייסן דיין מאַמע? — פרעג איך אין שרעקלעכע אַנגסטן. דער שוויס אויף מיין גוף מישט זיך אויס מיט די טרערן וואָס קאַפּן פון מיינע אויגן.

— ליזי האָט זי געהייסן! — ענטפערט זי און זי שליקערצט אַ טויטלעך־שיכורע און אומגליקלעכע.

— איך האָב אויפגעציטערט. הייסט עס אַז איך האָב געשענדעט מיין אייגענע טאָכטער און אַז זי איז אַ פּראָסטע גאַסנפרוי וואָס גיט איבער איר הייליק לייב פאַר געלט צו יעדן קריפּל, הויקער און אויסוואורף. נילס, איך ווייס נישט מער וואָס עס איז מיט מיר געשען אין יענעם מאָמענט. איך

בין נישט אימשטאַנד צו געדענקען וואָס עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין מיין נשמה. איך האָב נאָך אַזוינס קיינמאָל פריער אין מיין לעבן נישט געהאַט איבערגעלעבט. איך האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט אַז איך האָב אַ דערוואַקסענע טאָכטער. אין דעם שרעקלעכן מאָמענט ווען איך בין פלוצלונג געוואויר געוואָרן אַז איך בין דער פאָטער פון אַן אייגן קינד, פון מיין אייגן בלוט און פלייש, נאָך וועלכן איך האָב געבענקט מיין גאַנץ לעבן — אין זעלבן מאָמענט ווער איך געוואויר אַז איך אַליין, דער פאַרשאָלטענער פאָטער, האָב זי געשענדעט און אַז זי פאַרקויפט איר יינגען, שניי־ווייסן לייב צו אַזעלכע געמיינע לומפּן ווי איך בין. מיין פינצטערע האַנט האָט זיך אינסטינקטיוו געצויגן צו איר ווייסן, פערלדיק־קינדערישן האַלדז. זי האָט אויפגעצאַפּלט. אירע אויגן זיינען געוואָרן פול מיט טרערן און תּפילה. זיי האָבן זיך ביי מיר, ביים עקלהאַפטן רוצח, געבעטן רחמים. איר גאַנצער ליבער, ציטערנדיקער און שטראַלנדיקער גוף איז געווען איין רירנדיק געבעט אַז איך זאָל זי לאָזן לעבן. אָבער, נילס־ברודער, איך האָב זי שוין אין יענער נאַכט קיין לעבעדיקע נישט אַרויסגעלאָזן פון מיינע רוצחישע הענט. ניין, קיינמאָל נישט. ווען מיין אומגליקלעך קינד איז געבליבן ליגן אויפן בעט אַ רואיקע, אַן אומבאַוועגלעכע, אַ געהייליקטע דורך איר ביטערן טויט, האָב איך זיך אַנגעטאָן ווי מיט פרעמדע, מערדערישע הענט, און איך האָב זיך אַוועקוואַקלט אין דער נאַכט צו מיין שיף. ביז איצט האָב איך נאָך פאַר קיינעם נישט דערציילט די מוראדיקע געשיכטע פון מיין לעבן". — — —

אַלגאָ הענדערסאָן איז געבליבן זיצן שטיל. אין זיין פאַרקרימטן פּנים האָט מען געקענט דערקענען ווי שרעקלעך ער וויינט. זיין חבר נילס האָט אים אָנגעקוקט מיט אָפענער שנאה. דאַן האָט ער שטילערהייט, אָבער שניידנדיק ווי אַ שטילעט, אַרויסגעכריפּעט:

— נידערטרעכטיקער מערדער! פאַרשאָלטענער פּחדן וואָס דו ביסט!

אַלגאָ הענדערסאָן האָט נאָך אַלץ עקשנותדיק געשוויגן. ער האָט געוואוסט אַז ער קען נישט דערוואַרטן קיין סימפּאַטיע פון קיין שום לעבעדיקן מענטש אויף דער וועלט. בפרט נישט פון דעם ערלעכן און סענטימענטאַלן נילס אָלסאָן. אַלגאָ האָט זיך אויפגעהויבן און ער איז, וואַקלענדיק זיך, צוגעגאַנגען צום ראַנד פון דעק. ער האָט טרויעריק אַריינגעקוקט אינם וואַסער, וואָס האָט זיך איצט קוים־קוים געפּלוסקעט. ער האָט אַריינגעוואָרפן אין וואַסער דעם נאָך ברענענדיקן ציגאַרעט, וועמענס פינקלענדיק פייער האָט ווי אַ בלוטיק אויג אים אָנגעקוקט פון דער פלאַך אַרויס. ער האָט געטאָן אַ ברייטן שפיי מיט שוימיק שפייעכץ און מיט געלן טיטון. דאַן האָט ער זיך שוויגנדיקערהייט אַראָפּגעגליטשט מיט די אייזער־נע טרעפּ צו זיין קאַיוטע, אין הינטערשטן טייל פון דער שיף. ער האָט זיך אינם אָנטועכץ אַרויפגעוואָרפן אויף דעם האַרטן געלעגער און ער איז פעסט איינגעשלאָפן, שנאָרכנדיק.

נילס אָלסאָן איז נאָך לאַנג געבליבן זיצן אויפן דעק פון שיף, נעבן אַ קנויל מיט דיקע שטריק און אײַזערנע קייטן. ער האָט געטראַכט וועגן אַלגאָס אָרעמע טאָכטער מיטן גאָלדענעם קייטעלע אויפן האַלדז, וואָס איז דאָרט געבליבן ליגן אַ דערשטיקטע דורך איר פאָטערס גבורהדיקע לאַפּעס. פּונקט אַזאַ סאָרט מיידל זוכט ער דאָך אייגנטלעך זיין גאַנץ לעבן. ווען ער וואָלט געפונען אַזאַ ציכטיק קינד, וואָלט ער מיט איר חתונה געהאַט, זיי וואָלטן געבראַכט קינדער אויף דער וועלט, ער וואָלט זיך באַזעצט אויף אַ פאַרם און ער וואָלט רואיק אויסגעלעבט זיין לעבן, פּונקט ווי זיין חבר אַלגאָ האָט געחלומט. נאָר דאָס וואָס ער זוכט דורך זיין גאַנצן לעבן, האָט אַלגאָ ברוטאַל געטויטעט אין איין מינוט.

אויפן אומהיימלעכן הימל איז נאָך אַלץ פּאַוואָליע אַרומגעשוואומען, אַזוי ווי אַ גאָלדענער פיש, די לבנה. פּלוצלונג האָט דער האָריזאָנט זיך אָנגעהויבן צו זילבערן. אַ פרישע, נייגעבוירן ליכט האָט אָנגעהויבן צו שפּראָצן, האָט פאַרשפּריצט דעם מזרח מיט העלע, גאָלדענע פלעקן. דאָס האָט די אויפקומענדיקע זון געוואָרפן די ערשטע סנאָפּעס שטראַלן פון באַגינען און מיט איר פלאַם אָנגעהויבן צו באַלייכטן די וועלט. —

## שעכערעזאַדעס מעשהלעך

אַנומלט האָב איך אַרומגעשפּאַצירט צווישן די קברים פונעם ריזיקן בית עולם אין מיין געגנט. מחמת עס איז דאָ, אין לאַנג איילאַנד, קיין שום פּאַרק נישט פאַראַן, און די היצן זיינען אַזעלכע אומדערטרעגלעכע, זוך איך שאָטן און קילקייט אונטער די געדיכטע צווייגן פון די אוראַלטע ביימער און אונטער די שטיינערנע מצבות פון די אָרעמע מתים. געוויינלעך דענקט מען אַז אַ בית עולם איז דער לאַנגווייליקסטער פלאַץ אין דער וועלט. וואָרים איין קבר איז דאָך גלייך צום אַנדערן קבר. פונדעסטוועגן ווער איך תמיד איבעראַשט ווי אַזוי די מצבות ציען מיך אַריין זיי צו לייענען אַזוי ווי די בלעטער אין אַ שפּאַנענדיקער נאָוועלע פון אַ גרויסן מייסטער.

פּאַקטיש באַזיצט איר אַן אויסערגעוויינלעכע פּריווילעגיע: איר קענט אין די טויזנטער נעמען און דאַטעס פון מענטשלעכע געבורטן און טויטן לייענען די מזלות, דעם אָנהויב און סוף פון פאַרשידענע כאַראַקטערן און געשטאַלטן. אונטער יעדער איינציקן גראַניטענעם מאָנומענט, זאָגט אייך אונטער אייער אייגענע פאַרשטעלונגס־קראַפט, זענט איר אימשטאַנד אָן מאַזונדערע שוועריקייטן זיך אויסצומאָלן העלדן, לעבנס, דראַמעס און גורלות. דער קורצער אָדער לענגערער לעבנס־שפּאַן פון אַ מענטש דערציילט אייך אַ סך. עס דאַכט זיך אייך אַז זיין אָדער איר דורכזיכטיקער גייסט ווי קרישטאָל שוועבט אַ פאַרקלערטער אין דער הויך, איבער דער גראָזיק־גרינער ערד, און וויינט שטילערהייט מיטן איידעלן פּנים באַהאַלטן צווישן די פון ווערם צעפרעסענע הענט...

אָפטמאָל טרעפט אַז איר ווערט געפאַנגען פון דעם מעלאָדיעזן נאָמען פון איינער אַ פרוי. איר קענט זיך נישט העלפן: יעדעס מאָל קומט איר צוריק צו איר און איר מעדיטירט שטילערהייט; איר טראַכט לאַנג ביי איר נידעריקן בערגל ערד און ביי איר מאַרמאָרנע, באַשיידענע מצבה, וואָס דערציילט פון איר יינגען לעבן. עס איז ווי אַ גייסט וואָלט אייך לייכט אָנגענומען ביי דער האַנט און אייך צוגעפירט דאָרטן וואו עס רוען אירע ביינער. עמעץ וואָס איז שוין דאָ געוועזן אַביסל פריער פאַר אייך, האָט דאָ איבערגעלאָזן אַ בוקעט מיט וויאָלענדיקע בלומען. זיינע טריט זיינען שאַרף אָפּגעצייכנט אין דער ליימיק־געלער ערד...

אָפטמאָל קוקט איר אַריין אין די אָפענע פענצטערלעך פון די פאַ־מיליען־הייזלעך, אין די קאָסטבאַרע מאַוזאָלעאומס, וואו עס רוען איינגע־מויערטע אין מאַסיווע ווענט די מיטגלידער פון גאַנצע משפחות, מערסטנס רייכע, מעכטיקע און פירשטלעכע, וועמענס אויסגעהאַקטע נעמען אין שטיין דערציילן אייך פון היסטאָרישן יחוס און לעגענדאַרן שטאַם. יאָ, מען ווערט געפאַנגען פון דער מאַכט און כישוף פון נעמען. שטאָלצע, אַמביציעזע און אַרויפּרופערישע נעמען, וואָס מען האָט באַגעגנט בשעתן לייענען אין היסטאָ־רישע ווערק פון העראָדאָט און פּלוטאַרך; אָדער אין די פּאָעטישע מייסטערווערק פון דאַנטע, טאָרקוואַטאָ טאַסאָ און אַריאָסטאָ. די דאָזיקע נעמען באַזיצן אָפטמאָל זייער אייגענע קראַפט, זייער עפּישע גראַנדיעזקייט און פאַרצייטיקן רום. נעמען וואָס לייכטן ווי שטערן ביינאַכט אויפן הימל פון וועלט־געשיכטע.

ביינאַכט גייט מען אַהיים צום קליינעם חדרל ערגעץ אין אַן אַלטער, פאַרלאָזענער מויער. אויפן טיש שטייט גרייט דער טינטער מיטן חושכדיקן טינט; דער כוס מיטן פינקלענדיקן ווייַן און דאָס בילד פון רעמבראַנדטס וואָס שטעלט פאָר דעם רייך־געקליידטן פילאָזאָף אַריסטאָטעל, וואָס האַלט די רעכטע האַנט אויף דער גאָלדענער קייט וואָס צירט זיין ברוסט, בשעת מיט דער לינקער האַנט באַרירט ער לייכט און מיט גרויס דרך־ארץ דעם נאַקעטן שאַרבן פונם בלינדן פּאָעט האָמער, ווי ער וואָלט אונטערשטרייכן די מעכטיקע ווירקונג פון פּאָעזיע און אויך דעם שייכות צווישן דעם דענ־קערס געדאַנק און דעם דיכטערס פאַרשטעלונג.

יאָ, שפּעט ביינאַכט, ביים ליכט פון דער גאָלדיק־צעלויכטענער לבנה, נעמט מען זיך ווייטער שרייבן אַ קאַפּיטל פון אַ נאָוועלע. און בשעתן שרייבן וועגן מענטשן און העלדן, באַנוצט מען זיך מיט די פאַרטיקע נעמען פון די מצבות, וואָס זיינען איינגעקריצט ווי מיטן שאַרף פון דימענטן אינם קאַלטן לייב פון גראַניט און מאַרמאָרשטיין. וועלכע גלענצנדיקע נעמען פון אידעלע פרויען לויכטן אויף אין זכרון פונם שפּאַציר אויפן בית עולם, אַזוי ווי אַרויסגענומען פון באַרימטע קלאַסישע דראַמעס און היס־טאָרישע כראָניקעס; וועלכע לעגענדאַרע נעמען פון פאַרצייטישע העלדן און

באוואוסטע ליטעראַרישע פיגורן. די נעמען פראָוואָצירן דעם מחברס פאַנ־טאַזיע צוצופּאַסן פאַר זיי דערציילונגען און געשיכטעס. מען קריגט אַ מאָדנעם און געהיימנישפולן פאַרלאַנג אויסצוטוצן געוויסן נעמען וואָס זײַנען ווי שלימותדיק־געשליפענע ברילײַאַנטן פאַר ליטעראַרישע שאַפונגען אויף וועלכע די פאַנטאַזיע אַרבעט שוין יאָרן לאַנג און איז טאָג און נאַכט באַ־שעפטיקט מיט זייערע לעבנס און אַוואַנטיורעס. זאָלן די דאָזיקע רויע און נאַקעטע נעמען פון די מצבות ווידער קריגן וואַרעם לעבן און זאָל קאָכע־דיק בלוט פליסן אין זייערע אָדערן. זאָלן זיי אויפדאָסניי פאַרוואַנדלט ווערן אין מענטשלעכער דראַמע, אין אָפּערעטעס און אָפּעראַס, אין קאָמעדיעס און אין טרויערשפּילן און מאַכן לעבעדיקע פּנימער אין טעאַטערן צו לאַכן און צו וויינען. זאָלן די דאָזיקע נעמען ווידער אָננעמען פלייש, נשמה, קאָסטיום און צירונג און זאָלן זיי ווידער לויכטן, קעמפן און שפּילן דאָס בונטע, ליידנשאַפטלעכע לעבן אין אַקציע, אין קאָנפליקטן, אין דעם גרויסן און אָפטמאָל גרויזאַמען שפּיל פון מענטשן, העלדן און פעלקער אין דער היסטאָריע פון דער וועלט. —

---

אַנומלט, שפּאַצירנדיק אַזוי אין בלוילעכן פאַרנאַכט, ווען יעדער איינ־ציקער מענטש, ווי גרוי און באַדייטונגסלאָז ער זאָל זיך נישט פילן אין זײַן לעבן, זעט דאָך אויס אַזוי ווי אַ גרויסער, גאָלדענער כּוס אָנגעפילט מיט גאָט׳ס פּייכטער, פרומער און זײַדענער בלויקייט, ווי מיט לייכט־זילבערנדיקן שאַמפּאַניער, באַמערק איך פּלוצלונג אויפן שמאָלן קבֿרל פון אַ קינד אַ זייער שיין און איידל־געבונדענעם בוך פון דער אַראַבישער פּרינצעסין שעכערעזאַדעס „מעשׂיות פון טויזנט און איין נאַכט״. זשעדנע און שטוינענ־דיק הויב איך אויף דעם דיקן באַנד פון דעם קינדערישן קבֿר, וואָס איז איינגעהילט אין מולטיפאַרביקע קרענצלעך מיט בלומען. איך מיש די פּונם רעגן און שניי שוין אַדורכגענעצטע און פאַרגעלטע בלעטלעך, פון וועלכע עס לויכטן אויף פּרעכטיק־געפאַרבטע אילוסטראַציעס. אין די ראַפינירט־געצייכנטע וויניעטן שטראַלן פאַרשידענע קרעפטיקע כאַראַק־טערן: קעניגין מיט ריזיקע קרוינען און בעטלערס מיט טאָרבעס; ים־רייזנדיקע און סוחרים פון זיידנס און געווירצן; אַרבעטער אין אָפּגעטראָ־גענע בגדים און הפקרדיקע מאַטראָזן; מיליטער־לייט אין אויסגעפּוצטע קאָסטיומען און פּראָסטע בעלי־מלאָכות; רײַצנדיקע פּרינצעסינס און חנעווו־דיקע דינסטמיידלעך. כּמעט אַ גאַנץ פאַרשידנאַרטיק פאָלק און אַ דראַמאַ־טיש־רייכער קאָנטינענט מיט דינאַמיש לעבן ברעכט זיך אַרויס פון די טיפענישן פון צייט אַדאַנק די דאָזיקע פאַנטאַסטישע און רעאַליסטישע מעשׂהלעך און עפּישע באַשרייבונגען. דער פּאַרצייטישער מחבר האָט פּאַק־טיש געשריבן די דערציילונג פון זײַן צייט און סבֿיבֿה; פון גאָר די מענטשן און טיפן וואָס ער האָט אַליין געזען אויף גאַסן און מערק; האָט פּערזענלעך געקענט און האָט אויסגעטראַכט לויט זײַן געוואַלטיקער קראַפט

פון פֿאַרשטעלונג און פֿאַנטאַזיע. תּמיד זיינען די דאָזיקע העלדן און כאַ־ראַקטערן פֿעסט און סאָליד באַזירט אויף לעבעדיקע אַקציע און קעגנוואַרטיקע געשעענישן אין זיין לאַנד און ביי זיין פֿאָלק. זיי זיינען דאָס רוב אויך באַווירצט מיטן טיפּישן פֿאָלקלאָר פֿון זיין סביבה. מיט די מעשׂיות און שפּריכווערטער, מיט די ברכות און קללות פֿון די אַראַבישע שעפֿער, גע־היימנישפֿולע פֿאָלקס־מחברים און מעשׂיות־דערציילערס פֿון די ווינקעלערס, וועגן און מערק.

איך האָב געהאַט עפּעס אַ טונקעלע באַדערפֿעניש אַהיימצוברענגען דאָס מאָדנע און פּראָוואָצירנדיקע בוך. עס פּשוט צוצוגנבֿענען פֿונעם טויטן קינד. איך האָב געטראַכט אַז עמעץ, אַ פֿרעמדער וואַנדערער, האָט דאָס בוך דאָ אַוודאי פֿאַרלוירן אויפֿן קריסטלעכן צווינטער, אין דעם וואַלד מיט שטיי־נערנע מצבֿות. עס וועט פּשוט זיין אַ מצווה דאָס דאָזיקע שוין אַ ביסל אויסגעווייקטע בוך ווידער צו שענקען אַ היים, אַ היימישע פּאָליצע אין מיין ביבליאָטעק. עס וואָלט געווען אַ יושר, האָב איך געטראַכט, אַז דאָס בוך זאָל ווידער קריגן זיין פּלאַץ און זיין אָנזען צווישן די אַנדערע קלאַסישע ווערק און וואָלומס אין מיין שטוב און היים. אָבער באַלד האָב איך עפּעס אויפֿגעציטערט פֿון אַ שרעקלעכער מחשבֿה: ניין, עס האָט קיינער דאָ נישט פֿאַרלוירן דאָס דאָזיקע זעלטענע בוך. דאָס האָט גאָר איינע אַן עלנטע, טרויערנדיקע און פֿאַרצערטע מוטער געבראַכט צו איר קליינטשיקן, פֿאַר־שטאָרבענעם מיידעלע, אָדער אינגעלע, אַ מתּנה די זיסע און וואונדערלעכע מעשׂיות פֿון דער פּרינצעסין שעכערעזאַדע, וואָס האָט פֿאַרן פּרייז פֿון די צוויבערהאַפֿטע דערציילונגען וועגן דעם אַראַבישן לעבן, וואָס זי האָט דערציילט צום אַכזריותדיקן קייסער, געוואָלט בלייבן לעבן. די נאַאיווע און פּאָעטישע מוטער האָט אַוודאי געגלויבט אַז איר געליבט קינד הערט קיינ־מאָל נישט אויף, אַפֿילו אויך נישט אין גן־עדן, צו לייענען די הערלעכע געשיכטעס פֿון אָריענט מיט דער־זעלבער ברענענדיקער נייגיריקייט און אָטעם־פֿאַרכאַפּטקייט ווי בשעתן לעבן.

אַ יינגע, אומגליקלעכע און בענקענדיקע מוטער האָט דאָ אין איינעם אַ טאָג געבראַכט, אָנשטאָט אַ בוקעט מיט קוויאַטן, צו איר זיסן מלאך עפּעס אומגעווינלעכס און פֿאַנטאַסטישס צום לייענען. זי האָט צו איר מלאַך׳ל געבראַכט אַ קלאַסיש ווערק כּדי עס צו אַמוזירן און צו פֿאַרטרייבן די לאַנגווייליקייט פֿון טויט מיט זיין גאָלדיק־געשליפֿענער פּראָזע.

מיט אמתן פֿיעטעט האָב איך דאָס בוך צוריקגעלעגט צו דער קילער ערד פֿונעם קינדישן קבֿרל. איך האָב זיך ממש איצט טיף פֿאַרשעמט מיט מיין פֿריערדיקער כּוונה אַהיימצוטראָגן צו מיין פּריוואַטער ביבליאָטעק אַ פֿרעמ־דער מוטערס רירנדיקער מתּנה פֿאַר איר קינד, וואָס וואַקסט קיינמאָל נישט מער אין שטערבלעכער צייט און ווערט נישט גרויס כּדי צו ווערן גרוי און אַלט...

# די רעסטאָראַציע פון עמפּעדאָקלעס

ביים פּלאַנעטאַריום זיצן אין דעם הייסן, יוליקן נאָכמיטאָג די מענטשן פון דער גאַס. צוויי עלטערע פראַנצויזקעס האָבן מיטגעבראַכט פון דער היים אַן אַלט־געבאַקן ברויט. זיי פּליקן דערפון שטיקער דיקע קרישקעס און זיי וואַרפן צו די טויבן. איינע פון די פרויען בויגט זיך מוטערלעך אַריבער צו די אַש־גרויע טויבן. אירע אידעלע בריסטן ציען זיך פּולע צו דער ערד. פאַרשידענע סאָרטן פאַרבייגייערס קוקן אַריין אין דער פראַנצויזקעס אָפענעם בוזים. אויך פון די שכנותדיקע בענק קוקט מען נייגעריק אויף די צוויי פראַנצויזקעס. עפּעס זען זיי אויס צו פאַרדעכטיקט. אַפילו קראַנקע און פאַראַליזירטע, אָפּגעלעבטע מענער און פרויען, דאָס שטענדיקע ערב־רב פון דער גאַס, האָבן ליב זיך צוצוקוקן צו דעם אייביקן טאַנץ פון תאווה. איטאַליענערקעס, מיט גרויסע ביליקע איידלשטיינער אויף די פינגער, גייען פון דער אַרבעט. די צווייגן פון די ביימער זיינען אַ שוץ קעגן דער שטיקנדיקער היץ. די זון, וואָס איז געווייניך אַזוי אָנגענעם אין די ווינטערדיקע טעג, ווען יעדער איינציקער טראָפּן ליכט ווערט געקושט פון די יסורימדיקע און איינזאַמע מענטשן, איז איצט איבעריק צום שטאָטישן מענטש. עס זיצן דאָ אינם גערטל ביים פּלאַנעטאַריום די שטענדיקע אָרעמעלייט. די אַלטע, איינגעשרומפּענע פרויען, וואָס צייט האָט ברוטאַל אַרומגעגריזשעט: די געוועזענע אַריסטאָקראַטקע; די אויסגעקרומטע אַלמנה; די פאַרעלטערטע זונה. עס זיצט דאָ דאָס גרויע פאָלק. דאָס פאָלק, וואָס איז גאָרנישט קיין אידילישע לאַנדשאַפט. דאָס איז דאָס מידע, דאָס בלייערנע פאָלק, וואָס באַווייִנט נאָך יעדער מלחמה זיינע געפאַלענע זין. דאָ זיצן די אלמנות נאָך העלדן און מאַרטירער.

איבער דער אַלייע שפּאַצירט אַרום דער איינהענטיקער אינוואַליד. ער איז בלינד אויף אַן אויג אויך. דו האָסט אַמאָל אין אַ פאַרגעלטן בוך געלייענט וועגן די מיטאָלאָגישע ציקלאָפּן. דאָס איז אַזאַ מין ציקלאָפּ. נאָר נישט פון דער נאַטור אַזוי געבוירן. דאָס איז דער לעבעדיקער מאָנומענט פון מלחמה. דאָס איז די פיל־געריימטע גלאָריע פון היסטאָרישע שלאַכטן, וואָס האָבן גרויס געמאַכט גענעראַלן. דער איינאויגיקער און איינהענטיקער לעבעדיקער דענקמאָל.

דער אָמניבוס שטעלט זיך אָפּ ביים ראָג פון דער גאַס. אַ יינגע פרייליין גייט אַרונטער פון די טרעפּלעך. זי גייט גלייך צו צו דער רעסטאָראַציע פון עמפּעדאָקלעס, וואָס הייסט „אַקראָפּאָליס״. זי שטייגט אַראָפּ עטלעכע שטיינערנע צעבראָכענע שטיגן. עס איז צו אַלעמען אויפפאַלנדיק אירע ביליקע, אין אויפרייסנדיקע קאָלירן, לויכטנדיקע צירונג און קליידער. אירע האָר זיינען געפאַרבט אויף אַ שטרוי־בלאָנדער פאַרב. אייגנטלעך קען מען איר גאַנצן פּנים נישט זען. עס איז פאַרשטעלט מיט אַ ברייט־ראַנדיקן,

טונקעלן הוט. דערפֿאַר קען מען וואויל באַטראַכטן אירע היפּשע, רייצנדיקע היפּטן, אירע היפּטן און בריסטן וויגן זיך צום טאַקט פֿון איר פֿלינקן און גראַציעזן גאַנג. קלאָר: דאָס איז אַ גריכישע קאָקעטקע, אַ שוועסטער פֿון דער געציין ווענוס.

איך בין דערוויַיל הונגעריק. איך חלום פֿון עפּעס אַ פֿיינעם, בלוטיק־צעפּלאַמטן „סטייק". איך וואָלט גערן אָפּגעשניטן פֿון אַן אויסגעטראַכטער חיה אַ גרויס שטיק פֿלייש. איך וואָלט עס אָפּגעבראָטן אין די פֿייערן פֿון זון־אונטערגאַנג און פֿאַרצערט אין אַ מינוט (באַלד שאָקירט מיך די אידעע פֿון אָפּשניידן פֿלייש פֿון אַ לעבעדיקן באַשעפֿעניש).

די לבֿנה, ווי דער שאַרף פֿון אַ ברידיטווע, ציטערט איף בלייך אויפֿן הימל. אָט איז די קליינע רעסטאָראַציע „אַקראָפּאָליס", וואָס געהערט צום גריך עמפּעדאָקלעס, מיטן נאָמען פֿון דעם פּעסימיסטישן, פֿאַרצייטישן פֿי־לאָזאָף, וואָס האָט, ווי די לעגענדע דערציילט, טאָג און נאַכט געווייַנט און ער איז צום סוף באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די רעסטאָראַציע איז אַ ביסל אין דער נידער, אין אַ האַלב־טונקעלן קעלער. עס רייצט די פֿאַנטאַזיע. עס דערמאָנט אין נאַכט־לאָקאַלן, וועמענס פֿענצטער זייַנען פֿאַרהאַנגען מיט אײדעלע פֿאָרהאַנגען. פֿאַרמאַכטע ווי די אויגן פֿון צניעותדיקע פֿרויען. עס דערמאָנט אין געהיימניספֿולע פּאַריזער קעלערן פֿון זינד.

ווען איך גיי אַרונטער מיט די טרעפּלעך, זע איך ווי ביים קאַנטאָר שטייט די בלאָנדע פֿרוי, וואָס איז ערשט מיט אַ ווײַלע צוריק געהאַט אַראָפּגעגאַנגען פֿון אָמניבוס מיט איר פֿריינט, דעם אייגנטימער פֿון דער רעסטאָראַציע, דעם מר. עמפּעדאָקלעס. זיי סודלען זיך אינטים. איך זע זיין צעשניטענעם און געשטופּלטן פּנים. עס איז דאָס פּנים פֿון אַ גריך, וואָס האָט אין זיין לעבן קיין סך האַניק נישט געלעקט. פֿאַרברודיקט פֿון רויך און פֿון סאָזשעס, אין דער שטיקנדיקער, יוליקער היץ, אין דער פֿאַר־שטיקטער אַטמאָספֿערע פֿון ציגאַרן־ און ציגאַרעטן־רויך, מאַכט זיין בלע־כענער פּנים גאָרנישט צו טראַכטן פֿון דעם מירמלשטיינערנעם אַקראָפּאָליס און פֿון די היסטאָרישע גריכישע דענקמעלער. אויך נישט פֿון יענע קלוגע מענטשן, וואָס האָבן באַרימט געמאַכט דאָס אַמאָליקע גריכנלאַנד מיט זייער פֿילאָסאָפֿיע, קונסט און ליטעראַטור. בשעת זיי רעדן צווישן זיך אינטים, קוקט מר. עמפּעדאָקלעס אַריין אין דעם אײדעלן שניט פֿון איר בוזים, אַ רייצנדיקער שניט, וואָס טיילט פֿאַנאַנדער אַלץ טיפֿער אירע ביידע פֿולע בריסטן. זי דערפֿילט דעם ליידנשאַפֿטלעכן בליק פֿונם גריך און זי שמייכלט שעלמיש.

די רעסטאָראַציע, קליין ווי זי איז, איז פֿול מיט געסט. ביים בופֿעט שטייט אַ בלאָנד שלאַנק מיידל, מיט אַ שיין־געשניצטן פּנים, איבערגעצויגן מיט אַ פֿרישער, מילך־בלייכער הויט. דאָס מיידל באַוועגט זיך לייכט און גראַציעז, אַזוי ווי אַ גאַזעל, צו באַנוצן אַ פֿיל־גענוצטן מעטאַפֿאָר פֿון די

אַלטע אַראַבישע מעשיות. איינער, אַ שווערער טרעמפּ, וואָס קען קוים האַלטן זיין צעשויבערטן קאָפּ אין דער הויך, און וואָס באָמבלט אַ טויט־שיכורער מיטן גאָפּל־מעסער אינם טעלער מיט צעקראָכענעם אונגאַרישן גולאַזש, און וואָס האָטאַ פּנים פון איינעם פון די רויבערס וואָס זיינען גע־קרייציקט געוואָרן מכלומרשט צוזאַמען מיטן אויסגעטראַכטן „פּרינץ״ פון הימל, קוקט עקסטאַטיש אויף דער קאָקעטישער בלאָנדינקע. ער רעדט צו איר שיכורע רייד. זי, די בלאָנדינקע, וועלכע מיר וועלן אָנרופן קלאַרעטאַ, איז נאָך נישט פון יענע סנאָבישע פּרויען, וואָס וועלן וויכן פון די קאָמפּלי־מענטן פון אַן עלנטן, שיכורן מאַן. זי ווייסט וואויל, אַז זי איז דאָ אַ ליכטי־קער אינדזל פון שיינקייט און יוגנט אין אַ וועלט וואָס זשאַווערט אונטער. דעריבער טוט זי צוליב און ענטפערט יעדן איינעם אָפּ אויף אַ פריינטלעכן אופן, מיט געדולד, מיט אַ גוט וואָרט. זי ווייסט וואויל דעם ווערט פון איר ווייבלעכן שמייכל. זי איז באַוואוסטזיניק פון דער גאָלד־וואַליוטע פון איר יעדן פיזישן זשעסט און בויג; פון איידעלן ציטער פון אירע דינע אַקסלען און קניעס; פון כוואַליען זיך פון אירע גאָלדענע פּאַסמעס האָר. זי ווייסט אַז זי איז אַזוי ווי אַ דינע, בונטע כוואַליע, וואָס האָט זיך אָפּגעבראָכן פון זוניקן ים פון לעבן און זי האָט דאָ פאַרבלאָנדזשעט, כדי פריינטלעך צו באַדינען די אָרעמע מענטשן.

אין אַ ווינקל, באַזונדער, זיצט אַ דין מיידל און זי עסט איר באַשיידענעם מאָלצייט. איר פּנימל איז אַ ביסל אָפּגעצערט. די ליפּן זיינען פאַרגרינט. קיין דערפּאָלג נישט אין ליבע? צי אפשר האָט דאָס שטילע אַרבעטער־מיידל ערשט פאַרלוירן איר געליבטן? זי איז באַוואוסטזיניק פון דעם ווערט און דער באַדייטונג פון דער בלאָנדער קלאַרעטאַ. זי איז צו די אומעטיקע געסט פון דער רעסטאָראַציע ווי אַ מלאך, וואָס איז ווי אַראָפּגע־גאַנגען פון אַן איטאַליענישער מאָלעריי, פון גאָלדענעם רענעסאַנס. זי אַליין, דער טרויעריקער גאַסט, וואָס עסט דאָ איר אָרעמען מאָלצייט, איז אַוודאי פון זעלבן ווייבלעכן ווערט ווי די בלאָנדע קלאַרעטאַ. נאָר די בלאָנדע איז כמעט נאָך אַ קינד, נאָך אַ קליינטשיק מיידל. דאָס לעבן האָט איר נאָך אַזוי ברוטאַל נישט באַרירט. דאָס לעבן האָט צו איר נאָך נישט אויסגעשטרעקט זיינע אייזערנע הענט, זיינע געמיינע לאַפּעס, כדי זי צו גרייפן פעסט און זי צו שטיקן אין גאָרגל. מיט קיין ביטערע לעבנס־אַנטוי־שונגען איז נאָך די הויט פון איר יונגן פּנים נישט באַשריבן. עס איז אין איר נשמה נאָך נישט פאַראַן צו לייענען די אומעטיקע, די אייזערנע נאָוועלע פון לעבן. און זי אַליין, זי זיצט אַזאַ טונקעלע און פאַראומערטע. און דאָך קען אויך זי זיין אַ סימפּאַטישע פרוי. ווען זי וואָלט זיך נאָר אַ ביסל אַנדערש אָנגעטאָן. צו איר שויס וועט אין איינער אַ נאַכט נאָך קניען אַן עקזאַלטירטער געליבטער. ער וועט צו איר מורמלען וואונדערלעכע רייד פון שיר השירים.

דער גריך, מר. עמפעדאָקלעס, איז נאָך אַלץ פּאַרטאָן מיטן סודלען זיך מיט דער ערשט־אַריינגעקומענער פריינדין. שפּעטער, זעענדיק, אַז אַלע מענטשן זיינען עפּעס אין געהיים פאַרטאָן אין איר, ווענדעט ער זיך צום פּובליקום מיט אַ שמייכל. ער זאָגט הייזעריקלעך:

— דאָס איז אַרטעמידאָראַ, מיין טאָכטער!

אַלע זיינען אַוודאי איבעררעשט. יעדער איינציקער גאַסט זאָגט עפּעס כדי יוצא צו זיין. די בלאָנדע קלאַרעטאַ, ביים בופעט, זאָגט אויך:

— זי זעט אויס אַזוי ווייניק גריכיש מיט איר קאָפּ זוניקע האָר.

ווען די „גריכין" וואָלט זיך נישט באַמיט צו זיין העפלעך, בפרט ביים באַווייזן זיך דאָ דאָס ערשטע מאָל צו די אומבאַקאַנטע געסט, וואָלט זי לייכט געקענט ענטפערן:

— נו, און דיין אייגענע „בלאָנדקייט" איז דען פון דער נאַטור?

אָבער זי איז נישט קיין נאַרישע מויד. זי זאָגט אין אַ ווײלע אַרום:

— דו ווייסט, טאַטע, ווי אַזוי אויסצוקלייבן שלאַנקע, חנעוודיקע מייד־לעך כדי צו אַמוזירן דיינע פיינע געסט.

אַלע צעלאַכן זיך פונם קאָמפּלימענט. דערמיט האָט זי גלייכצייטיק אָפּגעקויפט די בלאָנדינקע און די געסט. אָבער וועגן איר אַליין, אַרטעמי־דאָראָן, בלייבט פּאָרט איבער צו טראַכטן. איז זי באמת זיין טאָכטער? ווי ווייניק „פּאָטער" און „טאָכטער" זיינען ענלעך צו זיך. און ווי אַנדערש זי איז אין אירע ראַפינירטע, גרויסשטאָטישע מאַניערן, פון דעם שווערן גריך מיטן גענגסטעריש־צעשניטענעם פּנים. פאַרוואָס, בשעת זי רעדט צו אים, ווענדט זי אָן אַלע אירע ווייבלעכע גענג און גראַציעס, כדי צו פאַנגען זיין מאַנסבילשע אויפמערקזאַמקייט?

אין אַ ווײלע אַרום מאַכט זי זיך גרייט צו גיין. ווען זי איז שוין ביי דער טיר, פרעגט ער זי:

— אַרטעמידאָראַ טייערע! ווען וועסטו היינט אוונט צוריקקומען פרי? איך בעט דיך, קום צוריק באַצייטנס...

— אפשר, פּאַפּאַ! — ענטפערט זי גראַציעז. דער ווייבלעכער „אפשר" איז אַ זיכערער „יאָ".

נאָך איר אַוועקגיין ווערט דער גריך ענערגישער, אַזוי ווי אַ פרישער וואונדער־כוח וואָלט אַריינגעשטראָמט אין זיינע אָדערן. איבערהויפּט קוקט ער איצט נישט גלייך אין די אויגן פון דעם בלאָנדן מיידל, קלאַרעטאַ. קלאַ־רעטאַ טראַכט עפּעס אַן אומעטיקע, זיך פלינק באַוועגנדיק פון איין גאַסט צום אַנדערן, אַזוי ווי אַ בערוועזע בין. נאָר די מענטשן דאָ זיינען נישט קיין בלומען וואָס מאַכן האָניק. גיכער זיינען זיי אַלטע שטיקער אייזן. אויך זי, וואָס קען שוין לענגער דעם מר. עמפעדאָקלעס, ווייסט אַז די זאַך איז היפּש פאַרדעכטיקט. ער האָט איר פריער קיינמאָל נישט דערציילט, אַז ער האָט אַ דערוואַקסענע טאָכטער. דער נאָמען „אַרטעמידאָראַ" איז אַזוי

אומנאַטירלעך. אַזוי הייסט די פּרינצעסין אַרטעמידאָראַ אין ניו־יאָרקער מוזעאום פון נאַטור־געשיכטע. זי איז אַ מומיע וואָס איז אַלט פינף טויזנט יאָר. קלאַרעטאַ האָטדי טויטע פּרינצעסין איין מאָל געזען בשעת אַ באַזוך אין מוזעאום.

דורך די פענצטער פון דער רעסטאָראַציע קען מען תּמיד זען די פּיס פון מידע און קראַנקע מענטשן, וואָס דרייען זיך אַרום אַנטקעגן דעם רייפן, יוליקן, מיט מעכטיקע פענדזלען געפּאַרבטן פּאַרק. דער הימל אויבן איז צעבויגן ווי אַן אַלטער, צינענער טעלער. אַנטקעגנאיבער שטייט פּאַראַנקערט די געביידע פון פּלאַנעטאַריום. מענטשן וואָס קוקן רעכט נישט אַן דורך זייער גאַנץ לעבן די שטערן אין הימל; וואָס האָבן נישט קיין צייט געגוג לאַנג און אויפמערקזאַם אָנצוקוקן דאָס רויטע פּנים פון דער לבנה, קומען דאָ זען די קינסטלעכע שטערן און צו הערן די לעקציעס וועגן אַסטראָ־נאָמיע. באמת, ווען עס ווערט פינצטער און די שטערן הויבן אָן צו ווערן קלאָר און לויכטנדיק אויפן קליינעם, הימלישן פּירמאַמענט־עקראַן, זיינען די מענטשן פּשוט איבערראַשט. זיי האָבן גאָר קיינמאָל נישט געוואוסט ווי שיין די שטערן זיינען.

דערנעבן געפינט זיך אויך אַ פּיונעראַל־הויז, אַ געלע, לייכטע און לופטיקע געביידע, ענלעך צו אַ סאָרט טעמפּל. היינט ביינאַכט איז טאַקע די געגנט דאָ פול מיט טונקעלע אויטאָמאָבילן אויף די גאַסן. עס איז אַ רייכע לוויה: אַ באַרימטער מעצענאַט פון דער העברייאישער קולטור האָט פאַרלוירן זיין איינציקן זון אין אַן עראָפּלאַן־אומגליק. רייכע דאַמען גייען אַרונטער, געוויקלט אין טרויער, אַזוי ווי לאַרוועס אין זיידענעם שפּינ־געוועבס איינגעהילטע.

עס איז נאַכט. אַ פּרוי פירט אַ הינטל ביים קייטעלע און דער הונט האָט דווקא חשק זיך אָפּצורייסן אַ ביסל פון דער אַלטער פרוי. ער וויל זיך באַוועגן וואוהין זיין אינסטינקט טרייבט אים. די שוואַכע פרוי פּרואווט איינצוהימען מיט גרויס אָנשטרענגונג דאָס שטאַרקע הינטל. זי מאַטערט זיך מיט אים ווי מיט איר לעבן. עס איז פּאַטעטיש זיך צוצוקוקן צום דאָזיקן געראַנגל.

די געסט אין רעסטאָראַציע קומען און גייען כסדר. קלאַרעטאַ ווערט גאָרנישט מיד צדקה׳דיק צו שמייכלען. זי ווייסט אַז זי טוט וויכטיקע זאַכן. אַז זי וועט אַמאָל, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, זיין אין גאָטס ליכ־טיקן גן־עדן פאַרן איצטיקן טיילן פענעצן מיידעלשן שמייכל צו מידע און איינזאַמע מענטשן. דער גריך איז נאָך אַלץ אויפגעלעגט און פול מיט נער־וועזער דערוואַרטונג. ער קוקט אַרויס צום הימל, צו דער אָנגעצונדענער נאַכט, מיט עפּעס אַן אויפגעלעבטן געפיל וואָס ער האָט שוין זייער לאַנג נישט געהאַט. עמעץ באַדאַרף היינט ביינאַכט קומען צו אים... ווען דער לעצטער גאַסט וועט אַרויסגיין פון דער רעסטאָראַציע; ווען אויך די

בלאָנדע קלאַרעטאַ וועט זאָגן „אַ גוטע נאַכט", וועט זי קומען, זיין „טאָכ־טער", אַרטעמידאָרא, אַן אָנגעצונדענע מיטליידנשאַפט.

דער מאַסיווער גריך קוקט זיך איצט מיט נייגיריקייט צו צום גאָלד־פלאַטערל, וואָס טאַנצט אַרום די אַבאַזשורן פון די לאָמפּן, אַזוי ווי אַרום אָנגעצונדענע זונען. דאָס פלאַטערל ברייט זיך אָפּ די העל־געפאַרבטע פליגעלעך; די פּיסלעך וואָס זיינען איינגעטונקען אין גאָלד. אָט רוט עס זיך אָפּ אַ ווײַלע. עס קען קוים פאַרטראָגן די יסורים וואָס די היץ פון די פייער־לאָמפּן פאַרשאַפט עס. עמפּעדאָקלעס קען עס איצט וואויל באַטראַכטן. ווי גראַציעז עס איז, אַזוי ווי אַרטעמידאָרא. עס וועט אויך האָבן איר גורל: עס וועט סוף־כּל־סוף פאַרברענט ווערן אויף קויל.

מר. עמפּעדאָקלעס קוקט אומגעדולדיק אויפן זייגער. די ווייזערס ציטערן דין. זיי באַוועגן זיך פּאַוואָליע אין דער אומענדלעכער מלוכה פון צייט. זיי דערגענטערן זיך צום גרויסן מאָמענט. דער ציפערבלאָט פונם וואַנט־זייגער איז אַלט, אַזוי ווי אַן אַלטן מענטשנס פאַרוועלקט פּנים. דאָס גאָלד־פלאַטערל האָט זיך שוין פאַרברענט די פליגעלעך. עס פאַלט אַראָפּ טויטערהייט. באַלד וועט קומען אַרטימעדאָרא. עס ציטערן די ווייזערס אויפן אַלטן ציפערבלאַט. באַלד וועלן זיך הערן די דראָבנע טריט פון אַרטימע־דאָרא. צווישן די טונקעלע, נאַכטיקע בוימער גייט גראַציעז אַ יינגע, שיינע פרוי...

## פּרינץ סערגיי ראָמאַנאָף

די טעמע האָט מיר געגעבן דער דיכטער יאָסל קאָהן. ווען איך האָב זי צום ערשטן מאָל געהערט פון זיינע ליפּן, בשעת ער האָט זי דערציילט פאַר אַ גרופּע שרייבער, בין איך געוואָרן אָנגעצונדן. איך האָב געטראַכט:

— עס איז נישקשה פון אַ טעמע פאַר אַ גרויסן דראַמאַטורג.

אָבער, איך בין אויך געוואָרן אַביסל טרויעריק: ווי אַזוי ספּראַוועט מען זיך מיט אַזאַ טעמע, וואָס איז פּאַסיק פאַר אַ שעקספּירישער דראַמע אָדער אַ מאָליערישער קאָמעדיע?

פונדעסטוועגן האָב איך אין אַ צייט אַרום געבעטן יאָסל קאָהן מיר נאָכאַמאָל צו דערציילן די מעשה. לאָמיר זי כאָטש איבערגעבן בקיצור. אפשר וועלן אַנדערע שרייבערס דראַמאַטיזירן די דערציילונג און די כאַ־ראַקטערן וועלן אַרויפגיין אויף דער בינע...

עס איז געווען אין דער צייט פון פּראָהיביציע אין לאַנד. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ גרופּע לעבע־יינגען וואָס האָבן שוין יינגערהייט באַשלאָסן נישט צו לעבן פון אַן ערלעכן טאָלער. ווען די פּראָהיביציע־צייט הויבט זיך אָן, גייען זיי אַריין אין די שנאַפּס־ביזנעס. זיי ווערן בוטלעגערס. די דאָזיקע גרופּע בוטלעגערס האָבן געהאַט אַ טראַדיציע זיך צונויפצוקומען אין אַ טערקישע שוויצבאָד און צו הוליען ביז טאָג. איינגעוויקלטע אין די הייסע

האַנטעכער, האָט מען געריוויכערט, געפּרעסן, געטרונקען און גערעדט נבול־פּה. מען האָט באַרעדט גאָט׳ס געזעלשאַפט און שנאַפּס האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער.

אין שוויצבאָד איז געווען איינער אַ טיפּ וועלכן מען האָט גערופן סך־הכול. מסתמא האָט ער געמאַכט ביי יעדער געלעגנהייט אַ שיינעם סך־הכול פון דער וועלט, עלעהיי קייסער קהלת. ער פלעגט באַדינען די גרויסע העכט, די בוטלעגערס, גענגסטערס און בלאַטע לייט. ער איז געווען אַ שמייסער, אַ „פאַרשטשיק״, וואָס פלעגט דערלאַנגען פּאַרע. ער פלעגט וואַשן און רייבן דאָס לייב מיטן בעזעמל. מען פלעגט אים שיקן פּאַר אַ גאַנג. (דערנעבן איז געווען דער רומענישער רעסטאָראַן וואו מען פלעגט מאַכן די בעסטע סטייקס). ער האָט געבראַכט פּאַר דער חברה שנאַפּס, וואורשט און ציגאַרעטן.

סך הכול איז געווען אַ ברייטער, נידעריקער פאַרשוין, מיט קורצע, געשוואָלענע פיס. ער האָט גערעדט רוסיש. ער האָט ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין וועלכער ער האָט געדינט און ער איז געווען אַ דענטשטשיק ביים גענעראַל. ער האָט געפּוצט דעם גענעראַלס שיך, גערייניקט זיין ביקס און געהאָלפן דעם גענעראַלס ווייב צו קאָכן. סך־הכול האָט טאָג און נאַכט געלעבט אין טערקישן שוויץ־באָד. ער האָט נישט געהאַט קיין ווייב און קיין היים. הייסע פּאַרע איז געווען זיין נאַטירלעכע לופט. עס איז געווען שווער צו גלויבן אַז צוויי געליבטע, אַ מאַן און אַ פרוי, האָבן אים אין אַ נאַכט פאַרפלאַנצט אין ליבע. אַז אַ מאַמע האָט אים געבוירן. גיכער האָט זיך געדאַכט אַז עמעץ האָט אים אויסגע־שניטן פון אַ שטיק ליים און אַריינגעאָטעמט אין זיין גראָבער מאַטעריע אַ פונק מיט לעבן.

חברה האָבן אים געקיבעצט. געבעטן האַלטן רעדעס אויף רוסיש. אין איינעם אַ טאָג באַשליסן זיי אָפּצוטאָן אַ קאַטאָוועס מיט סך־הכלען. לאָמיר זיך אַ ביסל אַמוזירן! — האָבן זיי באַשלאָסן.

מען האָט סך־הכלען גענומען אין שטאָט אַריין, אין אַ מאַגאַזין פון קליידער. מען האָט אים אויסגעקליידט אין בגדי מלכות. פאַרוואָרפן אויפן קאָפּ אַ גלאַנציקן צילינדער. אים אָנגעטאָן אַ ווייס העמד מיט מאַנזשעטן און ברילִיאַנטענע ספּינקעס. אין זיידענעם קראַוואַט אַריינגעשטעלט אַן עכטע פערל. מען האָט אים אויסגעסטראַיעט אין אַ נייעם, שטייפן סמאָקינג. אויף די גראָבע פינגער אים אָנגעטאָן ווייכע, ווייסע הענטשקעס. אויף די דיקע פיס אים פאַרוואָרפן אַ פּאָר לאַקירטע שיך. מען האָט אים געקויפט אַ לעדערנע טעקע און זי אָנגעשטופּט מיט אַלטע טאַבלויד־צייטונגען. אין דער האַנט האָט מען אים אַריינגעשטעקט אַ שטעקן מיט אַ זילבערנער האַנטאַבע, אויסגעפּוצט מיט אַ גרויסן צאַרישן אָדלער. אַז ער האָט אויסגעטאָן די הענטשקעס, האָבן געלויכטן אויף זיינע אומגעלומפּערטע פינגער גאָלדענע

רינגען, אין אויג האָט געשטעקט אַן אַריסטאָקראַטיש מאָנאָקל. אַ דענטיסט האָט אים אויסגעהאַקט די גמלע צעפוילטע ציין און אַריינגעמאַכט אַ נייעם סעט מיט גאָלדענע ציין אין פראָנט פון זיין מויל. מען האָט אים אָפּגע־שוירן, אָפּגעראַזירט און פאַרלאָזט אַ קליינטשיק, דיפּלאָמאַטיש בערדל. דער שניפּס האָט שיעור דערוואָרגן זיין גאָרגל. סך־הכול האָט אַלץ געטאָן וואָס מען האָט אים באַפוילן. ער איז געווען דאָס געהאָרכזאַמע ליים אין די הענט פונם טעפּער. גאָט האָט אים צו איילנדיק געהאַט געמאַכט. אָבער עס איז נאָך איצט צייט געווען צו פורעמען זיין לעבן, זיין גורל, זיין כאַ־ראַקטער.

אויף צומאָרגנס איז דערשינען אין די לאָקאַלע צייטונגען, אויף די ערשטע זייטן, אַ מאָדנע מעלדונג אַז דער רוסישער פּרינץ סערגיי ראָמאַנאָף, פון צאַרס משפחה, איז געקומען צו גאַסט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל מיט אַ וויכטיק שליחות פון דעם צענטער פון דער ווייסער עמיגראַציע. ער שטייט איין אין האָטעל „פּרעזידענט וואַשינגטאָן”, (עס איז דעמאָלט געווען דער בעסטער האָטעל אין שטאָט, אין וועלכן עס זיינען איינגעשטאַנען הויכע פּאָליטישע געסט פון אויסלאַנד.) די צייטונגען האָבן געשיקט פעיקע רע־פּאָרטערס אים צו אינטערוויואירן. מען פאָטאָגראַפירט אים מיטן מאָנאָקל אין אויג. עס דרייען זיך אַרום אים מאָנאַרכן, פּרינצן, באַראָנען, לײַדאַקעס, שאַרלאַטאַנען, גלחים, קורטעזאַנעס, מעקלערס און געלט־פעלשערס.

פּרינץ סערגיי ראָמאַנאָף לאָזט זיך באַגריסן. ער איז גרייט פאַר באַנ־קעטן, כּיבודים, סעודות, דעמאָנסטראַציעס, פּראָטעסט־מיטינגען און דעק־לאַראַציעס. דער אַפּעטיט צו כּבוד, געלט, שנאַפּס, קאַוויאַר, סטייקס און פרויען איז ביי אים אַן אויסגעצייכנטער. ער דריקט זיך קיינמאָל נישט אויס קלאָר און באַשטימט. מען טייטשט אויס אַז ער איז פּראָ און קאָנטראָ. פּראָ — פאַר וועמען? קאָנטראָ — קעגן וואָס? מען ווייסט נישט גענוי וואָס ער זאָגט, וואָס ער וויל, וואָס ער רעדט און וועמען ער מיינט. דאָס וואָס ער אַליין דערזאָגט נישט, פאַרענדיקן די זשורנאַליסטן און טייטשן אויס די דיפּלאָמאַטן. מען גיט אים געדאַנקען אין מוח אַריין, ווערטער אויף די ליפּן. מען בויט אים אויף ווי אַ ליימענעם גולם. מען גיט אים מוט, קוראַזש און מער פון אַלץ — חוצפּה, חוצפּה, חוצפּה... דעם נעכטיקן סך־הכול פון טערקישן שוויצבאַד איז שוין איצט אונמעגלעך צו דערקענען...

מען האָט איינגעאָרדנט פאַר אים אַ קבלת־פּנים אין טעאַטער „קופּאָל”, וואָס איז געווען אַן אמתע בורלעסק־פאָרשטעלונג. פּרינץ ראָמאַנאָף איז צוגעפאָרן צום האָטעל מיט אַ לימוזין. עס לויפן צו צו אים דינערס, פאַזשן, שמשים, משוגעים, בעטלערס, פּאַטריאָטן פונם צאַר און כלערליי שווינדלערס און קאַריקאַטור־פאַרשוינען פאַלן אים צו די פיס. גרעפינס קושן אים די הענט. די פּאָליציי פּרוואווט צעטרייבן דעם היסטערישן עולם, דעם ווילדן מאָב, די טראָמבלניקעס. מען באַוויזט קוים צו עפענען די

טיר פון אויטאָמאָביל. פּרינץ ראָמאַנאָף גייט אַרויס מיטן אמתן ראָזמאַך. ממש טאַקע אַ בלוי־בלוטיקער ראָמאַנאָף! ער האַלט אין דער האַנט אַ פּאַרזשאַווערטע רוימישע שווערט. פון ביידע זייטן ברוסט־קאַסטן איז ביי אים באַהאָנגען מיט אַן אויסשטעלונג פון אייזערנע קרייצן, מעדאַלן, אויסצייכנונגען פאַר ווער ווייסט וויפיל העלדישקייטן אין שלאַכטן און דועלן. מען פירט אים צו צו אַ קעניגלעכער לאָזשע. דער אָרקעסטער שפּילט אויף „באָזשע צאַרא כראַני״. דער גאַנצער עולם שטעלט זיך אויף. פירשטינס וויינען. פּרויען ווישן זיך די אויגן מיט נאָז־טיכלעך. דער פּרינץ פּאַרנויגט זיך זייער גאַלאַנט. משמעות אַן אמתער, אַ געבוירענער פּרינץ.

דער קבלת פּנים האָט געמאַכט אַ געוואַלטיקן איינדרוק. אין אָנהויב האָט מען געמיינט אַז עס איז עפּעס אַ וויץ, אַ בופאָנעריע, אַ קאָמעדיע. אָבער שוין איז נישט דערלויבט זיך עפּנטלעך צו וויצלען אויפן אַדרעס פונם פּרינץ. עס איז שוין פּאַראַן אַ ווינק פון אויבן צו שווייגן. צו נעמען ערנסט די זאַך. ווער ווייסט וואָס עס קענען חלילה זיין די קאָנסעקווענצן. מאָרגן קען ער ווערן דער אַלמעכטיקער צאַר פון אַלע רוסן. ער קען נאָך דערקלערן מלחמה צו אַמעריקע אויך. יעדנפאַלס איז קלוגער צו זיין פּאַרזיכטיק מיט אַ נאָך נישט קלאָר־דעפינירטער באַוועגונג וואָס קען יעדן מאָמענט אָננעמען אַ געפערלעכע ריכטונג און פּראָפּאָרציע. —

אין אַ קורצער צייט אַרום קומט פאָר אַן אָפיציעלער באַנקעט לכבוד דעם פּרינץ ראָמאַנאָף, וואָס איז גוט אָרגאַניזירט. עס איז אַ פּאַרזאַמלונג אויף אַ גראַנדיעזן שטייגער. די בוטלעגערס האָבן ברייטע פּאַרבינדונגען מיט די טאַטעס פון דער שטאָט, מיטן מעיאָר, מיט דער פּאָליציי; מיט פּאָליטישנס, גענגסטערס און קינאָ־סטאַרס. זייער איינפלוס גרייכט אַזש ביז צו די שפּיצן פון מאַכט און מלוכה.

דער באַנקעט קומט פאָר אין איינעם פון די אָנגעזעענסטע רעסטאָראַציעס. מען טרינקט שאַמפּאַניער און וואָדקאַ. עס באַגריסן די סאַמע גרעסטע און חשובסטע לייט. זיי זיינען צעפרידן וואָס זיי האָבן אַזאַ אָנגעזעענעם גאַסט אין שטאָט. ביזנעס וועט שטייגן. עס פּאַרבעסערט זיך די טוריסטיק פון אויסלאַנד. עס שטראָמען אַהער די אַנטיטשנע צאַרישע אַריסטאָקראַטיע. אויף די פּאַראַדנע גאַסן זעט מען גענעראַלן און פּול־קאָווניקעס מיט זייערע ווייבער און קעבס־ווייבער. גאַגאָלס, טשעכאָוו׳ס און קופּרינס העלדן שפּאַצירן אַרום אין זייערע היסטאָרישע אוניפאָרמס. די קלאַסישע כאַראַקטערן פון דער רוסישער ליטעראַטור זיינען אויפגע־שטאַנען תחית המתים.

עס טרעטן אויף לכבוד דעם פּרינץ ראָמאַנאָף און זיין סוויטע דער דורכ־געפאַלענער פּרעזידענט־קאַנדידאַט וואָס האָט געצויגן מיליאָנען שטימען. עס רעדט הייזעריקערהייט דער מעיאָר פון דער שטאָט וואָס איז פּאַני בראַט מיט די גענגסטערס און קאַריעריסטן. צווישן די הויכגעשעצטע געסט

זעט מען דעם פריץ־פייטער זשאָזעף מיט דער זילבערנער רער אין גאָרגל. מחמת חברה האָבן אים געהאַט אויפגעהאָנגען אויף קאַטאָוועס און אים שיעור נישט איבערגעבראָכן דעם רוקנביין. מען זעט אויך דעם גענגסטער סמידי וואָס איז אויסגעקאָכט מיט די טעאַטראַלע שטערנס. ער האָט אַ גלעזערן אויג און אַ הילצערנעם פיראַטנפוס. עס באַגריסט דעם פרינץ דער פרעזידענט פון די אַנדערטייקערס, הער האַנס ציגלער, אַנגעטאָן אין פראַק און צילינדער. ער איז אַן אַנגעפרעסענער דייטשער קערל וואָס טרינקט ביר, פרעסט שינקען און זיינע ליפּן גלאַנצן רויט. ער איז אַן אַנהענגער פונם קייזער ווילהעלם און ער דריקט אָפּן אויס זיינע אַמביציעס צוריקצובריענגען דעם קייזער צום טראָן. מען זעט אויך „מאַדאַם סאַבאַ" וואָס האָט אַ „שפּיגל־האָטעל" און אירע געסט זיינען באַרימטע פּאָליטישנס, דיפּלאָמאַטן און שטאַטסמענער. טייל רופן איר „קווין סאַבאַ" און אַנדערע „קעניגין זשאַבע". זי איז אויסגעסטראָיעט אין צירונג פון קאָפּ ביז צו די פיס. זי זיצט נאָענט צום פרינץ און גיט שוין באַצייטנס באַפעלן, ווי זי זאָל זיין די קינפטיקע צאַריצע...

אַלע הויכע לייט רעדן, טומלען, באַגריסן און ווינטשן דעם פרינץ ראָמאַנאָף אַז ער זאָל בקרוב באַשטייגן דעם טראָן פון דער רוסישער אימ־פּעריע. ער פּאַסט פאַרן טראָן. ער איז אַ געבוירענער צאַר ממש. נאָך אַ טוצנד מייסטערהאַפטע רעדעס קריגט ענדלעך דער פרינץ דאָס וואָרט. ער שטעלט זיך אויף. ער דאַנקט פאַרן כבוד. ער זאָגט עפּעס אַן ערך, אין אַ געבראָכענעם ענגליש, געמישט מיט רוסיש און אַפילו אידיש:

— דער אמתער סך הכול זיינען בערג מיט סקעלעטן. סטאַלין איז דער לייבלעכער זון פון איוואַן דעם גרויזאַמען. זיין פעטער ניקאָליי ניקאָ־לייעוויטש האָט אים קליינערהייט געהאַלטן אויף דער האַנט. עס איז נויטיק נקמה צו נעמען פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון די ראָמאַנאָווס. דאָס רוסישע פאָטערלאַנד וואַרט אויף זיין דערלייזער. עס וועט זיך נאָך גיסן טייכן בלוט פונם מלחמה־מידן רוסישן פאָלק. אָבער דער הייליקער פּראַוואָסלאַווגער אמת וועט ענדלעך זיגן. ער, פרינץ ראָמאַנאָף, וועט געבן אַ נייע ריכטונג צו דער רוסישער געשיכטע.

דער פרינץ האָט פאַרענדיקט זיין דרשה מיטן פייערלעכן צוזאָג צו זיינע פּאַטריאָטן אַז ער זאַמלט די כוחות פאַרן גרויסן טאָג פון חשבון.

די רעדע האָט געמאַכט אַ געוואַלטיקן איינדרוק. די פּרעסע האָט אָפּ־געגעבן אַ סך פּלאַץ דעם באַנקעט. זשורנאַליסטן האָבן אויסגעטייטשט זיין עקספּאָזע. ער מיינט עס טאַקע ערנסט, דער תם, דער סך־הכול. עס גע־דויערט נישט לאַנג און די בוטלעגערס וואָס האָבן אים איבער נאַכט גע־מאַכט, ווערן געוואויר אַז ער בונטעוועט זיך שוין קעגן זיי. ער געהאָרכט זיי נישט מער. ער באַטראַכט זיך טאַקע פאַרן אמתן פרינץ, געשיקט פון גאָט, אויסצולייזן זיין ליידנדיק פאָלק. ער וואַגט זיך שוין אַפילו צו חברן

מיט קעגנערישע בוטלעגערס, גענגסטערס און באַסעס. ער מיידט אויס זיינע חברים פון טערקישן שוויץ־באָד. דער נעכטיקער גולם נעמט ערנסט זיין ראָלע. ער פאַרבינדט זיך אַפילו מיט פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס. מען לאָדט אים איין צו ווייס־גוואַרדייאישע מיטינגען. ער דערהאַלט גרויסע סומעס געלט פון אויסלאַנד. ער קריגט אויך געפערלעך לשון. זיין צונג ווערט גיפטיק. עס וועט נישט דויערן לאַנג און פּרינץ ראָמאַנאָף וועט זיי נאָך אַריינוואַרפן אין טורמע. ער ווערט אַ געפערלעכער כּוח. ער קריגט מאַכט. ער איז שוין באַלד אַ סכּנה פאַר דער זיכערקייט פון לאַנד.

חברה בוטלעגערס האָבן זיך פאַר אים דערשראָקן. זיי האַלטן אָפּ אַ קאָנפערענץ שפּעט ביינאַכט, און זיי באַשליסן אים צוריקצופירן אין באָד אַריין. איינער, אַ גאָרילע, שלאָגט זיך אַדורך דורך זיינע באַוואָפנטע וואַכ־לייט אין האָטעל. ער פּאַקט דעם פּרינץ און שלעפּט אים צוריק אַריין אין דער מקווה, מען טוט אים אויס מוטערנאַקעט, מען פאַרעוועט אים אויס, מען שמייסט אים מיט אַ לעדערנעם קאַנטשיק, ביז ער ווערט צוריק פאַרוואַנדלט אין דעם פריערדיקן סך הכּול דער באָד־יינג, דער פאַרשטשיק.

סך־הכּול האָט געחלשט. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און ער האָט אָנגעקוקט די אָפּגעטראָגענע מלבושים וואָס מען האָט אים אָנגעגרייט, האָט ער פאַרשטאַנען אַז אַלץ איז געווען אַ חלום. ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין אמתער פּרינץ. ער האָט זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט איבער זיין אייגענעם חורבן.

עס האָט זיך געדאַכט דער חברה לצים און לאָבוזעס אַז סך הכּול וועט צוריק אַריין אין די פּעדערן. אַז ער וועט זיך אונטערוואַרפן צו דער גרויער רוטין פון שוויצבאָד. ער וועט ווידער דערלאַנגען פּאַרע און שמייסן נאַקעטע לייבער מיט די שאַרפע בעזעמלעך. אָבער ער האָט, ווייזט אויס, מער נישט געקענט לעבן אַלס דער פּראָסטער סך־הכּול, ווען ער האָט שוין געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון רום, כּבוד, געלט און ווייבער. און, עס איז געשען אַז איינמאָל ביינאַכט האָט ער זיך אויפגעהאַנגען אין באָד.

מען האָט אים באַגראָבן אין ברוקלין, אין אַ ליימיקן קבר. חברה בוטלעגערס האָבן אים באַגלייט. טרערן האָבן געגלאַנצט אין זייערע אויגן ביים אָפענעם קבר. אַ איד מיט אַ ברייטער, רויטער באָרד האָט געפרעגט ווי ער הייסט כּדי צו מאַכן דעם אל מלא רחמים. קיינער האָט נישט גע־וואוסט זיין ריכטיקן נאָמען. איינער פון די בלאָטע לייט האָט עפּעס געפּרואווט זאָגן אַז ער האָט געהייסן „טשאַרלי סאָלדאַט”. הכּלל, מען האָט זיין נשמה איבערגעגעבן אין די הענט פון פריינטלעכע מלאָכים מיטן צונאָ־מען „סך הכּול”. אָבער די גוטע מלאָכים האָבן שוין דווקא געוואוסט זיין אמתן נאָמען.

אויפן פרישן קבר איז געבליבן ליגן אַ גרויסער קראַנץ מיט וואַרעמע

און ווייכע בלומען. מיט אַ שפּילקע איז געווען צוגעטשעפּעט אַ צעטעלע מיט דער אויפשריפט: „פון דיינע גוטע חברים. זיי אונדז מוחל!"

## די פּרווי ביים בית עולם

ער האָט דערציילט:

— „עס איז געווען טונקל און אומהיימלעך אין אָוונט פון סעפּטעמבער. גאָלדיק־רויט האָבן די וויאַנענדיקע בלומען און פאַרוועלקטע פלאַנצן אָפּ־געדעקט אין ליכט פון דער קילער לבנה זייערע פוילנדיקע שיינקייטן. די געגנט איז געווען אַזאַ איינזאַמע, פאַרלאָזענע און האָט געשמעקט מיט די פאַרשיכורנדיקע ריחות פון שפּעט־האַרבסט.

— איך בין געגאַנגען איבער אומבאַקאַנטע וועגן און שטעגן. איך האָב געצויגן אַ מידער און מאַטער אין דער ריכטונג פון עפּעס אַ האָפנונגסלאָז פייערל, וואָס האָט זיך געלויכטן פון ערגעץ אַ וויטן פענצטער, ווי אַ שטערן אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט. אַן אויסגעמאַטערטער האָב איך זיך אַוועק־געזעצט אָפּצורוען ביים שטיינערנעם פּאַרקאַן פון אַ בית־עולם. איך האָב געזען ווי אַזוי דער הימל איז געדיכט פאַרשנייעט מיט מאַסן שטערן, ווי אַ וואַנזיניקער רויבער וואָלט דאָרט אויבן אַנגעשאָטן גאַנצע בערג מיט אָנגע־גזלטע גאָלדוואַרג און בריליאַנטן פון אַ קעניגלעכן אוצר. אונטן האָב איך געזען אָרעמע קברים און אויבן — אַ וועלט מיט שטערן! עס איז נישטאָ קיין שאַרפערער קאָנטראַסט; קברים פון מענטשן וואָס לעבן בלויז אַ קורצע ווײַלע, ווי די לופטיקע שמעטערלינגען; וואָס צאַפּלען און חלומען גראַנדיעזע חלומות; באַוועגן זיך מיט האַסטיקן ריטם איבער טיפע אָפּגרונטן; וואָס מיינען אַז תמיד וועלן זיי אַרומבראָדזן אין דער ראַם פון לעבן אַזוי ווי צעשטורעמטע כוואַליעס פון ים. און אַריבער די קברים דערהויבן זיך אין קאָסמישער גראַנדיעזיטעט און שטרענגער שיינקייט די מאַסן שטערן, די ווייטע און אייביקע זונען וואָס שטעלן פאָר מכלומרשטע רו; פאַנטאַסטישע וועלטן וואָס גליען תמיד אומפאַרענדערלעכע צום אָרעמען, מענטשלעכן אויג...

— דער שמעקנדיקער זשאַסמין פון די קילע פעלדער אַרום האָט מיך אָנגעשיכורט ווי שטאַרקער ווייַן. מיין מידער קאָפּ האָט אָנגעהויבן ווי צו טאָן פון דעם באַטויבנדיקן ריח. אַן אומעטיקער בין איך געזעסן ביים שטיי־נערנעם פּאַרקאַן, און איך האָב אַלץ נאָכגעטראַכט וועגן דעם זין פון וועלט און מענטש; פון שיינקייט און גליק און, וועגן דעם אומשטערבלעכן געראַנגל צווישן מאַן און ווייב.

— עס האָט זשאַווערנדיק־רויט אויפגעלויכטן די לבנה. זי האָט אָפּ־געדעקט מיט אירע קילע שטראַלן דאָס גאַנצע פעלד פון בית עולם אַזוי ווי אַ שאַרפער בליאַסק פון אַ פּראָזשעקטאָר טוט נאָקעט אַן אַנטפּלעק אַ פאַר־בלוטיקט שלאַכטפעלד אין דער טינט־פינצטערער נאַכט. איך האָב דערזען, נאָכדעם ווי איך בין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ היפּשע שטרעקע, ביים אַנדערן

זייט פונם ריזיקן בית עולם, אַ קליין הויז מיט אַ דאַך פון רויטע שינדלען. איך האָב זיך דערפריייט. וואָרים איך האָב געטראַכט אַז דאָרטן וואוינט אַוודאי דער באַגרעבער.

— שטילערהייט און פול מיט האָפענונג אין האַרצן, בין איך צוגע־גאַנגען צום קליינעם הייזל און איך האָב פּאַרזיכטיק אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. איך האָב געוואַרט אומגעדולדיק. עס האָט אָבער קיינער נישט גע־ענטפערט. ווען איך האָב אין אַ ווײַלע שפּעטער ווידער אָנגעקלאַפּט, און איצט שוין מיט אַ ביסל שטאַרקערע קלעפּ, האָט עמעץ אינעווייניק אָנגע־צונדן אַ ליכטל. איך האָב געזען ווי אַן אײַדל, שלאַנק געשטאַלט אין אַ ווייסן העמד האַלט אין דער האַנט דאָס ליכטל און דערנענטערט זיך צו דער טיר, כדי זי פּאַר מיר צו עפענען.

— אַ פרוי איז איצט געשטאַנען אין דער ראַם פון דער אָפענער טיר. אַביסל איבערגעשראָקן, מיט גראָז־גרינע אויגן, נאָך אַ זיס באַקלעפּטע מיט וואַרעמע און פּלושענע שטיקלעך שלאָף. די שפּיצן פון אירע בריסטן האָבן זיך שאַרף אָפּגעפּרעסט דורכן העמד. איך האָב איר אײַדל געפרעגט צי זי וואָלט מיר דערלויבט אויסצורוען מײַנע מידע גלידער אין פאַרהויז פון איר הויז. זי האָט מיך אַ ווײַלע פאַרשנדיק אָנגעקוקט. זי האָט מיך אַרײַנגע־רופן, אַליין נישט אַראָפּלאָזנדיק אירע נײַגיריקע בליקן פון מיר. באַלד האָט זי אויסגעלאָשן אין אירע בלאַסע הענט דאָס חלבדיקע ליכטל מיט אַ קליינעם בלאָז פון איר רייצנדיק מויל, ווען מענס ליפּן האָבן מיך געצויגן זיי צו קושן.

— אין דעם מילכדיקן ליכט פון דער לבנה האָב איך געקענט זען אין אַנדערן צימער ווי די פרוי וואַרפט זיך נאָכלאָזיק אַרײַן אין דער וואַרמקייט פון איר ווייכן געלעגער. איך בין שטיל געלעגן אין אַ ווינקל פונם פאַר־הויז, אויף עטלעכע טאַבורעטקעס, אַן אומרואיקער און אַ פאַרגאַסענער פון דעם בראַנדז פון דער לבנה, וואָס האָט באַלויכטן די ערד און דאָס אײַזערנע בעטל פון דער יינגער, שמעקנדיקער פרוי. אַ פאַרמאַטערטער בין איך טיף אײַנגעשלאָפן.

— אָבער אַרום האַלבער נאַכט האָב איך דערוואַכט פון אַן אומהיימלעך געפיל אין מײַן בלוט. איך בין איצט געווען פריש און שטאַרק. נישט ווייט האָט אַן אומרואיקע געציטערט שטיל די פרעמדע פרוי. פון איר לײַב האָט געלויכטן אין דער נאַכט מיט אַ בענקשאַפט פון תאווה. איין אויג אירס האָט מיך אָנגעקוקט מיט סימפּאַטיע. אָבער דאָס צווייטע אויג האָט אויסגעדריקט שנאה.

— וואו איז דײַן מאַן? — האָב איך בײַ איר געפרעגט.

— ער איז געגאַנגען אין שטעטל אַרײַן כדי צו ברענגען דעם גוף פון אַ זעלבסטמערדער. ער וועט זיך ערשט צוריקקערן אין באַגינען. זייער אָפט לאָזט ער מיך איבער איינגאַנצן אַליין! — האָט די פרוי אַזוי ווי פראַ־

טעסטירט קעגן איר מאַנס לייכטזיניקייט. לײדנשאַפט האָט געגליט אין איר קול. אומרו האָט זיך געטראָגן פון די שטילע, רײצנדיקע גלידער פון איר אויסגערוטן גוף.

— ביסטו נאָך אַלץ מיד פון לאַנגן וועג? — האָט די פּרוי מיך אין אַ ווילע אַרום געפרעגט מיט אַ קול ווי אין תּפילה. בשעת זי האָט זיך, קענטיק, פאַר מיר אויך געשראָקן.

— איך בין איצט אויסגערוט. ביסטו טאַקע זיכער אַז דײן מאַן וועט זיך ערשט צוריקקערן אַהער אין גרויען באַגינען?

זי האָט באַשטעטיקט מיט אירע אויגן...

— איך האָב זי אַנגעהויבן שטיל און לײדנשאַפטלעך צו קושן. איך האָב אַרײנגעזויגן אין מיר דעם שמעקנדיקן ריח פון איר געזונטן גוף, וואָס האָט אין דער נאַכט געשמעקט ווי מיט קאָרן אין פעלד, מיט עפּל אין סאָד און מיט פריש־פאַרבריטער, שטאַרקער טיי. די לבנה האָט גאָלדיק געלויכטן, האָט שטיל געטריפט מיט אירע שטראַלן ווי פון אַ קריג מיט פלאַמיקן ווײן.

— אין באַגינען האָבן די פּערלדיקע שטערן אָנגעהויבן אײנציקווײז זיך אויסצולעשן אויפן הימל. פון דעם פינצטערן טינט פון דער נאַכט האָבן זיך גענומען אַרויסשיילן די קאָנטורן פון די זאַמדיקע קברים־בערגלעך, באַ־פלאַנצטע מיט בלומען, מיטן פשוטן און אײביקן גראָז, וואָס איז שטיל ווי צייט. דער שטערן ווענוס האָט ווי אַ רובין אײנזאַם געטריפט מיט זײן רויטן ליכט. איך האָב אָנגעקוקט די פּרוי וואָס איז אַ נאַקעטע פעסט גע־שלאָפן נעבן מיר. אירע דאַנקבאַרע הענט, ווי אין אַ תּפילה, פאַרלעגט אויף איר בויך. זי איז געווען קיל און שיין אין איר געטלעכן שלאָף, אַזוי ווי אַ זאַט פעלד, וועמענס דאָרשט איז געלאָשן געוואָרן מיטן ערשט־געפאַלענעם, זיסן רעגן, וואָס האָט נאָך אין זיך געהאַט די ברכהדיקע וואַרעמקייט פון הימל. איך האָב אָפּגעדריקט אַ קוש פון דאַנקבאַרקייט אויף אירע וואַרעמע ליפּן וואָס האָבן עפּעס געמורמלט שעפּטשונגען פון שלאָף, ווי אַ קינד. איך האָב זיך געלאָזן גיין מיטן לאַנגן, אײנזאַמען וועג איבער די זומערדיקע, שטילע פעלדער, פאַרביי דערוואַכטע סעדער און גערטנער, וועמענס פרוכט־באַרע בוימער זײנען געווען שווער באַלאָדן מיט פּירות און מיט שאַלנדיקע פייגל. אַ נייע זון, אַ קלאָר־געוואַשענע אין בײנאַכטיקע טויען, האָט אויפגע־לויכטן און האָט אַ פאַרליבטע געקושט די גאַנצע גרויסע ערד. אַלץ האָט איצט צו מיר אויסגעזען צו זײן אַ וואונדערלעכע פאַרײניקונג פון חלום און ווירקלעכקייט. פרישע כוחות האָבן אויפגעשטראָמט אין מײן בלוט”. —

## דורך דעם גלי פון קאָניאַק

ער האָט דערציילט:

—„אָן אויפהער און מאָנאָטאָן פאַלט דער שניי. דער שניי האָט עפּעס פאַרגעסן אויפצוהערן צו שנייען. נאָך נעכטן בײנאַכט האָט דער וועטער־

נביא הויך איבערן גאַנצן לאַנד אָנגעזאָגט זיין סוף. אָבער דער שניי פאַלט זיך רואיק און געדיכט דורך די שעהן פון דער נאַכט. דורך אַ היפשן פענעץ טאָג פונם ווינטערדיקן טאָג. די גאַסן זיינען אָפּגעליידיקטע. די פייגל טאַנצן פריי אַרום אויף די דעכער פון די הייזער. איך באַוואונדער שטענדיק די פייגל. איך קוק נאָך די טויבן וואָס שוועבן לופטיקע אַרום אין דרויסן. איך קען נישט פאַרשטיין ווי אַזוי אין אַזאַ ביטערער קעלט קענען זיי אַרומשוועבן מוטערנאַקעטע, בלויז איינגעהילטע אין זייערע מאָ־גערע פעדערן. ווער האָט דורך די אַלע מוראדיקע מיליאָנען יאָרן דער־האַלטן אַזוי פיל הומאָר, שמחה און אָפּטימיזם מיט גאָט׳ס לעבן ווי דער דאָזיקער נישטיקער פויגל? ווער איז אימשטאַנד מיט אַזאַ שטילער פרייד צו זינגען אַפילו אין אימהדיקע וועטערן? דער מענטש וואָלט געקענט אַ סך לערנען פונם בידנעם פויגל וואָס שייך לעבנס־חכמה.

איך האָב אַן אמתן דרך־ארץ פאַרן פעסימיסטישן איטאַליענישן פּאָעט גראַף דזשיאַקאָמאָ לעאָפּאַרדי וואָס האָט אָנגעשריבן אַן אויסגעצייכנטע עסיי וועגן פייגל, לויבנדיק זייער קלוגשאַפט, גראַציעזקייט און פריילעכע שטי־מונג. דער פויגל לעבט געוויינלעך צווישן די געזימסן פון פאַרוואַרלאָזטע הייזער. די פייגל פאַרוואַנדלען די ווינקלען, היילן און לעכער פון פאַרציי־טישע פּאַלאַצן אין באַקוועמע דירות. זיי שפּייזן זיך מיט די טרוקענע ברויט־קרישקעס וואָס מתפּללים ברענגען הכנעהדיק צו די טעמפּלען. דער פויגל בריט אויס די אייערלעך פון זיינע קומענדיקע קינדער און ער זינגט אָפּט צווישן וויסטע חורבות פון גראַנדיעזע געביידעס און מוזעאומס, ביי די נאַקעטע ווענט פון מענטשלעכער געשיכטע. אָבער דער קליינטשיקער פויגל איז אַ סך עלטער ווי די פּאָמפּעזע דענקמעלער פון גראַניט און מאַרמאָרשטיין. ער האָט איבערגעלעבט שטעט, קולטורן און ציוויליזאַציעס. און, ווי נאָר די זון צינדט זיך אָן אין פריען באַגינען, זינגט ער ווידער זייַן איינטאָניק ליד, נאָך פון די צייטן ווען אָדם האָט צום ערשטן מאָל אָנגעקוקט הימל און ערד.

בשעת די פייגל שפּרינגען און האָפּקען זיך אַזוי זאָרגלאָז אַרום אין שניי, דערמאָן איך זיך אין איינעם אַן אָוונט אין מיין לעבן. — — —

עס איז די זעלבע געגנט אין די בראָקס וואוהין איך פלעג מיט יאָרן צוריק קומען צו ראַשעלן. נאָר דער לופטיקער שניי האָט איצט אַלץ צו־געדעקט און פאַרבאָרגן. די נאַכט איז אומהיימלעך. אַ בייזער ווינט דרינגט אַדורך מיין געביין. אַלע בגדים אויף מיין ציטערנדיקן גוף זיינען נישט אימשטאַנד מיך צו דערוואַרעמען און צו באַשיצן פון דער ביטערער קעלט. נישט דער מאַנטל פון אַ געשטאָרבענעם, וואָס אַ פריינט האָט מיר גע־שענקט אַ מתּנה. נישט די געלע שיך פון איינעם אַ מת, וואָס דו האָסט געקויפט אויף דער בויערי אין אַן אַלטוואַרג־געשעפט. אויך נישט דער וויכער, וואָלענער שאַליק וואָס איז אַן אָנדענק נאָך אַן אומגעקומענעם חבר.

נישט די די לעדערנע הענטשקעס אַראָפּגענומענע פון די פּאַרגליווערטע הענט פון מיין פאַרשטאָרבענעם ברודער. די לבנה אין הימל לויכט שטיל און בלייך אַזוי ווי אַ שטיק גלעזערנער שפּליטער. עס איז די לבנה פון אַ פראָסטיקער נאַכט וואָס דער ווינט ווישט מיט זיינע ברייטע פּאָלעס; וואָס ער פוצט ברוטאַל און ער וויל אָפּרייניקן פון איר פּנים די טונקעלע פלעקן, אירע ציינישע גרימאַסן.

אָבער דו טרייסט זיך אַז באַלד וועסטו זען ראַשעלן. עס איז שוין שפּעטלעך אין דער נאַכט? זי וועט זיך אפשר דערשרעקן פון דיין אומרואיקן אָנקלאַפּן אין דער טיר? דו וועסט בעסער שטילערהייט אָנקלינגען ביים גלעקל. ראַשעל וועט אַראָפּגיין פון איר באַקוועמען געלעגער, אַזאַ אויסגעוואַרעמטע און רואיקע, מיט פריש־אויפגעפלאַמטע באַקן, אַ באַקלעפּטע מיט שטיקער נאַכטישן חלום, נאָך אַן איינגעהילטע אין פּענעצן שלאָף פון דער פלושענער נאַכט, שפּראָצנדיק מיט מיידלשער לוסטיקייט. זי וועט דיך אַ ווײַלע אָנקוקן אַן איבעראַשטע דורכן לעכל פון דער טיר. זי וועט דיך פרעגן אַזאַ דערשטוינטע:

— ווער איז עס? ווער קלאַפּט דאָס אַזוי שפּעט ביינאַכט?

דו וועסט איר שטילערהייט ענטפערן און באַרואיקן:

— טייערע, עפן אויף די טיר. עס איז דאָך איך, דיין פריינט, דיין אַמאָליקער געליבטער... דו דערקענסט מיך נישט, ראַשעל?

זי וועט שטילערהייט עפענען די טיר, אין דער גאַנצער מיטנאַכטיקער לויזקייט און אַ גליענדיקער לוסט. פון איר לייב וועט אויף דיר אַ ווייע טאָן מיט דערינערונגען פון אינטימע נעכט, צוזאַמען פאַרבראַכטע; מיט שורות פון שיר השירים, פון היינריך היינע. זי וועט אַן איילן קוק טאָן אויף דיר. דו וועסט קענען לייענען אויף איר שניי־קלאָרן שטערן די טונקעלע מחשבה: „מיין גאָט, ווי ער האָט זיך דורך דער צייט געענדערט. ווי ער איז עפּעס עלטער און אומעטיקער געוואָרן. געליבטער! ווי דו האָסט דיך בלייך און טרויעריק געמאַכט! ווי דו ביסט גרויער געוואָרן אַרום דיינע שלייפן. ווי דו זעסט אויס אַזוי מאָדנע אומרואיק. פאַרוואָס אייגנטלעך האָסטו געוואַרט אַזוי לאַנג מיט דיין קומען צו מיר? קום אַריין שנעלער. לאָז אין דרויסן שטיין די נאַכט, דעם ווינט און דעם שניי. זעץ זיך אַנידער נעבן דעם הייסן קאַמין וואָס גליט נאָך, ווי מיין האַרץ, מיט לעבעדיקע קוילן. זעץ זיך דאָ נעבן מיר, נעבן מיין וואַרעמען בעט, וואָס שמעקט נאָך מיט דער היימישער וואַרמקייט פון מיין לייב. קום אַריין, איך וועל דיך דערפרישן. איך וועל דיר געבן אויסצוטרינקען אַ בעכער מיט וויין".

ראַשעל קושט דיך הייס. זי פירט דיך אַריין אין איר ליבן חדר. ווי אַנדערש זעט איצט אויס די לבנה ווען דו קוקסט אויף איר דורך דער שויב פונם פענצטער אין דער היים פון דיין פריינדין. ווי אַנדערש

זעט אויס די נאַכט, די אומהיימלעכע אורנאַכט, וואָס דערמאָנט דיך אין די איבערלעבנישן פון מיליאָנען דורות, זינט דער באַשאַפונג פון דער וועלט...

אָבער קיינער איז איצט נישטאָ אין איר הויז. איך שטיי נעבן דער פרעמדער טיר, אַן אַדורכגעגעסענער פון קעלט. איך הער זיך איין אין דער טויבער שטומקייט פון די ווענט. איך גיי אַרונטער אויף די טרעפּלעך און איך דערפיל פאַרט די היימישע עקזיסטענץ פון מיין געליבטע. זי איז דאָך דאָ וואויל אָנוועזנדיק. זי האָט דאָ אַלץ אַדורכגעוואַרמט מיט אירע בליקן, מיט אירע גליענדיקע אויגן, מיטן איידעלען בלוי פון אירע שוואַרצאַפּלען. די טונקעלע טרעפּ שטייען פאַר מיר אָפענע. אירע פיס האָבן אַזוי פיל מאָל געטראָטן אויף די דאָזיקע שטיגן. איך קען צו זיי צופאַלן אַ פאַר־חלשטער, אַזוי ווי אַ פרומער איד פאַלט צו צו די שטיינער פון דער כותל מערבי און ער באַנעצט זיי מיט טרערן...

ראַשעל האָט דאָ אַלץ באַהערשט. זי האָט דאָ אַלץ באַרירט און באַווירקט מיט איר הייליקן אָטעם. זי האָט אַלץ זיס און אמתדיק גע־מאַכט מיט איר לויטערער עקזיסטענץ. זי האָט די זאַכן, אַלע זאַכן פון גאָטס וועלט, באַהויכט און באַזאַלבט מיט איר פּאָעטישן ווען. זי האָט גאָר דאָס לעבן געקרוינט מיט איר איידעלער עקזיסטענץ, מיט איר רייכער, ראָמאַנטישער פערזענלעכקייט.

אָבער אין דרויסן איז קאַלט און פינצטער: דער אומהיימלעכער ווינט האָט אָפּגעזוכט אַ גאַנצע כאַפּטע מיט רווישנדיקע צעבראָכענע קלאָגעס: געלע, אויסגעדאַרטע בלעטער פון אַן אומעטיקן, פרי־צוגעפאַלענעם הערבסט; צעבראָכענע, מעטאַלענע כלים; אַלטע, שאַרשנדיקע צייטונגען מיט כראָניקעס פון מערדעריי, שענדעריי און שרפה; אַ פרויס שוואַרצער, ליידיקער האַנטבייטל, וואָס זי האָט אַוודאי פעסט געהאַלטן אין איר פאַרוויאַנעטער האַנט, איידער זי איז אומגעפאַלן אויפן ברוק; צעלעכערטע, אייזערנע טעפּ, אין וועמענס פינצטערנישן עס ווייגט נאָך אומרואיק דער גייסט פונם צעבלאָזענעם און געיאָגטן פייער; אַ בוקעט מיט רויט־פאַר־וויאַנעטע בלומען, אָפּגעריסענע פון ערגעץ אַ פרישן קבר פון אפשר אַ טראַגישן שוישפּילער; אַ שוואַרץ־גלאַנציקער, צעקנייטשטער צילינדער פון דעם געשוואָלענעם קאָפּ פון אַ קלאָון, וואָס איז פון אים אַראָפּגעפאַלן ווען ער איז אויסגעגאַנגען פון יסורים אויף דער בינע פונם צירקוס; אַ גרויער קראַוואַט פון עמעצנס אַ דערוואָרגענעם האַלדז; אַ שטריק וואָס איז געווען אײנעם, אַ שיכּורן זעלבסטמערדערס, ביטערער תליה־גאַלגן; צעבראָכענע שפּליטערס פון אַ שפּיגל וואָס האָט מיטגענומען אין דער אייביקייט אַריין אַ וועלט מיט פנימער פון מענטשן און געסט פון אַ בי־ליקן האָטעל. אַלץ טאַנצט, האָפּקעט און שפּרינגט אונטער וואַנזיניק אין דער גראָטעסקער וואַלפּורגיס־נאַכט, געטריבן פון ווינט. די דאָזיקע שדים־

דיקע און חוזקדיקע קאַפּעליע, דיריגירט דורך אַ ציגײַנער און אומגליקלעכן נאַכט, שטורעם און שניי־מאַעסטראָ, באַוועגט זיך אַרום מיר אין אַ הילכיקן אויסבראַך פון שפּאָט, שפּאַס און ווערמדיקער סאַטירע. עס שרייט און עס מאַכט פון מיר פּשוט ס׳לייטיש געלעכטער:

— דאָס איז די נאַכט וואָס דו האָסט קלוג און חנעוודיק אויסגעקליבן כדי צו באַזוכן דיין געליבטע. אָבער וועט זי דען קומען היינט ביינאַכט אַהיים? וועט זי ענדלעך מיטן באַגינען אפשר קומען צוגיין פון ביינאַכטיקן באַל מיט איר איצטיקן געליבטן? וועט זי דיך דען איבערהויפּט דער־קענען ווען זי וועט אַראָפּשטייגן פון דער טונקעלער קאַטש און זי וועט, ווי געוויינלעך, אַביסל אונטערהויבן דאָס זיידענע, באַלאָווע קלייד כדי עס זאָל נישט ווערן נאַס און פאַרפלעקט פון בלאָטע און שניי? יאָ, איז דאָס די נאַכט וואָס דו האָסט אויסגעקליבן צו באַזוכן דיין אַמאָליקע פריינדין?!...

אויף דער אומעטיקער גאַס, זיך באַוועגנדיק אַזוי ווי אַ נערוועזער שאָטן, קוק איך אָן יעדער איינציקע פרוי וואָס קומט אָן. איך קוק אַריין אין איר געשמינקטן פּנים. אפשר וועל איך פאָרט דערזען דאָס אידל און צאַרט־געשניצטע, זיידענע פּנים, דאָס אויפגעבליטע פּנים פון מיין גראַציעזער פריינדין. איך בין בייז אויף יעדער פריש־אָנקומענדיקער פרוי, פאַרן בי־טערן אַנטוישן מיך, פאַרן נישט זיין זי, ראַשעל. און יענע ווייטע געשטאַלטן, די סילועטן און שאָטנס, וואָס באַוועגן זיך אין דער שנייאיק־אומהיימלעכער נאַכט, פאַרוואָס קומען זיי נישט נענטער און גיכער? איך האָב דאָך נישט קיין געדולד אויף זיי אַזוי לאַנג צו וואַרטן. איך וויל זיי וואָס פריער אָנקוקן. איך וויל זיי זען פון דער נאָענט, אַריינקוקן אין זייערע פּנימער, אין די נשמות. אפשר, ווער ווייסט, וועט זיך ראַשעל פּלוצ־לינג באַווייזן און איינשטילן מיין וויסטע פאַרצווייפלונג.

— אייגנטלעך, וואו איז זי אַצינד? אפשר גאָר אין אַ נאָענטן קינאָ־זאַל? זיצט זי שטיל אין טעאַטער נעבן עמעצן וואָס וועט זיין איר צוקונפ־טיקער מאַן? צי וועט זי גאָר היינט ביינאַכט אינגאַנצן נישט אַהיימקומען? אָדער אין וועמענס אָרעמס שלאָפט זי איצט, אַ טיף־פאַרזונקענע אין דער זיסער מידקייט פון געלאָשענער לוסט?...

עס ווייען קאַלט און וויסט אין דרויסן דער שניי און ווינט. אַזאַ שרעקלעכער, ציגײַנער ווינט וואָס שרייט, טומלט, באַלידיקט און שלאָגט מיין געמיט מיט זיין קאַלטן חוזק. דאָס כּסדרדיקע וואַרטן מיינס ווערט עפּעס פּוסט, ציניש און האָפענונגסלאָז. עס קוקן דיך מאָדנע אָן אין דער הייך אַלע שטערן, אַזוי ווי חכמים פון הימל. זיי לאַכן אָפּ פון דיר, פון דעם ראָמאַנטישן בטלן. און דו, ציטערנדיקער קלאָון, דו פּרואווסט איצט ווידער אַזוי אידל, שטיל, מיט טאַקט, אָנקלאַפּן אין דער טיר. דו פּרואווסט אויפּסניי ביי דער שווערער, אייזערנער טיר אַ ריר טאָן די מעשענע קלאַמ־קע, פּונקט ווי ראַשעל וואָלט דאָרטן אינעווייניק אויף דיר געוואַרט; פּונקט

ווי דו וואָלסט מיט איר געהאַט באַשטימט אַ ראַנדעוואו. אָבער דאָס שטומע וואַרטעניש איז דאָך אַזוי אומזיסט, אַזוי אומבאַגרייפלעך און נישט לאָגיש. עס קומען אָן נייע אונטערגרונט־באַנען, פולע מיט פּאַסאַזשירן, מיט פרעמדע מאַנסבילן און פרויען. דו זעסט יעדעס מאָל אַרויסשטראָמען פון די אונטערערדישע סטאַנציעס ממש אַ ים מיט מענטשלעכע פּנימער פון אַלע פעלקער און ראַסן פון גאַר דער ערד. אָבער ראַשעל דערשיינט נישט צווישן די מחנות מיט מענטשן. עס ווערט אַלץ שפּעט און שפּעטער אין דער נאַכט. יעדער רגע גיי איך ווידער אַריין אינם נאָך אָפענעם אַפּטייק כדי אויפדאָסניי זי אָפּצורופן אויפן טעלעפאָן. עפּעס איז אַנגעגעם צו הערן דאָס קלינגען פון טעלעפאָן נעבן איר בעט. אפשר איז זי שוין פאַרט אַנגעקומען, איז זי אַזוי פלוצלינג און געהיימנישפול אַנגעקומען, מיט אַן אַנדערן וועג, מיט אַן אַנדערער טיר...

שפּעט ביינאַכט פאָר איך אַ מידער אַהיים. אויף די מוטנע שויבן פונם עלעווייטאָר־באַן רינט שוין אָפּ דאָס מאַטע ליכט פון דער לבנה. מידע זייַנען אויך די מענטשן. טרויעריקע, אויסגעשעפּטע פאָרן אַהיים די לעצטע פּאַ־סאַזשירן. אפשר האָבן אויך אַ טייל פון זיי זייערע אייגענע פאַרלוירענע ליבעס, זייערע אַנטוישטע ראָמאַנען. יענער פּאַסאַזשיר אין ווינקל פון וואַגאָן, טראַכט ער אפשר אויך די נאַרישע טראַכטענישן צו באַזוכן זיין אַמאָליקער געליבטע אין אַ קאַלטער, פינצטערער נאַכט? טראַכט ער אויך אָנצוקלאַפּן אין איינער אַ שטורעמדיקער נאַכט אין דער טיר און שטי־לערהייט אַריינקוקן טיף אין די זיידענע שוואַרצאַפּלען פון זיין ראַשעל? צי אפשר טאַקע בין איך דער איינציקער דאָן קיכאָט, וואָס באַזוכט דורך זיין גאַנץ לעבן זיינע אַמאָליקע געליבטעס? איינער, וואָס האָט קיינמאָל נישט חתונה, כדי זיך צו קענען אויסלעבן מיט זיינע ראָמאַנטישע געשטאַלטן? כדי צו שיכּורן מיט די זכרונות פון די זעלטענע פרויען, וואָס ווערן קיינמאָל נישט אַלט אין מיין פאַנטאַזיע; וועלכע ווערן נישט אָפּגעבלאַ־קירט; וועלכע בלייבן תּמיד גייסטערהאַפט־בלייך און זייערע צאַרטע פּני־מער זייַנען איינגעהילט אין גערדיכטע כוואַליעס גאָלדיקע האָר אַזוי ווי לעגענדאַרישע פּרינצעסינס אויף אַנגעצונדענע מאָלערייען. פרויען וואָס די צייט האָט איבער זיי נישט קיין שום שליטה און וואָס איך באַשיץ פון די פאַרדאַרבנדיקע הענט פון צייט מיטן פייער פון מיין נישט־פאַרלעשבאַ־רער ליבע. פרויען, וועמענס הייליקע פּאָרטרעטן דער פאַרליבטער טראָגט אויף אייביק איינגעשניטן און איינגעוואונדיקט אין האַרצן. —

אַהיימגעקומען אין באַגינען פון דעם מאָדנעם באַזוך אין די בראָנקס, בין איך גיך אַרויפגעפאַלן אויף מיין געלעגער, אויפן אָרעמן בעטל. דורך דער דורכזיכטיקער פלאַש מיט קאָניאַק האָט שטיל געשמייכלט צו מיר דאָס פּנים פון ראַשעלן, וועמענס בילד איז געשטאַנען אויפן אייזערנעם

קופערט, נעבן מיין בעט. איך האָב ליב צו קוקן אויף ראַשעלן דורכן דורכזיכטיקן פּייער פון קאָניאַק״...

## קריגעריי אין דער נאַכט

אין אַן אָוונט בין איך געקומען צו גאַסט צום באַרימטן מאָלער מלך הערשלער און צו זיין פרוי דבורה, אויך אַ קינסטלערין. בשעת מיר זיינען געזעסן ביים יום־טובדיק־געדעקטן טיש און מיר האָבן געטרונקען דעם גוטן ווייַן, האָט דער מאָלער מיר דערציילט וועגן דעם ווי ער האָט אַ שוואַכקייט צו קויפן פּאַרצייטישע ביכער אין די בוכהאַנדלונגען. דאָס איז נישט קיין געוואוינטשאַפט אַזאַ כדי זיך צו פאַרשאַפן אַן אויסערגעוויינלעכע ביבליאָטעק. נייערט ער האָט ליב צו באַנוצן דאָס אויסגעצייכנטע, אַלטע פּאַפּיר פאַר זיינע מאָטיווע צייכנונגען. געוויינלעך רייסט ער אַרויס פון די סאָלידע און אָפּטמאָל מאָנומענטאַלע בענדער די ריינע שטיקלעך פּאַפּיר אין שכנות פונם שערבלאַט און ער פּילט זיי אויס מיט זיינע אייגענע צייכנונגען אויף מאָטיוון פון תנ״ך און אויף אַנדערע טעמעס. פון זיינע יאָרן אין חדר און שפּעטער אין דער ישיבה, וואו ער האָט ברייט געלערנט און איינגעזאַפּט אין זיין גייסט טראַדיציאָנעלע אידישקייט, זיינען אין זיין דמיון געבליבן שטיין גרויסע און מעכטיקע, אין פּאַרנעם און אין האַרץ, די זייליקע געשטאַלטן פון אונדזערע האַרציקע אָבות. דער קינסטלער צייכנט און מאָלט זיי מיט שוואונג און אויף דער רחבותדיקער קאַנווע פון הימל און ערד. ער גיט זיי אַ ברייטע סצענע און אַ דויער פון אייביקייט, אַזוי ווי זיי ווערן פאַרגעשטעלט אין די בלעטער פון תנ״ך. אָבער ער טוט זיי אָן אין אַ מאָדערנעם קלייד. ער זעט זיי ווי אַ היינט־וועלטישער, אוניווערסאַלער קינסטלער.

איינמאָל אין אַ טאָג האָט מלך הערשלער זיך איינגעקויפט ממש אַן אוצר מיט אַנטיקוואַרע בענדער וועלכע זיינען, צום באַדויערן געווען פאַרפלייצט מיט מאָלן. עס איז פּשוט געווען אַ סכנה אַז די אומריינע ביכער זאָלן פאַראומרייניקן זיין אייגענע זעלטענע ביבליאָטעק, וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון אַ סך יאָרן קלייבן פון די אָנגעצונדענע בלומען פון מענטשלעכן גייסט און קולטור. ביינאַכט האָט דער מאָלער אַרויסגעטראָגן צוזאַמען מיט זיין ווייב די ערשט־איינגעקויפטע ליטעראַטור צום בלעכענעם מיסטקאַסטן אויף דער גאַס. אָבער צו לאַנג זיינען דאָרטן די ביכער נישט געלעגן אומבאַרירטע דורך מענטשלעכע הענט. פאַרבייגייערס האָט געוואונדערט וואָס אַזעלכע טייערע בענדער, פעסט־געבונדענע, אויך מייסטערשטיק פון פאַרצייטישער איינבינדעריי, ליגן הפקרדיק אַוועקגעוואָרפן אין מיסטקאַסטן. יעדער איינציקער פון די פאַרזאַמלטע לייט האָט געהאַלטן אַז די געשוואָלענע וואָלומס, אַוודאי טיילן פון אַן אומגעבראַכטער ביבליאָטעק

פון אַ פּאַלאַץ, געהערן בלויז צו אים אַליין. אַז ער האָט דער סאַמע ערשטער געפונען זיין געפינס.

אָט ווי אַזוי דער קינסטלער אַליין שילדערט די אומהיימלעכע סצענע, די קריגעריי פון איינזאַמע מענטשלעכע שאָטנס, שכנים און פאַרבייגייערס פון דער נאַכטיקער גאַסן־דעקאָראַציע.

— אַ הייזעריקע שטימע פון איינעם אַ מאַן, אַ פיזישער גיבור, ציטערט אויף אימהדיק אין דער נאַכט, בשעת ער וואַקלט זיך אַ לוט־שיכּורער מיט אַ שווערן פּאַק מיט ביכער אויף זיינע ביידע אָרעמס:

— איך בין געזעסן אין מיין דאַך־שטיבל ביי אַ גלעזל טיי מיט ציטרין און איך האָב אַ רואיקער געלייענט די לעבנס־באַשרייבונגען פון גריכישע און רוימישע שטאַטסמענער און גענעראַלן, די בלוטיקע קצבים פון דער וועלט־געשיכטע, געשריבן דורך דער מייסטערהאַפטער האַנט פון דעם היס־טאָריקער פלוטאַרך. פּלוצלונג האָב איך דערהערט אַ טומל אין דרויסן. איך האָב באַלד דערזען דעם געהיימנישפולן פרינץ וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן און דער פינצטערניש פון דער נאַכט זיין קעניגלעכע ביבליאָטעק. ער האָט זיך עפּעס מאָדנע אַרומגעקוקט אין אַלע פיר זייטן פון גאָט׳ס אומגליק־לעכן אוניווערס. איך האָב דער סאַמע ערשטער, איך שווער אייך ביי אַלץ וואָס עס איז הייליק, דערזען די שווערע בענדער. זיי אַלע געהערן אָן ספק צו מיר. אָבער אויב איר זענט גרייט מיט מיר צו לעבן בשלום, וועל איך אייך פּערזענלעך באַשענקען מיט עטלעכע ווערטפולע ספרים פון מיין געפונענער ביבליאָטעק.

— דער פאַרשוין האָט געהאַט אַ געשוואָלן פּנים, ווי צייט וואָלט אים געשלאָגן מיט טעמפּע קלעפּ פונם לעבן. קלוגע, טונקעלע אויגן זיינען פעסט און טיף געזעסן אין זיין פּנים ווי שאַרפע שטערן אין אַ שטיק געדיכטן הימל־חשכות. זיינע ביידע אָרעמס זיינען געווען ווי ריזיקע שטיקער רויער לייִם. ער האָט די דאָזיקע אָרעמס באַלאַסטיקט מיט אַלטע, גראָבע בענדער מיט גאָלד־געליישטע אותיות אויף די לעדערנע רוקנס.

— איר זענט גאָרנישט אַזוי גערעכט ווי איך דאַכט זיך אָדער ווי איר ווילט מאַכן אַנדערע צו גלויבן. איר זענט אַ פּשוטער ליגנער! — האָט אים ווידערגעשפּעניקט אַ קורץ, גראָב און געשוואָלן מענטשעלע, אַ מין האָמונ־קולוס, אומגעלומפּערט אויסגעקנאָטן דורך פאַרטאַטשנע מענטשלעכע הענט, פון לייִם און פייער. זיינע פּלאַטשיקע פיס זיינען געווען קורצע, ווי אַריינ־געוואַקסענע אין דר׳ערד אַריין. זיין פּנים איז געווען רויט. ער האָט גע־רויכערט אַ קליינע ליולקע אין זיין אויסגעקרימטן מויל. ער האָט אויך געטראָגן אַ געפלאָכטן קוישעלע.

— אין דעם אייגענעם מאָמענט ווען איר האָט זיך דאָ פּלוצלונג פאַר־גנבעט און איר האָט גענומען שלעפּן די אוצרות, בין איך שוין דאָ רואיק געשטאַנען. אָבער איר האָט מיך נישט געהאַט געזען. די טיפע נאַכט האָט

מיך פֿאַרבאָרגן און איינגעהילט אין איר פֿינצטערניש ווי אין אַ געדיכטן, נעפּלדיקן פֿאָרהאַנג. איר האָט אוודאי נישט געהאַט קיין חשק צו זען ווי איך שטיי דאָ די גאַנצע צייט און איך באַטראַכט די מאָדנע בריליאַנטן פֿון גייסט; ווי איך קלייב זיך פֿאָרזיכטיק אויס די שענסטע ווערק. איך האָב שוין אַפֿילו צייט געהאַט אַריינצוקוקן אין זיי אויך. כ׳האָב ביים ליכט פֿון דער רויטער לבנה געלייענט הערלעכע פּסוקים פֿון חכמים און געלערנטע. אָט איז אַ פּרעכטיקער באַנד פֿון סענעקאַ, דעם רוימישן סטאָיקער. אָט זיינען צוזאַמענגעפּאָרט אין אַ בוך די עפּישע פּאָעמען פֿון טאַסאָ און אַריאָסטאָ. דער דאָזיקער וואָלום פֿון וואָלטער האָט מיך געמאַכט צום הילכיקן לאַכן אין דער נאַכט. די פּעלזיק־שאַרפֿע פֿערזן פֿון פּאָעט דאַנטע האָבן פֿון מיינע געדערים אַרויסגעבראַכן מענטשלעכן יאָמער. איר ווילט דאָך די דאָזיקע ביכער אַליין נישט לייענען. איר וועט זיי אוודאי פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַ שיבוש. איך אָבער וועל לעבן מיט די דאָזיקע אידעלע שאַפֿונגען אפֿשר אַ גאַנץ לעבן. איך וועל זיי רייך געניסן. איך וועל טרינקען דעם וויין און האָניק, אויך דעם גיפֿט און דעם גן־עדנדיקן געטראַנק פֿון זייערע לויטערע, אייביק־פֿרישע קוואַלן. דערלויבט מיר, איך בעט אייך, צו באַהאַלטן די ביכער פֿאַר זיך! — אַזוי האָט זיך דער האָמונקולוס געבעטן און געטענהט צו די שאָטנס.

— אָבער איר זענט נעבעך ביידע נישט גערעכט. די ביכער געהערן בלויז צו מיר אַליין! — האָט זיך איצט אָפּגערופֿן עפּעס איינע אַ דינע, שלאַבעריקע פֿרוי אין אַ לאַנגן, שוואַרצן קלייד. — בשעת איר ראַנגלט זיך אַזוי איינער מיטן אַנדערן, האָב איך דאָ נאָך פֿריער געהאַט פֿאַרבראַכט און געזען וואָס עס קומט דאָ פֿאָר. איך מוז אייך זאָגן דעם פּשוטן אמת אַז איר זענט נעבעך ביידע זיך אַרומקריגנדיקע רשעים און מיאוסע עגאָ־איסטן. די ביכער זיינען אינגאַנצן מיינע. איך זאָמל זיי פֿאַר מיין אידעלער פֿריינדינע, אַ קראַנקע פֿרוי, וואָס איז פּאַראַליזירט און זי ליגט שוין אין בעט איבער אַ פֿערטל יאָרהונדערט. זי קען זיך, צום באַדויערן, נישט פֿרייען מיט קיין פֿאַרבלהאַפּטער ביזשוטעריע אָדער מיט קאָסטבאַרע קליידער און זייד, מיט וואָס דאָס ווייבער־פֿאָלק פֿרייט זיך געוויינלעך. איר איינציק פֿאַרגעניגן איז דאָס לייענען טאָג און נאַכט מיט אירע וויטיקפֿולע אויגן אין די טיפֿזיניקע און זעלטענע ביכער.

— זי קען נישט באַזוכן די אָפּעראַ אָדער גיין אויף קאָנצערטן. זי קען קיינמאָל נישט אַרויסגיין אויף דער גאַס מיט אירע אייגענע פֿיס און פֿאַרזוכן די זיסקייט פֿונם וועטער, פֿון קילן ווינטל וואָס גלעט די מידע אברים. זי אָבסערווירט נישט דאָס פּראָזאַישע לעבן פֿון דער שטאָט. אָבער איר ביידע זענט דאָך געזונטע מאַנספּאַרשוינען. איר קענט זיך פֿריי באַוועגן אין גאָט׳ס אומגעהויערן דרויסן אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, אויב נאָר איר ווילט און אויב עס גלוסט זיך אייך. פֿאַרוואָס באַרויבט איר אַן איינזאַמע

פרוי פון איר רעכט און פאַרגעניגן צו לייענען און צו געניסן פון קלאַסישע ווערק? ווען זי וועט האָבן נעבן איר בעט לייטישע ליטעראַטור, וועט זי אויך האָבן די אַמביציע צו לעבן. ווען איר וועט אָבער מיין פריינדין חלילה ברוטאַל באַרויבן פון איר לוסט צו לייענען גוטע ליטעראַטור, וועט נעבעך די אָרעמע פרוי אויסגיין פון איינזאַמקייט.

— די דריי טונקעלע און אומעטיקע געשטאַלטן האָבן זיך העפטיק גע־אַמפּערט צווישן זיך אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. איך בין אַ שטילער געשטאַנען אינם פענצטער, אין דער הויף, און איך האָב זיך אַ טרויעריקער צוגעקוקט צו דער אומהיימלעכער קאָמעדיע. — האָט מיר דער מאָלער דערציילט. — אין דער נאָקטורנער טונקלקייט האָבן זיי אַלע אויסגעזען ווי זשאַלאָבנע שאָטנס אין עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכן, מימישן שפּיל. איך האָב געוויינט און געלאַכט. מיין ווייב האָט געזאָגט אַז איך בין משוגע געוואָרן. זי האָט זיך שטילערהייט אויסגעטאָן. זי האָט זיך געלעגט אויפן אייזערנעם בעטל און האָט מיך אַ נערוועזע גערופן צום געלעגער:

— קום שוין ענדלעך זיך אָפּרוען, מאָלער! דו האָסט פאַר זיך מאָרגן אַ גרויסן טאָג צו אַרבעטן. גאָט האָט געשאָנקען די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט פאַר די שווער־אַרבעטנדיקע מענטשן צום רוען און צו שלאָפן. איבעריקנס, איך בענק נאָך דיר. איך קען פּשוט נישט איינשלאָפן אָן צו פילן דיך פיזיש ביי מיין זייט.

— גאָט האָט אויך געשאָנקען די נאַכט פאַר די טרוימערס צום חלומען; פאַר די שיכּורים צום שיכּורן אין די ווינקעלערן און טעווערנס; פאַר די הפקרדיקע פרויען אַרומצוגיין איבער די איינזאַמע גאַסן דורך שניי און רעגן, אין אָפּשיין פון די אייזערנע לאַמטערנס. די נאַכט געהערט צו די קאָרטנשפּילערס כּדי צו שפּילן ביזן אויפקרייען פונם האָן אין גרויען, אייז־קאַלטן באַגינען. די נאַכט געהערט אויך צום פאַרבאָרגענעם גנב וואָס טשאַטע־וועט ווי אַ חיה אויף רויב; צום פּאָעט און צום מת וואָס וואַנדלט אַרום מי טציטערניש און זשעדנעקייט אין זיינע קאַלטע ביינער צום פאַרגאַנגענעם לעבן זיינעם איבער גאָט'ס קאָמפּליצירטער וועלט. — אַזוי אומגעפער האָב איך גערעדט צו מיין ווייב דבורה. אָבער איך האָב די גאַנצע צייט באַ־טראַכט די דריי פרעמדע מענטשן זיך ראַנגלענדיק אַרום די הויפנס מיט ביכער.

— מיין ווייב איז געווען אומרואיק. איך האָב געזען ווי זי שטייגט צוריק אויף פון איר געלעגער און זי בלאָנדזשעט שטילערהייט אַרום אין דער געדרוימער שטוב ווי אַ נאַכט־וואַנדלערין. איך האָב געזען ווי זי שטייט אַן איינזאַמע פאַרן זילבערנעם שפּיגל אין גאָר איר פּערלדיק־קלאָרער שיינ־קייט און גראַציע. אַזוי האָט אַוודאי אויך געמוזט אויסזען די אידעלע סאַסקאַ ווען זי האָט זיך אויסגעטאָן פאַרן גליקלעכן קייסער רעמבראַנדט און האָט מיט איר גאָלדיק־שטראַלנדיקן לייב לוסטיק אָנגעצונדן דעם מייסטערס פלאַ־

מיקע אויגן, בשעת אין זיין רעכטער האַנט האָט נערוועז געציטערט דער גאָלדענער כּוס מיט גליענדיקן ווייַן און מיט דער לינקער האַנט האָט ער די פּרוי געהאַלטן אויף זיינע קניעס. איך האָב נאָך אַלץ געקוקט אויף די דריי לעכערלעכע שאָטנס פון מענטשלעכער אַמביציע און גרויסקייט, מישטיינס געזאָגט. איך אײנער, אַזוי ווי דער רבונו של עולם דאָרט אויבן אין אומפּריינטלעכן הימל, האָב אַלץ וואויל געזען און פאַרשטאַנען. איך האָב געוואוסט אַז די אַנציענדיקע און ברילױאַנטענע בענדער זיינען פול פאַרפּלייצט מיט מאָלן, מיט די בלייכע ווערמלעך, כאָטש אויסערלעך זען זיי דווקא אויס ווי זיי וואָלטן ערשט אַרויסגענומען געוואָרן פון אַ קע־ניגלעכער ביבליאָטעק, מייסטערהאַפט איינגעבונדענע אין ווייכער לעדער. איך האָב געוואוסט אַז זיי וועלן פאַראומרייניקן די אַנדערע ביכער וואָס די מענטשן באַזיצן. זיי וועלן פאַרווערעמען און פאַרפּעסטיקן יעדער ביבליאָ־טעק וואָס אַ מענטש באַזיצט נאָר אין זיין הויז.

בשעת די דריי פאַרשווינען האָבן זיך אַזוי מוראַדיק געראַנגלט צוליב די אַלטע, פאַרוווערמטע ביכער, און צום סוף האָבן נאָך די צוויי מענער, דער הויכער און דער נידעריקער האָמונקולוס, זיך בלוטיק צעשלאָגן, שליידערנדיק די ביכער איינער דעם אַנדערן אין זייערע צעהיצטע קעפּ, האָב איך געזען אָנקומען אין דער נאַכט די מאַסיווע פיגור פון איינעם אַ הויכן מאַנספּאַרשוין. דאָס איז געווען אַ פאָליציימאַן. ער האָט עפּעס אויסגע־פרעגט די מאָדנע פּאַסאַזשירן. צום סוף האָט ער אַלע דריי אויפגערעגטע לייט אַרעסטירט און זיי אַוועקגעפירט כּדי זיי זאָלן די לעצטע איבערגעבלי־בענע שעהן פון דער נאַכט איבערנעכטיקן אין תפיסה.

— ווי פאַרכישופט און פאַרפרוירן פון מענטשלעכן עלנט בין איך געשטאַנען ביים פענצטער פון מיין וואוינונג אין דער הויך. איך האָב טרויעריקערהייט נאָכגעקוקט דעם פאָליציימאַן וואָס פירט די דריי איינזאַמע מענטשן אין טורמע אַריין. עפּעס אַן אומגעוויינלעכער אומעט האָט זיך פאַרגנבעט אין מיין האַרץ אַריין, ווען איך האָב שפּעטער געזען ווי ברוי־דיקע, עלנטע און הונגעריקע קעץ דערנענטערן זיך צו די אַוועקשליידערטע ביכער און באַשמעקן זיי. אויבן, צווישן די צעריסענע וואָלקנס, איז די בייז־כיקע לבנה אַרומגעשוואומען ווי אַ שוואַנגערדיקע קאַץ צווישן קרישטאַ־לענע אייז־קריעס בשעת אַ טייך־פאַרפלייצונג אין פרילינג.

— ווען איך בין ענדלעך אין פריען באַגינען, אַ טויטלעך־מידער אַרויפגעפאַלן אויף מיין געלעגער, האָט מיין ווייב מיט שוידער און צי־טערניש אין איר לייב זיך עפּעס אינסטינקטיוו אָפּגערוקט פון מיר. איך האָב, ווייזט אויס, געמוזט אויסזען מוראַדיק אומהיימלעך. די פּעכיקע פינ־צטערניש פון דרויסן; די ווערמדיק־אַוועקגעוואָרפענע ביכער; אויך דאָס גאַנצע אומהיימלעכע און גראָטעסקע געשלעג פון די עלנט מענטשן, קריפּלען און איינוואַלידן, צוליב שטויב, ווינט און שפּינגעוועבס, הגם געגנוג הונגע־

ריקע נאָך וואָרט און גייסט, האָט מיך אַוודאי מיד געמאַכט אין משך פון שעהן אָדער מינוטן. מיין פרוי האָט פשוט אויפגעשוידערט וואָס עס איז נעבן איר גליענדיקן לייב אַוועקגעפאַלן אַ מידער, איינזאַמער זקן. מסתמא האָט אויך אַזוי געמוזט פילן די פּרעכטיקע און רייצנדיקע אַבישג השונמית ווען זי האָט נעבן איר שטילן, צאַרטן גוף דערפילט דאָס אייזיקע, אומעטיקע פליש פונם מיט צייט און טרויער געשלאָגענעם קייסער. —

## פאַרשניטענע ביימער

עס איז געווען אין אַ פאַרנאַכט פון חודש אַפּריל, אין יאָר 1939. איך בין דעמאָלט געגאַנגען באַזוכן דעם שריפטשטעלער חיים ליבערמאַן. אַזוי ווי עס איז געווען אין דער געגנט פון צענטראַל־פּאַרק וואו ער האָט גע־וואוינט און איך האָב נאָך צייט געהאַט אַ גאַנצע שעה, בין איך אַריינגע־גאַנגען אַ ביסל פאַרברענגען אין פּאַרק. דאָ זע איך ווי עס ליגט אַן אונ־טערגעהאַקטער בוים. איך בין צוגעגאַנגען צום גוססדיקן בוים און בין מיט אים לאַנג געווען ווי מיט אַ קראַנקן פריינט. ווען איך וואָלט געקענט זאָגן ווידוי פון אויסנווייניק, וואָלט איך אַוודאי מיט אים געזאָגט ווידוי. זיינע צווייגן זיינען נאָך געווען קרעפטיקע, באַלאָדענע מיט דער נאַטורס געטלעכער קראַפט און שפע. פאַרוואָס האָט מען געשאָכטן אַ בוים? — האָט געפרעגט מיין האַרץ אין יסורים.

אויך די פייגל, אַזוי ווי איך, האָבן קיין חשק נישט געהאַט אָפּצוטרעטן פונם בוים. זיי זיינען געשטאַנען אויף זיינע צווייגן און האָבן עפּעס מענטשלעך געוויינט. עס איז דערווייל צוגעפאַלן די נאַכט. איך בין לאַנג געזעסן אין שטילקייט. אומעטיקע מחשבות וועגן דעם שטאַרבנדיקן בוים האָבן מיך באַ־הערשט.

און, זינט דעמאָלט, ווען נאָר איך קום אין פּאַרק אַריין, גיי איך תמיד צו יענעם איינזאַמען בערגל, וואו מיט אַרום דרייסיק יאָר צוריק האָבן אַכזריותדיקע מענטשן אומגעבראַכט אַוודאי אויפן באַפעל פון אַנדערע מענטשן איינעם אַ בוים. איך קום צום בוים ווי אויף קבר אָבות. איך טראַכט און מעדיטיר אין זיין אָנדענק. איך פאַרגעס נישט דעם בוים. ער וואַקסט ווייטער אין מיין געדעכעניש הויך און שטאַרק. איך שענק רוים אין מיין האַרץ פאַר זיינע צווייגן. איך האָב דעם בוים אַריינגענומען אין מיין לעבן. מיט פאַרגעניגן און באַדויערן טו איך איצט אָן זיין אָנדענק אין אידישע אותיות. ווען מיין אידעלער פריינט חיים ליבערמאַן איז געשטאָרבן, האָב איך געטראַכט פון זיין גרויסן לעבן אין שייכות מיטן בוים...

---

איך דערמאָן זיך: אין יאָר 1941 גיי איך איינמאָל פאַרביי אַ קליינטשיק, הילצערן הייזקעלע. איך וואָלט אפשר דאָס הייזקעלע נישט באַמערקט. נאָר

ביי דער טיר שטייט זיך אַזאַ דינער, דאַרער און ליבער בוים, וואָס אָטעמט מיט רו און שטילקייט. דאָס הויז איז געווען צום פֿאַרדינגען. דער בוים מיט זיין טיפֿער מנוחה האָט מיך מאָדנע צוגעצויגן. איך בין אַריינגעגאַנגען אינעווייניק כּדי אָנצוקוקן די צימערן. איך האָב אָנגענעם געטראָטן אויפֿן קליינעם הויף, מיט זיין פֿראָסטער, קילער ערד. די חדרים זיינען געווען פּוסטלעכע און קאַלטע. די וואַרעמקייט פֿון היימיש לעבן האָט זיך איצט געהאַט פֿון זיי אָפּגעטאָן. עס האָט געפֿעלט אַ טעפּיך, אַ וואַזאָן, אַ קינד, אַ וויגעלע, אַ בילד אויפֿן וואַנט, אַ הינטל, אַ קעצל. קיין שום באַהייצונג איז נישט געווען. עס איז אויך נישט געווען קיין וואַרעם וואַסער. די ווענט האָבן אויסגעזען ברודיקע און פֿאַרפֿלעקטע. עס איז דאָ אַ קליינער הויף וואו עס וואַקסט אין די ווינקלען אַ ביסל מאָגערע גראָז. אָבער עס איז פֿאַראַן עפּעס שיינס: דער בוים ביים שוועל. איך באַשליס ביי זיך צו דינגען דאָס דאָזיקע שטילע הייזקעלע. אפֿשר זאָל איך עס גאָר אינגאַנצן אָפּקויפֿן. דער בוים וועט אין פֿרילינג היימלעך גרינען. איך וועל שטילערהייט באַגיסן און דערפֿרישן מיט וואַסער זיינע דאַרשטיקע, אויסגעטרוקנטע קאָרזשע־ניעס. נעבן בוים, אין דער וויכער אויפֿגעאַקערטער ערד, וועל איך פֿאַר־פֿלאַנצן בלומען און גרוויקסן. דער בוים וועט זיין אַ פֿריינטלעכע היים פֿאַרן באַפֿליגעלטן לעבן. פֿייגל וועלן זינגען צווישן זיינע געבענטשטע צווייגן. איך וועל זיך זיצן ביים פֿענצטער און שרייבן דערציילונגען. פֿון שטילן, היימישן בוים וועט וויען מיט גרינער קילקייט. אין זיין טונקעלער קאָרע וועל איך מיט אַ קנייפּערל „אויף אייביק" אָנצייכענען מיין נאָמען. טאָמער וועל איך בלייבן אַליין אין לעבן, וועט דער בוים צו מיר זיין אַ שטענדיקער פֿריינט. איך וועל בשעת די הייסע, זומערדיקע טעג זיצן אין זיין טונקעלן שאָטן און עסן פֿייגן, טייטלען און באָקסער. אויפֿן שמאָלן טישעלע דערנעבן וועט תּמיד ליגן אַ וואונדערלעך בוך לידער. דערביי וועט שטיין אַ פֿלאַש מיט וויין. טאָמער וועט אַמאָל פֿאַרבלאָנדזשען אַ גאַסט אין הויז אַריין, אפֿשר אַ פֿאַרשטעלטער מלאך מיט אַ פֿאַרטרערט אויג, ווי אין די צייטן פֿון אַברהם אָבינו, זאָל מען קענען זיצן געמיטלעך אונטער די צווייגן פֿון בוים, טרינקען וויין און רעדן וועגן דעם זין פֿון לעבן. אין אַ ווייטן טאָג, ווען איך וועל מיך אַוועקרוקן אין דער אייביקייט, וועט נאָך מיר בלייבן שטיין דער בוים, דער איינציקער בוים, אַזוי ווי אַ לעבעדיקער, שלאַנקער זון וואָס בלייבט איבער נאָך אַ טאַטן. ער וועט דערציילן פֿון מיין עקזיסטענץ. ער וועט מיט זיינע בלעטער זינגען וועגן זיין פֿריינט־שאַפֿט צו מיר.

איך האָב תּיכּף געגעבן האַנטגעלט דעם איטאַליענישן אייגנטימער פֿון הויז. איך האָב פֿון אים גענומען אַ פֿאַרשריבן קוויטל. איך בין אַהיימ־געגאַנגען און האָב מיט פֿרייד אָנגעהויבן איינצופּאַקן מיינע זאַכן, ביכער, מאָלערייען און מאַנוסקריפּטן. ווען איך בין מיט עטלעכע טעג שפּעטער

געקומען צום הויז מיט אַ פּולן לאַסטוואָגן מיט זאַכן, כדי זיך אַהין אַרייג־צוציען, איז שוין דער בוים מער דאָרט נישט געווען. אַ שטורעמווינט האָט מיט אַ נאַכט פריער אים אויסגעריסן פון דר׳ערד מיטן סאַמע וואָרצל. דער בוים איז דאָ געשטאַנען גאַנצע זיבעציק יאָר צייט — פּונקט די תנ״כישע לענג פון אַ מענטשלעך לעבן. איצט איז נאָך אים שטיין געבליבן אַ טיפער גרוב אין דר׳ערד. אין דער געלער, ליימיקער ערד האָבן גע־שטעקט זיינע נאַקעטע קאָרזשנס, די צעבויגענע וואָרצלען, אַזוי ווי קנוילן מיט אָדערן, וואָס האָבן אים געגערט מיט די זאַפטן פון אונטערערדישע טייכן און שטראָמען.

בלויז געציילטע וואָכן האָב איך פאַרבראַכט אין הויז. איך האָב דאָ מער נישט געוואָלט וואוינען. עפּעס אַן אומעט האָט מיך געטריבן. אָן דעם בוים האָט דאָ דאָס לעבן פאַר מיר נישט געהאַט קיין זין. איך האָב זיך באַצייטנס אַרויסגעצויגן פונם קאַלטן, פרעמדן און אומעטיקן הויז...

---

אויף דער אַכטצנטער גאַס, אין מאַנהעטן, פלעג איך אָפט באַזוכן מיין אַלטן פריינט, דעם רוסישן שריפטשטעלער גוסיעוו־אָרענבורגסקי. גוסיעוו־אָרענבורגסקי, אַ געוועזענער פּראַוואָסלאַווונער גלח, איז געווען אַ נאָענטער פריינט פון די באַרימטע שריפטשטעלערס טשעכאָוו, גאָרקי און לעאָניד אַנדרעיעוו. ער האָט אויך וואויל געקענט גראַף לעוו טאָלסטאָי און קופּרינען. ווען איך פלעג אַמאָל קומען אויף באַזוך צום עלטערן שרייבער, האָב איך זיך מיט גרויס פּיעטעט יעדעס מאָל אָפּגעשטעלט ביים נידעריקן קאַרשנ־בוים נעבן זיין ווייס־געקאַלכט הויז. אַן אײדעלער קאַרשנבוים אַזאַ וואָס האָט מיך דערמאָנט אין מיין קינדהייט. אין די היימישע פּוילישע סעדער, וואָס אידן פלעגן אין פרילינג אָפּדינגען ביי די פּויערים. איך פלעג דעם ליבן קאַרשנבוים הארציק באַטאַפּן און אומהאַלדזן. איך האָב זיך מיט אים יעדעס מאָל געפרייט ווי ביים באַגעגענען אַ געטרייען פריינט.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, ווען איבער מאַנהעטנס הייזער און דעכער האָט זיך געזעצט אַ רויטע, ווינטערדיקע זון, בין איך געקומען, ווי גע־ווינלעך, כדי צו באַזוכן מיין פריינט גוסיעוו־אָרענבורגסקין. איך זוך, פאַרשטייט זיך, דאָס באַקאַנטע הויז מיטן ליבן קאַרשנבוים. אָבער עס איז נישטאָ.

איך האָב קיינמאָל נישט געדענקט דעם נומער פון הויז. איך האָב זיך שטענדיק פאַרלאָזן אויפן לייטישן סימן: דער אײדעלער קאַרשנ־בוים. איך האָב זיך אַ ביסל געוואונדערט: זאָל איך גאָר האָבן פאַרבלאָנ־דזשעט געוואָרן אויף אַן אַנדערער גאַס?

וואָס איז אייגנטלעך געשען? עמעץ האָט ביידערנאַכט ברוטאַל אָרומ־געהאַקט דעם וואָרצל פונם קאַרשנבוים. בייזע מענטשנשאַקאַלן האָבן באַר־באַריש אונטערגעשניטן זיין עקזיסטענץ. איך בין אַהיימגעגאַנגען ממש

אַ פֿאַרצווייפֿלטער. ליגנדיק יענע נאַכט אין בעט, האָב איך געקראָגן הויכן פֿיבער. איך האָב אויך שטאַרק געוויינט. איך האָב איצט מער נישט געהאַט קיין חשק צו באַזוכן דעם רוסישן שריפֿטשטעלער, וואָס האָט זיין באַשיידענע וואוינונג געהאַט פֿאַרוואַנדלט אין אַ קליינער צערקווע, אויסהענגענדיק אויף די ווענט פֿאַרשטויבטע איקאָנעס מיט פֿאַרקאָפּטשעטע, גאָלדיקע מל־אָכים. עס האָט מיר איצט שטאַרק געפֿעלט ביים אַריינגאַנג צו זיין שטוב דער שטילער, געטרייער קאַרשנבוים...

---

ווען איך האָב אין יאָר 1935 געוואוינט אין דעם אוניווערסיטעט־שטעטל נאָרמאַן, אין שטאַט אָקלאַהאָמאַ, בין איך דעמאָלט אַלט געווען בלויז דריי און צוואַנציק יאָר. איך בין געווען שרעקלעך איינזאַם און אויך פֿאַרליבט אין אַ געראַטענע מיידל. קיין שום פֿריינט אין שטעטל האָב איך נישט געהאַט. רעדן ענגליש האָב איך אויך נישט געקענט. דער איינ־ציקער טרייסט מיינער איז געווען — אַ בוים. ער איז זינט אַ סך יאָרן געוואַקסן ביים פֿענצטער פֿון דעם צימער וואו איך האָב געוואוינט און געשריבן. איך האָב אַגב אין יענעם יאָר זייער אַ סך געשריבן. איך בין געווען יינג, אומגליקלעך און פֿאַרליבט. איך האָב די מערסטע איבער־לעבונגען אויסגעדריקט אין מיין שרייבן. דער בוים ביים פֿענצטער איז געווען אַ ליבער סאָסנעבוים. אין מיין קינדהייט, אין פּוילישן דאָרף, פֿלעג איך זען אַ סך אַזעלכע סאָסנע־ביימער. זיין פֿריינטשאַפֿט צו מיר איז געווען גענוג קענטיק: ער פֿלעגט אַריינשטעלן אין אָפֿענעם פֿענ־צטער־ראַם פֿון מיין דירה זיינע וואַרעמע צווייגן ווי געטרייע הענט פֿון אַ נאָענטן מענטש.

עס טרעפֿט אַז איך קום אַהיים שפּעט ביינאַכט און איך זע אַז דער בוים האָט מיר אָוועקגעלעגט אויפֿן בעט אַ טייערע מתּנה: טונקל־גרינע בלעטער. אין פֿריען באַגינען: דער בוים וועקט מיך הימלעך אויף מיט האַרציקע פֿייגל־געזאַנגען. אין הערבסט: דער בוים פֿאַרטרויט מיר זיין שטילן אומעט. אין פֿרילינג: ער וועקט אויף אין מיר פֿרישע האָפֿנונגען. אין טריבע טעג און נעכט פֿון לאַנגן, שווערן ווינטער — דער בוים רעדט צו מיר אויף זיין אינטימען, כמעט מענטשלעכן לשון: „פֿאַרצווייפֿל נישט, גוטער ברודער! איך האָב דיך תּמיד איבזינען. איך טו תּפֿילה פֿאַר דיר דאָרטן וואו מען הערט מיך... דו האָסט אין מיר אַ געטרייען פֿריינט"...

איך ווייס באמת נישט ווי אַזוי איך וואָלט אויסגעהאַלטן די יסורים פֿון דער גרויסער ליבשאַפֿט אין מיין לעבן, פֿון דער ווייסטער איינזאַמקייט אין אַ נייעם לאַנד, פֿון מיין דעמאָלט ערנסטער שלאַפֿקייט, ווען איך וואָלט נישט האָבן געפֿונען קיין לייטישן טרייסט אין מיין גוטן פֿריינט, דעם מענטשלעכן סאָסנע־בוים.

איר דענקט אַוודאי אַז דאָס וואָס איך באַשרייב דאָ, איז אַן אויס־

געטראַכטע מעשה, אַז עס איז ריינע ליטעראַטור. אָבער, ליטעראַטור איז אמת. ווען איר וועט אַמאָל זיין אין אַן ענלעכער לאַגע ווי איך בין דע־מאָלט געווען, וועט איר אפשר אויך געפינען טרייסט אין אַ ליבן און האַרציקן בוים. בוימער קענען זיין געטרייע פריינט צו מענטשן. מען באַדאַרף נאָר וועלן פאַרשטיין זייער לשון, די שטילע, אידעלע שפּראַך פון זייערע געפילן. דער דיכטער באַמיט זיך צוצושטעלן וואַרעם און איב־טים זיין האַרץ און אויער צו דער קאָרע פונם בוים, ווי צו אַ לעבעדיקן באַשעפעניש. מען זאָגט אַז דוד המלך האָט וואויל געקענט דאָס לשון פון אַלע פויגל און חיות. מען מעג דאָס גלויבן.

דער בוים באַציִרט די גאַנצע ערד. ער איז ערלעך און געטריי צו די מענטשן. איך האָף אַז אויך די מענטשן וועלן זיין ערלעך און געטריי צו די בוימער. זיי וועלן נישט אומברענגען די בוימער דורך שרעקלעכע מלחמות, וואַלד־שרפות; דורך אַלערליי משוגענע פאַרברעכנס און געוואַלט־טאַטן.

— מענטש, ווייז אַרויס דרך־ארץ און ליבשאַפט צו די בוימער פון דיין לאַנד! — זאָגט אין מיר שטילערהייט אַ שטימע פון טיפער דאַנק־באַרקייט.

## דער פאַרכישופטער דעטעקטיוו

אין שכנות פון מיין מעבלירטן צימער ביים צענטראַל־פּאַרק האָט זיך איינמאָל אין אַ טאָג אַריינגעצויגן אַ אומגעווייגלעך־הויכער מאַן, אַ סאָרט עוג מלך הבשן. זיין מאָדנער וואוקס און אַטלעטיש געשטאַלט האָט געוועקט נייגיריקייט ביי די הויז־לאָקאַטאָרן. מיט וואָס אייגנטלעך פאַרנעמט זיך אַזאַ מין געהיימנישפולער מאַסטאָדאָן פון אַ פּאַרצייטישן מענטש? אַלעמען האָט טאַקע באַלד אינטריגירט זיין ביזאַרע פּראָפעסיע: מען איז גערלעך שנעל געוואויר געוואָרן אַז דער פאַרשוין איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ דעטעקטיוו.

אָבער עס ווייזט אויס אַז פונקט ווי אין דער ליטעראַטור, אָדער אין אַנדערע בראַנזשעס און מלאָכות, זיינען פאַראַן אַלערליי גראַדאַציעס: פון אַ גראַפאָמאַן ביז אַ גאון. דער דאָזיקער מיין דעטעקטיוו, וועלכן מיר וועלן אָנרופן מיסטער פּראַנקענשטיין, צוליב זיין איבערגעטריבענעם וואוקס, הגם ער האָט חלילה נישט אַרויסגעוויזן קיין שום ברוטאַליטעט, האָט אַוודאי געמוזט זיין אַ היפשער טויגעניכטס און שלימזל אין זיין פּראָפעסיע. אָבער ער האָט אויסגעזען צו זיין אַ ראָמאַנטיקער, אַן אַמאַטאָר. פשוטער גערעדט: עפּעס אַן איבערגעוואַקסן און אומעטיק קינד. איז דען אייגנטלעך נישט דער „ליטעראַרישער דעטעקטיוו" אַ סך אינטערעסאַנטער, פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, ווי דער אמתדיקער דעטעקטיוו? איז דען נישט דער נישט־רעאַליסטישער ריצערזש דאָן קיכאָט אַ סך שפּאַנענדיקער, דראַמאַטישער

און אויך פילפאַרביקער ווי זיין פּראָטאָטיפּ, דער פּאַקטישער ריטער פון די דעמאָלטיקע גרויס־מאַכטן שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, וואָס האָבן אין די ניי־אַנטדעקטע לענדער געשאָכטן די אינדיאַנערס? אַגב איז אונדזער כאַראַקטער טאַקע געווען מערקווירדיק ענלעך צום דאָזיקן באַרימטן העלד, וואָס האָט זיך אין זיין גאַנצן לעבן אָנגעלייענט מיט זעלטענע מעשיות וועגן אַלערליי ריצערזשעס און זייערע אַוואַנטיורעס. אויך אונדזער גיגאַנטישער דעטעק־טיוו איז געווען אַזאַ מין פאַרכּישופטער פון זיין אייגענער פּראָפעסיע. ער האָט זיך פּשוט אַריינראָמאַנטיזירט אין אויסגעטראַכטע געהיימנישן, וואָס האָבן צעהיצט זיינע געהירן.

מיסטער פראַנקענשטיין איז געווען אַ מילדער און פּאָטעטישער דעטעק־טיוו וואָס האָט אומעטום געזוכט פאַרברעכנס און פאַרשווערונגען. איינער וואָס האָט מיט זיין דווקא סעמיטיש־פּראָמינענטער נאָז דערשנאַפּט גע־פערלעכע ריחות אין אַלע פאַרדעכטיקטע ווינקלען פון מענטשלעכן לעבן. ער פלעגט ליגן אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג זיינער אויפן אייזער־נעם בעטל די מערסטע צייט פון מעת־לעת, מחמת ער איז תמיד געווען מיד און פאַרמאַטערט. זיינע לאַנגע פיס פלעגן אַראָפּסטאַרטשן פון בעטל, איבע־ריקע און אַרעסטירטע אין אומגעהויער־גרויסע קאָמאַשן וואָס זיינען נאָך דערצו געווען באַלאָדן מיט שווערע, אייזערנע טשוועקעס אויף די אויס־געריבענע און צעדרייטע פּאָדעשוועס. אָבער ווי נאָר ער פלעגט מיט זיינע דינע און ווי צום פּנים צוגעקלעפּטע, קינסטלעכע אויערן, דערהערן טריט אויף די קרומע און געדרייטע טרעפּ, פלעגט ער גיך אַראָפּלויפן פון גע־לעגער און עפענען אַ שפּעלטל אין דער טיר. מיט זיינע ברייט־פאַנאַנ־דערגעעפנטע, נאַרישע אויגענעס פלעגט ער שטרענג נאָכקוקן ווער אַזוינס עס גייט אויף די שטיגן. יעדער איינציקער איינוואוינער פון הויז איז פאַר אים געווען אַ פּאָטענציעלער פאַרברעכער. מען האָט געקענט וואויל באַמערקן ווי אומגעלומפּערט דער דעטעקטיוו קוקט נאָך זיינע באַשיידענע שכנים. ווי אַזוי ער פאַרשט אויס אויף אַ לעכערלעכן שטייגער די מענטשן אין אַלע זייערע טעטיקייטן, מישטיינס געזאָגט. די דאָזיקע טיפן זיינען אַגב געווען אָרעמע באַשעפענישן וואָס דאַנקען דעם רבונו של עולם ווען מען לאָזט זיי צורו. אויב אַרעמקייט, איינזאַמקייט און מאָנאָטאָניע זיינען פאַר־ברעכנס, זיינען זיי טאַקע געווען די סאַמע געפערלעכסטע און פולבלוטיקסטע פאַרברעכערס.

עס איז קיינעם נישט איינגעפאַלן צו פאַרדעכטיקן אַז מיסטער פראַנ־קענשטיין ליידט פון איין מין שלאַפקייט: ער ווערגט זיך ממש מיט זיין מוראדיקן אומעט. ער שטיקט זיך מיטן דיקן טרויער פון זיין לעבן. ער קעמפט, ווי די מערסטע מענטשן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, מיט אַ מאָנסטער וואָס טראָגט דער אוניווערסאַלן טיטול „לאַנגווייליקייט״.

די פרויען אין הויז זיינען געווען אויפגעבראַכט וואָס מיסטער פראַנ־

קענשטיין קוקט זיי נאָך אויף אַזאַ עקשנותדיקן און אומדיסקרעטן אופן. אַז ער פלעגט שוין אַמאָל מיט זיי פאַרפירן אַ שמועס איז ער אויך געווען מאָדנע און אומגעלומפּערט. מען האָט באַשיינפּערלעך געזען אַז כאָטש ער איז פיזיש איבערגעוואַקסן, און אפשר טאַקע צוליב דעם, ציטערט ער נעבעך שטאַרק אין דער אַנוועזנקייט פון אַ קלענער און גראַציעזער פרוי.

זיין אַקצענט איז געווען אַן אויסלענדישער. ער האָט גערעדט אַן ענגליש וואָס איז געווען אויסגעלערנט פון ווערטער־בוך. ער האָט אויך באַזעסן אייגנאַרטיקע מאַניערן. ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַלבאַנישער אָדער קאָרסיקאַנישער רויבער. אין זיינע גרויסע און טרויעריקע אויגן, געדיכט באַברעמטע, אַזוי געווען עפּעס אַ סודותדיקע בענקשאַפט. אפשר איז דאָס געווען אַ נאָסטאַלגיע נאָך דראַמע און פאַרברעכן? דער פּאַסיווער און ריזיקער דעטעקטיוו האָט אפשר געזוכט אַוואַנטיוריסטישע איבערלעבנישן.

אין אַלע ווינקעלעך פון זיין מעבלירטן צימער זיינען געווען אָנגעלעגט שטויביקע בערג מיט דעטעקטיוו־בראָשורן. ער האָט אין די געלע ביכ־לעך געלייענט און געלערנט טאָג און נאַכט ווי אַן אַלכעמיקער אין זיינע געהיימנישפולע פאָרמולעס. אַזוי ווי אַ שוישפּילער חזרט איבער זיין ראָלע ערב דעם אויפטריט אויף דער בינע און ער רעפּעטירט אומציילִיקע מאָל דיזעלביקע נאַקעטע ווערטער. דערביי פלעגט ער זיך זעלטן באַנוצן מיטן נאָרמאַלן עלעקטרישן ליכט פון הויז. נייערט ער האָט ליב געהאַט אָנצו־צינדן אַ חלבדיקן ליכטל וואָס איז געווען אַריינגעשטעלט אין אַן אייזערנעם לייכטערל. דער מכלומרשטער תלמיד פון באַרימטן קאָנאַן דאָיל פלעגט אַהיימברענגען די פּעקלעך מיט דעטעקטיוו־ליטעראַטור אָפּענערהייט, אַז קיינער זאָל טאַקע נישט מאַכן קיין טעות און געוויי באַמערקן וואָס פאַראַ סאָרט ביכלעך ער לייענט און פון וועלכע קוואַלן ער שעפּט זיין גייסטיקע יניקה.

וואָס אייגנטלעך האָט דער ביזאַרער דעטעקטיוו געפאָרשט? וועמען אין זיין לאַנגווייליקן אוניווערס האָט ער אַזוינס פלייסיק שפּיאָנירט? ביי וועלכע שוידערלעכע פאַרברעכנס האָט ער געפּרוּווט כאַפּן די שרעק־לעכע פאַרברעכערס? וועלכער נאַרישער דעטעקטיוו פאָרשט עס אויף אַזאַ מין אָפּענעם און אומבאַהאַלטענעם אופן זיינע אייגענע אָרעמע און לאַנג־וויילִיקע שכנים? האָט ער געזוכט זונות, אָפּיום־שקלאַפן, געלט־פעלשערס אָדער געוויינלעכע, נישטיקע גנבים? אפשר האָט ער שפּיאָנירט זיין איי־גענעם אומגעהויערן שאָטן, וואָס פלעגט אים גראָטעסק מעסיק באַגלייטן אויף דער גאַס אין דער איינזאַמער און קאַלטער נאַכט פון זיין לעבן?

איינמאָל אין אַ טאָג האָט געטראָפן אַז דער דעטעקטיוו איז אומפאָר־זיכטיק, מיט זיינע תמיד־צעשרויפטע נערוון, אַרויסגעגאַנגען פון זיין צימער און ער האָט פאַרגעסן מיטצונעמען דאָס מעשענע שליסעלע פון דער טיר.

דער שלאָס האָט זיך תּיכּף פֿאַרהאַקט. אַ דערשראָקענער, באַהערשט פֿון עפּעס אַ קינדערישן פּחד, איז ער פּלוצלונג אַריינגעפֿאַלן צו מיר און ער האָט געפּרואווט דווקא פֿון מײַן אָפֿענעם פֿענצטער אויס דערגרייכן אין זײַן אומגעלומפּערטקייט צו זײַן איינענעם פֿענצטער. נאָר מיט איין קליינעם באַדינג: אַז איך זאָל צוהאַלטן זײַנע לאַנגע, שווערע פֿיס, ווי די קלע־צער, אין זײַנע פֿאַרדאַרטע און פֿאַרשטויבטע קאָמאַשן, בשעת ער וועט זיך פּרוּוון דראַפּן איבער די גלייכע ווענט. איך האָב מורא געהאַט אים אָפּ־צוזאָגן די בקשה, ווײַל ער האָט שוין דעמאָלט פֿעסט געהאַלטן אין פֿאַרשן די געהיימנישפֿולע מעשים פֿון מײַן לעבן. אין דעם מאָמענט ווען ער האָט מיט זײַנע גרויסע הענט שוין געהאַלטן כּמעט אין דערגרייכן צו זײַן פֿענצ־טער, האָב איך אָבער פֿאַרלוירן די כּוחות און איך בין געווען געצוואונגען אָפּצולאָזן אויף הפֿקר זײַנע, ווי שטיקער אײַזן שווערע פֿיס. ער האָט נעבעך געטאָן אַ פֿלאַץ אַרונטער צו דער נאַסער, זומפּיקער ערד פֿון גאָרטן ווי יוסף פֿאַנדרע אין דער מעשה וואָס מײַן מאַמע פֿלעגט מיר דערציילן אין די גאָר־גרינע יאָרן פֿון מײַן קינדהייט. ער האָט זיך מוראדיק צעקלאַפּט די ביינער. ער איז געלעגן אויף דער ליימיקער ערד, צווישן די געלע קופּערס בלעטער, און ער האָט הילפֿלאָז געוויינט ווי אַ קליינטשיק קינד. דאָס איז געווען ווי אַ ספּאָנטאַנער אויסבראָך פֿון געוויין אויף זײַן גאַנצן נישט־געלונגענעם לעבן. אַוודאי האָט מײַן נישט־פֿאַרזיכטיקע האַנדלונג מיר ביטער באַנג געטאָן. עס איז פֿאַר מיר פּשוט געווען אונמעגלעך צו האַלטן פֿעסט אין מײַנע נערוועזע הענט די געוואַלטיקע משׂא פֿון זײַנע מאַסיווע פֿיס, אין די גרויסע, מיט אײַזערנע נעגל באַקאָוועטע שיך. ער האָט אַוודאי געמוזט וועגן עטלעכע פּוד. כאָטש איך האָב פֿונדעסטוועגן געהאַט אַ חשד אַז ער הונגערט דורך די מערסטע פֿון זײַנע מעת־לעתן.

פֿאַרשנדיק, ווי געזאָגט, מיט אַזאַ אומגעווײנלעכע נײַגיריקייט ספּעציעל די ווײַבלעכע לאָקאַטאָרן פֿון הויז, האָט מען געקענט באַמערקן ווי טיף מיסטער פֿראַנקענשטיין בענקט און ער גייט ממש אויס נאָך דעם גראַציעזן מין פֿרוי... עס איז פּשוט געווען אַ גאָט׳ס רחמנות אויפֿן דאָזיקן עלענטן מענטש. די טראַגעדיע איז באַשטאַנען אין זײַן נאַרישער איבערגעוואַקסנקייט און קינדערישקייט; אין זײַן נאַאיוויטעט און אומבאַהאָלפֿנקייט. ער האָט ווי געטראָגן אין זיך דעם אונטערגאַנג פֿון די פֿאַרמבולדיקע גיבורים; זייער אינערלעכן טויט־אורטייל אין די ביינער; זייער טראַגישן דורכפֿאַל אינם פּלאַן פֿון עוואָלוציע. ער האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַ טיפּ פֿון אַ דעטעקטיוו וועמענס אייגן לעבן איז געווען פֿאַר אַלעמענס אויגן אַזוי נאַקעט און אָפֿן, אַזוי אויסגעשפּראָכן און קינדיש־אויפֿריכטיק.

ווי דאָס רוב איינזאַמע מענער אין דער גרויסער שטאָט, האָט ער אַוודאי געזעטיקט זײַן געשלעכטלעכן הונגער מיט געקויפֿטער ליבע, הגם עס איז געווען קענטיק אַז ער שפּאָרט אָפּ די פּאָר אָרעמע טאָלער אויף

פאַרדעכטיקע פרויען פון זײַנע אויסגעהונגערטע און אויסגעטרוקנטע געדערים. אָפּטמאָל, שוין שפּעט אין דער נאַכט, האָט מען געקענט הערן אויף די טרעפּ די טריט פון דעם שווערן דעטעקטיוו, צוזאַמען מיט די ווײַבלעכלײַכטע, קאָקעטישע און גראַציעזע טריט פון אַ נעגעריש אָדער פּאָרטאָריקאַניש מיידל. ער פלעגט צו איר רעדן, אַזוי ווי יעדער סענטימענטאַלער מאַנסביל, מיט צאַרטע רייד און ער פלעגט זי קושן מיט הונגעריקע קושן נאָך ווײַבלעך גוף. אין אַ ווײַלע שפּעטער פלעגט שוין די פרעמדע פרוי גיך גיין איבער די קרומע טרעפּלעך און צוריק אַרײַנפאַלן אין אָפּגרונט פון דער פינצטערער נאַכט. איר גרינגער, ווײַבלעכער גאַנג אויפן שטיינערנעם טראָטואַר פון דער גאַס פלעגט אָנצינדן תאַוההדיקע געפילן ביי די תמיד שלאָפלאָזע, אַלטע בחורים אין די מעבלירטע צימערן. איר ריטמישער גאַנג פלעגט צערייצן די פאַנטאַזיע ביי די איינזאַמע מאַנסבילן אין די ענגע און דושנע חדרים. אין די אָפענע פענצטער־ראַמען פון די פאַרוואָרלאָזטע הייזער פלעגן דערשײַנען פּנימער פון די אייביק־אומרואיקע און שלאָפלאָזע מענטשן, כדי נאָכצוקוקן און נאָכצושפּיאָנירן דעם תאַוהדיקן גאַנג פון דער גאַסנפרוי, וואָס פלעגט מערסטנס האָבן אַ טונקעלן פּנים, ווי אָפּגעפאַרבט מיט נאַכט און טינט, און צווישן אירע געדרוזשטע ליפּן פלעגט געווײנלעך נערוועז ציטערן דאָס פינקלענדיקע פייערל פון אַ ציגאַרעט. לאַנג פלעגן גאַרנדיקע אויגן נאָכקוקן די שאַרמאַנטע און לוסטפולע באַוועגונגען פון איינער אַ פרוי אין דער נאַכט און נאָך לענגער פלעגט מען אײַנזאַפּן אין דער נשמה דעם ווײַבלעך־רייצנדיקן עכאָ פון דעם עראָטישן אָנקלאַפּן מיט אירע הויכע, דינע אָפּצאַסן אויפן שטיינערנעם טראָטואַר. ביז אַלץ פלעגט זיך ווידער אויסלעשן אין דער טיפער, נעפּלדיקער נאַכט. און בלויז דער גלעטנדיק־פרישער ווינט פלעגט נאָך אַרומפלאַטערן אין דער לופט מיט שטיקלעך פּאַרפיום־כוואַליעס פון אַ פרויס פייכטן און פאַרשוויצטן לײַב...

איך האָב, וואָס אַן אמת, אַרויסגעוויזן אַביסל מענטשלעכע סימפּאַטיע צו אים. אָבער אָנשטאָט צו אַקצעפּטירן מײַן געפיל פון רחמנות, האָט ער מיך געפּאָרשט פונקט אַזוי ערנסט ווי די אַנדערע לאָקאַטאָרן פון הויז, און אפשר מיט נאָך מער איפער. איינמאָל אין אַ טאָג האָט ער געוואַגט מיך צו באַשולדיקן אין ברוטאַלן מאָרד: ער האָט אין קאָרידאָר, אויפן פוסבאָדן, באַמערקט דיקע און טונקעלע טראָפּנס בלוט, וואָס האָבן דירעקט געפירט צו מײַן טיר. ער האָט מיך לאַנג און שטרענג אויסגעפרעגט פונוואַנען עס קומען די פאַרדעכטיקע בלוט־שפּורן. ער האָט געוואָלט וויסן ווער עס האָט מיך באַזוכט אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט אין מײַן צימער. כאָטש ער האָט מיר נישט געוויזן קיין שום פּאָליצייאישן אָדער דעטעקטיוו־צייכן, האָב איך אים גאַנץ פרײַנטלעך אָנגעוויזן אַז די אַזוי־גערופענע בלוטיקע טראָפּנס שטאַמען פון אַ האַלבן פונט קעלבערנע לעבער וואָס איך האָב זיך געהאַט אײַנגעקויפט ביים קצב און פון וועלכן דאָס טינט־פינצטערע

בלוט האָט נישט אויפגעהערט צו טריפן איפן גאַנצן וועג, אַזוי ווי דאָס אָרעמע קאַלב וואָלט נאָך אַלץ געהאַלטן אין בלוטיקן פון דער מוראדיקער שחיטה. מיין אויפריכטיקע דערקלערונג האָט מיסטער פראַנקענשטיינען טיף פאַרשעמט.

אויך האָט דער דעטעקטיוו נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס איך שרייב אַזוי פיל. צו וועמען אייגנטלעך שרייב איך אַזאַ אומענדלעך־לאַנגן בריוו? אפשר גאָר צום רבונו־של־עולם? ער האָט אַגב, און אפשר מיט רעכט אויך, אַנגענומען דעם פּראָצעס פון שרייבן ווי אַ סאָרט קאָמוניקאַציע מיט פינצ־טערע כּוחות. דאָס מין שרייבן האָט צו אים אויסגעזען צו זיין עפּעס אַ געהיימנישפולע קאָרעספּאָנדענץ מיט אומהיימלעכע שדים. אפשר גאָר אַזאַ מין פאַרבאָרגענער בריוו צום אומבאַוואוסטן. אָבער פּאָרט, און קאָנקרעט, צו וועמען אייגנטלעך אַדרעסיר איך מיינע „בריוו״? ווער איננם שטרענג־גע־שלאָסענעם אוניווערס ענטפערט מיר? ווער צאָלט אָפּ בכלל דעם מחבר פאַר די טאָג־טעגלעכע כּוח־הוצאות און טרערנפאַרטריף אויפן שניי־קלאָרן, ווירגינישן פּאַפּיר? צו וואָס שטיי איך אויף אַזוי אַנטשלאָסן, ווי איינער אַ שוואַרצער שאָטן, איננם גרויען און טומאַניקן באַגינען און וועק איך פּלוצ־לונג אויף די פאַרגליווערטע פינצטערניש פונם טינטער און איך ברענג אַרויס מיט דער ליפּ־קריצעניש פון דער פעדער מאָדנע אותיות פון אַ פאַרצייטישן אַלף־בית, וואָס שטעלן פאָר אין זייערע קרומע צייכנס עפּעס אַן אוראַלטע היסטאָריע פון פעלקער?

יאָ, דער דעטעקטיוו האָט מיך געפרעגט אַ סך מאָדנע שאלות פון מיסטישן, רעליגיעזן און פילאָסאָפישן כאַראַקטער, וואָס איך בין טאַקע, אין מיין הילפלאָזיקייט, נישט געווען ביכולת אים געענוי צו פאַרענטפערן, פונקט ווי די פאַנאַטישע בירגער פון אַטען זיינען קוים געווען אימשטאַנד צו ענטפערן אויף די ספינקסישע שאלות און רעטענישן פונם ציניש דענקער מיטן שאַרפן, קינבאַקישן פּנים פון אַ סאַטיר. וואָס לענגער איך טראַכט פון דעם ריזיקן דעטעקטיוו, אַלץ מעכטיקער און מאַגנענדיקער צייכנט און צייטיקט זיך אויס זיין געשטאַלט אין צייט און אין זכּרון.

ווער ווייסט, קלער איך זיך טיילמאָל, אפשר איז ער שוין גאָרנישט געווען אַזאַ נאַר ווי איך האָב אים חושד געווען צו זיין. אפשר איז ער געווען אַזאַ פילאָסאָפישער דעטעקטיוו ווי אַ שטייגער דאָקטאָר יאָהאַן פאַאוסט, וואָס האָט אויף אַ מאָדנעם און מאַגישן אופן געפאָרשט די איינ־וואוינער פונם נאַכטיקן קאָסמאָס? וואָס האָט געהיימנישפול נאָכגעקוקט די מעשים פון מאַן און ווייב אונטער גאָט׳ס גרויסע שטערן?

ווען דער דעטעקטיוו איז איינמאָל אין אַ נאַכט פאַרשוואונדן געוואָרן פון זיין חדרל, שולדיק בלייבנדיק פאַר עטלעכע חדשים דירה־געלט, האָט מיך די אירלענדישע באַלעבאָסטע אַריינגערופן צו זיך אין קעלער־שטוב, וואו זי האָט געוואוינט צוזאַמען מיט אירע זיבן פעך־שוואַרצע קעץ. זי

האָט מיר געוויזן אַ קליינטשיק ספרל וואָס זי האָט געפונען אין דעטעק־טיווס צימערל, פאַרבאָרגן אונטערן קישן ווי אַ טייערן אוצר.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה־ביכל? אין וואָספאַראַ מאָדנעם און מיסטעריעזן לשון? — האָט זי מיך געפרעגט.

איך האָב געעפנט און אויפגעמישט דאָס זיידענע ספרל. איך האָב שטילערהייט געלייענט די הערלעכע פּראָזע פון דוד המלך׳ס גראַנדיעזן תּהלים, אין לשון קודשדיקן אָריגינאַל, פאַרשטייט זיך. ערשט אַצינד איז מיר קלאָר געוואָרן: דער אָרעמער און אַמאַטאָרישער דעטעקטיוו איז גאָר געווען אַ איד. איך וואָלט אַזאַ זאַך קיינמאָל פריער נישט געוועזן פאַרדעכ־טיקט. איצט איז ער צו מיר עפּעס טייערער און ליבער געוואָרן. טרערן האָבן מיך גענומען שטיקן אין האַלדז. וואו איז ער? הלוואַי קומט ער צוריק צו מיר אין איינעם אַ טאָג. איך וואָלט דאָך אַזוי גערן פאַר אים באַצאָלט די פּאָר חדשים דירה־געלט וואָס ער איז שולדיק געבליבן צו דער באַ־לעבאָסטע.

אָבער, דער טרויעריקער דעטעקטיוו איז שוין מער קיינמאָל נישט צוריקגעקומען. איך האָב נאָך אים שטאַרק געבענקט. טאָקע צוליב מיין בענקשאַפט האָב איך אין אַן אומעטיקן אָוונט אַנגעשריבן די דאָזיקע דער־ציילונג און איך האָב אים מיט אַזאַ נאָסטאַלגיע איינגעלאַדן אַלס אַ כאַראַק־טער אין מיינע באַשיידענע פּראָזע־שורות...

---

## אין צענטראַל־פּאַרק

אין סאַמע לעצטן טאָג פון שענסטן פון אַלע חדשים, אין אָקטאָבער, בין איך צוגעגאַנגען צום היגן צענטראַל־פּאַרק, אַרום דער געגנט פון דער רייכער פינפטער עוועניו. עס איז געווען אַ ווינטיקער טאָג. די זון איז געשטאַנען אינמיטן הימל ווי אַ רויטער, קופּערנער גלאָק. אומבאַשרייבלעך־שיין זיינען תּמיד און אומעטום אויף דער וועלט די לעצטע לירישע טעג פון חודש אָקטאָבער. די נאַטור שפּרייט אויס בונטע קאָבריצן מיט הערבס־טיקע פאַרבן, נאָך נאַסע פון דעם געטלעכן מאָלערס הייס־טריפנדיקע פענדז־לען. יעדער איינציק בלעטל וואָס פאַלט פון די געשמידטע, קופּערנע בוימער איז אַ געדיכט־באַשריבענער בריוו פון איין בוים צום אַנדערן. ביי איינעם פון די פּאַרק־לאַנדשאַפטן איז געשטאַנען אַ מאָלער, דין אין געשטאַלט, און ער האָט זיך געריבן זיינע קאַלטע, בלויע הענט, פּרוּוונדיק מאָלן די לאַנדשאַפט, כאָטש גאָט׳ס אָריגינאַל איז געווען שיין גענוג. דער ווינט האָט אָנגעיאָגט מיט גרויס אימפּעט גאַנצע בערג מיט צעבראָכענע בלעטער אויפן קינסטלער און אויף זיין הילצערנעם געשטעל. דאָס וואַסערל וואָס ער האָט פּרובירט צו מאָלן, האָט געהאַט דעם בלייכן קאָליר פון צין אָדער פון געוויסע אומבאַשטימטע אַלומיניום־קאָלירן אין בין־השמשות. ווען

די זון האָט ווידער לייטזעליק אויפגעשטראַלט פון די צעטומלטע וואָלקנס אָפּער, האָט דאָס זעלבע וואַסערל געקראָגן אַ העלן קאָליר ווי פון ערשט־אויסגעמאָלקענע, שוימיקע מילך. איך האָב געהאַט אַ געפיל אַז איך וואָלט אימשטאַנד געווען דאָס פּאַרגליווערטע וואַסערל אַריינצולעגן אין קעשענע און עס אַהיימצוטראָגן. —

אַזוי שטילערהייט און איינזאַם שפּאַצירנדיק בין איך פּלוצלינג געשטאַנען ביי דער סטאַטוע פון אונדזער גרויסן קאָלעגע וויליאַם שעקספּיר. ער שטייט זיך רואיק אויפן פּיעדעסטאַל אַזאַ מין יינגער, ווי אַן ענגלישער נאָבלמאַן, אַ זיכערער מיט דער צוקונפט פון דער בריטישער אימפּעריע. עפּעס איז עס אַ צו לייטיש־אויסזעענדיקער, זאַטער און זעלבסט־צעפרידענער שעקספּיר, אין שאַרפן קאָנטראַסט צו זיינע כאַראַקטערן, וואָס זיינען הונגעריקע ווי שטורעמס און אָנגעצונדענע מיט צאָרן און ליידנשאַפט ווי בליצן. אפשר איז עס גיכער דער אַקטיאָר שעקספּיר ווי דער דראַמאַטורג מיט דער טיטאַנישער ענערגיע. וואָרים לויט מיין קאָנצעפּציע וואָלט דער דראַמאַטורג שעקספּיר געדאַרפט אויסזען וויניקסטנס ווי לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, מיט אַ טיפן פינצטער־צעאַקערטן שטערן, וואָס זיינע דערהויבענע מחשבות האָבן אין אים אויסגעשניטן און וואָס זיינע יסורים און וועלט־פאַרשונגען האָבן אויסגעגעסן אין זיין געביין און נשמה. שעקספּיר וואָלט באַדאַרפט האָבן אַ מער עלטערן, ערנסטן אויסזען. דאָס פּנים פון מענטשלעך־באַצווינגענדיקער גאונות און דער טיפזיניקער קאָמענטאַטאָר פון די שיקזאַלן פון אַ בעטלער ביז אַ צעזאָר קען מען זיך נישט פאָרשטעלן אַזוי רואיק, זאַט און זעלבסטקליקלעך.

פון אונטן פון אַ סטאַטוע לייען איך תמיד די דאַטע ווען דער מאָנומענט איז געשטעלט געוואָרן. זע איך אַז צום דריי הונדערטסטן געבורטסטאָג פון שעקספּירן האָט מען אויפגעשטעלט דעם דענקמאָל, דאָס הייסט אין יאָר 1864. גענוי אין זעלבן יאָר, לויט איר צאַרישן פּאַספּאָרט, איז מיין גאָט־זעליקע מאַמע געבוירן געוואָרן. מיט אַ יאָר פריער איז מיין טאַטע בלויז אַלט געווען איין און איינציק יאָר.

וואָס פאַר אַ שייכות דאָס האָט צום מייסטער שעקספּיר, איז מיר נישט גענוי קלאָר. —

עס שפּאַצירן זיך אַרום אין דער רחבותדיקער אַלייע איינזאַמע פּרויען און מענער. יעדער שטאָטישער פּאַרק האָט זיך זיינע באַהעמען און איבּוואַלידן; זיינע אייביקע שטאַם־און סתם־געסט. ווען עס קומט אָן פון ליבן הימל דער טינט־בלויער אָוונט, גייט יעדער איינציקער מענטש שפּאַצירן אַהיים צו זיין פּאַלאַץ אָדער צו זיין נידעריקער, היגטישער בודע, ערגעץ אין אַ ווילגאַטנעם קעלער צי אין אַ ווייס־געקאַלכטער מאַנסאַרדע, נאָענט צו דער אָנגעצונדענער קאַנדעלאַברע פון גאָט'ס לויכטנדיקע און שטילע שטערנס.

בלויז די שטיינערנע דענקמעלער בלייבן דאָ איבער אויף אייביקע צייטן צו שטיין שווייגנדיקע. איך האָב טאַקע גאָרנישט געוואוסט אַז דער פּאָעט ראָבערט בוירנס האָט דאָ אַזאַ מין מאַסיוון און אימפּרעסיוון דענקמאָל. איך דערפרײ זיך פּשוט וואָס איך האָב דאָ אויף מיין איינזאַמען, שטילן שפּאַציר אָנגעטראָפן אויף אַ קאָלעגע, כאָטש ער איז פון לויטער גראַניט. (זיינען דאָך אַ צאָל לעבעדיקע קאָלעגן אויך נישט פון קיין ווייכערן מאַ־טעריאַל). אַוודאי איז אויך וויליאַם שעקספּיר נישט קיין קליינער אָדער קנאַפּער קאָלעגע. אָבער שעקספּיר איז טאַקע אַביסל צו גראַנדיעז פאַר מיין ווייניקייט. יעדנפאַלס, „היימיש" איז שווער מיט אים צו זיין. דאַקעגן מיט ראָבערט בוירנס, דעם סקאָטישן „פּויערישן באַרד", דערלויב איך זיך אַ קאַפּעטשקע צו חברן. עפּעס איז ער צו מיר נאָענטער דורך זיין אָרעמקייט און ליבשאַפט צום ביטערן טראָפּן. עס איז טאַקע אמת אויך: ראָבערט בוירנס זעט מיך אַפילו נישט אָן. וואָרים זיין מעכטיקער קאָפּ איז ברייט אויפגע־ריסן צום הימל. ער קוקט עפּעס שיכורערהייט אַריין אין דער הימלישער שטערן־קאָנסטעלאַציע ווי אַ וויסנשאַפטמאַן. די אויגן זיינען ביי אים פאַריסן צום פאַרוואָלקענטן הימל. מסתמא איז דאָס אַ סאָרט פּאָעטישע פּאָזע, אין וואָס מען קען דעם דיכטער, מיר דאַכט, ווייניק באַשולדיקן. אָבער גיכער פּאַסט די דאָזיקע פּאָזע פאַר אַן אַסטראָנאָם. צום ביישפּיל: צו סער אייזאַק ניוטאָן אָדער צום פיזיקער אַלבערט איינשטיין. אַוודאי איז אַן גרויסער דיכ־טער אויך אַן אַסטראָנאָם און פילאָזאָף. דאָך, בוירנס געהערט צו זיין פאָלק, צו די פּשוטע פּויערים פון פעלד, צום פאָלקלאָר און צום ווינשענק מיט פריינטלעכע מיידלעך. ער איז געשטאַנען נאָענט צו דער ערד. ער איז געווען אַ ברודער צו די אָרעמע און אַ חבר צו די ליידנדיקע. זיין ליד איז אַן עכט פאָלקס־ליד, פאַרברידערט מיט אייגענע יסורים און טרערן. דער טעם, אַגב, פון קאַרליילס שיינער עסיי וועגן ראָבערט בוירנס פיל איך נאָך איצט אויפן גומען, טראָצדעם וואָס איך האָב עס געלייענט מיט אַ פערציק יאָר צוריק. —

אַוודאי, איך בין זיך אויפריכטיק מודה, איז פאַר מיר אַן אמתע איבער־ראַשונג צו שטיין נעבן דער סטאַטוע פון וואָלטער סקאָט. הגם מיטן דאָזיקן ראָמאַנטישן און היסטאָרישן ראָמאַניסט בין איך דווקא נישט „פּער דו". אים אָנצורופן „קאָלעגע", פיל איך, וואָלט ממש זיין אַ פאַרשוועכונג. אַגב האָב איך דורך מיין גאַנצן לעבן, אין וועלכן איך האָב אפשר אַריינגעלייענט, דענק איך, אַ סך אַ גרעסערע ביבליאָטעק ווי די פון פאַרצייטישן אַלעקסאַנדרי'ע, נישט געלייענט קיין איינציקן ראָמאַן פון דעם געערטן מחבר וואָלטער סקאָט. אַלץ וואָס איך ווייס פון אים, איז פון געאָרג בראַנדעס'ס אַ בייכיקן וואָלום „די געשיכטע פון דער ליטעראַטור פון ניינצעטן יאָרהונדערט". דאָך אינטע־רעסירט מיך דער דאָזיקער באַרימטער שריפטשטעלער פון דער ענגלישער, היסטאָרישער נאָוועלע. אין זיין פילשעפערישקייט האָט ער אַן ענלעכקייט

צו באַלזאַקן. אויך סקאָט האָט רחבותדיק אַזוי פיל געשריבן, ממש ווי אַ שטורעם, כדי אָפּצוצאָלן זיינע חובות. אַגב האָט דער טונקעלער דעמאָן דאָסטאָיעווסקי געשאַפן אונטער ענלעכע אומשטענדן. די וועלט באַדויערט יענע גרויסע נאָוועליסטן וואָס זיינען געטריבן געוואָרן צום מאַסנווייזן פּראָדוצירן פון זייערע ווערק אונטערן דרוק פון חובות און אַ דאַנק די ריזיקע אַוואַנסן פון פאַרלעגערס. אָבער מיר טראַכטן: הלוואַי וואָלט אַ אידישער מחבר געקראָגן קלענערע אָדער גרעסערע אַוואַנסן פאַר זיינע צוקונפטיקע ווערק און הלוואַי וואָלט ער געהאַט ענלעכע פריינט, גרייט אים צו באָרגן געלט אויפן חשבון פון זיין שרייבערישן ווערקשטאַדט.

— מיט וואָס, אייגנטלעך, דערפרייט דיך אַ דענקמאָל? — פרעג איך זיך אַליין, בשעת די חנעוודיקע, אַש־בלויע און וואַרעמע טויבן קלייבן זיך אָן אַרום מיר, אַרום מיינע פיס.

— ווייל דו פילסט עפּעס די אָנוועזנקייט פון דעם גרויסן מענטש זעלבסט. זיין פיזישע ענלעכקייט, הגם פאַרקערפּערט אין גראַניט אָדער מאַרמאָרשטיין, שענקט דיר די אילוזיע פון דעם מין מענטש וואָס האָט געלעבט זיין לעבן פאַר אַנדערע מענטשן. זיין אימפּאָזאַנט געשטאַלט מאַכט דיך צו טראַכטן וועגן דעם באַטרעפנדיקן שעפער און זיין ווערק. ווייזט אויס אַז די פאַרצייטישע געצנדינער האָבן אויך אין זעלבן זין געדינט צו זייערע געצן. סוף כל סוף האָבן זיי דאָך וואויל פאַרשטאַנען אַז שטערבלעכע מענטשן, כאָטש טאַלאַנטפולע, האָבן מיט זייערע אייגענע הענט געקנאָטן, געהאַקט און געהאַמערט די דאָזיקע שטומע גולמס. און אַז נישט די גולמס האָבן געשאַפן די הענט, די לייבער און נשמות פון די מענטשן. אָבער די געצן האָבן דער־מאָנט אין געטער; אין קאָסמישע כוחות און נאַטור־עלעמענטן. ווען מיר שטייען פאַר אַ געוואַלטיקער אָדער אַן אידילישער נאַטור־דערשיינונג, ווערן מיר דאָך אויך תמיד גערירט פון דעם געדאַנק פון דעם קאָסמישן מחבר וואָס האָט געשאַפן די דאָזיקע דערשיינונג אָדער לאַנדשאַפט. יאָ, די דענקמעלער פון העלדישע און באַרימטע לייט פון גייסט און הומאַניזם, פון וואונדערלעכע מעשים לטובת דער מענטשהייט, דערמאָנען אונדז אַז אויך מיר האָבן פליכטן בנוגע די אומגליקלעכע און ליידנדיקע מענטשן. אונדזער גייסט לייטערט זיך אַביסל אויס. —

איך באַטראַכט לאַנג די סטאַטוע פון קאָלאָמבוס. ער האַלט אין דער רעכטער האַנט אַ גרויסן צלם. עס זעט אויס ווי ער וואָלט פרואוון ברענגען דעם צלם צו דער נייער וועלט. לויט דער געשיכטע איז טאַקע קאָלאָמבוס געווען אַ טיף־רעליגיעזער מענטש. פונדעסטוועגן שאָקירט דער צלם אין זיינע הענט. דער מיסטיקער און רעליגיעז־עקזאַלטירטער קאָלאָמבוס האָט דאָך, לויט וויכטיקע דאָקומענטן, אָפּגעשטאַמט פון אידן. מיר געפעלט נישט, איך בין זיך מודה, אַ גרויסער צלם אין דער האַנט פון איינעם וואָס האָט געקענט זיין אַ איד. עס איז אַגב נישט דווקא דער צלם וואָס האָט גרויס

געמאַכט אַמעריקע אין דער וועלט־געשיכטע, נייערט עס איז איר פּאַקל פון טאָלעראַנץ צו אַלע רעליגיעס, דאָקטרינעס און צו פרייהייט פון געדאַנק בכלל. עס איז איר פּראָמעטייאישע שנאה צו טיראַנען און איר געוואַלטיקער אימפּעט צו אַרבעט און שאַפונג. עס איז גאָר דאָס פּאַרקערטע פונם קריסט־לעכן צלם, וואָס האָט תמיד טויטלעך פיינט געהאַט טאָלעראַנץ און די פריי־הייט פון מחשבה. די דאָזיקע נאָבעלע אייגנשאַפטן פון דעם מענטשלעכן כאַראַקטער האָבן גאָר געבראַכט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי שפּינאָזאַ, גאַליליי, דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, רוסאָ, וואָלטער און, נאָך פריער, דער תנ״ך, אונדזערע עקשנותדיקע נביאים.

אַגב, אַז מיר דערמאָנען שוין וואָלטערן, איז ווערט צו פאַרצייכנען זיינס אַ לייטישע מחשבה וואָס איך האָב לעצטנס געלייענט אין אַ בוך פון געשיכ־טע. וואָלטער רעדט וועגן דער באַדייטונג פאַר דער וועלט פון סער אייזאַק ניוטאָן:

„עס איז צו אים וואָס מייסטערט, אָדער באַהערשט, אונדזער געדאַנקען־גאַנג מיט דער קראַפט פון אמת: נישט צו יענע וואָס פאַרשקלאַפן דעם מענטש מיט געוואַלט. עס איז צו אים וואָס פאַרשטייט דעם אוניווערס; נישט צו די וואָס פאַרקריפּלען אים, צו וועמען מיר שענקען אונדזער באַ־וואונדערונג, אָדער רעספּעקט״.

גרויסע רייד און אויך גאַנץ אַקטועלע אין אונדזער צייט און דור. רייד אַגב פון אַן אַנטיסעמיט, שפּעקולאַנט און גלייכצייטיק אויך פון איינעם וואָס האָט מיט זיין ראַציאָנאַליסטישן, רעוואָלוציאָנערן גייסט באַהערשט און גע־געבן דעם הויפּט־טאָן צו דער קולטור און פּאָליטיק פון אומרואיקן אַכט־צענטן יאָרהונדערט. הגם איך בין נישט אינגאַנצן זיכער צי וואָלט וואָלטער, ווען ער וואָלט געלעבט גענוג לאַנג צו זען דעם אויסבראָך פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דעם רעזולטאַט פון זיין גייסטיקן ווערק, זי אויך באַגריסט. מיר דאַכט זיך אַז ער וואָלט זי גיכער פאַראורטיילט. רוסאָ וואָלט עס אפשר אויך אַזוי געטאָן, ווייל די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסער און גרויזאַמער יאַטקע פון אומגע־בראַכטע מענטשן. —

אַזוי אַרומשפּאַצירנדיק אין דער גאָלדענער מלוכה פון חודש אָקטאָבער, האָב איך ווידער פאַרבלאָנדזשעט צו די אַלטמאָדישע דאָראָשקעס מיט די פאַרצייטישע פורמאַנעס אויף צענטראַל־פּאַרק. אין זייערע הויכע און גלאַנ־ציקע צילינדערס, אַזוי ווי אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן, און אין זייערע לאַנגע, טונקעלע מאַנטלען, זען זיי אויס ענלעך צו באַגרעבערס. (אַגב איז נישט פאַראַן קיין צו גרויסע סתירה צווישן דיפּלאָמאַטן און קברנים, איבער־הויפּט ווען מען קוקט אַריין אין דאָמיעס קאַריקאַטורן.) אפשר זיינען זיי טאַקע די באַגרעבערס פון צייט; פון די מנהגים פון פאַרצייטנס. ווייניקסטנס דערמאָנען זיי מיך אין דער לוויה פון נייינצענטן יאָרהונדערט. וואָרים

עס איז נאָך קיינמאָל אין דער געשיכטע, מיר דאַכט זיך, נישט געווען אַזוי שאַרף דער שניט אויף דער גרענעץ צווישן דער אַלטער און נייער צייט ווי אין אונדזערע טעג, בשעת עס קומט פאָר דער איבערגאַנג צו דער אַטאָמישער עפּאָכע און מענטש עפנט ברייט אויף זיינען אַמביציעס צו דעראָבערן דעם אוניווערס. —

איך האָב מיט גרויס נייגעריקייט, און איך וואָלט אויך צוגעגעבן: מיט הונגער און דאָרשט נאָך דער פאַרגאַנגענער צייט, באַטראַכט צוויי קאַ־רעטעס. אייגנטלעך צוויי קליינע און ענגלעכע וועגעלעך, וואַרשיינלעך מיט וויניק פרישע לופט אינעווייניק, מיט צוויי רייען שמאָלע זיצפּלעצער פאַר בלויז פיר פּערזאָנען אויף ביידע געזעסן. אינטערעסאַנט זיינען די צוויי אָרעמע לאַמטערנס פון ביידע זייטן פון דער קאַרעטע, וואָס וואַרפן אַ גענוג קאַרגן ליכט אויף די נאַכטיקע גאַסן. די דינע בייטש איז הויך אַריינ־געשטעקט אין אַ ספּעציעלע קעשענע. ווען מען לייענט היסטאָרישע ראָ־מאַנען, אַ שטייגער פון ביידע דיומאַס, צי פון דעם שוין־דערמאָנטן וואַלטער סקאָט אָדער פון דע־באַלזאַק, טראַכט מען ווי אַזוי עס זיינען אין ענלעכע קאַרעטעס געפאָרן די באַרימטע כאַראַקטערן פון די גרויסע נאָוועלן. אָט לייען איך אין קאַזאַנאָוואַס פּאָפּולערע מעמואַרן ווי אַזוי ער האָט כסדר געדונגען און אַפילו געקויפט קאַרעטעס מיט פערד און אַזוי אַרום געפאָרן איבער גאַנץ אייראָפּע, אַזש ביז וואַרשע און סט. פּעטערסבורג, שמועסנדיק מיט פרידריך דעם גרויסן, מיט דער צאַריצע יעקאַטערינאַ די צווייטע און מיטן פּוילישן קעניג סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי, און אויך מיט מענער ווי וואָלטער, רוסאָ און קאַליאָסטראָ. דערצו פלעגט קאַזאַנאָוואַ נאָך מיטנעמען פאַרשידענע פריינט, באַזונדערס פרויען, מעטרעסעס, פּראָסטיטוטקעס, און אויך באַדינערס. אָפטמאָל פלעגט מען אין אַזעלכע קאַרעטעס פאָרן וואָכנלאַנג דורך ביטערע וועטערן. ווי געזאָגט, קאַזאַנאָוואַ אַליין האָט אָנגעשפּאַרט וואו נאָר אַ שטאָט אין אייראָפּע, וואו ער האָט געהאַט אַ שאַנס צו געמבלען, צו באָרגן געלט און צו פאַרפירן פרויען. סטעפאַן צווייג באַשרייבט העכסט־דראַמאַטיש ווי אַזוי באַלזאַק איז נעבעך געפאָרן דורך שניי, דורך די באַ־רימטע רוסישע פרעסט און ביטערע קעלטן קיין בערדיטשעוו, כדי צו זען זיין געליבטע, גרעפין דע האַנסקאַ, מיט וועמען ער האָט נאָך דער חתונה געלעבט בלויז איין יאָר צוזאַמען, שטאַרבנדיק פּאַקטיש פון אויסשעפּונג.

אָבער איצט זען צו מיר די קאַרעטעס עפּעס אויס צו זיין אויסטערליש קליין. אפשר מאך איך אַ טעות: נאָר מיר דאַכט זיך אַז די קאַרעטעס וואָס איך פלעג זען קליינערהייט אין פּוילן, אין וועלכע עס פלעגן פאָרן פירשטן און כראַביעס, זיינען געווען אַ סך גרעסער, אימפּאָזאַנטער און ראָמאַנטישער.

אויך די היימישע דראָשקעס זיינען עפּעס שוואַכע און צעברעכלעכע. די פלעצער אויף אַרויפצוטרעטן ביים איינשטייגן, זיינען געמאַכט פון דינע,

אָפּגעריבענע בלעך. איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס שוואַכע שטיקל בלעך האַלט אויס די לאַסט פונם פּאַסאַזשירס פּיס. די רויטע רעדער זיינען שוין פיל מאָל איבערגעפאַרבט געוואָרן. בכלל זעט מיר עפּעס אַציגד אויס די דראָשקע שטאַרק נעבעכדיק און פאַרצייטיש. אפשר זיינען טאַקע די אַמאָליקע פּאַסאַזשירן געווען ווייניקער פעט.

ביי איינעם פון די בעל־עגלות פרעג איך זיך:

— קענט איר מיר זאָגן צי זיינען די דאָזיקע דראָשקעס טאַקע אַנ־טיקישנע, אָדער צי מאַכט מען זיי ספּעציעל אין אונדזערע טעג?

— יאָ, מיסטער, זיי זיינען אַנטיקישנע! — זאָגט דער פורמאַן, אין אַ שוואַרצן שטייפן צילינדער אויפן קאָפּ. — נאָר דער קאָוואַל וואָס קלאַפּט אָן די פּאָדקאָוועס אויף די פערדישע רגלים, מייסטרעוועט כסדר די דראָש־קעס און ער פאַרפעסטיקט זיי. ער לעגט אַרויף אויף זייערע באַזונדערע גלידער אייזערנע לאַטעס. ער קלאַפּט אַריין טשוועקעס אינם צעפוילטן האָלץ. ער פאַריכט די רעדער. ער פאַרבט איבער די פאַרשידענע טיילן פון דער דראָשקע. אויב ער וואָלט דאָס נישט געטאָן, וואָלט זיך די דראָשקע צעפאַלן אין אַ גאָר קורצער צייט.

— ווען אַ שטייגער איז מען נאָך געפאָרן אין ניו־יאָרק מיט דראָש־קעס? — פרעג איך.

— מיט אַרום אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק האָט מען די דראָשקעס נאָך גאַנץ געשמאַק באַנוצט אויף די גאַסן פון אונדזער שטאָט.

די פערד זיינען אַלטע, מידע, אָבער קלוגע און פריינטלעכע. אַז איך דערזע אַ היימיש פערד פאַר די אויגן, ווער איך טיף גערירט. קיין שום חיה, דעם אמת געזאָגט, רירט מיך נישט אַזוי שטאַרק ווי אַזאַ געטריי, קופּערדיק־ברוין און ממש מענטשלעך פערד. איך ווער סענטימענטאַל גע־שטימט ביים אָנבליק פון אַ פשוט פערד.

דאָס פערדישע מיסט זעט אויס ווי אַלט־גאָלד. עס גייט אויף אַזאַ קרעפּ־טיקער ריח פון דעם קערנדיקן מיסט. די פערד אַליין שמעקן אויך מיט אַ ריח וואָס דערמאָנט דיך אין פּוילישן דאָרף. עס טראָגט מיך אַוועק צו די זכרונות פון דער היימישער שטאַל וואו עס פלעגן שטיין מיין טאַטנס טייערע פערד. אַ טייל פערד דאָ האָבן איבער זייערע מאָרדעס ווייסע, קלאָרע פּאַסן, אַזוי ווייס ווי ערשט־געמאָלקענע מילך אָדער ווי נאָרוואָס־געפאַלענער שניי. (דער לייענער זאָל מיר מוחל זיין די שוין געניצטע פאַרגלייכונגען. עס זיינען אָבער פאַראַן מעטאַפאָרן וואָס, וויפיל מאָל מען זאָל זיי נישט באַנוצן, זיינען זיי פונדעסטוועגן נאָך היפשלעך פרישע.) יאָ, איך חזר אי־בער: עס שמעקט פון די גוטע פערד מיטן היימישן ריח פון שטאַל, פון פייכטן היי, פון דער הייסער יורין וואָס גיסט זיך פון די פערד גרין און געדיכט, מיט דער צייטיקייט פון אַ רעגן וואָס פאַלט פלוצלינג אַראָפּ פון אַ פריינטלעכן וואָלקן אינמיטן זומערדיקן טאָג אויף אַ גרין פעלד. אָבער

איך באַמערק דאָך, ווי שוין דערמאָנט, אַז די פערד זיינען היפשלעך מידע און אויך מרה־שחורהדיקע. (בכלל טראָגט יעדער חיה עפּעס אַ שטילקייט און אַן איינזאַמקייט אין די ביינער; אַן איינגעבוירענע לאַנגווייליקייט און רעזערווירטקייט).

— פאַרוואָס זיינען ביי אייך די פערד אַזעלכע מידע אַזוי ווי זיי וואָלטן זיין אויסגעטועטע און אָפּגעשוואַכטע פון זייערע כּוחות אין לעבנס־פריידן?

דער פורמאַן, אַ דייטש, מיט אַן אומנאַטירלעך בלאַסן, קראַנקן פּנים, אַ הויכער און שלאַנקער, האָט מיך עפּעס מאָדנע דערמאָנט אין רוסישן פילם „אַלעקסאַנדער נעווסקי", פון סערגיי אייזענשטיין; אין די גערמאַנישע ריטערס, די טייטאָנישע רוצחים, וואָס רייטן מיט גלייכגילטיקע, טויטע פּנימער צו דער שלאַכט. דער דאָזיקער דייטשער, קאַלט בלוטיקער פורמאַן האָט צו מיר אויסגעזען צו זיין גאָרנישט קיין לעבעדיקער מענטש. אַזאַ מין סקעלעט מיט אַ לאַנגע, אייזערנע שווערט אונטערן מאַנטל קען אומברענגען מאַסן מענטשן, ווייל ער אַליין לעבט נישט וואָרם און סענטימענטאַל און ער האָט נישט קיין שום באַציאונג צום מענטשלעכן לעבן. ער איז בלויז קאַלטער, אַכזריותדיקער באַפעל פון גענעראַל מלאך המות. ער איז דעם טויטס געטרייער, בלינדער קנעכט. דער פורמאַן רעדט דייטש און מיר דאַכט זיך אַז ער באַרימט זיך נאָך מיט זיין גערמאַנישער גרויזאַמקייט צו אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט. ער זאָגט מיר אַגב:

— מיר קויפן נישט קיין יונגע פערד. זיי טוען ביי אונדז סיי ווי זייער ווייניק אַרבעט. ווען די פערד וואָלטן זיין באַוואוסטזיניק ווי שטאַרק זיי זיינען באמת, וואָלטן זיי נישט אַזוי קנעכטיש און געטריי געדינט צום מענטש, צו זייער האַר. —

איך באַמערק אַז די פערד פאַרשטייען ממש יעדעס וואָרט פון די פורמאַנעס. עס גענוגט בלויז אַן איינציק וואָרט פונם פורמאַן און דאָס פערד שטייט שוין אין אַנגסט, אין הוילער ציטערניש פאַר זיין הער און האַר. איבערהויפּט זע איך ווי דאָס פערד האָט מורא פאַר זיין שטרענגען, קאַלטן הערשער. ער האָט געגעבן באַפעלן צום פערד ווי אַ דייטשער פעלדמאַרשאַל צו זיינע סאָלדאַטסקע קנעכט.

יעדער סאָרט חיה באַזיצט עפּעס אַ טיפע אויפריכטיקייט פונם מין מענטש און איז גרייט צו שטעקן זיין שטילן, הכנעהדיקן קאָפּ אין דיין צערטלענדיקער האַנט, ווי אַ געהאָרכזאַמע פרוי וואָס האָט דיך ליב. אָבער די סאַמע ערלעכסטע, געטרייעסטע און אויפריכטיקסטע באַשעפענישן, מיר דאַכט זיך, זיינען פערד. זיי האָבן עפּעס די טיפע פּשטות פון לויטערע, אויפריכטיקע מענטשן. —

ווי אַ גרויסע, אָבער נישטיקע מילב, שטיי איך צווישן די גיגאַנטישע וואָלקנקראַצערס אין דער מעכטיקסטער פון אַלע וועלט־שטעט, אין ניו־יאָרק. די לופט איז היינט שאַרף און פראָסטיק, די וואָלקנקראַצערס קוקן

מיך אָן מיט טויזנטער בליצנדיקע פענצטער־אויגן. אָבער איך קען זיך פּאַרט נישט אָפּרייסן פון די דאָזיקע קאַרעטעס און דאָראָשקעס, אין וועלכע מיינע עלטער זיידעס און עלטערבאָבעס זיינען געפאָרן טאָג־טעגלעך, אין אָפּטן פּאַרקער צוליב האַנדל און אויף באַזוכן אין אַנדערע שטעט; אויך אויף יאַרידים, צו חתונות, לוויות און פייערלעכקייטן.

מיט אמתער נאָסטאַלגיע קוק איך נאָך אַזאַ דאָראָשקע וואָס טראָגט זיך אַוועק אין דער נאַכט איבער די טומלדיקע גאַסן. דאָס שטילע און ווייסע פערדל, בלייך און אָפּגעמאָגערט, גייט נישט, נייערט טענצלט זיך אונטער מיט אַ ריטם און מיט עפּעס אַ שטאָלצער, אַריסטאָקראַטישער פּאָזע איבערן גלאַטן, שאָסייאישן אַספאַלט, פּונקט ווי עס וואָלט וואויל געוואוסט פון זיין ווירדע און ווערדע.

דאָס איז גאָרנישט קיין גאַנג פון עפּעס אַ בידנע פערדלטשינע מיט אַן אָפּגעקראָכענער פעל, באַדעקט מיט היימישע, הונגעריקע פליגן, נייערט דאָס לוקסוסדיקע און גרינגע האָפּקן פון אַן אָפּיצערסקן פערדל. אינעווייניק, אין דער דאָראָשקע, זיצט אַ פּאָרפאָלק וואָס קושן זיך, נעמען זיך אַרום און וואָס האָבן אַוודאי חשק צו פאַרזוכן פון דער ראָמאַנטיק וואָס ווערט אַזוי רייך געשילדערט אין די נאָוועלן פון מחברים פון אַכטצענטן און ניינצענטן יאָרהונדערט. דאָס וואָס עס איז נאָך נעכטן געווען פשוט, אַלטעגלעך ברויט, איז היינט שוין פאַרוואַנדלט אין גאָלע ראָמאַנטיק, איינגעהילט אין אַ שלייער פון גרינעם שימל און אָנגעטאָן אין אַ קרוין פון גאָלד. אַ פּראָסטע, היל־צערנע ראָם פאַר אַ בילד ווערט היינטיקע צייטן ספּעציעל צעלעכערט, כדי עס זאָל אויסזען ווי עס וואָלט נאַטירלעך צעפרעסן געוואָרן פון מאָלן. מאַרמאָר און האָלץ ווערט בכיוון געמאָלן אויף אַזאַ שטייגער, ווי עס וואָלט פאַוואָליע צעשפּאָלטן געוואָרן דורך די מעכטיקע הענט פון קעניג צייט. דאָס גרויע און אָרעמע פון מאַנאָטאָנעם נעכטן ווערט היינט־צו־טאָג ריינער לוקסוס און עלעגאַנץ. די קאָמפּליצירטקייט און דאָס אַרטיפיציעלע פון אונדזערע טעג מאַכט אונדז נאָסטאַלגיש בענקען צו די פּרימיטיווע זאַכן און צום שטייגער־לעבן פון דער פאַרגאַנגענהייט. די גאַנצע וועלט־ליטעראַ־טור איז פּאַקטיש דאָס דערמאָנען זיך פון פאַרגאַנגענע געשעענישן פון לעבן. מאַרסעל פּרוסט איז ווייט נישט קיין אויסנאַם.

איך שטיי זיך אַזאַ איינזאַמער אין דער אַוונטיקער קילקייט און איך קוק נאָך דאָס ווייסע פערדל, וואָס זעט אויס ווי אַ גייסט, וואָס טענצלט זיך אַוועק אויף דער אַריסטאָקראַטישער פינפטער עוועניו מיט דער טוב־קעלער דאָראָשקע אונטער זיך; מיטן דינעם, פאַרחלומטן פּאָרפאָלק וואָס וויל פאַרזוכן פון די שטילע פאַרגעניגנס פון נעכטיקע טעג...

איך האָב אַמאָל געזען אויף אַ מאָלעריי ווי דר. פאַאוסט און מעפיסטאָ־פעלעס טראָגן זיך געשווינדט אויף אַזאַ מין פייערדיק־צעפלאַטערטן פערדל דורך פאַרבאָרגענע און פאַנטאַסטישע וועגן, צו ליבע, ווין און מוזיק. —

איך האָב שוין דאָ, דאַכט זיך, נישט איינמאָל פאַרצייכנט אַז אין פאַרק איז געווען הערלעך שיין. די לעצטע מולטיפאַרביקע טעג פון אָקטאָבער האָבן אויסגעלעגט אויף דער ערד אַ וועלט מיט פאַרגייענדיקע אוצרות. דער פאַרק מיט אַלע זיינע בוימער האָט ממש פייערדיק געגליט. פּלוצלינג האָב איך דערהערט פון ערגעץ אַ פאַרכּישופטע געזאַנג. אַ זיסע מוזיק ווי עס וואָלט קומען פון גן־עדן. איז די מעלאָדיע טאַקע פון הימלישע רעגיאָנען? — פרעג איך זיך כמעט אַ צעטומלטער. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און האָב דערזען ווי אַזוי קינדער גליטשן זיך אויף אַ פּלאַץ אינם שטילן טאָל וואָס הייסט „וואָלמאַנס גליטש־פאַרק״.

דאָס איז אין געווען בלייך ווי מילך. די קינדער, האָכט זיך מיר, זיינע עפּעס וואויל־באַקאַנטע קינדער. איך קען זייערע טייערע פּנימ׳לעך, נאָך פון דער גרינגער און צאַרטער קינדהייט אין פּוילישן דאָרף. זיי זיינען אַלע אָנגעטאָן און אויסגעשלייערט אין קינדישע פּילפאַרביקייטן. די מוזיק שפּילט אַלץ אָן אײדעלע מעלאָדיע. צווישן די קינדער, איך בין איבער־ראַשט, דערקען איך זיך אַליין, אַ קליינטשיק אידיש ייִנגעלע.

יאָ, איך אַליין, שוין היפּש אַריינגעפאָרן אין די יאָרן, כמעט שוין אַ זקן, אַזאַ מין טרויעריקער, קוק זיך שטילערהייט צו פון אַ ווינקל פון צווישן די בוימער, אינגאַנצן אַ פאַרשאָטענער פון די קופּערנע בלעטער. איך קוק אויף מיין גאַנץ לעבן. אָט גיי איך אַביסל אַוועק און איך שפּאַציר אַרום אין די איינזאַמע אַלייען אין פאַרק. נאָר פון אומעטום אויס, וואו איך באַהאַלט זיך, הער איך אַלץ דאָס פאַרבענקטע געזאַנג, ווי אַ חלום־אָפּעראַ וואָלט דאָ שפּילן, שפּילן אַזוי ליריש און נאָסטאַלגיש. אַלץ אין עפּעס אַזוי מאָדנע אומרעאַליסטיש. איך גיי דורכן גאַרן פאַרק. אָבער פון יעדער זייט און ווינקל קום איך אַלץ צוריק צום טאָל וואו די ליבע קינדער גליטשן זיך. זיי אַליין זיינען טיף אַריינגעטאָן אין שפּיל. זיי ווייסן גאַרנישט אַז זיי זיינען אַזעלכע גליקלעכע קינדער. דאָס ווערט מען ערשט געוואויר שפּע־טער, אין יאָרן אַרום, ווען מען איז שוין מער נישט קיין קינד. איך שטיי אין אַ ווינקל און איך קוק זיך אומעטיק צו צו דער פאַרשטעלונג פון מיין קינדהייט. טרערן גיסן זיך מיר אָן אויפהער פון די אויגן.

די סצענע איז עפּעס אַזוי ווי אַ פאַרכּישופטער חלום. די קינדהייט מאַכט חוזק פון דיר אויף אַ זייער דעליקאַטן, אײדעלן אופן. די קינד־הייט שפּילט פאַר דיר אַ צויבערהאַפטע שפּיל. די קינדהייט וויל דיך חלילה נישט באַליידיקן. אָבער . . . —

אַזוי זיך גייענדיק אַ פאַרטראַכטער, קום איך צו צו דער רייטער־אַלייע. אַ שיינע, שלאַנקע פרוי רייט אויף אַ פערד. איך קוק איר נאָך מיט מיין געוויינלעכער באַוואונדערונג. די סצענע דערמאָנט מיך אין עפּעס.

עס איז געווען אין יאָר 1934. איך בין דעמאָלט ערשט געהאַט געקומען קיין ניו־יאָרק פון בעלגיע, וואו איך האָב פאַרבראַכט צען יינגע יאָרן. איך

האָב זיך דאָ די ערשטע צייט ממש געשטיקט. מיר האָט געפעלט די אײ־ראָפּייאישע לופט, די געמיטלעכקייט פון אייראָפּאָ (ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה), מיט איר היסטאָרישער טראַדיציע, געשמאַק און קולטור. עס האָט מיר אַפילו געפעלט די קאָפּע אין די גרויסע שטעט, וואו מענטשן קומען זיך צונויף, זיצן אָפּ שעהנלאַנג ביי די שמאָלע טישלעך און רעדן ס׳רוב וועגן ליטעראַטור, טעאַטער און לעבן. די היגע קאַפעטעריעס זייַנען מיר ביזן היינטיקן טאָג, איך בין זיך אויפריכטיק מודה, שטאַרק נישט געפעלן. אין אַזאַ מין ניו־יאָרקישער קאַפעטעריע ווערט קיין שפּעריש ווערק נישט געשאַפן.

איינמאָל, אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג, זייענדיק טיף פאַרצווייפלט, בין איך געפאָרן צום צענטראַל־פּאַרק, ווייל איך האָב מוראדיק געבענקט נאָך נאַטור, בוימער, בלומען און נאָך ריינער לופט. איך קום אָן צום פּאַרק, איך זעץ זיך אַוועק אָפּרוען אויף אַ באַקוועמער באַנק. איך מיש אויף אַ באַנד פּאָעזיע פון משה קולבאַק. פּלוצלינג זע איך ווי אַזוי אַ פרוי רייט זיך אַרויס פון דער אַלייע אויף אַ ברוינעם, אויסגעשטאָפּטן פערד. איך האָב גוט באַטראַכט די פרוי, דעם אָגער און די לאַנדשאַפט. אין מיין האַרצן איז אויפגעגאַנגען עפּעס אַ זעלטן געפיל פון האָפענונג, גלויבן און טרייסט.

די איינזאַמע פרוי איז אַרויסגעריטן אין דער אַלייע אויפן פערד אַזוי ווי עפּעס אַ שטראַלנדיקע קייסערינע פון אַ פאַנטאַסטישן מעשה־ביכל. זי האָט מיך דערמאָנט אין דער לעגענדאַרער מלכה פון שבא. די אונטערגייענדיקע זון איז געווען אַזוי ווי אַ גאָלדענע קרוין אויף איר קאָפּ מיט טונקעלע האָר. זי האָט אַזאַ רואיקע געהאַלטן דאָס לעדערנע ציימל פונם פערד מיט אירע צאַרטע הענט אין ווייסע הענטשקעס. זי האָט אויך געטראָגן מיט זיך אַ גאָלדיק־געליישטן בוך, אוודאי אַ קלאַסישן ראָמאַן, אין וועלכן דער מחבר באַשרייבט אַקוראַט אַזאַ מין פּרעכטיקע דאַמע ווי זי אַליין איז געווען. עס איז קענטיק געווען, לויט דעם פערדס שטאָלצן און צעפרידענעם טענצלען אויפן ווייכן, טונקעלן וועג, אַז עס איז צופרידן וואָס אויף זיין מאַסיוון רוקן זיצט אַ פּירשטלעכע פרוי. זי אַליין איז אויך געווען שטאָלץ מיט זיך און ווי צונויפגעוואַקסן מיטן פערד ווי דער פאַרצייטישער מיטאָלאָגישער צענטאַאור. אין מיר האָט, ווי שוין באַמערקט, אויפגעשטראָמט און אויפגעשטראַלט אַ פרישער שטראָם מיט ענערגיע. די דערשיינונג פון אַזאַ פּאָעטישע פרויענגעשטאַלט איין גרויען און צו מיר דעמאָלט אומפּריינטלעכן ניו־יאָרק האָט מיר געגעבן מוט און קוראַזש צו לעבן. עס איז מיין איבערצייגונג אַז אַ גוטער, פריינטלעכער מלאך האָט צו מיר אין יענעם אומעטיקן טאָג פון מיין לעבן צוגעשיקט די פרוי מיטן פערד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בראַנדזענער פּעגאַז, כדי צו הויבן מיין געפאַלענעם מוט און אַריינצוטריפן אין מיין געמיט אַ ווילן צו לעבן און צו קעמפן. —

און איצט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, ווען איך זע די שלאַנקע רייטערין,

ווען מען לאַנגע ברוינע האָר ציטערן ריטמיש צוזאַמען מיט איר רייצנדיקן בוזם ביים שטילן האָפּקן פונם פערד, דערמאָן איך זיך אין יענער סצענע. עס זיבעצן שוין זינט יענער צייט אַוועק איבער דריי צענדליק יאָר פון מיין לעבן. אָבער איך קען אויפריכטיק זאָגן אַז איך בין נאָך ביזן היינטיקן טאָג פאַרבליבן דער איינזאַמער ריטער אין דעם חלום־לאַנד פון פּאָעזיע און ראָמאַנטיק. איך וועל שוין, ווייזט אויס, אַזוי ביזן לעצטן אָוונט פון מיין לעבן באַוואונדערן דעם גאָלדענעם הערבסט, די געלע און פּשוטע בלעטער אויף די וועגן און שטעגן פון מיין אייביקן שפּאַציר, און אויך די פרוי מיטן שטאָלצן, פאַריסענעם און בראַנדזענעם פערד, וואָס זי האָט, די נאָבעלע פירשטין, אַוודאי אויסגעבאָרגט ביי אַ מאַסיוון מאָנומענט, כדי זיך אויף אים אַדורכצורייטן דורכן שטילן, פאַרנאַכטלעכן צענטראַל־פּאַרק. —

יאָ, מיינע פריינט, ווי לאַנג עס איז נאָך פאַראַן פרוי און הערבסט; ליד און נאָוועלע; שיינקייט פון פּשוטן לעבן און מענטשלעכער קאַמף פאַר פרייהייט, אַזוי לאַנג גלוסט זיך צו זיין און צו האַלטן פעסט אין דער האַנט די טייערע אידישע פעדער. —

## אימפּרעסיע פון מיין שטוב

ווען דו ביסט אַליין אין שטוב, דעמאָלט ביסטו טעטיק מיט דער אַרבעט, מיט דיינע ווערק און מיט דיין גאַנץ לעבן. דו באַמערקסט זעלטן די שטילע און שווייגנדיקע זאַכן אַרום דיר; די ענדערונגען און דעם שימער פון די זון־שטראַלן אַרום זיי. דאָס שטויביקע גאָלד פון באַגינען, דער ווייכער סאַמעט פון אָוונט, דערגרייכט זעלטן צו דיין אויג. דו טוסט דיר אָן דעם פּאַלטאָן אויף די פּלייצעס, דעם פילצענעם קאַפּעליוש אויפן קאָפּ. דו גייסט אַרויס כדי צו זוכן צעשטרייאונג אויף דער טומל־דיקער גאַס. דו שליסט צו די טיר מיטן מעשענעם שליסעלע. אָבער פּלוצלונג, ווען דו געפינסט זיך שוין אין דרויסן, דערמאָנסט דו דיך אַז דו האָסט עפּעס פאַרגעסן. גיך עפנסט דו צוריק אויף די טיר און דאָ בלייבסט דו שטיין אויף דער שוועל פון דיין באַשיידענער היים, ווי פאַר אַ כישופדיקער מיסטעריע.

דיין חדרל זעט שוין איצט אויס עפּעס מאָדנע אַנדערש ווי פריער. עס איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ שטימונג פון זיין ביחידות. קוים אַרויסגעפּטערט אויף אַ ווילע דעם תמיד־פאַרנומענעם שרייבער, זעסט דו איצט ווי דיין צימערל לעבט מיט זיין אייגענעם סאָרט לעבן. אַ טיפע, איינזאַמע שטילקייט הויערט דאָ, ווי אין אַ טעמפּל, ווען די מתפּללים זיינען אַהיימגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק צו גאָט זייערע האַרציקע תּפילות. דער זון־אונטערגאַנג, באַקרוינט מיט אַ מיליאָן אַלטע קרוינען אויפן גרויען און פאַרזשאַווערטן קאָפּ, איז אַריינגעקומען אַהער אויף צו וואוינען אַ מאָמענט. די זון איז געוואָרן דיין סובלאָקאַטאָר. זי צאָלט דיר, אמת,

נישט קיין דירה־געלט מיט פּאַפּירענע באַנקנאָטן. אָבער זי באַצאָלט מיט
אַ וואַליוטע פון שווערע אימפּעריאַלן, גאָלדענע דוקאַטן און שטראַלנדיקע
קופּעס מיט רענדלעך פון איר פערזענלעכער שאַצקאַמער. דאָס אַלט־
גאָלדיקע ליכט פאַרכּישופט דאָ יעדער איינציקע זאַך; טוט אָן אין פּלוש,
אין זייד און אין סאַמעט און מאַכט אַלץ אויסזען מאָדנע מיסטעריעז,
מוזייאיש־אַנטיקוואַריש און גרין־פאַרשימלט. אויפן אָפּגעבלאַקירטן טעפּיך,
וואָס ליגט פאַרחלשט אויף דער פּאָדלאָגע און וואו אין געלן שטויב ציט
ערגעץ ווייט און פּאַמעלעך אַ מדברישער קאַראַוואַן מיט מידע, ערלעכע
און שווער מיט משא באַלאָדענע קעמלען, האָט עפּעס אַ טונקעל־רייך
גאָלד אויפגעלויכטן. אויף דער קאַלכדיקער וואַנט הענגט אַ לאַנדשאַפט גע־
מאָלן מיט וואַסער־קאָלירן אין וועלכער אַ וואַרעמע, אָפּגעהאַקטע האַנט
האַלט אין איין גיסן פון אַ טאָפּ מיט אָנגעצונדענע פאַרבן. אַ שיינע און
קלוגע פרוי אויף אַן אַלטפרענקיש שטיק גאָבעלין פון ברוסעל האָט אָנ־
געהויבן זיך צו באַוועגן צווישן די טונקעלע בוימער אין אַ העמד פון
לבנהדיקע שטראַלן. אין האָניק־ברוינע, צייטיקע קאָלירן, רירט זי
זשעדנע אָן אירע אייגענע איינזאַמע, הונגעריקע גלידער און זי פּרוּווט זיי
צו באַרויִקן. אַ קוואַל מיט ליכט שטראַלט פונם פּאָרטרעט פון אַ פאַר־
צייטישן איד וועמענס שטערן טראַכט פון משיח. דער פילאָזאָף אַריסטאָטעל
האַלט זיין בלייכע האַנט אויפן ברענענדיקן שאַרבן פון האָמערס מאַרמאָ־
רענעם ביוסט, בשעת מיט דער צווייטער האַנט רירט ער אָן די מאַסיווע
גאָלדענע קייט אויף זיין ברייטן ברוסטקאַסטן. באַלויכט דעם דענקערס
האַנט האָמערס מוח מיט זיינע אייגענע טיפע מחשבות? צי ברענט דעם
פילאָסאָף׳ס האַנט פונם קאָנטאַקט מיטן דיכטערס טיפע וויזיעס און אי־
מאַזשן? אָדער דריקט די סצענע אויס דעם רעספּעקט וואָס די פאַרציי־
טישע פילאָסאָפיע האָט געהאַט צו דער פּאָעזיע? בלויז דער מאַלער רעמ־
בראַנדט אַליין קען אפשר פאַרענטפערן די שאלה. דער שפּיגל שפּריצט
מיט אַ שטראָם לעבעדיק גאָלד, ווי ער וואָלט אַנטדעקט אין זיין אייגענער
טיפעניש אַ געהיימנישפולע מינע (גרודע). אויפן אייזערנעם בעטל הויערט
אַ טיפע פרידלעכקייט ווי גאָט אַליין וואָלט זיך דאָ אָפּגערוט און מענטש־
לעך צוגעלענט אין זיינע מידע שעהן, ביים סוף פון גרויסן קאָסמישן
אַרבעטס־טאָג, ווען די גלידער טאָן אים מענטשלעך וויי. איבערן צע־
קנייטשטן קישן פלאַטערט שוין דאָס געוועב פון אַ קומענדיקן חלום אויף
היינט ביינאַכט, צי אין די שעהן פון פריען באַגינען. מיין מאַמעס רויטע
קאָלדרע איז אויפדאָסניי היימיש אָפּגעבראָנדזט מיט אַ פרישקייט פון
זאַפטיקע פּוילישע לאָנקעס. דער גוטער מאַמעס וואָרעמע ברכות בליען
אויס ווי בוימער פון דער טיפקייט פון דער קאָלדרע אַרויס.

געטרייע הענט פון קינסטלער ציטערן צניעותדיק און צעשפּרייטן
גרודעס גאָלד איבער אַלע פאַרבאָרגענע ווינקלען. דער ווינט האָט דורכן

פענצטער אַריינגעבלאָזן אַ דין, הערבסטיק בלעטל. איז דאָס פּיין־ציזע־לירטע בלאַט אַ פאָרטרעט אין מיניאַטור פונם געלן, אויסגערייפטן זומער? אויף די מאַסיווע ביכער־טאָמען פאַלט אַזאַ מין געלבלעך־לויכטנדיק און זשאַווערנדיק ליכט. אויף אַ גרוי־פאַרשטויבטער מאַלעריי פון אַ קליינער גרופּע מיט מאַטע בלומען וואָס האַלטן זיך רירנדיק צוזאַמען דורך אַלע פיר יאָר־סעזאָנען, האָט אַ גייסט אַ וויש געטאָן מיטן זיידענעם אַרבל דעם איידעלן שטויב און די בלומען האָבן, ווי אין פרילינג, אויפדאַסניי אויפ־געבליט אַזעלכע צאַרטע און ציטערנדיקע.

איך בלייב שטיין אַ ווײַלע אויף דער שוועל, אַ טיף־דערשטוינטער פונם געהיימנישפולן כּישוף אין מיין אייגענעם חדר, ווען איך בין דאָ נישטאָ. איך וויל דאָ איצט טאַקע נישט פאַרברענגען צו לאַנג. וואָרים, טראַכט איך נאַרישעוואַטע: אפשר שטער איך מיט מיין אַנוועזנקייט דעם מאָדנעם חלום פון מעבל און פון די מאָלערייען? אפשר בין איך דאָ איצט גאָרנישט ווילקאָמען. תּמיד באַשרייבט דער גייסט־הונגעריקער שרייבער אין מיר אַלץוואָס איך זע און לעב אַדורך. אָבער די אינטימע שטילקייט דאָ וויל אַוודאי נישט געזען ווערן דורך קיין מענטשלעך אויג און האָט נישט קיין חשק באַשריבן צו ווערן דורך קיין ליטעראַרישע פּענע וואָס מאַכט ליטעראַטור. די זאַכן ווילן נישט מכלומרשט קינסטלעריש געשילדערט ווערן און פאַרוואַנדלט ווערן אין דערציילונג. איך היט זיך איצט אַפילו נישט טיף אָפּצואָטעמען, כּדי מען זאָל מיך נישט דערהערן און נישט באַמערקן אַז איך שטיי דאָ אין סאַמע הוילער באַוואונדערונג; אַז איך האָב זיך דאָ ווי עפּעס אַ גנב פון באַגדאַד אַריינגעבראַכן. רואיק און פאָרזיכטיק ווי אַ פאַרבאָרגענער, שלייך איך זיך שטילערהייט צוריק אַרויס פון מיין ענגער היים. עס רעדט צו מיר מיין געוויסן:

— גיי און זוך אין די גאַסן, צווישן די מענטשנמאַסן, דיין נויטיקע צעשטרייאונג. לאָז איבער אַליין דיין באַהעמישע וואוינונג. עס וויל זיין אינטים מיט זיינע מחשבות און מיט זיין געמיטלעכער פרידלעכקייט. פאַרגעס אויף אַ ווײַלינקע אין די היימישע זאַכן וואָס באַזיצן זייערע פּערזענלעכע איבערלעבענישן און שטימונגען. די וועלט איז פאַרצייטנס געוואָרן אָן דיר. דו האָסט נישט תּמיד שטאָלץ אַרומגעשפּאַצירט אויף אירע ברייטע עוועניוס און בולוואַרן. געשעענישן אין אוניווערס האָבן זיך דראַמאַטיש אָפּגעשפּילט אויך אָן דיין טומלדיקן אָנטייל. אַזוי געשעט און אָטעמט דאָס לעבן אין דיין צימער אויך אָן דיין באַטייליקונג. אַנטלויף אויף אַ רגע צו אַנדערע לוסטן און אַוואַנטיורעס. ברעך נישט איבער די רואיקע און הייליקע מינוטן פון דיין באַקוועמען און געטרייען חדר, וואָס וועט דיר באַלד אָפּ־דינען מיט דאַנקבאַרקייט פאַר דיין פרייוויליקן און ציטווייליקן פאַרשווינדן ווערן. שטער נישט ווען די סאַמע שטילסטע שטילקייט קומט דאָ צו שלייכן מיט סאַמעטענע לאַטשן און זעצט זיך אַוועק אויף אַ פלושענעם פּאָטעל און

אַביסל אַ פֿאַרשוויצטע טוט זי אויס די אַלטע קרוין און לעגט זי אַוועק אויף דער נידעריקער, הילצערנער טאַבורעטקע ביי דער זייט פֿון קאַמין. קליינגע־וואוקסיקע און קאַלאַמוטנע מלאכימלעך קומען צוגיין פֿון די פֿאַרבאָרגענע ווינקלען. זיי דערלאַנגען צום קייסער פֿון שטילקייט פּסחדיקע כוסות מיט טונקעל־שטראַלנדיקן מעד, וואָס זיי גיסן אָן פֿון אַ גאָלדענגעפֿאַרבטער פּיליזשאַנקע. פֿון די בילדער אויף די ווענט גייען אַרונטער יינג־פֿאַרשני־טענע לעבנס פֿון אידעלע לירישע דיכטערס. פֿון אַן אַקוואַרעל שפּראָצט אַרויס אַ רייכער, בונטער בוים און זיינע אויפֿריכטיקע צווייגן פֿאַרשפּרייטן זיך איבערן סופֿיט און איבער די קאַלכדיקע ווענט. ווי אויף אַ פּויליש פֿעלד־און־לאָנקע פֿון דיין ליבער קינדהייט שפּראָצן אַרויס אומגעוויינלעך־גרויסע קוויאַטן. עס שמעקט דאָ מיט יענעם קינדישן פֿרילינג אין דיין לעבן בשעת דו האָסט צום ערשטן מאָל אַ פֿאַרוואונדערטער אין האַרצן אָנגעקוקט און אָנגערירט די הימיש־בלויע שוואַלבן מיט דיינע קינדעריש־קליינע הענטלעך, בשעת זיי זיינען געפֿלויגן נידעריקע צו דער ערד ערב אַ רעגן.

איך פֿאַרשליס צוריק די טיר מיטן מעשענעם שליסעלע. איך גיי אַרויס אויף דער קילער, נאַכטיקער גאַס. איך בין נאָך אַלץ סאַזשעדיק איינגעריסט אינם געלן וואַקס פֿון זון־אונטערגאַנג. דער רייפֿער הערבסט האָט פֿאַר־פֿלעקט מיט ווייַן מיינע בגדים. אַ געהיימנישפֿולע האַנט האָט מיט רירנדיקער צערטלעכקייט אָנגערירט מיין האַרץ. איך גיי אַרום אַ לוט־שיכּורער אין נאַקטורנעם דרויסן. עס האָבן ציטערנדיקע פֿינגער אויסגעהאַנגען אויפֿן ריינעם פֿאַסטעל פֿון הימל אַ צעריסן שטיק פֿאַרצייטיש פֿאַרמעט — די לבֿנה. —

## גאָט׳ס פֿייגל

איך האָב היינט באַגעגנט ביים ים דעם פֿרומען יינגנמאַן, וואָס איך האָב פֿאַראַיאָרן זומער געזען זיך באָדן אין ברייטן ים. ער האָט צו מיר גערעדט מיט אַ שטילן, אומעטיקן קול, בשעת די געשליפֿענע און גראַציעזע מעוועס האָבן אַרומגעברויעט אויפֿן זאַמד:

— די פֿייגל האָבן נישט קיין שום תּכלית. זיי באַזיצן נישט קיין יצר־הרע און קיין יצר־טוב. זיי טראַכטן נישט, זיי פֿילן נישט, זיי דענקען נישט פֿון לעבן און טויט. זיי האָבן אויך נישט קיין שום דאגות וועגן קיין פֿריער, קיין קעגנוואַרט און קיין צוקונפֿט. זיי זיינען גאָט׳ס נאַראָנימלעך. זיי פֿאַר־מאָגן נישט קיין אַנטוויקלטע מוחות און נשמות. היינט לעבן זיי נאָך, אָבער מאָרגן עקזיסטירן זיי שוין נישט מער אַזוי ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל נישט געוועזן.

— איך דענק, יינגערמאַן, אַז אייער אַ ביסל איינזייטיקער משפּט וועגן די ים־מעוועס איז צו שטרענג. קודם־כּל זיינען זיי שוין. זיי צירן די וועלט־לאַנדשאַפֿטן מיט זייער איידעלער און חנעוודיקער פֿאָרם. זיי

זיינען ווי אויסגעשניצט דורך אַ פיינעם קינסטלער אין קלאָרן העלפאַנט־בייך. זיי זיינען גאָט'ס לופטיקע און שוועבנדיקע צירונג. איז דען פאַראַן אויף דער וועלט עפּעס שענערס ווי אַ פליענדיקער פויגל אין דער ריינער, דורכזיכטיקער לופט? וועלכער לייטישער פּאָעט האָט דען געקענט אויס־מיידן זיי צו ווידמען זיין פעדער אין זיין אָנגעצונדן וואָרט?

דער ייִנגערמאַן האָט מיך ערנסט אויסגעהערט. קענטיק אַז ער האָט שוין געהאַט אַביסל חרטה אויף זיינע פריערדיקע רייד. איך האָב פאַר־געזעצט:

— די פייגל זיינען אויך דענקענדיקע באַשעפענישן. כמעט יעדן טאָג, ווען איך גרייט זיך שוין צו פאָרן אַהיים, זע איך ווי אַזוי זיי שטעלן זיך אַוועק אין אַ רואיקער, סעריעזער פּאָזע בשעתן זון־אונטערגאַנג. זייערע פיין־געשליפענע קעפּלעך מיט די פינקלענדיקע אייגלעך זיינען געווענדט צו דער זייט וואו עס פאַלט אונטער אַ פאַנטאַסטישן, זיידענעם פאַרהאַנג דער רובין־רויטער, גליענדיקער זון־קאָפּ. אויב עס איז נישט קיין ספּעציעל־באַוואוסטזיניקע תּפילה צו דער זון אָדער צום הימלישן באַשעפער, איז עס אָבער זיכער אַ מאָמענט פון טיפער סערעניטעט, ווען זיי דערפילן די גראַנדיעזקייט פון דער סצענע. זיי פאַרשטייען אַז דאָס איז די גרויסע רגע וואָס פאָדערט שטילקייט, ערנסטקייט און רע־ווערענס צום אייביקן און אַלמעכטיקן באַשעפער פון הימל און ערד. זיי בלייבן שטיין אַזעלכע רואיקע און געלאַסענע אויפן זאַמדיקן ברעג, אָפּשטעלנדיק זייער געוויינלעכן טאָג־טעגלעכן געיעג נאָך שפּייז. עס איז פאַראַן אין זייער פּאָזע אַ געוויסע רעספּעקטפולע פייערלעכקייט. שוין דאָס אַליין, דענקט איר נישט, איז ווערט צו באַוואונדערן אין אונדזערע „ברידער און שוועסטער פייגל", ווי עס האָט זיי אָנגערופן דער איטאַליע־נישער מיסטיקער?!

דער רעליגיעזער ייִנגערמאַן, מיטן בלאַסן פּנים, האָט זיך צוגעהערט צו מיר מיט שטילקייט אין זיין געמיט. מיינע רייד האָבן געשיינט אים גוטס צו טאָן. ער האָט זיך, ווייזט אויס, געענטיקט אין גייסטיקער טרייסט. דער פריערדיקער שמערצפולער אויסדריק אויף זיין פאַרזאָרגטן פּנים איז כמעט ווי פאַרשוואונדן געוואָרן.

— און איצט, וואָס שייך תּכלית. אויב דער מין מענטש האָט עפּעס אַ זין אין קאָסמאָס, האָבן עס אויך די פייגל. יעדער סאָרט באַשעפעניש מוז דאָך זיין וויכטיק פאַרן גאַנצן און גאַנצן קאָסמישן פּלאַן, אויב עס איז נאָר באַשאַפן געוואָרן און עס טראָגט דעם צייכן פון גאָט'ס שטרענגע, דערבאַרמדיקע הענט וואָס האָבן עס מיט געוואָלט אַריינגעצוואונגען אין דער עקזיסטענץ אַריין. וואָס שייך אייער באַשולדיקונג אַז די פייגל רעדן נישט און טראַכטן נישט, ווי איר דערקלערט, איז עס אויך רעלאַטיוו. די מערסטע מענטשן וואָלטן אויסגעזען לייטישער און סימפּאַטישער ווען

זיי וואָלטן זיך פריינטלעך באַמיט צו שווייגן. ווען זיי וואָלטן נישט באַנוצט אויף אַ וואולגאַרן שטייגער זייערע צונגען כדי צו רעדן טאָג און נאַכט. בכלל איז כמעט אַלץ וואָס שווייגט אין דער נאַטור מאַיעסטעטיש, אַזוי ווי אַ שטומע און אומבאַוועגלעכע לאַנדשאַפט אין פריען באַגינען. דאָס מין רעדן און פלוידערן האָט דעם מענטש סיי דערהויבן און סיי דערנידעריקט. דאָס רעדן האָט טאַקע אַרויסגעבראַכט שעפערישע פערזענלעכקייטן ווי משה, ישעיהו, יחזקאל, דאַנטע, שפינאָזאַ, מילטאָן, שעקספּיר, רוסאָ און טאָלסטאָי. אָבער דאָס רעדן מאַכט אויך די מערסטע מענטשן שאַקירנדיק. דער קרעציקער קריפּל און דעמאַגאָג ד״ר יאָזעף געבעלס האָט זיך אויך באַנוצט מיט דער געטלעכער פריווילעגיע פון מענטשלעך לשון. דער פויגל שווייגט. ער שטייט זיך אַ רואיקער אויפן שפּיץ פונם פעלז אינמיטן ים און ער אָבסערווירט גאָר די געשעענישן פון צייטן און דורות. עס דאַכט זיך אים אַז ער האָט געזען גאָר דעם גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע. דער פויגל איז דעריבער קיינמאָל נישט וואולגאַר. ער וועקט חשיבות צו זיך ווייל ער באַזיצט די טבע, די גאָב און די מתנה פון רבונו של עולם צו שווייגן ווירדיק. די גאַנצע נאַטור שווייגט. אין דער טיפקייט פון די וועלדער פאַרנעמט מען דאָס געוואַלטיקע שווייגן פון די זילבערנע שטערן. מען באַנעמט דעמאָלט גאָט׳ס טיפע און דערהויבענע שטילקייט. וועגן דעם הערלעכן שווייגן פון די וועלטן וואָס דערציילן די מעכטיקייט פון גאָט האָט דער פאַרצייטישער מחבר פון ספר תהלים געהאַט צו זאָגן פרעכטיקע שורות. —

דער איידעלער און באַשיידענער יינגערמאַן האָט מיך געדולדיק אויסגעהערט די גאַנצע צייט. ענדלעך נעמט ער דאָס וואָרט:

— עס איז אָנגענעם מיט אייך צו רעדן. איך האָב אַן אינערלעכן פאַרלאַנג מיט אייך צו רעדן יעדן טאָג. עס וואָלט אַ ביסל געשטאַרקט מיין מרה שחורהדיק האַרץ. איר זענט נישט ווי די מאָדערנע וויסנשאַפטלער וועלכע פאַרלייקענען די עקזיסטענץ פון גאָט. איר ז ע ט גאָט. אייערע באַשיידענע רייד פאַרשיכורן מיך ממש מיט גאָט׳ס הערלעכקייט.

— איך דאַנק אייך, כאָטש איר טרייבט איבער. די מאָדערנע וויסנשאַפט לייקנט נישט די עקזיסטענץ פון גאָט. ווען איך לייען וועגן דער געוואַלטיקער קראַפט פון אַטאָמישער ענערגיע; וועגן די קאָסמאָנאַוטן פון סאָוועטרוסלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן; וועגן דעם עליפּטישן וועג אויף וועלכן עס באַוועגן זיך די פּלאַנעטן אַרום דער זון אַזוי ווי בריליאַנטענע שמעטערלינגען פאַרמשפטע אויף אייביק צו שוועבן; וועגן דעם אימהדיקן „וואַקסן״ פונם אוניווערס; ווען איך קוק אָן די פאַנטאַסטיש־ווייטע נעבולאָס, איינגעקנאָדערטע ווי גראַנדיעזע עמבריאָנען אין נאַטורס געבערמוטער; ווען איך באַטראַכט ביינאַכט די מוראדיקע פּאַנאָראַמע פון „מילך־וועג״, אין וועלכער עס זיינען אַריינגעקנאָטן אומגעהויערע לעבעדיקע וועלטן;

דעמאָלט טראַכט איך גאָר אַז די וויסנשאַפט באַשטעטיקט רעליגיע. מען זעט באַשיינפּערלעך ווי אַזוי אַ פרעמדער און פירכטערלעכער כּוח הערשט אין קאָסמאָס. עפּעס אַ שטרענגע קראַפט בינדט און שליסט איין אַלע זאַכן, דערשיינונגען און עקזיסטענצן אין הימלישן פּלאַן. די דאָזיקע גאָטהייט איז פורכטבאַר און מוראַדיק אין איר אומגעהויערן פּלאַן און פאַרנעם. אָבער דער צינישער און ברוטאַלער מענטש זעט נישט די גראַנדיעזקייט וואָס די וויסנשאַפט אַנטדעקט און אַנטפּלעקט יעדער רגע פון איר געבענטשטער טעטיקייט. דען מין מענטש רייסט אויף די אינטימע, הייליקע סודות פון דער געטלעכער נאַטור מיט מיאוסע כּוונות, ווי אַ געשלעכטסהונגעריקער סאָלדאַט און ברויט, וואָס שענדט די פרוי אין זיין עראָטישער אַטאַקע, נישט זעענדיק איר אידעלע שיינקייט און גראַציע. דער מאָדערנער מענטש איז געגליכן צום רויען באַרבאַר, וואָס רייסט אויף די בתולה פון דער כּישופדיקער פרוי מיט שיכּורן געוואַלט, אַנשטאָט זי צו ליבן, צו באַוואונדערן מיטן אַ תפילה אין זיין האַרצן און צו בויגן הכנעהדיק דעם קאָפּ פאַר איר שטילער דערשיינונג, אַזוי ווי די גרויסע ראָמאַנטישע פּאָעטן האָבן עס אַמאָל געטאָן דורך דערהויבענעם ליד און טאַלאַנטפולן וואָרט. די מאָדערנע וויסנשאַפט גראָבט זיך מוראדיק אַריין אין די פינצטערע תהומות, אין פאַנטאַסטישע הויכקייטן און טיפענישן וואו עס הערשט גאָט׳ס אינטימע און דערהויבענע שטילקייט. ער דעקט אָפּ אַן איבעראַשנדיקע לאַנדשאַפט וואָס מאַכט אים אויפציטערן מיט איר שטרענגער פּראַכט און אָרדנונג. אָבער דער מענטש, דער פּאָליטישער דעמאַגאָג, דער אַכזריותדיקער דיקטאַטאָר, די וויסנשאַפטלעכע טרוקענע טעכניקער, וואָס זיינען בלינדע דינער און קנעכט פון זייערע רעזשימען און רעגירונגען; דער מאָדערנער שרייבער וואָס גריבלט זיך אויף אַ פּערווערזן שטייגער אין דער מעכטיקער קראַפט און פּאָטענץ פון געשלעכט; זיי אַלע זען נישט און באַנעמען נישט די שיינקייט און גרויסקייט פון זייערע אייגענע פּאָעטישע און פאַנטאַסטישע אַנטפּלעקונגען. זיי זיינען בלינד ווי מילדווערם צו דער מוראדיקער לאַנדשאַפט פון גאָט׳ס אוניווערסאַלע געזעצן און שטרענגע דיסציפּלין וועלכע זיי טאָן אויס נאַקעט ווי אַ יינגע פרוי וואָס בליט, אָבער פאַר וועמען זיי האָבן נישט אין זייער האַרצן קיין שום שיר השירים־געזאַנג. זיי פליקן ציניש אַראָפּ דאָס זיידענע קלייד פון איר לייב; זיי צערייסן דאָס העמד אויף אירע הייליקע און האַרמאָניש־געוואַקסענע גלידער און זיי אַנטפּלעקן אירע אויסערגעוויינלעכע, פענאָמענאַלע סודות און אייגנשאַפטן מיט חוזק און ברוטאַליטעט. אָט אין דעם גייט עס, מיין יינגער פריינט. עס איז ווערט אַז איר זאָלט זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם. —

— אויב אַזוי, מוזט איר אַוודאי אויך גלויבן אין די „פליענדיקע טע־

לערס״, וואָס מענטשן זען מכלומרשט אויף די נאַכטיקע הימלען אין זייערע כאַלוצינאַציעס ?

— איך קען אייך נישט זאָגן באַשטימט צי איך גלויב אָדער נישט, ווייל איך ווייס נאָך אַליין נישט. בלויז די צייט און פאָרשונג וועט אַוודאי דערגיין צום אמת. איך קען אייך בלויז דערציילן פון מיינס אַן איבער־לעבניש היינטיקן זומער, בשעת איך בין געווען אין די בערג. דאָס איז געשען עטלעכע מינוט נאָך צען ביינאַכט. איך בין געזעסן אין דרויסן צוזאַמען מיט מיין פריינט, אַ מאָלער. ער האָט איינגעדרימלט, אַן איינ־געהילטער אין אַ וואַרעמער קאָלדרע און אַ פאַרשיכורטער פון דער לופט ווי פון שאַמפּאַניער. פאַר מיר אָבער איז די נאַכט אין די בערג געווען צו שיין כדי זיך צו קענען דערלויבן דעם לוקסוס איינצושלאָפן. איך האָב געטרונקען פון דעם אומגעהויערן כּוס, וואָס פריינטלעכע מלאכים האָבן מיר דערלאַנגט צו די ליפּן, דעם וויין פון אייביקייט. די זיידענע פעדים פון דער פינצטערניש האָבן שטיל געקילט מיינע אומרואיקע נערוון. עס איז געווען אַ טונקל און קיל געטראַנק וואָס האָט געשטאַרקט דאָס דערשלאָגענע געמיט און האָט מיר געגעבן כּוח צו בלייבן שטיין רואיק אין אַנבליק פון שטורעמדיקע געשעענישן. איך האָב כּסדר גע־האַלטן פאַריסן מיינע אויגן צום הימלישן סופיט. איך האָב געזען ווי דער פירמאַמענט איז ממש פאַרשנייט מיט אַ געדיכטן, אייביקן שניי פון מיליאָנען און מיליאָסן שטערן־וועלטן, אַזוי ווי אַ פעלד מיט ווייסע רויזן. איך ווער פשוט פאַרווייעט און פאַרווירבלט אין אַ שווימענדיקן שטורם פון שטערן ווי אין בליעכץ פון אַן אייביקן דויערנדיקן פרילינג. דערביי טראַכט איך: משה רבינו אַליין האָט די דאָזיקע שטערן געזען. דער אַנגעצונדענער זעער יחזקאל הנביא, דער מאַיעסטעטישער ישעיהו, האָבן זיי אָנגעקוקט באַשיינפערלעך מיט זייערע אייגענע אויגן. אַלע פאַרציי־טישע זשעניען האָבן געטרונקען וויין און באַגייסטערונג פון די דאָזיקע שטראַלנדיקע שטערן־בעכערס. אָ, מיינע ברידער־שטערן! אַלע שטער־בלעכע מענטשנדורות האָבן אייך אָנגעקוקט און געפּרואווט לייענען הונ־געריקע אין אייערע לויטערע פּנימער די עקזיסטענץ פון רבונו של עולם. זיי האָבן אין אייערע בליציקע אָפּגרונטן געטרונקען דעם גליענדיקן גע־טראַנק פון גלויבן. איר האָט תמיד באַגייסטערט יינגע מענטשן צו ליבע; זקנים צו שרייבן פילאָסאָפישע ווערק; פאָרשערס צו פאָרשן די סודות פון אוניווערס.

— דאָס איז באמת שיין! — זאָגט דער שטילער יינגערמאַן וואָס איז נאָך אַ בחור און אַ לערער אין אַ ברוקלינער ישיבה.

— און פּלוצלינג, בשעת איך בין אַזוי געזעסן אין דער נאַכט אַ פאַרטראַכטער און איך האָב געטרונקען שטילקייט פון די זילבערנע שטערן, האָב איך דערזען אויפן האָריזאָנט עפּעס אַזוינס וואָס האָט צו־

געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. פון דער טיפעניש פון די נאַכטיקע הימלען האָט געטאָן אַ שוועב אַרויס אַן אָביעקט וואָס מען רופט געוויינלעך אָן אַ „פליענדיקער טעלער", אַזוי ווי עפּעס אַ לעבעדיקע, געהיימנישפולע דערשיינונג. עס האָט זיך געטראָגן אָן שום געדויש, ווי אַ פלעדערמויז, איבער דער גאַנצער לענג פונעם האָריזאָנט. ביז עס איז פאַרשוואונדן געוואָרן אָדער עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק צו דער ערד צו, ביים סאַמע ראַנד פון הימל. איך בין אויפגעשפּרונגען פון מיין ליג־שטול. איך האָב געוועקט און גערופן מיין דרימלענדיקן פריינט כדי ער זאָל אָנקוקן צוזאַמען מיט מיר די זעלטענע דערשיינונג. דער אָביעקט האָט געהאַט אַ בלייכן, געלבלעכן אָדער רויטלעכן קאָליר. עס האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט זיין קאָנסטרואירט פון עפּעס אַ שיינענדיקן, גלאַנציקן מעטאַל. עס איז געווען אָוואַל געגאָסן אָדער אַביסל אין אַ צירקולאַרער פאָרם. די איבעריקע שעהן פון דער נאַכט, נאָכדעם ווי איך האָב אָבסערווירט דעם „טעלער", האָב איך שוין נישט געקענט מער איינשלאָפן. איך האָב שטיל נאָכגעטראַכט און איך האָב זיך אַליין אָבסערווירט. איך האָב באַמערקט אַז עס האָט אויף מיר געמאַכט עפּעס אַ זעלטענעם איינדרוק, ווי פון אַ דערשיינונג וואָס איז געווען מיסטיש, מיסטעריעז און אומפאַרשטענדלעך. איך האָב אויך באַמערקט אַז איך בין אַדורכגענומען פון אַ געפיל פון פּחד. איך האָב עפּעס אינערלעך געציטערט. איך שעם זיך אַפילו אויסצוזאָגן אַז איך האָב פּשוט מורא געהאַט טאָמער דערשיינט דער אָביעקט ווידער אויפן הימל, אפשר גאָר נאָענט צו מיינע פענצטער. ווער ווייסט וואָס עס מיינט און צי האָט עס נישט טונקעלע, אומפריינטלעכע כוונות. איך האָב שטיל און טיף געציטערט פון שרעק. איך האָב אויך באַמערקט אַז איך האָב מאָדנע ליב צו טראַכטן וועגן דעם, הגם איך קום נישט נענטער צו קיין שום באַשלוס וועגן דער אייגנטלעכער אייגנשאַפט אָדער באַדייטונג פון דעם „פליענדיקן טעלער". איך האָב איצט געהאַט אַ פאַרלאַנג נישט צו זיין אַליין. מיר האָט זיך געדאַכט אַז מען האָט מיך אויך געזען און אָבסערווירט אין דער אומהיימלעכער און געטלעכער טונקלקייט פון די בערג. אַז עמעץ, ערגעץ־וואו אין דער קאָסמישער אומענדלעכקייט, האָט מיך אינזינען און איז אויסן געווען ספּעציעל פאַר מיר אַליין עפּעס צו דעמאָנסטרירן. אפשר איז דאָס געווען אַ איינציק ליכטיק אות פון אַ שורה געווידמעט צו מיר אין דער הימלישער שפּראַך? ווי וואויל איך האָב איצט נישט געוואָלט זיין אינגאַנצן אַליין, האָב איך אָבער אויך נישט געהאַט קיין איבעריק באַדערפעניש מיט עמעצן צו רעדן וועגן דעם. ווייל איך וואָלט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם געוויינלעכן מענטשלעכן ציניזם און סקעפּטיציזם וואָס מאַכט חרוב מיט דער צונג אַ סך וויכטיקע זאַכן און דערשיינונגען. עס האָט זיך געוואָלט, וויניקסטנס אויף אַ קורצער צייט, די מערקווירדיקע איבערלעבניש האַלטן

בסוד, אין זיך אַליין. עס האָט זיך געוואָלט רואיק טוליען צו דער טיפ־קייט און גרויסקייט פון דעם געשעעניש.

— איך בין צופרידן אַז איך האָב מיט אייך גערעדט, — האָט צו מיר שטילערהייט געזאָגט דער איידעלער יינגערמאַן. איך האָב אים גע־דאַנקט. וואָרים אויך איך בין צו אים געווען דאַנקבאַר פאַר דער באַ־געגעניש. ער איז געווען, ווי שוין פריער דערציילט, אַ פרומער, איינזאַ־מער מענטש, איינער וואָס שיינט צו זיין ערנסט, ציכטיק און ווירדיק אין זיין האַלטונג, קליידונג און פערזענלעכקייט. אָבער ער איז אויך געווען, ווי יעדער מאַמין, אַ שטילער און צערפולער צוויפלער. —

## דעם טאַטנס אַדוואָקאַט

איך געדענק אַז איינמאָל, אַרום ווינטער־צייט, ווען אין דרויסן איז געשטאַנען אַ שטאַרקער פראָסט און אין דער היים איז מער נישט געווען קיין האָלץ צו הייצן דעם אויוון, האָט דער טאַטע אָנגעהויבן אַריינצו־שליידערן אין אָפענעם פּיסק פון הונגעריקן, אייזערנעם אויוועלע ביכער וואָס האָבן זיך זינט לאַנגע יאָרן אויפגעהאַלטן ביי אונדז אין שטוב. דאָס אָרעמע און קראַנקע פייער פון דער פּליטע האָט פאַרצערט די זיידענע בלעטער פון די ביכער און בראָשורן. דער טאַטע האָט אויך אַריינגעוואָרפן מיט צאָרן און ביטערניש ביכלעך וואָס זיינען צו מיר געווען טייער: באַזונדערס דאָס רוסישע געשיכטע־בוך מיט די אָפגעריבענע, געלע טאָוולען. די צאַרן און צאַריצעס האָבן געעפנט פאַרקרימטע מיילער פון ווייטיק. זיי האָבן אַרויסגעשריגן ווי פון גהינום. די גאָלדענע קרוינען, די סצע־פּטערס און שווערטן פון די שטאָלצע, דעספּאָטישע צאַרן און דאָס פּאַבל־האַפטע צירונג פון די צאַריצעס, האָבן זיך צעשמאָלצן אין די קנאַקעדיקע פלאַמען. איוואַן דעם גרויזאַמענס אויגן האָבן בייז און צאָרנדיק געפינקלט פון בלויען אַש אַרויס, בשעת ער האָט מיט די אָנגעביילטע פויסטן דערשלאָגן צום טויט זיין זון. די מעכטיקע פיגור פון פּעטער דעם גרויסן איז זיך צעפאַלן אין אַ בערגל אַש און שטויב מיט זיינע טרויעריקע גלידער. דאָס קעניגלעכע קלייד, די זיידענע אונטערוועש, אַפילו דער קאָסטבאַרער פעלץ פון יעקאַטערינאַ די גרויסע, און אויך דאָס פינקלענ־דיקע צירונג אויף איר רייצנדיק לייב, האָט אויפגעגליט ווי אַ זון־פאַרגאַנג אויף איר מאַסיוון גוף. די דייטשע פרינצעסין האָט געגעבן באַפעלן פון די גהינומדיקע פלאַמען אַרויס צו אירע גאַלאַנטע גענעראַלן־ליובאָווניקעס. אַנדערע היסטאָרישע לייט האָבן אין די פלאַמען געשפּילט אין אייזערנע קאָרטן, ווייל פאַפירענע זיינען באַלד פאַרברענט געוואָרן. פינגער און קאָרטן זיינען צוזאַמען פאַרוואַנדלט געוואָרן צו שטויב.

אַפילו מיין באַליבט ביכל וועגן שבתי צבי האָט איצט געברענט. די

טונקעלע און אימפּאָזאַנטע געשטאַלט פון דעם פאַלשן משיח וואָס האָט אַריינגעטאָן אַ נייעם אָטעם אינעם אידענטום פון זיין צייט, מיט האָפנונגען אויף דערלייזונג, האָט שטאַלץ אַרויסגעלויכטן פון אַש און פייער. מיר האָט זיך געדאַכט אַז שבתי צבי האָט אַלץ נאָך געגעבן באַפעלן צו זיינע גע־טרייע נאָכפאָלגער און פאַנאַטישע שמשים. ער האָט צו מיר פערזענלעך גערעדט פון זיין טערקישער געפאַנגענשאַפט, אָן אָנגעקליידטער אין צונ־טער־רויטע מלבושים, ווייל איך האָב אים אין געהיים באַוואונדערט. אַ נאַקעטע, אָבער אָנגעטאָן אין העמד פון איר שיינקייט, האָט אין די פלאַמען געווײנט שבתי צבי׳ס רייצנדיק ווייב, שרה. דאָס שטילע גאָלד פון אירע גלידער איז טרויעריק אַראָפּגעפאַלן אין אַש. איר חלום האָט זיך אויס־געלאָשן.

עס האָט מיר ווײי געטאָן צו זען צווישן די פלאַמען דאָס דינע, היימי־שע בענטשערל. און באַלד האָב איך געזען אין באַלויכטענעם אָפּגרונט פון אויוון דעם אַלטן חונה המעגל צוריקקומען צו זיין שטאָט, זיין היים, זיינע מענטשן. אָבער קיינער דערקענט אים נישט. דאָס יונגוואַרג האָט אים פּשוט אויסגעלאַכט. זיין אייגענע וועלט איז געווען אָפּגעמעקט פון דער ערד. זיין דור איז געווען טויט. וואוהין ער איז געגאַנגען און געוואנדערט זיין בליק, האָט אים באַגעגנט פרעמדקייט און אומהיימלעכקייט. איך האָב תּמיד געהאַט גרויס צער און רחמנות מיטן דאָזיקן זעלטענעם איד, וואָס האָט גערעדט צו יעדן מענטש מיט זיין טראַגיש לעבן. זיין באָרד איז געווען גרייז־גרוי. דאָס געשטאַלט פון אַ מענטש, פאַר וועמען אַלע טירן זיינען געווען פאַרהעמערט און קיינער האָט אים, אויף זיינע עלטערע יאָרן, נישט אַנטקעגנגעטראָגן אַ לייטיש וואָרט, איז מיר אַריין אין האַרצן.

אַזוי זיינען ביי אונדז אין דער היים, אין פּוילישן דערפל, אַדורך די קורצע ווינטערדיקע טעג. דער טאַטע האָט געהאַלטן אין דערציילן פון עפּעס אַן אומענדלעכע ספּראַווע אין וואַרשע, אין סאַמע העכסטן צאַרישן געריכט. ער האָט געשילדערט אויף אַ גראַנדיעזן שטייגער, ווי עס איז געווען זיין טבע אין געהויבענע מאָמענטן פון עקסטאַז און מרה־שחורה, זשאַנדאַרן און נאַטשאַלניקעס, ריכטערס און אַדוואָקאַטן. דער טאַטע, ווי יעדער איד אין פּוילן, האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר מיליטערישע קאָסטיומען און פילפאַרביקע אובראַניעס; פאַר גאָלדענע עפּאַאָנעס און גלאַנציקע, מעטאַלענע קנעפּ; פאַר ווייכע, זיידענע טאַשמעס און שטאָלצע מעטאַלענע מעדאַלן, אָנגעהאָנגען אויף די ברייטע ברוסטקאַסטנס פון גע־נעראַלן און קאָמאַנדירן; פאַרן גאַנצן אייזערנעם קלאַפּערגעצייג פון דער פאַרפוילטער, סאָלדאַטסקער מלוכה־מאַשין און צאַרישער אַדמיניסטראַציע. דער אָרעמער איד אין פּוילן, אויף די שליאַכן פון דער וועלט־געשיכטע, איז תּמיד געשטאַנען אין הוילער ציטערניש און פּחד פאַרן פּוסטן גלאַנץ און פּאָמפּעזקייט פון גויאישער מאַכט און גזלנות. סוף־כל־סוף איז אַלץ גע־

ווען טעאַטער־פּאַרבלענדעניש. די אַלע צאַרן, מיניסטאָרן, טשינאָווניקעס, צוזאַמען מיט די ריזיקע אַרמייען, זיינען רעזשיסירט געוואָרן צו שפּילן די היסטאָרישע סצענעס דורך עפּעס אַ מיסטעריעזן רעזשיסאָר פון אויבן...

דער טאַטע האָט גערעדט. איך האָב אַריינגענומען אין זכרון די עפּישע שילדערונג פון דעם הויכן, שטרענגען געריכט מיט די ריכטער, אַדוואָקאַטן און עדות. איך בין דאָרט געזעסן און געציטערט ווי אַ פיש אין וואַסער ערב יום־כיפּור. איך האָב געאָטעמט די לופט פון דער גראַנדיעזער, אָבער אויך דעגענערירטער און צעשאָסענער אימפּעריע. אַלץ איז געווען אָנשטעל, פּאָזע, פאַרשטעלונג און שפּיל. דער קלוגער פּרינץ דניאל האָט אַוודאי מיט ענלעכע אויגן געמוזט אין זיין צייט באַטראַכטן דעם גלאַנץ, לוקסוס און מאַכט פון נבוכדנצרס אימפּעריע.

דער טאַטע האָט זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט צו שילדערן אַ געוויסן אַדוואָקאַט. דאָס איז געווען זיין פּאַרטיידיקער, דער אַדוואָקאַט קרוליקאָווסקי. דער טאַטע איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן אים צו באַוואונדערן: ווי אַזוי ער האָט יעדעס מאָל מיט זיין סקעלעטיש־דאַרער האַנט אַ הויב געטאָן אויפן רויטן שאַרבן דעם געדיכטן שויבער מיט האָר און האָט אים געטאָן צוריק אַ שאָר אַרויף איבערן קאָפּ. ווי אַזוי ער איז געווען שרעקלעך אויסגעדאַרט ווי אַ הונגעריקע חיה וואָס וואַנדערט אין דער טרוקעניש פון מדבר. ווי אַזוי ער האָט, אַזוי ווי אַ נביא וואָס איז געפאַנגען פון זיין גאָט־זעאונג, גערעדט צו די שטייפע און טרוקענע שופטים וואָס זיינען געווען אָנגעטאָן אין לויזע און פינצטערע זשופּיצעס, ווי אין שטיקער נאַכט. די ריכטערס האָבן אויסגעזען ווי גרויסע פלעקן מיט פאַרגאָסענעם טינט, אָדער ווי רויב־פויגל און ראָבן. אָבער דער אַדוואָקאַט האָט גערעדט ווי פון תנ״ך אַרויס, מיט מעכטיקע קאַפּיטלעך פּראָזע. דער טאַטע האָט אַפילו וואויל געדענקט און ער האָט איבערגעחזרט איינצלנע פּסוקים, פראַזן פון דעם אַדוואָקאַט׳ס מאָנענדיקע און דראָענדיקע רעדעס. דער טאַטע האָט גאָרנישט געקענט פאַרשטיין וואו אָט דער דאַרער פּאָליאַק פון הויט און ביינער האָט גענומען אַזעלכע איבערמענטשלעכע כוחות און אַזאַ דונערנדיקן כוח הדיבור, וואָס האָט פשוט געמאַכט אויפצוציטערן די שופטים, די פּראָקוראָרן און דאָס פּובליקום.

דער סוף איז געווען אַז ווען דער טאַטע האָט עפּעס איינמאָל נאָענט אַריינגעקוקט אין דעם געשטאַלט פון זיין אימה׳דיקן אַדוואָקאַט, האָט ער געזען, צו זיין איבעראַשונג, אַז ער איז גאָר אַ מת. אונטער זיין שטייפן, טונקעלן סמאָקינג; אונטער דעם ווייסן העמד, ענלעך צו ערשט־אָנגעפּאַלענעם שניי; אונטער דעם ענגן וועסטל מיט דער גראָבער, אייזערנער דיווויסקע און געשוואָלענעם זייגער; אונטער דעם שניפּס ביים גאָרגל וואָס האָט אים געוואָרגן ווי אַ גאַלגנקניפּ, איז גאָר געווען אַ פּוסטער, נאַקעטער סקעלעט. און דער דאָזיקער סקעלעט האָט אַזוי הייס געקעמפט פאַרן טאַטנס

צד, פאַר גערעכטיקייט און ער האָט פאַר אים געוואונען די ספּראַווע אויך.
דער דאָזיקער מאָדנער אַדוואָקאַט איז אַמאָל, לויט מיין טאַטנס ידיעות, געווען באַרימט אין פּוילן. אין דער צייט פון דער פּאָווסטאַניע האָט ער פאַר־טיידיקט די פּוילישע אויפשטענדלערס־פריצים אין די צאַרישע געריכטן. צום סוף האָט מען אים אַליין אויך אויפגעהאָנגען אויף אַ בוים צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּוילישע מיאַטעזשניקעס. אָבער ער האָט פאַרט נישט געקענט איינ־ליגן אַ רואיקער אין זיין קבר. ער האָט געמוזט אויפשטיין און אַפילו טויטערהייט קעמפן אין די צאַרישע געריכטן.

ווען וואָס איז אייגנטלעך פאַרגעקומען די ספּראַווע? דער טאַטע זאָל עפּעס האָבן איינמאָל איינגעקויפט אַ פּאַלאַץ מיט וועלדער, פעלדער און אַ פּאָלוואַרק פון אַ פּוילישן שליאַכטשיץ ביי איינעם אַ שווינדלער, וואָס האָט צוגערויבט דעם טאַטנס געבאָרגט געלט און פון דעם פירשטלעכן פּאַלאַץ האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. די ספּראַווע איז געפירט געוואָרן לאַנגע יאָרן, און דער טאַטע איז דערווייל אין די געריכטן געוואָרן גרוי און אַלט. ווען ער האָט ענדלעך געוואונען די ספּראַווע, איז ער שוין געווען אַ איד אַ זקן.

דער טאַטע האָט ליב געהאַט, ווי געזאָגט, צו שפּילן די ראָלע פון דעם לעגענדאַרן אַדוואָקאַט. ער פלעגט זיך אוועקשטעלן אין זיין גאַנצער מאַיעס־טעטישער הויך ביים אויוון און ער פלעגט פאַר אונדז, הונגעריקע אינגלעך, אויסדוונערן די גרויסע רעדע אין געריכטס־הויז און ער פלעגט נישט פאַר־געסן נערוועז צו זשעסטיקולירן מיט בידע הענט ווי מיט הימלישע פליגל. דעמאָלט פלעגט ער אויזען ווי אַן אומהיימלעכער שפּאַרבער וואָס קומט אָנזאָגן בליץ און שטורם פון אויבן... דער טאַטע פלעגט אַריין אין זיין ראָלע און שטאָלץ פאַרטיידיקן די זאַך פון גערעכטיקייט. סוף־כל־סוף איז ער אַליין אויך געווען עפּעס אַ גלגול פון אַ משוגענעם וועלט־אַדוואָקאַט. אינעווייניק, אינם תהום פונם אייזערנעם אויוון, האָבן געפלאַקערט די גלידער פון די בייזע צאַרן און צאַריצעס. די גאַנצע רוסישע אימפּעריע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַש. דאָס איז אַגב געווען די צייט ביים סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָוו׳ס איז זיך אויף אייביק צעפאַלן צוזאַמען מיט דער רוסישער אימפּעריע.

## ער קאָכט פאַר דער קעניגין

אַ מענטש, בפרט אַ שרייבער, נעמט אַריין אין זיינע אויגן און אין דער טיפעניש פון זיין זכרון מיליאָנען מענטשן, וואָס ער זעט אין פאַרלויף פון זיין גאַנץ לעבן. פאַקטיש איז גאָרנישט נישטאָ קיין שיעור וויפיל מענטשן אַ שרייבער זעט. אַ וועלט מיט מענטשלעכע פּנימער און מאַסקעס רייסן זיך צו ווערן פאַרקריצט אין זיין מוח. וועגן עטלעכע פּערסאָנאַזשן וויל איך איצט אָנשרייבן דאָס וואָס איך געדענק וועגן זיי.

איך האָב די דאָזיקע פאַרשוינענע געזען אין סאַנאַטאָריום, אין קאָלאָראַדאָ, וואו איך בין געווען אַ פּאַציענט. אין משך פון חדשים און אַפילו יאָרן האָב איך כסדר אָבסערווירט מענטשן. און די דאָזיקע דריי פאַרשוינענע זיינען געבליבן שטיין ממש לעבעדיקע און רעליפע אין מיין זכרון.

עס איז געווען אין אַ פרייטיק נאָכמיטאָג ווען עס איז אָנגעקומען פון שטאָט אַ דינער, קליינער און דראָבנער מאַן, מיט אַ רויטן פּנים און מיט קליינטשיקע, האַזיקע אויגן. דאָס עסן ביים טיש האָט אים שטאַרק פאַליובעט. וואָרים ער האָט געוומען קיינער מיט אַן אומגעוויינלעכן אַפּעטיט ריזיקע פאַר־ציעס מיט שפּייז. מיט אַ כמעט חיה׳שן הונגער האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו די טייערע מאכלים. מיר האָבן אַלע באַוואונדערט ווי אַזוי אַזאַ מין קליינטשינקער מאַן קען עסן אויף אַזאַ גיגאַנטישן שטייגער. אַזוי אַרום האָט אַוודאי געמוזט פאַרצערן ריזיקע קוואַנטיטעטן מיט שפּייזן אַ פאַרמבול־דיקע חיה, אַראָפּגריזשענדיק די בלעטער פון גאַנצע אוראַלטע וועלדער און דאָס גראָז פון די מעשה־בראשיתדיק־פרישע פעלדער. נאָך איידער מיר האָבן זיך רעכט צוגעזעצט צום טיש, איז ער שוין דאָרט געווען דער ער־שטער און ער האָט שוין געקייט וואָס עס איז נאָר געשטאַנען אויפן טיש. ער איז געווען געוויינלעך טויב־שטום צו די וויצן פון די פּאַציענטן אויף זיין אַדרעס. ער איז געווען בלינד צו די אַרומיקע מענטשן. עסן און פרעסן — דאָס איז געווען זיין רעליגיע און זיין תפילה. ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם געוואַלטיקן הונגער פונעם אָרעמען מענטש.

אין משך פון בלויז איין וואָך איז פונעם קליינטשינקן, דאַרינקן און אָרעמען באַשעפּענישל פון אַ מענטש, מישטיינס געזאָגט, געוואָרן אַ דיקער פאַרשוין מיט אַ גראָבן בויך. ער איז געוואָרן אומגעוויינלעך פעט. טראָץ דעם וואָס צו יענער צייט האָט מען געגלויבט אַ זדי שווינדזוכט־קראַנקהייט ווערט אַ סך געהאָלפן און געהיילט דורך פיזישער פעטקייט, האָבן חברה לצים פאַראויסגעזאָגט אַ ביטערן סוף פאַרן דאָזיקן אייביק־הונגעריקן מאַן...

און עס איז געשען אַז ער איז טאַקע צום סוף פונעם זיבעטן טאָג שלאָף געוואָרן.

מיין שפּיטאָל־צימער איז געווען פּונקט אונטער זיינעם. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט געהערט ווי דער מאַן יאָמערט און ער קרעכצט נעבעך און שרייט הילכיק אַז ער וויל נישט שטאַרבן. מען האָט אים געקענט גלויבן. זיינע ביטערע געשרייען האָבן צעריסן דאָס האַרץ. טראָץ דעם, איך מוז זאָגן דעם גאַנצן אמת, וואָס איך בין שוין געווען געוואוינט צו מענטשלעכע קרעכצן און געוויינען, האָט מיך זיין חיהש יאָמערן ממש צעבראָכן. די דאָק־טוירים האָבן בשום אופן נישט געקענט דערגיין די נאַטור פון זיין מורא־דיקער קראַנקהייט. מען האָט געשמועסט אַז דאָס איז אים אַוודאי געקומען פון איבערעסן זיך. צו מיר אַליין איז דעם מאַנס שטאַרבן געבליבן אַ טיפע געהיימעניש ביז אויף היינטיקן טאָג, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות.

ער איז געלעגן אין זיין הויכן בעטל, אַרומגערינגלט מיט ברעטער, כדי ער זאָל נישט אַרונטערפאַלן. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט ליגן לעבע־דיקערהייט אין אַ קבר. זיינע געשרייען און געוויינען האָבן געדויערט אַ גאַנצע לאַנגע און פינצטערע נאַכט. עס איז געווען אין מיטן זומער. די לבנה איז אַ גרויסע און אַן אומגעוויינלעך־געלע געשטאַנען אויפן דורכ־זיכטיקן הימל, דורך וועלכן מען האָט געקענט זען די פליגל פון מלאכים. עס האָט זיך מיר וואויל געדאַכט אַז דעם קראַנקן מענטשנס געשרייען ווערן געהערט פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן עק וועלט, ווי דאָס לשון פונעם היימישן פאָלקלאָר פלעגט זיך אַזוי נאַאיוו אויסדריקן. אָבער אין גרויען און זיידענעם באַגינען האָט ער זיך איינגעשטילט ווי אַ קליין, דערוואָרגן פייגעלע, וואָס אַ רויבפויגל האָט עס איינגעביסן אינעם דינעם און יאָמערנ־דיקן העלדזל... אונדזער העלד איז געווען טויט...

איך האָב געזען ווי אַזוי מענטשן שטאַרבן. קיינער וויל נישט שטאַרבן. אַפילו אַן אינסעקט זוכט כל־ערליי מיטלען ווי אַזוי צו אַנטלויפן פונעם טויט. עס בעט זיך ממש רחמים ביי גאָט. אָבער, אַזוי זיך וואַרפן, אַזוי שרעקלעך זיך בעטן ביים רבונו של עולם אַז ער זאָל אים שענקען דאָס לעבן, האָב איך קיינמאָל נישט געזען און נישט געהערט. אויסער דאָס בעטן זיך פון משה רבינו פאַרן טויט ביים רבונו של עולם אַז ער זאָל אים שענקען דאָס לעבן, כדי ער זאָל קענען אַריבערטרעטן דאָס לאַנד כנען מיט די אידן. מיין מאַמע האָט עס מיר קליינערהייט דערציילט אין אַ געניגן רייכער און באַטעמטער שפּראַך, אַז עס האָט מיך טיף, ביז אין די ביינער, דורכגענו־מען אַן אייביק רחמנות צום הערלעכן און גרויסן משה...

יאָ, אַזאַ מין מוראדיק שטאַרבן איז געווען אומגעוויינלעך. אַ גאַנצע נאַכט, האָט עס אויסגעזען, האָט אים דער פינצטערער מלאך המות מיטן ריזיקן חלף געשאָכטן און אַ גאַנצע נאַכט האָט דער קרבן זיך קאָנוואולסיוו געוואָרפן און געצאַפּלט... ביז דער טויט האָט אים מיט זיין שטאַרקער האַנט אַריינגעשטאָכן אין האַלדז און אין האַרצן זיין לאַנגע, אייזערנע שווערד, ווי דער טאָרעאַדאָר שטעכט אַריין די שווערד אינעם פלייש פונעם פאַרבלו־טיקטן, צאָרנדיקן און גוססדיקן אָקס...

פונקט אַזוי ווי דער אויבנגעשילדערטער מאַן האָט פאַרצערט ריזיקע סכומים שפּייז, אַזוי האָט דער טיפּ וואָס איך גיי איצט שילדערן, זיך נישט געוואָלט צורירן צו קיין שום שפּייז. מען האָט אים מיט איראָניע גערופן „דעם קייסערס קוכאַזש", ווייל ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער זיך באַרימט אַז ער האָט געקאָכט פאַרן קייסער און פאַר דער קייסערינע... פאַר וועלכן קייסער? פאַר וועלכער קייסערינע? און אין וועלכן קעניגלעכן הויף? עס איז נישט געווען קלאָר. אָבער דער מאָדנער, אַזוי־גערופענער „קייסערס קוכאַזש" האָט נישט ליב געהאַט קיין שום שפּייז. מען האָט אים געקענט דערלאַנגען פונעם סאַמע שענסטן און פון בעסטן, האָט ער עס באַלד אויסגעשפּיגן מיט

אַ קללה. דער דאָזיקער „קייסערס קוכאַזש", אין קעגנזאַץ צו דער אידישער טראַדיציע פון נישט באַליידיקן קיין עסנוואַרג, נישט צו וואַרפן זיך מיט קיין ברויט, ווייל עס איז גאָטס געשאַנק און ווייל דער רבונו של עולם האָט עס באַשאַפן און געשענקט צום מענטש אויף זיך צו שפייזן דערמיט און צו דערהאַלטן זיין לייב און נפש, פלעגט דווקא, און ווי צו להכעיס, זיך וואַרפן מיט ברויט, מיט פרוכט און מיט אַלערליי טייערע שפייזן. ער פלעגט אַזוי ווי בכיוון באַליידיקן ברויט און מאכלים. ער פלעגט עס אַריינגעמען אין מויל אַריין און עס צוריק אויסשפייען מיט עקל. אים האָט געפעלט די עטיק פונעם איד וואָס האָט וואויל דרך־ארץ פאַר גאָטס הייליקן גאָב און געשאַנק צום מענטש. ער פלעגט ממש שלאָגן דאָס ברויט. ער פלעגט אויסשפייען אויף אַ הערלעכע פרי, וואָס די נאַטור האָט אָנגעטאָן אין רייכע פאַרבן. אויס־גיסן די זופ אויף דר'ערד. וואַרפן מיט כעס דאָס פלייש צו די פיס פונעם קעלנער. ער פלעגט אַ צאָרנדיקער צורופן דעם ווירטשאַפטלער און אים חוצפהדיק באַשולדיקן פאַר אַלעמען אין די אויגן אַז ער שפייזט די פאַציענטן מיט געפגרטע פלייש. זיין מויל איז געווען גראָב און וואולגאַר. אַזוי ווי ער פלעגט באַליידיקן דאָס עסן, אַזוי פלעגט ער אויך מיאוס באַליידיקן די מענטשן ביים טיש. ער איז ווי געבוירן געוואָרן מיטן בייזן צוועק אַלץ צו פראָפאַנירן און צו פאַרברודיקן. און דערביי פלעגט ער זיך תמיד באַרימען אַז ער האָט געקאָכט פאַרן קייסער אַליין. און אַז טאַקע די שיינע קייסערינע האָט אים געשענקט דאָס גאָלדענע פינגערל וואָס ער פלעגט תמיד טראָגן אויף זיין קרומער, צעבויגענער האַנט און אַז די פרינצעסין איז געווען זיין געליבטע...

וויפיל דער מאַן האָט געהאַט פאַנטאַזיע, האָט אים דאַך, ווי געזאָגט, געפעלט די אײדעלע באַציאונג פונעם מין מענטש צו שפייז, צו ווין, צו פרוכטן, וואָס מאַכן אַזוי שיין דאָס לעבן און צירן אַ יום־טובדיקן טיש און דערהויבן דאָס געמיט פון פריינט און פאַרדינען וואויל די ברכה פונעם איד...

שווער צו זאָגן גענוי פאַרוואָס דער דאָזיקער מענטש האָט אַזוי ביטער פיינט געהאַט און האָט געשאָלטן גאָטס שפייזן. פאַר זיין הונגערן טאָג און נאַכט, און נאָך זייענדיק מסוכן קראַנק דערצו, האָט ער, נאַטירלעך, פריער אָדער שפעטער געמוזט באַצאָלן מיטן טויט. ער איז אויסגעגאַנגען אין אַ מיטנאַכט. די קראַנקנשוועסטער האָט שפעטער דערציילט אַז ער האָט גע־שפיגן און געשאָלטן גאָטס שפּע... און אַז ער האָט זיך באַרימט אַז ער גייט אין קעניגלעכן פּאַלאַץ אָפּקאָכן אַ הינדל פאַר דער קייסערינע.

דעם דריטן פאַרשוין האָט מען גערופן סאָקראַטעס, מחמת זיין נאָז איז געווען צעשלאָגן ווי ביי אַ פּאָון און זיין פּנים איז געווען ענלעך צום פילאָזאָף סאָקראַטעסעס פּנים, וועלכע די טראַדיציע שטעלט פאַר ווי פון אַ סאַטיר. אונדזער העלד איז געווען אַ איד פון ברוקלין. אָבער עס איז געווען

שווער צו דערקענען אין אים דעם איד. פון תמיד אָן האָט ער פאַרקערט צווישן גוים. ער האָט זיך פון יונגערהייט אָן געשלאָגן מיט די איירישע און איטאַליענישע שקצים פון זיין געגנט. ער איז אויסגעוואַקסן, קען מען זאָגן, אין ברודיקן רינשטאָק. זיין היים איז געשטאַנען ביים גרויען איסט־ריווער. שפּעטער האָט ער פאַרבראַכט אין געשלעגן מיט אונטערוועלט־פאַרשוינען און פּרייז־פייטערס אין פאַררויכערטע ספּאָרט־קנייפּעס, וואו מען טרינקט, מען פרעסט, מען רויכערט און מען רעדט כסדר וועגן „פּרייז־פייטינג״ און וועגן פּרויען.

סאָקראַטעס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער פּרייז־פּיי־טער. מען האָט אים צעקלאַפּט די נאָז, אונטערגעהאַקט די אויגן, צעשלאָגן די קינבאַקן, צעבראָכן די ביינער און צעשמעטערט די גאָמבע. אָבער די אַלע מוראדיקע קלעפּ האָבן געקרוינט זיין פּנים מיטן עכטן און שטאָלצן אויסזען פון אַ פּראָפעסיאָנעלן באָקסער. ער האָט זיך אַזוי לאַנג געשלאָגן אויף דער אַרענע, ביז מען האָט אים אונטערגעהאַקט די לונגען און ער האָט גענומען שפּייען מיט בלוט. ער איז, ווייזט אויס, פּאַרט געווען אַ אידישער פּרייז־פייטער וואָס איז נישט געמאַכט פון אייזן און וואָס האָט אוודאי פון וועלכן ווייטן, אידישן זיידן געירשנט אַ טויטלעכע שלאַפקייט.

סאָקראַטעס איז געווען ביטער קראַנק. מען קאָן זאָגן: אַ חולה מסוכן. אָבער ער האָט זיין געפערלעכע אויפרעגונג נישט געקענט צוימען. ווי נאָר סאָקראַטעסן פלעגט זיך אָפּדאַכטן אַז עמעץ באַליידיקט אים, פלעגט ער זיך וואַרפן אויף יענעם מיט געביילטע קולאַקעס. יענער האָט טאַקע שלעכט אָפּגעשניטן. וואָרים דער טויטלעך־געפערלעכער פּאַציענט האָט געהאַט שטאָ־לענע פויסטן און ער האָט געקענט צעברעכן יענעמס רוק־און־לענד. אָבער אַליין אַוועקגיין פונעם פּלאַץ פון געשלעג פלעגט ער נעבעך שוין נישט קענען. אַ שטראָם שוואַרץ און געדיכט בלוט פלעגט אַ שפּאַר טאָן פון זיין מויל ווי אַ שטאַרק פייער. ער פלעגט אומפאַלן אויף די קני ווי אַ געשאָסענע און טויטלעך־פאַרוואונדעטע חיה אין וואַלד. מען פלעגט אים אַוועקפירן מיט פאַראַד אין זיין חדרל און אונטער אַ גרינעם „אָקסידזשען־טאַנק״ פלעגט ער געוויינלעך ליגן אַרום זעקס וואָכן צייט, ביז זיין וואונד אין די צעשמע־טערטע לונגען פלעגט זיך ווי עס איז פאַרהיילן.

מען האָט מורא געהאַט צו רעדן מיט סאָקראַטעסן. מען האָט דאָך וואויל געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט... די מינדסטע אומפאָרזיכטיקייט פון דער מענטשלעכער צונג, מיט אירע טויזנט שוואַכקייטן, און סאָקראַטעס, דער טויט־קראַנקער סאָקראַטעס, פלעגט זיך צוריק פאַרוואַנדלען אינעם אַמאָליקן מוראדיקן באָקסער פונם רינג. מען פלעגט אים אינסטינקטיוו אויסמיידן. ער איז געווען פאַרמשפּט צו איינזאַמקייט. אָבער ער פלעגט האָבן אַ געליבטע, אַן איירישע שיקסע מיט אַ קאָפּ רויטע האָר, וואָס איז אַליין אויך געווען מסוכן קראַנק. זי האָט באַוואונדערט סאָקראַטעסן, דעם גויאישן שלעגער.

אוןביידע פלעגן זיי אָפּט טרינקען וויסקי פון איין פלאַש. מען פלעגט זיי זען צוזאַמען זיצן בײנאַכט אויף אַ באַנק אין גאָרטן, אַרומגערינגלט מיטביימער וואָס האָבן געדולדיק געטראָגן די לאַסט פון שניי. שניי פלעגט אויך פאַלן אויפן שיכורן פּאָרל. אָבער קעלט און שניי האָט זיי נישט געאַרט. ווי פלעגט זיין צו זיי ווען דער הויפּט דאָקטאָר פלעגט זיי דערזען אין אַזאַ מין צושטאַנד. ער פלעגט זיי צאָרנדיק מוסרן.

סאָקראַטעס איז געשטאָרבן, קען מען וואויל זאָגן, אינם רינג. ער האָט זיך איינמאָל צעשלאָגן מיט אַ נייעם פּאַציענט, אַ ווייס־גוואַרדייעץ, וואָס האָט נאָך נישט געוואוסט פון סאָקראַטעס׳ס „געוואוינקייטן״. עפּעס זאָל דער צאַריסטישער אָפיצער פון אוקראַאינישער אָפּשטאַמונג זיך האָבן באַליידיקנדיק אויסגעדריקט וועגן אידן. און דער פולקאָם־אַסימילירטער, אינגאַנצן פאַרגויאישטער סאָקראַטעס האָט עס נישט געקענט פאַרטראָגן. אין אים האָט זיך פּלוצלונג אָנגעצונדן דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, וואָס עס איז תמיד שווער געווען אין דעם דאָזיקן אידישן „גוי״ צו דערקענען. אַ געפּערלעכער און אַ בליציקער מאָמענט! ער האָט דעם רוסישן, צאַריסטישן אָפיצער מיט געציילטע קלעפּ פאַרוואַנדלט אין אַן אייביקן קריפּל. ווען מען וואָלט נישט באַצייטנס אַרויסגעריסן דעם קרבן פון זיינע מעכטיקע הענט, וואָלט ער אים צעפּליקט מיט די ביינער און קנאָכנס. אָבער אויך ער אַליין, סאָקראַטעס, איז געבליבן ליגן אין אַ טייך מיט בלוט, וואָס האָט געשפּאַרט פון זיין צעבראָכענעם און פאַרקרימטן מויל, ווי פון אַ קוואַל.

ווען דער דאָקטאָר און די קראַנקענשוועסטער זיינען אָנגעקומען, איז שוין סאָקראַטעס געווען טויט. ער איז אויסגעגאַנגען פון בלוט־פאַרלוסט פון די צעשמעטערטע לונגען זיינע. מען קען זיך וואויל אויסדריקן אַז ער איז געשטאָרבן ווי אַ קדוש, אַ העלד, זיך אָננעמענדיק פאַרן אידישן כבוד...

# אותיות אין דער נאַכט

ווען איך גיי אַרויס אין אָוונט אויף אַ קליינעם שפּאַציר אין דער גאַס וואו איך וואוין, זע איך שטענדיק ווי אַזוי מענטשן וואַרטן אויף די פרישע צייטונגען, וואָס דער לאַסט־וואָגן באַדאַרף צופירן צום געשעפט אינעם ראָג פון דער גאַס. ווי נאָר דער יונג וואַרפט אַרונטער די שווערע פּעק אָוונטיקע צייטונגען, לויפן צו אַלע מיט אַמאָל די פאַרשידענע קונים אין געוועלבל און זיי צעכאַפּן די גאַזעטן, וועמענס אותיות זיינען נאָך גלאַנציק און נאַס פון די ריזיקע דרוק־מאַשינען, וואָס וואַרפן אַרויס מיליאָנען בלעטער, באַדרוקטע מיט פּאָליטישע נייעסן, מיט באַריכטן פון „עלעקטריק־טשער״, פון שרעקלעכע מערדערייען, רויבערייען און שענדונגען פון פרויען...

דער קליינטשיקער עולם ווערט מאָדנע אומרואיק. יעדער איינציקער כאַפּט אַריין די פרישע און די וואַרעמע צייטונגען און ער לויפט שנעל אַהיים, צו זיין ווינקל, צו זיין בעט, אין זיין מאַנסאַרדע, אין זיין פינצטערער

קעלער־שטוב, כדי צוש לינגען די הייסע און סענסאַציאָנעלע שורות וועגן רויבעריי און בלוטיקן פאַרברעכן. כדי אַריינצונעמען אין זיך דעם ריח פון אַ געגנסטערס פאַרסמאַליעטן לייב אויפן עלעקטרישן שטול...

שטענדיק באַטראַכט איך שפּעט אין אָוונט די מענטשן וואָס וואַרטן אויף פרישע צייטונגען. תמיד זיינען זיי פּיקאַנט און אַטראַקטיוו צום שריי־בערישן אויג. אַ שטייגער: די אַלטע פרוי מיט די צוויי אַלטע און פעטע סאַן בערנאַרדינער הינט. צוזאַמען שטייען זיי אַלע דריי אינעם נאַכטיקן, עלעקטרישן ליכט פון דעם צייטונגס־געוועלבל. מעג עס אַמאָל שנייען אָדער רעגענען, די דריי אײנזאַמע פאַסאַזשירן פונעם לעבנס־טראַמוויי האָבן גרויס געדולד. דורך דער פאַבריק פון צייט איז די פרוי געוואָרן ענלעך צו די צוויי הינט. די הינט, מיט זייער שווערער עלטער, זיינען עפּעס געוואָרן מאָדנע פאַרמענטשלעכט און פאַרפרויאישט.

עס איז אַ קליינע דראַמע פון דער גרויסער שטאָט. די פרוי איז געבליבן איינזאַם. עס זיינען מיט דער צייט אויסגעשטאָרבן אַלע אירע פריינט, נאָענטע פריינט און מכלומרשטיקע... זי רעדט צו אירע בײדע הינט אויף איטאַליעניש לשון. און דאָס מינדסטע איטאַליענישע וואָרט אויף די צע־קנייטשטע ליפּן פון דער אַלטער פרוי רופט אַרויס אַ סענסיטיוון רעספּאָנס אין די מענטשלעך־וואַרעמע, טרויעריקע און געטרייע אויגן פון די הינט...

איך דערזע אויך צווישן קליינעם עולם מיין נעגערישן דזשעניטאָר, אַזוי שטאַרק ענלעך, מיט זיין גרויען, טרויעריקן קאָפּ, צום ליבן אָנקל טאָם. זיין קאָפּ האָר איז ווייס ווי ביי אַ טויב. און וועגן אים האָב איך צו דערציילן אַ קליינע געשיכטע:

— אַנומלט, עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט, קלאַפּט עמעץ אָן אין טיר. איך דערהער דעם נעגערס שיכורן קול. ער איז דער סטרוזש אין אונדזער אַלטן הויז. ער גייט קיינמאָל נישט אַהיים צו זיין קעלער אָן אַ פלאַש וויסקי און אַ פרישע „דיילי ניוס" (טעגלעכע נייעס).

— עפן אויף! — באַפעלט ער מיר מיט זיין הייזעריקן קול.

די מאַמע דערשרעקט זיך אַ ביסל. עס איז פרייטיק צונאַכטס. די מאַמע שטייט אַן אײנגעהילטע אין דעם ליכט פון די שבתדיקע, אָנגעצונדע־נע לייכטער. איך עפן אויף די טיר מיט אַ ביסל אומהיימלעכקייט אין האַרצן. „אָנקל טאָם" לאָזט ליגן לעבן מיינע פיס אַ פאַרדעכטיקט זעקל און ער שרייט אויס:

— גיב מיר אַ טאַלער!

איך דערלאַנג אים אַ טאַלער פון זילבער. איך בלייב איבער אַליין מיטן זעקל. דער נעגער וואַקלט זיך צוריק אַרונטער אין קעלער אַריין מיט די קרומע, ליימיקע טרעפּ. איך קוק אויפן זעקל: אפשר ליגט דאָ אַן אָפּגעהאַקטער קאָפּ פון אַ מענטש? צי צאַפּלט זיך דאָ נישט חלילה אַ קליין קינד? צי האָט ער היינט ביינאַכט, אַ ברוטאַלער שיכור, דערשטיקט זיין שוואַרצע געליבטע

און האָט אַ האַלבן, צעשניטענעם גוף אירן מיר געבראַכט אַ מתנה? איך נעם זיך אָן מיט מוט און איך עפן אויף דאָס זעקל. איך נעם אַרויס, צו מיין אייגענער און צו מיין מוטערס איבעררעאַשונג, אַ ראַמש מיט ביכער: עס זיינען אַנטאָן טשעכאָווס ווערק, אין לעאָן קאָברינס אידישער איבערזעצונג. עמעץ האָט זיי אַראָפּגעוואָרפן אין קעלער אַריין, פאַר דער טיר פונעם סטרוזש. ער ווייסט וואויל אַז איך בין אַ אידישער שרייבער. האָט ער מיר געבראַכט אַ זעקל מיט טשעכאָווס געלעכטער. —

עס איז אויך פאַראַן צווישן קליינעם פובליקום אַ זייער פּעטע פּרוי וואָס גייט אַרום שפּאַצירן אין דער געגנט אינגאַנצן אַליין. אין קאַלטע, טריבע אָוונטן זיצט זי אין רעסטאָראַנדל און וואַרעמט זיך אירע אַלטע, מידע הענט ביים טעפּעלע מיט הייסע קאַווע. אַמאָל רויכערט זי אַ ציגאַרעט. אָדער זי גייט שפּאַצירן מיט אַ נידעריקן, זייער אָרענטלעכן, שטילן מאַן. איך קען קיינמאָל נישט באַשליסן צי זיינען זיי מאַן־און־ווייב. אָדער צופעליק טרעפן זיי זיך אויף די טרויעריקע און נאַכטיקע וועגן פון מענטשלעכער איינזאַמקייט.

אין רעגן און אין שניי, אין ווינט און אין האָגל, וואַרט מען אויף די פרישע צייטונגען, אויף די נייעסן פון מאָרד און פון מלחמה, פון רויבעריי און פון פּאָליטיק. די נאַכט איז גרויס און טיף ווי אַ פינצטערער ים. די נאַכט הייבט זיך אייגנטלעך ערשט אָן. מען וואַרט אין דער נאַכטיקער פינ־צטערניש אַרום דעם פייער פונעם צייטונגס־געוועלבל, כדי די ערשט־געדרוקטע אותיות זאָלן ברעכן די מאָנאָטאָניע פון איינזאַמע לעבנס אין דער גרויס־שטאָט ניו־יאָרק.

דערווייל באַטראַכט איך די שכנותדיקע געשעפטן. די מענטשן קוקן אָפּט אַריין אין דער ברייטער וויסטאַווע פון אַ רעסטאָראַציע וואָס הייסט: „די קעניגין פון די ימים". אויף דער גרויסער וואַנט, אינעווייניק, האָט אַ קינסטלערישע האַנט געמאָלן אַ פרעסקאָ פון ריזיקער גרויס: דער בלויער, טושאָוועער ים זעט אויס אַזוי פריש־בלוי ווי די באַליע מיט בלויע וואַסער אין וועלכער מיין מאַמע האָט ערב־פּסח געפּאַרבט קליידער און וועש. אינם דאָזיקן ים פון דורכזיכטיקן טינט שווימען אַרום באַזעגלטע „מעיפלאַוערס". די וואָלקנס זעען אויס ווי פיצלעך פאַרגעסענער בלייענער רויך. די זעגלען זיינען שטייף אָנגעצויגן אַנטקעגן דעם אַטלאַנטישן ווינט.

אַז איך קום שפּעט ביי דער נאַכט אַהיים פון דער שטאָט, כאַפּ איך שטענדיק אַ קוק אַריין: אין דער וויסטאַווע ליגט געוויינלעך אָן ערשט־געפאַנגענער רויטער לאַקס. די פייערדיקע מאָרדע זעט אויס צו זיין גע־האַמערט ווי פון מעטאַל. די אויגן פונעם פיש דריקן אויס אַ שטאָל־גרויע אומהיימלעכקייט, וואָס שמעקט מיט דער טיפעניש פונעם אוקיונוס. דער פּיסק איז ברייט אויפגעריסן און האָט עפּעס פון דער ברוטאַליטעט פון אַ ווילדער חיה אינעם דזשאַנגל. דער פלאַמיקער פיש ברענט ווי אַ זון־אונ־

טערגאַנג. אינסטינקטיוו טראַכט איך פֿונעם איינזאַמען נביא יונה. דער פֿיש וואָס האָט אין איינעם אַ נאָכמיטאָג איינגעשלונגען דעם נביא, איז שוין געבליבן אויף אייביק אַן אומעטיקער און אַ פֿאַרשרפּהטער מיטן נביאס פֿייער און טרויער. דער פּראָטעסטירנדיקער נביא האָט איבערגעלאָזן אין דעם פֿישס געדערים זיין פֿינצטערן אומעט, דאָס פֿייער פֿון זיין אומרואיקן בלוט, די טראַגישע אומהיימלעכקייט.

עס איז פֿאַראַן אין דער וויסטאַוועס אַ ווינקל פֿאַר די ראַקעס. תמיד שטיי איך פֿאַר די דאָזיקע מאָדנע און ביזאַרע באַשעפֿענישן מיט עפּעס אַ טרויעריקן געפֿיל. האָט דער אַלמעכטיקער האַר פֿון די וועלטן, וואָס האָט באַשאַפֿן משהן, ישעיהון, שפּינאָזאַן און איינשטיינען, מאַרקסן און פּרוידן, אויך זיי מיט כוונה באַשאַפֿן?! די פֿאַנטאַזיע פֿון אַ מאָנסטערהאַפֿטן שד וואָלט קוים געקענט אויסטראַכטן אַזעלכע קאָמפּליצירטע און אָפּשטויסנדיקע לעבנס־פֿאָרמען. אָפּטמאָל זע איך ווי דעם קעלנערס האַנט כאַפּט אַרויס אַ צאַפּלענדיקן ראַק פֿון דעם געדיכטן, עקלהאַפֿטן קנויל פֿון ראַקעס. מיט אַלע זיינע מיאוסע און צעבויגענע גלידער באַוועגט דער ראַק אַן אונמעכטיקער און אַ צום טויט־פֿאַרמשפּטער אין דער לופֿט. אָבער, די האַנט פֿונעם מענטשלעכן מלאך המות טראָגט אים פּעסט צום טויט דורך פֿייער, דורך דעם קאָכנדיקן, הייסן וואַסער.

אַנטקעגן די פֿינצטערע ראַקעס ליגן זייער אידעלע, ווייסע פֿיש — אמתע בלעכענע מייסטערווערק פֿון נאַטור־שיינקייט. שטיקער מיט גרויס קונסט געשמידטע זילבער און גאָלד באַשעפֿענישן, ווי פֿון דער האַנט פֿון אַ מייסטער־גאָלדשמידט. דאָס באַווייזט קלאָר: די גרויסע און געהיימנישפֿו־לע מוטער נאַטור טראָגט אין זיך אַ טויזנט טאַלאַנטן.

און, שפּעט אין דער נאַכט טוישט אַ האַנט די אותיות אויף אַ דער־בייאיקן קינאָ־שילדל. אותיות זיינען פֿון אייביק אַן מיין ליידנשאַפֿט. עס ציטערן אויף אין דער נאַכט אויפֿן הימלישן האָריזאָנט פֿייערדיקע אותיות, אָנגעגאָסענע מיט עלעקטרישן בלוט. נעמען פֿון פֿאַרברעכן און פֿון ליידנ־שאַפֿט. אַ מענטשלעכע האַנט שטעלט איבער די פֿאַנטאַסטישע אותיות. איך פּרואוו טרעפֿן די נעמען, די טיטולן און די פּראַזן. איך ווייס אַז ווען איך וועל אַריינגיין אין דער געדיכטער און דזשאָנגלדיקער פֿינצטערניש פֿון קינאָ, כדי צו זען די פּראַנצויזישע, איטאַליענישע, אָדער אַמאָל אַ סקאַנדי־נאַווישן פֿילם, מיך דערפֿרייען דערפֿרישן פּרעמדע מענטשן, דורך זייערע דראַמעס, יסורים און געראַנגלען מיר נאָענט געוואָרענע. צוזאַמען מיט שטיקער פּייכט־גרינע לאַנקעס, געלע ים־ברעגעס, פּיל־פֿאַרביקע לאַנד־שאַפֿטן פֿון ווייטע לענדער, וואו עס שפּילן זיך רייך אָפּ די אַלמענטשלעכע דראַמעס פֿון ליבע און פֿון אייפֿערזוכט, פֿון לעבן און פֿון טויט. די דערזעסט פּלוצלונג אַ שטיק לאַנד. די גייסט אַרויס פֿונעם גאַפֿנדיקן פּובליקום און די גנבעסט דיך אַריין אין דעם שטיק מולטיקאָלירטן לאַנד־און־לאָנקע. עס

רעגנט דאָרט? וועלן היימלעך און ליב רעגענען אויף דיר די דופטיקע טראָפּנס רעגן. עס שנייט דאָרטן אַ צינד? וועט פאַלן אויף דיין קאָפּ און רוקן דער בלויער שניי. שפּעטער קומסטו אַהיים צו דיין אײַזערנעם בעט. דו ביסט היינט בײַנאַכט געווען אין שפּאַניע. דו ביסט געגאַנגען שפּאַצירן ביים ברעג פון ים, צי ביים טייך טיבער, צי גאָר ביים געלן אַש פון וועזוווויוש. דיינע פיס האָבן אָנגערירט אַ ווייטע, היימלעכע ערד... אָדער, דו האָסט גאָר געשפּילט אַ צעהיצטער ביים גורלדיקן רולעט אין מאָנטע־קאַרלאָ.

און, נאָך אותיות לויכטן אין אַ הויז דאַנעבן: די אותיות פונעם „פּיור־נעראַל״־היים. אָבער, די דאָזיקע אותיות זיינען פּורפּורנע. קיינער האָט נישט קיין חשק די דאָזיקע אותיות אויפמערקזאַם איבערצולייענען. מען מיידט אינסטינקטיוו אויס, מיט אַ טיפן שוידער, די איינזאַמע, קאַלטע און אָפּשרעקנ־דיקע אותיות. אָפּט קען מען זען אינעם פענצטער אַן אַלטן מאַן, מיט אַ ליסענעם, זילבערנעם קאָפּ, ווי אַזוי ער זיצט ביים קליינעם טישל אַ דרימלענדיקער, וואו עס שטייט דער שוואַרצער טעלעפאָן־אַפּאַראַט. ער וואַרט אויפן מלאך־המות׳ס קול. אַ גרויסער זייגער שטייט מאָנומענטאַל־ערנסט אין אַ ווינקל. דער מעשענער אומרו באַוועגט זיך הין־און־צוריק מיט גרויס געדולד. נאָר געדולד!... מסתמא וועט נאָך ביזן גרויען באַגינען אַ מענטשלעך קול אָנזאָגן דעם טויט פון זיינס אַ נאָענטן. — — —

און נאָך פייערדיקע אותיות לויכטן. די פון די רעסטאָראַציעס אין דער געגנט. איין רעסטאָראַציע הייסט „אַזיע״. דער צווייטער: „באַמביי״. דער דריטער „שע מישעל״ (ביי מישעלן). עס לויכט פון די רויטע אותיות מיט היימלעכן אָנזאָג אויף פּולבלוטיקע „סטייקס״. אויף דורכזיכטיקע פּלע־שער קאָניאַק. אין איינעם אַ ווינקל פון דער רעסטאָראַציע זיצט אַן עלע־גאַנט פּאָרפּאָלק און זיי האַלטן ערשט ביים סאַמע אָנפאַנג פונעם מאָלצייט. אַ צווייטע פּאָרפּאָלק עסט שוין דעם זיסן קאָמפּאָט. עס איז שטענדיק אַ פראַגע פון צייט. ווער פריער. און ווער שפּעטער. אומעטום און תמיד אַזוי. ווער עס קומט ערשט אַריין אינעם קינאָ, פול מיט הונגער און אַפּעטיט נאָך לעבנס־דראַמע און ער האָט נאָך פאַר זיך צו זען דעם גאַנצן פילם. און ווער עס גייט שוין אַ מידער אַרויס פון דער געדיכטער קינאָ־פינצטערניש: ער האָט שוין אַלץ געהערט, געזען און פאַרנומען. דאָס איז דאָס לעבן. „סע לאַ ווי״! — זאָגט דער פראַנצויז מיט אַ קלוגן שמייכל און מיט וויין־באַנעצטע ליפּן.

איך האָב שוין געמאַכט מיין קליינעם שפּאַציר אויף דער גאַס וואו איך וואוין. איך האָב שוין אַריינגענומען אין זיך דעם טעם פון דער נאַכטי־קער און דרויסנדיקער שטיק וועלט. וואָרים, עס איז שטענדיק שיין און שטאַרק אינטערעסאַנט דער לופטיקער דרויסן, אַפילו אינעם ערגסטן וועטער. איצט, אין דער שפּעטער נאַכטיקער שטונדע, זיצן שוין אַלע מענטשן אין זייערע היימען. זיי שלינגען די כראָניק פון רויב־און־עראָטיק פון די

שוואַרצע, גלאַנציקע אותיות פון די אָוונטיקע צייטונגען. און באַלד וועט זיי ווידער גריזשען די אייזערנע לאַנגווייליקייט. די צייטונגען וועלן באַלד שוין זיין אויסגעלייענטע, ליידיקע, פוסטע. אָבער די פינצטערע נאַכט איז נאָך לאַנג: איצט ווערן געמאַכט נייע אַטאַקעס, שענדונגען פון ווייבלעכן פלייש, האַלדאַפּס און מערדערייען. דער מלאך המות גייט אַרום אין די מעט־ראָפּאָלישע גאַסן מיט זיין אַלטמאָדישער קאָסע (אָדער מיט זיין לאַנגער, אייזערנער שווערד אונטער די פּאַלעס פון דער ברייט־ראָמאַנטישער פּעלערי־נע). אין פריען באַגינען וועלן קומען אין די פּאָליציי־סטאַנציעס פלינקע רעפּאָרטערן און זיי וועלן שרייבן פרישע רעפּאָרטאַזשן פאַר די טאַבלאָיד־צייטונגען.

איך קום אַהיים פון מיין נאָקטורנעם שפּאַציר. איך עפן אויף די געלע בלעטער פון אַנטאָן טשעכאָווס ווערק. ער איז געווען קלוג, דער דאָזיקער שווינדזוכטיקער רוס. ער האָט וואויל געקענט דאָס בונטע לעבן מיט אַלע זיינע קאָמעדיעס און טראַגעדיעס. ער האָט געהאַלטן אין זיין דינער האַנט נישט קיין נאַרישע פּעדער. ער האָט באמת דאָס אַלץ באַשריבן נאָך פריער פאַר מיר. — — —

## אַ הויז אין די בראָנקס

איך בין געקומען צוגאַסט צו דער דיכטערין רינה אָפּאָטשינסקי, די שוועסטער פון דעם אידעלן דערציילער אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, פּרץ אָפּאָטשינסקי. דאָס הויז איז געוואָרן אַלט און אומעטיק. די שיינע קאַץ וואָס איז איבערגעבליבן פון די פריערדיקע בעלי־הבתים פון הויז, איז אומ־געקומען דורך אַן אַן אויטאָמאָביל אויפן וועג. איך געדענק די קאַץ. זי איז שטיין געבליבן אין מיין זכרון מיט איר שטאָלץ און איינזאַמקייט. עס האָט לאַנג געדויערט ביז רינה האָט געוואוינען איר צוטרוי. זי פלעגט מערסטנס פאַרברענגען אינם גאָרטן, צווישן די היימישע בוימער.

לעצטנס האָט מען אַרויסגעטראָגן דאָס ברייטע בעט אין וועלכן ר׳ אליעזר אָפּאָטשינסקי פלעגט שלאָפן. אויפן פלאַץ פון בעט, איבער דער פּאָדלאָגע, איז געבליבן שטיין אַ גרויסער, פירקאַנטיקער פלעק, ווי אַ קבר. רינה איז אין די לעצטע צייטן עפּעס צופיל אַפּאַטיש און טרויעריק, כדי זיך צו נעמען די מי און אָפּצוואַשן דעם פינצטערן פלעק. איך געדענק ר׳ אליעזרן. איך געדענק דאָס לעצטע מאָלצייט מיט אים. ער איז שוין געווען ערנסט קראַנק. אָבער אַזאַ טיפע שטילקייט און ערלעכער גלויבן איז געווען אין זיין געמיט. ער האָט געגלייבט אַז גאָט אַליין וועט אים היילן. ער איז דאָך זינט זייןגעבורט געווען אַזוי געטריי צו גאָט. האָט ער געגלויבט אַז גאָט איז אויך געטריי צו אים. ר׳ אליעזר איז אַוועק פאַרנאַכט אין דער שכנות־דיקע שול. די פּאָר היימישע אידן האָבן שוין דאָרט אויף אים געוואַרט. זיי האָבן אים טיף געשעצט. ווען ער איז צוריק געקומען פון דער שול,

פרייטיק צו נאַכטס, האָט רינה געגרייט דעם ברייטן טיש מיט טייערע מאכל־ים. עס איז תּמיד דאָ געשטאַנען די פּיליזשאַנקע מיט ווייַן. ר׳ אליעזר האָט מיט מיר געטרונקען גרויסע כּוסות מיט ווייַן. ער האָט געזאָגט תּורה. איך האָב נישט געוואוסט אַז דאָס איז מיין לעצטער מאָלצייט מיט אים. ר׳ אליעזר האָט ליב געהאַט צו טאָן אַ אידן אַ טובה. ער האָט געשעצט אידישע שרייבערס. ער איז געגאַנגען אין די טריט פון זיינע זיידעס. אָבער אַז גאָט דערהרגעט זיינע אידן, ווי קענען זיי דעמאָלט טאָן מצוות?

דאָס הויז איז געאיידלט געוואָרן דורך צייט. דאָ דאַכט זיך, אין די אַלטע ווענט, שלאָפן די גייסטער פון די פריערדיקע בעלי־הבתים, וואָס האָבן צום הויז געגעבן זייער פּנים, זייער געמיט און שטימונג. רינה האָט ליב אויס־צוהענגען די ווענט פון די שטיבער מיט פאָטאָגראַפיעס. איך קוק אָן דאָס בילד פון דעם לאָדזשער פאָלקס־דיכטער הערשעלע, וואָס איז געבליבן שטיין דורך זיין לעבן, ביזן אונטערגאַנג פון די אידן אין פּוילן, און ביז זיין אייגענער גרויער עלטער, אזוי ווי אַ קינד: ווי איינער פון דעם מיליאָן אומגעקומענע קינדער. הערשעלעס לידער — ווער לייענט זיי איצט? וווּ קען מען געפינען זיינע קליינע ביכלעך? דער קאָמפּאָזיטאָר הענעך קאָן האָט ליב צו דערציילן אַ סך חנעוודיקע אַנעקדאָטן פון דעם אָרעמען, קליי־נעם און אומעטיקן הערשעלען.

פון די ווענט קוקן אַראָפּ פאָטאָגראַפיעס פון אַנדערע אידישע שרייבערס. פון אַ קליינטשיק בילדל פונם רבין פון קלאָדעווע האָט דער מאָלער אַב־סעלעוויטש געמאָלן אַ גרויסן פּאָרטרעט. דעם רבינס פּנים איז ווי דאָס פּנים פונם אידישן פאָלק. אַזאַ אידלקייט! אַזאַ לויטערקייט אין די אויגן, אינם אויסדריק פון אידישן גייסט און תּורה. איך דערקען דאָ אויך מיינס אַן אייגענע פאָטאָגראַפיע. יעקב מארינאָוו האָט מיך אין אַ טאָג גענומען צום קונסט־פאָטאָגראַפיסט קאָוונער גראָדסקי. דאָרטן האָב איך זיך אָנגעזען מיט די שיינע פּנימער פון פּרץ הירשביין, אַברהם רייזען. דער פאָטאָגראַפיסט האָט קריטיקירט מיין העמדל, דעם קראַוואַט, מיין אָנצוג. מאַרינאָוו האָט געשריגן איבער מיר, זיך געבייזערט. לויט אים האָב איך געדאַרפט קומען אַן אויסגעסטראָיעטער ווי דער שפּאַנישער קעניג וואָס האָט פּאָזירט פאַר וועלאסקעז. מיר האָט באַנג געטאָן וואָס איך האָב זיך געלאָזט צורעדן זיך צו שלעפּן אין די בראָנקס מיטן טויבן מאַרינאָוון. אָבער, עס איז אַרויס־געקומען אַ לייטישע פאָטאָגראַפיע, וואָס איך האָב שפּעטער טאַקע אויסגעני־צט פאַר מיינס אַ בוך. מיין בילד שטייט דאָ צוזאַמען מיט רינה׳ס אַ באָבע, וואָס האָט געלעבט גאַנצע הונדערט מיט דרייצן יאָר. די בילדער וויאַנען צוזאַמען מיט די טויטע פּלאַנצן פון די וואַזאָנען. איך נעם אין דער האַנט די אידישע ביכלעך. די פאַרדאַרטע בלעטלעך ברעכן זיך ביים מישן זיי. די זשורנאַלן ווערן געל ווי זון־פאַרגאַנג. רינה רעדט מיט אַ באַטעמט לשון, מיטן אַלט־היימישן אידיש פון קויל און קלאָדעווע.

רינה גייט איצט פאַרקויפן דאָס באַשיידענע הויז. פּאָרטאָריקאַנער האָבן אין די לעצטע יאָרן פאַרפלייצט די גאַס. איך זיץ אויפן היימישן גאַנעק, אין דרויסן. עס איז פאַרנאַכט. די זון פוצט מיר מיט כאַמילין די שיך. פאַר־אַיאָרן בין איך צוזאַמען מיט רינה׳ן געפאָרן אויף קבר אָבות צו איר מאַן. ר׳ אליעזר׳ס גוף איז געווען ענג אַריינגעקוועטשט צווישן מאַסן קברים, אין ברוקלין. איך האָב געטרונקען אַ כּוסה מיט בראָנפן און איך האָב אַליין געטראַכט פון דער מאָדנער ענגשאַפט פון די קברים. ווי אַזוי קען זיך נע־בעך ר׳ אליעזר׳ס גוף דאָ פאָמיעשטשען? און אַז ער האָט חשק זיך איבער־צודרייען, ווי אַזוי באַוויזט ער דאָס צו טאָן? ער, וואָס האָט ביים לעבן ליב געהאַט ברייטקייט און רחבות? ער איז דאָך געווען אַ איד מיט אַ גרויסער נשמה. ער האָט אַנטקעגנגעטראָגן אַ גאַסט וואַרעמקייט, גוטסקייט און פריינט־שאַפט פון האַרצן... איך געדענק די עטלעכע ליטעראַרישע אָוונטן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין הויז פון די אָפּאָטשינסקיס. אַברהם רייזען האָט דע־מאָלט געקעניגט מיט זיין אמת׳ער ליבשאַפט צו אַ אידישן שרייבער, אַ אידישן מענטש. דערזעלבער טיש ביי וועלכן איך האָב מיט ר׳ אליעזרן געגעסן דאָס לעצטע מאָלצייט, האָט זיך ממש געבראָכן מיט אידישלעך־היימישע מאכלים; מיט געשמאַקע לאַטקעס; מיט לעקעך און מיט פלע־שער וויין; מיט פּירות און מיט די פיינע גלעזער טיי מיט ציטרין. שרייבער האָבן געדאַוונט ביים טיש מיט האַרציקע רעדעס לכבוד אידיש און אידיש־קייט. אָבער מער פון אַלע האָט אָנגעקוואָלן ר׳ אליעזר. דאָס איז געווען זיין אייגענער יום־טוב מער ווי אַלעמענס שמחה.

רינה זיצט מיט מיר אויפן גאַנעק. זי רעדט וועגן דעם פּאָעט אשר שוואַרצמאַן, וואָס איז געווען אַ חבר פון איר ברודער פּרץ אָפּאָטשינסקי. זי זינגט אַן אומעטיק ליד פון אים. דער יינג־אומגעקומענער פּאָעט האָט בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געדינט אין קוליש און, אַ הונגעריקער נאָך היימישקייט, נאָך אַ אידישער שטוב, פלעגט ער אין די פרייטיק צו־נאַכטסן קומען צוגאַסט צו זיי, צו דער גרופּע אינטעליגענטן און ליב־האָבער פון אידישן וואָרט. ער האָט אין די קאַזאַרמעס אויסגעטאָן דעם רו־סישן שינעל און מיליטערישער אובראַניע. אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל דעם צאַר׳ס שווערד. געקומען עסן פיש, זיך באָדן אין דעם ליכט פון די שבת־דיקע לייכטערס און רעדן מיט חברים וועגן אידישער ליטעראַטור. געווען איז אין דער גרופּע דער פיינער אינטעליגענט און שפּעטערדיקער שרייבער, ישעיה זאַנדבערג, וואָס וואוינט שוין זינט יאָרן אין ברוסעל. איך בעט רינה׳ן צו זינגען אשר שוואַרצמאַנס ליד און איך פאַרטראַכט זיך. וואָרים אַז איך קום אין דער געגנט, פיל איך די אָנוועזנקייט פון מיין משפּחה, וואָס האָט געוואוינט אין די בראָנקס. מיר דאַכט זיך אַז באַלד וועלן מיטן דעמער אָנקומען טאַטע־מאַמע... דער טאַטע וועט שווייגן. אָבער ער וועט מיך שטילערהייט אָנקוקן און מיך אַריינגעמען אין זיינע ביינער. די מאַמע,

אַזוי קליין און איינגעבויגן צו דער ערד, וועט שטיל וויינען... אמת, איך וועל קוים קענען אָנקוקן איר פּנים, וואָס די נאַכט וועט פאַרהילן. אָבער איך וועל דערקענען דאָס שייטל, וואָס איז קיינמאָל נישט גרוי געוואָרן אויף איר טרויעריקן קאָפּ...

בשעת רינה רעדט צו מיר, דערמאָן איך זיך אַז זייענדיק אויפן ברוקלינער בית עולם, האָט זי מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, מיך צוגעפירט צו אַ זייטיק קבר׳ל פון אַ קינד און זי האָט מיר שטיל געזאָגט:

— דאָ ליגט מיין איינציק ליב טעכטערל...

מיר איז געוואָרן עפּעס מאָדנע באַנג אין האַרצן. עס איז תּמיד די ברוטאַליטעט און די באַליידיקונג ווען מיר זען אַז אַ יינג לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן נאָך אַלס קינד... רינה האָט געמיינט אירס אַן איינציק קינד, וואָס זי האָט געהאַט מיט איר ערשטן מאַן. דאָס קינד האָט מען אַ נאָמען געגעבן מיכלאַ, נאָך רינה׳ס מוטער. עס איז געווען בלויז צוויי יאָר אַלט, ווען דער מלאך המות האָט עס אָנגערירט... רינה האָט דערנאָך אָנגעטאָן אַ שוואַרץ קלייד, בשעת זי איז נאָך געווען אַזוי יינג... דאָס דאָזיקע טונקעלע קלייד האָט זי שוין מער קיינמאָל נישט אויסגעטאָן. זי האָט אָפּגעוויינט איר גאַנץ לעבן אויפן טויט פון מאַרטאַן, ווי מען האָט זי גערופן...

איך בין געשטאַנען ביים קבר פון אַ קינד, טיף־געפאַלן און אומבאַהאָלפן. איך האָב נישט געקענט געפינען דאָס פּאַסיקע וואָרט כדי צו טרייסטן דער איידעלער מוטער וואָס גייט אַרום שוין זינט יאָרן אין אַ זשאַלאָבנעם קלייד.

מיר זיינען דעמאָלט צוריק געגאַנגען צו ר׳ אליעזר׳ס קבר. מען האָט דאָ געטיילט וויין, בראָנפן און לעקעך. עס זיינען דאָ געווען פאַרזאַמלט לעבעדיקע אידן און, ביי דעם גאַנצן טרויער, איז דאָך עפּעס געווען אַן אַטמאָספערע פון היימישקייט. דער שנאַפּס האָט געגעבן כוח מנצח צו זיין דעם אייביקן טרויער פון מענטשלעך שטאַרבן און די באַליידיקנדיקע פאַרגענגלעכקייט. פאַרנאַכט, אַהיימפאָרנדיק פון דעם גאַנצן טאָג מיט אָנגעשטרענגטע איבערלעבענישן, האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם גאָר זייטיקן קברל פון רינה׳ס איינציקן טעכטערל. שטילע קוויאַטן האָבן געבליט אויפן קאַרגלעכן בערגעלע ערד. ווער האָט די קוויאַטן דאָ פאַרפלאַנצט? די מלאָכים אַליין האָבן צו אַ אידיש מיידעלע געבראַכט קוויאַטן פון גן־עדן... — — —

די גרויסע זון פאַרגייט און זי קושט מיר די הענט מיט גאָלד. רינה שטייט אויך אינגאַנצן איינגעהילט אין אַ פּישופּ׳דיקן זייל מיט גאָלד. ווען ר׳ אליעזר האָט געלעבט, האָט געבליט און געבלאַנקט דאָס הויז, וואָס ער האָט אַזוי גערן געהאַט. רינה האָט געוואָלט מיט אים פאָרן אין די בערג, צו גאָט׳ס רחבותדיקע לאַנדשאַפטן, צו גאָטס זיילן פון גראַניט. זאָל ער

זיצן צווישן די בערג מיט אַ תהילימל אין דער האַנט און דערציילן מעשות צו אידן. אָבער ר׳ אליעזר האָט אין ערגעץ נישט געוואָלט פּאָרן. ער האָט ליב געהאַט זיך צו פּאָרן אַרום זיין הויז. ער האָט גערן געהאַט אין די זומערדיקע פּאַרנאַכטן צו זיצן אויפן גאַנעק, זיך אָפּצורוען פון דער אַרבעט פונם לאַנגן טאָג...

איך גיי אַריין אין שטוב און איך זע דורך די מוטנע שויבן ווי עס קוקט אַריין אַן אַלטער, מידער גאָרטן מיט זיינע שטילע, געטרייע בוימער. עס איז פּשוט אַ גאָט׳ס רחמנות אויף אַלע זאַכן דאָ וואָס האָבן אָפּגעלעבט אַ קאַפּיטל אידיש לעבן אין ניו־יאָרק...

# דער אָרעמאַן

מיר זיינען געזעסן אין אַ רעסטאָראַציע און געגעסן דאָס געשמאַק־פולע מאָלצייט. בשעת די פּריילעכע געזעלשאַפט האָט זיך געלאָזט וואויל גיין, האָט זיך די טיר פּלוצלינג אויפגעבראָכן און עס איז אַריינגעפאַלן פון אימהדיקן דרויסן אַן אָרעמאַן. דאָס איז געווען אַן אַלטער איד, מיט אַ ברייטער, רויטער באָרד, און מיט אויגן וואָס האָבן געלויכטן מיט טרויער פון צוויי טויזנט יאָריקן אידישן גלות. איך האָב זיך ממש דער־שראָקן פאַרן אַלטן איד. עס איז געווען ווי ער וואָלט געקומען פון אור־אַלטע צייטן, פון שטויביקע מרחקים. ווי ער וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון דעם גראַנגל און העלדישקייט פון דער אידישער געשיכטע. שטעל אַרויף דעם דאָזיקן איד אויף אַ בינע, און עס שטייט פאַר דיר אין זיין פאָלקלאָ־רישן, דורך דורות אויסגעוואָרעמטן געשטאַלט, אליהו הנביא. דאָס פּנים זיינס, הגם עס איז געווען צעאַקערט פון יסורים, האָט דערמאָנט אין רעמבראַנדט׳ס אַ שטראַלנדיקן רבין פון אַמאָליקן אַמסטערדאַם. עס פעלט אים בלויז אַ גאָלדענע קרוין אויפן קאָפּ מיט די גערדיכטע האָר־קודלעס. דער איד איז אַוודאי אַ פאַרשטעלטער שליח פון הימל, האָב איך געטראַכט.

מיינע פריינט האָבן זיך געפילט מאָדנע. זיי האָבן דעם פרעמדן איד אָנגעקוקט מיט אומפריינטלעכקייט. ער האָט מכלומרשט געשטערט זייער לוסטיקע אונטערהאַלטונג. ער האָט אונטערגעבראָכן דאָס הינטישע גריזשן פון די הינערישע ביינער. ווען עס וואָלט אין זעלבן מאָמענט אַריינגע־קומען אַ הונט פון דער גאַס, אַ ברודיקער, הונגעריקער הונט, וואָלטן זיי אים גערן צוגעוואָרפן די צעבראָכענע און אויסגענאָגטע ביינער. אָבער דאָ איז דאָך פּלוצלינג דערשינען אַן אָרעמער מענטש.

דער שוויגנדיקער איד האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט, אַ הכנעהדיקע, בלייכע האַנט, ווי פון אַ פאַרטריבענעם קייסער. איך האָב אים, נישט אויס־גערעדט זאָל עס זיין, דערלאַנגט אַ זילבערנע מטבע, כאָטש ער האָט לויט זיין מאַיעסטעטישן אויסזען און לויט זיין אינערלעכער ווירדע און

קענטיקע אויסדרוקן פון יסורים אויפן פנים, אָן ספק פאַרדינט באַלוינט צו ווערן מיט אַ גאָלדענער מטבע.

די איבעריקע מענטשן ביים רייך־געדעקטן טיש, מיינע זאַטע און בגילופנדיקע פריינט, וועמענס ליפּן זיינען געווען פייכט פון פעטס און וויין, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אים עפּעס צו שענקען.

— אַ פּשוטער שנאָרער. — האָט איינער געזאָגט מיט אַ ציניש שמייכל אויף זיין זאַטן פּנים.

— זאָל ער גיין אַרבעטן, דער בעטלער! — האָט מיט רוגזה אין זיין קול זיך צעדרשנט אַ צווייטער.

— ער איז אַ געזונטער מאַן, אַן אייזערנער פאַרשוין. קוקט נאָר אָן זיינע שטאָלענע מוסקולן, די מעכטיקע פּלייצעס ווי פון אַ מויערער פון הייזער. מיט אַזאַ פיזישן כוח קען מען דאָך אויפשטעלן שטעט. — האָט אַ דריטער ציניקער זיך מיאוס געחכמה׳ט.

איך האָב בשעת מעשה דערקענט טיפן ווייטיק אין אידנס פּנים. ער האָט מיך אָנגעקוקט אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך קעגנזייטיק אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען. פון זיינע אויגן האָט שטיל געטריפט מיט אומעט. אָבער ער האָט חלילה נישט אויסגעדריקט זיין געפיל פון שנאה. איבער זיינע זון־פאַרברענטע באַקן זיינען גערונען טרערן.

אַגב, דאָס וואָס מיינע פריינט האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אַ נדבה צו אַן אידישן אָרעמאַן, איז געווען אומנאַטירלעך און אינגאַנצן נישט אין אידישן כאַראַקטער. עס איז געווען גויאישער ציניזם. וואָרים אידן האָבן אָפענע הענט. אידן שעצן הויך די מידה פון געבן צדקה. די היסטאָרישע אידישע טראַדיציע ווייסט פון צייטן ווען אידן זיינען זיך פּשוט מקריב געווען לטובת הכלל. אידן האָבן אין פאַרשידענע טראַגישע פעריאָדן זיך קעגנזייטיק געהאָלפן.

דער איד איז אַן איינזאַמער און פאַרשעמטער אַרויסגעגאַנגען, באַגלייט פון מיין מיטפילנדיקן בליק. איך האָב זיך אַגב דערמאָנט אַז איך האָב שוין דעם דאָזיקן איד אַמאָל ערגעץ־וואו געזען. אפשר נאָך דעמאָלט ווען איך בין געווען אַ קליינטשיק אינגעלע. די דאָזיקע אידן, אַזעלכע שטילע, רואיקע און טיף־שווייגנדיקע, זיינען געווען נידעריקער ווי גראָז און גע־רוישלאָזער ווי שאָטנס.

דאָס היימישע, פּוילישע שטעטל האָט זיי באַזעסן אין אַ גרויסער צאָל, די אידישע אָרעמעלייט, די אביונים און בעטלערס. זיי פלעגן אויסשטרעקן שטומערהייט, אָנווערטער אויף די ליפּן, זייערע טרויעריקע הענט. מיין אַיידעלע, גאָטזעליקע מאַמע פלעגט זיי דערלאַנגען אַ שטיקל ווייסן צוקער אָדער אַ דין רעפּטעלע ראַזאָווע ברויט. אַמאָל אויך אַן אָפּגעריבענע, קו־פּערנע פּרוטה.

שפּעטער מיט יאָרן, ווען מיר האָבן געוואוינט אין די פּוילישע דער־

פער, ווען אונדזער הויז איז געשטאַנען איינזאַם ביי די אָפענע וועגן, פלעגן פאַרבייציִען אַ סך אידן. אידן געשלאָגענע, פאַגראַמירטע, מלחמה־געליטענע, געוועזענע בעלי־הבתים, אַמאָליקע סוחרים און גבירים. זיי פלעגן גיין קרועה־בלועה׳דיקע איבער די שליאַכן פון דער מדינה. אַ סך פון זיי האָט די ערשטע וועלט־מלחמה שטאַרק פאַראָרעמט. זייערע הייזער זיינען חרוב געוואָרן. עס איז אַריבער אַ שטורעם פון פייער און שוועבל איבער דער פוילישער ערד. מיין גוטע מאַמע האָט זיי אַלע אויפגענומען אין דער היים מיט גרויס כּבוד, אַזוי ווי די פּרינצן. זי פלעגט פאַר זיי קאָכן געדיכטע גריצן. די טונקל־בערדלדיקע, רויטהאָריקע, קעניגלעכע אידן פלעגן זופן פון די פעטע זופּן און צובייסן געשמאַקפּול מיט דיקע לאַכמעס ברויט. זיי פלעגן ביים אַוועק־גיין נישט פאַרגעסן צו בענטשן דאָס הויז וואָס נעמט זיי אויף אַזוי גאַסט־פריינטלעך און זיי פלעגן זיך ווייטער לאָזן אויף די אומזיכערע, אומפריינט־לעכע וועגן פון דער מדינה.

— אַן אָרעמאַן, אויב ער שטרעקט אויס די האַנט, איז תּמיד אַ מענטש־לעכער חוב אים צו שענקען אַ נדבה. עס קומט אים! — האָב איך זיך אָפּ־געררופן צו דער פריילעכער קאָמפּאַניע. — איר זענט דאָך אַלע אַזעלכע געזונטע, פאַרמעגלעכע לייט. אָבער איר ווייסט קיינמאָל נישט, פּונקט ווי איוב האָט נישט געוואוסט, וואָס פאַר אַן אומגליק דער מאָרגן קען ברענגען אויף אייערע שוועלן.

איך האָב באַמערקט אַז מיינע פריינט זיינען שוין איצט געוואָרן אַ ביסל ערנסטער און אומעטיקער ווי פריער. עס האָט זיי עפּעס באַנג געטאָן אין זייערע געמיטער. דער אַלטער איד איז פאַר זיי געשטאַנען אין זיין גאַנצער מאָנומענטאַלער גרויסקייט און פאַרנעם. ער האָט פאַר זייערע אויגן געלויכטן מיט זיין הימלישן אויסזען. עס איז גאָרנישט, ווייזט אויס, קיין קלייניקייט אָפּצוזאָגן אַן עלטערן איד אַ נישטיקע נדבה.

כּדי די געשעעניש זאָל האָבן אַ געוויסע ווירקונג אויף זיי און כּדי זיי זאָלן עפּעס לערנען דערפון, האָב איך מיינע פריינט דערציילט פאָלגנדיקע איבערלעבעניש:

— אַנומלט בין איך געזעסן ביים בראָנקסער גרויסן פּאַרק. עס איז צוגעפאַלן אַ זומערדיקער פאַרנאַכט. די זון האָט זיך אַראָפּקאָלערט אין טיפן, אַשיק־בלוילעכן מערב אַזוי ווי אַ פלאַמיק ראָד. דער עולם איז זיך רואיק געזעסן אונטער די ביימער. עס איז געוואָרן טונקעלער. אַ געהיימער קאָסמי־שער מכשף האָט אָנגעהויבן צו וועבן זיידענעם שפּינגעוועבס איבער די צווייגן פון די ביימער. פּלוצלינג האָב איך דערזען אַן עלטערן, אָרעמען איד, אַקו־ראַט ווי דער דאָזיקער איד וואָס איז דאָ געשטאַנען פאַר אייך מיט זיין שטומער, אויסגעשטרעקטער האַנט. איך האָב געזען ווי ער דערנענטערט זיך צו עטלעכע פאַרשוינען און ער שטרעקט צו זיי אויס זיין איידעלע, בורשטיניק־געלע האַנט. אָבער די מענטשן קוקן אים אַפילו רעכט נישט

אָן. ער איז אויך צוגעקומען צו מיר, און איך, נישט האָבנדיק ביי זיך קיין קליינגעלט, האָב עפּעס געוואַרט און, ווייזט אויס, נישט געקענט באַשליסן וואָס צו טאָן. אָפן געזעגט: איך האָב נישט לייטיש געהאַנדלט. אָבער נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט עפּעס צו טאָן, איז שוין דער איד געהאַט פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט פּלוצלינג, ווי אַ שטערן, זיך אויסגעלאָשן אויפן נאַכטיקן הימל.

ווען דער איד איז פאַרשוואונדן געוואָרן, בין איך געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענער. די נאַכטיקע פינצטערניש איז שוין איצט געווען אינגאַנצן צוגעפאַלן. גאָט האָט אויסגעגאָסן ימים מיט חושכ׳דיקע טינט אויף דער ערד. עס האָט מיך איצט אָנגעהויבן צו פּייניקן דאָס געוויסן. עס איז פאַר דיר, נישטיקער מענטש וואָס דו ביסט, געשטאַנען אַן אַלטער, אומגליקלעכער איד, מיט געבעט אין זיינע געשלאָגענע הענט און מיט אַ כמעט שטרענגער פאָדערונג אַז דו זאָלסט אויף אים האָבן רחמנות. ווי אַזוי האָסטו געוואַגט אים אָפּצוזאָגן דייַן נישטיקע נדבה? דו האָסט דאָך לייכט געקענט ביי עמעצן אויסטוישן אַ טאָלער־באַנקנאָט און אים שענקען אַ זילבערנע מטבע. דו האָסט דאָס אָבער נישט געטאָן. דיין האַרץ איז געווען פאַרשטיינערט. דיין מוח — נאַריש. און דיינע הענט — פויל.

ווי שוין דערמאָנט, איז דער איד פאַרשוואונדן געוואָרן. דער שטילער, פאַרשעמטער און באַליידיקטער איד איז נישט געווען מער אָנצוזען אין ערגעץ. מיך האָט איצט אָנגעהויבן צו פּייניקן דאָס געוויסן. אינסטינקטיוו האָב איך זיך אויפגעהויבן פון דער שטיינערנער באַנק און איך האָב זיך גע־לאָזט גיין, אָדער כמעט לויפן, אין דער ריכטונג וואוהין, עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, דער איד האָט זיך ממש מיט אַ ווינטיקן אימפּעט אַוועקגעלאָזט, ווי ער וואָלט געשוועבט אויף אומזעבאַרע פליגל. איך האָב אַריינגעקוקט אין אַ סך פּנימער. איך האָב שוין איצט מיט פאַרצווייפלונג געזוכט צווישן די מענטשן אין פּאַרק דעם פאַרבאָרגענעם איד. איך האָב אים אָן אומגליק־לעכער געזוכט אין דער חושכ׳דיקער נאַכט. אָבער זיין געשטאַלט איז נישט געווען אין ערגעץ צו זען. איך בין שיעור נישט געוואָרן ווילד און וואַנזי־ניק. איך בין ווי געטריבן געוואָרן דורך מיסטעריעזע כוחות אָפּצוזוכן דעם מאָדנעם איד. ווען דער איד וואָלט זיך איצט פאַר מיר באַוויזן, וואָלט איך אים אפשר אַלץ געווען אַוועקגעגעבן וואָס איך האָב נאָר פאַרמאָגט ביי זיך. איך וואָלט צוגעפאַלן צו זיינע פיס און איך וואָלט ביי אים מיט טרערן אין די אויגן געבעטן מיר מוחל צו זיין מיין זינד.

— איך בין איצט געלאָפן ווי אַ משוגענער איבערן פינצטערן און אומהיימלעכן פּאַרק. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אַט שטייט דער איד אונטער אַ בוים. אַז אַט דאָרטן טראָגט ער זיך מיט איילנדיקע טריט. אַז עפּעס אַ פאַרבאָרגענער אימפּעט טרייבט אים אַוועק פון מיר אַלץ ווייטער אין דער נאַכט. אַז דערזעענדיק מיך אַנטלויפט ער גאָר ווי צו להכעסדיק.

אָט אַזוי בין איך אַלץ טיפער פאַרגאַנגען אין אומהיימלעכן פּאַרק אַריין. פּלוצלינג, אַזוי זוכנדיק אַ פאַרצווייפלטער דעם אַלטן איד, האָט אָנגעפאַנגען שרעקלעך צו דונערן און בליצן. באַלד נאָכדעם האָט געגומען כליאָפּן אַ רעגן ווי אַ מבול. עס איז געווען עפּעס אַן אומנאַטירלעכער רעגן, ווי די וואָלקנס וואָלטן זיך גאָר נידעריק אַראָפּגעלאָזט און זיי וואָלטן דראָענדיק פאַרפלייצן די ערד. די ביימער האָבן זיך אומרואיקע געטרייסלט אין ווינט. קיין שום דאַך, קיין באַשיצונג, איז נישט פאַר מיר געווען מעגלעך צו געפינען. איך האָב באַשיינפּערלעך געפילט אַז דער דאָזיקער נאַטור־אויסבראָך איז עפּעס אַ שטראָף פון רבונו־של־עולם. קלאָר אַז גאָט באַשטראָפט די מענטשן פאַרן נישט פריינטלעכן באַהאַנדלען אַן עלנט באַשעפעניש, אַן אַלטן אידן. איך האָב זיך דערמאָנט אין דער מעשה מיט דער חרוב־געוואָרענער סדום.

קוים מיט צרות האָב איך זיך אין יענער נאַכט אַהיימגעשלעפּט, אַן אויסגעווייקטער ביזן ביין. זינט דעמאָלט, ווען נאָר עס קומט די געלעגנהייט, זאָג איך נישט אָפּ צו קיין שום מענטש, צו קיין איד אָדער גוי אַפילו, ווען נאָר ער הויבט אויף זיי שטומע האַנט, כדי ביי מיר עפּעס צו בעטן. — —

מיינע פריינט האָבן זיך מיט אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו מיר. זיי האָט שרעקלעך געפּייניקט זייער שולדיק געוויסן. יעדער איינציקער פון זיי וואָלט איצט געווען גליקלעך צוריקצוגעפינען דעם איד און אים פריינטלעך צו פאַרגיטיקן. זיי האָבן איצט אויסגעזען בלייך און ציטערנדיק אַנטקעגן דעם געשטאַלט פון דעם אומגעווינלעכן אָרעמאַן, וואָס האָט דאָ מיט אַ ווילע צוריק זיך געהאַט אַריינגעשפּאַרט אַזוי ווי ער וואָלט געשפּאַנט מיט אַ קעניגלעכן שטאָלץ. עס האָט געווייעט פון זיין געשטאַלט און פאָזע מיט עפּעס אַן איבערערדישן פאַרנעם און כוח. —

---

## איך בין דאָס פּובליקום

אַ גוטער קאָלעגע, אַ פּראָפעסיאָנעלער טעאַטער־קריטיקער, האָט מיר איינמאָל געגעבן אַ בילעט צו אַ קאָנצערט פון אַ באַרימטן פּיאַניסט אין ניו־יאָרקער „קאַרנעגי האָל". עס איז געווען אַ הייסער, זומערדיקער זונטיק־מאַטינע. איך בין געווען אַ ביסל מיד און פאַרמאַטערט. איך קום אַריין אינעם זאַל. איך זע צו מיין דערשטוינונג: איך בין דער סאַמע איינציקער מענטש אינעם ריזיקן זאַל. אָט אַזוי איז אָדם געשטאַנען אַן איינזאַמער אין דער קאָסמישער לאַנדשאַפט — נאָך פּרע פּרוי און אינטריגע און אייפערזוכט און שעקספּירישע דראַמע. די פינצטערע איינזאַמקייט האָט אָדם'ען געגריזשעט די ביינער. די זון איז אויפגעגאַנגען און די זון איז אונטערגעגאַנגען בלויז פאַר אָדם'ען אַליין. איך האָב זיך פונדעסטוועגן באַקוועם אַוועקגעזעצט אויף איינעם פון די רייכע, אויסגעבעטע און רויט־פּלושענע

שטולן אין דער ערשטער רייע. די בינע איז געווען אומגעהויער גרויס — אַ מין קליינער אוניווערס — און איך האָב געטראַכט וועגן אַלע מאַעסטראָס און ווירטואָזן וועלכע זיינען דאָ דערשינען אין משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט. אויף דער בינע איז געשטאַנען די ריזיקע פאָרטעפּיאַנאָ — אַ פינצטערע שטיק נאַכט מיט ווייסע ציין־קלאַווישן ווי ביי אַ וואַלפיש. דער פּיאַניסט, אַ שלאַנקער, רוסישער מאַן, מיט אַ דאַרן, אַ ביסל מאָנגאָלישן, שאַרף־קינבאַקיקן פּנים, ווי ביי מאַקסים גאָרקי, מיט טרויעריקע און ברענענדיקע אויגן. עס איז מיר, וואָס אַן אמת, געווען שטאַרק אונהיימ־לעך צו זיין דער איינציקער מענטש אינם היסטאָרישן זאַל, אין וועלכן עס האָבן ברייט געשוועבט די נשמות פון די אַלע קינסטלערס, וואָס זיינען דאָ אויפגעטראָטן און אָפּגעשאַצט געוואָרן פון גרויסע פּובליקומס. דער מות מיינער פרעגט זיך: וואו זיינען ערגעץ אַהינגעקומען די אַלע מייסטערהאַפטע מענער? וואוהין האָבן געצויגן די מאַסיווע כוואַליעס מיט ברויזנדיקע פּובליקומס? וועלכער ים שלינגט איין אין זיינע אומענדלעכע טיפענישן די דאָזיקע אַלע פאַרשאָלטענע נשמות?...

דער חשובער רוסישער פּיאַניסט פאַרנויגט זיך גלייך צו מיר. ער קוקט מיר טיף אַריין אין די אויגן מיט זיינע מרה־שחורהדיקע שוואַרצ־אַפּלען, אַקוראַט ווי ער וואָלט צו מיר זאָגן:

— דו ביסט היינט מיין גאַנץ פּובליקום. פאַר דיר אַליין בלויז, ווער דו זאָלסט נישט זיין, איינציקער מענטש־פּובליקום, וועל איך שפּילן די מוזיק פון מיינע מוזיקאַלישע געטער. הער זיך גוט איין צו מיר, מיסטער פּובליקום. זאָלן דיינע אויערן וואויל פאַרנעמען די קלאַנגען פון מיין שפּילן. איך וועל דיר איצט שענקען דעם סאַמע הערלעכסטן קאָנצערט פון מיין גאַנץ לעבן, דווקא און צו להכעיס דעם נישט־געקומענעם פּובליקום.

דערהערט אין מחשבה אַזאַ מין אויסדריקלעך לשון און דערזעענדיק אַז דער פּיאַניסט פאַרנויגט זיך טאַקע ספּעציעל פאַר מיר אַליין, האָב איך זיך, קעגן מיין ווילן, פאַרשטייט זיך, אינסטינקטיוו אויפגעשטעלט און זיך טיף פאַרנויגט צום געערטן פּיאַניסט.

מיין ספּאָנטאַנע פאַרנויגונג האָט געהאַט דעם געהעריקן עפעקט. דער פּיאַניסט האָט זיך צוגעזעצט אויף זיין טונקעלער טאַבורעטקע און זיין פּנים האָט אויסגעדריקט דאַנקבאַרקייט צו מיר. זיינע פינגער, לאַנגע, דינע און נערוועזע, אָבער אויך מעכטיקע, אַנטשלאָסענע און באַלאָדענע מיטן אָנגעזאַמלטן פייער פון זיין גייסט, האָבן גענומען אָנקלאַפּן אין אַ געוואַל־טיקער וועלט פון מוזיק. זיינע הענט האָבן כסדר געבראָכן און געשטורעמט די פּעסטע, גאָלדענע טויערן פון אַן אומגעהויערן פּאַלאַץ. דאָס פינצטערע שטיק נאַכט, די פּיאַנאָ, האָט אויפגעלויכטן מיט הערלעכע שרפות, אַזוי ווי ברענענדיקע שטעט. עס האָבן זיך ברייט און שטורמיש צעוויגט פייערדיקע וועלדער פון טאָן און פון קאָליר. אַ ים האָט אַ בושעווע געטאָן

מיט מעכטיקע שטיקער מעלאָדיע. פיאַנאָ און פּיאַניסט זיינען צוזאַמען געפלויגן אין דער לופט, גאָלדנבאַפליגלטע.

געענדיקט זיין שפּילן, האָט זיך דער רוסישער פּיאַניסט, אינגאַנצן אַ באַגאָסענער מיטן געזאַלצענעם שוויס פון שעפערישקייט און ווי עפּעס נאָך אַן אינטימען „אַקט", אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער, אימפּאָזאַנטער הויך און זיך פאַר מיר טיף פאַרנויגט. די דאָזיקע פאַרנויגונג האָט גע־רעדט אויף אַן אומצווייפלהאַפטן לשון: ער איז געווען מיין קנעכט, מיין גייסטיקער באַדינער. ער האָט פאַר מיר ערשט נאַרוואָס אויפגעשלאָסן גאָט'ס געהיימנישפולן בית־המקדש. ער האָט פאַר מיר אָפּגעדעקט די גאָלדענע טויערן פון גן־עדן און איך בין אימשטאַנד געווען צו פאַרנעמען גאָט'ס לשון. איך האָב באַשייטפערלעך געזען ווי אַזוי דער רבונו של עולם באַוועגט מיט זיינע געטלעכע ליפּן און עס ציטערן אויף הימל און ערד. גאָט'ס ווערטער, גאָט'ס אומגעהויערע פליגל, אַזוי ווי בליצן, האָבן ממש אָנגערירט מיינע לעפצן. איך האָב געזען די געוואַלטיקע ביבליאָטעק מיט אַ מיליאָן ווערטערביכער פון גאָט'ס אוניווערסאַלער שפּראַך...

געווינלעך פיר איך זיך אַז איך אַפּלאָדיר נישט אויף קיין קאָנצערטן. פּשוט, איך האָב נישט קיין איבעריקן כוח צו פּאַטשן. איך וויל זיצן אַ רואיקער אין אַ ווינקל און באַטראַכטן אַלע קאָנצערטן און אַלע מיטינגען מיטן אויג פונם פּאַסיוון צושויער. אָבער, נאָך אַזאַ מין פייערדיקן שפּילן, ווען איך בין פּלוצלינג איינער אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן צו אַ געוואַלטיקן פּובליקום און דער הויכגעשעצטער, וועלט־באַרימטער מאַעסטראָ שטייט איבער מיר מיט זיין גרויסאַרטיקער און זעלבסט־איבעראַשטער געשטאַלט, אַזוי ווי ער וואָלט ערשט צוריקגעקומען פון אַ רייזע אין די הימלען און שטראַלנדיק ווי דער רבונו של עולם אין די הערלעכע טעג פון מעשה בראשית — האָב איך גענומען פּאַטשן מיט אַלע מיינע כוחות פון גרויסן ענטוזיאַזם און פון טיפסטער דאַנקבאַרקייט צום מייסטער פון מוזיק. איך האָב געפּאַטשט פאַרן גאַנצן פּובליקום, וואָס האָט דאָ וואויל באַדאַרפט צו זיין און מיט טויזנטער טאָפּל־הענט הייס צו אַפּלאָדירן דעם פלאַמיקן ווירטואָז.

דער פּיאַניסט האָט מיך רירנדיק באַדאַנקט מיט זיין פאַרטרערטן בליק. ער האָט זיך באַלד ווידער פאַר מיר פאַרנויגט און האָט זיך מיט פרישער ענערגיע און נייעם פאַרמעסט געזעצט צו דער פינצטערער פיאַנאָ, ווי פאַר אַ שוואַרצן אָפּגרונט, פון וועלכן ער גרייט זיך אַרויסצוציען גאָלד און בליץ.

— מער וועל איך נישט פּאַטשן! — האָב איך צו זיך אַליין גערעדט. פּשוט, איך האָב נישט קיין כוח. די היץ איז גרויס. די טיפּישע ניו־יאָרקישע היץ. איך בין טיף פאַרמאַטערט פון איבער אַ פופציק הייסע זומערן אין מיין לעבן. און פון אַן ענלעכע צאָל פראָסטיקע און שניי־

קאַלטע ווינטערן. איך וויל זיך פּשוט און מענטשלעך אָפּרוען. עס איז פאַראַן אין מיר אַ גרויס געשריי נאָך רו און שטילקייט. אַזוי ווי שטענדיק, ווען איך זיץ אין אַ ווינקל פון דער וועלט און איך אָבסערוויר פּאַסיווער־הייט אַקטאָר און פּובליקום. און דאָ, אין „קאַרנעגי האָל״, האָב איך דאָך שוין גענוג געפּאַטשט.

אָבער דער פּיאַניסט, אַ דערמוטיקטער, שפּילט איצט נאָך הייסער און נאָך פייערדיקער. דאָס פינצטערע שטיק אורנאַכט, די פּיאַנאָ, בליצט אויפדאָסניי אויף מיט געוואַלטיקע הימל־שפּאַלטענדיקע טענער. איך בין אין דער אמתן נישט אַזוי שטאַרק באַהאַוונט אין דער תורה פון מוזיק. נאָר איך בין ממש זיכער אַז ער שפּילט איצט בעטאָווען. און, ווען ער האָט ענדלעך געענדיקט שפּילן, שטעלט ער זיך ווידער אויף, אַ באַגאַסענער מיט שווייס און מיט טרערן, און ער פאַרנויגט זיך ווידער גלייך אין מיין ריכטונג. און איך, שוואַכלינג וואָס איך בין, סענטימענטאַל האַרץ וואָס איך האָב, אין איין קורצער רגע פאַרגעס איך אַלע מיינע פעסטע באַשלוסן נישט מער צו פּאַטשן, מחמת איך האָב קוים כוח צו אָטעמען, און איך נעם זיך אַזוי שטאַרק צו אַפּלאָדירן, אַז דער פּיאַניסט, איך זע עס קלאָר איין, איז אויפדאָסניי טיף און מענטשלעך גערירט. וואָס שייך מיין ווייניקייט, בין איך שוין איצט אינגאַנצן אויסגעשלאָגן פון די כוחות. אָבער, איך פּאַטש און פּאַטש און הער גאָרנישט אויף צו צו פּאַטשן. — — —

יאָ, דאָס איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכער קאָנצערט. דאָס שפּילן און דאָס פּאַטשן האָט זיך אַזוי איבערגעחזרט צענדליקער מאָל. און ווען איך בין שפּעט ביידערנאַכט אַהיימגעקומען, בין איך קוים געווען אַ שאָטן פון אַ מענטש. דאָס פּאַטשן האָט מיך היפּש דאַר געמאַכט, ווי עס זאָגט דער פּאָעט דאַנטע אַליגיערי, נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעשריבן זיין „געטלעכע קאָמעדיע״. איך בין היינט ביינאַכט, האָב איך געטראַכט, געווען אַ גאַנץ, גרויס און פאַראַנטוואָרטלעך פּובליקום אין „קאַרנעגי האָל״.

— אָ, ווי מוראדיק־שווער עס קומט אָן צו זיין איין־איינציקער מענטש אויף גאָט׳ס ערד. בפרט נאָך צו זיין אַ גאַנץ פּובליקום! איך האָב זיך איצט געפּרייט וואָס איך בין צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן איין־איינציקן אָדם, וואָס האָט גענוג צייט אויף צו באַטראַכטן סטאָיש זיין פאַרמעגן: די לאַנדשאַפט פון הימל און ערד. (נאָך אידער, פאַרשטייט זיך, די רייצנדיקע חוה באַלעסטיקט אים מיט אַ טויזנט קלייניקייטן....).

## דער אידישער קייסער

מיינס אַ פריינט, אַ אידישער שרייבער, וואָס איז געווען עטלעכע יאָר צייט שלום אַש׳ס סעקרעטאַר, זאָגט צו מיר איינמאָל אין קאַפע:

— שלום אַש האָט אַבסאָלוט געטראַכט און געחלומט צו ווערן קייסער

ביי אידן. ער האָט געדענקט אַז ארץ ישראל, ווען זי וועט ווערן אַן אומ־אָפּהענגיקע אידישע מלוכה, וועט אים קרוינען אַלס איר קייסער. דאָס זיינען געווען זיינע אַמביציעס.

— דאָס איז שווער צו גלויבן. אָבער עס איז דאָך שיין! — זאָג איך צום דיכטער. הגם איך בין נישט קיין מאָנאַרכיסט אָדער ראָיאַליסט, און צו אידן איז דאָך בכלל פרעמד אפשר זינט שמואל הנביא אָן, דער גע־דאַנק פון קעניגטום, דאָך געפעלט עס מיר דווקא... איך האָב אַמאָל ערגעץ־וואו געלייענט אַז לאָרד בייראָן האָט אויך געחלומט פונם גריכישן טראָן...

פאַרשטייט זיך אַז צו לאָרד בייראָנען איז גריכנלאַנד געווען אַ סך מער ווי אַ קליינע, אָרעמע באַלקאַנישע מלוכה, אונטער דער טערקישער הערשאַפט. גריכנלאַנד איז געווען צו אים דאָס היסטאָרישע גריכנלאַנד פון האָמער, סאָפאָקלעס, פלאַטאָ, סאָקראַטעס, אַריסטאָטעל און פעריקלעס. דאָס לאַנד פון דער קלאַסישער גריכישער קולטור, פילאָזאָפיע און דראַמע. אפשר האָט לאָרד בייראָן געחלומט אַז אונטער זיין ראָמאַנטישער הערשאַפט וועט צוריק אויפלעבן דאָס אַנטיקע, גלאָררייכע גריכנלאַנד...

מיין פריינטס געדאַנק, אַגב אַ רעזולטאַט פון יאָרנלאַנגער אָבסערוואַציע איבער דער דראַמאַטישער שלום־אַש־פערזענלעכקייט, וועגן שלום אַש'ן אַלס קעניג פון ישראל, איז מיר געבליבן שטיין אין זכרון...

מישנדיק איינמאָל די בלעטער פון ביכער ביי בידערמאַנען אין בוך־געשעפט, הער איך עפּעס פלוצלינג אַ וואַרעמען, מענטשלעכן און ממש פאָטערלעכן קול. אַזוי רעדט אַ טאַטע, אַ זיידע, אַ היימישער איד פון די אַמאָליקע דורות. ווער איז עס? נו, שלום אַש...

אַרום זיין מאַסיוון האַלדז הענגט אַ רויטער שאַליק, אַ לאַנגער און וואָ־לענער שאַליק, אַזוי ווי אַ שטיק פייער. אפשר גיט דער שאַליק צו צו זיינע רייד אַזאַ מין אידישלעכע וואַרעמקייט? זיינע אויגן זיינען טונקעלע און טרויעריקע, תּנ״כישע אויגן פון אונדזערע, אין האַרצן פון יעדן איד איינגע־באַקענע, אָבות. אָבער דו קענסט אין זיי דירעקט נישט אַריינקוקן, מחמת עס איז דאָך אַש, דער וועלט־באַרימטער שלום אַש... דו האָסט דאָך עפּעס אַ געוואַלטיקן דרך ארץ פאַר אים. קען מען וואַגן אַריינצוקוקן גאָט אין די אויגן אַריין? שלום אַש שטייט נעבן בידערמאַנען, וואָס כאָטש ער איז נישקשה פון אַ פעטן, קאָרפּולענטן איד, איז ער איצט קליין און נידעריק, און גלייכצייטיק באַלויכטן מיט יום־טוב און אַ געוויסן שטאָלץ, בשעת אַש שטייט איבער אים, אַריבערן טיש אָנגעלעגט מיט ספרים און ביכער, און ער רעדט אַריין אין דעם בוכהענדלער וועגן שלום אַש'ן, וועגן די גרויסע עוולות וואָס מען טוט אים אָפּ כּסדר, וועגן אַב. קאַהאַן, וועגן „פאָרווערטס", וועגן דעם אַז די כּוהנים האָבן געפּייניקט דאָס אידישע פאָלק, איבערהויפּט דאָס אָרעמשאַפט פונם פאָלק, און אַז ער, שלום אַש איז געקומען באַפרייען, נאָך גאַנצע צוויי טויזנט יאָר, הייסט עס, דאָס פאָלק פון דער הערשאַפט פון די

בייזע, בלוט־און־גאָלד־צאַפּלענדיקע כּוהנים. אַז קריסטוס איז דער באַרעכ־טיקטער רעוואָלט פון די אידן אַנטקעגן די פּריסטער. שלום אַש שווערט זיך, ער מאַכט אָפּיציעלע דערקלערונגען, ער שרייט פּאַטעטיש. פּלוצלינג הויבט ער ווידער אָן צו רעדן וואַרם, האַרציק, פּאָטערלעך.

דו זעסט באַשיינפּערלעך אַז ער רעדט נישט צו בידערמאַנען דירעקט. בידערמאַן, זיצנדיק שטומערהייט ביים ברייטן טיש, לויטער פּאַסיווע הערונג, ווי אַ ריזיק אויער, איז פּאַר אַש׳ן בלויז אַן אויסרייד, אַ סטאַטיסט אַזאַ, אַ גומענע קוקלע. דאָס רעדט ער גאָר דורך אים צו אַ פּובליקום. תּמיד שטייט שלום אַש פּאַר גרויסן עולם און ער רעדט און באַקלאָגט זיך און פּאָזירט. ער בליצט, ער שטורעמט, ער מאַכט פייערלעכע דערקלערונגען און פאַרשפּרעכונגען. סוף כּל סוף איז דער קומענדיקער קייסער פון ארץ־ישראל, דער קייסער פון די אידן, אויך אַן אַקטיאָר אַזאַ. ער שפּילט שוין באַצייטנס צעזאַרן. דער פייערדיקער שאַליק אויפן מעכטיקן קאַרק וויגט זיך נערוועז, גיט אים צו קעניגלעך חשיבות. עס פעלט בלויז אויפן מאַסיוון קאָפּ זיינעם מיט צעפּלאָשעטע האָר אַ גאָלדענע קרוין און אַ סצעפּטער אין זיין באַפעלערישער האַנט. פּלוצלינג נעמט אַש געוואַלדעווען:

— מיין טאַטע איז געווען אַן אָקסנטרייבער. איך האָב אים צוגעהאָלפן טרייבן דעם אָקס איבערן פעלד. געהאַלטן אין מיינע הענט דעם נאַקעטן ווידל פונם אָקס. די זון איז צוגעפאַלן צום פּוילישן פעלד, געטריפט מיט בלוט און מיט גאָלד.

איר זוכט לאָגיק אין זיינע רייד? מאַכט זיך בעסער נישט נאַאיוו. שלום אַש דערציילט אַוודאי די מעשה מיטן טאַטן דעם אָקסנטרייבער צוליב שטאָלץ און אפשר אויך מיט היפּשער קריינקונג. די קריינקונג קומט וואָס ער שטאַמט טאַקע נישט פון הויכן אַדעליקן יחוס. עס דערמאָנט אין באַל־זאַקס באַדויערן וואָס ער שטאַמט פון די נידעריקע שיכטן פון ערד־פּויערים, און מיט יסורים קלעפּט ער זיך צוא „פאָן" צו זיין גרויסן, וועלטבאַרימטן נאָמען. און מען לאַכט נאָך איצט אַפילו, דורות שפּעטער, פון זיין רירנדיקן און פּאַטעטישן „דע"... אַש׳ס שטאָלץ קומט וואָס ער, אַש, קומט טאַקע פון די סאַמע אונטערשטע שיכטן פון דער קליינשטעטלדיקער געזעלשאַפט. אין דעם אומגעוויינלעכן קצב׳ס זון פון קוטנע שטראָמט דאָס בלוט פון אַן עקשן, אַ פּאַריאַ, וואָס קוקט אַריין מיט קנאה אין די הויכע פענצטער פון די גבירים. דעם קצב׳ס זון, אַ סענטימענטאַל־עמאָציאָנעלער, וואָס לעבט מיט דער לעבעדיקער און פלאַמיקער וויזיע פון דער גאַנצער אידישער געשיכטע; וועמען עס קריינקט די הערשאַפט פון די כּוהנים, וואָס עקספּלואַטירן, נעבעך, דאָס פּרימיטיווע, אָרעמע פאָלק. שאול המלך איז דאָך אויך געווען אַ פּאַסטוך־יינג. און ער, אַש, איז אַן אָקסנטרייבערס אַ זון. עס פּאַסט וואויל צו היס־טאָרישער לעגענדאַרישקייט. אַגב דערציילן זיינע סעקרעטאַרן אַז ער האָט זיך דאָס גאַנצע לעבן זיינס געדרייט אַרום רייכע לייט. געריבן פּאָלעס ביי די

גבירים. כאָטש ער איז געווען דער רייכסטער פון זיי אַלע. זיין גאָלד איז גע־
ווען עכט, פערצנקאַראַטיק, אומפאַרגענגלעך גאָלד...

שלום אַש רעדט טאַקע אַ סך. ער באַהערשט דעם פּאָדיום וואו ער זאָל
נישט שטיין. סיי ווי איז ער, ווי שאול המלך, מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלע.
אָבער דאָך פילט ער זיך איצט עפּעס געפאַלן ביי זיך...

עס קומט אָן זיין פרוי מאַדזשיע. אַן עלטערע, אידיש־אַריסטאָקראַטישע
דאַמע, אין רייכן פוץ פון קליידער און צירונג. אַש ענדערט דעם טאָן. ער
זאָגט פּלוצלינג צו אונדז, שרייבער, וואָס שטייען שווייגנדיקע אַרום די
שטויביקע ביכער ווענט און גאַפן אויפן קאָלעגע־קעניג, און פילן זיך אַביסל
געפאַלן און שפלדיק:

— קומטץ אַראָן מיט מיר אין „קאַפּע ראַיאַל”, עטץ זענט דאָך היגגעריק.
עטץ האָט דאָ דנאָך אַוודאי נישט געגעסן האַינט קיין מיטיק...

עס איז זיכער אַ גרויסער כּבוד צו פאַרברענגען מיט שלום אַש׳ן אין
„קאַפּע ראַיאַל”, צו זיין זיין גאַסט. צו זיצן ביי איין רחבותדיקן טיש וואָס
די סאַרווערס האָבן צוזאַמענגערוקט פון עטלעכע טישן און ביי איין יום־
טובדיקן טישטוך. אויפן מיטן טיש שטייט אַ בוקעט מיט פרישע, פלאַמיקע
קוויאַטן ווי פון אַ פּויליש פעלד ערשט אָפּגעריסן אין טויאיקן פרימאָרגן.
מיר זיצן אַזוי ווי אָרעמע אייניקלעך צוזאַמען מיטן מעכטיקן, עפּעס פרעמד־
לעכן זיידן, אַ מין כראַביע, ביים טיש. די קעלנערס הויבן אָן צו דער־
לאַנגען ווייַנען, שנאַפּסן און געשמאַקע פאַרשפּייזן. אַש שווייגט מיט אַ שווער
שוויגעניש. ער איז צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סטאַטוע פון אַ צע־
זאַר, אָבער אויך פון אַן אַלטן פילאָזאָף מיט אַ גרויסן שטערן. דער שטערן
איז אַ סך עלטער פאַר אים אינגאַנצן. עס קומט צו גיין צו אַשן די שעה
פון ליטעראַטור. אַלע רייד ווען זיין גרויסקייט און זיינע קריגערייען מיט
דער וועלט געלאָזן ביי בידערמאַנען, אין דער אָרעמער, אידישער בוכ־
האַנדלונג. רייד, ווי קאַלטע, הערבסטיקע בלעטער. דאָ, נאָכן נעמען דעם
ערשטן טראָפּן וויין פון כּוס, זיצט אַ שטאָלצער זיגער — אָבער אויך אַ
דענקער, אַ קהלת־קעניג. שוין לאַנג געקעניגט, שוין געהערשט, שוין גע־
קרוינט געוואָרן מיט מאַסיווער, פינקלענדיקער קרוין, שוין אויך אַלט געוואָ־
רן, שוין מיד און בלייך געוואָרן דער אַלטער מייסטער פון דער אייזערנער
פעדער, באַשרייבנדיק זיין אייגן פּאַלק אין אַלע פאַרבן פון זיין רייכער
פּאַלעטע. איצט איז שוין צייט צו שפּילן דוד המלך אויף די אַלטע יאָרן. ווען
דאָס שניי־לויטערע לייב פון דער אַבישג השונמית בלייבט ליגן נעבן אים
קאַלט, פאַרשעמט און נישט־באַרירט. די געלע און קעניגלעכע הענט פונם
באַטאָגטן מלך ציטערן. וואָס איז שוין, מישטיינס געזאָגט, ווערט דאָס
גאַנצע לעבן ווען די טיפע עלטער טרעט אַריין? אַש זעט נישט קיינמאָל
מיט וועמען ער רעדט. דאָס איז תמיד אַ נישט־וויכטיקער פּרט. אָבער ער
ווענדט זיך שוין איצט מיט די ליפּן פון קייסער קהלת צום נאָענטסטן מענטשן

נעבן אים, ווער עס זאָל נישט זיין; צופעליק איז עס מיין ווייניקייט. ער רוימט מיט עפּעס איין שטילערהייט, אַז מאַדזשיע, זיין פרוי, זאָל נישט הערן:

— וואָס מיינט איר דען בין איך איצט? אַן אַלטער, מאַכטלאָזער איד! אַ גרייז־גרויער קצב־יינג פון קוטנע. שלום אַש איז שוין געווען אין רוים, אין ירושלים, אין בערלין, אין מאָסקווע, אין פּאַריז און אין וויען... אַז מאַאַן פאַלק איז נעבעך אויסגעשאָכטן געוואָרן, איז שוין מאַאַן לעבן וויסט און פינצטער... וואָס, מיינט איר, האָב איך שוין איצט פאַר אַ פאַרגעניגנס? עס איז שוין אַ גרויסע בראָך צו מיר!

ער כאַפּט אַ זייטיקן קוק אויף דער אַלט־געוואָרענער, צעקנייטשטער מאַדזשיען מיט איר צעמאַדזשיעטן פּנים. ער רעדט שוין איצט מיט אַן אַק־טאַווע נידעריקער, אין אַ זייט, צו אונדז שרייבער. אַלץ אויסגערעכנט אַרויס־צורופן רחמנות, באַדויער, פּראָטעסט אויף זיין ביטערער דאָליע, נעבעך. איצט איז ער שוין נישט באַעוולה'ט פון אַב. קאַהאַנען, נייערט פון רבונו־של־עולם אַליין. ער רעדט אַריין אין מיין זייט און דורך מיר צו דער וועלט: (די וועלט מוז דאָך אַלץ וויסן וועגן שלום אַשן...)

— אַמאָל האָב יאָך געקענט געניסן. געהאַט יענע כּוחות. געקענט איינבייסן די געזונטע אַקסלען פון אַ וואַזשנער נקבה. געקענט שלאָפן מיט יעדער לייטישער פרוי וואָס איז דיר נאָר אַנטקעגנגעקומען. געקענט פרעסן און טרינקען ביזן צעזעצט ווערן. געקענט אויפזיין גאַנצע נעכט און שלאָפן דערנאָך לאַנגע מעת־לעתן. און דערנאָך ערשט געהאַט כּוחות צו שרייבן, צו שרייבן גאַנצע ראָמאַנען אין אַ וואָך צייט. אָבער, מען ווערט פאַרט אַלט, ברודערקע. אַלץ וואָס מען האָט נאָר אין לעבן אָנגעזאַמלט מיט אַזוי פיל מיעניש און מאַטערניש, איז אויף דער עלטער, אין מיינע יאָרן, ווי אַ באַרג מיט אַש און שטויב... מיר זיינען נישט מער ווי דאָס שטומע ליים אין די מאַכטיקע הענט פונעם טעפּער! — ציטירט ער פלוצלינג פון ישעיהן...

עס איז קענטיק — שלום אַש שפּילט איצט דעם גרויען קייסער קהלת. דער ברייטער טיש איז געגרייט מיט כּל טוב. די סאַרווערס סערווירן מיט אַ באַזונדערער ענערגיע. זיי קאָנצענטרירן זייערע כּוחות בלויז אַרום אונדזער טיש. מיר, די פּאָר שרייבערס, זיצן ביים טיש אויסגעזעצט ווי אביונים אויף אַ רייכער חתונה. וואָס קומט דאָ אייגנטלעך פאָר? דרייט מען אַ אידישן פילם? זיינען מיר אַלע פאַרשטעלטע אַקטיאָרן? איז דאָס טאַקע דער וועלט־באַרימטער שלום אַש? זע נאָר ווי גאָניאַל ער שפּילט עס — שלום אַש'ן...

פלוצלינג הויבט זיך פּסח מאַרקוס אָן צו בונטעווען. דאָס בידנע געוויסן האָט זיך אין אים אויפגעוועקט. ניין, ער וויל בשום אופן נישט נהנה זיין פון טריפהנעם געלט, פון קריסטלעכע ווערק, פונם יוזל... ער עסט טאַקע נישט פון די געשמאַקפולע מאַכלים. אַרום אונדז פילט מען די איפּערזוכטיקע אויגן פון נייגעריקן פּובליקום. שרייבער פון די שכנותדיקע טישלעך, וואָס

זיינע נישט איינגעלאַדן געוואָרן צו דער סעודה, קומען צו צו אונדז, די גליקלעכע. זיי רוימען אונדז איין סודות אין די אויערן:

— נאַראָנים וואָס איר זענט! וואָס פרעסט איר עס מיט אַזאַ ווילדן אַפּעטיט? עס וועט דאָך אייך אָפּקאָסטן פאַרמעגנס! אָסור אויב שלום אַש וועט פאַר אייך באַצאָלן אַ גראָשן. נאָמבערג און נאַדיר האָבן דאָך אים בעסער געקענט פאַר אייך. איר וועט נאָך זיין געצוואונגען צו סילוקן פאַר זיין פרעסעריי און פאַר זיין מאַדזשיען אויך... ער איז דאָך באַקאַנט אַלס אַ מוראדיק־קאַרגער מענטש...

שלום אַש קוקט נישט אָן קיין מענטשן דירעקט. אויך אונדז זעט ער אייגנטלעך נישט. ער קוקט מעשה צעזאַר אַריבער און, דורך אונדזערע סקעלעטן, ווי דורך טעלעסקאָפּן, צו אַנדערע מענטשן, צו פאַרגאַנגענע דורות, צו גרויסע עפּאָכן. ער פאַרגעסט אויך נישט, אַפילו אויף אַן איינציק רעגע׳לע, אַז ער איז שלום אַש, כאָטש ער האָט ערשט מיט אַ ווײַלע צוריק געוויזן דאָס אומעטיקע פּנים פון קייסער קהלת. אַלץ איז ביי אים גערעדט, געטאָן און דערקלערט מיט גרויסן זשעסט, מיט קעניגלעכער פּאָמפּעזקייט, מיט צעזאַרישן פאַרנעם. ער איז טאַקע, ווי שאול המלך, מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלע אָנוועזנדיקע לייט. ער זעט ווי דער גאַנצער עולם פון „קאַפּע ראָיאַל״ קוקט אים אָן מיט שטוינונג און באַוואונדערונג.

אין דרויסן שטייען מחנות מענטשן און זיי קוקן אַריין דורך די שויבן. ער ווייסט וואויל אַז הונדערטער נייגעריקע אויגן קוקן אויף שלום אַשן ווי אויף אַ פּירשט. זיי קוקן אויף דעם אידישן קייסער אַש. ווי יעדער קייסער, האָט ער דאָס ליב. ער האָט הנאה פון זיין לעגענדאַרן רום. אָבער ער איז אויך טרויעריק. ער איז שווער באַלאָדן מיט דער לאַסט פון דער אידישער געשיכטע. אַזוי אויך זיינען טרויעריק געווען דוד המלך און זיין זון שלמה. ווען די זון זעצט זיך ווי אַ גאָלדענע קרוין; ווען צייט בויגט זיך אַריבער איבער זייערע גרויע קעפּ און רוימט זיי עפּעס איין אַ סוד אין די אויערן... דעם סוד פון די לעצטע טעג פון צייט... דעם אָנקום פון דער אייביקייט...

— אידיאָטן וואָס איר זענט! ער וועט דאָך נישט באַצאָלן קיין גראָשן פאַר אייער ראָסקאָשנער סעודה! — מורמלען ציניש די קאָלעגן ביי די זייטיקע טישלעך. אָבער זיי זיינען אויך באַהערשט מיט קענטיקער קנאה, מיט אייפערזוכטיקייט. ווארים זיי וואָלטן דאָ זייער שטאַרק ווען זיצן מיטן אידישן קייסער. זיי וואָלט געוואָלט געזען און פאָטאָגראַפירט ווערן, אַזוי ווי מיר, מיט שלום אַש׳ן ביי איין טיש. און אין די פינקלענדיקע כוסות אויפן טיש־און־טישטוך לויכטן און מאַניען די כל ערליי ווייַנען און ליקערן מיט די קאָלירן פון זון־אונטערגאַנג...

איך טראַכט מיר אומגעפער אַזוי: נו, מילא, זאָל ער נישט באַצאָלן פאַר דער סעודה. עס איז שוין גאָרנישט וויכטיק אויך. צי עס איך און טרינק איך דען צוליב שלום אַש׳ס באַצאָלעכץ? איך געניס דאָך איצט

אַ גרויסאַרטיק מאַלצייט. אַ מאָלצייט מיט שלום אַש׳ן, מיט זיין גרעפּלעכער פּרוי מאַדזשיע און מיט די גוטע ברידער פון שרייבערישן צעך. אַן אייביק מאָלצייט. די גוטע מאַכלים, די זעלטענע ווייגען, די בריליאַנטענע שנאַפּסן, און אויך דאָס געלט וואָס עס וועט מיך קאָסטן, וועט לאַנג פאַרגיין און פאַרגעסן ווערן אין צייט. אָבער אין האַרצן וועט בלייבן שטיין אַ רייכע סעודה אין דער „קאַפע ראָיאַל״, אין דער קייסערלעכער קאַפע, מיטן קעניג פון די אי־דישע שריפטשטעלערס. מיר עסן און מיר טרינקען דאָך היינט פאַר דער געשיכטע, פונקט ווי ער, אַש, עסט און טרינקט און פאַזירט זיין גאַנץ לעבן פאַר דער געשיכטע... וואָרים דאָס איז דאָך נישט קיין שריפטשטע־לער ווי טאָמאַס מאַן אָדער ווי אונדזער פּרץ, וואָס זיינען אויסשליסלעך ליטעראַרישע שעפער. נייך, שלום אַש איז שוין אַזאַ ווי לאָרד בייראָן, אַ פאַזירער, אַ פּרינץ פון טראַגנען און פון רעוואָלוציעס ; דער וואָס גייט אין די טריט פון פירשטן און אין שליאַד פון היסטאָרישע העלדן און קעניגן... ער איז דאָך נישט ווי דער אידעלער אַברהם רייזען דער צדיק וואָס האָט ליב אָרעמע און יינגע, אידישע טאַלאַנטן. אַש האָט ליב, ווי באַלזאַק, קעניגלעכ־קייט, פּאָמפּ און יחוס ; ער האָט אַ שוואַכקייט צו די בלייכע, אָפּטמאָל אימ־פּאָטענטע קינדער פון פאַרצייטישע אַדעליקע משפּחות. ער האָט דרך־ארץ פאַר אַריסטאָקראַטיע אין טונקעלע קאַרעטעס, מיט פערד געשפּאַנטע נאַ־שפּיץ ; ער האָט רעספּעקט פאַר נאָביליטעט אין גלאַנציקע פראַקן, וועלכע פאָרן אין אַלטמאָדישע בריטשקעס איבער זייטיקע, איינזאַמע וועגן, נעבן אוראַלטע וועלדער...

אַש קומט פלוצלינג צוריק צו זיין אַב. קאַהאַן־קאָמפּלעקס :

— אַב. קאַהאַן איז דאָך מיר אַ דם־שונא אויפן לעבן ממש. פונדעסטוועגן, אויב אַב. קאַהאַן זאָל מאָרגן אָפּטאָן אַזוינס וואָס איך וועל זען אַז עס איז טאַקע ערלעך געמיינט, וועל איך אים אַלץ פאַרגעבן און איך וועל זיך אַפילו בוקן צו אים אויך...:

די חברה אייביקע נישט־פאַרגינערס זיינען געבליבן זיצן אַנטוישטע ווען שלום אַש האָט מעשה מעצענאַט צוגענומען פאַר זיך דעם רעכנונג פונם קעלנערס שלאַבעריקע הענט. חברה לצים האָבן אַפילו דעם גייציקן גאַרסאָן אויך נעבעך אומזיסט געהאַט אָפּגעשראָקן...

אַוודאי האָבן מיר אַלע ברייט גענאָסן היינט ביינאַכט אויפן חשבון פונם אידישן פירשט. ווי דען אַנדערש ? דער קייסער האָט וואויל אַראָפּ־גענידערט אין געטאָ, כדי אָנצוקוקן זיין פאָלק, נעבעך... וועט ער דען וואַגן נישט צו באַצאָלן פאַרן מאָלצייט פון זיינע אונטערטעניקע קנעכט ?

שלום אַש, אַ פיזיש געזעטיקטער, איז איצט געווען ערנסט, מיד און שווער באַלאָדן מיט וויטיק. וואָס־וואָס, אָבער קיין געוויינלעכער מענטש איז ער דאָך פאָרט נישט. אין זיין בלוט פיבערן אַוודאי די גאָרע פאַרלאַנגען פונעם מין מענטש. אין זיין קאָמפּליצירטן כאַראַקטער שטראַלן טויזנט

חשבונות און קאַפּריזן פונם שטערבלעכן מענטש. אָבער אַש איז דאָך פּאַרט שלום אַש. העכער מיט אַ קאָפּ פון אַלע, ווי שאול המלך... און עס שטראַלט עפּעס פון אים אַזוי ווי אַ גאָלדענע קרוין וואָלט לויכטן אויף זיין שוין גרויען קייסערס־קאָפּ...

ער געזעגנט זיך איצט מיט אונדז. ער דאַנקט אונדז. יעדער איינער פון אונדז איז געוואָרן אין דעם מאָמענט ערנסט און פאַרטראַכט וועגן דעם געשטאַלט און כאַראַקטער פון שלום אַשן. עפּעס האָט ער אונדז געוואונען. אַ באַגעגעניש מיט אים איז גאָרנישט קיין געוויינלעכע פּאַסירונג...

שפּעט ביינאַכט גיי איך אַהיים אַ שווער־באַלאָדענער מיט מחשבות און איינדרוקן. איך טראָג אין האַרצן אַ ליבשאַפט און עפּעס אַ דאַנקבאַרן געפיל צו אַש׳ן. כאָטש ער האָט אַוודאי מיך קוים געזען, קוים אָנגעקוקט מיט זיינע גרויסע, טונקעלע און טרויעריקע אויגן. אָסור צי ער האָט געדענקט מיין שטיקל נאָמען...

די שטערן אין הימל שטייען ווי גרויסע שטיקער צעבראָכענער נאַפּ־טאַלין. אַ גרופּע שטערן אין אַ ווינקל פון פינצטערן הימל זען אויס ווי די ברילּיאַנטענע קלאַווישן פון אַ טונקעלן און גראַנדיעזן קלאַוויר. איך הער אַ געטלעך שפּילן. איינער אַ געראַניעטער מלאך מיט דיקע, האָרענע ברילן איבערן שטערן און מיט אַ טונקעלן הער־אַפּאַראַט אויף זיינע קרייד־בלייכע אויערן, שפּילט און קלאַפּט אָן אין די קלאַווישן ווי אין טויערן פון געהיימנישפולע טעמפּלען. מיר פאַלט איין: בעעטאָווען אַליין זיצט ביי דער פּיאַנאָ און ער שפּילט, שפּילט אַ געוואַלטיקע סאָנאַטע...

פאַרטאָגס קום איך אַהיים צו מיין דאַך־שטיבל. איך עפן אויף דעם ספר תנ״ך. ביים ערשטן מיש פון די זיידענע בלעטער גייט מיר אַנטקעגן דוד המלך מיט זיין גרויסאַרטיקן תהלים. וואָס טויג מיר די ריזיקע קרוין וואָס שטייט אויפן טישל אין אַ ווינקל, ווען דער קייסער אַליין איז נעבעך געל ווי וואַקס און אין בעט וויינט מיט אַ שטילן, פאַרשטיקטן געוויין די הערלעכע אַבישג השונמית?...

---

# אַ ליד

עס האָט געשמעקט מיט פּאַרפיום פון דיר און פון אוניוועוערס.
ביימער האָבן געבליט מיט בעז און אַקאַציעס.
מיר זיינען געגאַנגען און זיך געהאַלטן ביי די הענט ווי שול־קינדער.
פּרינץ און פּרינצעסין זיינען נישט שטאָלצער מיט זייער יחוס
ווי מיר זיינען געווען מיטן גאָלד פון ליבע.
כאָטש איבער אונדזערע קעפּ זיינען געהאָנגען וואָלקנס מיט אַש
פון פאַרגאַנגענע יאָרן,
זיינען מיר געווען יינג און שטראַלנדיק

ווי דער פריש־געפארבטער קופאל פון הימל,
ווי דער טאָג פון פרילינג — גאָטס מייסטערווערק.
מיר האָבן געמורמלט רייד וואָס שטייען שוין לאַנג פאַרשריבן
אין אַ טויזנט פּאָעטישע זאַמלונגען;
נאָר ניי זיינען זיי געווען צו אונדז ווי דיין מיסטעריעזע עקזיסטענץ
איז אייביק ניי
צו מיין אויג וואָס איז פאַרגאָסן מיטן פלאַם פון ליבע.
עס איז אַלץ געווען אַזוי פּשוט ווי אין ליד
און ווי אין וועטער פון דאָזיקן גוטן טאָג.
איך האָב דיך אָנגעקוקט און געזען מיין גאַנץ לעבן.
אין דיין גרינגן און גראַציעזן גאַנג איז געווען
דער ריטם פון מיין וואָרט.
אין ווייכן וואָל פון דיין קלייד האָב איך געזען
די טיולענע און פלושענע וואָלקנס פון גאָט'ס לאַנדשאַפט.
די רייד זיינען געפאַלן פון אונדזערע ליפּן
ווי הייסע טראָפּנס רעגן אין אַ טאָג פון פרילינג.
ביסט געווען קאָקעטיש ווי דאָס קאַפּריזנע וועטער
אין מערציקן טאָג
און שפילעוודיק ווי דער שקאַצעוואַטער ווינט.
אין דינע אויגן האָט זיך געשפיגלט די וועלט־לאַנדשאַפט.
ווי פאַאוסט האָט זיך מיר אויך געוואָלט זאָגן:
— בלייב שטיין, גרויסע רגע, איך וויל געניסן דיין גליק.
וואָרים ס'איז שוין לאַנג אַזאַ שלימותדיקער טאָג
נישט געווען אין בוך פון אונדזערע לעבנס.
בלייב שטיין, פריינטלעכער מאָמענט, וואָרים דיין אונטערגאַנג
טוט מיר וויי, ווי די זון אין פאַרנאַכט.
גליק, איך וויל דיך אַריינגעמען אין מיין געביין
כדי דו זאָלסט שטראַלן שטיל אין מיר דורך קאַלטע טעג
וואָס וועלן זיכער קומען ווי עס קומט
דער שניי און די קעלט, דער ווינט און די עלטער,
אויב עס איז דער ווילן פון דעם וואָס לעבט אייביק.
אַזוי האָב איך געוואָלט זאָגן. איך האָב געגליט מיט דיר
אין הארצן.
ווען מיר האָבן זיך צעשיידט אין דאָזיקן לויטערן טאָג,
האָב איך געקוקט מיט צערטלעכקייט אויף יעדער פרוי און קינד.
דאָס ליד איז געווען אָנגעשריבן אויף מיין פּנים
מיט אותיות פון [redacted] פאָספאָר וואָס ווייזן נישט פון קיין
פאַרגענגלעכקייט.

די ווערטער האָבן געבליט אין מיר ווי בלומען.
איך האָב אַלעמען געבענטשט, וואָרים איך בין געווען גליקלעך.
איך האָב פאַרנומען די שיינקייט פון אָן אַ שיעור זאַכן.
איך האָב געטראָגן אין האַרצן אַזוי פיל מיסטעריע און נס
אַז איך האָב אַפילו צו גאָט געוואָלט צוטיילן אַ ביסל פרייד.
די בוימער זיינען פאַרגליווערטע געשטאַנען אין שטילן,
פאַרנאַכטיקן גאָלד

פון דער זאַטער, אונטערגייענדיקער זון
אַזוי ווי מאַסיווע, אויסגעהאַמערטע מנורות אין בית המקדש
וואָס אין זייערע טיפע רערן איז געשלאָפן פייער.

---

(סוף פון „פאַר די קומענדיקע דורות״, פון זייטל 274)

די דאָזיקע נייע סאָרט אָפעראַציע איז גיך אָפּגעשאַפט און פאַרגעסן געוואָרן. אויסער טויט און חורבן צו אירע קרבנות, האָט זי נישט געבראַכט קיין שום לייטישע רעזולטאַטן. אין דער קורצער צייט וואָס מען האָט מיט איר עקספּערימענטירט, האָבן טויזנטער מאַרטירער פון שווינדזוכט פאַרלוירן זייערע אומשולדיקע לעבנס. דאָס איז אָבער נישט געווען די איינציקע סאָרט אָפעראַציע אין דער געשיכטע פון היילן די שווינדזוכטיקע אַרמיי פון קראַנקע וואָס האָט געגעסן מאַסן מענטשן מיט אייזערנע ציין און איז געווען אַ פולשטענדיקער דורכפאַל.

עס איז נישט פאַראַן קיין שום צווייפל אַז די מעדיצינישע פּראָפעסיע האָט אין משך פון איר לאַנגער געשיכטע, אין העלדישן קאַמף מיט אַלע שרעקלעכע קראַנקהייטן, צרות און עפּידעמיעס, וואָס האָבן געלויערט אויפן שוצלאָזן מענטש, אויך געהאַט אמתע אידעאַליסטן, די סאַמע נאָבלסטע גייסטער און פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אויס ליבשאַפט צום מין מענטש מקריב געווען זייערע אייגענע לעבנס כדי צו העלפן אַנדערע — נישט דווקא די אַבסטראַקטע מענטשהייט — נייערט דעם נאָענטסטן, איינצלנעם מענטש, צו וועמען זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל רחמנות און ווילן אים צו היילן און געזונט צו מאַכן.

די דאָזיקע ריינע און אמתדיקע העלדן וועט די מענטשהייט קיינמאָל נישט פאַרגעסן. —

---

# ביכער פון ש. טענענבוים:

„עאופּאָריאָן“, פּאָעמע, אַנטווערפּן, 1931.

„ביי דער וועלט צו גאַסט“, רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען“, פאַרלאַג „ליטעראַרישע בלעטער“, וואַרשע, 1937

„דער ספינקס“, פאַרלאַג „שיקאַגאָר קוריער“, שיקאַגאָ, 1938.

„קינדער פון דער זון“, עסייען, פאַרלאַג „די שטימע“, מעקסיקאָ, 1942.

„גאָלד און זשאַווער“, דערציילונגען, פאַרלאַג „די שטימע“, מעקסיקאָ 1943.

„די שריפט אויפן האָריזאָנט“, דערציילונגען און עסייען, ניו־יאָרק, 1947.

„שניט פון מיין פעלד“, עסייען און דערציילונגען, ניו־יאָרק, 1949.

„אין גאָט׳ס געשטאַלט“, מיניאַטורן און עסייען, ניו־יאָרק, 1951.

„אַ האַנט פאַרשרייבט“, מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1953.

דיכטער און דורות“, עסייען, ניו־יאָרק, 1955.

„און די ערד באַשטייט אויף אייביק“, דערציילונגען, ניו־יאָרק, 1957.

„אַנא פראַנק, דו וואָס האָסט געטרונקען פון גאָט׳ס האַנט“, עסייען, דערציילונגען און מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1958

„דער אמת זאָל זיין דיין שטערן“, אויטאָביאָגראַפיע, באַנד איינס, ניו־יאָרק, 1960.

„דער שר פון לעבן“, אויטאָביאָגראַפיע, באַנד צוויי, ניו־יאָרק, 1963.

„אייזיק אַשמדאַי“, אויטאָביאָגראַפיע, באַנד דריי, ניו־יאָרק, 1965.

„איוב פון לעמבערג“, אויטאָביאָגראַפיע און דערציילונגען, באַנד פיר, ניו־יאָרק, 1967.

# אינהאַלט: